































רישום המפה מהזכרון ע"י ישראל רינגל
צולם והודפס ע"י רגינה ומוניו גרואר

מערב  מזרח

ראטא





כנסיה
פולנית

דריי גארטן

גארטן

בית שטרן
מגורי הרב טברסקי

בית'צימרמן
'טרומפלדור'

בית הקברות
החדש

טארטאק

קלייזל

גימנאזיום

זאמד ביהמ"ד

הויז

לפוטאליטש

זאמד גאס

בית
הרבי מפוטאליטש

המזרחי
וצעירי מזרחי

בית
הרבי ממגרוב

בית
ר' שלום מנמירוב

נס

העיריה
נון

בית יתומים יהודי

# מפת העיר
# ראווה רוסקה




ראווה־רוסקה וסביבתה על מפת פולין לפני מלחמת העולם האחרונה

ראווא־רוסקא און אומגעגנט אויף דער מאפע פון פוילן פארן לעצטן וועלט־קריג

# ספר זכרון לקהילת
# ראווה־רוסקה
## והסביבה



יצא לאור ע"י ארגון יוצאי ראַווה־רוסקה והסביבה בישראל

**תל־אביב, תשל"ג**

# יזכור־בוך ראווא־רוסקא און אומגעבונג

הובא לדפוס ע״י | א. מ. רינגעל ז״ל |
ויבל״א י. צ. רובין

באַאַרבעט צום דרוק דורך | א. מ. רינגעל ז״ל |
ויבל״א י. צ. רובין

אַרויסגעגעבן דורך דער לאַנדסמאַנשאַפט פון ראַוואַ־רוסקאַ
און אומגעבונג אין ישראל

נדפס בישראל, תל־אביב, 1973, דפוס „אורלי״

# פתח דבר

אחת הקהילות היהודיות בגליציה המזרחית — היום מערב־אוקראינה בברית־המועצות — שנוסדה בערך באמצע המאה ה-15 היתה בעירנו ראַווה־רוסקה. היהודים היוו בה רוב והטביעו עליה את חותמם. הקהילה הצליחה להקים רשת מסועפת של מוסדות דתיים וחילוניים ולפתח פעילות נמרצת בשטח הציבורי, הרוחני, התרבותי והחינוכי, ובייחוד לחנך דור צעיר חדור אידיאלים, אשר הוציא מקרבו עסקנים מוכשרים ומסורים ואנשים דגולים.

במאמצים רבים — אותם לא חסכנו — עלה בידינו לאסוף מאת בני־עירנו בארץ ובתפוצות את כל החומר להכנת הספר, בו יתוארו, בממדים קטנים, החיים הרב־צדדיים בקהילתנו, בו תינתן הערכה לאישינו הרוחניים והציבוריים, בו תוקם מצבת־זכרון לקדושינו־קרבנות־השואה והוא ינציח זכרם לעולמי־עד.

ספר הזכרון הזה מוקדש גם לקהילות הסביבה, שלהן היתה זיקה טבעית לעירנו והושפעו לא מעט ממנה.

הספר מופיע בשתי שפות — בעברית וביידיש — ככתבם וכלשונם של המחברים, ורק מה שנכתב בשפה זרה ניתן לתרגום לאחת השפות הנ״ל.

חרף כל המאמצים שהשקענו בהוצאת הספר והזמן הממושך שהקדשנו להכ־נתו, לא עלה בידינו לתת תמונה מקיפה ומלאה מהחיים היהודיים בעירנו וב־סביבותיה, כי מסיבות מובנות לא הצלחנו להשיג את כל הפרטים הדרושים.

עוד בימי האזכרות השנתיות הראשונות, שערכנו מדי שנה בשנה, נדרו הנאס־פים נדר להקים מצבה על הקברים האלמוניים של קדושינו. נתקבלה החלטה לשתול חורשה ב„יער־הקדושים" ולקבוע לוח־זכרון במרתף־השואה על הר ציון. הכל הוצא לפועל. אחרים הציעו להוציא לאור ספר זכרון. וכך בחרו כל פעם בוועדות־ספר חדשות והכל היה רק דברים בעלמא.

הרב ד״ר אריה ברגר ז״ל התחיל לפעול בכיוון זה ובא במגע עם המכון האידי־היסטורי בווארשה, אלא שלצערנו הגדול נפטר בטרם עת. אותו האסון קרה לחברנו יעקב בוימוואַל־יובל ז״ל המלומד, שהתייחס ברצינות רבה למפעל הזה והקדיש למטרה הקדושה הזאת כתבות רבות, מהן בחרנו אחדות להדפסה בספר. כל מאווייו היו לראות את הספר יוצא לאור, וחבל שלא זכה.

הרבה יוזמה ועבודה נמרצת הקדיש החבר גימפל יוסט באספו חלק ניכר מהחומר, אשר היווה את אבן היסוד להוצאה זו. עזר לו בכך מי שהיה כל השנים מזכיר הארגון — החבר צבי קרמרמן. גם החבר הערץ גראף, ניצול השואה, היה בין הראשונים אשר במרץ רב התחיל להקדיש מזמנו למטרה זו, אולם נסוג ורק לגמר הספר הסכים לעזור הרבה בהתקנת כל הגלופות. כמו־כן עזר לנו הרבה החבר ייכל מייזעלעס בתרגומים משפות זרות ליידיש.

נציין עוד את עזרתו הפעילה של יו״ר ארגוננו וגזברו החבר מ. י. שטיינפלד וגם עזרתם בשטחים שונים של החברים רגינה ומוני גרואר.

אכן, היו קשיים רבים והפרעות גדולות למימוש הרעיון הנעלה הזה, ועד שהצלחנו לגבור עליהם עברו שנים רבות ללא מעשה.

תמיד היתה דעתי, שאם יימצאו מספר „משוגעים לדבר" לעבודה זו, אפשר יהיה לחשוב על הוצאת ספר־הזכרון, כי דיבורים הם כאַין, ואי־אפשר ליצור יש

מאַין. בשוחחי פעם עם חברנו הטוב ביותר, בן־ביתנו וידידנו בכל נפשו ובכל מאודו, מרדכי רינגל ז"ל, העלינו את הנושא הזה והתווכחנו עליו; פתאום פנה אלי כהאי לישנא: „אם תסכים לטפל ולהתעסק בזה, הנני מוכן ומזומן לעמוד לצדך ולעזור לך בכל — עד שנגבור על זה". עתה אודה ולא אבוש, כי לשנינו לא היה מושג, כמה עבודה ויגיעה מפעל כזה דורש.

מרדכי רינגל ז"ל, תלמיד חכם גדול וצנא מלא ספרא היה, הוא קיים את הבטחתו במלואה, ניגש לעבודה במסירות ובדבקותו החסידית ובהניחו לבנה על גבי לבנה, תם ונשלם בעזרתו הרבה הספר הזה. בקראנו בו ובמאמריו אנו רואים ומרגישים את כוונותיו ומבינים את הצביון והפנים היפים שברצונו היה לתת לדמותו של הספר, ואנו יכולים בהחלט לכנותו „בונה הספר ואדריכלו".

לצערנו ולמכאובנו לא זכה ליהנות מפירותיו, ואני יכול לומר: וי להאי שופרא דבלי בארעא, עיני, עיני יורדה מים...

מתוך צער עמוק אני גם מעלה את זכרם של כל המשתתפים והעוסקים שלא זכו לראות בפרי עמלם.

עתה כשרואות עיניכם את ספר־הזכרון לקהילתנו בראווה־רוסקה ולקהילות הסביבה, יש לאל ידכם להעריך את העבודה הרבה, הן בעריכתו והן בסידור הטכני־ארגוני, שהושקעה בו.

יבואו אפוא על הברכה כל אלה שהיתה בהם חובת הלבבות לכתוב למענו; כל אלה שהיו במשך שנים רבות בוועדי־הארגון ובוועדות־הספר ואלה שהנם חברים פעילים עד היום הזה, בארץ ובחוץ לארץ, ובייחוד חברי ה„סאָסייטי" בניו־יורק, העוזרים לארגון להמשיך ולהתקיים כגוף־מקשר של כל יוצאי ראַווה־רוסקה באשר הם, המביא תועלת לאנשיו ונושא את זכרונה של הקהילה המפוארת שהיתה קיימת רבות בשנים בעיר ראַווה־רוסקה; כל אלה שנשאו בעול כל עזרה־שהיא, ואחרון־אחרון כל אלה אשר יתעמקו לקרוא בספר־הזכרון הזה, המספר:

**איככה דואב לבנו על התינוקות דבית־רבן שנקרעו מזרועות אמותיהם ומ־שדיהן — להשמידם!**

**איככה לבנו שותת דם על בית־אבינו־משפחתנו, אבא, אמא, אחיותינו, אחינו, ילדינו וידידינו!**

**איככה דואב לבנו על כל קדושי עירנו, גדולי התורה והחכמה, אישים נכבדים, אנשים תמימים ופשוטי העם, על כל אלה שהוציאו את נשמותיהם בעינויים קשים בחורבן הגדול ביותר בתולדותינו!**

**איך היתה קיימת, איך חיתה ואיך נחרבה ראַווה־רוסקה והסביבה בין כל הקהילות הקדושות — יסופר בספר־הזכרון הזה לדורות הבאים.**

**יהא זכרם מבורך ומקודש לעולמי עד!**

יוסף צבי רובין

תל־אביב, ה' חשוון, תשל"ג

# פאָרוואָרט

איינע פון די יידישע קהילות אין מזרח־גאַליציען — היינט מערב־אוקראַינע אין ראַטן־פאַרבאַנד — וואָס איז געגרינדעט געוואָרן בערך אין מיטן פונעם 15־טן יאָרהונדערט איז געווען אין אונדזער שטאָט ראַוואַ־רוסקאַ. דער יידישער לעבנס־שטייגער איז געווען אָנזעעוודיק איבעראַל, ווייל יידן זענען געווען די מערהייט אין שטאָט. זיי האָבן באַוויזן אויפצושטעלן אַ פאַרצווייגטע נעץ פון רעליגיעזע און אַלגעמיינע אַנשטאַלטן און צו אַנטוויקלען אַן ענערגישע טעטיקייט אויפן געזעל־שאַפטלעכן, גייסטיקן, קולטורעלן און דערציונגס־געביט. באַזונדערס האָט זיך דערצויגן אַ יונגער דור מיט אידעאַלן, וואָס האָט פון זיך אַרויסגעגעבן פעאיקע און איבערגעגעבענע כלל־טוער און אָנגעזעענע מענטשן.

מיט גרויסע אָנשטרענגונגען, וואָס מיר האָבן אָנגעווענדעט, איז אונדז געלונ־גען צו זאַמלען פון אונדזערע לאַנדסלייט פון דער שטאָט און דער אומגעגנט — פון די, וואָס געפונען זיך אין לאַנד און אין אויסלאַנד — דאָס מאַטעריאַל פאַר דעם דאָזיקן ספר. דאָ ווערט געשילדערט אין גאַר־קליינעם מאַסשטאַב דאָס פילזייטיקע לעבן אין אונדזערע קהילות, דאָ ווערט געגעבן אַ מערווייניקע אָפּשאַצונג פאַר אונדזערע גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע פערזענלעכקייטן, דאָ ווערט אַוועקגעש־טעלט די מצבה אויף די אַלע אומבאַקאַנטע קברים פון אונדזערע הייליקע קרבנות אין אומקום און דאָ ווערט מיט דעם הייליקן מאָנומענט פאַראייביקט זייער אָנדענק און דעם אָנדענק פון אונדזער פאַרשניטענער קהילה.

דער „יזכור־בוך" איז אויך געווידמעט אַלע קהילות פון דער אַרומיקער געגנט, וועלכע זענען תמיד געווען מיט אונדז אין נאַטירלעכן קאָנטאַקט און נישט ווייניק פון אונדזער ראַווער קהילה באַאיינפלוסט געוואָרן.

דאָס בוך דערשיינט אין צוויי שפּראַכן — העברעיִש און יידיש — אין די שפּראַכן, אין וועלכע די פאַרפאַסערס האָבן געשריבן און נאָר די שריפטן אין פרעמדע שפּראַכן זענען געוואָרן איבערגעזעצט.

טראָץ אַלע אָנשטרענגונגען, וואָס מיר האָבן אַריינגעלייגט אין אַרויסגעבן דעם ספר און טראָץ דער לאַנגער צייט, וואָס האָט פאַרנומען צוגרייטן — האָבן מיר נישט דערגרייכט צו געבן אַ גרינדלעך־פול בילד, וואָס זאָל גענוי און פּינקטלעך אָפּשפּיגלען דאָס יידישע לעבן אין ראַווע און אין איר אומגעגנט, ווייל מיר האָבן נישט געקענט באַקומען אַלע נייטיקע איינצלהייטן צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים.

שוין נאָך די ערשטע אַזכרות, וואָס מיר האָבן אָפּגעריכט יעדעס יאָר, האָבן די פאַרזאַמלטע אַ נדר געטאָן, צו שטעלן אַ מצבה אויף די אומבאַקאַנטע קברים פון אונדזערע קדושים. ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס און גענוי אויסגעפירט געוואָרן — צו פלאַנצן אַ וועלדל אויפן נאָמען פון אונדזערע קהילות אין „יער־הקדושים" און אויפהענגען אַ געדענק־טאָוול אין מרתף־השואה אויפן הר־ציון. אַנדערע האָבן פאָרגעלעגט אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך. אַלעמאָל האָט מען געקליבן נייע בוך־קאָמיסיעס, אָבער צום אויספיר איז עס נישט געקומען.

הרב ד"ר אריה בערגער ז"ל, וועלכער איז געווען זייער דערפאַר און אָנגע־הויבן צו זיין טעטיק, האָט זיך געוואָנדן וועגן מאַטעריאַל צום יידיש־היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע; אָבער לײדער צום גרויסן באַדויערן איז ער אין דער

צווישנצייט פריצייטיק נפטר געוואָרן. דאָס זעלבע אומגליק האָט אויך געטראָפן אונדזער זייער געלערנטן חבר יענקל בוימוואַל ז״ל, וועלכער האָט אויך זייער אַקטיוו רעאַגירט פאַר אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך, האָט אָנגעשריבן פיל פאַרן בוך, פון וועלכן מיר דרוקן נאָר אייניקע געקליבענע אַרטיקלען. זיין ווונטש איז געווען נאָך צו זען דעם בוך פאַרטיק, אָבער לײדער נישט דערלעבט.

גרויס איניציאַטיוו און ענערגישע אַרבעט האָט אָנגעווענדעט חבר גימפּעל יוסט ביים זאַמלען אַ גרויסן טייל פונעם מאַטעריאַל, וואָס האָט אַוועקגעלייגט דעם גרונטשטיין פונעם בוך, צו וועלכן עס האָט אים פיל מיטגעהאָלפן אונדזער געוועזענער סעקרעטאַר חבר צבי קרעמערמאַן.

אויך חבר הערץ גראַף, וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט פונעם אומקום, איז געווען איינער פון די ערשטע חברים, וואָס האָט מיט זיין התלהבותיקן ברען זייער געוואָלט מיטהעלפן ביי דער הייליקער אַרבעט האָט, נאָך אַן איבערייס פון זיינע טעטיקייטן, לעצטנס פיל מיטגעהאָלפן ביים אַראָנזשירן די קלישן פאַר די בילדער. ביים איבערזעצן פון די פרעמדע שפראַכן אויף יידיש האָט אונדז פיל מיטגעהאָלפן חבר ייכל מייזעלעס־קעסל.

אויך איז צו פאַרצייכנען די מיטהילף פון אונדזער פּאָרזיצער און קאַסירער חבר מ. י. שטיינפעלד און די חברים רעגינאַ און מוני גרויער.

עס זענען געווען אַ סך שוועריקייטן און שטערונגען אויפן וועג פון רעאַליזירן דעם געדאַנק וועגן אַרויסגעבן אַזאַ ספר.

יאָרן זענען פאַרביי ; וועגן ספר אין גאָר נישט געטאָן געוואָרן.

מיין מיינונג איז תמיד געווען, אַז ווען עס וואָלטן זיך געפונען אַ פּאָר „משוגענע פאַרן דאָזיקן ענין", וואָלט אפשר מעגלעך געווען צו טראַכטן וועגן שרייבן און אַרויסגעבן אַ ספר־זכרון. פון רעדן דעריבער, האָבן מיר געזען — איז גאָר נישט געשאַפן געוואָרן.

רעדנדיק אַמאָל איבער דעם ענין מיט אונדזער בן־בית, בעסטן חבר און ידיד בנפש, מרדכי רינגעל ז״ל, האָט ער זיך פּלוצים אָבגערופן : „אויב דו ביסט מסכים זיך צו פאַרנעמען דערמיט, בין איך גרייט דיר בייצושטיין מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג און הילף — ביז מיר וועלן עס גובר זיין". און איצט קען איך מודה זיין, אַז מיר האָבן ביידע קיין אַנונג נישט געהאַט, וויפל אַרבעט, מי און מאַטער אַזאַ אונטערנעמונג פאַדערט.

מרדכי רינגעל ז״ל, אַ גרויסער תלמיד־חכם, ערנסט איבערגעגעבן פאַר דער הייליקער אַרבעט אָן שום זייטיקע פניות, האָט זיין צוזאָג מקיים געווען. מיט זיין התלהבותדיקן־חסידישן ברען האָט ער געלייגט אַ ציגל אויף אַ ציגל און געהאָלפן מיט אַלע כוחות בויען דעם ספר. איך קען אים בפירוש אָנרופן „בויער און אַרכיטעקט" פונעם ספר, וואָס מיר זען פון זיין שרייבן און פון דעם ספר׳ס פנים. מיר באַוויינען מיט גרויס ווייטיק זיין יונגן אָפּשטאַרבן, וואָס ער האָט נישט זוכה געווען צו זען און הנאה האָבן פון די פירות פון זיין אַרבעט און מיר קענען נאָר זאָגן : ווי להאי שופרא דבלי בארעא !

אַזוי אויך ווילן מיר אויסדריקן אונדזער טיפן צער איבער די אַלע, וואָס האָבן עוסק געווען אין דער הייליקער אַרבעט און לײדער נישט דערלעבט צו זען די הייליקע מצבה פאַרטיק.

ווי ס׳איז צו זען, איז געוואָרן אין דעם אַרויסגעבן פונעם דאָזיקן יזכור־בוך, אַריינגעלעגט אַ גרויסע און אָנגעשטרענגטע אַרבעט, סיי אינעם רעדאַגירן פון די אַלע שריפטן און סיי אין דער טעכניש־אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבעט.

זאָלן זיין געבענטש די אַלע, וואָס האָבן געפילט זייער פליכט צו שרייבן פאַרן בוך; די אַלע, וואָס זענען אין משך פון אַ סך יאָרן געווען אין אויסשוס און אין די פאַרשידענע קאָמיסיעס פון אונדזער ארגון און אויך די חברים פון היינטיקן אויסשוס, וואָס זענען נאָך עד היום טעטיק, אין לאַנד און אין אויסלאַנד, און באַזאָנדערס די ראַוּוער „סאָסייטי" אין ניו-יאָרק; די אַלע, וואָס האָבן געטראָגן דעם עול פון מיטהילף און אחרון-אחרון די אַלע, וואָס וועלן זיך פאַרטיפן און לייענען אַלעס, וואָס דער ספר-הזכרון דערציילט:

**ווי דאָס האַרץ ווייטיקט אויף די אומגעבראַכטע יידישע קינדערלעך, אַוועק-געריסן פון דער מאַמעס אָרעמס, פון דער מאַמעס ברוסט — און זיי אומגעבראַכט;**

**ווי דאָס האַרץ בלוטיקט איבער דיין פאַרטיליקטער היים, דיין משפחה-נעסט, טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברידער, קינדער און פריינט.**

**ווי דאָס האַרץ ווייטיקט נאָך די אַלע ראַוּוער קדושים, די אַלע למדנים און גדולים, תמימים און פּאָלקס-מענטשן, נאָך די אַלע פאַרשניטענע לעבנס, נאָך די אַלע אין פיין אויסגעהויכטע נשמות אין גרעסטן חורבן פון אונדזער געשיכטע.**

**דער ספר דערציילט די קומענדיקע דורות איבער אונדזער הערלעכער קהילה, איר לעבן, איר שאַפן און איר פאַרניכטונג.**

**געבענטש זאָל זיין זייער אָנדענק!**

יוסף הערש רובין

תל-אביב, ה' חשוון, תשל"ג

גימפל יוסט

## ליוצאי עירנו היקרים, טייערע לאַנדסלייט!

כעת, שלושים שנה לאחר השואה הנוראה של השמדת מיליוני יהודים, ביניהם קדושי עירנו ראווה־רוסקה וסביבתה, אנו מוסרים לידיכם את ספר הזכרון אשר יאיר את הדרך לנו ולבאים אחרינו, — לדעת ולהבין, להעריך ולספור מנות הסבל ולמדוד את כוח עמידתם עד הסוף, עם השמדם.

כבו האורות אשר במשך דורות רבים האירו, חממו וחשלו את חייהם עד הסוף המר. עשרים שנה לקטנו גרגיר אל גרגיר על מנת להנציח במידה מקיפה את כל מה שהיה, ומה שהיה פעם נקרא קהילת ראווה־רוסקה. יצרנו — ללא הגזמה — "יש" מאין וכל מה שהצלחנו לאסוף — נתפרסם. בעמל רב ובעבודת נמלים יצרנו את ספר הזכרון הזה והקימונו גלעד להנצחת קדושינו. אנו תקוה, כי בתוך הכמות תימצא גם האיכות וכל אחד ואחד ימצא בו את מבוקשו.

אנו מזילים דמעה מרה על אלה מיקירינו שצעדו אתנו בזמנים שונים, חלמו ועזרו בעשיית הספר ולא זכו לראותו.

אנו מודים לכל העוסקים האלה באמונה ולכל תורמי התרומות הכס־פיות, שאיפשרו לנו לסיים את המלאכה. יבואו כולם על הברכה!

***

היינט, 30 יאָר נאָך דעם טראַגישן אומקום פון מיליאָנען יידן — צווישן זיי דאָס יידישע ראַווא־רוסקאַ און אומגעבונג — היינט, מיטן דערשיינען פונעם יזכור־בוך ווערט אָנגעצונדן אַ פונק, וואָס וועט באַלייכטן דעם לאַנגן לאַבירינט, און מיר אַלע, איצט און די שפּעטערדיקע דורות, וועלן דאַרפן לערנען פאַרשטיין וואָס ס'איז אַמאָל געווען און פאַרשטיין אָפּצושאַצן דעם אויסדויער־כוח פון די פאַרשניטענע — ביז זייער לעצטן אָטעם־צוג. די ליכטער, וואָס האָבן געוואַרעמט יידישע קהילות זייט דורות און זיי געשטאַרקט ביזן ביטערן סוף — זענען אויס־געלאָשן געוואָרן.

צוואַנציק יאָר האָבן מיר געקליבן קערן צו קערן, בכדי צו פאַראייביקן אין אַ ברייטערן פאַרנעם דאָס יידישע ראַווא־רוסקאַ און אויפשטעלן אַ דענקמאָל פאַר אונדזערע טייערסטע. ווען דער בוך זאָל נישט זיין גאַנץ־פאַרפאָלקאָמט, האָפן מיר דאָך, אַז אין דער גרויסער קוואַנטיטעט איז אויך פאַרהאַן פון דער ריכטיקער קוואַליטעט און יעדער וועט אין אים געפונען דאָס, וואָס איז אים צום האַרצן.

מיר לאָזן אַ ביטערן טרער איבער אונדזערע טייערע, וואָס האָבן אין פאַר־שידענע צייטן מיטגעהאָלפן ביים חלומען און שאַפן דעם יזכור־בוך.

מיר דרוקן אויס אונדזער דאַנק צו אַלע, וואָס האָבן אונדז מיטגעהאָלפן און באַזונדערס מיט געלט־שפּענדונגען, וואָס האָט פאַרזיכערט דאָס דערשיינען פונעם דאָזיקן יזכור־בוך. זאָלן אַלע זיין געבענטשט.

ה' אייר, תשל"ג — 7 מאַי 1973.

אין יו"ט פון 25 יאָר יידישע מדינה. חצי־יובל לתקומת המדינה.

# לתולדות היהודים בראווה־רוסקה

# צו דער געשיכטע פון יידן אין ראווא־רוסקא

# ראַווא־רוסקאַ און געגנט

ד״ר נחמן בלומנטאַל

## היסטאָרישער איבערבליק

אין דער ערשטער פוילישער אַלגעמיינער ענציקלאָפעדיע וואָס ס'האָט אין די יאָרן 1870 — 1865 אַרויסגעגעבן אין וואַרשע שמואל אָרגעלבראַנד, געפינען מיר אין דער פּאָזיציע ראַוואַ רוסקאַ פאָלגענדיקע געגעבענע: „אַ שטעטל אין דער אַמאָליקער בעלזער וואָיעוואָדשאַפט (אין דער צייט פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט), איצט גאַליציע, ליגט אויפן טייך ראַטאַ, 25 קמ. פון זשולקיעוו, צו וועלכנס קרייז זי געהערט. די שטאָט איז באַקאַנט געוואָרן פון דעם, וואָס דאָ האָט זיך דער פוילישער קעניג אויגוסט 2, וואָס איז גלייכצייטיק געווען קעניג פון סאַקסן דעם 10.8.1698, געטראָפן מיטן צאַר פּעטער 1, וואָס האָט זיך אומגעקערט אין דער צייט פון ווין קיין רוסלאַנד. דריי טעג האָבן דיביידע מלכים פאַרבראַכט אויף סעודות און אין תענוגים און דערביי אויך באַשלאָסן געמיינזאַם אַרויסטרעטן מיט אַ קריג קעגן שוועדן״.

בעת די פאַרווײלונגען האָט דער פוילישער קעניג, (וואָס איז געווען זייער קרעפטיק און דערפאַר באַקומען דעם צונאָמען „מאָצני״), זיך אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס ער האָט מיט אַ זעבל (שווערד) מיט איין קלאַפּ אָפּגעשניטן דעם קאָפּ פון אַן אומגעהויער גרויסן ביק. פון דעם מאָמענט איז די שטאָט באַקאַנט געוואָרן אין דער געשיכטע.

וועגן דער אַנטשטייאונג פון דעם ישוב פעלן דאָקומענטן, נאָר ווי אַ שטאָט עקזיסטירט זי זייטן יאָר 1455; זי איז געגרינדעט געוואָרן דורך וולאַדיסלאַוו, דעם פּרינץ פון בעלז; און דער נאָמען פון שטאָט זאָל שטאַמען פון ראַוואַ מאַזאָוויעצקאַ, וואָס האָט פריער געהערט צום פּרינץ וולאַדיסלאַוו און נאָך איר איז געבליבן אַ זכר (דער נאָמען ראַוואַ) אין אַ ניי געביט, רוס, פון דאַנען דער נאָמען ראַוואַ רוסקאַ.

די שטאָט איז אויך באַקאַנט פון אַ צווייטן צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען יאַנואַר 1716. געהאַנדלט האָט זיך דאָס מאָל וועגן שלום מאַכן צווישן ביידע צדדים, דעם קעניגס אָנהענגער און זיין מיליטער (סיי פּאָליאַקן, סיי סאַקסן) און די קעגנער זיינע, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין טאַרנאָגראָד אין אַ קאָנפעדעראַציע און געוואָלט פאַרטרייבן דאָס סאַקסישע מיליטער. אין דעם צוזאַמענפאָר האָבן אָנטייל גענומען פון קעניגס צד, דער פעלדמאַרשאַל פלעמינג און גאלף (ביידע סאַקסן); פון צווייטן צד — צוויי פוילישע וואָיעוואָדעס. ס'איז אויך געקומען אַהער דער גרויסער העטמאַן פון פוילן אַדאַם סיעניאַווסקי, ווי אַ פאָרשטייער פון קעניג. דעם 18טן יאַנואַר האָט מען די אונטערהאַנדלונגען פאַרענדיקט מיט אַן אָפּמאַך. דאָס סאַקסישע מיליטער האָט געמוזט אָפּטרעטן, באַקומענדיק פּראָוויאַנט אויפן וועג צו זיך, קיין סאַקסן, און אַ געוויסן אָפּצאָל פון יעדן הויז.



אלגעמיינער אויסזיכט פון דער שטאָט

פון דער צייט פון אומאָפּהענגיקן פוילן איז כדאי צו דערמאָנען די ציילונג פון יידן, וואָס איז פאָרגעקומען אין די לעצטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער מדינה. די ציילונג איז דורכגעפירט געוואָרן, כדי פעסטצושטעלן דעם „קאָפּ-שטייער", וואָס מ'האָט געדאַרפט צאָלן יאָר-יערלעך פאַר אַ יעדן יידן — עלטער פון איין יאָר — אין דער מלוכה-קאַסע. די ציילונג איז פאָרגעקומען אין יאָר 1764/5. ראַוואַ האָט דעמאָלט געהערט צו דער בעלזער וואָיעוואָד־שאַפט, אין איר פּאַראַפיע (שטאָט מיט די אַרומיקע דער־פער) האָבן זיך צו דער צייט געפונען 1050 יידישע „קעפּ". און אויב מיר וועלן צורעכענען צו דער צאָל די זויג־קינדער (ביז איין יאָר אַלט), די צאָל „פאַרלייקנטע" — וואָס מאַכט אויס צוזאַמען העכער 20%. — לויט פּראָפ. מאַהלער, וועט אויסקומען, אַז צום סוף פון אַכצטן יאָר־הונדערט, איידער ראַוואַ רוסקאַ איז אַריבער צו עסטרייך־אונגאַרן, (אין 1772 יאָר) איז דאָרט געווען אַ 1.300 יידן. דאָס איז די ערשטע, מער וויניקער, ריכטיקע ידיעה וועגן דער צאָל יידן פון דער שטאָט ראַווע, וואָס מיר האָבן. לויט יענע צייטן — אַ גענוג גרויסע צאָל.

אינטערעסאַנט איז די איינטיילונג פון דער באַפעל־קערונג, וואָס ס'ברענגט דער פוילישער „געאָגראַפישער ווערטערבוך" פאַרן יאָר 1880. ער גיט אָן:

| | |
|---|---|
| פּאָליאַקן | 3.624 |
| רוטענער, „רוסינען" | 742 |
| דייטשן | 2.181 |
| אנדערע נאַציאָנאַליטעטן | 29 |
| צוזאַמען | 6.576 |

פון וואַנען האָבן זיך פּלוצים גענומען אַזוי פיל דייטשן אין שטאָט? איז דער ענטפער, אַז אונטערן וואָרט „דייטשן" האָבן פיגורירט די... יידן. דאָס איז געמאַכט געוואָרן דורך דער דייטש-עסטרייכישער אַדמיניסטראַציע גאַנץ באַוווסט־זיניק. לויט די פאַרשריפטן פאַר די קאָמיסאַרן פון דער פאָלקס-ציילונג האָט מען נישט געטאָרט אָנגעבן אַלס מוטער-שפּראַך נישט העבראיש און נישט יידיש. זענען ממילא די יידן לויט זייער שפּראַך — יידן — פאַררעכנט געוואָרן פאַר דייטשן, צי מ'האָט זיי וועגן דעם געפרעגט צי נישט. דאָס האָט זיך געלוינט דער איינשטעלונג פון דער מאָנאַרכיע און איר דייטשער רעגירונג.

אַנדערש זעט אויס — לויט דעם זעלבן מקור — אַ סטאַטיסטיק, ווען מ'נעמט אין באַטראַכט דעם גלויבן פון דער באַפעלקערונג. לויט דער דאָזיקער קריטעריע קומט אויס, אַז אין ראַוואַ רוסקאַ זענען אין יאָר 1880 געווען:

| | |
|---|---|
| רוימיש-קאַטוילישע (ווערן אידענטיפיצירט מיט פוילישער נאַציאָנאַליטעט) | 1.592 |
| גריכיש-קאַטוילישע (אוקראַינער) | 1.087 |
| „איזראַעליטן" (יידן) | 3.905 |
| צוזאַמען | 6.584 |

די ציפער 3.905 דאַרף זיין די צאָל יידן אין שטאָט פאַר דער צייט. ווייל כמעט אַלע יידן האָבן — איז אָנצו־נעמען — זיך געפילט ווי רעליגיעזע יידן. נאָך נישט געווען דעמאָלט קיין אַסימילאַנטן, פריידענקער, צי געשמדטע. און אויב יאָ, זענען דאָס געווען יחידים, נישט מער. אונדז אָבער אינטערעסירט דאָ דער כלל.

די צאָל „איזראַעליטן" — יידן לויטן גלויבן — איז באַדייטנדיק גרעסער פון דער צאָל „דייטשן" (רעדן דייטש) מיט גאַנצע 1.724 פּערזאָן. דאָס דאַרף מען אויסטייטשן דערמיט, וואָס אַ טייל יידן האָבן אָנגעגעבן פון גוטן ווילן, ס'האָט זיי נישט געפּאַסט אָנגיין פאַר דייטשן כלפּי די פוילישע מיטבירגער, צי טאַקע באמת באַנוצט זיך מיט דער פוילישער שפּראַך ביי זיך אין דער היים (זיכער אַ גאַנץ קליינער פּראָצענט). זיי האָבן גיכער אָנ־געגעבן פויליש, איידער דייטש! דאָס זענען באַוווסטזיניקע אַסימילאַטאָרן, אָדער פאַרפּירטע, אָדער ס'האָט זיך גע־האַנדלט אין אַ פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע קעגן דער עסטרייכישער אַדמיניסטראַציע און פאַר פוילנס פרייהייט.

אַ באַמערקונג וועגן דער צאָל איינוווינער פאַרן יאָר 1880 (דאָס זעלבע איז אויך שייך די איבעריקע צאָלן פון די פאָלקס-ציילונגען, וואָס שטאַמען פון דער עסטרייכישער צייט). זי איז אַן אַנדערע אין איין מקור — 6.468 — און אַן אַנדערע אין אַ צווייטן מקור — 6.584. דער אונטער־שייד נעמט זיך דערפון, צי מ'רעכנט אַריין אין דער צאָל באַוווינער פון דער שטאָט דעם „הויף" פון פּריץ, דעם אייגנטימער פון שטאָט, צי דאַרף, גוט-באַזיצער (אַזוי האָט מען אים גערופן ביי אונדז אין גאַליציע) און זיינע איינוווינער (אויפן פאָלוואַרעק), דעם שטח האָט מען גע־רופן אויפן אַמטלעכן (פוילישן) נאָמען „דער הויף", נעמלעך, איז ביזן אויסברוך פון ערשטן וועלט-קריג געווען אַ באַזונדערע אַדמיניסטראַטיווע איינהייט. ערשט אין אומ־אָפּהענגיקן פוילן האָט מען דאָס קאַסירט. דער הויף איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער אַלגעמיינער געמיינדע.

מיר וועלן נעמען אין אַכט איצט דעם גאַנצן פּאָוויאַט, צו וועלכן ס'האָבן געהערט, אין די עסטרייכישע צייטן, פאָלגנדע שטעטלעך: לוביטשאַ קרולעווסקאַ, מאַגיערוב, פּאַטיליטש, הובנוב, ניעמירוב. מיר וועלן פאַר די שטעט־לעך אָנגעבן די צאָל יידן פאַרן יאָר 1900 און זייער פּראָ־צענט כלפּי דער אַלגעמיינער צאָל איינוווינער:

| | אלג. צאל | דערפון יידן | % יידן |
|---|---|---|---|
| לוביטש | 938 | 821 | 87.5 |
| מאגיערווו | 3158 | 1322 | 41.9 |
| ניעמירווו | 2966 | 1725 | 58.1 |
| פאַטיליטש | 3261 | 335 | 10.3 |
| אונגווו | 4487 | 2140 | 47.7 |

דעם גרעסטן פּראָצענט יידן האָט געהאַט דאָס שטעטעלע לוביטש: 87.5%; דעם קלענסטן פּאַטיליטש — 10.3%.

אין דעם זעלבן יאָר איז אין פּאָוויאַט געווען 67 דערפער, אין וועלכע ס'האָבן געוווינט ס"ה 3.606 יידן, 17.1% פון אַלע יידן, וואָס האָבן אין 1900 געוווינט אין ראַוועראוסקער פּאָוויאַט (קרייז); 82.9% יידן האָבן געוווינט אין די שטעטלעך. קיין דערפער אָן יידן בכלל, איז צו דער צייט נישט געווען.

לויט די פאָלקס־ציילונגען, וואָס זענען יעדע צען יאָר פאָרגעקומען, צוערשט אין עסטרייך־אונגאַרן און דערנאָך (אין די יאָרן 1921, 1931) אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, באַקומען מיר פאָלגנדע ציפערן פאַר דער שטאָט ראַוואַ:

| יאָרן: | אלגעמיינע צאָל איינוווינער: | דערפון יידן: | פּראָצענט יידן: |
|---|---|---|---|
| 1880 | 1.468 | 3.878 | 59,9 |
| 1890 | 7.475 | 4.406 | 58,9 |
| 1900 | 8.927 | 5.098 | 57,1 |
| 1910 | 10.775 | 6.112 | 56,7 |
| 1921 | 8.970 | 5.048 | 56,3 |
| 1931 | 11.146 | 5.658 | 50,77 |
| 1939 | — | 7.120 | — |

מיר זעען פון די ציפערן, אַז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה (אויסגעבראָכן אין 1914) וואַקסט די צאָל פון דער באַפעלקערונג אין שטאָט: אין משך פון 30 יאָר מיט 4.307 נפשות; ד. ה. מיט 60%. אין דער זעלבער צייט וואַקסט אויך דער יידישער ישוב מיט 2.234 פערזאָן; ד. ה. מיט 63.5%. כלפי דער נישט יידישער באַפעלקערונג האַלט אָבער די יידישע באַפעלקערונג פּראָצענטועל אין איין פאַלן; אין משך פון די דרייסיק יאָר מיט 3.2%.

אַן איבערברוך באַטייט די ציילונג פון 1921 יאָר, וואָס גיט אונדז אַנשטאָט אַ נאָרמאַלן, נאַטירלעכן צוווּקס פון דער באַפעלקערונג אַ פאַרקלענערונג און דאָס מיט 1.805 נפשות. פון דער צאָל פאַלט אויס אויף יידן 1.064, אַ 58%; אויף נישט־יידן — 741. גורם געווען האָט דערצו די וועלט־מלחמה. מענטשן האָבן פאַרלאָזט די שטאָט. טייל זענען געפאַלן אויף די פראָנטן, טייל זענען געשטאָרבן אין רעזולטאַט פון די מלחמה־עפּידעמיעס, טייל האָבן עמיגרירט קיין מערב (ווין, טשעכיען, אונגאַרן); יידן אין אַ גרעסערער מאָס, ווי נישט יידן.

אין דער צווייטער פאָלקס־ציילונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, דעצעמבער 1931, זעען מיר שוין אַ צוווּקס פון דער באַפעלקערונג, אין אַלגעמיין מיט 2.176 נפשות; וואָס שייך יידן בלויז מיט 610 (27%) נפשות. יידן פאַרלאָזן די שטאָט (עמיגראַציע). זייער נאַטירלעכער צוואַקס ווערט קלענער. דאַקעגן קומען צו אין שטאָט נישט יידן פון דער פּראָווינץ. אין פאַרגלייך צו דעם נישט יידישן טייל פון דער באַפעלקערונג פאַלט דעריבער דער פּראָצענט פון די יידן.

מיר וועלן אַ קוק טאָן, ווי אַזוי האָט זיך די לאַגע געביטן לויט דער ערשטער פאָלקס־ציילונג אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, דעצעמבער 1921, אין גאַנצן פּאָוויאַט.

די צאָל איינוווינער פון אַלע דערפער אין פּאָוויאַט האָט דעמאָלט באַטראָפן 106.607; דערפון יידן — 13.161, וואָס מאַכט אויס 12.3%, בעת אין יאָר 1910 איז געווען 16.711 (14.5%), ד. ה. אַז דער פּראָצענט יידן איז באַדייטנדיק געפאַלן. דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער מלחמה.

וואָס אַן אמת קאָן מען נישט פאַרגלייכט די גרענעצן פון פּאָוויאַט אין דיביידע צייט־אָפּשניטן, ווייל די פּוילישע אַדמיניסטראַציע האָט אַדורכגעפירט ענדערונגען. צוגעטיילט נייע שטחים צום ראַווער פּאָוויאַט; ווידער אַנדערע אָפּגעשניטן. די כוונה איז געווען בדרך כלל צו פאַרטושן די פריערדיקע גרענעצן צווישן קאָנגרעס־פּוילן, וואָס האָט געהערט פאַר דער מהחמה צו רוסלאַנד און גאַליציע, וואָס האָט געהערט צו עסטרייך־אונגאַרן. די דאָזיקע איינטיילונג, וואָס דערמאַנט פּוילנס פאַלן, האָט געמוזט פאַרשווינדן.

צום פּאָוויאַט ראַווע איז אַזוי אַרום צוגעטיילט געוואָרן דאָס שטעטעלע בעלזשעץ, וואָס האָט פריער געהערט צו קאָנגרעס־פּוילן, און איז דערנאָך, אין דער צווייטער וועלט־מלחמה אַזוי באַרימט געוואָרן, ווי דער ערשטער טויטן־לאַגער אין גענעראַל־גוווערנעמענט. לויט דער דאָזיקער ציילונג האָט די צאָל דאָרף־געמיינדעס" אין פּאָוויאַט באַטראָפן 68, פון זיי איז אין 3 (דערפלעך) קיין איין ייד נישט געווען און אין 8 — איבער 100 יידן, אין יעדן איינעם ישוב.

אין צען יאָר שפּעטער, 1931, זענען אין פּאָוויאַט געווען דריי שטעט: ראַוואַ־רוסקאַ מיט 11.946 איינוווינער; ניעמיראָוו מיט 3.016 און אוהנוּוו מיט 4.212 נפשות. די רעשט שטעטלעך זענען צו דער צייט אַראָפּגעפאַלן צו דער מדרגה פון לאַנד־געמיינדעס; ד. ה. געבילדעט · אַ געמיינדע צוזאַמען מיט די אַרומיקע דערפער. אַזוי אַרום זענען אין פּאָוויאַט געווען 3 שטעט און 13 לאַנד־געמיינדעס, וואָס

זייער באַפעלקערונג האָט אויסגעמאַכט 122.100 נפשות (אין קיילעכדיקע ציפערן), אין פאַרגלייך מיטן יאָר 1921, אַ וווקס פון בערך 13%, וואָס איז כמעט אידענטיש מיטן נאַטירלעכן דורכשניטלעכן צווואַקס פון דער באַפעלקערונג פאַר דער צייט.

די צאָל יידן האָט אין דער צייט (1931) אין גאַנצן פאַוויאַט באַטראָפן לויטן גלויבן — דת משה — 13.381; לויט דער מוטער־שפּראַך — יידיש־העברעיש — 10.991. אין פאַרגלייך צו דער צאָל יידן פון 1921 יאָר, איז געוואַקסן דער יידישער ישוב בלויז מיט 200 נפשות, וואָס מאַכט אויס ווינציקער פון 2%. דאָס הייסט, אַז די צאָל דעקט אַפילו נישט דעם נאַטירלעכן צווואַקס אין משך פון דער צייט וואָס האָט געדאַרפט אויסמאַכן אַ 10% פאַר דער גאַנצער צייט, 10 יאָר). מיט אַנדערע ווערטער, מיר האָבן דאָ צו טאָן דער עיקר מיט אַן אויסוואַנדערונג פון די יידן פון קרייז. ווער ס'האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין אַנדערע (גרעסערע) שטעט אין פוילן גופא און ווער ס'האָט פאַרלאָזט פוילן און זיך אַריבערגעטראָגן קיין אַמעריקע, ארץ־ישראל, צי ערגעץ אַנדערש ווו. געווירקט האָט דאָ אויך דער פאַרקלענערטער נאַטירלעכער צווווקס ביי יידן דווקא.

מיר מוזן דאָ זיך אָפּשטעלן אויף דעם אונטערשייד אין דער ציילונג אין יאָר 1931, וואָס צווישן די „גלויבנס יידן" 13.381 און דער צאָל יידן לויט זייער נאַציאָנאַלער שפּראַך 10.991; ער באַטרעפט 2.390 פערזאָן, אַן 18% פון אַלע יידן. צי האָבן מיר טאַקע געהאַט אין שטאָט אַזוי פיל מאַשקעס, ווי מ'האָט זיי ביי אונדז גערופן, אָדער „שמענדריקעס", ווי מ'האָט זיי אין וואַרשע גערופן, וואָס האָבן זיך געשעמט צו זיין יידן? גאַנץ געוויס, זענען געווען אין שטאָט יידן, וואָס האָבן צוליב די, צי אַנדערע סיבות (געהאַט אַ מלוכה־פּאָסטן, געווען אָפּהענגיק פון פּוילישן ברויט־געבער, אַ טייל פון דער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ) וכדומה, אָנגעגעבן זיך אַלס פּאָליאַקן און אַז זיי רעדן ביי זיך אין דער היים פּויליש. אָבער געווען זענען דאָס יחידים. זיכער איז דאָס אָבער אויך דער רעזולטאַט פון אַ „גוטער" טאַקטיק פון ציילונגס־קאָמיסאַר, וואָס האָט אַליין, אייגנהענדיק פאַרשריבן אַ יידן אַלס... אַ פּאָליאַק (לויט דער שפּראַך), נישט פרעגנדיק אים כלל. קיין רובריק „נאַציאָנאַליטעט" איז נישט געווען צווישן די פראַגן ביי דער ציילונג. די פּוילישע אַדמיניסטראַציע איז דאָך געווען פאַר־אינטערעסירט, אַז ס'זאָלן זיין וואָס מער פּאָליאַקן אין קרייז, ווו די מערהייט פון דער באַפעלקערונג איז געווען אַן אוקראַינישע, האָט מען יידן תמימים, וואָס האָבן וואַר־שיינלעך אַפילו נישט געקענט לייענען, צי שרייבן פּויליש, אַריינגערעכנט פאַר פּאָליאַקן. די רעליגיע זייערע האָט מען אַזוי נישט געקענט פעלשן. די יידן האָבן מקפיד געווען אויף זייער יידישקייט. אָבער שפּראַך? אויף שפּראַך האָט מען קיין אַכט נישט געלייגט.

אגב, אויף די מיסברויכן, וואָס זענען פאָרגעקומען ביי די פאָלקס־ציילונגען האָט די יידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג רעאַגירט לאחר המעשה. אונדזער פּרעסע האָט וועגן דעם געשריבן. די יידישע דעפּוטאַטן אין סיים האָבן אַריינגעטראָגן אינטערפּעלאַציעס. געהאָלפן האָט דאָס, אָבער, ווי אַ טויטן באַנקעס. קיין נייע פאָלקס־ציילונגען האָט מען צוליב דעם נישט אַדורכגעפירט און דער פעלער איז אַמט־לעך נישט פאַריכטעט געוואָרן. די יידן גופא האָבן קיין ציילונג פון די יידן, אַליין פאַר זיך, קיין מאָל נישט אַדורכגעפירט. ווייסן מיר טאַקע נישט דעם אמת.

מיר וועלן זיך נאָך אָפּשטעלן אויף דער צאָל יידן אויפן טאָג פון אויסברוך פון דער מלחמה, 17.120. זי שטאַמט נישט פון קיין פאָלקס־ציילונג, נאָר פון בלויז אויסרעכע־נונגען, לויט די אַקטן פון דער דירעקציע פון „דזשאָינט" אין וואַרשע. זי זעט אויס צו זיין אַ ביסל איבערגעטריבן, ווען אַפילו מ'זאָל אָננעמען, אַז אַ גרויסע צאָל יידן האָט זיך

— 122 —

טאַבעלע 8 — קרייז ראַווא רוסקאַ

| | אָרט | 1931 | ביז 1/IX 1939 | 1941 | 1942 | 1943 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | ראַווא רוסקאַ Rawa Ruska | *8.658 | 7.120 | [illegible] | VI — 6.700 | [illegible] |
| 2 | Hurynice gmina | | ערך *[illegible] | | | |
| 3 | Lubaczów | *2.040 | *2.295 | | IV — 8.070<br>V — *7.725 | |
| 4 | Lubycza Król. | | ערך *600 | | | |
| 5 | Magierów | | | | | |
| 6 | Niemirów | *1.510 | | [illegible] | VIII — *1.000 | |
| 7 | Oleszyce | | *2.200 | | [illegible] | |
| 8 | Potylicz | | | | | |
| 9 | Uhnów | *[illegible] | | | | |

צוליבן וואַקסנדיקן אין פוילן אַנטיסעמיטיזם — פון פּראָ־ווינץ (דאָרף) אַריבערגעטראָגן אין צענטער, ראַווע, ווו ס'איז געווען אַן עדה יידן, אַ סטאַראָסטע, פּאָליציי. הייַנט צו טאָג לאָזט זיך אָבער די צאָל נישט פאַריכטן. נישטאָ קיין אַקטן, נישטאָ קיין עדות פון יענער צייט — מענטשן פון דער יידישער קהלה, וואָס וואָלטן אונדז געקאָנט מאַכן דעם תקון טעות. לאָזן מיר די דאָזיקע ציפער, אַזוי ווי קיין אַנדערע מער ריכטיקע האָבן מיר נישט.

זיכער איז פאַר אונדז אויך דאָס, אַז אין דער צאָל האָט דער „דזשאָינט" איינגערעכנט די יידן פון דער נאָענטסטער סביבה (דערפער), וואָס האָבן קיין אייגענעם פאַרשטייער פון דזשאָינט נישט געהאַט און אין דעם פּרט אָנגעקומען צו דעם צענטער־ראַוואַ.

נאָך אַ וויכטיקער פאַקט:

ווי באַוווסט איז אין 17טן סעפּטעמבער 1939 די רויטע אַרמיי אַריבער די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ, וואָס איז באַשטימט געוואָרן לויטן פרידנס־אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן פּוילן און סאָוויעט־רוסלאַנד אין ריגע אין 1921 יאָר, נישט געקוקט, וואָס צווישן פּוילן און ראַטנפאַרבאַנד האָבן געהערשט נאָרמאַלע דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען ביזן אויסברוך פון דער מלחמה און סיי פּוילן און סיי ראַטנפאַרבאַנד זענען געווען מיטגלידער פון פעלקער־בונד. די טענה פון די סאָוויעטן צו דער צייט איז געווען, אַז זיי גייען ראַטעווען די „ברידער" אוקראַאינער און ווייסרוסן. (וואָס אגב, איז נישט געווען ריכטיק, ווייל קיינער האָט די דאָזיקע פעלקער נישט באַדראָט).

הייַנט ווייסן מיר, אַז געשען איז דאָס אין זכות פון געהיימען צו יענער צייט אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן דורכן היטלער־רעזשים און סטאַלין־רעזשים.

דעם 23טן אויגוסט 1939, דאָס הייסט אַ וואָך צייט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, האָט מען צווישן זיך צעטיילט דעם שטח פון פּוילן. נישט אומזיסט רופן די פּאָליאַקן אָן דעם דאָזיקן אָפּמאַך „די פערטע צעטיילונג פון פּוילן". אויף דעם דאָזיקן שענדלעכן דאָקומענט פיגורירן די אונטערשריפטן פון מאָלאָטאָוו פון איין זייט און פון פאָן ריבענטראָפּ פון דער צווייטער זייט.

לויט דער דאָזיקער טיילונג איז אויך אונדזער פּאָוויאַט צעשניטן געוואָרן אויף צווייען. דער גרעסערער טייל איז צוגעטיילט געוואָרן צום ראַטנפאַרבאַנד, דער קלענערער איז פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן. די פאַרכאַפּטע שטחים האָט מען זייער שיין אָנגערופן: „אינטערעסן־געביט" פון דייטשלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד. די רוסן האָבן איינגענומען „אָן' קאַמף" אַ שטח פון 1.114 קוואַדראַט קמ. מיט אַ באַפעלקערונג פון קנאַפּע 100.000 פּערזאָנען. צו זיי זענען אַריינגעפאַלן די דריי אויסגערעכנטע פריער שטעט (די איינציקע אין פּאָוויאַט).

די דייטשן האָבן באַקומען בלויז 286 קוואַדראַט קמ. מיט אַ באַפעלקערונג פון 22.400 נפשות. אין דעם שטח האָט זיך געפונען בעלזשעץ, אויף דער גרענעץ צווישן די ביידע מלוכות, ווו די דייטשן האָבן תיכף געשאַפן אַן „אַרבעטס־לאַגער", מיט דער איינציקער כוונה צו פאַרניכטן די געבראַכטע אַהער יידן.

אָט די נייע גרענעץ האָט אָנגעהאַלטן ביזן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה, וואָס איז אויסגעבראָכן דעם 21טן יוני 1941. די דייטשע אַרמיי האָט זיך גיך געררוקט פאָרויס און אין די ערשטע מלחמה־טעג פאַרכאַפּט דעם גאַנצן ראַווער־רוסקער פּאָוויאַט, וואָס איז ווידער געוואָרן אַ קרייז־שטאָט אין ניי־אַנטשטאַנענעם דיסטריקט לעמבערג. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז מיט־1944, ווען די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען די שטחים, וועלכע זי האָלט ביזן הייַנטיקן טאָג. קיין יידן זענען אין דעם נייעם קרייז נישט פאַראַן. דאָקעגן זענען דאָרט פאַראַן, לויט דער סאָוויעטישער ענציקלאָפּעדיע, די צוויי מיטל־שולן, איינע מיט דער אוקראַאינישער לערן־שפּראַך, די צווייטע — מיט דער רוסישער. ווי באַקאַנט זענען קיין רוסן פאַר דער מלחמה אין ראַוואַ־רוסקאַ נישט געווען. און ראַוואַ ליגט אָפיציעל אין דער „אומאָפּהענגיקער" און „פרייער" אוקראַאינישער סאָוויעטישער רעפּובליק, וואָס איז אַ טייל פון ראַטנפאַרבאַנד.

אומווילקירלעך גיט אָן דער קליינער פאַקט די טענדענץ פון הערשנדיקן רעזשים צו רוסיפיצירן — „סאָוויעטיזירן". הייסט דאָס אָפיציעל — אַלע פעלקער, וואָס זענען דורכן ראַטנפאַרבאַנד באַשאַנקען געוואָרן מיט דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער פרייהייט".

# מתולדות היהודים בראווה־רוסקה

**יעקב בוימוואַל — ז״ל**

אי־אפשר לדעת מתי בדיוק נוסדה העיר, אולם כרוב עיירות פולין היא נוסדה במאה ה־17 ותולדותיה אינן שונות הרבה מאלה של יתר העיירות והערים: אותם לבטים, אותה רכישת זכויות ואותה נטילת זכות כבימים ההם, שכלל האזרחים היו נתונים לחסדם ולשבטם של בעלי הקרקעות שעליהן נבנתה העיר.



יובל־בוימוואל יעקב ז״ל
נפטר י״ד חשון תש״ל 14.11.1970

בתקופה ההיא היתה האומה הפולנית שסועה בפנים בשל מריבות אחים ומבחוץ היתה המדינה מוקפת אויבים, עד כי נדמה היה שכבר הגיעו ימיה האחרונים. לא קשה לתאר את מצבה של האוכלוסיה היהודית במצב מדיני כזה.

ידוע, כי עם היוסדה של עיר בגליציה, השתדלו מייסדיה לתת לה צביון עירוני ולפתח בה את המסחר. לשם כך הזמינו המייסדים את היהודים לערים החדשות והעניקו להם — בניגוד לרצונם של האזרחים הנוצרים — זכויות שנתנו להם אפשרות להתקיים ולהתפתח בכל שטחי החיים. ואותן קורות־בראשית שקרו את יהודי כל הערים — קרו גם את ראשוני המתיישבים היהודים בראווה־רוסקה.

ראווה עמדה על פרשת דרכים, שהביאה אותה לידי קשר עם ערי פולניה ואוקראינה וחשיבותה גדלה עם חלוקת פולין, שכתוצאה ממנה נעשתה ראווה מחוז־גבול בין אוסטריה ההבס־בורגית ובין רוסיה הגדולה. ואם בכל זאת קופחה בפיתוח, הרי זה רק בשל מדיניות עיוורת של השלטונות. אין בידינו כל מסמכים היכולים להאיר את תולדות העיר בכלל ותולדות יהודיה בפרט; אולם אפשר לקבוע בוודאות, שגידולה והת־פתחותה של העיר לא תאמו את חשיבותה הגיאוגרפית.

ליהודים הראשונים שבאו לעיר ניתנו זכויות לסחר וזכויות בלעדיות לעסוק במקצועות שונים. מותר היה להם לקנות ולמכור תוצרים שונים, בסחר קמעוני — רק בבתיהם; המסחר בכיכר השוק היה אסור עליהם. מותר היה להם לסחור בכל ימות השבוע, פרט לחג הפסחא ו„ניטל" של הנוצרים, וביתר ימי חגיהם — רק אחרי גמר התפילות בכנסיות. ליהודים ניתנו גם רשיונות להקים סדנאות, בתי־מבשל לשיכר, לתמד ולייז שרוף. על בעלי־המלאכה היהודים היה להתחרות עם בעלי המלאכה הנוצרים, כי המלאכה הזעירה היתה בימים ההם בידי הנוצרים. ולא פעם אחת התנפלו הנוצרים על הרחוב היהודי, ולא פעם אחת הלשינו על בעלי־המלאכה היהודים לפני השררה, למען הצר צעדיהם. בעלי המלאכה היו סנדלרים, חייטים, צורפים, קצבים, חרטים, סיידים, בורס־קאים, כלי־זמר, עטרנים ונחתומים.

במרוצת השנים הלכה ורבתה האוכלוסיה היהודית בעיר והוקמו בה בתי־כנסת רבים, לעומת שתי כנסיות בלבד שהיו בה לנוצרים. ממזרח העיר, שבו היו בנייני הציבור הראשונים של היהודים — בתי התפילה, המרחץ ובית העלמין — התפשטו היהודים אל כל חלקיה.

החיכוכים בין הנוצרים ליהודים אילצו את הרשות להגביל את זכויות היהודים, וכך נאסר עליהם לסחור בקרקעות וצומצם גם הסחר הכללי שלהם. עם הרעת המצב המדיני והבטחוני של המדינה נוספו עוד הגבלות, והמצב של היהודים החמיר. אסרו על הנוצרים לבוא לשמחות היהודים ולאכול על שולחנם. על היהודים אסרו להעסיק נוצרים, וכן נאסר עליהם לקבור את מתיהם אחר שקיעת החמה.

סיפוחה של גליציה למלכות ההבסבורגית חולל שינויים רבים בחיי היהודים. האדמיניסטרציה האוסטרית רצתה לשנות את היהודים ולסגלם לתנאים החדשים. אולם ההוראות שהציפו את יהודי גליציה, לפי הצעתו ויוזמתו של הגוברנטור ובאי־שורה של הממשלה המרכזית בווינה, הטילו רק תוהו ובוהו. לאט־לאט הבין הממשל האוסטרי שאין לעשות תיקונים בחיי היהודים באמצעות חוקים ותקנות.

כגורל כל קהילות ישראל בגליציה היה גם גורלה של קהילת ראווה־רוסקה; על אף הקשיים השונים התפתחה האוכ־לוסיה היהודית — לא כל כך מבחינה כלכלית כמו מבחינה מספרית.

השלטונות האוסטריים היו מעוניינים לקבוע מדיניות אחידה לגבי כל האוכלוסיה היהודית, ואחת ממטרותיהם החשו־בות ביותר היתה חיסול המוזגים היהודים בגליציה, במגמה להכריח את היהודים לעבור למקצועות פרודוקטיביים. ב־18 מחוזות הסכימו רק 8 ראשי מחוזות לחסל את המוזגות היהו־דית; ולמזלם של יהודי ראווה, לא הסכים ראש המחוז שלה לחיסול, כי המוזגות הכניסה לבעלי האחוזות, שעל קרקעותיהם נמצאו בתי המבשל, סכומים גדולים.



בית הספר של הדומיניקניות בעיר. אַ מיידל־פּאָלקסשולע.

כל הנסיונות שעשה שלטונה של הקיסרית מריה־תרזה לא הצליחו להביא לידי הטבת כלשהי במצבם הכלכלי של יהודי גליציה. על כן לא ייפלא, כי מצבם הכלכלי בתקופת יורשה של הקיסרית, הקיסר יוסף השני, נתדלדל עד כדי כך, שהשלטונות ביקשו דרכים כדי לשפר את מצבם. יוסף השני, שרצה להקל על הבעיה היהודית, איפשר לתת ליהודים אדמות באחוזות הממשלה, כדי שיעבדו אותן בעצמם. באביב 1786 נוסדה המושבה היהודית הראשונה בכפר דומברובקה ליד נובי־סונטש; אחר־כך נוסדה המושבה „בבל החדשה", בקרבת העיר בוליחוב, ונוסדו עוד אילו מושבות קטנות, שלא האריכו ימים. אין שום רמז, שמבין התושבים היהודים של ראווה הלך מישהו להתיישבות זו, על אף ההקלות במיסים. התקציב של החזקת המתיישבים בזמן הראשון מומן על־ידי הקהילות היהו־דיות, ומובן שעול זה עוד החמיר את המצב הכלכלי של היהודים.

בשלהי המאה ה־18 אסרו השלטונות על היהודים להת־גורר בכפרים ולהחזיק שם בתי מרזח ומשרפות של יין־שרף. הקהילות היהודיות בגליציה, ובכללן קהילת ראווה־רוסקה, ביקשו מן השלטונות לבטל את האיסור; אך אלה דחו את הבקשה בתירוצים שונים. המצב הכלכלי הלך והחמיר, והביא לידי הגירה.

צרה חדשה באה על העיר עם החיוב להקים בתי־ספר כלליים לנוער היהודי. הקהילה בראווה־רוסקה ראתה בזה דרך לשמד, רחמנא ליצלן, בעיקר משום שהיוזמה באה מצד המש־כילים היהודים, שהיהדות החרדה התייחסה אליהם כאל מקור הרע.

צרה נוספת באה בשנת 1788, משהוצאה הפקודה לגיוס לצבא. בדרך־כלל קיבלו היהודים המתקדמים את הפקודה הזאת באהדה, מתוך הנחה שבאמצעות הצבא יגיעו היהודים לידי שיווי זכויות. אך כשהשלטונות נוכחו לדעת, שהיהודים אינם רוצים להתגייס, הסכים הקיסר בשנת 1790 לבטל את החוק.

החיים הפנימיים בראווה־רוסקה היו קשים: מלבד החוכ־רים הרשמיים מטעם השלטונות נתנו אותותיהם פרנסי הקהילה ומוסדות ציבוריים אחרים; זכות הדיבור ניתנה לגביר העיר והוא עשה בכל כבתוך שלו; הם הכבידו את אוכפם על המוני העם; דעת יחידים היתה קובעת בכל וגם רבנים, דיינים וכל כלי־הקודש נבחרו או מונו על־ידיהם.

*

התקופה שלפני 1848 בתולדות יהודי גליציה היתה במזל היאבקות קשה בין האדוקים והחסידים מזה לבין המשכילים מזה. מוקד הפעולה של המשכילים בגליציה היה בשני מרכזים: ברודי וטרנופול. למרות מלחמתם הקשה של המתנגדים והמש־כילים התחילה בתקופה זו החסידות לתפוס עמדות־מפתח בקהילות רבות. לא ייפלא אפוא, שראשי המשכילים נלחמו בנשק ספרותי ובפניות אל השלטונות והשתדלו להציל את גליציה מהשפעת חצרות הצדיקים.

גם בראווה־רוסקה הצליחה החסידות להכות שרשים, והעיר כולה היתה נתונה להשפעתה של החצר הבלזאית לשושלת הרביים רוקח. הניצנים המועטים של ההשכלה בראווה — לא היתה להם כל השפעה על האוכלוסיה בעיר.

בתקופה זו ידוע היה בעיר המשכיל ר' אברהם גולדברג, שהוכרז כאפיקורוס וכל שומר נפשו ירחק ממנו. בהיותי בבית

סבא, שמעתי מספרים שהיה יהודי ככל היהודים: לבוש בשבת בקפוטת משי ושטריימ׳ל לראשו, חגר למתניו אבנט, גידל פיאות וזקן, והתפלל שלוש פעמים ביום. מדוע הוכרז כאפי־קורוס? — כנראה משום שידע גרמנית וקרא ספרים ועיתונים.

כשהתירו ליהודים לרכוש נכסי דלא ניידי, הם קנו מגרשים ובנו בתים. מספר ניכר של יהודים בעלי אמצעים קנו בסביבה קרקעות ונעשו לבעלי אחוזות; ואלה שלא היו בעלי אמצעים חכרו את האדמות אצל בעלי האחוזות הנוצרים, שבמקום לעבד את אדמותיהם, העדיפו לקבל כספים, לנסוע לחוץ־לארץ ולנהל שם חיי הוללות. וכך היו בסביבות ראווה יהודים לא מעטים שהיו בעלי אחוזות או חוכרים.

ראווה היתה מפורסמת בבעלי־מלאכה שונים, ובעיקר בפרוונים ובכובענים. בסביבתה היו מרבצים של פחם, שאף כי לא היה מתאים כחומר דלק — היה טוב למטרות תעשיי־תיות. בעיר נוסד בית־חרושת לכלי אבן, בלועזית „שטיינגוט"; בזמן ההוא לא היו כלי החרסינה נפוצים, וכלי האבן הנ"ל היו המקובלים והמודרניים ביותר. את בית־החרושת יסד ר׳ שמאי באומוואל, שהכירו אותו בשם „שמאי הרעבענער" מכפר הרעבענע הסמוך לראווה, בשנות החמישים של המאה ה־19. אחר־כך ניהלו את בית־החרושת — חתנו ר׳ אשר לופט ובנו משה באומוואל, שהכירוהו בשם מוינה׳לי־שמאי־הרעבענער׳ס. בית־החרושת העסיק פועלים ועגלונים יהודים מראווה, ורק בשל צוק העתים חוסל בסוף המאה ה־19. שנים רבות נמצאו בבתי היהודים, בראווה ובסביבה, מערכות של כלי אבן מתו־צרת בית־חרושת זה, שהצטיינו בטיבם, ביופיים ובשלל צב־עיהם.

יהודים בנו בעיר טחנות גדולות או חכרו אותן. ידוע היה בראווה בית־החרושת לשמן של ר׳ הרש׳לה מונד, שעל שימוש בתוצרתו הקפיד כל יהודי שומר מסורת ברחבי גליציה. בחו־רים יהודים, שהוריהם לבשו עוז ללמדם קליעה של סלי נצרים, התפרנסו בכבוד ממלאכה זו בבתי־מלאכה אחדים בעיר.

המסחר בעיר היה כולו בידי היהודים. משום קרבתה לגבול הרוסי דאז ובשל סביבתה החקלאית נעשתה ראווה ספקת חשובה של ביצים ליצוא, ומשפחות רבות התפרנסו מסחר זה. נבנו מרתפים לכיבוי סיד, שבהם איחסנו את הביצים בימות החורף למשלוח לחוץ־לארץ, והמומחיות הרבה שנדרשה במקצוע זה פירנסה את בעליה בשפע רב. התפתחה גם נגרות מיוחדת, של עשיית ארגזים לאריזת הביצים, וגם בכך היתה שליטת היהודים מלאה.

בכל יום שני בשבוע נערכו בעיר ירידים גדולים, שאליהם היו איכרי הסביבה מביאים את תוצרתם למכירה, ובחנויות היהודים היה שפע רב בפדיון. יהודים רבים עסקו בממכר מש־קאות; המונופול למכירה הסיטונאית והקמעונאית — הפרו־פנציות — היה בידי היהודים. בענף הזה הצטיינו בראווה משפחות אחדות כגון שטוקהמר וגראף. בכל ענפי המסחר והמלאכה, שבהם עסקו יהודים, הם העבירו את ידע מקצועם או עיסוקם ליורשיהם. ראווה היתה בין הערים המעטות בגליציה שהיו בה בנאים וסיידים יהודים. גם במקצועות אלה הצטיינו היהודים, אף שהצבכים של הנוצרים עשו ככל יכולתם כדי למנוע את חדירתם למקצועות אלה.

במסחר הקמעונאי עסקו כמעט כל תושבי העיר היהודים; בכל הבא ליד, גם ברוכלות, שלחו ידיהם. יהודים היו הולכים מכפר לכפר, מחליפים סחורה בסחורה, כגון כלי בית בפשתן או בסמרטוטים. הפרנסה בכך לא היתה שופעת ולפעמים אף היתה כרוכה בה סכנה.

האוכלוסיה היהודית לא גדלה הרבה, מפני שהשלטונות המקומיים הצרו את צעדי היוזמה היהודית. היהודים היו רוב מוחלט בעיר, ואפשר היה לכנותה עיר יהודית, ובכל־זאת מועטה היתה השפעתם בהנהגת העיר. האוכלוסיה היהודית לא החמיצה כל הזדמנות לשלוח את נציגיה לכל מוסד, שנראה היה לה שיש צורך שתיוצג בו, והשתדלה להופיע כחטיבה שלמה בכל פעם שנערכו בחירות מוניציפליות ולדרוש את מקומה המגיע לה. אבל הנוצרים — בעזרת השלטונות — שמו את כל מאמציה לאל.

*

התנועה הלאומית, שעוררה תסיסה ניכרת בחוגים המת־קדמים בלבוב ובערי השדה, מצאה הד רב גם בקרב החוגים המתקדמים בראווה. בזמן הופעת התנועה של „חובבי ציון" התעוררו כמה אברכים לפעולה, אך זו נחנקה עוד באיבה, מפני שכל שינוי התפרש כסטיה מן המסורת היהודית וכפתח ליציאה ל„תרבות רעה". נואמים שבאו מלבוב חזרו כלעומת שבאו, כי לא נמצא מי שישכיר אולם לצורך הופעתם בעיר. אולם האדוקים לא הצליחו לסתום לגמרי את פיות האברכים, שעשו הכל כדי להשאיר סדק צר לפעולה למען ציון; ועם היווסד התנועה ההרצלאית לא עמדה ראווה היהודית מרחוק. התנועה מצאה הד חזק בעיר, ואברכים ומשכילים יצאו ביד רמה ממחבואיהם, כדי להושיט יד למנהיגות הלאומית החדשה שקמה ליהודים ברחבי תבל.

אמנם המלאכה נעשתה תחילה במחתרת, כי רבים מהבחו־רים והאברכים היו סמוכים על שולחן הוריהם או חותניהם; אולם במשך הזמן מרדו ויצאו חוצץ לפומבי, ובראווה קמה תנועה לאומית לתפארת. עוד בבחירות לפרלמנט האוסטרי, שנערכו בעשור הראשון של המאה ה־20, כמעט שנבחר בראווה מועמד ציוני — לולא ההתנגדות של החסידים, המתבוללים והפולנים, שנתאחדו יחד ויצאו למלחמת מצווה נגד כל סימן של התעוררות יהודית לאומית.

האינטליגנציה בעיר בזמן ההוא — עורכי־דין יהודים

ועוזריהם, שלא פחדו מפני האדוקים, וגם תלמידים שלמדו בגימנסיות בלבוב ובזשולקיב הסמוכה, שהיו מושפעים מן הרוח הלאומית והתחיה, עוררה התלהבות רבה לקידמה ולהת־עוררות לאומית. לראווה הגיעו מרצים ציוניים, והם הצליחו להשמיע את דבריהם. אמנם רוב האוכלוסיה היהודית לא קיבל אותם באהדה, אבל הם הצליחו לזרוע זרעים שנתנו פירות. בראווה נוסדה אגודה ציונית „התקווה", ומיטב הבחורים בעיר השתייכו אליה. נמצא גם יהודי שהשכיר חדר לאגודה, ואברכי בית־המדרש שמו נפשם בכפם והגיעו אליו בסתר ולקחו חלק בכל הפעולה הלאומית. לא היו ועידה ארצית או קונגרס שראווה הלאומית לא לקחה בהם חלק פעיל.

בין מייסדיה של האגודה „התקווה" היו: גריצמן, פקיד אצל ד"ר סגל; ד"ר גוטסמן; ד"ר טאובר; וואלף באומוואל; הרץ קורמן, בנו של אברהם קורמן, סוחר קמח, בחור חמד, בעל רגש מוסיקלי, שהקריב את עצמו למען הרעיון הלאומי ומת בעודו צעיר לימים; ישראל גולד; תלמידי הגימנסיה: הנריק עדעל, בנו של נתן עדעל, בעל בית ממכר לטבק, ושני בניו של יעקב בארג; מוניק בריל; משה האך; זשיטלובסקי, חתנו של זליג פיגרט, שמת במחנה ריכוז אוסטרי בימי המלחמה העולמית הראשונה, בשל היותו נתין רוסי; בן ציון גינסבורג ולמל גורטלר. הגדיל לעשות בשטח זה גריצמן, הנזכר לעיל, בעזרתו הפעילה של עוזר גראוער, יהודי חם ומסור לרעיון הציוני. עם ייסוד הקרן הקיימת לישראל היו הרבה משפחות בראווה שהקופסה הכחולה קישטה את ביתם לכבוד ולתפארת.

✶

הפעולה הציונית נפסקה פתאום עם פרוץ מלחמת־העולם הראשונה, בחודש אוגוסט 1914. בחורי ראווה־רוסקה, אברכיה — נשואים ורווקים — חייבי־גיוס, התייצבו לפי צו המלכות, בחודש אב תרע"ד, במחנות הצבא. העיר נשארה שוממה, ריקה ועזובה מעלומיה. יתר האנשים, שלא היו חייבי גיוס, התכוננו לשעת חירום. צבאות רוסיה הגדולה, שנודעו כעורכי פוגרומים ביהודי ארצם, נכנסו לעיר והפילו חיתתם על יהודיה. רבים מיהודי העיר, בעיקר בעלי המאה, נסו מנוסת בהלה לכל מקום שנשאום רגליהם; רבים מהם, מעוטי היכולת, חזרו כעבור זמן קצר וחזו מבשרם את הצרות שגרמו קלגסי הצאר.

במיתקפה משותפת של צבאות אוסטריה וגרמניה גורשו הרוסים מכל גליציה. הצבא הגרמני שבא לראווה הביא עמו מגיפת כולירה, וזו הפילה חללים רבים והכתה קשות ביהודי העיר. העיר היתה מזוהמת מאוד, ומלאך המות טייל בה וקצר את קצירו, כי בתי־חולים לא היו. המגיפה עשתה שמות והאוכ־לוסיה היהודית היתה אובדת עצות. כאשר נעצרה המגיפה הזאת, ועוד לפני שהנשארים בחיים הספיקו לנשום לרווחה, פרצה מגיפה אחרת — מגיפת הטיפוס; אז נדמה היה שבא

אגודת „התקוה" ברוה רוסקה

הננו מתכבדים להזמין את כ' ומשפחתו להשתתף בחגיגות היובל של אגודת „התקוה" שתתקימנה ביום א' וב' (ב' וג' דחוהמ"פ 22 ו23 אפריל 1935) באולם בית־היתומים

הפרוגרמה של חגיגת היובל:
ביום א' 22. IV. בשלש שעות אחרי הצהרים:

# אקדמית יובל חגיגית

בהשתתפות חברים של האכסקוטיבה הציונית בלבוב, וצירי אגודות בערי השדה.

ביום א' 22. IV. בשמונה שעות בערב

# ב - נ - ק - ט

בעת הבנקט

1) גלוי תמונות של חברים ותיקים של אגודתנו
2) יקראו זכרונות חברים
3) פרוגרמה הומוריסטית סטירית.

אחרי הבנקט יתקים נשף־רקודים.

ביום ב' 23. IV בשעה 8·30 הצגת יובל גדולה.

יוצג המחזה „גסיעת הצדיק" מאת ה. סקלר.

הכניסה על הבנקט ונשף הרקודים זהוב אחד.

איינלאַדונג צו דער 25 יובילעאום־פייערונג פון „התקווה־פאַריין"

קץ כל בשר. הצבא שחנה בעיר הקים בה בית־חולים זמני בתוך צריפים, אולם העזרה היתה מעטה. השלטונות גייסו כל יוצא צבא, מגיל 18 עד 50. כל מי שנמצא בריא וכשיר לשירות — לא ניתנה לו כל שהות לחסל את עסקיו או להיפרד מיקיריו, ונלקח למחנות הצבא.

העיר התרוקנה מצעיריה. המחסור במצרכי מזון היה גדול והמחירים האמירו. הסוחרים ישבו בטלים, כי לא יכלו להסתגל למסחר של ימי המלחמה. קשה היתה הפרנסה, ובפרט לעניי העיר; אלה התהלכו קרועים, בלויים ומזי רעב. לחם, סוכר ושאר מצרכי מזון היו בצמצום, ואפשר היה לקבלם רק לפי כרטיסי־מזון שחילקו השלטונות. במצב כלכלי זה רבתה העזובה גם בתחום חיי התרבות בעיר: הזרעים הציוניים שנזרעו בזיעת אפם של יחידים — נהיו לאל.

המזל האיר פניו לעיר עם הופעתו הפתאומית של הבחור־החייל מפוטיק זלוטי, הרצל נויפלד. בחור פיקח וסימפטי זה הופיע כמלאך מושיע. הוא עורר בעיר את התנועה הציונית מתרדמתה, כבש את לבות הנוער למחשבה ולפעולה תרבותית וללימוד השפה העברית. ביוזמתו נקראה אסיפה בבית הירש

אויפן מאַגעריווער וועג. אייער — די משפחות לאַנגער, ראַטהויז און אלעזר שטערן. פערד און בהמות: די משפחות פליישער, לעמעל הענדל און שטיינבאַך. פעלן: מרדכי שפּאַצנער און נח גאָטעסמאַן און חזיר־האָר: שמואל האָך און אהרן עלבוים. אָבער דאָס זענען געווען די גרויסע סוחרים פון שטאָט; אויסער זיי, זענען נאָך געווען צענדליקער אויפקויפער אין יעדער בראַנזשע, וואָס פלעגן די סחורות אָפּקויפן דירעקט פון די פויערן. אַ טייל דערפון פלעגן זיי גלייך פאַרקויפן דער שטאָטישער קריסטלעכער און יידישער באַפעלקערונג און דעם רעשט אַפּליפערן די גרויסע סוחרים, וואָס פלעגן יעדע וואָך אַפּשיקן טראַנספּאָרטן קיין וואַרשע און דאַנציג, אַפילו קיין דייטשלאַנד און פראַנקרייך.

אָבער נישט נאָר אָפּגעקויפט די פּראָדוקטן, האָבן די ראַווער יידן פון די אַרומיקע אוקראַינער און שוואַבן־דייטשן פון דזשעוויענטשע; זיי האָבן זיי אויך פאַרקויפט זאַכן, אין וועלכע די דאָרפישע באַפעלקערונג האָט זיך גענייטיקט. דער האַנדל איז אויך אַזוי אַנגעגאַנגען די גאַנצע וואָך, צווישן דער שטעטישער און דער אַרומיקער באַפעלקערונג, אָבער די הויפּט־חיונה האָט דער סוחר געצויגן פון דעם מאָנטיקדיקן יריד־טאָג אין שטאָט.

אַלע סוחרים אין שטאָט, אויסער אַ פּאָר געציילטע, זענען קיין גרויסע גבירים נישט געווען און פאַרנעמענדיק געווען באַגרענעצט דורך דער צערטיפיקאַטן פאַרטיילונג, האָט מען אין די יאָרן עמיגרירט אין טיילן פון גאָר דער וועלט.

## קירזשנעריי און פעלץ־האַנדל

ווי זאָגט מען: „רווח והצלה יעמוד ליהודים ממקום אחר"; אַ גרויסע אויפלעבונג אין שטאָט און פיל פרנסות אַ בכבודיקן אָרט אין ווירטשאַפטלעכן לעבן אין ראַווע, האָבן געהאַט שיין פרנסה ביזן יאָר 1924.

דערנאָך האָבן זיך פּאָר סוחרים אין ראַווע, ווי אין אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, אָנגעהויבן שווערע צייטן; צייטן, וואָס זענען פון יאָר צו יאָר, געוואָרן אַלץ שווערער און וועלכע האָבן אין משך פון אייניקע יאָרן פאַרוואַנדלט, כמעט אַלע ראַווער סוחרים, אין צוויי־יגן פון אַן אָפּגעטרוקנטן בוים, וועלכן מ'האָט אונטערגעהאַקט די וואָרצלען.

אין פינאַנס־מיניסטעריום אין וואַרשע איז אַרויף אויפן שטול דער טרויעריק באַרימטער גראַבסקי, וואָס האָט יעדן טאָג אַרויסגעוואָרפן אויף יידן נייע שטייערן; מ'האָט אָנגעהויבן ליציטירן יידישע איבערבעטן און קישנס; גראַבסקי־עקזעקוטאָרן זענען געוואָרן דאָס געשפּענסט פאַר יידן אין ראַווע (ווי אויך פון אַלע אַנדערע יידישע שטעט אין פּוילן); וועקסלען האָבן אָנגעהויבן גיין צום נאָטאַר צו פּראָטעסט און דערצו האָט זיך נאָך אָנגעהויבן דער פאַרביטערטער קאַמף פון בּאָיקאָט אויפן יידישן האַנדל אין שטאָט. די פּוילישע „ספּולקע־ראָלניטשע" און די אוקראַינישע „מאַר־האָוולע" (ביידע האַנדלס־קאָאָפּעראַטיוון) האָבן אָנגעהויבן שאַרף קאָנקורירן מיטן יידישן האַנדל — אונטער דער לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ" — און דער יידישער האַנדל האָט



פועלי פרוונות. קירזשנעריי־אַרבעטער

זיך אָנגעהויבן איינשרימפּן, ווי געטרוקנטע פּרוכט, וואָס זיין זאַפט איז אַוועק. אין משך פון אייניקע יאָר, האָבן זייער אַסך און זייער בכבודיקע סוחרים, באַנקראָטירט און פיל פאַמיליעס זענען רואינירט געוואָרן. ווען דער סאַנאַציע־רעזשים האָט געקרישנט דעם ענדעקישן, און יידן אין פּוילן האָבן געגלייבט, אַז זייער לאַגע וועט זיך אפשר דערפון פאַרבעסערן, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין קעגנטייל — דער נייער רעזשים האָט נאָך מער, ווי דער פאַריקער, אונטער דעם איינפלוס פון די פּאָליטישע געשעענישן אין שכנותדיקן דייטשלאַנד, פאַרשאַרפט זיינע פאַרניכטונגס־מאַנעוורן קעגן יידישן ישוב אין פּוילן און ראַווער יידן בתוכם.

## קאָאָפּעראַטיווע באַנק און סוחרים־פאַריין

צו יענער צייט זענען אין ראַווע געבוירן געוואָרן צוויי אַנשטאַלטן, וואָס זייער השפּעה האָט זיך שפּעטער זייער געלאָזט פילן אין יידישן, ווירטשאַפטלעכן לעבן אין ראַווע: דער סוחרים־פאַריין, וואָס האָט זיי געהאָלפן אין זייער שווערן און אומעגלעכן קאַמף, קעגן דער אומגערעכטער שטייערן־מאַשין; דער צווייטער אַנשטאַלט: די קאָאָפּעראַטיווע באַנק פאַר קליינהאַנדל, וואָס האָט געהאָלפן ווירטשאַפטלעך זייער אַ סך יידישע סוחרים און בעלי־מלאכות אין זייער שווערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

צוויי זייער פּעאיקע און דינאַמישע מענטשן, זענען געווען דער לעבעדיקער גייסט פון די דערמאָנטע צוויי אַנשטאַלטן: לייזער בערגער, אַ בחור, אינטעליגענט און אַנ־

געזאָפּט מיט וויסן, בוכהאַלטער פון פאַך, איז געווען דער סעקרעטאַר פון האַנדלס־פאַריין און דער צווייטער: אברהם־משה עדל, עסקן פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, דער סעקרעטאַר פון באַנק. אָבער ווי אויבן שוין דערמאָנט, האָבן די צוויי אינסטיטוציעס געקאָנט נאָר עטוואָס פאַרלענגערן דעם פּראָצעס פון אונטערגאַנג, צו וועלכן די אָפּיציעלע פּאָליטיק אין פּוילן האָט פאַרמשפּט דעם יידישן האַנדל אין גאַנץ פּוילן בכלל און אין ראַוווע בפרט.

גלייכצייטיק מיט דעם ווירטשאַפטלעכן קריזיס אין האַנדל, איז צו דער צייט אויך דאָס זעלבע געשען די בעלי־מלאכות. אויך זיי האָבן די שטייער־רעפּרעסיעס און פאַרשידענע אַנדערע רשעותדיקע רעגירונגס־פאָדערונגען, ווי אויך דאָס פאַרקויפן פון פאַרטיקע פאַבריקס־סחורות, אויך זיי האָט דאָס אַלץ פון יעדן טאָג מער פאַראָרעמט און מער רואינירט. ביידע, אי דער האַנדל, אי די מלאכה, ביידע האָבן אויפגעהערט מפרנס צו זיין בכבוד די יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט. דאָס האָט משפּיע געווען אויף אַ גרויסן טייל פון דער יוגנט אָנצוהייבן קלערן וועגן אויסוואַנדערן פון פּוילן; אַ חוץ פון דער עליה קיין ארץ־ישראל, וואָס איז פאַר פאַרשידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, פון די גאָר גרויסע גבירים און האָלץ־הענדלער ביז די קליינע היטל־און פוילרישע פּעלצן־נייערס, האָט אַריינגעבראַכט פּלוצים די קירזשנערייִ. ביז דעמאָלס האָבן די דאָזיקע בעלי־מלאכות, די היטלמאַכערס און די קאַזשוכעס (פוילרישע פּעלצן)־נייערס זיך פאַרנומען מיט נייען באַיקעס (פוילרישע היטלען) און קאַזשוכעס פאַר דער אַרומיקער גוישער באַפעלקערונג און אויך אַמאָל עפּעס אַ שטאָט־פּעלצל פאַר אַ גבירישן יונגנמאַן. אין דער צייט און כ'וויס נישט, וועמענס פּאַטענט אָדער המצאה דאָס איז געווען, האָט זיך אין די אַרומיקע שטעט, ווי אויך אין ראַוווע, אַנטוויקלט דאָס קירזשנערייִ־נייען פון פּערסיאַנער־פּעלץ־אָבפּעלע און שטיקלעך, דאָס אויסנייען פון קליינע שטיקעלעך גאַנצע פּלאַטן פאַר קראַגנס און מאַנטלען, דער שטיקלעך־אימפּאָרט פון אויסלאַנד און דער פּלאַטן־עקספּאָרט קיין אויסלאַנד, דאָס אַלץ האָט געמאַכט אין שטאָט אַ גאַנצע ווירטשאַפטלעכע איבערקערעניש. פון אָנפאַנג האָבן אַלע גענומען לערנען דאָס אויסנייען פון די פוטער־שטיקלעך מיט דער האַנט, דערנאָך געבראַכט נייַ־מאַשינען אַזוי, אַז ס'איז נישט געווען קיין שטוב, וו4 ס'איז נישט געווען איין מאַשין און אויך מערערע מאַשינען און דאָס אַלץ האָט געשאַפן אין שטאָט אַ גרויסע, גוט אַנטוויקלטע, מסחרישע און פּרנסה־ברענגענדיקע הויז־אינדוסטרי. און טאַקע באַלד האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס נייע פאַך איז ממש אַ גאָלדגרובן און די גאַנצע שטאָט האָט זיך אָנגעכאַפּט דערין. אַ טייל זענען געוואָרן גבירים, אַ טייל האָבן געצויגן שיין פרנסה און דערביי פיל אַרומיקע יידן האָבן געשלעפּט שיינע חיונה. אָבער אויך דאָס קירזשנערייִ איז נישט געווען באַוואָרנט פאַר שלעכטע צייטן. אויך דאָ זענען פון צייט צו צייט אויסגעבראָכן קריזיסן, וואָס זענען געקומען אַלס פּועל־יוצא פון די קריזיסן אין מערב־אייראָפּע. אין אַזאַ פאַל האָט דאָס גאַנצע שטעטל שווער געליטן, ווייל ס'איז כמעט נישט געווען קיין הויז אין שטאָט, וואָס איז נישט געווען געבונדן מיט קירזשנערייִ. אין אַזאַ פאַל האָט זיך אָפּגעשטעלט כמעט דער גאַנצער מסחר און די גאַנצע מלאכה אין שטאָט; און אַז די אַרבעטסלאָזיקייט ביי די קירזשנער האָט זיך פאַרצויגן אַ חודש און נאָך אַ חודש, האָבן ווידער אַ פּאָר צענדליק בחורים און מיידלעך איינגעפּאַקט זייערע פּעקלעך און גענומען עמיגרירן. אַזוי האָבן די קריזיסן, וואָס האָבן געהאַט קעגנזייטיקע השפּעות פון איין צווייג אויפן צווייטן, די באַיקאָט באַוועגונגען פון די פּאַליאַקן און אוקראַינער פון איין זייט און די שטייער־שרויף פון גראַבסקין און זיינע סאַנאַציע־נאָכפאָלגער פון דער אַנדערער זייט, נישט איינמאָל דערפירט דעם יידישן ישוב אין ראַוווע ביזן שוועל פון יאוש.

**פרייע פּראָפעסיעס**

די מאַטעריעלע לאַגע פון די, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט פרייע פּראָפעסיעס, איז געווען אַן אַנדערע; ווייל ווי זיי זענען אויך אין אַ געוויסער מאָס אָפּהענגיק געווען פון דעם אַלגעמיינעם ווירטשאַפטלעכן מצב אין שטאָט, דאָך איז זייער לאַגע געווען אַ גוטע און זייער ווילשטאַנד איז געווען אָנזעעוודיק אין שטאָט. צו אַ דאָקטאָר האָט מען געמוזט גיין, כדי דאָס געזונט צו פאַרהיטן און צו אַן אַדוואָקאַט אויך דאָס זעלבע, כדי דעם נאָמען אָפּצוהיטן און צו דעם האָבן זיי אויך געהאַט גויאישע קליענטן פון שטאָט און אומגעבונג. אַ קליינער פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, באַאַמטן, רעגירונגס־ און שטעטישע און פּריוואַטע, ווי אויך להבדיל דאָס גאַנצע „כלי־קודש" האָבן געלעבט פון חודש־לעכע פענסיעס, אַזוי אַז אויך יעדער פון זיי איז געווען אַ ציגל פונעם ווירטשאַפטלעכן בנין פון דער שטאָט ראַוווע.

**קאַמף צווישן אַלט און נייַ**

זייט אייביק אַן באַשטייט אַ פאַרביטערטער קאַמף וועגן העגעמאָניע צווישן אַלטן און נייעם דור. דער אַלטער דור איז קיינמאָל נישט גרייט מודה צו זיין, אַז ער איז שוין פאַרעלטערט און אַז עס איז געקומען די צייט צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם יונגן דור מיט זיינע נייע מיינונגען און אידעאַלן און לעבנס שטייגער.

דאָס זעלבע בזעיר אנפּין, איז אויך געווען דער פאַל צום סוף פון ערשטן וועלט־קריג. נאָכן צוזאַמענברוך פון דער



**חוה די שניידערינס וואַרשטאַט**

עומדת: חוה די שניידערן. יושבות, מימין: סערקע סאמבאל־שטיינפעלד, ביילע כהנא, רייזשע האלבערטאל, קליגער מ־ווערכראטא, דינה בערגער, טילטשע האַלבערטאַל, בלימטשע שווערט־רובין, ביילע משה יוסף׳ס קליגער.

עסטרייכיש־אונגאַרישער מאַנאַרכיע און דער אַנטשטייאונג פון דער פוילישער מדינה.

אין אונדזער שטאָט האָבן די בעלזער חסידים, זייט לאַנגע יאָרן, געהערשט אומבאַשרענקט איבערן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיי, די חסידים, זענען פלוצים אויפגעטרייסלט געוואָרן פון פאַקט, וואָס איבערן האָריזאָנט פון שטעטל איז אויפגעגאַנגען אַ נייער געזעלשאַפטלעכער כח אין דער פאָרם פון דער אַקטיווער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס האָט אין איניקע געציילטע יאָרן פאַרוואַנדלט דאָס חסידישע שטעטל מיט איר אַלטן לעבנס שטייגער אין אַ מאָדערן־וועלטלעך־קולטור שטאָט.

דאָס דערשיינען פון דר. יוסף מאַנדעל אין שטאָט שטעלט מיט זיך פאָר אַ ליכטיקע התחלה פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון שטאָט. הגם עס זענען געווען פון פריער אַ גרופּע משכילים אין שטאָט, וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט ציוניזם און שטאָט־פּאָליטיק, אָבער עס האָט זיי געפעלט דער מאַן, וועלכער זאָל זיי אַרויספירן אויפן ברייטן וועג. און דאָס דערשיינען פון דר. מאַנדעל איז דאַן געוואָרן די ברכה פאַר דער גאַנצער שטאָט. מיט זיין דינאַמישער נאַטור, גענומען תיכף שטורמען די מויערן פון דער קהלה, וואָס איר אָנפירונג איז געווען אין די הענט פון די בעלזער חסידים, מיט ר׳ ישראל מיכל פעדער און ר׳ נח גאָטליב בראש, זייט יאָרן לאַנג. נישט לייכט איז אים געלונגען מקיים צו זיין איינע פון די ציוניסטישע מצוות, צו יענער צייט, „כבוש הקהלות״; ווייל דאָס וואַל־געזעץ צו די קהלות איז געווען אויסגעבויט לויטן אַלטן אומדעמאָקראַטישן סיסטעם. אָבער לבסוף איז עס אים דאָך געלונגען. די יאָרן פון זיין אַמטירן אַלס ראש הקהל אין שטאָט האָבן באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון זיין איבערגעגעבנעם און עקשנות־דיקן קאַמף.

## די ציוניסטישע באַוועגונג — ד״ר מאַנדעל

די קליינע ציוניסטישע גרופּע, וואָס האָט עקזיסטירט אין שטאָט נאָך פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג, האָט אין אָנהייב פון די צוואָנציקער יאָרן נישט אַרויסגעוויזן קיין גרויסע אַקטיוויטעט. זי האָט אַזוי צו זאָגן, געטרעטן אויפן זעלבן פּונקט. קיין שום גרעסערע דערשיינונג איז נישט צו פאַרצייכענען ביז די יאָרן 1922־23; אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, אַ

הערצל־אקאַדעמיע אין כ׳ תמוז, נישט מער. אַן ענדערונג אין דער לאַגע איז געקומען בעת דער פייערונג פון דעם גרינדן די אוניווערסיטעט אין ירושלים. די אַקאַדעמיע לכבוד דער אוניווערסיטעט, אין שטאָט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער ציוניסטישער מאַניפעסטאַציע. אַ הייסער ציוניסטישער אָטעם האָט אָנגעהויבן שלאָגן אין הערצער, וואָס האָבן זיך נאָך נעכטן נישט אַפילו פאַרטראַכט איבער דער לאַגע פון זייער פאָלק. עס האָבן זיך אָנגעהויבן צוזאַמענקונפטן אין פאַריין „התקוה״, קורסן פאַר עברית און אַזוי, טריט ביי טריט, איז די באַוועגונג אין שטאָט אַרויסגעקומען פון איר באַשרענקטן תחום.

דאָס וואָס דער פּראָצעס פון רענעסאַנס איז ביי אונדז צוגעגאַנגען אַזוי לאַנגזאַם, איז צו שטעלן אויפן חשבון פון דער אַקאַדעמישער אינטעליגענץ אין שטאָט צו יענער צייט. די יידישע אינטעליגענץ האָט זיך אין משך פון דורות גע־האַלטן ווייט פון יידישן פאָלקס־לעבן אין שטאָט. דר. ראָזע, דר. סגל, ווי אויך דער זייער סימפּאַטישער דר. בעקער, האָבן זיך, ווי די שטרויס־פייגל, פאַרגראָבן מיט די קעפּ אין זאַמד פון פוילישער „אַריסטאָקראַטיע״; זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס, וואָס זיי וועלן דעמאָנסטרירן פאַר די „פּריצים״ זייער איג־נאָראַנץ צו זייערע לייבלעכע ברידער, וועט זיי געבן די פּרייקאַרט אין דער פּריצישער געזעלשאַפט. מיט דער צייט, איז עס אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז טייל פון די יידישע אינ־טעליגענץ האָבן געקוקט אויפן יידישן לעבן אין שטאָט מיט אָפענער פאַראַכטונג. אַזוי אַרום, איז דאָס שטעטל יאָרן־לאַנג געווען אַן אַ ממשותדיקער פירונג, און נאָר דערפאַר האָבן די חסידים אַזוי לייכט געקענט דורות־לאַנג באַהערשן די שטאָט. די לאַגע האָט זיך אָבער מיט דער צייט געענדערט מיטן מאָמענט, ווי אין שטאָט זענען דערשינען דר. שפּאַץ, דר. הערשדערפער, דר. פאַפּיעל ובראשם דר. מאַנדעל.

דר. יוסף מאַנדעל, מיטן איבערנעמען די פירונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטאָט, איז גלייך געוואָרן די צענטראַלע פיגור אין שטאָט. מיט זיין דינאַמישן גייסט און אַראַטאָרישע פעאיקייט, איז ער געוואָרן דער ליבלינג פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. זיינע אויפטרעטן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן: קהילה אָדער סיים וואַלן, געזעל־שאַפטלעכע אָדער פילאַנטראָפּישע פאַראַנשטאַלטן, האָבן געצויגן מאַסן, וואָס האָבן מיט הנאה געשלונגען זיינע גייסט־רייכע רעדעס. יעדער אויפטריט זיינער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ ברען אין די ביינער און אַ פייער אין מוח. יידן האָבן אָנגעהויבן ד ע נ ק ע ן.

זיין קולטורעלע אַרבעט, זיינע טעאַטער אויפפירונגען, זיין קונסטספולער אויפטריט אַלס „רבי״ אין „דיבוק״ פון אַנסקי האָבן אויפגעטרייסלט דאָס לעבן פון אונדזער שטעטל, וואָס האָט אָנגעהויבן זיך רייבן די אויגן ווי נאָך אַ הונדערט־יעריקער שלאָף.

אָבער זיין ספּעציעלער פאַרדינסט באַשטייט אין דעם, וואָס עס איז אים געלונגען אַריינצוציען אין קרייז פון נאַ־ציאָנאַלער טעטיקייט עלעמענטן און שיכטן, וואָס האָבן זיך ביז דאַן געהאַלטן ווייט פון יידיש קולטור לעבן. דר. הערש־דערפערס דערשיינען אַלס חנן אין „דיבוק״, די בריינדלער אַלס „לאהלע״ האָבן, אויסער דעם קינסטלערישן אַספּעקט, אויך פון פּערזענלעכן אַספּעקט, געווירקט פּסיכאָלאָגיש, ריזיק־פּאָזיטיוו, אַזוי אַז פּלוצים האָבן יידישע מענטשן דערזען, אַז די מויער, וואָס האָט אָפּגעטיילט די



די ערשטע יוגענט אָרגאַניזאַציע „השומר״ — 1921. („קבוצת „חבצלת״)

זיצען פון לינקס: חוה שעכטער, לאה רומעלט, זלמן באך, זיסא זילבער, לאַניא ענגלמייער;
2־טע שורה: דאקס דבורה, באדענשטיין תמר, בוש פערל, טויבער צילאַ, צימערמאַן שבע, ליכטער חנה, כ״ץ הודיל, גיטעל צימערמאַן.



קבוצת דרור ב„גורדוניה״ עם ראש קבוצה צבי זיבצענער.

יידישע אינטעליגענץ פונעם שטעטל איז איבער נאַכט פאַרשוווּנדן.

### די יוגנט

און דאַן איז געקומען די רייע פון דער יוגנט אַרויסצוטרעטן אויפן פאָרום פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט. דער פריש אָנגעקניפּטער קאָנטאַקט מיטן יידנטום פון קאָנגרעס פּוילן, ליטע און קרעסן, גרויסע יידישן קולטור צענטערן, האָט געווירקט ווי אַ גוטער זויער־טייג, וואָס האָט אויפגעעוירן ביזן לעצטן נערוו. יידישע צייטונגען און צייטשריפטן פון לעמבערג, וואַרשע און ווילנע, ביכער און ביבליאָטעקן זענען געוואָרן פאַרשלינגען פון אַ דור, וואָס האָט זיך נאָך נישט באַפרייט פון בית המדרש און געלעכצט נאָך וויסן. די יוגנט האָט זיך גרופּירט אַרום די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „השומר״, „החלוץ״, „גורדוניה״, „אחווה״ און „עקיבא״.

די יוגנט האָט אָנגעהויבן רעדן און דיסקוטירן איבער חלוציות, הגשמה און עליה. די ראַמען פון סתם־ציוניזם, וואָס האָבן באַדייט בלויז חלומען וועגן עליה, אָבער בלייבן אין פּוילן, זענען דורך דער יוגנט אויפגעבראָכן געוואָרן, און אין די יאָרן 24־1925 איז שוין אַ גרופּע פון יענע יונגע, אונטער דער אָנפירונג פון אריה שטערן, אלעזר ריינערט, לייזער בערגער און, ייבדל לחיים, גימפּעל יוסט, אַרויס פון „התקוה״־פאַריין און געגרינדעט דעם „התאחדות״, וועלכער איז תיכף געוואָרן דער גרעסטער קולטור און חלוצישער צענטער אין שטאָט.

דער קאַמף מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן איז צייטנווייז געווען זייער פאַרביטערט. זיי האָבן געפּרוּווט מיט אַלע מיטלען נישט אַרויסצולאָזן די השפעה איבער דער יידישער גאַס פון זייערע הענט.

אָבער דער פון טאָג־צו־טאָג מער אַנטוויקלדיקער אַנטיסעמיטיזם אויף דער פּויליש און אוקראַינישער גאַס, האָט דער יוגנט אויפגעמאַכט די אויגן און איר באַוויזן קלאָר, אַז זי קאָן איר צוקונפט נישט בויען אין פּוילן, און אַזוי אַרום איז די יונגע באַוועגונג „התאחדות״ געוואַקסן און קאָנצענטרירט אין זיך, וואָס מער יוגנט.

אָוונט־קורסן פאַר עברית און יידיש, שיחות און רעפעראַטן פון די בעסטע רעפערענטן אין גאַליציע און פּוילן, קעסטל אָוונטן אין די לילות שבת, טעאַטער אויפפירונגען פון זייער הויכן קולטורעלן און קינסטלערישן ניוואָ, האָבן כאַראַקטעריזירט די נייע באַוועגונג „התאחדות״. און נישט לאַנג האָט געדויערט, אַז איר נאָמען איז געוואָרן באַרימט אין דער גאַנצער אַרומיקער סביבה, פון וואַנען עס פלעגן קומען יונגע מענטשן, זיך לערנען צו אָרגאַניזירן זייער אייגענע אָרט־יוגנט.

אין יענע יאָרן האָט ווידער אַן אַנדערע גרופּע יוגנטלעכע, אונטער דער אָנפירונג פון אברהמטשע ליבערמאַן, אליהו צימערמאַן און אַנדערע, געגרינדעט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״. שוין אין די ערשטע יאָרן פון איר טעטיקייט האָט זי באַוויזן צו קאָנצענטרירן אַרום זיך אַ גרויסן טייל פון דער שטאָט־יוגנט און זי לענקען אויפן וועג פון „הגשמה עצמית״. יעצט האָט די „התאחדות״, לויט דירעק־

טיוון פון מרכז אין לעמבערג, באַשלאָסן אויסצושפרייטן איר געבענטשטע אפיטרופסות איבער דער יוגנט אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט ביז דאַן געליטן פון מאַנגל און דערפאַרענע פירער און דערציער.

די „גורדוניה" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אוואַנגאַרד פון „החלוץ" און „התאחדות", און די בעסטע כוחות אויפן געביט פון דערציאונג און לערנען זענען געשטעלט געוואָרן צום רשות פון דער „גורדוניה". גאָר אין קורצן איז די „גורדוניה" אויסגעוואַקסן אַלס די פערל פון יוגנט אין שטאָט. שיחות איבער קונסט און פאָליטיק אונטער אָנפירונג פון גימפעל יוסט, צבי זיבצענער און לייזער בערגער, קורסן אונטער אָנפירונג פון אליעזר ריינערט און נתן עדעל, אויספלוגן אין די שבתות אין די אַרומיקע וועלדער, האָבן אין דער יוגנט אַריינגעהויכט דעם הייסן אָטעם און דראַנג צו אַ לעבן פון פרייהייט און אַ שטרעבונג צו אַן אייגן ווינקל אויף דער אַזוי אַנטיסעמיטישער וועלט. די „הכשרה" האָט פאַר דער יוגנט באַדייט דער ערשטער עטאַפּ צו אַ ניי לעבן אין זיין אייגענער נאַציאָנאַלער היים. דער טאָג ווען אַ חבר פון „גורדוניה" איז עולה געווען איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ יום-טוב פאַר דער גאַנצער שטאָט. גאַנץ ראַווא, אַלט און יונג, האָט זיך געפונען דאַן אויפן באַן-הויף און געטאַנצט „הורה". ווערנד אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון הארץ האָט געפלאַקערט אַ פונק פון קנאה, פאַר וואָס מען געפינט זיך נישט אַליין אויף יענעמס פלאַץ.

און אויב מיר האָבן היינט צו באַצייכענען אַ באַדייטנדיקן ישוב פון אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל, אויב אונדזערע „יזכור"-באַגעגענישן זענען צאָלרייך באַזוכט, איז עס אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען יענע באַוועגונג פון יונגע מענטשן, וואָס האָט זיך גערופן „גורדוניה", און וואָס האָט געדינט אַלס וועג-ווייזער אויף פאַר אַנדערע ציוניסטישע יוגנט-באַוועגונגען אין שטאָט. דער וועג פון עליה און הגשמה.

די „אחוה", די יוגנט-גרופּע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן איז געשאַפן געוואָרן אַלס קעגנגעוויכט פון „התאחדות" און „גורדוניה". אין אָנהויב האָט זי געטראָגן גיכער דעם כאַראַקטער פון אַ קלוב, ווי פון אַ חלוצישער באַוועגונג, ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די לאַגע פון דער יידישער יוגנט אין פוילן איז געוואָרן וואָס מער פונדאַמענטלאָזער, און אונטערן איינפלוס פון דער געבענטשטער חלוצישער טעטיקייט פון „גורדוניה", און אפשר אויך אַביסל אַלס קעגנגעוויכט צו איר, — האָט זי זיך אויך אָנגעהויבן באַשעפטיקן מיט הכשרה און עליה. אַ גרופּע פון איר איז אויך שפּעטער עולה געווען. אויך אַן אַנדערע גרופּע האָט זיך אָפּגעריסן פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, — די רעוויזיאָניסטן, אונטער דער אָנפירונג פון משה יעקב שטיינפעלד און יוסף שנעסל. איר באַדייטונג אין שטאָט איז אָבער געבליבן זייער באַשרענקט, איבערהויפּט איז באַשרענקט געווען זייער טעטיקייט אויפן געביט פון קולטור און חינוך.

### מזרחי און אגודה

צוויי אַנדערע גרופּן האָבן אַרויסגעוויזן לעבהאַפטע טעטיקייט אין שטאָט, הויפּטזעכלעך צווישן די רעליגיעזע



קבוצת „הנוער הציוני" בעיר. ראש קבוצה : אסתר קרעמערמאַן.



**אַ קבוצה „גורדוניה״ אין ראַווע-רוסקאַ**

זיצנדיק פון לינקס: שאַצקער פייגע, שטרויס שיינדל, פרייהייטער שמערל, שטרויס פריידע, בוימוואָל צפורה אלס קינד.

שטייענדיק פון לינקס: בירנבוים צביה, זילבערברון שבע, סאַמבאַל פעשע, גרויער רגינע, שטרויס חוה, אַקסלער גאָלדע, ווײַנרעב-לינדער צפורה און באַדענשטיין טובה.

קרייזן. — פון איין זייט דער „מזרחי״ אונטער דער אָנפירונג פון תלמיד חכם און משכיל ר׳ אַברהמטשע האָפענבראַטעל, די ברידער פישלער און אַנדערע, און פון דער צווייטער זייט די אגודת ישראל אונטער דער אָנפירונג פון ר׳ אורי צוקער, ר׳ נח בערגער און ר׳ געצל רובין. זאָרגנדיק הויפטזעכלעך פאַר דער רעליגיעזער דערציאונג פונעם יונגן דור, זענען דורך זיי געגרינדעט געוואָרן די „בית יעקב״ שולן און „בנות״ באַוועגונג, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט צו זייער בכבודיקע אַנשטאַלטן אין שטאָט און האָבן אַזוי אַרום אויסגעפילט דעם ליידיקן חלל, וואָס האָט שטענדיק עקזיסטירט אין די רעליגיעזע קרייזן, בנוגע טעכטער-דערציאונג. די זריעה, וואָס איז דורך זיי געזייעט געוואָרן, האָט אויך מיט דער צייט געטראָגן געוויסע פּירות אין דער פאָרם פון עליה, אָבער ליידער אין זייער אַ באַשרענקטער מאָס, אַלס רעזולטאַט פון זייער אָריענטאַציע, וואָס איז געווען געריכטעט מער אויפן גלות ווי אויף ארץ ישראל.

## שאַטנס

אַלץ אויביקע באַלייכט אונדזערע זכרונות ביזן היינטיקן טאָג מיט אַ העלן און וואַרעמען ליכט. מיט פרייד דערמאָנען מיר זיך אָן אונדזערע יוגנט יאָרן, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט מיט שטורעם און ברען. ספּעציעל אין אונדזער היינטיקער צייט, ווען יונגע מענטשן חלומען בלויז פון לוקסוס און קאָמפאָרט.

מיר מוזן אָבער אויך דערמאָנען די שאָטן-באַוועגונגען, וואָס האָבן עקזיסטירט ביי אונדז אין שטאָט, גלייך ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, און האָבן אַריינגעצויגן צו זיך אַ באַדייטנדע צאָל פון דער יידישער יוגנט.

צוויי באַוועגונגען זענען, אין די צוואַנציקער יאָרן דערשינען אין שטאָט. די יידישע קאָמוניסטישע באַוועגונג, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דער ליי-ביבליאָטעק „לייענזאַל-טשיטעלניאַ״ און דער „בונד״. זייער ווירקונג אויפן יידישן לעבן אין שטאָט האָט זיך אויסגעווירקט ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, — ווען עס האָט זיך פּלוצים אַרויסגעוויזן, אַז ביידע פּאַרטייען, כאָטש זיי זענען געווען זיך קעגנאיבער די גרעסטע שונאים, — האָבן געווירקט ווי אַ פּאַרטומלונגסם, דורך דעם, וואָס זיי האָבן איינגעשלעפּערט אַ געוויסן קרייז פון מענטשן, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער גרעסטער אָרעמקייט אין שטאָט. — דער „בונד״ מיט זיין אידעאָלאָגיע פאַר קאַמף אויף רעכט פאַר אַרבעט אין גלות אין אַ צייט, ווען דער אַנטיסעמיטישער שטריק האָט זיך אַלץ פעסטער און פעסטער געוויקלט איבערן האַלדז פון דער יידישער באַפעלקערונג און די קאָמוניסטן, פאַרבלענדעט פון דער רויטער זון פון מאָסקווע און פון דער לאָזונג „רעליגיע איז אָפּיום״, האָבן זיי אַליין איינגעשלעפּערט זייערע אָנהענגער, אין דער צייט, ווען מ׳האָט געדאַרפט זיין זייער וואַך, כדי פאַרצוזען די זיך דערנענטערנדיקע סכנות. ביידע אָבער זענען געווען די פאַרביסנסטע שונאים פון ציוניזם און אים אויסגעלאַכט אַלס אוטאָפּיע.

עס איז מיר אין שפּעטערע יאָרן אויסגעקומען צו רעדן מיט אייניקע — שטעטישע, — וועלכע זענען געווען פאַנאַטישע אָנהענגער פון יענע צוויי עבודה-זרהס אין יענע

ציַיטן, — נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך באַפרייט פון זייערע אילוזיעס; זיי האָבן שטאַרק באַדויערט דאָס, וואָס די פירער פון די באַוועגונגען האָבן נישט באַזוכט דאָס גן־עדן־רוסלאַנד, זיי וואָלטן זיך געוועזן שנעל אויסגעהיילט פון זייער רויטער קרענק, און פיל יוגנט וואָלטן זיך געראַטעוועט, באַפרייענדיק זיך פון דער אַזוי טראַגיש פאַרפירערישער אידעאָלאָגיע.

## לינקע באַוועגונגען

אין די פריע צוואַנציקער יאָרן האָבן וויניקע געוווּסט פון אַ „בונד"־פיליע אין שטאָט. ווער עס האָט געבראַכט די זרע פון „בונד" און זי פאַרזייעט אין שטאָט — איז שווער פעסטצושטעלן. מעגלעך, אַז זי איז געקומען מיט לעאָן וועבער, מיטברענגענדיק זי פון זיין געפענגעניש אין רוסלאַנד, אָדער עס האָט זי געבראַכט דער יונגער און טאַלאַנטפולער אייכלער, וואָס האָט ערשט געענדיקט די ראַוווער גימנאַזיע מיט אויסצייכענונגען און זיך אָנגעהויבן באַשעפטיקן מיט פּאָליטיק און סאָציאַלע פּראָבלעמען.

אין דער קליינער פריזיר־שטוב פון לעאָן וועבער, אין הויז פון די רעדלעכס, אַקעגן־איבער דער אַפּטייק פלעגן זיך צוזאַמענקומען אייניקע בחורים אין קאָלעקטיוו אַדורכלייענען די בונדישע „פאָלקסצייטונג" און איבער איר דערנאָך דיסקוטירן. דער הויפּט־פירער פון דער דאָזיקער גרופּע איז געווען דער אייביק אַרבעטסלאָזער שניידער שיע זאַץ. שפּעטער, ווען דער „בונד" האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס אַנטוויקלט, איז אַלס אָנפירער דערשינען דער פרויען שניידער גרויסאויג. דער „בונד" האָט אַרום זיך גרופּירט די, וואָס האָבן זיך געהאַלטן וויַיט, אָדער זיך דערוויַיטערט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטאָט.

כדי צו קאָנען דינגען אַ לאָקאַל, ווי אַלע ציוניסטישע באַוועגונגען, האָט די גרופּע אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער. אין דער טרופּע פון „בונד" האָבן זיך באַטייליקט דער זינגער טיטשע געלעס, וואָס האָט געהאַט טאַלאַנט צו אָפּערעטן, און אַבעלע שניידערס אַ טאָכטער, מיטן נאָמען פאַנד, אַלס הויפּט העלדן. דאָס האָט זיי געגעבן די פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן, און האָבן גענומען אַ לאָקאַל ביי פריידע קרעסלס, ווו זיי האָבן אַנטוויקלט זייער פּאָליטישע און קולטורעלע אַרבעט, אָבער זייער איינפלוס אין שטאָט איז תמיד געווען מינימאַל.

## די יידיש־קאָמוניסטישע גרופּע

אין יאָר 1927 איז דורך אַ גרופּע „לינקע", פּאַר וועלכע די ראַמען פון „בונד" זענען געוואָרן צו ענג, אונטער דער אָנפירונג פון דעם זעלבן אייכלער, גרינדער פון „בונד", געגרינדעט דעם קאָמוניסטישן „לייענזאַל" אין הויז פון מאַליע ראָזנטאַל, ווו עס האָט זיך פריער געפונען די „גורדוניה", וואָס האָט געמוזט איבערגיין אין הויז פון יאָזעפּסבערג, מיט איר פאַרברייטערונג.

מיטן גרינדן דעם „לייענזאַל" איז פאַקטיש געגרינדעט געוואָרן די קאָמוניסטישע פאַרטיי אין שטאָט. דורכן „בונד" געבוירן איז זי אים שנעל, סיי אין כמות, סיי אין איכות, איבערגעשטיגן, באַקעמפט אים מיט דעם זעלבן ברען ווי דעם ציוניזם. צו יענער צייט האָט דער גרופּע אָנפירער, אייכלער, אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, און זיין פּלאַץ אינעם „לייענזאַל" האָט פאַרנומען רפאל קראַמער. קראַמער איז געווען אפשר וויניקער אינטעליגענט פון זיין פאָרגייער, אָבער דערפאַר אַן ערשט קלאַסיקער אָרגאַניזאַטאָר און אַגיטאַטאָר. דער בחור האָט מיט דערפאָלג אויסגעברייטערט די פּאָליטישע און קולטורעלע אַרבעט צווישן דער אָרעמסטער יידישער יוגנט, וואָס האָבן געשטאַמט פון די אָפּגעשטאַנענסטע און אָרעמסטע קרייזן אין שטאָט.

מיט אַ צייט זענען אויפן טורם פון שטאָט־זייגער, אויף טעלעפאָן־סלופּעס און אַנדערע הויכע ערטער, דערשינען טראַנספּאַראַנטן מיט אַקטועלע קאָמוניסטישע לאָזונגען, און דאָס האָט געברענגט צו דער ערשטער כוואַליע פון פּאָליטישע אַרעסטן דורך דער פּוילישער מאַכט. יחיאל מעטאַל, עזריאל הערבסטער, יעקל רייַנערט און אַנדערע זענען פאַראורטיילט געוואָרן אין לעמבערג צו שווערע תפיסה־שטראָפן. אייניקע פון זיי זענען נאָכן אָפּזיצן די שטראָף אַהיים געקומען אויסגעהיילטע פון זייער רויטער קרענק, אַנדערע האָבן געמוזט וואַרטן צענדליקער יאָרן ווען זיי האָבן זייער רפואה באַקומען אינעם וויַיטן סיביר...

# ראשיתה של ראווה היהודית

א. מ. רינגל ז״ל

הילד שאהב להטות אוזן לסיפוריה המופלאים של אמא — בחברת שכנותיה הטובות — בשבתות בערב, לעת צאת השבת, ידע זאת.

נדכאים ומושפלים על־ידי גזירות רעות ועלילות־דם נוראות גורשו היהודים מארצות מגוריהם על־ידי הגויים האכ־זריים. נדדו ימים ולילות, ילדיהם וספרי־התורה בידיהם, בדרכים לא דרכים, ושערי כל ארצות נעולים בפניהם, ולא מצאו מנוח לכף רגליהם, עד שהבהיק אור גדול משמים והאיר ארץ רחבת ידיים, ובעקבות האור — פתק לבן ועליו המלים „פה לין״. היתה זאת ארץ פולין מכניסת הנודדים.

הילד הסיק: ודאי לא רק פתק אחד נפל, כי אם פתקים־פתקים נשרו מגובה השמים על פני כל מרחבי אותה ארץ טובה ומסבירת־פנים, ובמקום נפילתם הוקמו הערים והעיירות הרבות שאיכלסו את כל היהודים יגעי הכוח. ואחד מהפתקים נפל על המקום שנראה לו, לילד, כטבורה וראשיתה של ראווה היהודית — השול־גאס.

הבאים בנו להם, במקום חניתם, מקומות מגורים — אותם צריפי־עץ נמוכי קומה מגובבים וצפופים וסימטאות צרות למעבר אדם, היוצרים מבוך לנכנס אליהן ללא מוצא. מימינם, לכבוד ד׳ — את בית־הכנסת, בית אבן רחב־מידות, גבוה מכל בניני העיר, כדין וכהלכה; על־ידו את בית־המדרש והקלויז, שקיבלו אחרי דורות ואחרי שנוספו עוד בתי תפילה, את התואר „אלטע״, ומשמאלם — את בית המרחץ והמקווה, ומאחוריהם, הרחק הרחק, כרחוק המוות מהחיים — את בית העלמין. ומנקודת מרכז זו הסתעפה והתרחבה העיר לכל עבריה והיתה לעיר ואם בישראל.

מתי באו היהודים לראווה־רוסקה?

לא קל לענות על שאלה זו. אמי ע״ה וסיפוריה המופלאים אינם עוד. יהודי העיר אינם ואבדו גם פנקסיהם, רשימותיהם ופרטיכליהם, שעליהם חרתו את רוב מאווייהם, טוהר שאיפו־תיהם וחלומותיהם וחדוות היצירה — מראשוני המייסדים עד אחרון המושמדים.

נשרפו הגופים, הגווילים והאותיות.

הניסיון להאחז בקצה החוט של שמות־שרשרות־היחוס, שרבים מיהודי העיר נתברכו בהם ובוטאו בנשימה אחת, כשם אחד, כגון פסח־איציק־משה־חיה־פייגעס וכד׳, ולהגיע דרך קצה השם הזה אל אב היחס והמייסד — עלה בתוהו, כי נראה שהשרשרת נותקה ואין להגיע לטבעתה הראשונה. לכן יש להשקיף על ראווה ועל אישיה הדגולים שפעלו בה, ועל השׁ־פעתם שעברה מעבר לגבול העיר, דרך אותם מקורות ותעודות שקלטו ורשמו את פעלם ותורתם ועשו אותם לנחלת רבים.

יש ערים ועיירות יהודיות ששמותיהן קשורים בהיסטוריה היהודית ובתרבותה, בזכות האישים הדגולים שפעלו בהן והתנועות והזרמים הרוחניים ביהדות שהללו יצרו. אבל כמעט כל עיר ועיירה נתנו את חלקן לאותה תרבות בתקופה מסוימת על־ידי האישים שפעלו בהן או שנולדו וגודלו בהן. וראווה היתה אחת מהן.

נחזור לראשיתה של העיר. היו יהודים בעיר, שכל אחד מהם היה מוסד שלם בפני עצמו. אחד מהם היה ר׳ משה מיזעמיק, בעל ה„חברה קדישא״ בעיר. בעיני נערים נראה האיש כחסר גיל וצבע — כמוות עצמו. התעניינותם של הצעירים בו היתה כהתעניינותם בעיסוקו, ומי חשב על החסד של אמת שיש בעיסוק זה?

בימי אלול, ימי הרחמים והתשובה, ימים „שאדם דואג לאיבוד ימיו ולא רק לאיבוד דמיו״, ימי השתטחות על קברי אבות, צדיקים ויקרים, הציצו גם הנערים לתוך ה„עולם לא שלהם״ אשר בבית העלמין, אשר במרכז העיר הסואנת. ואז נפגשו עם ר׳ משה מיזעמיק אחר: אנושי ואבהי, המציג לפני בניו את „עולמו״ שלו. עובר ממצבה למצבה, קורא את הכתו־בות המטושטשות, ומסביר את קורות הטמונים תחתיהן: רבנים, גאונים, צדיקים, אנשי ל״ו ועוד ועוד. וכל קורות העיר, דור אחרי דור, פרושות לפנינו ככתובות על דפי ספר. ונדמה היה כי ר׳ משה עצמו חי ועבר את כל הדורות האלו, הקים במו ידיו את כל המצבות מהראשונה והעתיקה שבהן, אשר תאריכה נחרט היטב בזכרוני, משנת שע״ח. ה„גרעין״ הראשון של העיר, שנטמן באדמה.

בתקופה זו שימש כרב בפאָטאָליטש ר׳ דוד הלוי סג״ל בעל ה„טורי זהב״, אחד מעמודי ההוראה וההלכה בישראל. כותב עליו הרב ח. ח. דמביצר, הביוגרף הנודע של גדולי תורה בפולין, בספרו „כלילת יופי״:

## ר׳ דוד הלוי סג״ל בעל ה„טורי זהב״

מקום משכן רבינו, ר׳ דוד הלוי סג״ל בעל ה„טורי זהב״, לאחר שנפרד מבית חמיו, הגאון ר׳ יואל סירקש בעל ה„בית חדש״ (ב״ח) ידוע, כי מקדם קדמותה היה בעירנו פה קראקא, קרית חנה דוד, ופה קבע את בית מדרשו לתורה ולתעודה בעיר גדולה לאלוקים, רבתי עם. רבתי בדעת. והנה אח״כ נתקבל רבינו לאב״ד ולראש מתיבתא בק״ק פאָטאָליטש הסמוכה לראווה־רוסקה. בשנת שע״ח כבר ישב על כסאו שם. ובעת ההיא והוא עודנו בימי עלומיו כתב שם, בפאָטאָליטש, את תשובתו הגדולה אשר ערך אז בהיתר עגונה אחת, לשלחה לחותנו

הגאון הב"ח ז"ל, בהיותו אז עדיין אב"ד בבריסק דליטא.

ובהיות העיר פאָטאָליטש קטנה ואנשים בה מעטים לא היה לאל ידם לתת לרבם די סיפוקו לכלכל ביתו בכבוד, ולמד שם מתוך דוחק ועוני גדול, והוא לא היה מנוסה באלה, כי בימי בחרותו היה רך וענוג בבית אביו הרב הגאון שמואל איש מבית לוי, אשר היה לו הון בביתו אשר בוולאדימיר שבליטא, וגם אחרי כן בהיותו סמוך על שולחן חותנו, גם אז לא ידע מחסור, כי חותנו נתן לו כל די מחסורו בלחם ושמלה וכל משאלות לבו, כי רבינו הב"ח היה בעל נדיבות וכל הליכותיו היו ברום מעלות הנדיבות, וביתו היה פתוח לרווחה והרבה מבני הישיבה שלו היו מאוכלי שולחנו.

בשנת שע"ט, כאשר נתקבל רבינו ה„ב"ח" לאב"ד בקראקא והגליל, עבר דרך עיר פאָטאָליטש, מקום משכן חתנו בעל ה„טורי זהב" לראות בשלומו ובשלום אשתו, היא בתו, ושם ראה, לדאבון לבו, את גודל עניו ומרודו של חתנו, מחמד עינו. ויהי כאשר בא ה„ב"ח" לקראקא וישב שם על כסא כבודו, ערך מכתבו לחתנו עם קצת דברי נחומים, וכה היו דבריו: „עת הייתי אצלך בפאָטאָליטש ראיתי את ענייך; ומאוד צר לי כי לא תוכל לשבת על התורה במנוחה, אך אקוה כי ירחיב ד' את גבולי ואשלח לך מתנה וכו'". וה„ב"ח" קיים את הבטחתו ושלח לו מתנה הגונה.

ורבינו ר' דוד בראותו כי צר לו המקום, פאָטאָליטש, לשבת בו, נסע מן העיר הלוך ונסוע למדינות פולין גדול, ויט אוהלו בק"ק פוזנא המעוטרת ושם ישב על מדין בין מלכא למלכא. משם הופיע בכל ארץ הגליל ההוא באור תורתו, וברבות הימים נתקבל רבינו לאב"ד ור"ם בק"ק אוסטרהא אשר בוואָהלין, עיר נודעת מימי קדם למקום תורה ע"י רבותינו מהרש"ל ומהרש"א, ששימשו שם כרבנים והרביצו תורה בישראל, כנודע.

והנה כבר נודע שבימי ת"ח ות"ט, פור התפוררה הארץ ונעשה חורבן גדול במדינות פולין וליטא ונהרגו אלפים ורבבות מישראל ובתוכם גאונים ותופשי ישיבות ונחרבו הרבה קהילות גדולות וגדולי ישראל נמוגו מדאבון לב, התעוררו רבים מהם לעזוב את הארץ השומ־מה ולבקש מפלט בארץ לא להם. גם רבינו נסה לעזוב את הארץ. ויהי דוד נחפז ללכת דרך ארץ מעהרין, ובכל מקום בואו חרדו לקראתו כל גדולי העיר וכולם היו מבקשים את פני דוד ליהנות מאור תורתו.

ויהי בנסוע רבינו מעיר לעיר ולא מצא מנוח לקבוע מקום לשבת ולהרביץ תורה בישראל כאשר קוותה נפשו, ובצר לו זכר ד' לדוד את כל ענותו, והעיר את רוחו לחזור אל ארץ פולין, אחרי כי שקטה מעט הארץ, ויביאהו אל המנוחה ואל הנחלה, וישימהו לנגיד על נחלתו במקהלות עם ד' אשר בעיר לבוב המעוטרה, והאריך ימים שם בלבוב, גם בניו ובני בניו היו כולם אדירי תורה ותופשי ישיבות ברום המעלה.

ויקרבו ימי דוד למות ויצו אל ביתו ויגוע ויאסף אל עמו בלבוב, זקן ושבע ימים ביום כ"ו שבט תכ"ז. ומספד גדול עשו לו במותו, כי לא הניח אחריו בישראל כמותו.

**העיר לאדמיר הרתה וילדה, העיר קראקא גדלה שעשועיה, אוי נא לה! אמרה לבוב, כי אבדה כלי חמדתה**

בשורותיים אלו מסכם הרב דמביצר את דרך חייו של בעל ה„טורי זהב" ואת חלקן של הערים אשר בהן ישב הגאון האדיר וגדול התורה בישראל. ואנו נתכבד גם בכבודה של פאָטאָליטש — ממנה אבן־פינה לעירנו ראווה — שדרכה צעד הגאון את צעדו הראשון בדרכו רבת התהילה. הלב מלא התפעמות והערצה לאותו קומץ יהודים אשר בפאָטאָליטש, שחי חיי דחקות ועוני והיה מוכן לגרוע מלחמו הצר, כדי למלא אחרי מאוויו להעמיד לו מורה־דרך רוחני בחייו המרו־דים ולמנות לו אב בית־דין וראש ישיבה לבניו את אחד מגדולי התורה שבדור ההוא. פרנסתם של יהודי פאָטאָליטש באותה תקופה, התחלת המאה השבע־עשרה, היתה כנראה על „אוצרות הטבע" שבסביבתה: מכרות החומר לכלי חרס וקר־מיקה ומכרות הפחם, ה„פאָטאָליטשער קוילן", אשר השימוש בהם, בשעת הדחק, סינוור עשנם את עינינו וסחרר ריחם את ראשינו. יהודי המקום לא היו משופעים בעושר, אבל ישבו במקומם ישיבת קבע והיו מגובשים מבחינה חברתית וקהי־לתית גיבוש מלא. סימני גיבוש כאלו נמצאים בין ראשוני הבאים לראווה־רוסקה.

*

במחצית השניה של המאה השש־עשרה נתן מלך פולין את הרשות ליהודי פולין להתארגן בהיקף ארצי ונתן להם אוטונומיה בעניניהם הפנימיים. ביזמת הרבנים ופרנסי הקהילה הוקם „ועד ארבע הארצות", שהיה כעין ממשלה־זוטא של היהודים, ופעולתו נמשכה כמאתיים שנה. ה„ועד" הדריך את חייהם החברתיים והתרבותיים של יהודי פולין.

פנקסי ה„ועד", כרוזיו, פסקי־הדין שלו וכל מסמך שנשאר אחריו, שימשו מקור לא אכזב לחוקרי התקופה הזאת. ומעניין כי בספר רב הכמות „פנקס ועד ארבע ארצות" של החוקר י. היילפרין, המכיל את כל המסמכים והתעודות של אותה תקופה, שבהם משתקפת הפעילות הדתית, החברתית והתר־בותית של היהודים ושנזכרים בהם אלפי שמות של רבנים, מנהיגים, פרנסים ועסקנים — לא נמצא אף שם אחד של יהודי שמקום מגוריו או מוצאו בראווה־רוסקה. שמות אנשי

ערי הסביבה היבניב, מאגיערוב, בעלז ואפילו ווארענש נזכרים אם בתור נציגים ואם בתור בעלי דינין בסכסוכים קהילתיים וחברתיים. ראווה־רוסקה נזכרת רק כמקום גיאוגרפי במפת „בית ישראל דארבע ארצות" המצורפת לספר. ראווה היהודית כבר היתה קיימת אז, אבל טרם התגבשה לגוף קהילתי פעיל.

אף שלדרגת קהילה בישראל טרם הגיעה ראווה — לא היפלה אותה הרוצח והמשמיד בשנות ת"ח ות"ט לטובה מכל קהילות ישראל בפולין.

המלים „גזירות ת"ח ות"ט" משמעותן היתה, בשנות נעורינו, כמשמעות המלה „שואה" כיום, כי עד אז טרם נרשם בספר הדמעות היהודי רב־הפרקים פרק של רצח בממדים המוניים כאלו. יום כ' בסיון נקבע ליום תענית וסליחות לזכר השואה ההיא. אבי ז"ל, שלא היה מ„שלוחי ציבור" בקלויז, עבר לפני התיבה בכל שנה ביום כ' בסיוון, בגלל יום היאָרצייט של אביו ונחרט בזכרוני ה„אל מלא רחמים" שאבי אמר, בניגון „איכה" לזכר הקדוש הגאון ר' יחיאל מיכל, שנהרג על קידוש השם עם בני עדתו אשר בק"ק ניעמירוב.

ידענו, לא זו ניעמירוב הסמוכה, כי אם זו מרחוק אשר באוקראינה. וכמרחק הזמן כן חשבנו על מרחק המקום. לא עלה אז על הדעת, כי בדרוס חמילניצקי ורוצחיו את ערי ישראל, דרוס ורצוח, עבר גם בסביבתנו וגם על עירנו ראווה לא פסח.

המגילה „טיט היוון" לר' שמואל פייביש בר' נתן פייטל, היא אחת המגילות המעטות שרשמו בני הזמן ההוא על הקורות בת"ח ות"ט. חוקרי מגילות אלו לא מתיחסים באמון רב למגילה זו, בגלל ההפרזות וההכללות שבה ובגלל השי־בושים הרבים שנפלו בה. בגלל הפירוט שבה נביא קטע ממנה:

> ומשם הלך למגירוב ושם כמאה ב"ב (משפחות. — המעתיק.) וברחו כולם לנרול הנזכר. ומשם הלך לפאת־ליש ושם מאה ב"ב וברחו כולם לנרול הנזכר. ומשם הלך לק"ק (קהילה קדושה. — המעתיק.) ראוז (הכוונה בודאי לראווה. — המעתיק.) ושם מאה ב"ב וברחו גם הם לנרול. וגם חמיל... הלך לנרול הנזכר; ובנרול היה שש מאות בעלי בתים, בלי אותם שברחו שם לנפשם, ובין הכל היו בו יותר מחמשת אלפים ב"ב, ובעוונותינו הרבים היתה שם גזירה רעה גדולה ונהרגו יותר מעש־רים אלפים נפשות, טף ונשים. ומשם הלך לק"ק בלעז (בעלז. — המעתיק.) ושם כמו שתי מאות ב"ב ומלבד זה ברחו במקום הזה משאר ארצות יותר מאלף ב"ב בשביל שהיתה העיר חזקה מאוד אבל מתו כמה מהם מרעב. ומשם הלך להיבניב ושם מאה ב"ב ונהרגו כולם איש ביד רעהו ונשחטו כדי שלא יפלו ביד שונאיהם. ומשם הלך לק"ק טישוויטץ ושם מאה ב"ב ונהרגו כמעט כולם. ומשם הלך לק"ק סיקאהל ושם כמאה ב"ב ונמלטו לנפשם בתוך חומה עבה אחת שהיתה בנויה כמו מבצר ונצולו.

כשוך הזעם חזרו השרידים מגיא ההריגה אשר בנארול הסמוכה, קברו את מתיהם, לקקו וחבשו את פצעיהם, הקימו את ההריסות והחלו מחדש לבנות את עירם ראווה. נראה שרבים מיהודי הסביבה, שיצאו וחזרו ממקום מחבואם ומצאו את ביתם הרוס — העדיפו את ראווה, שנמצאה על צומת דרכים, על מקומותיהם הקודמים וההרוסים והטו שכם לפי־תוחה של העיר. וכעבור הרבה מאוד שנים, אחרי עמל חומרי ורוחני רב, זכתה ראווה „ונתעלתה באותו הדור לקהלה", כפי הגדרתו של ש. י. עגנון. היה זה, בערך, בעשור הראשון או השני של המאה השמונה־עשרה.

## רבה הראשון של ראווה־רוסקה

הר' נפתלי הירץ בן ר' משה מבראדי שימש כרבה הראשון של הקהילה החדשה ראווה. גדול בתורה היה ושמעו הגיע מבראד, עיר מלאת חכמים, ופרנסי ראווה שמוהו למורה דרכם. עמד במשא ומתן עם גדולי הדור, שהכתירוהו בתואר „גאון". לכן היה בר־סמכא ומחברים רבים פנו אליו לקבל את הסכמתו לספריהם החדשים. בהחשדה של שבתאות נתקבל אז כל ספר חדש; אך הסכמתו של ר' נפתלי הירץ פיזרה כל חשד. הרבה ספרים בתקופה ההיא פותחים את שעריהם בהס־כמתו של ר' נפתלי הירץ, החותם בתור „אב"ד בראווה", או „לעת עתה אב"ד בראווה".

כעבור שנים, בשנת 1742, עבר ר' נפתלי הירץ לז'ולקיב, למקום מגורי חותנו, הרב ר' ישראל איסרל; לכן קראו לו לר' נפתלי הירץ — ר' הירץ ר' איסר'ס. חותנו היה מהנכבדים והעשירים שבפרנסי ז'ולקיב, והיה גם פרנס ב„וועד ארבע ארצות". ר' הירץ ר' איסר'ס נתמנה בז'ולקיב לראש בית־דין ושימש במשרה זו תקופה ארוכה, בבית דינם של הגאונים ר' נפתלי הלוי, ר' שמעון מיזלש והגאון הנודע ר' צבי הירש מיזלש.

בפולמוס האומלל של התקופה ההיא, בין ר' יעקב עמדין ובין הרבי ר' יונתן איבשיץ, פולמוס שפילג את בית ישראל, עמד ר' הירץ ר' איסר'ס לצדו של הרבי ר' יונתן וחתם על כרוז, יחד עם גדולי תורה, נגד מחרימיו. אף שאחדים מחותמי הכרוז חזרו בהם כעבור זמן, נשאר ר' הירץ איתן בעמדתו — עמדה שההיסטוריה היהודית הצדיקה, ברשמה את הרבי ר' יונתן בתור גאון, צדיק וקדוש.

מספר נכדו, בספרו „חבל הכסף": „אבי זקני ר' הירץ ר' איסר'ס, אבדק"ק ראווה, היה גדול בדורו, וסיפר לי איש אמונים, פעם אחת נסע אבי זקני להרבי ר' אלימלך מליז'נסק להתייעץ עמו בדבר נחוץ בעניני הקהלה שלו, ראווה, וכאשר

ראה אבי זקני את כבוד הרבי ר׳ אלימלך יורד מהעגלה, שאלו: „מאין ידע כבודו את עת בואי?" ענה הר׳ אלימלך: „האופנים וחיות הקודש וכל הפמליה של מעלה האָבן געטראַסקעט מיט די בייטשן אַז ר׳ הירץ ר׳ איסר׳ס קומט אָן".

ועוד סיפור על הרבי ר׳ אלימלך: ביקר הרבי בעיר אחת וכאשר נסע לדרכו, הלכו כל אנשי העיר ללוותו. וכאשר בא הרבי ר׳ אלימלך עם העגלה שלו אל מחוץ לעיר, ירד גם הוא מהעגלה שלו והתערב בין המלווים. כששאלו אותו, למה הוא עושה ככה, הלא האנשים הולכים ללוות אותו וכשהוא יורד, נראה שאנשים מלווים את העגלה הריקה — השיב להם הרבי ר׳ אלימלך: יען שראה שהאנשים מקיימים את מצוות לווית אורחים בהתלהבות כה גדולה ובשמחה רבה, על כן ירד גם הוא מהעגלה, כדי להכליל את עצמו עמהם במצווה גדולה זו.

את הסיפור הזה ייחסו זקני החסידים בעיר לביקור הגומ־לין של הרבי אצל ר׳ הירץ ר׳ איסר׳ס בראווה.

רבה הראשון של ראווה היה, כנראה, מתלמידיו של הרבי ר׳ בר ממזריטש זצ״ל. הדור השני של החסידות, שצעד את צעדיו הראשונים בגליציה, לא נתקל ב„התנגדות" הרבנים וגדולי התורה, כדור הקודם של החסידות שהתפשט לכיוון ליטא ואוקראינה. הדור השלישי כבר זכה בעידוד רב מצד גדולי התורה אשר בגליציה, שמצאו בחסידים אחים לדעה וכוח רב השפעה במלחמתם המשותפת נגד ה„משכילים" וההשכלה.

## ר׳ יחיאל הלל בר׳ דוד אלטשולר

(בעל „מצודת דוד" ו„מצודת ציון")

אביו, ר׳ דוד, היה מגולי פורטוגל, נדד לפראג, ולפי האגדה לקח מאבני בית־הכנסת ממקום גלותו בפורטוגל והש־קיען בבנין בית־הכנסת הנודע בפראג „אלטניישול". לכן קיבלה המשפחה את השם „אלטשולר". היה מחשובי מפרשי המקרא באותה תקופה. חיבר שם את חיבורו „מצודת דוד" לנביאים וכתובים.

בנו, ר׳ יחיאל הלל, נדד עד ליבורוב, הסמוכה לראווה, ושימש שם כאב״ד. מסיבות שונות נאלץ לעזוב את יבורוב והתיישב, לשנים אחדות, בראווה. וכאן, בהיות זמנו אתו, עיבד את ספר אביו וחילקו לשני חלקים: את ביאור המלים קרא „מצודת ציון" ואת ביאור הענינים קרא „מצודת דוד". על־ידי חידוש זה, שהכניס לפירושו של אביו, הקל את הלימוד בו, והודות לו נפוץ הפירוש הזה בקרב חוגים רחבים בעם ועל־פיו לומדים המוני בית ישראל את המקרא.

למהדורה הראשונה של הספר, שנדפסה בשנת תקי״ג, נתן את הסכמתו רב העיר ראווה, ר׳ הירץ ר׳ איסר׳ס. החסידים האחרונים, שלא התלהבו מלימודי המקרא, אפילו עם הפירוש של ה„מצודות", לא ידעו כי את ההסכמה הראשונה לספר נתן ר׳ הירץ ר׳ איסר׳ס, רעו של הרבי ר׳ אלימלך מליז׳נסק...

באותה תקופה שימש בן עירנו כדיין בלבוב, כמובא בספר „אנשי שם" של ש. בובר: „הר׳ אריה ליב ב״ר יהושע חיים מראווה, דיין בלבוב וחתום בפנקס הקהל דף 98 על פסק דין, בנדון תקון דרכים לפני בית הכנסת מיום ג׳ אדר תצ״ט וחתום בראשונה הק׳ אברהם סג״ל ואחריו יוסף יהושע פלק שור, הק׳ שמואל מז׳ולקיוו, הק׳ אלכסנדר זיסקינד, הק׳ אריה ליב במהו״רר יהושע חיים ז״ל מראווה ועוד".

בספר „אדני פז" מאת ר׳ מאיר ברל לוי, דיין בז׳ולקיוו, שהוא אוסף של דברי תורה מגדולי ישראל, מובאים גם דברי תורה מאת ר׳ אריה ליב ראווער.

על רבה השני של ראווה־רוסקה כותב ש. י. עגנון בספר „עלי עין":

## ר׳ אברהם מברוד, בעל „דבר המלך"

דודנו הגאון החסיד ר׳ אברהם מבראד, בנו של הרב הצדיק ר׳ ישראל, נכד הגאון ר׳ צבי מדוקלא, נין ונכד למהרש״א ולמהר״ם מלובלין, נתגדל על התורה על־ידי הרבנים הגדולים, גאוני הזמן. אביו, שהיה מן השרים הרמים, מסר את נפשו על חנוכו ולא חסר כל עמל מעצמו ובחר לו מלמדים טובים להדריכו בתורת ה׳. וכשהגיע לפרקו לא נתן עיניו בממון וזבד לו זבד טוב עם בתו של הגאון האמיתי המפורסם בכל מדינות פולין, קדוש יאמר לו, מורנו ורבנו ר׳ מרדכי מארדיש אב״ד של הקהלה הקדושה פאריצק. נטלו זקננו לביתו וגידל אותו כאב ממש, ופתח לפניו גנזי תורה, ולימדו להעמיק בדברי חכז״ל. גלל כן זכה להביט נפלאות בתורת ד׳ ולהנצל מן החילוקים ומן הפלפולים. מאהבת האמת ומיושר לבב לא היה בוש מלומר איני מבין בדברים שעוברים עליהם ואין מתמיהים, ובאמת הם קשים וסתומים. כמו שאפשר לראות בשער השני מספרו סוף פרק מ״א בפסוק „ויחללו שמי בגויים". זקננו שנתנסה בשיכול בנים וזכרים ר״ל ביקש להתנחם בבני בניו והיה מטפל בהם באהבת אב, וכן סילק עול הפרנסה מדודנו ר׳ אברהם, שהיתה נפשו של אותו חסיד משוטטת בעולמות שאין בהם אכילה ושתיה, אלא תורה ויראת שמים, ואפילו היה נותן דעתו על עסקי פרנסה, כאותם שעוזבים את תורת ד׳ ומסתובבים בשווקים וברחובות לבקש פרנסתם, לא היה מעלה כלום. כשראה שהוא בוטל מדברי תורה אינו מצליח, נמצא, זה וזה לא היה מתקיים בידו, שלא נברא אלא לעסוק בתורה.

סמוך על שולחן חמיו היה מוסיף דעת בש״ס ובפוס־קים, ראשונים ואחרונים. והעמיק חקר בספרי קבלה

ורדה דבש מגוויות הארי״, ואכל מפרי עץ החיים ועדיין היה רעב לדבר ד׳. ראה שכל זמן שהוא יושב בביתו אינו מופנה מכל צד ללימוד התורה. אמר לעצמו, אין התורה מתקיימת אלא במי שמשים עצמו אכזרי על בני ביתו כעורב, אלך ואלמוד תורה במקום אחר. ואף על פי שבית חמיו היה מלא תורה, חשקה נפשו לילך לשאר מקומות של תורה, להכיר את חכמי הדור וביותר לראות מה חדשו חכמיה בכל הארצות ובכל הדורות. מטולטלים שביליה של תורה וכל הרוצה להכיר אותם צריך לטלטל עצמו אחריהם.

אבל חפץ לבו ורצונו לא נתן לו, או אפשר ויתר מעצמו על כסא הרבנות. אתה מוצא בשער ט׳ בפרק י״ב מספרו כשהוא מבאר מצוות מינוי הדיינים הוא מקונן ואומר: אחי ורעי, אוי לעינים שכך רואות, משוט בארץ באתי והתורה דורש אין לה, טובים היו חללי חרב אשר בדורות הראשונים אשר היו במדינתנו, עשירים שהיו משתמשים בתגא והיו קונים שם מהשררות להקרא רב מאיזו קהלה, והם היו חוטאים בנפשותם, אבל לא הכ־שילו את הרבים שהיו ממנים על כסא הוראה על מקומם גדולי הדור, צדיקים וחסידים הישרים בליבותם. אמנם עתה בעוונינו הרבים בקהילות המפוארות אין משגיחים לחפש איש אשר מלא אותו ד׳ בתורה בש״ס ובפוסקים ראשונים ואחרונים ושו״ת, כל הנוגע לאיסור והיתר ודברי חכמים, אלא הכל מפני הכבוד אשר בעווניגו עתה כל הבא לטול יטול שם בגדולים, וכאשר איזה שפל ויש לו עזות מצח, מהפך בצרורות בצרור החיים ועושה איקס מיקס דריקס בהלכה קונה שם לעצמו להיות לו שם בגדולים, ואינם יודעים אפילו רש״י מן התורה, כל אלה מושיבים על ההוראה וכ״ש לדיינים, שאפילו לרועי צאן לא הגיעו.

נחזור לתחילת עניננו. כששמעו קרוביו בדבר אמרו לו, וכי לא טוב לך לשבת במנוחה בארצך ולא לטלטל עצמך לארץ אחרת, שאין אתה יודע כמה צער מוכן לך שמה. וזקננו הגאון, בעל „יד יוסף״ ר׳ יוסף יוזפא, מחותנו של זקננו ר׳ מרדכי מארדיש, שהיו דבריו נשמעים בכל הארץ, שרוב חכמי המדינה היו מתלמידיו, השתדל לטובתו של דודנו עד שהציעו לו רבנות בעיר ראווה, שנתעלתה באותו הדור לקהלה ועדיין לא היה רב שם, שהגאון ר׳ נפתלי הירץ, חתן הרב הנגיד ר׳ ישראל איסרל, שקראוהו ר׳ הירץ ר׳ איסר׳ס שנתקבל לרב בק״ק ראווי, אוה למושב לו את העיר ז׳ולקוב, עיר מגורי חמיו, ונתעלה שם לראש בית דין. יש אומרים שלא קבל דודנו את הרבנות בראווי ויש אומרים שקבל, אלא שהוצרך לברוח מחמת עלילה. ברם טרחתם של צדיקים לעולם משתלמת. לא היו ימים מרובים עד שנתקבל שם לרב אב בית דין דודנו הגאון ר׳ נתן צבי הלוי, בנו של זקננו הגאון ר׳ יוסף יוזפא.

הקטע הנ״ל פותח לנו אשנב להציץ דרכו אל הצד השני של מטבע החיים החברתיים והקהילתיים באותה תקופה, תופעה שהסעירה גדולים וטובים ובעיקר את המוני בית ישראל והביאה לידי הגדלת השפעתה של החסידות שגרסה יושר לב, פשטות ואי־התנשאות.

גם ק״ק ראווה מקבלת את דמותה כקהילה „מושלמת״ עם סכסוכיה ומחלוקותיה.

בתור רבני העיר שימשו עוד, כפי שאפשר להסיק ממקו־רות שונים:

### ר׳ יצחק שמעון בר׳ משה

כנראה שימש כרב בראווה רק תקופה קצרה, בערך בשנות תקמ״ה—נ. בספרים שנתפרסמו באותה תקופה, ושלהם נתן את הסכמתו, הוא חותם: מי שהיה אב״ד בבית דינו של הגאון הנודע ר׳ צבי הירש מיזלש בז׳ולקיב.

### ר׳ מנחם מענדל זצ״ל

ר׳ יצחק שמעון היה האחרון מרבני ראווה שמונו מטעם קהילת ז׳ולקיב, שהיתה, לפי הסידורים האדמיניסטרטיביים של השלטונות האוסטריים, לקהילת־מחוז לעניני היהודים. למחוז ז׳ולקיב השתייכו חמש־עשרה קהילות הסביבה, ובכללן ראווה. הרבנים שמונו מבחוץ שימשו בתפקידם רק תקופות קצרות, והעיר נשארה רוב הזמן בלי רב.

עם ביטול הסידור האדמיניסטרטיבי הנ״ל, ומשקיבלה ראווה עצמאות לניהול עניניה הקהילתיים — נתקבל לרב העיר גדול בתורה והוראה, ר׳ מנחם מענדל, והוא שימש בתפקידו בעיר עשרות בשנים. בית דינו רכש לו מעמד מכובד בעיר ובסביבה. הרב הקשיש צירף לבית דינו את הגאון הצעיר, כבן עשרים, ר׳ שלמה קלוגר, שהיה אז סמוך על שולחן חתנו ר׳ חיים ווינרב בראווה. ר׳ שלמה, שהיה ספרא רבא, ניהל את ההתכתבות עם גדולי התורה בשם הבית־דין בעיר.

„הגאון הר׳ מנחם מענדל אב״ד דק״ק ראווה״ מוזכר פעמים אחדות בספר „ישועות יעקב״ של הגאון מלבוב ר׳ יעקב אורנ־שטין. הוא מתפלפל ארוכות בעניני איסור והיתר, שר׳ מנחם מענדל העלה לפניו. גם ר׳ יוסף שאול נתנזון, רבה של לבוב, בספרו „שואל ומשיב״, חוזר פעמים אחדות על אותם חידושים שהגאון ר׳ מנחם מענדל העלה לפני קודמו ודן בהם באריכות ובתשומת לב רבה.

ה„קורובקא״, מס הבשר הכשר, וה„פאכטרים״, גובי המס הזה — הביאו לידי השתלטותם של בעלי זרוע וממון על ענף הבשר הכשר. הם השתלטו על בתי המטבחיים וגם על השו־

חטים. גדולי התורה והחסידות פרסמו קול־קורא האוסר באופן מוחלט „על קצבים, פאכטרים, בעלי טאכסי או באנקירים לעמוד על יד השוחטים בעת שהם בודקים את הריאות אחרי השחיטה, שהשוחטים לא יבואו לידי מכשול על ידי נשיאת פנים לבעלי זרוע וממון ויכשירו את הטריפה". בין גדולי התורה דאז, ר' יעקב אורנשטין, ר' אפרים זלמן מרגליות, המגיד מקוז'ניץ ור' שלום מבעלז, החתומים על האיסור, מופיע גם שמו של ר' מנחם מענדל אב"ד דק"ק ראווה.

גם שמו של ר' נתן הלוי, אב"ד דטורצ'ין, שאחרי פטירתו של ר' מנחם מענדל מילא את מקומו בתור אב"ד בראווה, מופיע בין החותמים.

## ר' נתן צבי הלוי בן ר' יוסף יוזפא שטרן זצ"ל

ר' נתן צבי גאון וצדיק, בן גאון וצדיק היה. „לא היה כמותו בדורו בכל הארץ, דבריו נשמעים בכל הארץ ורוב חכמי המדינה היו מתלמידיו", כך מגדיר את ר' יוסף יוזפא ש.י. עגנון. ר' נתן צבי היה אב"ד דק"ק טורטשין. חתימתו בתור אב"ד דטורטשין מופיעה בין גדולי התורה והחסידות של התקופה על הקול־קורא הנ"ל ביחסי שוחטים וקצבים.

משנפטר ר' מנחם מענדל זצ"ל קיבלה קהילת ראווה את ר' נתן צבי לאב"ד שלה. היה זה בערך בשנת תק"ע. הוא שימש כרב העיר שנים רבות. דבריו מובאים בספר „ישועות יעקב" מאת ר' יעקב אורנשטין וגם בספר „שואל ומשיב" מאת ר' יוסף שאול נתנזון, מהדורא תנינא ח' או"ח, נמצאת תשובה אליו. שני הגאונים הנ"ל מכבדים את ר' נתן צבי בתואר „גאון" בתשובותיהם אליו.

ר' נתן צבי כתב הרבה חידושי תורה, אבל דבר לא נתפרסם ממנו, כי ראווה היתה פתאום למאכולת אש וכל כתביו של אותו גאון נשרפו.

ר' אברהם גולדברג, בין עירנו, שהיה אחד מעמודי התווך של סופרי ה„השכלה" ולוחמיה החריפים נגד החסידות, בבחרותו היה מתלמידיו של ר' יוסף יוזפא בז'ולקיב. כעבור שנים, כשחזר גולדברג לראווה והסתכסך עם החסידים והם רדפוהו והחרימוהו, כותב לו ר' נחמן קרוכמל מז'ולקיב: „ויש לי ליעצך כי תקנה לך אהבת הרב שלכם, גאון גדול וצדיק תמים, ותורה תבקש מפיו". מאיר הלוי לטריס, המפרסם את המכתב הנ"ל, מוסיף: „הלא הוא הרב שטרן הנקרא הרב מטורטשין". ההקשיב גולדברג לעצת מורו ולתורת הרב?

## ר' חיים וינרב ז"ל

חסידים ראשונים אמרו: „יהודי ניכר לא בבנים שד' נתן לו, כי אם בחתנים שהוא בוחר לו". ר' חיים ניכר באלה ובאלה. לא תואר רב לו, לא נשארו אגדות על רוב עושרו, אבל השאיר אחריו גדולי תורה והוראה ששמעם והשפעתם עברו את גבולות העיר וגבולות גליציה והגיעו לכל תפוצות ישראל. ספריהם הרבים בכל מקצועות התורה הם ספרי־יסוד בספרות הרבנית. בנו של ר' חיים הלא הוא ר' מרדכי מארדיש, וחתניו — ר' שלמה קלוגר ור' צבי הליר.

## ר' שלמה קלוגר — דער בראדער מגיד

זקני העיר ראווה דיברו על ר' שלמה קלוגר מתקופת שהותו בעיר כאילו הכירו אותו באופן אישי. ידעו להצביע על מקום מושבו בקלויז ובאלטן בית המדרש, ידעו להצביע על מקום החנות שלו בעיר, ואף ידעו לספר על הרווחים שהוא צבר... נדמה לי, שהם ציינו את המקום שבו היתה חנות הנע־ליים של ר' שמואל צ'יפעס בזמננו אנו. הסיפורים האלה עברו, כמובן, אל הזקנים מהוריהם, כי ר' שלמה חי בראווה־רוסקה בראשית המאה התשע־עשרה.

„אנו, המשקיפים על רב־גאון זה ממקום שאנו עומדים בו, עלינו לשאת עינינו אליו, כמו אל שמי מרום, שנוכל לתפוס את שעור קומתו, כי מהותה של אישיות גאונית זו עדיין לא נחקרה כראוי בתוך ספרות התולדה של גדולי חכמי ישראל" — כותב הרב י. ל. מימון על ר' שלמה קלוגר בספרו „שרי המאה".

מן הספר „תולדות שלמה", ביוגרפיה על חיי ר' שלמה


עין דמעה

חלק ששי

הספד גדול על פטירת הרב הגאון המקובל אלהי קדו

אמר לו כקש"ת מוה"ר יעקב זצללה"ה אב"ד נאראל בפול

קטן, ועוד הספד על אדם גדול מק' ראווא.

הספד שאמרתי בשנת תקע"ד על צדיק וגדול בק' ראווא.

אשר הספיד במקהלות עם, רבינו הגאון האמתי אור ישר

וקדושו

מרן שלמה קלוגר זצ"ל מבראד.

בילגורייא

בהוצאת ובדפוס

נ. קרוננברג

שנת תרצ"א לפ"ק

# זכרונות פון אמאל

צבי (הערש) האבערמאַן

## א) ציוניסטן

די געשטאַלטן פון די ערשטע ראַוווער ציוניסטן, לויט מיין זכרון, זענען געווען: גריצמאַן, אַ קאַנציפּיענט ביים אַדוואָקאַט בערנער, ווי אויך מיינע חברים, וואָס האָבן גע־האַט געגוג מוט צו גיין, ביינאַכט נאָך מנחה־מעריב, אין פּאַריין: בנציון גינסבערג, ישראל גאָלד (די גייסטיקע אָנ־פירער), מרדכי האָלץ, לייבוש וועבער, עוזר גרויער (וועל כער האָט די זכיה געהאַט, דאָס זיינע ביידע קינדער, רעגינאַ און מוני, האָבן זיך געראַטעוועט און לעבן היינט, מיט זייערע משפחות אין ישראל), זלמן ראַפּאַפּאָרט, בנימין האָך, שלום ראָזענפעלד, אברהם האָפּענבראַטל, בערעלע גערשטענפעלד, די ברידער אברהם און ישראל עדעל, הערש באָך און חיים לייב ליבערמאַן (מיינער אַ פּעטער). אַ טייל פון זיי זענען געווען אָפענע ציוניסטן און אַ טייל אין געהיים. ס'איז נישט לייכט געווען אַרומצוגיין מיט דער „פּאַרב" פון אַ ציוניסט, ס'איז געווען צו קעמפן קעגן אייזיק סטיפ, מרדכעלע הערש־מאַניסעס, יענקעלע געצלס און אַ סך, אַ סך אַנדערע חסידים. מ'האָט זיך געפילט פרעמד און פּאַרזינדיקט אין דער אייזער־נער קלויז, וווּ אונדזער גייסטיקער מדריך איז געווען — ברוך לוסטיג פון לעמבערג, אַ טייערער יונגערמאַן, אַ תלמיד־חכם, אויך נישט קיין בטלן און דאָך אַ חסיד. שווער איז געווען אים צו קוקן אין די אויגן, ביים פרעגן אים אַ שטיקל „גמרא", ווייל ערשט נעכטן אין אָוונט זיך בגניבה געטראָפן מיט אים אין פּאַריין „התקווה" און מיטגעזונגען „עוד לא אבדה".

דער ערשטער לאָקאַל פונעם פּאַריין איז געווען אין אַ גוייש הייזל. דער צווייטער לאָקאַל — ביי הערש ראָזענפעלד, אַ ציוניסטישער סימפּאַטיקער. דערנאָך זענען מיר אַריבער אין דעם הויז פון דאָקטאָר העראַלד, נעבן אוקראַיִנישן קלויס־טער, דאָרט זענען מיר שוין געווען מער מיטגלידער־חברים פונעם פּאַריין. כ'געדענק אַ קליין יידל, אַ הויקער מיטן נאָמען — מעטאַל, וועלכער האָט געהאַט דעם מוט, ביי אַ הערצל־אזכרה צו זאָגן „קדיש" און טאַקע דערפאַר באַקומען דעם אייביקן נאָמען „דאָס קדישל". כ'דערמאָן זיך אָן אינצידענט מיט שלום ראָזנפעלד; זיין מוטער שיינדל־חיים־יעקבס האָט באַקומען אַ ידיעה (מסירה), אַז איר זון — שלום, געפינט זיך ביי דער אזכרה. זי איז געקומען צו לויפן, אים אַרויס־גענומען פונעם לאָקאַל און אים דערלאַנגט פייערדיקע פּעטש. ס'איז אים אַראָפּגעפאַלן דער קאַפּעלוש און איז געבליבן שטיין אין דער יאַרמולקע; אָבער „דרך־ארץ" פאַר זיין מוטער האָט ער געהאַט און נישט געענטפערט. דערנאָך אָבער איז ער צוריק אַריין אין לאָקאַל פונעם פּאַריין, דאָס איז שוין געווען אַ הויכע מדרגה פון ווידערשטאַנד קעגן די עלטערן. אייזיק סטיפ, דעמאָלט אַ נאָענטער שכן פונעם פּאַריין, האָט אים אין אַ געוויסן פרימאָרגן מכבד געווען מיט אַ ספּעציעלן „כיבוד", וואָס כ'וויל עס נישט אַרויפברענגען אויפן פּאַפּיר... אָבער ווי זאָגט דער פּסוק: „כאשר יענו אותו — כן ירבה וכן יפרוץ".



פון לינקס: לייבוש וועבער, הערש האַבערמאַן, ראובן שטאָקהאַמער. (בעת דעם ערשטן וועלט־קריג אין דער עסטערייכישער אַרמיי.)

מיר האָבן שוין אָנגעהויבן צו זאַמלען אויף פּאַרן קק"ל און ערב יום־כיפור געזאַמלט טאַקע פאַר דעם צוועק ביי דער קערה נעבן דער קלויז. מיר האָבן אויך געעפנט אַ ביבליאָ־טעק. אָבער די רדיפות פון די פאַנאַטיקער־חסידים האָבן זיך געשטאַרקט און אייניקע אַנהענגער האָבן געמוזט אויפהערן קומען אין פּאַריין, ווייל די טאַטעס און מאַמעס האָבן געהאַלטן אין־איין־מוסערן און דריקן.

אַ ביסל לעבן האָבן אַריינגעבראַכט די וואַלן צום עסט־רייכישן פּאַרלאַמענט. ס'זענען געקומען רעדנער פון פאַר־שידענע פּאַרטייען, אַגיטירן פאַר זייערע קאַנדידאַטן און צווישן זיי — אויך ציוניסטן. כ'דערמאָן זיך איין וואַל־פאַר־זאַמלונג אין זאַטלערס לאָקאַל, ווו ס'האָט גערעדט אַן אַגיטאַ־טאָר פון די אַסימילאַנטן און אים האָט אָפּאָנירט בן ציון גינסבערג. ס'האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער שטורעם און ר' יעקב לאַנדוי (אַן איידעם פון נתן עדעל) האָט זיך פאַר־מאָסטן צו טיילן פּעטש דעם אָפּאָנענט. דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט און פאַרדאָפּלט אונדזערע רייען.

אַהיימקומענדיק, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אין מיין ראַווע, האָב איך שוין געטראָפן אַ גאַנץ אַנדערע אַט־

מאָספּערע. די בחורים, וואָס זענען אַהיימגעקומען פונעם קריג, אַ טייל פון זיי געווענע אַפּיצירן, אויסגעפּאַרן אַ וועלט, געזען שטעט און לענדער, האָבן פאַרגעסן צו לאָזן וואַקסן די פּיאות, אויך מיט די בערדלעך איז געשען דאָס זעלבע, און געוואונען קוקן מיט אַנדערע אויגן אויפן לעבן. אויך אַ סך עלטערן האָבן זיך צוביסלעך געענדערט און די מוסר־זאָגער האָבן אָנגעהויבן לאַנגזאַם פאַרלירן זייער השפּעה.

דער פאַריין „התקווה" האָט זיך אַנטוויקלט, די חברים האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין פאַרשידענע געלט־אַקציעס, מ'איז שוין געגאַנגען זאַמלען פאַרן קק"ל אין די הייזער און אין די בתי־מדרשים, ערב־יום־כפור, האָט מען שוין גע־שטעלט די קערות מיט ווייניקער פּחד.

מיר האָבן געגרינדעט אַן אַמאַטאָרן־קלוב און אויפגע־פירט טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין ראַטהויז־זאַל. כ'האָב זיך באַטייליקט אין דער אויפפירונג פון „ברידער לוריה" און איך געדענק אַ טייל מיטשפּילער, ווי: משה בערגער, שיע ליבערמאַן, אסתר קורצער־ראָזענפעלד (פּרוי פון פייוול ראָ־זענפעלד) און יעקב איסר נייער. כ'געדענק אויך נאָך אַ פאָרשטעלונג — „די דין־תורה מיטן ווינט".

די קאַרטן צו די פאָרשטעלונגען זענען תמיד אויספאַר־קויפט געוואָרן און די הכנסות זענען געווען פאַרן קק"ל. די ראַוווער יידן האָבן אָנגעהויבן פילן אַ גאַנץ אַנדערן טעם אין לעבן און ס'זענען פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען.

### ב) תלמידי חכמים און סתם שיינע יידן

מיינע דערינערונגען פון דער שטאָט ראַווע רייכן נאָר אויס ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה. טיפן פון נאָכט־לאַקאַלן קען איך נישט געדענקען, ווייל אין ראַווע זענען נישט געווען אַזעלכע; דאַקעגן האָב איך מיינע שעהן און טעג פאַרבראַכט אין קלויז אָדער אין בית־מדרש און פון דאָרט קען איך דערציילן.

די אייביקע בעלי וויכוחים אין דער „אייזערנער" קלויז: מעכעלע מייזעליס און יענקעלע מונד. צוויי תלמידי חכמים, גרויסע צוויי עקשנים, „עומדים על דעתם". יעדער אַ חריף און אַ גרויסער בקי, תמיד זיך אַרומגעשפּאַרט איבער אַ הלכה אָדער אַ שווערן רמב"ם. איך זע זיי פאַר מיינע אויגן, יענקלען אין טלית אויף די האַלבע אַקסלען, דעם לינקן אַרבל אַרויפ־געשאַרצט, האַלט דעם „של־יד" אין דער רעכטער האַנט, די רצועה אויפגעוויקלט, וויל אַנטאָן דעם של־יד, אָבער מיכעלע לאָזט אים נישט; מ'איז פאַרטיפט אין דער סוגיא און מ'קען נישט איבעררייסן; זיי שרייען ביידע, די צוויי עקשנים, קענ־טיק זענען ביידע גערעכט, „מלחמתה של תורה", צוויי אמתע תלמידי חכמים.

יענקעלע, אַ זון פון ר' הירשעלע מונד, אַ פיינער ייד, אַ גרויסער סוחר, אַ נגיד און אַ זשענטלמאַן; שפּרהלע, זיין מאַמע, פירט אַן אייגענע גמילות־חסדים־קאַסע פאַר אָרעמע מאַרק־סוחרטעס. זיין קעגנער מיכאלי מייזעלס, אַ גרויסער תלמיד חכם, אַ מלמד אין דער בזשעזשאַנער ישיבה און דאָס אַליין זאָגט שוין גענוג. אגב, מיר האָבן נאָך אַ מלמד געליי־פערט אין דער בזשעזשאַנער ישיבה: ר' יאָשע בן־ציונס, אַ טייערער ייד, אַ נחבא אל הכלים; אַ מלמד אין בזשעזשאַן איז שוין אַליין אַ פירמע.

ר' יענקעלע ליזשענסקער, טעפּיך, דער דיין פון דער שטאָט, זייער אַ באַגאַבטער, אָנגעלערנטער ייד פול מיט תורה, האָט אויך געהאַט די פעאיקייטן יענעם דאָס לערנען איבערצוגעבן און ער איז טאַקע דער, וואָס האָט פון אונדזער שטאָט אַרויסגעגעבן אַזאַ תלמיד, ווי דער באַקאַנטער גאון הרב דר. שמעון פעדערבוש ז"ל.

ר' שמעון האַלאַר, נאָך אַ גאַנץ, גאָר יינגערמאַן, איידעם פון ר' יקותיאל יאָזעפסבערג, אַ גרויסער תלמיד חכם פון יענער צייט, האָט אָנגעהויבן מאַכן אַ רושם אין שטאָט, אָבער צוריקקומענדיק נאָך דער מלחמה אַהיים — איז ער נישט מער געבליבן אין ראַווע.

צוויי חברים, געווען אין שטענדיקן, צוגעקניפּטן קאָנ־טאַקט — ביידע מיינע אייגענע בלוט און פלייש — איינער, אַ גאָר זייער וווּנדערבאַרער און איינדרוקספולער טיפּ, ר' שמחה האבערמאַן, ביי אים פאַרמישט פיל תורה מיט וועלט־לעכן וויסן, האָט זוכה געווען צו קינדער, גרויסע תלמידי־חכמים; איין זון איז געווען דער באַוווסטער גאון, דער גאַלי־גער רב. דער צווייטער חבר — מיין שווער, ר' לעמעל ליבער־מאַן, אַ ייד, אַ בן־תורה ומעשים טובים, אַ בכבודיקער סוחר, אַ חכם און אַן ענוו, אַ מושלם בכל המעלות.

אַ פאָר ווערטער נאָך מיין שוואָגער, עקיבא העמערלינג, אַ ייד אַ בן־תורה, מער ווי דורכשניטלעך, אויך מיט פיל אַל־געמיינעם וויסן; ביז דער שואה געווען סעקרעטאַר אין דער „אגודת־ישראל" אין סטאַניסלאַוואָו און דאָרט אומגעקומען מיט דער גאַנצער קהילה, הי"ד!

איך קען נישט פאַרענדיקן און נישט דערמאַנען איינעם, אַ זעלטענעם טייערן יידן, וואָס איז געווען אונדזער ראַוווער שטאָלץ, ר' ישראל דיין־שווערט, ר' הערשעלע שוחטס אַ זון, האָט זיך פאַררעכנט צו די גאונים פון דער געגנט און איז מיר געבליבן ביז היינט איינגעקריצט אין מיין זכרון.

און איצט, אחרון־אחרון, אַ פּאָר שורות פאַר מיין טייערן פאָטער ע"ה, ר' בנימין, געהערט צו די שיינע, אפשר שענסטע בעלי־בתים פון דער אייזערנער קלויז, אַ בן־תורה, אַ בעל־תנ"ך, אפשר דער איינציקער ייד אין קלויז, וואָס האָט פאַר־שטאַנען אַ „חידה" פונעם אבן־עזרא, אָדער אַ שווער שטיקל

דקדוק; צו יענער צייט געשריבן פריי לשון־קודש, געווען שטענדיק אַרומגערינגלט מיט אַ חברה־ פּאַרערערס, וואָס האָבן תמיד געפונען עפּעס צו פרעגן, אָדער געוואָלט הערן עפּעס אַ לייכטן וויץ. ער האָט נאָך זוכה געווען צו הספד כהלכה וכראוי און צו קבר־ישראל. נפטר י״ד שבט 1938.

מיין מאַמע ע״ה ,די באַקאַנטע שרה האַבערמאַן אַ שוועס־טער פון ר׳ שמחה און ר׳ ישראל האַבערמאַן, מיט איר גרוי־סער חכמה געווען ענלעך צו אירע ברידער און אַ באַוווּסטע אשת־חיל אין שטאָט.

אַ טייל פון די דערמאָנטע זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם אין דעם לעצטן חורבן פון דער שטאָט.

יהא זכר כולם מבורך לעולמי עד! ת. נ. צ. ב. ה.!

**ג) מלמדים**

עס קומט מיר זייער שווער אָן זיך צו פאַרנעמען מיט דערינערונגען פון אונדזער און מיר זייער באַליבטע און און טייערע שטאָט ראַווע; ווען איך פאַנג נאָר אָן צו שרייבן און דערמאָנען אין אונדזערע ליבע קרובים־קדושים, וואָס זענען אַזוי טראַגיש, צוזאַמען מיט דער גאַנצער שטאָט יידן אומגעקומען, באַקום איך אַ גרויסן פיזישן ווייטיק צוזאַמען מיט אַ ספּאַזמאַטישן אַנפאַל. אָבער אַזוי ווי איך געדענק אַ ביסל מער פון אונדזערע יינגערע חברים, וויל איך מיין פליכט דערפילן און טאַקע אָנהייבן פון סאַמע אָנהויב, ווי אַ יידיש יינגעלע הייבט אָן זיין וועג צום לעבן. אויף אַזאַ אופן וויל איך צוערשט טאַקע אָנהייבן מיט מיינע מלמדים:

פיני מלמדס־חדר, ווו איך האָב דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן געזען אַ צורת־אות פונעם „אלף־בית" אויף אַ קאַרטאָנענעם טאַוול, אָפּגענוצט און אָפּגעצייכנט פון פיל שפּאָרן פון ריינע פינגער... און פון הימל פאַלט מיר פלוצים אַראָפּ אַ צוקערקע, זייענדיק זיכער, אַז דאָס האָט מיר אַראָפּ־געוואָרפן דער גוטער מלאך, אַז איך זאָל באַגערן צו לערנען. אַזוי האָט געזאָגט דער רבי, אַ קליין, גוט און געדולדיק יידעלע, (שבעלע די גבאיטעס מאָן), מיט דער שוואַרץ־גרויערדיקער באָרד, וועלכער איז געזעסן אויבנאָן ביים טיש און מיט אונדז איינגעקנעלט, איינמאָל און נאָכאַמאָל דעם „אלף־בית".

דער צווייטער נאָך אים קומט:

יחיאל מלמד, אַ טייערער ייד און אַ גוטער מלמד, אַ שיטער בערדל מיט לאַנגע פיאות, איינגעדרייט אין פלעשע־לעך. ביי אים אָנגעהויבן גמרא „בבא מציעא".

שלום דראַנג, וווינט אַ פּאָר הייזער נאָך לאה די מיל־כיקערין, למעשה נישט מיין מלמד, אָבער גילט אַלס גוטער פּעדאַגאָג — אַ שטיקל בעל־לשון־קודש. פונעם מלמדות אַליין אַ ביסל שווער אויסצוקומען, בלי־עין־הרע אַ פּאָר יונגען: אַ משה מיט בלאָנדע פלעשעלעך, אַ לייבוש און אַן אומיניע; מ׳מוז מאַכן רענצלעך מיט קופּערטלעך, כדי צו פאַרדינען לחם לפי הטף.

דער קרומער מלמד, אַ קאַליקע, נעבעך, מיט אַ פּערטל פוס און דערצו אַ שווערן קיל, וואָס ער פלעגט באַנוצן פאַר אַ קאַנטשיק; אָבער ער ווערט דורך דעם נישט ווייניקער חשוב. אַ ייד, וואָס קען פיל לערנען, אַ בעל־תנ״ך, קען לשון־קודש און שטאַלצירט דערמיט אַן פחד פאַר די חסידים; זיינע תלמידים — קינדער פון כמעט אויפגעקלערטע טאַטעס.

ר׳ יהודה יעקב מונדשטאַק, דער „טעריק", מיינער אַ מלמד, אַ הויכער ייד, גייט צום דאַווענען אין דער אַלטער, בעלזער קלויז אָנגעטון אַ ספּאַדיק. אַ טייערער ייד, אַ מזג טוב, אָן אַ גאַל, האָט אַלעס געקענט ליידן; אַפילו ווען אַ תלמיד האָט ליב געהאַט אַריינצושפּרונגען אין חדר אַריין דורכן פענצטער; האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס לערנען; אַ תאווה ביי אים געווען — נישט לאָזן אין ווינטער אַרויס אויפן גליטש, צווישן יויזיף מלמד און דער בלעכענער קלויז. איך האָב אים ליב געהאַט אהבת־נפש, ער האָט מיר געגעבן עקסטרע „נאַשע־רייען", ווי: ערב פסח, אַ סיום מסכתא, וויל איך בין אַ בכור; אָבער דערפאַר האָט ער באַקומען אַ ניי טאַבאַק־פּושקעלע און דריי גרויסע נאָז־פּאַטשיילעס צו משלוח־מנות.

משה מרדכי מלמד, געוווינט אין משה לייכטער־מאַכערס הויז, דאָס פענצטער גייט אין ארביסבויערס אויבסט־גאָרטן אַריין, ווו מיר פלעגן אָפּט מאַכן אַ באַזוך דורכן פענצטער. אַליין אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ ברודער פון שמואל לייב פּאַסטער, אַ שטאַרקער בעלזער חסיד. אַלע פּאָר וואָכן, שבת־מברכין, אַ שפּרונג געטאָן קיין בעלז, אַהיימגעקומען זונטיק מיט אַ סך ניסים און שבת־תורות פונעם צדיק. פון מיינע חברים, אין דעם „חדר", געדענק איך די נעמען: גבריאל ביליג, אַן אייניקל פון ר׳ שלום גראַסקאָפּ און משה צווירן — צוזאַמען געלערנט און געחזרט. איך געדענק נאָך דאָס פּשעטל צו דער בר־מצווה־סעודה: — „מנין שאסור להסיח דעת בתפי־לין?" — איך האָב געמוזט נישט נאָר קענען, נאָר אויך פאַר־שטיין — ביי משה מרדכין, איז נישט געווען קיין חכמות...

אברהמטשע מלמד, אַן איידעם פון ר׳ איטשע מלמד און אַ יורש פון זיין חדר. ווער געדענקט נישט די גרויסע „קאַ־לוזשע" צווישן חדר און דער שול, ווו מיר פלעגן זומער אַרי־בערגיין דעם „ירדן" און ווינטער פלעגן מיר זיך גליטשן אויפן אייז. ר׳ אברהמטשע, זייער אַ גוטער מלמד, אַ בעל־תנ״ך, אַ בעל־דקדוק, אָבער אַ ביסל „געכאַפּט", רחמנא לצלן, לייענט בגניבה דעם „הצפירה". מיין פאָטער ע״ה איז גע־ווען אַ שותף צו דעם „הצפירה", וואָס איז געקומען — גע־

שמוגלט דורך טאַמאַשאָוו און מ׳האָט זיך געקוויקט מיט ר׳ נחום סאָקאָלאָוס „משבת לשבת"...

ר׳ איציק מרדכי "ציפּים"־מאַן פון די אַלטע שטיוול, אַ מלמד, אַ ייד אַ קדוש־עליון, מיט אַן אמתן ספּאַדיק, גע־דאַוונט אין זאַמד־בית־המדרש, אַ שטאַרקער בעלזער חסיד.

ר׳ שלמה נפתלים, ראָזענפעלד, נאָך אַ מלמד, אַ גרויסער אָרעמאַן נעבעך; דאָס „חדר" מיט דער וווינשטוב און די קוך מיט די בעטן אין אַ קליין שטיבל און נאָך אַ טאָכטער, כמעט אַן עגונה. דער מאַן אַ „יושב" אין בעלז, קומט אַהיים נאָר איינמאָל אין יאָר, פאַר פסח, צו דער „מלוכה" און דאָס מלמדות טראָגט נישט געגוג, מ׳איז נאָך שולדיק פון דער טאָכטערס חתונה. מוז מען מאַכן טייגלעך אָן אָן איי מיט טונקעלע מעל און טונקעלע באָבעלעך. דאָרט האָב איך געלערנט נאָר איין זמן, אָבער פיל איינגעזאַפּט...

ר׳ לייביש מענדל בירנבוים, נאָך אַ מלמד, ווו כ׳האָב געלערנט צוויי אָדער דריי זמנים און ער איז מיר געבליבן אין זכרון צו גוטן, אַ טייערער, בכבודיקער ייד, אַ גוטער בעל־תפילה אין דער אייזערנער קלויז (דאָרטן האָבן מיר אויך געלערנט). חיה־שרהלעס מאַן, ביי איר געווען די בעס־טע אוגערקעס און דער בעסטער הערינג אין דער גאַנצער שטאָט; ער — אַ ברייטלעכער ייד, אונטער דער בעקעשי אַ דיקער וועסטל־שפּענצער, זומער און ווינטער; אַ גרויסער תלמיד־חכם, מיטן שטאָלץ און יחוס אַלס „אַפּטער" אייניקל. האָט שטענדיק געהאַלטן אין די קעשענעס צוקערלעך, כדי אונדז, די שקצים איבערצוקויפן, אַז מיר זאָלן באַגערן צו לערנען.

איך געדענק נאָך איינעם, אָבער נישט קיין פאַך־מלמד, נאָר אַ יורד נעבעך, ווו איך האָב געלערנט צוויי זמנים אין דער אייזערנער קלויז, מיטן נאָמען מלך „טשיפּיס" — ער אַליין אַ גרויסער „מתמיד"; אָבער איך בין שוין געווען אַביסל „אַנגעבערענט" פונעם „התועה בדרכי החיים" פון סמאָ־לענסקי און פון יל"גס — „שני יוסף בן שמעון". אָבער מ׳מוז לערנען, ווייל מ׳דאַרף זיין אַן איידעלער בחור, מיט אַ רוח תורה — אַ סגולה צו אַ שידוך.

ר׳ אהרן לייב, „דער לאַנגער" — האָט מען אים גערופן — בן־ציון גינסבורגס פאָטער, אַ מלמד פון דער העכסטער דרגה, וועלכער האָט, אין זכות פון זיין זונס אַפּיקורסות און איבערפירן די יינגלעך צום ציוניזם־שמד, פאַרלוירן אַ גרויסן חלק פון זיינע תלמידים און זיין ווייב, ברכה, האָט געמוזט צוהעלפן צו דער פרנסה; זי איז געוואָרן אַ בעקערין און אויסגעטראָגן ברויט אין די שטאָטישע הייזער.

די רשימה וויל איך פאַרענדיקן מיט אַ זייער אינטע־רעסאַנטן טיפּ ייד, אַ סגי־נהור, דער בלינדער פראַיעם, וועל־כער איז געזעסן שטענדיק אין זאַמד־בית־המדרש, זומער און ווינטער, מיט דער פלייצע צום גרויסן אויוון און האָט געלערנט פון אויסנווייניק. מיר יינגלעך פלעגן צו אים צוגיין, פרעגן אַ שטיקל גמרא און ער, אַזוי ווי ער האָט גע־קענט אַלע מסכתות פון אויסנווייניק, האָט גלייך געלייענט, ווי ער וואָלט אַריינגעקוקט אין דער גמרא און האָט אונדז אַלץ געגעבן צו פאַרשטיין.

יהא זכר כולם מבורך לעולמי עד!

# זכרונות פון אמאל

יצחק דקס

ס׳איז געווען אַמאָל אַ שטאָט, אַרומגערינגלט מיט שטע־טעלעך פון דור־דורות. ראַוואַ־רוסקאַ איין עיר ואם בגליציה. אַ קלייניקייט, אַ צבור פון בערך 20.000 נפשות. יידן פון אַ גאַנץ יאָר, חסידים, לומדים, נגידים, סתם שיינע יידן און געוועזענע, דאָס הייסט, יורדים אָן אַ סוף. בעלי מלאכות, סוחרים, באַלעגאָלעס און סתם לופט־מענטשן. „עמך", שער און אייזן ביז צום היימישן לומפּן־פּראָלעטאַריער; די באַ־קאַנטע „אונטערערדישע חברה" — די „חיים־דרוקערלעך". אַ שטאָט, אין וועלכער דער געזעלשאַפטלעכער דופק האָט געקלאַפּט אַלע טעג פונעם יאָר. אַלע פּאַרטייען, וועלכע זענען געווען אין דער יידישער גאַס, האָבן געהאַט סניפים אין שטאָט: אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען, בונד, יד חרוצים, קאָ־מוניסטן; אַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן געוווירבלט המונים אָן גוזמא.

מ׳זאָגט נאָך אַ גוטן יידן, אַז די שטאָט ראַווע איז אפילו דערמאָנט אין דער תפילה „בריך שמיה" ...יהא רעוא קדמך". אַ סימן, אַז ראַווע איז אַ באַגריף פון אַ וועלט, וואָס איז געווען און מער נישטאָ.

ווי געזאָגט איז געווען אַ קליינע יידישע וועלט, אַרום־גערינגלט מיט אַ גרויסער פיינטלעכער גויאישער וועלט.

דאָ און דאָרט האָט מען זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט די גויים. מאַכט זיך, אַז אויף אַ יריד האָבן זיך שקצים, פּלאַגערס אָנגעשכּורט, געוואָלט רויבן ביי אַן אָרעמער אלמנה אַ מאַרקזיצערן. דערשראָקענע הענדלערס האָבן שנעל אָנגעהויבן פאַרמאַכן די טירן פון די קלייטן... אָבער „לא אלמן ישראל"... קצבים, באַלעגאָלעס האָבן אויסגעשפּאַנט אַן אָרטשיק און האָבן זיי געבראָכן די ביינער.

בירך לעמסאַק, דער יידישער היצעל (הונטשלעגער) פון דער שטאָט, אַן אמתער שם דבר; ממש חד בדרא, אַ יידישער היצעל אין דער גאַנצער מדינה; אַ הפקר־יונג אַ „כל־בוי", וואָס אין דער קאָרט איז דאָ. אַ גאַנץ יאָר איז ער, ווי יידן זאָגן, אַ כפרה פאַר צען גויים; אָבער וואָס שייך צו באַשיצן יידיש האָב און גוטס, קען מען קיין יידישע קישקע נישט אָפּשאַצן. אַזוי כדומה די אונטערשטע חברה — אַלע האָבן געפילט זייער פליכט מקדש השם זיין און ווייזן די גויים וואָס יידן קענען. אַז מיר זענען נישט חלילה סתם יאָלדן... און שלאָגן האָבן זיי געקענט; פאַרלאָזט זיך אויף זיי. אַזוי האָט זיך עס געפירט מקדמת דנא, און מ'האָט געמיינט, אַז ס'וועט זיין ביז אייביק. צו די היימישע גויים האָט מען זיך צוגעוווינט. ברעדי דער קוימענקערער רעדט יידיש ווי אַ וואַסער. וואַכאַלוביץ, דער בוימייסטער נעמט שוחד ביי אַ יעדן איינעם און טענהט אויף יידיש: „יידן רעדט צו דער זאַך!". אַפילו דער באָדנער, וועלכער איז קאַפּראַל אין דער פאָזשאַרנער קאָמאַנדע, אַז ער פלעגט קומען נאָך אַלעמען, ווען די שריפה איז שוין געווען אָפּגעלאָשן, מיט דער פאָזשאַרנער קישקע איינגעשפּאַנט די געמיינדע־פערד, פלעגט ער זאָגן: „וואָס, ס'ברענט?"... נישט קשה; יידעלעך האָבן אוודאי געמאַכט אַ „בורא מאורי האש", זאָלן זיי ברענען". דערפאַר זונטיק צו דער פאַראַדע, ווען ער פלעגט גיין אויסגעפּוצט מיט דער מעשענער טשאַקע, מיטן בלויען מונדור, פלעגט ער געבן אַ דריי די גילע „קדמא־ואזלא" וואָנסעס און זאָגן אויף פויליש: „טעראַז זשידקי, דאַיטשע אָגניאַ" און צוגעבן אַ געפּעפּערטע קללה.

לאָמיר זיך אויפכאַפּן אויף די פליגל פון דמיון; אָפּטרייסלען פונעם קאָשמאַר, אפשר איז דאָס נאָר אַ בייזער חלום. קומט, וועלן מיר זיך אַריבערכאַפּן צוריק אין שטאָט אַריין. אויב איר זענט אַ ראַווער אַ געבוירענער, העלפט מיר דערינערן, ווייל אַ יעדער שטיין שרייט פון דער וואַנט (אבן מקיר תזעק). פונוואַנען וועלן מיר אָנהייבן? אפשר פון דער באַן?... יאָ! טאַקע פון דער באַן; ווייל דאָ האָט זיך עס טראַגיש געענדיקט... די טראַנספּאָרטן פון בעלזעץ האָבן אַ גרויסן שייכות מיט דעם. דער ראַווער באַנהויף איז אונדז גוט באַקאַנט, אויפגעבויט נאָך פאַר פראַנץ יאָזעפס צייטן, וועלכער איז געווען ביי יידן אַ מלך חסד. אַלטע יידן בכלל האָבן זייער ליב געהאַט דערציילן מעשיות פון פאַרן קריג, (פאַרן ערשטן וועלט־קריג). „פאַרן קריג", דאָס איז געווען אַ באַגריף, אַז מ'האָט געוואָלט אויסלויבן אַ גוט שטיקל טוך, האָט מיין טאַטע, עליו השלום געזאָגט: ס'איז פאַרן קריגס סחורה; לאָדזשער סחורה, אָדער פוילישער וועג, דאָס איז געווען אַן ערזאַץ פון אַמאָל. בכלל איז געווען מלכות פראַנץ יאָזעף ביי יידן אין גאַליציע אַ קוואַל פון זכרונות, פון אַ וועלט וואָס איז מער נישטאָ. אין די צייטן פון גראַבסקי, פלעגן זיי דערמאַנען יענע יאָרן, ווי להבדיל די ששת ימי בראשית, איידער מ'האָט אדם הראשון אַרויסגעטריבן פון גן־עדן. אַ קלייניקייט — פלעגן זקנים זאָגן — ראשית כל זענען פאַרן קריג נישט געווען, ווי היינט, קיין פאַרטייען. די בעלזער חסידים זענען געווען די אויבערשטע פונעם שטויסל און די איינציקע מיוחסים ביי דער שררה. ישראל מיכל פעדער איז געווען ראש הקהל, אָן מחלוקת מיט די ציוניסטן. יעדן אָוונט זענען געווען די קלויזן און בתי מדרשים פול געפּאַקט מיט „עולם". נאָכן אָניאָגן זיך אַ גאַנצן טאָג נאָך פרנסה, פלעגן יידן זיך אַריינכאַפּן נאָך מנחה־מעריב אין קלויז, ווער צו לערנען אַ בלאַט גמרא, ווער סתם אין אַן „עין־יעקב" אָדער צוצוהערן צו אַ פּרק משניות. דאָ און דאָרטן האָט אַ מגיד געמאַכט וויינענדיק דעם עולם און בעיקר די ווייבער. חנהלע שמש פלעגט שלעפּן די קראַנקע פיס און טיילן ליכט די לומדים. הענעך דער צוקערבעקער פלעגט צווישן מנחה און מעריב פאַרקויפן אין פאָליש קאַשעקניזשלעך, קעז־קניזשלעך אָדער אַ הילצערן מעסטל פליגן־באָבעס פאַר אַ גרייצער.

פון די אַלטע צייטן זענען באַקאַנט בעלי־בתים, אנשי־שם ווי: לייביש באַלעבאָס, יאָסעלע מערץ, הערשעלע מונד. ווי קומען די אַלע היינטיקע אויפגעקומענע נגידים צו זיי?

געווען אַ מאָל אַ ייד, אַ חסיד, יאַנקל בעריש מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ; אַ ייִד, אַ ירא שמים, ווי יואל ר' אַבישעס, איז געווען אַ בעל קורא אין דער אַלטער קלויז. אַ ייד אַ למדן ווי ר' אַזשע...

... יאָ, אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט דער באַן. מיין פאָטער עליו־השלום האָט מיר דערציילט, אַז אין זיינע צייטן פלעגן חדר־יינגלעך גיין שפּאַצירן צו דער באַן. היינט שפּאַצירט די יוגנט אַזש ביז וואָלקאָוויצער וואַלד; אָדער אויפן הויף ביז צום ראָטער קלויסטער.

דעמאָלט איז די באַן געווען אין דער מאָדע. צו זייער ביטער מזל, האָט זיי ביי דער באַן באַגעגנט איינער פון די יינגלעכס פאָטער: „וואָס איז מיט בטול תורה וכו'? אויף דעם האָבן זיי קיין אַנדערע תשובה נישט געהאַט, נאָר — אַז זיי זענען געגאַנגען וואַשן די הענט צו דער באַן־פּאָמפּע. ווייל די באַן־פּאָמפּע האָט גוט וואַסער. אמת, זייער אַ שוואַ־

כער תירוץ פאַר אַ ייד אַ למדן; אָבער איר זאָלט נישט פאַר־געסן, אַז אין דער גאַנצער שטאָט איז געווען זייער ווייניק ברונעמס (פּאָמפּעס). צו די פאַרמעגלעכע האָבן געטראָגן וואַסער דער באָד־גוי איוואַן, תמיד שכור ווי לוט מיט אַ רויטער נאָז; אַ בייזער גוי, וואָס פלעגט שעלטן יידן און שכורהייט פלעגט ער דראָען, אַז ער וועט אויסקוילען אַלע יידן מ׳זאָל אים נאָר לאָזן. יידן האָבן מורא געהאַט, האָבן אים מפייס געווען, ווער מיט אַ שטיק חלה און בראַנפן יעדן שבת. אַ קלייניקייט וואָס אַ גוי שעלט, ס׳זאָל גיין אויף אַלע ויסטע וועלדער... אַ סכנה, אַז מ׳קען חלילה בלייבן אָן אַ שבת־גוי. משה פּאַיעץ פלעגט טראָגן וואַסער צו ביסלעך; דערפאַר, ווייל ער איז געווען געכאַפּט אין דער מעשה, האָט



באַן־סטאַציע. תחנת הרכבת.

מען מורא געהאַט אים אַליין אַריינצולאָזן צווישן ווייבער און קינדער אין אַ יידיש הויז. דער רעשט עולם, „עמך", האָט געשלעפּט קאַנען וואַסער מיט די הענט. ווינטער צייט, פלעגט מען פאַר דעם באָד־ברונעם אויסשיטן אַש, בכדי אַ קהילה יידן זאָלן קענען שעפּן וואַסער און נישט אויס־גליטשן.

לאָמיר טאַקע צוריק צו דער באַן; ס׳איז באַן־צייט; פּישעלע באַלעגאָלע זיצט אויף דער קעלניע, וואַרט אויף אַ גאַסט צו פאָרן אין שטאָט אַריין; גדליה דער שמייסער, וועלכער איז געווען אָן אָנטרייבער ביי בערעלע פּיאַקרניק, בינד אָפּ דאָס זעקעלע האָבער דעם פערד און גייט אָפּ־וואַרטן עלעגאַנטערע געסט, באשר ער רעדט גוט פויליש.

יידן מיט באָרד און פאות פון אַרומיקע שטעטלעך: נע־מיראָוו, אוהנאָוו — אין שוואַרצע בעקעשעס מיט פלושענע קאַפּעליושן, מיט שירמען און טשעמאָדאַנעס, מיט געקריי־זלטע פאות ביז צום גאַרטל, אַלע איילן זיך צום בעלזער צוג. די באַן קיין בעלז איז הויפּטזעכליך אַ יידישע; קיין גוי אויף אַ רפואה... אַפילו דער קאָנדוקטאָר רעדט יידיש; ער האָט גרויס תרעומת, פאַרוואָס די „לאַפּסערדראַקעס" שטופּן זיך אָן אַ סוף און פאַרוואָס, זיי קויפן דאָך יאָ באַן־בילעטן...

ביים אַריינגאַנג צום באַן־פּעראָן שטייט אַ בילעטער, אַ בייזער גוי מיט צוויי לאַנגע וואָנסעס; לאָזט קיינעם נישט אַדורך אָן אַ בילעט. אַפילו אַז דער בעלזער רבי פאָרט דורך די שטאָט קיין האָלעשיץ. קינד און קייט קומען צום רבין געבן שלום; לאָזט דער גוי קיינעם נישט דורך, נאָר פּאַסאַ־זשירן. בלית ברירה מוזן חדר יינגלעך און סתם יונגעלייט שפּרינגען איבער דעם נידעריקן פּלויט, אָדער אַדורכגיין דעם טרפהנעם בופעט פון דער צווייטער קלאַס. דאָס איז זייער נישט ניחא פאַר אַ כשרן יידן; דער ריח פונעם „דבר־אחר" שלאָגט אין דער נאָז, אַ חוץ דעם, קען מען באַגעגענען עמעצן, וועלכן מ׳דאַרף אויסמיידן. אונדזערס אַ מענטש, אַז ער וויל עפּעס טועם זיין גייט ער אין אַ כשרן טראַקטיר ביי דער באַן, צו פראַפּסטן. דאָרט טרעפט ער תמיד אַ פערטל געגנדזנס און דעם אמתן אַכטל מעד. אַזוי ווי צייט איז דאָ גענוג, ס׳איז זונטיק פאַרמיטאָג, קומט וועלן מיר גיין צופוס; אין מיטן וועג שפּילט די קאַפּעלע פון דער באַן־מוזיק אין זייער פּראָפעסיאָנעלן פּאַריין, אַקעגן יאַקי בעקער. ווער קען נישט יאַקי בעקער? ער אַליין אַ דייטש, נאָר דאָס דייטשע, האָט ער שוין לאַנג פאַרגעסן; רעדט יידיש, מאַמע־לשון. ער טענהט, אַז מוצאי פּסח האָט ער אַ חזקה צו פאַרקויפן אַ פּריש געבעקל ברויט דעם עולם. ליצנים דערציילן אַ מעשה: מ׳האָט אַמאָל געשיקט אַ חדר יינגעלע שבת נאָכמיטאָג צו פאַרהערן צו אַ יידן אין דער באַן־גאַס; האָט ער בטעות אָנ־געטראָפן אויף יאַקי בעקער. יאַקי האָט אים שיין אויפגענומען; אויסגעהערט דעם שיעור, דערנאָך געגעבן אַ קניפּ אין בעקל און געשיקט אים צום יידישן שכן נאָך שבת־אויבסט.

דער איינציקער פאָטאָגראַפיסט פונעם שטעטל, מייער, שטעלט אַרויס נייע בילדער; דאָ קענט איר זען, וועלכע פאַרלעך האָבן זיך לעצטנס פאַרלאָבט. גרופּן־בילדער פון יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה" אַלס פאַרשטעלטע דעם לעצ־טן פּורים, ביי זאַמלען פאַר קק"ל און סתם בילדער פון האָכ־שטאַפּלער, בעלי גאווה אין פאַרשידענע פּאָזעס.

פון דאַנען אַ פּאָר טריט צו באַראָן הירש־שולע. לעצטנס איז די געביידע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ העברעישע שולע, און דער ווייט הערט מען אַ פּלוידערן פון קינדער־קולות. אין פּאַרטער געפינט זיך די גמילת־חסד־קאַסע, דאָ איז אויך די קהילה קאַנצעליי.

מיט יאָרן צוריק האָט מען געלערנט אין דער באַראָן הירש־שולע אויך יידישע לימודים; דער דירעקטאָר איז געווען דער אַלטער מאָן עפּשטיין, אַ פאַלקס־מענטש, און רעליגיאָנס־לערער אין די אַנדערע פּוילישע שולן. די שול־געביידע גרענעצט זיך מיטן צוים פון אַלטן הייליקן אָרט (בית הקברות).

אַ סך בבא מעשיות שוועבן אַרום דעם אַלטן בית־

הקברות; ס׳פאַלט אַן ממש אַ פחד צו גיין ביינאַכט אַהיים פון דער באַן; דער עיקר וואונדערן זיך אַלע: ווי אַזוי לעבט דער אַלטער דר. סעגאַל בשלום מיט די מתים בשכנות שוין אַ סך יאָרן און זיי טשעפּען אים נישט... אין אַ תשעה באב, אָדער ערב יום־כפור, ווען דער עולם גייט מאַסנווייז אויף קבר־אבות, גייען די יללות עד לב השמים; אָדער בעת אַ מוסטערונג; מאַמעס רייסן איין וועלטן צו באַפרייען דעם זון פון גויאישע הענט. דאָס איז אויך געווען אַ סיבה, פאַר־וואָס דער נייער בעצירקס הויפּטמאַן האָט באַפוילן צו פאַר־מאַכן דאָס אַלטע בית־הקברות.

מ׳האָט באַנייט אַ בית־הקברות אויפן זאַמד, נאָך דער טאַרגאָוויצע. אַלס קינד געדענק איך זייער גוט די צערעמאָ־ניע פון קידוש בית־הקברות. מ׳האָט גוזר טענית געווען אין שטעטל. מעשה שטן איז דווקא קיינער נישט געשטאָרבן במשך פון אַ וואָך צייט; און קאַרליק, דער טרעגער, האָט געהיטן דעם איינזאַמען קבר ביז מ׳האָט באַגראָבן נאָך אַ בר־מינן. דער עלטסטער באַגרעבער פון יענע צייטן, וועל־כער האָט מאריך ימים געווען, דאָס איז ר׳ משה מזעמיק; אַ ייד, אַריבער די אַכציקער, דרייט זיך אַרום, ווי אין אַן אייגענעם וויינגאָרטן. ער ווייסט אויסנווייניק, ווו אַיעדער ליגט; ער זאָגט, ער באַדאַרף נישט קיין מאַפּע, געדענקט אַלץ אויפן קאָפּ. זיין זון ישראל מזעמיק האָט איבערגענומען זיין חזקה „אויפן זאַמד". די צוויטע האַנט איז רוועלע שמש; דער איז אַ ייד אַ קפדן, ער נעמט דיך אַרום מיט אַ שאַרפן בייזן בליק. די ווייבער ציטערן פאַר אים; בעיקר, אַז ער גייט אין שטאָט רופן מיט אַן אומעטיק קול — „גייט צו מת מצווה!" בעת לוויות שאָקלט ער מיט דער צדקה־פּושקע און שרייט פון צייט צו צייט: „ווייבער אין דער זייט". אַ חוץ דעם איז ער שמש אין דער בלעכענער קלויז. צו זיין שבח דאַרף מען זאָגן, אַז די קלויז האָט ער געהאַלטן זייער זויבער, ציכטיק ממש, ווי נאָר די גרויסע שול ערב פּסח. אין זיין אַנוועזנהייט האָבן זיך חדר־יינגלעך נישט דערוועגט צו וואַרפן שניי אין פּאַליש פון דער קלויז, ווייל ס׳האָט גע־שמעקט מיט פּעטש.

ווער וווינט אין הקדש? אָרעמע לייט, דורכגייערס; קיין היימישע. די שטעטישע קבצנים פלעגן שלאָפן סטאַביל, ווער אין דער אַלטער קלויז, אָדער אין אַלטן בית־המדרש. משה פּאַיאַץ און זיינוול באַס, שלאָפן ביים אויוון אין דעם אַלטן בית־המדרש. שיע אברהם, אַן אַלטער איינזאַמער בחור שלאָפט אין דער ווייבערישער שול פון דער אייזערנער קלויז. פאַר שכר־דירה פלעגט ער העלפן פרייטיק אויסקערן די קלויז און צינדן די ליכט. פון וואָס לעבט ער אַ גאַנצע וואָך? צעטיילט חתונה־בילעטן צווישן די בעלי־בתים; לערנט „מודה אני"־זאָגן מיט מיידלעך; פּורים פאַרשטעלט ער זיך און דאָס גיט אים אַ האַלבע פרנסה. אַזוי טריקנט ער אָפּ דאָס לעבן, ביז ס׳וועט קומען אַ רייכע כלה פאַר אים.

אַנטאָך, דער שונא ישראל און איבאַן דער שכור,ביידע שבת־גוייים, שלאָפן אין באָד. פּראָים פּאַציק פלעגט אַ יעדן זומער נעלם ווערן, און מאַכן דעם סעזאָן אין די בערג. צו ווינטער, פלעג ער צוריקקומען אָנגעטאָן אין אַ גויאיש פוטער־פעלצל מיט אַ קוזשמע. שלאָפן פלעגט ער אין דעם פּאַריין „התקווה" צוזאַמען מיט אברהם פּאַטעמאַטש. דער לעצטער געהערט צו די שטאָטס האַלב־משוגעים. זיין שגעון איז גע־ווען, אַז דער פּירשט סאַפּיעהא איז זיין אייגענער ברודער; נאָר יענער רודפט אים און האָט אים פאַרטריבן פון דעם פּאַלאַץ אין שעדליסק. נאָר אַ דאַנק אים — זאָגט ער — שיקט דער פּירשט אַיעדן שבועות אַ פאָר וועגן מיט ביימער צו באַפּוצן די קלויזן און די גרויסע שול מיט גרינס... דאָס איז זיין חזקה מקדמת דנא.

איינער אַ שטאַמגאַסט איז געווען טעוועל; זיין פּאַראָל איז געווען: „קליינער האָסט שוין געגעסן לאָקשן מיט ביי־נער"?... אַ הויכער אויסגעדאַרטער ייד, תמיד מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס; דער איינציקער פון אַלע אָרעמעלייט, וואָס פלעגט נעמען ברויט אַ נדבה; אַנדערע פלעגן זיין גרויסע מיוחסים — נאָר גראָשנס גיב זיי... לעצטנס פלעגן קומען גאַנצע שיירות פון לאַשטשאָב — בילגערייַ; בעלי־בתים פלעגן געבן נדבות, קרעכצן און זאָגן: „אַ שיינעם בייט האָבן מיר געמאַכט! אַנשטאָט פּראַג און ווין — האָבן מיר געקריגן קרעכאָוו און טיטשין"...

משה מאיר, אַ דרדקי מלמד, אַ ייד מיט אַ ווייסער הדרת־פּנים־באָרד און מיט אַ יידיש האַרץ, פלעגט זאָרגן אין זאַמד בית־המדרש, אַז אַלע פרעמדע אָרעמעלייט, דורכ־גייער, זאָלן האָבן ווו צו עסן שבת; ס׳זאָל חלילה נישט קיי־נער בלייבן אָן אַ סעודה. פאַר יידישע זעלנער פלעג ער באַשטעלן ביי שווייצערן עסן אויף שבת און אָפּט זיך גע־לאָזט קאָסטן; כאָטשע קיין גביר פון מלומדות איז ער נישט געווען...

פון וואָס האָבן זיך יידן מפרנס געווען? דעם עיקר חיונה האָט מען געצויגן פונעם גוי; אַ יעדן מאָנטיק איז געווען יאַריד. דאָס האָט געגעבן אַ האַלבע פרנסה. מאַכט זיך אַמאָל ווינטער מחמת קעלטן, אָדער פאַרן שניט, אַז דער יריד איז געווען אַ שוואַכער, איז געווען זייער קנאַפּ אויס־צוקומען די וואָך. די עיקר דאגה איז געווען: ווו נעמט מען אויף שבת? אמת, זעלטן איז עמיצער געשטאָרבן פון הונ־גער. יידן, רחמנים בני רחמנים, חברה „מתן בסתר" פלעגט צוטיילן אַיעדע וואָך די נצרכים אַ פאָר זלאָטעס אויף שבת. און דער זכות זאָל ביישטיין מיין שוואָגער אברהמטשע האָ־פנבראַטל, וועלכער האָט זיך יאָרן לאַנג מיט דעם מתעסק

געווען. מחוץ פון די פויערן, איז אויף די ראַוווער יידן מקויים געוואָרן דוד המלכס עצה: „לכו והתפרנסו זה מזה”. ווער ביי מעקלעריי, אָדער סתם דרייט זיך אין מאַרק. אויף דעם דערציילט מען אַ מעשה, אַז אַ ריכטער, אַ גוי, האָט געפרעגט אַ יידן אויף זיין באַשעפטיקונג; האָט דער ייד געטענהט: „אָט, מ׳דרייט זיך”. „כ׳פאַרשטיי נישט — זאָגט דער ריכטער — ווען איך דריי מיך אַפילו אַ גאַנצן טאָג אין מאַרק, וואָלט איך קיין פעניג פאַרדינט”. „דאָס איז אמת”, זאָגט דער ייד, „אָבער ווען איר, הער ריכטער, לאָזט מיך דרייען אָרום אייך, וואָלטן מיר ביידע געהאַט שיין פרנסה.” יאָ, דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל, מ׳האָט אַלץ אָנגענומען צום גוטן. אַ פערטל ראזעווע ברויט, אַ רעפטעלע אָנגעשמירט מיט הינערן שמאַלץ, אָנגעריבן מיט אַ קנאָבעלע, האָט געהייסן אַ נגידישע וועטשערע.

קראַנקע אָרעמעלייט ליגן אין הקדש. קיין שפּיטאָל איז נישטאָ און נישט קיין מושב זקנים. נשים צדקניות, ווי די מומע סערקע מיינע און אַנדערע, שיקן אָפּ אַלעמאָל אַ יאַכל דעם און יענעם אָדער אַביסל איינגעמאַכטס, צו דערהאַלטן ביים לעבן.

ראַווע איז אַ יידישע שטאָט, אָבער אין אַלע אַמטן זיצן נאָר גויים. דער תירוץ איז, אַז יידן דאַרפן שרייבן אין שבת. אויסנאַם אויף דער פּאָסט אַרבעט יאָ אַ ייד, אָבער יענער וואָלט זייער געוואָלט, מ׳זאָל מיינען אַז ער איז אַ גוי. האָט ער דווקא אַ יידישע נאָז... אויך דער אַפּטייקער אין שטאָט איז אַ משומד. פרומע יידן וויכן אים און קויפן אין דער גויישער אַפּטייק.

באַלד זענען מיר שוין נאָענט צום מאַרק, ס׳איז זונטיק. די געוועלבער זענען געשלאָסן. די קרעמער דרייען זיך פאַר די קלייטן, זיי פּאַסן אויף, אויב אַרענדע, דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט, איז שוין אַדורך דעם מאַרק פונעם קלויסטער אַהיים. דעמאָלט וועט מען קענען אַריינלאָזן אַ קונה דורך דער הינטערטיר.

אין מאַרק גופא שטייען רעדלעך מיט יידן, מ׳רעדט פּאָליטיק; סיים־וואַלן און שטאָט־ראַט־וואַלן. כאָלאָניעווסקי טראַכט אַלעמאָל נייע גזרות אויף יידישע הענדלער. ער וויל, אַז די מזרח־זייט פונעם ראָטהויז זאָל זיין פריי אַ גאַנצע וואָך פון הענדלער אחוץ מאָנטיק, מאַרקטאָג. מ׳רעדט וועגן דער פאַרזאַמלונג, וועלכע דר. מאַנדל רופט אויף היינט נאָכמיטאָג אויפן פּלאַץ צווישן דער שול און דער אייזענער קלויז. טאַקע וועגן דעם. אַ חוץ דעם ראש הקהל, וועט רעדן אין נאָמען פון די האָרעפּאַשנע מאַסן, בעלי מלאכות און פּאָלקסמענטשן, דער פאָרשטייער פונעם „בונד”, חבר גרויסאָויג.

מאָנטיק איז מאַרק־טאָג, פון וועלכן יידן ציען חיונה אַ גאַנצע וואָך. טאַנדעטניקעס גרייטן אָן צייגענע הויזן מיט רעקלעך פאַר פויערים. שוסטערס הענגען אויס יאַכטענע שטיוול, דאַמסקע מיט קליינע קלעצלעך פאַר פויערטעס. דאָרט ביים ראָטהויז זענען די ביידלעך פון די חזיר־שלעגערס. דער טרפענער ריח פון שפּעק און סאַדלע קריכט בעל כרחו אין יידישע נעז: וויטער רעכטס, פאַרנעמען די בעקער מיט זיסוואַרג און אַלט געבעקס, וואָס איז איבערגעבליבן ביי יידישע קרעמערס פון אַ גאַנצע וואָך, נאָך פאַר שבת. ווייטער, צעלניק־סוחרים, פויעריש שניט, מאַרקזיצערינס מיט אויבסט, מיט שבעלע די גבאיטע בראש. אַ גרויס ענגענישט איז בעיקר ביי די פיר מאַרק־פּאָמפּעס. — פערד טופּען אומגעדולדיק, וואַרטן ביז די פויערים וועלן אָנשעפּן אַ וויאַדרע וואַסער. אַנטאָך, דער וואַסער־טרעגער, שכור נאָך פון נעכטן, שעלט מיט וויסטע קללות אַלע יידן, ווי נאָר ער באַגעגנט זיינע היימישע קרובים. די קולות פון מענטשן און בהמות גייען עד לב השמים. איין קרעמער קלאַפּט דעם פויער אין דער האַנט, פאַרזיכערט אים הייליק, אַז ער קען טראָגן די שטיוול לפחות צוויי גאַנצע יאָר... — אויף די אַקסל... יידן יאַרידניקעס לויבן אויס זייער סחורה.

דעם הייליקן שבת האָט מען אָנגעהויבן צו פילן שוין פרייטיק אינדערפרי. דער ריח פון פריש געבאַקענע פלאָמפלעצלעך מיט ציבעלעס און מאָן האָט פאַרשמעקט יעדע שטוב. שיע מייסטער דער שמייסער פון שוויץ־באָד, קלינגט מיטן גלעקל און רופט דעם עולם שוויצן אין באָד אַריין. דאָ, אין באָד, זענען אַלע גלייך, אָרעם און רייך, אַלע געניסן פון דער זעלבער היץ, ווייל שיע גיסט אַלעמאָל אויס אַ נייעם עמער וואַסער אויף די אויסגעגליטע שטיינער. נאָר אַ קליינער אונטערשייד: דער אָרעמער עולם באַדינט זיך אַליין, די רייכע לאָזן זיך אָפּשמייסן און באַדינען פון שיען, וועלכער שלעפּט די קענדלעך וואַסער אויף די הויכע הייסע טרעפּ, אַרויף און אַראָפּ. ביים הייסן שוויץ־באָד געפינט זיך דאָס קלענערע קיל־שטובל. דאָ זיצן סתם לצנים, מה יעשהניקעס, דער עולם בייט זיך, אָבער דאָס רעדל מיטן שפּעטערייַ ענדיקט זיך קיינמאָל נישט — אַזוי ווי אַ נר תמיד. דער הויפּט־רעדנער איז איטשע באָבעניק, רחלע דער באָבעס מאַן. ווער קען נישט רחלע די באָבע; אַ גאַנצער דור איז אַדורך אירע הענט; זי אַליין געדענקט שוין נישט די צאָל געבורטן. איטשע דער באָבעניק איז אַ גרויסער בעל דמיון; קען דערציילן מעשיות נישט געשטויגן, נישט געפלויגן; אָבער מיט אינהאַלט און צו דער זאַך. מענטשן ווייסן זיין שוואַכקייט, לייגן צו אַן אויער, הערן גוזמאות אָן אַ סוף — כאילו מ׳הערט צום ערשטן מאָל. אַז מ׳רעדט למשל וועגן דער וואַרעמער מקווה, דערציילט ר׳ איטשע אַז אַלץ יונגערמאַן, האָט ער אַמאָל ערב שבת אין מקווה געכאַפּט אַ לעבעדיקן העכט; אָדער, אַז מ׳רעדט וועגן פרעסט, דער־

ציילט ער, אַז אַמאָליקע צייטן זענען געווען שטאַרקע פּרעסט; דעם זיידן זיינעם, עליו־השלום, איז פאַרפרוירן געוואָרן דער קליינער פינגער בעת אָפּריכטן דעם סדר, ביי די עשר מכות, ווען מען טינקט איין אין כוס.

זומערצייט פלעגן חברה יונגוואַרג גיין באָדן צום טייך. חברה יאַטן, וואָס האָבן נישט קיין מורא פאַר שקצים, באָדן זיך אַפילו ביי דער באַן־בריק, ביי דער סלוזשע. חדר־יינגלעך האָבן מורא געהאַט פאַר די שקצים, וועלכע פלעגן נאָכוואַרפן די קליידער אין טייך אַריין, אָדער רייצן אַן הינט. באָדן זיך דאָ נאָענטער ביים הויף...

פון ביידע ברעגעס פונעם טייך ציען זיך טיפע לאָנקעס מיט הויך שמעקנדיק־געשניטענעם היי, מחייה נפשות. באַזונדער אין אַ זייטנווינקל באָדן זיך ווייבער. פונדערווייטנס זעט מען ווייסע אָנגעבלאָזענע העמדער, פון צייט צו צייט הערט מען געשרייען, אויב ס'דערנענטערט זיך אַ מאַנספערשוין. חדר־יינגלעך נעמען זיך מיט צום טייך די פרישע ציבעלע־און־אייער־קיכלעך. לויט דער פאַרב אַרום דעם מויל זייערן, ווייסט מען וואָס פאַראַ פלאָדן די מאַמע האָט געבאַקן אויף שבת, פון שוואַרצע יאַגאָדעס, אָדער פון ווײנשל. אין די וועלדער פון אַלע עקן שטאָט, וואַקסן בשפע יאַגעדעס, פאַזשעמקעס און מאַלינעס. פויערישע קינדער האָבן בחצי חנם געברענגט צו פאַרקויפן אין שטאָט אַריין.

צוביסלעך פאַרמאַכן די קרעמער די קלייטן, נאָך איידער ראובן שמש קלאַפּט אין שול אַריין איז שוין שבת אויף דער וועלט. פון איעדער יידישער שטוב שיינען אַרויס די בענטשליכט. קינדער מיט אָפּגעצוואָגענע צעפּלעך וויזן זיך ביי די טירן.

אַלע גאַסן, וואָס פירן צו די שולן און קלויזן, זענען פול מיט מענטשן; אויך מאָדערנע יונגעלייט, קנאַפּע דאַווענערס שפּאַצירן אין גאַס. פרייטיק צו נאַכטס — נאָכן עסן — קינד און קייט שפּאַצירט אין מאַרק, צו כאַפּן פרישע לופט. איינזאַמע פאַרלעך זוכן התבודדות, ווייט אַזש אויפן הויף, ביי דער בריק. ווייטער צום ראטער קלויסטער גייט מען זעלטן; אַ סכנה פאַר שקצים, הפקר יונגען. ווינטער צייט זענען אַלעפאַרטיי־לאָקאַלן געפּאַקט מיט יוגנט: דאָ אַ טאַנץ־אָוונט, דאָרט אַ קעסטל־אָוונט. אין דעם פאַריין „התקווה" אַ רעפעראַט פון עפּעס אַ דאָקטאָר־פּראָפעסאָר; ווייל צו סתם אַ רעדנער איילט מען זיך נישט אַזוי שנעל, און ציט ווייניק צוהערערס. זומער־צייט שבת, שפּאַצירט מען אין די וועלדער. די יוגנט אָרגאַניזאַציע „גורדוניה" האַלט אָפּ אירע שיחות אין וואָלקאָוויצער וואַלד ביי דער ציגל־פאַבריק. אין באַרוועער וואַלד האַלטן אָפּ די קאָמוניסטן זייערע געהיימע באַגעגענישן. סתם שפּאַצירער געניסן פון פרישער לופט אויפן הויף. דערגייען ביז צום סעדליסקער וואַלד און אויפן



צעירי „גורדוניה"

וועג קויפט מען ביליק אויבסט ביי די גלחים אין קלויסטער. דאָ קען מען באַגעגענען די צוויי פילאָזאָפן: יאָסל שנעסעל מיט אַביש ברינגער. זיי רעדן וועגן אַ נייעם בוך וואָס זיי האָבן נאַרוואָס באַקומען פון דער התאחדות־ביבליאָטעק.

יאָ, ווו זענען מיר, אין מאַרק, ביי פילסודסקיס דענקמאָל, טאַקע ביים „קלאָפּערהייזל", אויב איר זייט אַ היגער, אַ ראַוועער, ווייסט איר געווי, ווו מיר שטייען. דאָ הענגט אַ גרויסע מודעה וועגן דער פאָרשטעלונג וואָס זועט פאַרקומען מוצאי שבת אין בית־יתומים זאַל, מ'שפּילט „כאַשיע די יתומה". ווער זענען די שוישפּילערס? דער ראש־הקהל דר. מאַנדעל, שימעק מאַרגאָליעס, לייביש וועבער. דער רעזשיסער איז — דר. הערשדערפער. די הכנסה איז געווידמעט פאַר קרן קיימת לישראל.

פון דער ווייבערישער שול אין דער אייזערנער קלויז, הערט מען חדר־יינגלעך זאָגן אויפן קול: „מודה אני לפניך". אַ סימן אַז ס'איז שוין נאָענט צום אָנבייסן. דאָרט קנעלט יחיאל מלמד מיט דרדקי יינגלעך אַ שייטל עברי. מ'מעג אים נאָכזאָגן, וואָס איר ווילט, אַז ער איז געווען אַ בייזער. צו זכות מוז מען זאָגן, אַז אַדאַנק אים האָט כמעט יעדער, וואָס האָט געלערנט ביי אים אַ פאָר זמנים, געקענט אויסווייניק פאַרטייטשן אַ פרשה חומש מיט רש"י. דערפאַר, אַז נאָך צוויי זמנים איז דער יונגאַטש אַריבער לערנען צום רויטן מלמד חיים שמואל, איז די ערשטע זאַך געווען צו וואַרפן שטיינער אַרויף אין חדר אַריין. דערפאַר זענען תמיד אַלע שויבן פון דער אויבערשטער ווייבערישער שול געווען אויסגעהאַקט. לייבעלע שמש, אַ ייד אַ בעל־מזג טוב האָט זיך אַלעמאָל פונדאַסניי אויסגעבייזערט: אויב ער וועט כאַפּן

דעם יונג... מי יודע וואָס ער וועט אים טאָן. אין דער איי־זערנער קלויז גופא, ענדיקט שוין דאָס לעצטע מנין, דאָס שחרית דאַווענען; פון זעקס אַזייגער פרי ביז איצט אָן אויפ־הער, איין מנין נאָכן צווייטן, קדושה און ברכו... יידן דאַווע־נען, מ׳כאַפּט אַריין אַ בלאַט משניות נאָך אַ יאָרצייט, מ׳־טרינקט לחיים און מ׳פאַרבייסט מיט האָניק־לעקעך, אָדער ראַגעלעך פון היימישן בופעט. אין די ווינקעלעך רעדט מען.

יענקעלע מונד דאָס איז תורה און סחורה במקום אחד, ממש אַ שיינער ייד, אַ זון פון ר׳ הערשעלע מונד, אחד משבעה טובי העיר. ער האָט אַ פּריוואַטע באַנק; דער מאָ־נאָפּאָל אויף זאַלץ צו פאַרקויפן געהערט צו אים. אַז מ׳דאַרף להשליש־זיין געלט פאַר אַ בוררות, לייגט מען עס איין ביי יענקעלע מונד. ער דאַוונט זייער שיין; האָט אַ זיס קול און איז אויך אַ גוטער בעל־קורא. די ווייבער ממש צעגייען זיך פון וויינען, ווען ער זאָגט הושענא רבא, די הושענות. אויף ימים נוראים פאָרט ער קיין בעלז. דאַמאָלס דאַוונט אין דער אייזערנער קלויז דער מאַגיראָוועער רב.

אין צווייטן ווינקל זיצן אַ גרופּע יידן, משכילים און שמועסן שיחות תלמידי חכמים. שמחה האַבערמאַן, אַן עלוי, אַן אָפּענער קאָפּ; ר׳ בנימין שור, אַ גרויסער קענער אין עברית, אַ בעל מדקדק; אַברהמטשע האָפּענבראַטל מיט חיים לייב ליבערמאַן, די גרינדער פון העברעישער שול „תרבות״ אין שטאָט און אחרון־אחרון: ר׳ לייזער ציננער, — דער לעצטער ,אַ ייד אַ בעל תורה, אַ משכיל; אין די יונגע יאָרן פלעגט ער אַרומפאָרן אויף דער וועלט, ביז די שטאָט בראָד דערגרייכט; געהערט די „בראָדער זינגער״. איצט, אויף דער עלטער, מחמת דחקות, לערנט ער מיט אַ פּאָר באַלעבאַטישע יינגלעך תנ״ך און דקדוק. די חסידים האַלטן קנאַפּ פון אים; ער האָט אין זיין יוגנט געלערנט תנ״ך מיטן באור פון מענ־דעלזאָן און דאָס איז אַ טריפה פסול ביי זיי.

אין פּאַליש ביים אַריינגאַנג אין קלויז לייגט אויס זכריהלע דער איינבינדער זיין סחורה צו פאַרקויפן. תשמישי קדושה, סדורים, חומשים, לוח׳לעך, ציציות און — להבדיל — סתם מעשה ביכלעך פאַר ווייבער. הושענא רבא האָט ער אַ חזקה צו פאַרקויפן הושענות. נאָר פון די אַלע פּרנסות האָט ער ווייניק ברכות. פון איינבינדעריי האָט ער קנאַפּ פּרנסה. יידן דאַווענען אויסנווייניק, מ׳צערייסט נישט קיין סדורים. די קאָנקורענץ מיט בערעלע איינבינדער איז גרויס; יענער האָט געבראַכט אַ מאַשין צו שניידן פּאַפּיר. אַלע חדר יינגלעך קויפן בענטשעלעך נייע געדרוקטע ביי אים. נאָך אַן איינבינדער איז דאָ: דאָס איז יצחקל דער איינבינדער. זכריהלע איינבינדער, אַ ייד אַ מזג טוב, רעגט זיך זייער אויף, ווען קהל יידן שטעלן זיך אַרום אים, נישטערן און לייענען דורך אויף איין פוס אַלע מעשה ביכלעך, דרייען מיט דער

נאָז, מעשה מבין און גייען אַוועק גאַרנישט ביי אים צו קויפן. דאַמאָלס, אויפגערעגט, טענהט ער, אַז ער וויל בכלל נישט יידיש לייזונג, נאָר האַנדלען מיט פריצים. והראייה: אין די ווינטערדיקע חדשים בינדט ער די ביכער אין די קאַסערן ביי די זעלנער און פון זיי האָט ער מער ווי אַ האַלבע פּרנסה; פון יידן איז זייער שווער אַרויסצוציען די אַנדערע העלפט... אַ גרויסער שאָד, וואָס די גוים דאַווענען נישט פון קיין סדורים, דאַמאָלס וואָלט ער געקענט הנאה האָבן פון גאָטס וועלטל.

זכריהלע האָט אַ חזקה צו קלאַפּן אין שול אַריין. יעדן פרייטיק פאַרנאַכט, שפּאַנט ער אַדורך די אַנדערע העלפט יידיש פערטל פון שטאָט, קלאַפּט מיט דעם האַלצערנעם האַמער אין יעדער יידישער טיר; אַזוי צעטיילט ער זיך מיט דער מצוה מיט ראובן שמש אַיעדער ערב שבת. דאָס האָט ער איבערגענומען די חזקה פון ר׳ הערש שמש, וועל־כער איז געווען יאָרן־לאַנג שמש אין דער גרויסער שול. דער לעצטער האָט אַנגעזאָגט אין זיין צוואה, אַז אין זיין קבר זאָל מען אים אַריינלייגן דעם האַלצערנעם האַמער מיט וועלכן ער פלעגט קלאַפּן איעדן פרייטיק צו ליכט־צינדן.

יצחקל דער איינבינדער וועקט אויף צו סליחות. מיט אַ טרויעריק קול רופט ער נאָך חצות: „יידן, שטייט אויף לעבודת הבורא״. אין אָנפאַנג פלעגן אים די שטאָט סטראַזש־ניקעס אַוועקיאָגן, אָבער נאָכדעם האָבן זיי אים אָפּגעלאָזט. אַלס לוין האָט ער געקריגן פון דער קהילה אַ פּאָר שטיוול אויפן ווינטער. ער איז געווען אַ לוסטיקער אָרעמאַן, אַ שמח בחלקו. נישט געווען קיין חתונה אין שטאָט, אַ קידוש שבת, אָדער צו שבע ברכות אָן יצחקל. ער פלעגט מיט זיך מיטראָגן אַ קליין קוישעלע; דאָרט פלעגט ער קודם אַריינ־לייגן דעם לעקעך פאַרן ווייב און קינדער, זאָלן געזונט זיין, און נאָכדעם אַליין טועם זיין. ער פלעגט ליב האָבן משמח זיין אויף שמחות פון עמך, נישט דוקא פון נגידים.

די גרויסע שול איז שיין און תמיד זויבער; דאָס איז אַ דאַנק דעם גבאי אברהמעלע ווייס. אַליין אַ געפּוצט יידל, זאָרגט ער אַז מאָטל דער שמש, זאָל נישט אָפּלאָזן פון זיין פליכט; נישט ווי אין אַנדערע בתי־מדרשים. אַ גאַנצע וואָך דאַוונט דאָ אַ קנאַפּ מנין. דעריבער שבת איז די גרויסע שול פול מיט מתפללים. יידן, וואָס זענען אַ גאַנצע וואָך פּאַר־האַרעוועט אָדער אונטערזועגנס, מאַרק הענדלער, בעלי מלאָ־כות, מייסטערס פאַר זיך. דאָ דאַוונט מען נוסח אשכנז. פונקט אַכט אַזייגער פרי, קומט דער רב; נישט ווי אין די חסידישע קלויזן, שפּעטיקט מען קיינמאָל נישט.

אַלס גבאי אין שול, הערשט ער ביד רמה. אין שול רעדט מען נישט קיין פּאָליטיק. בכלל, זאָגט אברהמעלע ווייס, אַז מיט יידן איז נאָר גוט קוגל צו עסן; אָבער נישט



די גרויסע שיל. — בית־הכנסת הגדול.

פון איין טעלער. וואָס האָט איר צו אונדזערע יידן? הערט אַ מעשה: ער, אברהמעלע, האָט געדינט קריגס־צייט אין גריידינג. דאָרט האָט „קיר'ה" צונויפגעזאַמלט אַלע יידישע סאָלדאַטן מיט באָרד און פאות; אים אַלס פעלדוועבל האָט מען באַפוילן פירן אַ קאָמפּאַניע יידן דאַווענען שבת אינדער־פרי. ער האָט געשפּאַנט פאַראויס.

דאַרף אַקוראַט דורכגיין אַן אויבערסט, אַ שררה, מוז ער אים אָפּגעבן אַ סאַלוט. ער שרייט אויס: „אַכטונג"! דרייט זיך איבער, איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן: אַלע־מאָל צו פאָר איז אַן אַנדערער ייד נעלם געוואָרן. און פון דער גאַנצער קאָמפּאַניע איז נישט געבליבן קיין מנין יידן. ודי בזיון וקצף. לא די, וואָס ער האָט פאַרלוירן דאָס בענדל, האָט מען געמאַכט אַ משפט... גיי פיר אַ מלחמה מיט יידן!... אַ וווּנדער, וואָס עסטרייך האָט פאַרלוירן דעם קריג...

די שול איז אַ הויכע, שיינע געביידע; אויפגעבויט נאָך פאַר מלך סאָביעסקיס צייטן. דער הויכער סופיט איז אונ־טערגעשפּאַרט מיט זיילן; אויפן סופיט און אויף די ווענט זענען אויסגעמאָלן אַלע מזלות, לאַנדשאַפּטן, רחלס קבר, מערת המכפלה. די חיות, למשל, האָבן יידישע אויגן, קיין רציחהשן בליק. שיינע קרענץ בלומען געמאָלן אַרום דעם ארון קודש. דער באַלעמער איז אַ קונסט־ווערק פון אַרטיסטן. שבת־יום־טוב איז אַ פּראַכט צו זען די גרויסע שול באַ־לויכטן מיט אַלע לאָמפּן און הענגלייכטער, פול געפּאַקט מיט אַן עדה יידן, קינד און קייט. אַ סך גיט צו דער חזן. ווער געדענקט נישט חיים דעם חזן. אַמאָליקע צייטן איז נישט געווען אַזוי לייכט אַנצוקומען צו זיין אַ בייהעלפער

ביי אים (אַ משורר). וואָכנלאַנג נאָך די ימים טובים, אין די ווינטער נעכט, פלעגט מען נאָכזינגען אין אַלע קירזש־נער וואַרשטאַטן די תפילות: „ונתנה תוקף" אָדער „ויאתיו". לאָה די חזנטע פלעגט שטאַרק זאָרגן, אַז איר קרוין זאָל זיך חלילה נישט צוקילן; מעשה שטן, הייזעריק ווערן דוקא פאַר ימים נוראים. „חיים", פלעגט זי זאָגן, „דאַכט זיך מיר, אַז דאַ־אָ, שטעכט דיך. אפשר שוין געוונג פאַר היינט? ביי אַ גזלן איז זיך שוין לייכטער צו דערבעטן".

אַ חוץ חיים חזן, איז געווען אויך מאיר חזן. ער פלעגט דאַווענען אין אַלטן בית־המדרש. אַ גאַנצע וואָך איז ער געווען אַ שטיקל כלי־קודש. אַן אויפזעער אויף די קצבים אין שעכט הויז.

אין דער בייאיקער בעלזער קלויז אָדער ווי מ'רופט די „אַלטע" קלויז איז פול געפּאַקט מיט מתפללים; כאַטשע זייער אַ סך חסידים פלעגן זיצן די גאַנצע עשרת ימי תשובה ביים בעלזער רבין. דאַמאָלס פלעגט קומען אַהער דאַווענען ר' שלום רוקח, אָדער ווי מ'רופט אים ר' שלומקע. יאָרן לאַנג פלעגט דאַווענען אַלס מתחיל ר' נחמן משה סנדרס, אַ ייד איבער די אַכציק, אַ סגי־נהור, געדאַוונט אויסנווייניק מיטן סקאַרבאָווע נוסח, ממש אַ מחייה, דאָס איז זיין חזקה פון יאָר צו יאָר.

מוצאי יום כפור באַלד נאָך נעילה, ווען דער פּראָסטער עולם האָט זיך געאיילט אָנצובייסן, פלעגן יידן חסידים, געמיטלעך מחדש זיין די לבנה, ווינטשן „אַלדאָס גוטס אויסגעבעטן", און באַגלייטן די רבנים מיט געזאַנג אַהיים. נחמן דער בעקער איז געגאַנגען פאַראויס באַלייכטן מיט

אַ לאַמטערן. דעם פּאַטעליצער רב פלעגן באַגלייטן די בעלי־בתים פונעם זאַמד־בית־המדרש מיטן אַלטן ר׳ משה דער פּיטשיניק אין דער שפּיץ. זינגען און פּאַטשן מיט די הענט. נאָך דעם מאַגעריוער רב פלעגט דער גוי, אַ שמייסער ביי פישעלען דער פיקאַרניק, אָפּפירן אַהיים. די חסידים פלעגן אַרומרינגלען די בריטשקע, זינגען: „און זאָל שוין קומען די גאולה און משיח זאָל שוין קומען״. אין די גאַסן האָט מען נישט געזען אַ גוי אויף אַ רפואה, אַ חוץ איוואַן דער באָד־גוי, וועלכער פלעגט אַכטונג געבן אויף די יאָרצייט־ליכט, זיי זאָלן נישט מאַכן חלילה קיין שרפה; אָן אים, ווער וועט לעשן?...

אין געמישטן פּערטל וווינט די יידישע אינטעליגענץ, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן; דאָ, אַ ביסעלע ווייטער וווינט דער ווינער דאָקטאָר, דר. דאַדלעץ. צו אים קומט דאָס גאַנצע יידישע אָרעמקייט אויף דער אָרעמער שעה, יעדן פרימאָרגן. אַלע גלויבן אין אים: פריער גאָט און נאָכהער דער ווינער דאָקטאָר; ער איז באמת איינער פון די חסידי האומות און אוהב ישראל. מיר דערנענטערן זיך צו דער באַן־ראַמפּע. דאָ פאָרן אַדורך באַנען קיין מערב, — קיין קראָקע. דאָ ענדיקט זיך דאָס יידישע פּערטל און ס׳הויבט זיך אָן די גויאישע פאָרשטאָט, ווו מ׳האָט געלעבט יאָרנ־לאַנג איינער ביים צווייטן; און דאָך יידן „עם לבדד ישכון״...

# אנשטאלטן-מוסדות

**דר. נחמן בלומענטאַל**

## די קאָאָפּעראַטיווע באַנק אין ראַווע

אין ראַווע האָט עקזיסטירט אַ קאָאָפּעראַטיווע באַנק אונטערן נאָמען „קאָאָפּעראַטיווער פאַרבאַנד״, וואָס איז געווען אָנגעשלאָסן אין אַלגעמיינעם פאַרבאַנד פון יידישע קאָאָפּעראַטיוון אין פּוילן. איר צענטראַלע פאַר גאַנץ פּוילן האָט זיך געפונען אין וואַרשע און די לאַנד־צענטראַלע פאַר קליינפּוילן (גאַליציע) אין לוואָוו.

די לאַנד־צענטראַלע אין לוואָוו האָט יאָר־יערלעך צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פון די באַזונדערע קאָאָפּעראַטיוון פון גאַנצן ראַיאָן אין לעמבערג. אַ חוץ דעם האָט די הויפּט־צענטראַלע אין וואַרשע גערופן אַ יערלעכע פאַרזאַמלונג קיין וואַרשע, וווהין די לעמבערגער עקספּאָזיטור האָט צוגעשיקט אירע אויסגעוויילטע דעלעגאַטן, פאָרשטייער פון לעמבערג און אַנדערע גרעסערע קאָאָפּעראַטיוון אין קליינפּוילן.

סיי די עקספּאָזיטור, סיי די צענטראַלע, האָבן נאָך יעדן צוזאַמענפאָר פאַרעפנטלעכט יערלעכע באַריכטן פון די באַזונדערע קאָאָפּעראַטיוון, ווי אויך דעם פּראָטאָקאָל פון די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, וואָס האָט איבערגעגעבן דעם באַריכט פון דער עקזעקוטיווע, דעם ויכוח אַרום אים, ווי אויך די אויסגעוויילטע נייע אינסטאַנצן אויפן נייעם אַרבעטס־יאָר וכו׳.

פון די פאַרעפנטלעכטע (געדרוקטע, צי העקטאָגראַפירטע) באַריכטן נעמען מיר אַרויס די וויכטיקסטע געגעבענע פאַר דער שטאָט ראַוואַ־רוסקאַ. די באַנק אין ראַווע איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1923, מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 176 פּערזאָן, אין משך פון דעם יאָר זענען צוגעקומען 64 נייע מיטגלידער און אָפּגעפאַלן 8; אַזוי אַרום האָט די באַנק סוף יאָר געציילט 232 מיטגלידער. אַ קענטיקער וווּקס, וואָס דאָס אַליין באַווייזט, אַז די באַנק האָט אויסגעפילט אַ נוצלעכע אַרבעט און מיט איר אַרבעט איז די יידישע באַפעלקערונג מער אָדער ווייניקער געווען צופרידן.

די צאָל מיטגלידער פון באַנק צו דער צייט האָט זיך געטיילט לויט די פאַכן:

| | |
|---|---|
| קליינהענדלער | 154 |
| האַנטווערקער | 41 |
| פאַבריקאַנטן, סוחרים (גרעסערע) | 16 |
| פרייע פּראָפעסיעס | 5 |
| לאַנדווירטן | 4 |
| פאַרשידענע אַנדערע | 12 |

פון דעם איז צו זען, אַז די באַנק האָט קודם כל באַדינט די מיטעלע, בעסער געזאָגט, אָרעמע קלאַסן: די בעלי־מלאכות און קליינע סוחרים, וואָס האָבן געבילדעט דעם רוב מנין און רוב בנין פון דער יידישער באַפעלקערונג פון שטאָט. זייער צאָל 195 מאַכט אויס 84.4% פון אַלע מיטגלידער.

דער פאַקט, וואָס פון דער באַנק האָבן געצויגן נוצן באַזונדערס די אָרעמערע שיכטן, עמך, באַווייזט אויך דער נידעריי־קער אָפּצאָל פאַר אַ פיי — 25 זלאָטעס בס״ה און אַ צוגאָב פאַראַנטוואָרטלעכקייט — 10 זל.

מיר וועלן נעמען אין באַטראַכט איצט די געגעבענע פאַרן יאָר 1937. די צאָל מיטגלידער האָט באַטראָפן אָנהויב יאָר 289. צוגעקומען זענען אין לויף פון יאָר 26, אָפּגעפאַלן (עמיג־

רירט) — 17; אזוי אַרום האָט סוף יאָר די צאָל מיטגלידער באַטראָפן 298.

זייער סאָציאַלער שטאַנד:

| | |
|---|---|
| לאַנדווירטן | 35 |
| סוחרים און פאַבריקאַנטן | 171 |
| האַנטווערקער | 54 |
| ביוראָ־אַנגעשטעלטע | 4 |
| אַנדערע | 34 |

דאָ האָט מען שוין געמאַכט אַ צענויפמיש צווישן די קליינע און גרויסע סוחרים און צוזאַמען מיט די פאַבריקאַנטן; געמאַכט פון זיי איין קלאַס!

פון דער אַנדערער קלאַס זעען מיר, אַז די פרייע פראָפעסיעס האָט מען אַריינגערעכנט צו די „אַנדערע".

די צאָל געצאָלטע באַאַמטע פון באַנק האָט באַטראָפן 3 מענטשן.

מיר וועלן זיך צוקוקן צו די אָפּעראַציעס, וואָס די באַנק האָט געמאַכט אין משך פון דעם יאָר.

די הויך פון דער גרעסטער הלוואה, וואָס די באַנק האָט געגעבן האָט באַטראָפן 2.000 זל. אויסגעצאָלט הלוואות אין דעם יאָר האָט מען 241 אויף אַ סכום פון 85.814 זל. די דיסקאָנטאָ האָט באַטראָפן אַ סכום פון 53.367 זל. אַנדערע קרעדיטן — 1.846 זל. — צוזאַמען באַטרעפט דאָס 141.017 זל. די צאָל הלוואות־געניסער צום סוף יאָר האָט אויסגעמאַכט 197. דער העכסטער פּראָצענט־אָפּצאָל פאַר דער הלוואה האָט באַטראָפן 10%.

אין משך פון יאָר האָט מען אַריינגעטראָגן פקדונות אויף אַ סכום פון 222.693 זל. און אַרויסגענומען — 207.190 זל. די צאָל פון די בעלי־פקדונות האָט באַטראָפן 74. פאַר די פקדונות האָט מען געצאָלט 4.5%.

דאָקומענטן אויף אינקאַסאָ האָט מען אין דעם יאָר אָנגענומען 1329 אויף אַ סכום פון 1.508.392 זל. דער ריינער רווח פון באַנק האָט אין דעם יאָר באַטראָפן 2.256 זל. (נישט קיין איבעריק גרויסער!). אינטערעסאַנט וועט אפשר זיין אָנצוגעבן, אַז די 3 אָנגעשטעלטע (באַאַמטן) אין באַנק האָבן צוזאַמען, גענומען אין משך פון יאָר — 3.600 זל. ד.ה. דורכשניטלעך קומט אויס אויף יעדן איינעם 100 זל. אַ חודש. נישט קיין גאָר געהויבענער געהאַלט! ווי עס זעט אויס, איז דער געהאַלט נישט געווען קיין גלייכער פאַר אַלע דריי. איינער האָט באַקומען מערער, דער צווייטער ווייניקער. אויסגעצאָלט האָט מען פּראָצענטער אין משך פון יאָר די בעלי־פקדונות אויף אַ סומע פון 1.921 זל.

קיין גאָר גרויסע אָפּעראַציעס האָט די באַנק נישט געמאַכט. אָבער דער פאַקט, וואָס ביי דעם שרעקלעכן עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס די יידישע באַפעלקערונג, באַזונדערס אין מזרח פוילן, האָט צו דער צייט איבערגעלעבט צוליב דעם אָפּענעם, צי שטילן באָיקאָט, וואָס די פוילישע רעגירונגס ספערן האָבן געפירט, אי צוליב דער קאָנקורענץ מצד די פוילישע און אוקראַינישע קאָאָפּעראַטיוון — האָט אויך די באַנק אויסגעפילט אירע פליכטן, און נאָך געהאַט אַפילו ריווח. דאָס איז אַ גוטער סימן.

אין אַנדערע מזרח גאַליצישע שטעטלעך האָבן צו דער צייט אייניקע בענק געמוזט זיך פאַרמאַכן. געהאַט פאַרהעלטנישמעסיקע גרויסע היזקות, דער עיקר צוליב דעם, וואָס די פאַרארעמטע קרעמער, צי בעלי־מלאָכות האָבן נישט געקאָנט אָפּצאָלן זייערע הלוואות וכו'.

דאָס הייסט, אַז די שטאָט ראַווע האָט זיך נאָך ווי נישט ווי געהאַלטן אויף דער אויבערפלאַך.

דער לעצטער באַריכט, וואָס מיר האָבן וועגן דער באַנק, איז פאַרן יאָר 1938 און איז איבערגעגעבן געוואָרן אויפן זיבעטן ראַיאָן־צוזאַמענפאָר פון די פאָרשטייער פון די קאָאָפּעראַטיוון אין מזרח־גאַליציע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 30.4.1939 אין לוואָוו, אין לאָקאַל פון דער יידישער קהילה. אָנטייל האָבן גענומען אין דעם צוזאַמענפאָר דאָס פּרעזידיום: אברהם זילבערשטיין, דר. עמיל זאַמערשטיין, דר. זיגמונט מייבלום און 54 דעלעגאַטן פון די באַזונדערע קאָאָפּעראַטיוון.

לויטן באַריכט פון ראַוואַ־רוסקער דעלעגאַט האָט צום סוף פון 1938־טן יאָר די באַנק געציילט 296 מיטגלידער. דער סכום פון די פקדונות האָט באַטראָפן 64.108 זל. באַדייטנדיק געפאַלן כלפי דעם פריערדיקן יאָר: דאָס איז אַ סימן דלות!

אויפן צוזאַמענפאָר האָט מען אויך אויסגעוויילט 29 באַפולמעכטיקטע, וואָס האָבן געדאַרפט אָנטייל נעמען אין צוזאַמענפאָר פון די פאָרשטייער פון דער יידישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג פון גאַנץ פוילן אין וואַרשע. צווישן די געוויילטע האָט זיך געפונען דר. פּאָפּיעל פון ראַוואַ־רוסקאַ.

דאָס איז דער לעצטער באַריכט, וואָס איז דערשינען פאַר דער מלחמה אין פּראָטאָקאָל פון צוזאַמענפאָר. די מלחמה האָט אַ סוף געמאַכט אויך צו דער אַרבעט.

אגב איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אין יאָר 1900, גיט איבער גרוּינסקי, זענען געווען אין פּאָוויאַט ראַוואַ־רוסקאַ 14 קאָאָפּעראַטיווע אַנשטאַלטן: דערפון קריסטלעכע 5 און יידישע 9.

## באַראָן הירש־שול

אין גאַליציע און אין בוקאָווינע זענען, ווי באַקאַנט, געווען אַ נעץ פון פּריוואַטע שולן פאַר יידן, געגרינדעט און אויסגעהאַלטן דורך דער פונדאַציע פון באַראָן הירש, וואָס איר פאַרוואַלטונג („קוראַטאָריום") האָט זיך געפונען אין ווין. און הגם



די גמילות־חסד קאַסע אין בנין פון דער באַראָן־הירש שולע, זיצן: אברהם עדעל, בריינדעל האַבערמאַן, מאַטעלע ראָזנפעלד.

דער ציל פון די שולן איז געווען צו געבן יידישע קינדער וועלטלעכע בילדונג, מאַכן זיי פּאַר „איירָאָפּעער", אויסלערנען זיי רעדן און שרייבן די מלוכה־שפּראַך: דייטש און די לאַנד־שפּראַך — פּויליש, און וויניקער זיך פאַרנעמען מיט יידישער דערציונג. האָבן אָבער די דאָזיקע שולן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער יידישער דערציונג אין לאַנד. צווישן די לערער פון די שולן האָבן זיך געפונען גוטע ציוניסטן, געטריי דעם יידישן פאָלק און זיי האָבן אין די ראַמען פון דער שול געגעבן אויך דעם יידישן קינד אַ נאַציאָנאַלע דערציונג.

די שולן האָבן אויך — ווי אַ נייעס אין יענער צייט — איינגעפירט דאָס לערנען אין שול האַנט־אַרבעט (גערופן דעמאָלט „סלייד"), גימנאַסטיק אא"וו. זיי האָבן אויך געשיקט אַ טייל פון די קינדער, וואָס האָבן פאַרענדיקט די שול, לערנען זיך אַ פאַך ביי אַ מייסטער, אָדער אין אַ פאַך־שול.

די פונדאַציע האָט נישט נאָר אויסגעהאַלטן די לערער, נאָר אויך געבויט אייגענע בנינים פאַר דער שול, מיט אַ שפּיל־פּלאַץ און גאָרטן אויף צו לערנען די קינדער גערטנעריי; די פונדאַציע האָט אויך פאַרזאָרגט די אָרעמע קינדער מיט ביכלעך, העפטן, מלבושים, אַרויסגעגעבן מיטאָגן וכו'.

מיט איין וואָרט, די שול האָט געהאַט אַן איינפלוס אויפן גאַנצן גאַנג פון יידישן לעבן פון שטאָט, הן דורך דעם, וואָס אַהער זענען געקומען לערער מיט וועלטלעכער בילדונג, וואָס לרוב האָבן זיי געענדיקט אַ לערער־סעמינאַר, ווי אויך דורך דעם, וואָס די קינדער פון דער שול האָבן זיך אַנדערש אויפגעפירט, ווי די קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין די אָפּ־געשטאַנענע פּריוואַטע „חדרים".

אין ראַוואַ רוסקאַ איז געווען אַזאַ שול.

די קוראַטאָריע פון די שולן האָט, אָנהויבנדיק פון 1896, יעדעס יאָר אַרויסגעגעבן אין ווין אַ באַריכט וועגן פאַרגאַנגענעם שול־יאָר אין דער דייטשער שפּראַך, מיט גאַנץ גענויע פּרטים, וואָס גיבן אַ בילד, וואָס און ווי אַזוי מ'האָט געלערנט, וויפל ס'האָט אָפּגעקאָסט דאָס בויען די שולן און וויפל עס האָבן באַטראָפן די אַנדערע הוצאות וכו' וכו'.

דער לעצטער באַריכט איז דערשינען אין יאָר 1914 פאַרן שול־יאָר 1912/13. די מלחמה האָט געמאַכט אַ סוף צו די שולן און פון דער גאַנצער פונדאַציע איז גאָרנישט געוואָרן. די מאָנאַרכיע עסטרייך—אונגאַרן איז זיך צעפאַלן און אויף איר אָרט זענען אַנטשטאַנען נייע מלוכות, וואָס האָבן לויט זייער אופן אָרגאַניזירט די שולן: אין גאַליציע — (פּוילן) — פּוילישע מלוכה־שולן, וועלכע זענען אויך געווען אָפן פאַר יידישע קינדער, ד.ה. זיי זענען געווען אַנדערש דערמיט, וואָס מ'האָט נישט געלערנט שבת (דערפאַר האָט מען די שולן גערופן „שאַבאַסוּווקי") און דער רוב לערער זענען געווען יידן. געלערנט האָט מען אויך די יידישע רעליגיע און מער גאָרנישט פון „מלוכהשן" שטאַנד־פּונקט. אַן אַנדערע זאַך איז דאָס, וואָס די לערער פון זיך אַליין האָבן זיך לרוב באַמיט צו געבן אין די שולן (אויף פּויליש) אַ יידישן אינהאַלט דעם חינוך (אָרגאַניזירט נאַציאָנאַלע פייע־רונגען, געלערנט העברעיש וכו'). נישט איין מאָל איז צוליב דעם געקומען צו קאָנפליקטן מיט דער שול־מאַכט.

פון די שול־באַריכטן פון דער פונדאַציע פון באַראָן הירש נעמען מיר אַרויס דאָס, וואָס האָט אַ שייכות צו ראַוואַ רוסקאַ.

די שול האָט עקזיסטירט זייט סעפּטעמבער 1890 ביזן

אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה אין יאָר 1914. איר דירעקטאָר (שפּעטערדיקער) און איינציקער לערער איז אין אָנהויב געווען שמואל קרעל־צילף, וואָס האָט געהאַט סעמינאַריאַלע מאַטורע און אַ פּאַטענט אויף צו זיין לערער. די צאָל שילער איז צו דער צייט געווען זייער אַ קליינע. אַזוי אַז איין לערער איז געווען איבערגענוג.

ווי באַקאַנט, האָט מען פון אָנהויב די דאָזיקע שול באָיקאָטירט. נעמלעך, די גאָר פרומע יידן האָבן געזען אין איר אַ נעסט פון אַפּיקורסות. נו, און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די מלמדים פון די „חדרים" פון זייער זייט האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן דער דאָזיקער שול, מורא האָבנדיק פאַר קאָנקו־רענץ...

ווידער, די רייכערע שיכט יידן האָט אירע קינדער אין די שולן נישט געשיקט. זיי האָבן גיכער געוואָלט שיקן זייערע קינדער אין די פּוילישע שולן, אָדער לערנען זיי פּריוואַט, איידער צו שיקן זיי אין די באַראָן הירש־שול, וואָס איז דאָך געווען אַ „צדקה־שול" פאַר אָרעמע.

אין יאָר 1893 קומען צו דריי נייע לערער: בנימין בראַנדעס, איזידאָר זיידענוועג און אַחוץ דעם אַ לערער צו העברעיש — יעקב אַדלער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין סעמינאַר בילדונג.

אָנהויב שול־יאָר 1894/95 באַקומט די שול נאָך איין לערער דוד שאַוער. פון דעם שול־יאָר אָן געהערט די שול צו דער העכערער מדרגה מיט קוואַליפיצירטע פיר לערער, אַ חוץ דעם אַ לערער פאַר העברעיש. זיי זענען פאַרבליבן אין דער שול ביזן סוף.

פון 1895 לערנט אין דער שול נאָך איין לערער מיטן נאָמען מיכאל יופע, אַ קוואַליפיצירטער לערער. אין דעם שול־יאָר האָבן זיך געלערנט 150 שילער.

וואָס האָט מען געלערנט אין דער באַראָן הירש־שול?

די לערן־שפּראַך איז פון אָנהויב אָן געווען דייטש. פון 1894 ווערן איינגעפירט פּוילישע לערנביכער, לויט דער פאָ־דערונג פון גאַליצישן „קייזער־ און קעניגלעכן שול־ראַט". העברעיש ווערט באַטראַכט אַלס אַ נישט פאַרפליכטנדיקער קעגנשטאַנד, אָבער מ׳האָט אים געלערנט כמעט אומעטום, ווייל סיי די עלטערן, סיי די קינדער האָבן דאָס געוואָלט.

אָט האָבן מיר דעם אָפיציעלן לערן־פּלאַן פון דער פיר־קלאַסיקער פאָלקס־שול פון דער העכערער שטופע. אַזאַ איז געווען די שול אין ראַווע:

**(לערן־שעהן פון קעגנשטאַנדן אין אַ וואָך לויט די קלאַסן)**

| | 1־טע | 2־טע | 3־טע | 4־טע |
|---|---|---|---|---|
| רעליגיע | 2 | 2 | 2 | 2 |
| לייענען און שרייבן | 11 | 2 | 2 | 2 |
| לערן־שפּראַך (פּויליש) | — | 9 | 7 | 7 |
| לערן־שפּראַך (דייטש) | 2 | 3 | 3 | 3 |
| חשבון און געאָמעטריע | 3 | 3 | 3 | 3 |
| צייכענען | — | 1 | 1 | 1 |
| געזאַנג | 2 | 2 | 2 | 2 |
| גימנאַסטיק | 2 | 2 | 2 | 2 |
| בס"ה | 18 | 24 | 24 | 24 |
| אין צווייטן האַלב־יאָר | 21 | | | |

אַ טייל שילער, וועלכער האָט געענדיקט די שול, לערנט זיך אַ פאַך ביי אַ בעל־מלאָכה. אין לערן־יאָר 1902/3, למשל, — 8 ייִנגלעך: 2 לערנען קירזשנעריי, 1 — שניידעריי, 3 — שוס־טעריי און 2 — סטאָלעריי.

ביי דער שול האָבן אויך עקזיסטירט קורסן, וואָס האָבן אין אָוונט געלערנט דערוואַקסענע לייענען און שרייבן, ווי אויך מיידלעך — האַנט־אַרבעט. אין שול־יאָר 1901/2 האָבן אויף די אָוונט־קורסן זיך געלערנט 60 פּערזאָן.

די צאָל שילער האַלט אין איין וואַקסן. דערגייט אין לערן־יאָר 1901/2 צו 190 שילער. דאָס זעלבע אין יאָר 1903/4. דערנאָך וואַקלט זיך די צאָל. פאַלט ביזן יאָר 1909/10 צו דער צאָל פון 125 (קלענסטע צאָל). שפּעטער וואַקסט זי ווידער.

אין שול־יאָר 1902/3 האָט שוין די שול אַן אייגענע געביידע. אויף אויפצובויען די שול האָט די פונדאַציע אויסגע־געבן 42.000 קראָנען. אַ ריזיקער סכום אין יענער צייט. אין דער געביידע האָט זיך אויך געפונען אַ וווינונג פאַרן דירעקטאָר פון דער שול, אַ פּלאַץ אויף צו שפּילן זיך און גימנאַסטיק, אַ גאָרטן אויף צו באַאַרבעטן אים דורך די שילער (לאַנד־ווירטשאַפט) וכו׳.

די קינדער פלעגן אויך יאָר־יערלעך מאַכן אויספלוגן, כדי צו באַקענען זיך מיטן לאַנד וכדומה.

די לעצטע לערער: דירעקטאָר עפּשטיין, שטערנבאַך און לאָרבער.

# א נישט געלונגענער פרווו צו ארגאניזירן א העברעישע שול אין יאר 1913

משה ווייס, ניו־יאָרק

נישט אַלץ, וואָס מען זעט אין די היינטיקע צייטן, אָדער וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אָנגעקומען אַזוי גרינג, ווי מען וואָלט זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן. די העברעישע שולע, וואָס איז אַנטוויקלט געוואָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות אין ראַווא־רוסקאַ, וואָס איז געשטאַנען אויף אַזאַ הויכן ניוואָ — האָט געהאַט אויך זיינע פאַרלויפערס, מיט יאָרן צוריק, און ווי ביי יעדער שאַפונג, קען נישט מיט דעם ערשטן מאָל אַלץ געלונגען. די פעסטונג שפעטער דורכצוברעכן איז שוין געווען לייכטער — ווען אירע ווענט האָבן שוין פריער באַקומען די געהעריקע קלעפּ.

איך וויל דאָ שילדערן אַן עפּיזאָד פון נאָוועמבער 1913, וואָס עס געדענקט זיך מיר אַזוי גוט, ווייל עס האָט זיך אָפּגעשפּילט ביי אונדז אין הויז.

ישראלקי גאָלד און אברמטשע עדעל זענען צו אונדז אַרויפגעקומען — מיר האָבן שוין דעמאָלט געוווינט אין ראַט־הויז — און זיי האָבן געדונגען ביי אונדז אַ צימער, מיט קאָסט און קוואַרטיר, פאַר אַ העברעישן לערער. אין דעם זעלבן צימער, ווו ער האָט געוווינט האָט ער אויך געגעבן העברעישע לעקציעס. דער נאָמען פון דעם לערער איז געווען — ווייסבערג אָדער וויטבערג פון סקאַלאַט (גאַליציע). צו די לעקציעס, פלעגן קומען די דעמאָלטדיקע יוגנט, וואָס האָט נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג געשאַפן די ציוניסטישע באַוועגונג אין ראַווע. צווישן זיי זענען געווען: אברהם עדעל, ישראל גאָלד, לייבוש וועבער, יעקב־שלמה גאָלד, משה יאָזעפסבערג, אברמטשע גרויער (לייבעלי גרויערס זון), שמחהלי ראַפּאַפּאָרט, בנציון גינסבערג, זיין שפעטערע פרוי פעשע גאַרטלער, יענקל גראָפּס טעכטער, טודרוס רייצפעלד און די גאַנצע אויסגעווילטע יוגנט פון דער דעמאָלטדיקער צייט.

ליידער האָט דער ערשטער פרווו נישט געקאָנט לאַנג אָנ־האַלטן. ערשטנס, ווייל עס זענען געווען ווייניק שילער, אויך צוליב דער שווערער דעמאָלט עקאָנאָמישער לאַגע אין שטאָט, און דער עיקר, דורך דער לאָקאַלער יידישער פּאָליטיק, ווו עס זענען געווען פיל קעגנער; אַזוי, אַז נאָך 3 חדשים, האָט זיך די גאַנצע אונטערנעמונג אויפגעלעזט, דער נסיון איז נישט געלונגען און דער לערער האָט געמוזט פאַרלאָזן ראַווע. אין דער דעמאָלטדיקער צייט איז געווען שווער צו באַקומען אַ לאָקאַל פאַר אַ ציוניסטישן פאַריין אין מיטן שטאָט, אַזוי, אַז מ'האָט געמוזט דינגען אויסער דער שטאָט, ביי העו"ש ראָזענפעלד, וואָס האָט געוווינט נעבן גוישן בית־הקברות, ביי עוזר פאָטאָליטשערס איידעם.

די זרע, וואָס איז דעמאָלט פאַרזייט געוואָרן, האָט ערשט



תלמידי בית הספר העברי בעיר מקבלים את פני הסופר משה סתוי

געבראַכט פרוכטן אין די 20־ער יאָרן: דאָס אָרגאַניזירטע ציוניסטישע לעבן, מיט דעם „החלוץ" און די „גורדוניה"־באַוועגונג. אויך די היינטיקע, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, זיי אין ישראל און זיי אין חוץ־לארץ, זענען אַ דערפאָלג פון דער דעמאָלטדיקער אינטענסיווער, אויפקלערערישער און רעוואָלוציאָנערער אַרבעט.

# מהתנועה העברית בראווה־רוסקה

א. אבנרי (הפנר)

מעודד מן ההצלחה של ביה"ס העברי בחודשים הרא־שונים לקיומו, באתי לכלל הכרה, כי ראוי ואפשר להרחיב את המסגרת ולהקים גן־ילדים עברי. אמנם היה בזאת משום חידוש רב: גני ילדים לא היו נפוצים בגליציה המזרחית גם בין האוכלוסיה הכללית, והגן היחיד שהיה קיים בראווה־רוסקה ונוהל בידי הנזירות, היה בעיקרו מוסד סוציאלי. בכל זאת קיבלו חברי ועד ביה"ס את הצעתי בהתלהבות, אלא שהתעוררה בעיה קשה ביותר: ותקציב מאין יוקח? אין להניח שההורים יסכימו לשלם „שכר לימוד" ניכר בעד הפעוטות, כדי שאיזו בחורה — „פרבליאנקה" בלע"ז — תעסיק אותם במשחקים ובשאר שטויות. גם לבעיה זאת מצאתי פתרון. כיון שביה"ס פתוח בשעות אחה"צ ובערב, אתנדב אני ואנהל בעצמי במשך חודשים מספר את גן־הילדים בשעות הבוקר ללא קבלת שכר נוסף. במשך הזמן יתרגלו ההורים לרעיון, ואז אולי יסכימו לשלם תשלום מתאים ונוכל להזמין גננת. הצעתי נתקבלה ושבועות אחדים לפני חג הפסח הופיעו בעיר מודעות כי אחר החג ייפתח, ליד ביה"ס העברי, גן לילדים בני 4—5 שנים ושכר־הלימוד החודשי הוא סך־הכל זלוטי אחד. עד מהרה נרשמו כ־50 ילד. הכסף שקיבלנו, במשך שלושת החודשים שנשארו עד לחופשת הקיץ, הספיק לנו לרכישת ציוד וחומרים ולתשלום שכר סמלי לאחת מתלמידותי הבוגרות, שנתקבלה כדי לעזור לי (לתפקיד זה נבחרה גולדה גרויאר, נערה סעורת רגשות, אך מוכשרת ואוהבת ילדים).

נראה לי שאז, באביב שנת 1931, כמחצית השנה אחרי פתיחת ביה"ס — לא הערכתי כראוי מהי האחריות שהנני מקבל על עצמי. ואף על פי כן הפכה כיתת הגן עד מהרה לכוורת עליזה, שבה עסקו הפעוטים החמודים בשירה, בדקלום, בריקודים ובעיקר בעמל כפיים מרנין.

עם סיום שנת־הלימודים בביה"ס העלינו הצגה בעברית באולם „בית־היתומים", ומה גדולה היתה שמחת־הלב כאשר את ההצגה פתחה הופעת ילדי־הגן ששרו ודקלמו ב„שפת הנביאים".

הזדרזנו והכרזנו מיד על פתיחת ההרשמה לגן לשנה החדשה. כל ההורים באו לרשום מחדש את ילדיהם, וכן באי הורים חדשים. אמנם כולם הופתעו לשמוע, כי הפעם הם נדרשים לשלם 5 זלוטי לחודש, אך לשבחם ייאמר כי הוויכוח היה קצר ובסופו רשמו כמעט כולם את ילדיהם וגם חתמו על התחייבויות לשנה שלמה. בסתיו 1931 הוזמנה גננת מוסמכת (הגב' פנינה ברר — היום סוסליק, הגרה בתל־אביב) ונפתח גן־ילדים מצויד כהלכה — בהתאם ליכולתנו והבנתנו. בזמן ההוא. זכינו ובפתיחה החגיגית השתתף אתנו אורח חשוב מארץ־ישראל, הסופר משה סטבסקי — הלא הוא מ. סתוי ז"ל. באותה שנה ביקר מר סתוי בפולין ושהה בה חודשים

בית ספר עברי כללי על שם ההסתדרות החנוך והתרבות בלבוב
בעיר רוה רוסקה

שנת הלימודים הראשונה
מחלקה א'
מספר 118

## תעודת בית הספר

נולד ... ביום ... לחדש ... שנת ... התחיל את למודיו ... בשנת ...
ומבקר את בית הספר הנ"ל משנת ...

### התקדמות בעניני הלמוד.

| ענין | זמן ראשון | זמן שני |
| --- | --- | --- |
| התנהגות נמוסית | משבחת | [illegible] |
| שקידה | מתנוססת | [illegible] |
| הסדר | — | [illegible] |
| קריאה | טובה מאוד | [illegible] |
| כתיבה | טובה מאוד | [illegible] |
| דקדוק | טובה מאוד | [illegible] |
| שפה | מצוינה | [illegible] |
| הסטוריה | — | [illegible] |
| תורה, נביאים, כתובים | טובה מאוד | [illegible] |
| רש"י | | |
| משנה | | |
| גמרא | | |
| אגדה | | |
| שלחן ערוך | | |
| ספרות | | |
| גיאוגרפיה | | |
| ידיעות הטבע | | |
| חשבון | | |
| פולנית | | |
| מלאכת־יד | | |
| התעמלות | | |
| זמרה | | |
| נפקד מקום ... הצטדק לא | שעות | שעות |
| התקדמות כללית | טובה מאוד | [illegible] |
| חתימת האב האם או האפטרופס | | |

רוה רוסקה, יום 16 לחשון שנת התרצ"ב

מספר, לשם הוצאת כתביו. המזכיר המחונן של „תרבות" בלבוב, מר משה ברניק, ניצל את הביקור הזה לשם ארגון פגישות עם הסופר במקומות שונים בגליציה המזרחית, שבהם היו קיימים בתי־ספר עבריים. ברור, שגם אנחנו הזמנו את האורח מארץ־ישראל. מר סתוי התרשם מאוד מהאווירה העברית־חלוצית־ארץ־ישראלית, שמצא בראווה־רוסקה, ואחרי קבלת־הפנים הרשמית נשאר אתנו בביה"ס למסיבת־רעים פרטית, בה הביא לנו מ„זמרת הארץ". כך נרקמה ידידות בין הסופר ובינינו, וכאשר חגגנו את פתיחת גן־הילדים — הסכים ברצון להשתתף בשמחתנו ולהיות אורח הכבוד שלנו.

אגב, מר סתוי ביקר אצלנו גם פעם שלישית. ומעשה שהיה כך היה: באחד מימי ערב־שבת שמעתי דפיקה על דלת חדר־דירתי שבבנין ביה"ס. כשפתחתי את הדלת הופתעתי לראות את הסופר החשוב, האורח מארץ־ישראל. את התעלומה פתר מיד האורח עצמו. התברר, שמר סתוי החליט לשבות בבלז ולראות בשבת את „שולחנו" של הצדיק. הוא הגיע ברכבת מלבוב לראווה־רוסקה בשעות הצהריים, ולפי התוכנית היתה צריכה לצאת, כעבור שעה קלה, רכבת־תלמידים מראווה־רוסקה לבלז. לתדהמתו נודע לסופר, כי אותו יום היה יום חופשי מלימודים, ולכן לא נסעה רכבת־התלמידים המיוחדת. הרכבת הבאה עתידה היתה לצאת רק לפנות ערב, והיה חשש שהסופר לא יגיע לבלז לפני כניסת השבת.

אני דוקא שמחתי ל„מקרה המעציב" הזה, כי הוא הביא פעם נוספת את האורח מארץ־ישראל תחת צל קורתי. וכדי להסיר דאגה מלב אורחי, התקשרתי מיד עם ד"ר יוסף מנדל הנלבב, והוא התקשר טלפונית עם אחד מידידיו בבלז וסידר שהלה ימתין למר סתוי ליד תחנת הרכבת ויקבל את פניו בצנעה. מר סתוי הגיע בשלום לבלז ועוד באותו ערב ביקר, בלווית מארחיו, בביתו של הרבי.

הנשכרים מכל העסק יצאנו אנחנו — הגננת ואני. אותו יום שישי אחה"צ בילינו בחברת מר סתוי, ששפע הומור ושירה והרבה לספר לנו על תקופת עבודתו בבאר־טוביה, על עבודתו כחלבן בתל־אביב, ואפילו על הפרה הפקחית שלו, דיצה, שלמדה לפתוח, בעת צמא, את ברז מי השתייה.

# זיכרון מימים עברו

**פנינה ברר-סוסליק**

בראשית דברי רוצה אני להודות לכם על ההפתעה הנעימה שגרמתם לי, בזכותכם אותי בתשורה יקרה זו — ביולטין מוקדש לזכר קדושי העיר ראווה־רוסקה.

מבין הדפים הראשונים ומהתמונות נשקפה אלי תמונת גן־הילדים חוסה בצל עצים. לא מעט תמונות מסוג זה נשתמרו אצלי מכל שנות עבודתי בארץ. אולם, לתמונה זו משמעות מיוחדת. היא עוררה בלבי גל של רגשות: שמחה מהולה בצער, אושר ותוגה, מזכרת מופלאה, קו אור זורח, הד רחוק של נעורים, חדוות יצירה, ימי ילדות ושמחת־חיים שנגוזו ואינם.

לשוא מאמצת אני דמיוני ומשתדלת לפענח מה קרה שם, וכעין אבן מעיקה על לבי. כמו שאזכור את בני עיר מולדתי



הראשונה וכל היקר בה, כך אזכור את העיר ראווה־רוסקה וכל אשר אבד בה על כל הטוב והנעלה שהעניקה לי בימי שהותי בה.

על אף השנים הרבות שעברו מאז נפרדתי ממך — העיר ראווה — לפני עלייתי לארץ, עדיין שמור בזכרוני היום הגדול, שבו הגעתי אליך לפתיחת גן ילדים של „תרבות" — גן ילדים עברי.

בית־ספר עברי כבר היה קיים במקום בהנהלתו של החבר אבנרי, ועתה נוספה לו פינת־חמד זו — גן ילדים.

את המאורע התרבותי ציינו בפתיחה שנערכה בחגיגיות רבה ומתוך התרוממות הרוח. השתתפו בה נציגי שכבות־ציבור שונות, חוגים ציוניים, משכילים והורי הילדים. האורחים המוזמנים היו החל מנכבדי „המזרחי", כל ארגונים הציוניים האחרים עד לגורדונאים הפעילים והערים. נישאו נאומים מעודדים, ונשמעו ברכות ואיחולים.

תוך ימים ספורים התמלא הגן צהלת ילדים. תוך שיה, זמר ומשחקים קלטו הקטנים מילים, פזמונים ושירים עבריים. עבודתי התנהלה מתוך סיפוק והכרה של מילוי ייעוד, בתור מחנכת הילדים לקראת חיים וערכים חדשים. ההורים עקבו בעירנות אחר התפתחות הילדים, והוקירו את העבודה שהושקעה בגן־הילדים.

בית־הספר הלך וגדל, ועם התפתחותו גייס אותי החבר אבנרי לעזרה בכיתת המתחילים ולפעמים גם בשיעורי הערב. הלימודים התנהלו ביסודיות ובאווירה נעימה.

ראווה־רוסקה ידעה ליצור מזיגה מופלאה בין בניה, מבוגרים ונוער, שהיו להם אופי ושאיפות שונות; היא ידעה לגשר על פני ניגודים ולאחד אותם למטרה משותפת. בהיותה מקורבת מבחינה גיאוגרפית לעיר בלז היתה מושפעת מרוח החסידות, שגבלה בקנאות ובהסתגרות. הרבה בתי־אב חיו בעולמם הפנימי המסוגר, לפי המנהגים והמסורת המקובלים בחצרות הרביים בדורות הקודמים. לעומת זאת היתה מורגשת השפעת העיר הקרובה, עיר הבירה לבוב, על כל ההתקדמות שבה. לבוב היתה אז מרכז רוחני לתרבות והשכלה של גליציה המזרחית. העיר לבוב שימשה אבן־השואבת וקסמה לנוער צמא השכלה וידע.

בתנאים אלה קמה תנועת נוער יהודי לאומי מלוכד באידיאלים משותפים, בשאיפה אחת גדולה לעלייה לארץ. תנועה זו קיבלה עידוד על־ידי ארגונים ציוניים, שרק בדרך זו של שיבת ציון — ראו פתרון לשאלת הנוער היהודי. העסקנים הציוניים לא חסכו עמל מעצמם, הזניחו את עסקיהם הפרטיים, והתמסרו לפעולה ציבורית לגיוס כספים לקרנות הציוניות למען השגת המטרה. הם היו עירנים לכל המתרחש בארץ, ובסתר נפשם ודאי חלמו אף הם על עלייה לארץ. אולם מטרת חייהם לא התגשמה.

חלוצי ראווה־רוסקה הגיעו לארץ לפני למעלה מארבעים שנה. חלום נעוריהם הפך למציאות בארץ האבות הקמה ונבנית, במדינת ישראל.



ילדי הגן העברי בעיר מקבלים את פני הסופר משה סתוי

# דאס יידישע טעאטער־לעבן אין ראווא־רוסקא

משה יעקב שטיינפעלד

ווי קליין אונדזער שטעטל איז נישט געווען, האָט עס געפּרוּווט נעמען אַ געוויסן, און אויך אַ סך מאָל, אַ שטאַרקן אַנטייל אין יידישן קולטורעלן לעבן, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין יענער צייט אין דער יידישער וועלט.

חוץ פון דער טעטיקייט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אין אַלע אירע שאַטירונגען, ווי: „סתם"־ציוניסטן, מזרחי, התאחדות און רעוויזיאָניסטן און אויך אין אַנדערע פּאַרטייאישע פאַריינען, ווי: „אגודה" און „בונד", ווו אונדזער יוגנט האָט זיך שטאַרק באַטייליקט און דאָביי זיך זייער אויסגעצייכנט מיט גרויסער התלהבות און טיפער באַוווסטזיניקייט — האָט זיך אַ טייל פון דער ראַוווער יוגנט געווידמעט צו קולטורעלער אַרבעט אויפן געביט פון יידיש טעאַטער. אין דער עפּאָכע פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, האָבן די דראַמאַטישע קרייזן אין די גאַליצישע שטעט און שטעטלעך, געשפּילט איינע פון די הויפּט ראָלן אינעם יידישן לעבן.

בערך אין יאָר 1920, האָט זיך געשאַפן אַ דראַמאַטישער קרייז פון דער ציוניסטישער יוגנט און אָנגעהויבן צו ווירקן און באַאיינפלוסן מיט זיין גרויסן רושם אין שטאָט און אין דער אַרומיקער סביבה. דער איינפלוס פון דעם דראַמאַטישן קרייז אויפן קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט זיך זייער אָנזעעוודיק אָפּגעשפּיגלט, נישט נאָר אין אונדזער שטאָט, נאָר אויך אין אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, ווו ס'האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו בילדן אַזעלכע קרייזן. אַ ברען און גרויס התלהבות האָט אַרומגענומען די אַלע חברים פונעם קרייז אין זייערע ראָלן אין די פּיעסן, וואָס מ'האָט אויפגעפירט אין שטאָט; אויך האָט אייפעריק מיטגעהאָלפן אַ גרויסער טייל חברים, וועלכע האָבן אין דער פּיעסע נישט געהאַט קיין אַקטיווע ראָלע.

בכלל האָט יעדע פאַרשטעלונג פון אונדזער דראַמאַטישן קרייז געבראַכט אַ גרויסע אויפלעבונג אין אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. די, וועלכע האָבן באַזוכט און געזען די פּיעסע, פלעגן אַ צייט־לאַנג־נאָך איבער דער פאַרשטעלונג רעדן און דיסקוטירן. מ'האָט קריטיקירט בעצם די פּיעסע אַליין, דעם מחבר, און איבערהויפּט די ראָלן־שפּילער, דעקאָראַציעס און אַנדערע טעכנישע טיילן.

באַזונדערס האָט זיך אָנגעהויבן רעשן און רודערן אין די חסידישע היימען. טעג־לאַנג האָט מען אַרומגערעדט איבער דער פּיעסע, נעמענדיק די טעמע נאָר פון דעם אַפּישן־קאַפּל, ווייל אין טעאַטער גיין איז געווען גלייך, ווי גיין אין קלויסטער. אין די אונטן פון די פאַרשטעלונגען האָבן די חסידישע עלטערן שטאַרק געהיטן זייערע קינדער (באַזונדערס מיידלעך, ווייל בחורים האָבן זיך ממילא דעמאָלט געפונען אין די בתי־מדרשים און קלויזן), אַז זיי זאָלן חלילה נישט נכשל ווערן און האָבן אין דעם אונטן געמוזט זיין פּריציייטיק אין שטוב. דאָך איז די פּרעקווענץ געווען אַ גרויסע און געוויסע פּיעסן האָט מען געמוזט איבערחזרן און שפּילן אייניקע מאָל.

ס'דאַרף אויך באַטאָנט ווערן, צום לויב פונעם דראַמאַטישן קרייז, אַז ביים קלייבן די פּיעסן, האָט תמיד איבערגעוויגן דער ליטעראַרישער ווערט און קולטורעלער כאַראַקטער פון דער פּיעסע, און נישט איר געלט־ און קאַסע־איינפלוס. דער



עסקנים פון אַלע פּאַרטייען אויפן קבלת פּנים פאַרן דירעקטער משה סתוי.
פון רעכטס, זיצן: וואַקס לעמל, עדעל אברהם, וועבער לייביש, סתוי משה, האַפּנבראַטל אברהם, און גערשטנפעלד בערל.
שטייען: גאָלד יעקב שלמה, יוסט גימפּעל, זיבצענער הערש וואָלף, בארער פּנינה, האַפּנער אָבנר, האָלענדער אהרן און עדעל נתן.



טעאַטער־פאָרשטעלונג „הערשעלי־אָסטראָפּאָלער״ דורך „התקוה־פאַריין״

קרייז האָט געקענט מצליח זיין, נאָר אַ דאַנק זיינע איבערגעגעבענע חברים און דער פריינטשאַפטלעכער צוזאַמענאַרבעט פון אַלע מיטבאַטייליקטע.

דער געשאַפענער דראַמאַטישער קרייז האָט אויפגעפירט אויף דער ראַוועער בינע, צו ערשט אין ראַטהויז־זאַל, דערנאָך אין וויזן־הויז (בית יתומים) און אַמאָל אין פּוילישן „סאָקאָל״ זאַל, אַ ריי טעאַטער־שטיקער, פאַרשידענע דראַמען און פּיעסן, וואָס זענען געשטאַנען אויף אַ שיינער אַרטיסטישער הויך און אויך שטאַרק אויסגענומען ביים ראַוועער פּובליקום און ביי די באַזוכער פון דער אַרומיקער געגנט.

דער פּיאָנער פון יידישן טעאַטער אין ראַווע איז — לויט ווי איך געדענק — געווען סראָלקע גאָלד, אַ זון פון ר׳ מיכלי און דער עלטערער ברודער פון יעקב שלמה גאָלד. ער, סראָלקע, איז נאָכן ערשטן וועלט־קריג צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, מיטגעבראַכט מיט זיך פרישן און נייעם גייסט פון דער גרויסער וועלט, האָט ער זיך גענומען ווידמען דעם קולטורעלן לעבן אין שטאָט און האָט, דאָס ערשטע, אויפגעפירט אין ראַטהויז זאַל די פּיעסע „דער דין־תורה מיטן ווינט״. דאָס האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם אין שטאָט, אַזוי אַז מ׳האָט עס געמוזט עטלעכע מאָל איבערחזרן. סראָלקע האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע, וווּ ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שטאַרקן טאַלאַנט און גרויסע אַרטיסטישע פעאיקייטן. ליידער איז אים נישט באַשערט געווען צו האָבן נחת פון זיין אַרבעט; ער איז אַוועק יונג פון דער וועלט.

דער געשאַפענער דראַמאַטישער קרייז האָט ווייטער געאַרביט; דאָס מאָל אַ דאַנק אַ פרעמדן יונגערמאַן, ווייצנער, וועלכער האָט געאַרבעט אַלס באַאַמטער אין ראַוועער געריכט: ער איז אויך געווען אַרטיסטיש זייער באַגאַבט, זייער שיין און האָט געשפּילט זיינע ראָלן מיט אַ סך טאַלאַנט. אין דער צייט האָט מען אויפגעפירט דעם „יום הדין״ מיט ווייצנער און רייזל קאַרמאַן אין די הויפּט ראָלן; דאָס האָט אויך געמאַכט זייער אַ שטאַרקן רושם.

דער גרויסער דערפאָלג אין שטאָט האָט צוגעצויגן די גאַנצע יידישע אַקאַדעמישע אינטעליגענץ — וועלכע זענען, טיילווייז, ביז דעמאָלט, געשטאַנען אַ ביסל ווייט פון יידיש־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — און עס האָט זיך געשאַפן אַ גרעסערער דראַמאַטישער קרייז מיטן אָנטייל פון דר. מאַנדעל, דר. זיגעלבוים, דר. הערשדערפער, לייבוש וועבער, אברהם און ישראל עדל, שמעון און מאַני מאַרגאַליעס, משה יענקל שטיינפעלד, זלמן באַך, משה בערגער, הענטשי גראַף, לאַנקי ברײנדלער, אסתר קורצער און נאָך אַ סך אַנדערע, וועלכע איך געדענק שוין ליידער נישט.

אַזוי ווי אין אַלע טיילן פונעם יידישן לעבן אין ראַווע, אַזוי אויך אינעם דראַמאַטישן קרייז, האָט באַלד זיך אַרויסגעוויזן די צענטראַלע און דאָמינירנדע פיגור, דער דר. מאַנדעל ז״ל. ער איז געווען אַ גרויסער כלל־טוער, אַ ציוניסטישער פירער, ראש־הקהל, וויצע בירגעמייסטער פון שטאָט און דערצו האָט ער נאָך געפונען צייט זיך אָפּצוגעבן מיט יידיש טעאַטער. ער האָט אין אַלעמען מיטגעאַרבעט און אויך געגעבן די בעסטע הויפּטראָלן, מיט אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט.

דערנאָך האָט מען אויפגעפירט „כאַשע די יתומה״ פון יעקב גאָרדין, מיטן אָנטייל פון מאַני מאַרגאַליעס אַלס כאַשע און



ד״ר זיגלבוים הי״ד

משה יעקב שטיינפעלד אַלס וולאַדימיר. דאָס האָט אויך געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין שטאָט, אַזוי אַז מ׳האָט די פאָרשטעלונגען געמוזט איבערחזרן עטלעכע מאָל. מאַני מאַרגאַליעס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ זייער שטאַרקן אַרטיסטישן טאַלאַנט און אויך גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין די ווייטערע פאָרשטעלונגען.

די קומענדיקע פאָרשטעלונג איז געווען דער „דאָרפסיונג״, מיט משה בערגער און הענטשי גראַף־דובי אַלס נאַטאַשאַ. זיי האָבן אויך אויסערגעוויינלעך געשפּילט אַזוי ווי געשולטע אַרטיסטן. אין די קומענדיקע פאָרשטעלונגען ווי: די „שחיטה״, „גאָט, מענטש און טייוול״ און נאָך פיל אַנדערע פּיעסן, ווו ס׳האָבן זיך אויסגעצייכנט נאָך אַ סך חברים, ווי: רייזל קאַרמאַן, לייבוש וועבער, יידל שווערט, זלמן באַך, סראַלקי עדל, וועלכע זענען, ליידער, מער נישטאָ מיט אונדז.

זעענדיק דעם גרויסן דערפאָלג פון אונדזערע טעאַטער־שפּילן, האָבן מיר זיך גענומען צו אַ גרעסערער זאַך — דעם „דיבוק״ פון ש. אַנסקי. מיר האָבן געוואָגט זיך צו פאַרמעסטן מיט גרויסע „קינסטלער טרופּן״ און עס איז אונדז טאַקע זייער גוט געלונגען. אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער אַרבעט פונעם גאַנצן דראַמאַטישן קרייז און בראש פון דעם אָפּפערוויליקן דר. מאַנדעל, וועלכער האָט אונדז געשטעלט צו דיספּאָזיציע זיין אַדוואָקאַטישע, גרויסע קאַנצעליי צו די פּראָבן, וועלכע זענען דאָרטן פאָרגעקומען כמעט טאָג־טעגלעך אין די אָוונטן. מיר פלעגן צעריקן און אַרויסטראָגן דאָס מעבל און פון דער קאַנצעליי האָבן מיר געמאַכט אַן אמתדיק חסידיש בית־מדרש. ער, דער דר. מאַנדעל, האָט זיך אָפּגעגעבן צו זיין ראָלע, אַלס מיראָפּאָלער רבי, בלב ונפש; זיין בילד שטייט מיר נאָך היינט פאַר די אויגן, זיין אויסזען און זיין שפּילן האָט געמאַכט דעם איינדרוק, גלייך ווי ער וואָלט אַרויסגעקומען פון אמתדיקע רבנישע קרייזן. די אַנדערע הויפּט ראָלן האָבן אויסגעפירט: דר. זיגעלבוים אַלס „משולח״, דר. הערשדערפער אַלס חנן, דער בית־מדרש־בחור, איך אַלס ר׳ סענדער ברינניצער, דער פאָטער פון לאהלי; די ראָלע פון לאהלי האָט געשפּילט מיט גרויס טאַלאַנט די שטאָטישע שיינהייט — לאָנקע ברייגדלער. אַלע האָבן געשפּילט בחסד עליון, ווי געבוירענע אַרטיסטן; דער בעל־תוקע שמעון מאַרגאַליעס, זייער אַ באַגאַבטער מענטש, זייער מוזיקאַליש, אַ דיריגענט פון כאָר, האָט ביי דער סצענע פון אַרויסטרייבן דעם „דיבוק״ געבלאָזן שופר, גלאַט און קלאָר, אַזוי, אַז דער שטן האָט איבערהויפּט נישט געהאַט קיין שליטה איבער אים. דער „דיבוק״ האָט געהאַט אַזאַ דערפאָלג, אַז מיר האָבן באַקומען איינלאַדונגען פון פיל אַרומיקע שטעט, צו קומען שפּילן טעאַטער.

נאָך דעם האָט מען נאָך געשפּילט אַ סך זאַכן, ווי: „טוביה דער מילכיקער״, „הערשעלע אָסטראָפּאָליער״, דער



שמעון מרגלית הי״ד

יידישער קעניג ליר, „מאַשקע חזיר״, וואָס איז געוואָרן אי־בערזעצט פון אָריגינאַל „אותו ואת בנו״ פון בערקאָוויטשן, דורך אונדזער חבר י. צ. רובין. ער האָט זיך אויך פיל מאָל מיט־באַטייליקט אין אונדזער קרייז אַלס סופליאָר ביי פיל פּיעסן.

אויך קען איך נישט פאַרגעסן די „קליין־קונסט־פאָרשטע־לונג״, וואָס מיר האָבן געגעבן אין „סאָקאָל״־זאַל. אין דעם



„טוביה דער מילכיקער" פאַרשטעלונג דורך „התקוה־פאַריין"

אוונט איז אַ סקעטש „דער שוסטער און דער פּאָעט" אויפ־געטראָטן אונדזער חבר זיינוול ליבערמאַן אַלס דיכטער־פּאָעט, געשפּילט דעם פּאָעט מיט זייער גרויסן טאַלאַנט און דער איינדרוק, וואָס האָט געמאַכט אויפן פּובליקום, האָט אַרויסגערופן גוואַלדיקע, רוישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן, אים נישט אַראָפּגעלאָזט פון דער סצענע און מיט שווערע מי האָבן מיר געקענט ווייטער ממשיך זיין די פאַרשטעלונג.

איינע פון די גרעסטע הילף פאַר אונדזער טעאַטער־אַרבעט האָבן מיר געפונען אין דער זייער פעאיקער פּערזאָן, דער פריזער שטאָלהאַמער, וועלכער האָט כאַראַקטעריזירט די שפּילער; ער איז באמת געווען אַ קינסטלער אין דער אַרבעט; ער איז נאָר איין מאָל געקומען צו דער גענעראַל־פּראָבע און זיך צוגעהערט צו די אויפטרעטנדיקע פיגורן־ראָלן, האָט ער שוין צוגעפּאַסט די געהעריקע כאַראַקטערי־זאַציע, אַזוי אַז מ'האָט אויסגעזען ווי געבוירן אין די ראָלן. די אַרבעט איז געווען ביי אים, דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן. אויך ער, גלייך ווי די שפּילער, האָט דאָ אַרויס־געוויזן זיינע אַרטיסטישע פעאיקייטן.

די גרויסע הצלחה פון דעם דערמאָנטן דראַמאַטישן קרייז און זיין שטאַרקע השפעה אויפן קולטורעלן און גע־



פורים־פאַרשטעלונג מיט רעגינאַ גראַף־פּאַסט אַלס אַנפירערין

זעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט, האָט געווירקט און געגעבן אַ באַדייטנדן שטופּ אויך אַנדערע, נישט־ציוניסטישע קרייזן פון דער ראַוועד באַפעלקערונג צו גיין אין זייערע וועגן. אויך זיי האָבן געשאַפן אַ דראַמאַטישן קלוב, אין וועלכן דער „בונד" איז געשטאַנען אין דער שפּיץ.

אמת, זייער קלוב איז געווען פיל שוואַכער און נישט געשטאַנען אויף אַזאַ הויכן ניוואָ, ווי אונדזערער. דאָך האָבן זיי באַוויזן פיל טעטיקייט, האָבן גוט אָרגאַניזירט יוגנטלעכע און עלטערע צו קולטורעלע אימפּרעזעס, וועלכע האָבן פיל מאָל אויך גוט מצליח געווען.

ווי מיר האָבן געזאָגט, האָט דער „בונד" גענומען אויך אַ שטאַרקן אָנטייל אין טעאַטער־לעבן אין ראַווע. זיי האָבן אויך געגעבן זייער שיינע זאַכן און דערביי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס טאַלאַנט: שבעלי כ"ץ, אביגדור שפּריצער, וואָלף גרויסאָוג, טיטשע געלעס און אויך טאָמאַש זאַץ אַלס אייביקער סופליאָר. ער איז געווען אַ לעבעדיקער לעקסיקאָן און אויך זייער אַן אינטעליגענטער בחור, וואָס האָט זייער פיל געוווּסט.

ראַוואַ־רוסקאַ איז געווען פול מיט יידיש לעבן, אַ גאָלדענע יוגנט געהאָט, זיך אויסגעצייכנט אויף אַלע געביטן, אָנטייל גענומען אין אַלע ליטעראַרישע און פּאָליטישע באַוועגונגען, איבערגעגעבענע ציוניסטן, וועלכע האָבן געריסן זיך קיין ארץ־ישראל אויף אַלע וועגן, אָבער צום גרויסן באַדויערן און ווייטיק, איז אַלץ אַוועק, נישט געבליבן קיין זכר פון דעם שיינעם, ראַוועד יידישן לעבן. חבל על דאבדין!

# על בעלי המלאכה בעיר

ליפא דרור-אלטמן

כאחד מבני העיר, בנו של אחד מ„בעלי המלאכה", ברצוני לשחזר בקווים כלליים את פעולותיו של הציבור, שהוגדר כ„בעלי מלאכה".

רובו הגדול של הציבור הנזכר התפרנס לא רק מהאוכלוסיה היהודית, כי אם גם מהלא־יהודית, בעיר ובסביבה. ציבור זה, שהיה גדול ומגוון, היה ער לכל פעולה בכל התחומים. בלי מסגרת ארגונית רשמית קיים בין חבריו פעילות חברתית, ובעיקר פילנטרופית. בית־הכנסת הגדול, שהיה בניין בעל מידות, עמד במרכז ה„שול־פלאץ", ובו התרכזו רוב בתי התפילה. בצדי הכניסה אליו, מימין ומשמאל, היו שני בתי תפילה מיוחדים לבעלי המלאכה, והם נקראו „שניידער־שילכל" ו„שוסטער־שילכל". שם התרכזו כל הפעולות והאסיפות שלהם, שנערכו תמיד אחר התפילה. מלבד מפגשים אלו נערכו שם מדי חצי שנה, בחול־המועד פסח ובחול־המועד סוכות, אסיפות של בעלי המלאכה יחד עם פועליהם, ובהן דנו על העלאות־השכר השנתיות. ראוי לציין, שבתוך שכר העבודה דאז נכללו גם הארוחות שקיבלו הפועלים בסעדם על שולחן נותן־העבודה, כמקובל בימים ההם. כל הדיונים הללו נערכו ברוח טובה ובאווירה נעימה.

התפקידים הוטלו על האנשים, שאליהם היה יחס של כבוד והערכה; ולפעמים קבע גם העיקרון: „בעל המאה הוא בעל הדעה"...

בחוג ה„שניידער־שילכל" התבלטו במיוחד האחים הירש וברל באך ז"ל. ברל באך — איש מודרני היה, אדם נאה, בעל זקן קצר ומטופח, וידע להתחבב על הציבור. הוא היה דואג לפרנסה מכובדת גם לבעלי המלאכה, שדרגתם המקצועית היתה נמוכה יותר.



ר' לייבוש זיבצענער הי"ד

מבין העסקנים ב„שוסטער־שילכל" ייזכר ר' יודל שוסטר ז"ל, שבלט בלבושו המודרני, היה בעל מרץ וער לכל מה שנעשה בציבור בכלל ובין בעלי המלאכה בפרט. כן ייזכר ר' ליבוש זיבצנר ז"ל (אביו של צבי נצר, ייבדל לחיים ארוכים), איש חסיד, נחבא אל הכלים, ישר ועניו, מקובל על הציבור המודרני והחסידי כאחד. הוא היה מתהלך בשבת כשהוא לבוש לפי מיטב המסורת החסידית, בקפוטה ושטריימל, ולא נעדר אפילו פעם אחת מלימודי פרשת השבוע ב„שילכל" ומקריאת פרקי־אבות בשבת. זמן רב שימש כנציגם של בעלי המלאכה ב„קהילה", בעת כהונתו של ר' ישראל מיכל פדר ז"ל כיושב־ראש.

יש להזכיר גם את אחיו, ר' וולביש זיבצנר ז"ל (אביה



אגודת „יד־חרוצים" בעיר

של אטקה כרמון). בהיותו בצבא האוסטרי, ספג לתוכו מתרבות המערב והיה שונה מאחיו לייבוש. בכל אסיפה היה משמיע את קולו כמורד בממסד, והיה מופיע בשמם של בעלי המלאכה היותר זעירים והפחות מקובלים, שלא העזו להשמיע קולם ברבים.

צריך לרשום לזכותם של האנשים הנזכרים, שמיד אחר מלחמת־העולם הראשונה, כאשר השגת מצרכים חיוניים היתה קשה, דאגו להשיג אותם בשביל בעלי המלאכה ופועליהם השכירים. בזמן פעולות ה„ג׳וינט" בעיר, לשם הושטת סעד לנצרכים, היו הנציגים הנזכרים דואגים לחלוקתו הצודקת. הם גם יזמו את הקמת ה„קונסום", צרכניה לבעלי המלאכה, שתכליתה היתה להשיג את המצרכים במחירים מוזלים. מנהל החשבונות, ר׳ מיכלי הרמלין ז"ל, ישר דרך, ניהל את ה„קונסום" עד לאותם ימים, ששוב הורגשה הקלה בהשגת המצרכים והמסחר חזר לתיקנו.

יהודים היו מיוצגים גם במוסדות הממשלתיים. כגון ה„צך", אגודה מקצועית, שהיתה נותנת תעודות־גמר לשוליות; או „ועדת ההערכה" של מסים עירוניים וממשלתיים, וכדומה. ב„צך" ישב נציג מכל מקצוע. מטעם האופים היה הרמן צימרמן ז"ל (אביו של נתן צימרמן, ייבדל לחיים ארוכים, החי בארץ). הוא היה חי מיגיע כפיו, התייחס לפועליו יחס אבהי, ומתחת ידו יצאו הרבה בעלי־מקצוע טובים. לאחר פטירתו מילא ר׳ נחמן בקר ז"ל את מקומו. ב„ועדת ההערכה" ישב אבי ע"ה. קדם לו בוועדה זו ר׳ הירש־בר דונר ז"ל, שהיה בעל נגריה ומקובל מאוד בין בעלי־המקצוע בעיר. דאגתו העיקרית היתה למען בעלי־המלאכה הזעירים ומעוטי היכולת. הוא היה אומר: „די גבירים, זאָלן אליין זאָרגן". בגלל עמדתו הנבונה והישרה העריכו אותו פקידי הממשלה מאוד, ולא פעם אמרו: „אם מר דונר אומר על מישהו, שאינו יכול לשלם — אנו מאמינים לו". הוא עלה ארצה בשנת 1934, עם רעייתו הינדה ז"ל (קדם לו בנו שמחה יבלח"א). אף על פי שלא קרא את כתבי הרצל, ועל „אוטואמנציפציה" של פינסקר לא שמע — קיים את מצוות שיבת־ציון ובניין הארץ במלואן.

מדי שבת בשבתו, אחר הצהריים, היה הולך ל„זאמד־בית־המדרש", להצטרף לחבורת לומדים שקיבלו תורה מפיו של ר׳ בריש גייזלר ז"ל (אביהן של דבורה גרינשטין ונחמה זינגר, תיבדלנה לחיים ארוכים, הנמצאות בארץ), שהיה למדן מופלג בתורה. בימי חול היה ר׳ בריש מקבץ סביבו אנשי עמל כדי ללמדם פרשת השבוע, ובשבתות — פרקי אבות, ור׳ הירש־בר דונר ז"ל היה משומעי לקחו הקבועים.

בשנות העשרים מתחילה תקופה חדשה, עם מושגים חדשים לגבי התארגנותו של הציבור הנזכר. התארגנות זו

היתה מבוססת על יסודות מודרניים ודמוקרטיים יותר, בחסות אגודת „יד־חרוצים" מלבוב. נציגים חדשים ממפלגות שונות, עם יזמות חדשות, הופיעו בזירה, והארגון קיבל אופי פוליטי. מפלגות, כגון ה„בונד" וה„קומוניסטים", דאגו לפלוש לתוך הארגון והטביעו בו את חותמן. מאנשי ה„בונד" בלטו בעיקר: וואלף גראסאויג, שיע זאץ, יודל שפריצר וליאון וובר, זכרונם לברכה. לזכותם צריך לציין, שדאגו בעיקר לבעלי המלאכה הזעירים ולהטבת התנאים לפועלי בתי המלאכה הגדולים.



ר' שמעון רוקער ונכדו הי"ד

גם החברים שהיו בעלי תודעה לאומית דאגו לחזק את השפעתם בארגון. מביניהם ייזכרו ר' שמעון רוקר ז"ל, נציג ענף הפרוונות, שהתפתח בממדים גדולים מאוד בעיר; ר' יושע זיפרט ז"ל (אביו של ליבלי זיפרט ייבדל לחיים ארוכים, החי כיום בארץ), פחח במקצועו, איש רב פעלים ומעורב בציבור, בביתו שררה רוח ציונית ובזמן הבחירות למוסדות ממשלתיים היה מדגיש את עמדתו החיובית כלפי הציונות; ר' משה שינרט ז"ל (אביה של איטה צ'צ'יק תיבדל לחיים ארוכים, הגרה בת"א), בעל בית־מלאכה לחייטות, איש נדיב לב, שהתייחס לפועליו כאל אחיו והיה תורם ביד נדיבה לכל מגבית ציבורית וציונית; שטהלהמר ז"ל, בעל מספרה, שהופיע תמיד כ„על־מפלגתי".

ביזמתם נוסד „בית היתומים", בו היה צריך לקום גם בית־ספר מקצועי לנוער מבני משפחות מעוטות יכולת. בשל התככים המפלגתיים, לא באה היזמה הנזכרת לידי מימוש, ו„בית היתומים" שימש רק למופעים ציבוריים: בימה להצגות ובעיקר לאסיפות בימי בחירות למוסדות יהודיים וממשלתיים. בזמן בחירות בא תמיד לידי ביטוי הניגוד בין עמדת בעלי המלאכה לזו של ה„בונד" וה„קומוניסטים", שחדרו לשורות הארגון, והמפלגות הציוניות דאגו להחדרת העמדה הלאומית, בעזרת החברים שהזכרתים לעיל, שמילאו את תפקידם במסירות. מאוחר יותר, כשנוסדה אגודת „טרומפלדור", שלה היתה השקפה ציונית־סוציאליסטית, מצא ועד האגודה לנחוץ להטיל על ועדה בת שלושה חברים — יעקב שלמה גולד, אהרן וולף (גרטל) וכותב השורות האלה — להחדיר בין בעלי המלאכה את ההשקפה הציונית־סוציאליסטית ולפעול למען העלייה לארץ ולטובת ארץ־ישראל העובדת.

בעלי המלאכה הצעירים — רובם היו מאורגנים ב„גורדוניה" וב„התאחדות", ופעילותם הקלה על עבודת הוועדה הנזכרת. הודות לפעולותיה של הוועדה עלו לארץ ר' הירש־בר דונר ומשפחתו וחיים בקר ומשפחתו. מפיהם שמעתי דברי שבח והלל על יעקב שלמה גולד ועל העזרה הרבה שהושיט להם.

בבואי לביקור בראווה בשנת 1935, נכחתי באסיפה של בעלי המלאכה בנוכחות שליח מארץ־ישראל העובדת; ושמחתי לראות את רובם הגדול של בעלי המלאכה שבעיר באסיפה רבתי זו. חשתי בשינוי הגדול שחל בחלק מהציבור הנ"ל, שקודם לכן היה עוין לציונות, ואילו בעת ההיא לקח חלק פעיל בכל העבודות הציוניות. בקשב רב הקשיבו לנאומו של השליח מהארץ, וגם ביקשו ממני, כעד ראייה, לספר להם על כל מה שנעשה בארץ. הם האזינו לדברי בהקשבה רבה, ונוכחתי לדעת שרצונם עז לעלות מיד ארצה ולעזוב את פולין. לאסוננו נסגרו אז שערי הארץ, ותקוותו של ציבור גדול ופרודוקטיבי זה לא נתגשמה; הוא נשאר בפולין והושמד בשואה.

נזכור אותו, את הציבור היקר הזה.

# צום אנדענק פון חברים

פראָפ. ז. ליבערמאַן

מיין חבר הלל אַקסלער, מרדכי דודס בכור און דעם איידעלן יואל ר׳ אבישס אייניקל. מיין ערשטער יונגסטער חבר פון דרדקי. אַ טייערער קאָפּ. אַ גאָלדן האַרץ. אַ גלייכער שכל. אַ פיינע עמפינדלעכע נאַטור. „כ׳האָב מער הנאה, אַז איך גיב אַ מתנה ווי ווען מען גיט מיר...״ — האָט ער מיר געזאָגט ביי 6—7 יאָר. אַ מענטש אָן אַ גאַל. וואָס קאָן גאָרנישט ווערן בייז. אָדער מקנא זיין. אָדער נאָכטראָגן אַ שנאה... מיט ליבשאַפט האָב איך אים גערופן הלל „שופר״. ווייל ער איז געווען אַ דאַרער מיט אַ לאַנגן האַלדז



הלל אַקסלער הי״ד

און מיט אַן אַרויסשטאַרנדיקן „אדם־הראשון־עפּעלע״. מיט גוטע אויגן. אַן אייביק שמייכעלע. זיין קאָפּ און זיין האַרץ זענען געווען אַ טיפמענטשלעכער דועט אויף צוויי פידלען... טוט מיר ווייי דאָס האַרץ. ווי שטאַרק פיל איך זיין נישט־זיין מער!

מיין חבר מענדל קורצער־שיינער, ביילע גיטעלעס, אייזיקל קורצערס אייניקל, אויך אַ חבר מיינער פון דער פריסטער יוגנט. אַ ליכטיקער בוים און פון אַ פינצטערער היים. אַ פעאיקער בחור. אַ רייכע פאַנטאַזיע. אַן עמפינדלעכע נשמה פאַר אַלעם שיינעם, קלוגן, וויציקן און אמת־דיקן. אַ פערפעקטער אויטאָדידאַקט. אַ זעלבסט־געלערנטער פון דעם גוטן שניט: פיזיק, מאַטעמאַטיק, וועלט־שפּראַכן, זינגען, פידל שפּילן, פּראַקטישע וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטן און נאָך אַ סך גוטע זאַכן. מענדל האָט געבערנגט „ריינע קוואַליטעט״ אין זיין ירושה־רענצעלע. און די נויטיקע „קוואַנטיטעט״ האָט ער בלויז געכאַפּט פון דער דער לופט. פון אַלטע זשורנאַלן און היסטאַרישע, אילוס־טרירטע „שמות״. און געגנוג! ער האָט תמיד געחלומט פון אַ בעסערער, שענערער, פיינערער, גערעכטערער וועלט, ווו מענטשן זאָלן זיך ליבן, רעספּעקטירן און קעגנזייטיק העלפן, און נישט איינער דעם אַנדערן האַסן, אויסנוצן און שטערן... אָבער, ער האָט עס קיינמאָל נישט דערלעבט. נישט איינגאַנצן. און נישט אַפילו אַ כזית... נאָר פאַרברענט דורך האַס. וואָס פאַר אַ טראַגישע דיסטאַנץ טיילט אָפּ די מענטשלעכע ווירקלעכקייט פון די מענטשלעכע האָפענונגען...! ברוך דיין אמת!



מענדל קורצער הי״ד

מיין חבר אביש ברינגער, דער בן־יחיד פון איידעל־ביילע־מינדלס און פונעם שטילן טאַטן „שיאלי״... אַ חבר פון 12 יאָר אָן. אַ מתמיד, אַזוי ווי ביאַליקס מוסטער־קינד, אַ שווערער גייסטיקער אַרבעטער. אַ פּאָעטישע נשמה, מיט אַ ווונדערזכרון פאַר ספרים, ביכער, שפּראַכן און פּערל־ציטאַטן. אַ טרייער זון. אַ וואַרעמער חבר. אַ טרוימער פון וויסן און פון קענען. אַ פלאַמענדיקער חסיד פאַר אַלעם שיינעם. אַן אַפּאָסטאָל פון געדאַנקלעכע פּערפעקציע. אַ וואָרט־עסטעטיקער. אַ לערנער אַ טרוימער, אַ מיטלאַלטער־לעכער פּרוש. אַ נזיר פון טאָגטעגלעכע פאַרגעניגנס און באַקוועמלעכקייטן... תמיד געזאַמלט נדן פאַר זיינע פעאיקע, ווילע און אַרבעטזאַמע שוועסטערס. און נישט דערקאָנטשעט. נישט דערלעבט. נישט געגעסן די פּירות פון זיין אַרבעט. אונטערגעהאַקט און פאַרברענט. יהי זכרו ברוך לעולם!

מיין חבר אהרן ווייטהאָרן, פסח־ייטעלעס זון און יעקבס ברודער. מיין חבר פון 15 ביז 25 יאָר... אַ פיינער טיפ מענטש. אַ נשמה פון אַ קינסטלער... האָט גאָלדענע הענט

און אַ גאָלדן האַרץ. און אַ פיינער קאָפּ. אַ זון פון אַ באַ־רימטן גמרא־מלמד און דער פיינסטער „בעל־תנ״ך אין שטאָט, וועלכער האָט געהאַט דעם אידעאַליזם און דעם ציווילן מוט, צו וואַגן אין יענער אַלטער טראַדיציאָנעלער, נישט טאָלעראַנטער סביבה... צו לערנען תנ״ך מיט קינ־דער. תנ״ך איז דעמאָלט געווען „אפשר״.. יידיש, אָבער „זיכער נישט״ חסידיש. און מיין חבר אהרנס טאַטע, איז טאַקע געווען אַ שטיק „מתנגד״ מיט ביידע זין. און מיט זיינע גרעאַטענע האַנטפּערטיקע טעכטער. אהרן איז אַוועק מיט מיר קיין לעמבערג 1922, שטודירן און געבן לעקציעס. אהרן איז געווען אַ געבוירענער אַדעלמאַן. מיט געירשנטן פיינגעשמאַק פאַר זאַכן און מענטשן... זיינע מאַנירן און זיין איידעלע באַנעמונג, זיין זויבערקייט און פינקטלעכ־


אריה ריינערט הי״ד

קייט, האָט ער נישט געזאַפּט פון דרויסן און נאָכגעטאָן... זיי האָבן ביי אים אַלע געקוואַלט פון אינעווייניק. פון זיין עסענציעלן טאַקט, אַלע האָבן אים ליב געהאַט, ווייל ער האָט יעדן ליב געהאַט. ווי להאי שופרא דבלי בארעא!

אריה אייזקל בעקערס.... מיין חבר 10 יאָר. אַ ווונדער־מענטש, מיט געניאַלן שכל, מיט אַ בליץ־אויפפאַסונג. מיט אַ פאַנטאַזיע און מיט אַ „בילדער־און וואָרט־זכרון, וועלכן מען טרעפט זעלטן, אפילו צווישן גאונים. אַ נידעריקער מיט אַ קיילעכדיקן פנים, ווייס, בלאַס, ריין, תמימותדיק, וועלכעס די זון און דאָס טאָגליכט האָבן נישט אָפּגעברענט, אָדער אָנגעקוקט... מיט גרויסע, קראַנקע, אויסגעמוטשעטע, אָפּגעהאַרעוועטע, אָנגעמאַטערטע „אויגן״... מיטן ספרל פלעגט ער שטיין ביי זיין טיר, אָן אַ פענצטער (אַ קאַמער פאַר האָלץ צום באָקן). אויפמאַכן זי אַ שפּאַלט, ווייל ס׳איז דאָך געווען ווינטער.. און געציטערט. און געלייענט... נאָענט צו דער נאָז... און גענאָסן. און געזאַפּט. און געשלונגען, חכמה, חכמה!! אי, אריה, אריה, דיין פאַנטאַסטישע „ווירק־לעכקייט״ האָט פיל איבערגעטראָפן ענלעכע, קלאַסישע, אויסגעטראַכטע וווּנדערטיפן פון דער וועלט־ליטעראַטור. צוויי מאָל האָב איך אים געברענגט און אַרויסגעגאַנוועט... קיין לעמבערג. אָפּגעשווירן דאָס קאָזע־בערדל, און שטודירן!! נאָר צוויי מאָל האָט אים זיין ליבנדיקע מאַמע נעבעך „צור־ריקגעגאַנוועט״. און ענדלעך חתונה־געמאַכט. ער איז נעבעך געווען אַ פילאָזאָפישער „דעטערמיניסט״. אָן אינטערעס און אָן ווילן פאַר גשמיות, פאַר ערדישע זאַכן. אַ קלאַסישער יידישער הימלמענטש. שפינאָזאַ, אוריאל אַקאָסטאַ, דער רמב״ם... אויך נעבעך פאַרברענט געוואָרן.

שראָלקע גוזשיק, דער זון־בכור פון הערש גוזשיק. מיין ברודער מאַטיעס אַ חבר. כ׳האָב אים גוט געקענט. מיין חבר יאַנקלס, עלטסטער ברודער. א פיינער מענטשן־טיפּ. פּעאיק,


יידל שווערט הי״ד

טיכטיק, טעטיק, גערעכט, אמתדיק, פיין, איידל, ליבעפול צו זיין פאָטער, ברודער, שוועסטער און פרויס פאַמיליע. אַלעמען געטריי. אויפטועריש, שעפעריש. מיט פיינעם הומאָר און מיט מענטשלעכן צויבער, וועלכער מאַכט באַליבט און ציט צו מענטשן. מיט גלאַנצגעדאַנקען און בריליאַנטענע איינפאַלן. און געהעריקן קוראַזש צו רעאַליזירן. אַ מושלם בכל המעלות. ת. נ. צ. ב. ה.!

מיין חבר יידעלע שווערט. דער יונגסטער זון פון ר׳ הערשעלע שוחט. יודל דעם שוחטס. אַ פיין מענטשעלע, אַן איידעלער בחור, מיט אַ פיין האַרץ, אַ פיינעם קאָפּ, מיט זעלטענעם חוש פאַר אמת, צדק ויופי. מיט זיין יידישן, שאַרפן זין פאַר הומאָר, האָט ער מיט מיר האַרמאָניזירט, אַזוי ווי צוויי סיכראָניזירטע אויסזענדונג־סטאַציעס און אויפנאַמס־אַפּאַראַטן. ענלעכע כוואַליעס. ענלעכע לענג. קע־גנזייטיקע צוציאונג און קעגנזייטיקע דערגענצונג, וועלכע פילן אָן די נשמות פון ביידע חברים. אומענלעכקייט, שטויסט אָפּ וואָס מער... אַלס מער. ס׳איז נישט קיין קאַפּריז. ס׳איז נאַטור־געזעץ. אַז איך בין געקומען פון לעמבערג אויף אַלע

יום־טובים און בין געגאַנגען דאַוועגען מיטן טאַטן אין דער בלעכענער קלויז... איז שוין יידעלע געווען ביי מיר כסדר. און מיט גלאַנציקע אויגן און געהערט און געהערט... און יעדעס מאָל רעאַגירט געשמאַקפול און שכלדיק. אַז ס׳האָט פאַר מיר געהאַט אַלע טעמים. טעם גן עדן. בטוב טעם ודעת. מיין חבר יידעלע איז נישט געווען אַליין. ער איז געווען קלאַסיש און רעפּרעזענטאַטיוו פאַר פילע, פילע, פילע... יידעלעך. — ווי. וואָס איז פון זיי געוואָרן? געוואַלד, פאַר וואָס, פאַר ווען, פאַר וועלכן?

זיי... אונדזערע טייערע קרובים און חברים, אונדזערע ליבע קדושים, אונדזערע בידנע ליבע אייגענע, וועלכע זענען פאַרפּייניקט און פאַרקוילט געוואָרן, אַזוי־ווי־נאָך קיינמאָל־נישט, אין דער מענטשלעכער, און אַפילו נישט אין דער חיהשער וועלט־געשיכטע.

זיי... זענען ניט געשטאָרבן געגנצלעך און אַבסאָלוט — כל זמן מיר, ראַווער, האָבן זיי ליב און שעצן און אַכטן, און וויינען און ציטערן איבער זיי, און וועגן זיי.

זיי... וועלן לעבן מיט אונדז און אַפילו נאָך אונדז. אָט, אין די פירעקיגע אותיות פון אונדזער „יזכור־בוך״.

יהי זכרם מבורך לעולמי עולמים, אמן!

# מורי ורבי

ז. ליברמן

מורי לנגינה בכינור, ר׳ לעזער כ״ץ, היה מוסיקאי מחונן בכישרון יוצא מן הכלל. בילדותו למד נגינה בכינור מאביו ודודו, שני אחים מוכשרים מאוד, יהודים בני תורה, יראים ושלמים, מכובדים וחשובים בעיני כל. שניהם, אביו ודודו, כבר היו זקנים וחלשים בעת שהיכרתים. אבל כאשר ניגנו השניים בחתונה, בשולחן המסובים לשמח חתן וכלה, או „ביים באדעקנס״ — נעשו נמרצים וחסונים, רגשו מאוד וריגשו את האחרים, ונגינתם יצאה מליבם ונכנסה אל לב כל שומעיהם. ולעזער הצעיר מלווה אותם או מנגן סולו, לפי דרישת המסובים.



ר׳ לעזער כ״ץ ז״ל

בביתו היה רגיל לנגן לעצמו בשעת דמדומי ערב, ללא אור. מתחיל בסולמות ומסתעף לאט־לאט לאימפרוביזציות משלו. אצבעותיו הדקות ושרביט־האשף שלו מרקדים ומקפצים במהירות הבזק על המיתרים, נגינתו פורצת את גבולות התווים וזכרון הנעימות, נכנסת אל עולם היצירות, מקסימה ומלהיבה בכשרונו האלוקי ובהשתפכויות הנפש של השראת הרגע את כל מאזיניו.

רוב בני העיר המוכשרים היו תלמידיו, ומהם יצאו נגנים טובים.

יהא זכרו ברוך לנצח.

# יוגנט־זכרונות

**יעקב מעטצגער־מאַגיעראָוו**
**סאַן־פּאַולאָ — בראַזיל**

### מאַגיעראָוו

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָבן מיר געוווינט אין מאַגיעראָוו, — טאַקע פון דאָרטן שטאַמען מיר אָפּ. טראָצדעם, וואָס איך בין נאָך קיין גאַנצע פיר יאָר נישט אַלט געווען, געדענקט זיך נאָך ווי היינט, ווי די שטאָט איז פאַרנומען געוואָרן פונעם רוסישן מיליטער. די שלאַכטן האָבן זיך געפירט אַרום מאַגיעראָוו און די קוילן האָבן דערגרייכט די הייזער און אַלץ אַרום האָט גענומען ברענען — די גאַנצע שטאָט האָט געברענט. די גרעסטע טייל הייזער זענען געווען געבויט פון האָלץ און אַזוי איז אין געציילטע מינוטן די גאַנצע שטאָט געשטאַנען אין פלאַמען. עס איז געוואָרן אַ געלויפעריי — יעדער איינער האָט געזוכט אַ זיכער אָרט ווו זיך צו ראַטעווען. מען איז געלאָפן צו דער שול, וועלכע איז געווען די איינציקע געמויערטע געביידע, מיט דער האָפענונג דאָרט צו זיין זיכער, ווייל די שול איז געשטאַנען ווייטער פון שטאָט און דאָס פייער האָט אַהין נישט דערגרייכט. אויך אונדזער מוטער מיט די קינדער זענען אַהין געלאָפן. ווען מיר זענען דאָרט אָנגעקומען האָבן מיר געטראָפן די שול איבערגעפּאַקט מיט מענטשן, וואָס זענען אַנגעלאָפן פונעם שטעטל. די לופט איז געווען פול מיט געשרייען און געוויינען. פון ענגשאַפט האָבן אַ סך געחלשט און צו דעם אַלץ, זענען די קוילן געפלויגן דורך די פענצטער. אַ גליק נאָר, וואָס עס האָט קיינעם נישט געטראָפן, ווייל די שול איז געווען הויך געבויט. דער עולם האָט געזען, אַז לאַנג בלייבן אין שול איז אוממעגלעך, האָט מען אָנגעהויבן אַרויסלויפן. ביים טויער האָט מען אָנגעטראָפן רוסישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן נישט אַרויסגעלאָזט, סיידן מען זאָל זיי אַריינטראָגן אַ גרויסע סומע געלט. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט די פאַרלאַנגטע סומע גלייך געשאַפן און אַז זיי האָבן דאָס געלט דערהאַלטן, האָבן זיי געעפנט דעם טויער און אונדז אַרויסגעלאָזט פון דער שול. מען איז געלאָפן וואָס ווייטער פונעם פייער, פון די קוילן, ביז מען איז אַרויס פון שטאָט, אויפן פרייען פעלד. די זעלנער וואָס זענען אונדז אַנטקעגן געקומען, האָבן אונדז געראָטן צו לויפן אויפן זשיאַלקיווער וועג. דאָרט, האָבן זיי געזאָגט, איז שטיל, דאָרטן קומען נישט פאָר קיין שלאַכטן.

ווען מיר זענען אַנטלאָפן פון דער היים, אין גרויס איילעניש, האָט די מוטער נישט געהאַט קיין צייט אונדז אָנצוטאָן שיכלעך און אַזוי לויפנדיק איבער די נאָר־וואָס אָפּגעשניטענע פעלדער באָרוועסהייט, זיינען אונדזערע פיסלעך צעשטאָכן געוואָרן און מיר האָבן נישט געקענט מער גיין. קיין סך זאַכן האָט אונדזער מוטער נישט געקענט מיטנעמען ביים אַנטלויפן און אַ חוץ דעם האָט זי נאָך אונדז געמוזט טראָגן אויף די הענט. אַזוי איז מען געגאַנגען אַ גאַנצן טאָג, דורך פעלדער און צווישן מיליטערישע אָפּטיילונגען און אויפדערנאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין זשאָלקווע.

אין זשאָלקווע האָבן געוווינט אונדזער מוטערס קרובים. מיר זענען דורך זיי זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן. זיי האָבן אונדז אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער און מיר זענען געבליבן וווינען ביי זיי.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער ווינטער און מיטגעבראַכט מיט זיך קראַנקייטן, איבערהויפּט פאַר אונדז, קליינע קינדער. פאַרשידענע עפּידעמיעס זענען אויסגעבראָכן צוליב דער גרויסער ענגשאַפט, וואָס עס איז געווען אין זשאָלקווע. דער גרעסטער טייל יידן, וואָס האָבן געוווינט אין די אַרומיקע דערפער און אין די קליינע שטעטלעך, האָט זיך געלאָזט קיין זשאָלקווע צו זוכן שוץ.

### פּאַטאָליטש

און אַזוי האָבן מיר איבערגעווינטערט דאָרטן, זיך אַנגעליטן פון פאַרשידענע קראַנקייטן און אַנדערע צרות. אַרויספאָרן פון דאָרטן האָט מען ניט געגעבן קיין דערלויבעניש, אָבער ווי נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן אַביסל צו נאָרמאַליזירן די לאַגע, האָט מען שוין דערלויבט אַרויסצופאָרן פון שטאָט. די פרעסט זענען שוואַכער געוואָרן און מיר זענען מיט אונדזער מוטער אַוועקגעפאָרן קיין פּאַטאָליטש. מען האָט זיך געשלעפּט מיט פערד און וואָגן דריי טאָג צייט און געקומען צו אונדזערע זיידע־באָבע. זיי האָבן זיך זייער דערפרייט מיט אונדזער אָנקומען, ווייל די גאַנצע צייט האָבן זיי פון אונדז נישט געהאַט קיינע ידיעות. זיי האָבן געמיינט, אַז מיר לעבן שוין נישט מער. זיי האָבן געהערט, אַז אין מאַגעראָוו זענען אומגעקומען זייער פיל מענטשן. ביי אונדזערע זיידע־באָבע אין פּאַטאָליטש, האָבן מיר געפונען אונדזער נייע היים.

ביי זיי האָבן מיר געפונען אַ וואַרעמע היים. זיי האָבן אונדז אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפט און צערטלעכקייט, דאָרטן האָבן מיר זיך טאַקע אויסגערוט פון דער שווערער און לאַנגער רייזע, די קינדער זענען געזונט געוואָרן. איך האָב אָנגעהויבן גיין אין חדר, זיך באַקאַנט מיט מיינס גלייכן, מיט די קליינוואַרג פון דעם שטעטעלע, אַרויפגע־

קלעטערט אויפן באַקאַנטן פּאָטיליטשער באַרג און ביס־לעכווייז אָנגעהויבן פֿאַרגעסן פֿון די צרות, וואָס מען האָט זיך אָנגעליטן. נאָר ווידער אַ צרה! מיטאַמאָל ברעכט אויס די כאָלערע־עפּידעמיע. קיין דאָקטוירים זענען אין שטעטל נישט געווען, ווען איינער איז אָוועקגעפֿאַלן אויף דער שרעקלעכער קראַנקייט, איז דאָס איינציקע מיטל געווען — איינרייבן דעם קערפּער מיט ספּירט און שטאַרק לאַנג רייבן. עס איז ניט געווען ווער עס זאָל דאָס טאָן, עס איז דאָך געווען מלחמה צייט, די מענער זענען אַלע געווען מאָבי־ליזירט, עס זענען נאָר געבליבן אַלטע און שוואַכע מענטשן, איז ניט געווען ווער עס זאָל אָפּראַטעווען. דער איינציקער אין שטעטל איז געווען מיין זיידע. ער איז געווען זייער אַ שטאַרקער און געזונטער מאַן איז ער גאַנצע טעג און נעכט אַרומגעלאָפֿן איבערן שטעטל ראַטעווען די פֿאַרשלאָפֿ־טע אויף דער דאָזיקער קרענק.

אין אַ טאָג איז מיין זיידע אויך קראַנק געוואָרן אויף דער קרענק און עס איז ניט געווען ווער עס זאָל אים ראַטעווען. עס געדענקט זיך מיר אַז ער האָט צוגערופֿן אונדזער מוטער און איר געזאָגט: חיה־עטע — אַזוי האָט געהייסן אונדזער מוטער — אַנטלויף פֿון דאַנען און ראַ־טעווע דיך מיט דיינע קינדער. ווידער האָט מען גענומען לויפֿן און געלאָפֿן זיינען מיר צוריק צו אונדזער שטאָט, קיין מאַגיעראָוו. געלאָפֿן זענען מיר אַהין מיט דער אויס־זיכט צו טרעפֿן דאָרטן דער מוטערס פֿאָטער, אירע שוועס־טער און אַלץ וואָס מען האָט דאָרטן איבערגעלאָזן. אָבער געפֿונען האָבן מיר דאָרטן פֿאַרברענטע הייזער, אַלץ איז געווען צעשטערט, נאָר די משפּחה אונדזערע האָבן מיר דווקא יאָ געפֿונען. עס האָט מיט זיי קיין זאַך פּאַסירט. אַלעמען איז געלונגען זיך צו ראַטעווען. די פֿרייד אונדזערע איז געווען זייער גרויס, נאָר ווו זיך אַהינצוטאָן איז נישט געווען. דער זיידע איז געשטאָרבן אין צוויי טעג אַרום, ווי מיר זיינען אַנטלאָפֿן פֿון שטעטל. די באָבע איז געבליבן אַליין, האָט זי באַפֿוילן מיט אַ פֿויער, וואָס איז געפֿאָרן קיין מאַגיעראָוו, אַז מיר זאָלן זיך אומקערן צוריק, די קראַנקייט האָט אויפֿגעהערט און מיר האָבן באַשטימט פֿאָרן צוריק קיין פּאָטיליטש, וווינען צוזאַמען מיט אונדזער באָבען.

מיט דער צייט האָבן די רוסן פֿאַרלאָזט די גאַנצע געגנט און די עסטרייכער זענען אַריין. עס איז געוואָרן אַ גדולה; אַ קלייניקייט אונדזערע זענען אַריין! מען איז זיי אַנטקעגן געגאַנגען מיט בלומען, מיט ברויט און זאַלץ — אַן אַלטער מנהג. מען האָט געטאַנצט אין די גאַסן, מען האָט אויסגעפּוצט דאָס שטעטל און ווו עס איז געווען אַ ליידיקע דירה, האָט מען עס אָפּגעגעבן פֿאַרן מיליטער. ביי מיין באָבען איז געווען אַ שיינע, ליידיקע דירה, האָבן זיך

אַהין אַריינגעצויגן אָפֿיצירן און באַלד האָט מען גענומען אַריינציען טעלעפֿאָן־דראָטן און אַנדערע שיינע זאַכן. מיר, קינדער, האָבן ניט אָפּגעטראָטן פֿון דאָרט, איבערהויפּט, אַז די אָפֿיצירן האָבן אונדז מכבד געווען מיט שאָקאָלאַד און אַנדערע גוטע זאַכן. מיר זענען געווען אַזוי פֿאַרנומען, אַז מיר האָבן אַפֿילו נישט באַמערקט, אַז אונדזער מוטער איז אין דער היים נישטאָ. און אויב מיר האָבן זיך שוין יאָ דערמאָנט צו פֿרעגן ביי דער באָבען אויף אונדזער מוטער, ווו זי געפֿינט זיך, האָט זי אונדז געגעבן פֿאַרשיידענע תירו־צים ווי: זי איז אָוועקגעפֿאָרן קיין ראַוואַ־רוסקאַ און אַז היינט אָדער מאָרגן קומט זי צוריק. ביז אין אַ שיינעם טאָג איז זי געקומען טאַקע, שיין פֿאַרפּוצט, זי האָט געלאַכט. מיר האָבן גלייך באַמערקט, אַז עפּעס איז פֿאָרגעקומען... זי האָט מיטגעבראַכט שיינע זאַכן אָנצוטאָן אונדז און האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר פֿאָרן אין אַ נייער היים, מיר פֿאָרן וווינען אין ראַוואַ־רוסקאַ.

### ראַוואַ־רוסקאַ

אונדזער מוטער, בלייבנדיק אַן אלמנה מיט צוויי קליינע קינדער נאָכדעם ווי אַלץ איז פֿאַרברענט געוואָרן, נישט האָבנדיק קיינע אויסזיכטן פֿאַר זיך און פֿאַר אונדז, קינדער — האָט זי באַשלאָסן חתונה צו האָבן אַ צווייטן מאָל. זי האָט חתונה געהאַט פֿאַר דעם ראַוואַער תושב עבער בלאָט. גערופֿן האָט מען אים עבער האַלצפֿירער. אַזוי האָט מען גערופֿן אין ראַווע כמעט אַלע מענטשן לויט זייער פֿאַך, אָדער לויטן מסחר, וואָס זיי האָבן געפֿירט. ער איז געווען זייער אַ הויכער מאַן, זייער אַ שטילער און ערלעכער מענטש, אַ וואָרטסמאַן. ער האָט געהאַט אַן אַסקעטישן אויסזען, אַביסל אַ שטרענגער. קען זיין, אַז דאָס האָט זיך אונדז פֿון אָנהייב אַזוי אויסגעוויזן, אָבער מיט דער צייט, האָבן מיר זיך צו אים צוגעוווינט. ער איז גראָד געווען אַ גוטער מענטש און האָט זיך צו אונדז באַנומען ווי אַן איי־גענער פֿאָטער. צוויי זין האָט ער געהאַט פֿון זיין ערשטער פֿרוי: אפרים און הערץ בלאָט. מיר האָבן זיך צונויפֿגעלעבט ווי אייגענע ברידער. געוווינט האָבן מיר הינטערן רינעק, אַנטקעגן דער אייזערנער קלויז. מען האָט געדאַרפֿט נאָר אַדורכגיין דאָס קלאָפּער־הייזל איז מען געווען אין רינעק און אַרויפֿצוצו זענען געשטאַנען די בתי־מדרשים, אַביסל אויף רעכטס זענען געשטאַנען פֿון האָלץ געבויטע קליינע הייזלעך צוזאַמענגעפּרעסט מיט שמאָלע ליקן; די פֿענצ־טער — ביי דער ערד. מערקווירדיק איז, ווי די קליינע הייזלעך זענען געבליבן גאַנץ, טראָצדעם, וואָס אין ראַוואַ זענען פֿאָרגעקומען גרויסע שלאַכטן, און פֿאַרקערט — אין דער לינקער זייט פֿון דער שול, זענען אַלע הייזער און

אַפילו געמויערטע בנינים — פאַרניכטעט געוואָרן בעת די שלאַכטן.

ווען מיר זענען געקומען קיין ראַווע, האָב איך, אַ קינד אין עלטער פון זיבן יאָר, קומענדיק פון אַ קליין שטעטעלע, זיך פאָרגעשטעלט ראַווע ווי אַ שטאָט אַ כרך. פאַר מיר איז שוין קיין גרעסערע שטאָט אויף דער וועלט נישט פאַראַן און ווי אַלע קינדער פון דעם עלטער, אַרומגעלאָפן גאַנצע טעג זיך צו באַקענען מיט דער שטאָט. אויף אַלץ איז מען געווען נייגעריק. אָט האָב איך אַנטדעקט אַן אייזערנע קלויז און אַ בלעכענע קלויז, דאָס אַלטע בית־מדרש און אַ זאַמד בית־מדרש, אַן אַלטע קלויז און אַ זאַמד־קלויז און היינט די גרויסע שול? עפּעס אַ קליינִיקייט, אַזאַ פאַרנעם? און מיט דעם אַלעם האָט מען זיך געמוזט גלייך באַקענען, אַנישט האָט מען זיך נישט געטאָרט ווייזן פאַר די נייע חברים. און היינט, די שטאָט גופא, מיטן רינעק, מיטן ראַטהויז. ווו נאָר אַ ווינקל זענען מיר געווען. אויך די ראַטער ריקע, ווו אַלע זענען זיך געגאַנגען באָדן אין די הייסע זומערדיקע טעג. פאַרשטייט זיך, אַז נאָר נאָך שבועות, האָט מען זיך געבאָדן, ווייל אין די ספירה־טעג טאָר מען דאָך ניט. מיר האָבן זיך אויך באַקענט מיט די אַרומיקע וועלדער און מיט דעם הויף, וואָס איז געווען אויף יענער זייט טייך, מיט די אַלייען אַקאַציע־ביימער, ווו מען פלעגט אַהין גיין שפּאַצירן אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן. ווונדערבאַר זענען געווען די וואַלקאָוויצע און דער פּאָטאַליטשער וואַלד מיט די שמעקעדיקע סאָסנאָווע ביימער. אָט אין די אַרומיקע וועלדער, פלעגט אַלע שבת אַרומשפּאַצירן דער עולם, זיך אויסלייגן אויפן גראָז און אַריינאָטעמען פרישע לופט. אין ראַווע איז די לופט נישט געווען אַזוי געהויבן. דאָס אַרומלויפן שבת אין די וועלדער, איז געווען אַ מחיה.

אין ראַווע איז געווען רואיק. מענטשן, וואָס זענען בעת דער קריג אַרויסגעפאָרן, האָבן זיך צוריקגעקערט. טראָצדעם, וואָס אין און אַרום ראַווע איז געווען שטיל, קיין שלאַכטן זענען נישט פאָרגעקומען, האָט זיך אָבער געפילט, אַז עס איז מלחמה. אַלע וויכטיקע אַרטיקלען ווי: ברויט, צוקער, פלייש, ציגאַרעטן און אַנד. האָט מען אַרויסגעגעבן אויף קאַרטן. מען פלעגט דאַרפן שטיין אין לאַנגע רייען ביי די בעקערייען נאָך ברויט און אַז מען האָט שוין באַקומען דאָס ברויט, איז דאָס געווען רוי און געמישט מיט אַ סובסטאַנץ, וואָס האָט זיך געקלעפּט. מענטשן זענען קראַנק געוואָרן פון דעם ברויט, איבערהויפּט דאָס קליינוואַרג.

אַזוי ווי דער גרעסטער טייל פון דער ראַוואַר באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון יידן, האָט די ראַוואַר קהילה גענומען די איניציאַטיוו צו פּראָטעסטירן און געמאַכט עס אויף אַ יידישלעכן אופן: שבת, פאַרן לייענען די תורה, האָט מען געגעבן אַ קלאַפּ אין שולחן, אַז מען וועט נישט לאָזן אויסנעמען, כדי אַלע יידן זאָלן זיך פאַרזאַמלען און צוזאַמען מאַרשירן צום סטאַראָסטע און פאַרלאַנגען פון אים, ער זאָל זען צו פאַרבעסערן דאָס ברויט. יידן מיט לאַנגע בערד, אין שטריימלען, פון אַלע בתי־מדרשים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין גאַס. אין פראָנט זענען געגאַנגען די פני פון שטאָט ביז מען איז צוגעקומען צו דער רעגירונגס־געביידע, ווו עס האָט זיך געפונען דער מאַגיסטראַט. מען האָט אַנגעהויבן שרייען און פאַרלאַנגט, אַז דער סטאַראָסטע אַליין זאָל זיך באַווייזן. מען וויל, אַז ער זאָל אויסהערן, וואָס די מענטשן פון שטאָט פאַרלאַנגען. דער סטאַראָסטע איז אַרויסגעקומען, אויסגעהערט, וואָס דער עולם פאַרלאַנגט און גאַנץ העפלעך פאַרשפּראָכן אַנטקעגן צו קומען די פאָדערונגען, וואָס די ראַוואַר בירגער פאַרלאַנגען.

נאָכדעם, ווי דער סטאַראָסטע האָט צוגעזאָגט איז מען געגאַנגען פאַרענדיקן דאָס דאַווענען, וואָס מען האָט געהאַט איבערגעריסן. אָבער דאָס ברויט איז ניט פאַרבעסערט געוואָרן. טראָצדעם, זענען אָבער די ראַוואַר יידן געווען שטאָלץ מיט דעם, וואָס ביים קיסר פראַנץ יאָזעף האָבן יידן רעכט...

מיט דער צייט איז די לאַגע אין לאַנד געוואָרן ערגער. מען האָט געשמועסט, אַז דער קיסר וויל „אָפּדאַנקען", אַז עס האַלט שלעכט מיטן קריג.

מיר, קליינוואַרג, האָבן זיך צוגעהערט, וואָס די עלטערע רעדן אין קלויז און איינמאָל, אַרומלויפנדיק איבערן מאַרק, האָבן מיר דערזען אַ זאַך, וואָס אונדזערע אויגן האָבן דאָס קיינמאָל ניט געזען. עס גייען עטלעכע זעלנער, אָדער אָפּיצירן אין גאַס און לאָזן זיך צו דער באַן־גאַס, אוודאי צוריקצופאָרן צו זייערע מיליטער־טיילן. אַנטקעגן זיי זענען אָנגעקומען עטלעכע שקצים און פאַרשטעלן זיי דעם וועג. זיי רעדן מיט די מיליטערלייט אין אַ הויכן טאָן און פּלוצלונג הויבן זיי אָן אַרונטערצורייסן זייערע מיליטערישע היטלען און וואַרפן עס צו דער ערד. רייסן אַרונטער זייערע שליפעס און שרייען צו זיי: „אויס מלחמה! אויס עסטרייך!"

## „אויס עסטרייך"

די זעלנער זענען געבליבן שטיין ווי צעמישט און נישט געוווסט וואָס צו טאָן. דערזעענדיק דאָס, בין איך פייל פון בויגן געלאָפן אַהיים דערציילן, וואָס איך האָב געזען. מען האָט מיר נישט געוואָלט גלויבן און הערן. מילא, וואָס אַ קינד רעדט, קינדערישע פאַנטאַזיעס. ווער וועט וואַגן אַרונטערייסן אַ היטל ביי אַ זעלנער, ווער וועט וואַגן אַזאַ זאַך צו טאָן. עס האָט ניט געהאָלפן קיין שווערן זיך. כאָטש מען

האָט מיר נישט געגלויבט, איז דער פעטער — אַזוי האָבן מיר גערופן דעם מאַן פון אונדזער מוטער — דאָך אַרויס־געגאַנגען אין מאַרק אַריין געוויר צו ווערן עפעס נייעס. אפשר!? ווער ווייסט, אַ קינד שווערט זיך, אַז ער האָט אַליין געזען! דאָס מאָל האָט מען מיר געגלויבט. אַרויס־קומענדיק אין מאַרק אַריין זענען שוין געווען פאַרזאַמלט פיל מענטשן. די נייעס האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט און די זעלבע סצענעס וואָס איך האָב געזען, האָבן זיך איבערגעחזרט אין פאַרשידענע טיילן פון דער שטאָט. און אָט שמועסט מען „אויס עסטרייך", „אויס קיסר" און די שטאָט האָט געכאַפּט אַ ציטער. אַ קליינינקייט, אויס קיסר, אויס געזעצן, לית דין ולית דיין. און וואָס וועט ווערן פון דער שטאָט? אַלץ איז הפקר? עס זענען געווען זשאַנדאַרן, זענען זיי אויך אויס? אָט אַזוי האָב איך באַנומען די געשעענישן.

קהל האָט זיך באַראַטן וואָס צו טאָן. מען האָט געשיקט אויסרופן אין אַלע טיילן שטאָט, די באַפעלקערונג זאָל זיך פאַרזאַמלען אויפן רינעק, אַנטקעגן דעם ראַט־הויז. עס גע־דענקט זיך, אַז דער דר. מאַנדעל האָט זיך באַוויזן אויפן גאַ־נעק פונעם ראַט־הויז און אין אַ רעדע האָט ער אויפגעקלערט, וואָס עס קומט פאָר און געבעטן, אַז אַלע די, וואָס קענען זיך באַגיין מיט געווער, זאָלן זיך מעלדן אין דער גמינע. אַ גרוי־סער טייל יידישע יונגעלייט, וועלכע זענען צוריקגעקומען פונעם מיליטער, האָבן זיך געמאָלדן און מען האָט געשאַפן אַ פרייוויליקע מיליץ. אַלע האָבן באַקומען אָרעמבענדער מיט אַן אויפשריפט. זיי האָבן געהיטן די שטאָט. דאָס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט, ווייל באַלד האָט מען געהערט שיסערייען דורך די נעכט. די שיסערייען זענען געקומען פון די פאַליאַקן, וואָס זענען געווען קעגן די אוקראַינער, אָדער פאַרקערט. יעדן טאָג האָט מען געפונען טויטע ביי דער באַן, אויף דער ראַגאַטקע, אָדער אין אַנדערע פלעצער, מיינסטנס, אין ווייטערע געגנטן. די פרייוויליקע מיליץ גופא איז געווען באַדראָט דורך די פריי־שיסער און האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון צו היטן די שטאָט. ווידער איז ראַווע געבליבן אויף הפקר. די שיסערייען זענען וואָס אַמאָל געוואָרן עפּטער, איבערהויפּט ביינאַכט. אַז עס איז געקומען דער פאַר־נאַכט, האָט מען פאַרהאַנגען די פענצטער, פאַרשפּאַרט די טירן און מער נישט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און פיל מאָל זיך געלייגט שלאָפן אָנגעטאָענערהייט. מען האָט זיך גע־שראָקן, און מיט רעכט, ווי אַזוי קען אַ שטאָט זיין אָן אַ רע־גירונג. מען האָט ניט געוווּסט וואָס וועט ווערן דערפון.

אין איינעם אַ פרייטיק איז דאָס געווען, אין דרויסן איז געווען אַ שטאַרקע קעלט, קיין שניי איז נאָך נישט געווען, האָבן זיך באַוויזן מיליטער אין גרינע מונדירן, פּירעקיגע היטלען מיט גלאַנציקע דאַשיקעס. אָנגעקומען זענען זיי פון דער באַן־גאַס און אַוועקמאַרשירט צום הויפּצו. מען האָט אויף זיי געקוקט מיט פאַרדאַכט און שרעק, דאָך האָט מען געהאָפט, אַז מען וועט נישט זיין הפקר.

דערווייל איז דער עולם געגאַנגען אין שול אַריין דאַ־ווענען. עס איז דאָך פרייטיק צו נאַכט. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און מען האָט דערהערט געוואַלדן און אַ לויפעריי. מענטשן זענען געלאָפן באַרוועסע, אַנדערע אָן היטלען און צעשלאָגענע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דורכמאַר־שירנדע זעלנער זענען אַריין אין די בתי־מדרשים, אָראָפּגע־צויגן די שטיוול פון די דאַוונער מיט געוואַלט און צוגע־רויבט אַלץ, וואָס נאָר איינער האָט געהאַט ביי זיך און ווער עס האָט געפּרוּווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד איז גוט צעשלאָגן געוואָרן. דער עולם האָט באַלד דערפילט, ווער די נייע באַ־שיצער זענען.

די טעג זענען אַוועק מיט שרעק און זיכערקייט. דער־ווייל איז אָנגעקומען דער ווינטער מיט שניי און זאַווערוכעס. די שיסערייען זענען וואָס אַמאָל שטאַרקער געוואָרן צווישן די פאַליאַקן און די אוקראַינער, שטרייטנדיק ווער עס זאָל הערשן אין שטאָט.

אין אַ צווייטן פרייטיקצונאַכטס, ווען מיר האָבן גע־האַלטן אין עסן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי און אַ גע־שטעפעריי פון מאַשינגעווער אָן אַן אויפהער. אַנטקעגן אונדז האָט געוווינט די פאַמיליע אהרן־לייב שטרויס. אין דער פאַמיליע זענען געווען קליינע קינדערלעך, מיידלעך. זיי האָבן מורא געקראָגן צו בלייבן ביי זיך אין הויז. ערשטנס, זיי האָבן געוווינט אויף אַ גאָרן און צווייטנס, איז זייער הויז געשטאַנען אָפּגעזונדערט און אונדזער הויז איז געשטאַנען צווישן אַנדערע הייזער, האָט מען געטראַכט, אַז ביי אונדז איז זיכערער. מיטאַמאָל, מען קלאַפּט אין טיר. ר' עבער מאַכט אויף און לאָזט אַריין אהרן־לייב שטרויס מיט דער גאַנצער פאַמיליע. זיי זענען געקומען איבערנעכטיקן ביי אונדז און שוין געבליבן ווינען אַ שטיק צייט, ווייל די שיסערייען האָבן נישט אויפגעהערט. דאָס קליינוואַרג האָט מען אויסגעבעטן ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט און געלייגט שלאָפן און די עלטערע האָבן זיך נישט אויסגעטאָן, געבליבן זיצן אַרום טיש. דאָס שיסעריי האָט נישט אויפגעהערט. מיט־אַמאָל, מען קלאַפּט ווידער אין טיר און דאָס מיט קאָלבעס. — „אָטוואָשטשע" — האָבן זיי געשריגן, „אַז נישט ברעכן מיר אויף די טיר"!

מען האָט געעפנט די טיר. עס זענען אַריינגעקומען פון אַכט ביז צען זעלנער. אַלע באַוואָפנטע. מען זאָל זיי געבן געלט. פאַרשטייט זיך וואָס מען האָט געהאַט, האָט מען זיי אַוועקגעגעבן און דעם רעשט האָבן זיי אַליין גענומען, אַפילו

דאָס שבתדיקע עסן האָבן זיי אויפגעגעסן. אויפגעפּראַלט די טיר און אַרויס און זיך אויסגעשטעלט אַריינצושיסן אין שטוב אַריין. מיר האָבן אָנגעהויבן צו געוואַלדעווען, סיי עלטערע און סיי די קינדער. אויף די געשרייען זענען אָנגעקומען עטלעכע אָפיצירן און האָבן זיי פּאַריאָגט. ווען נישט די אָפיצירן וואָלטן זיי אונדז אַלעמען אויסגעשאָסן. די רויבער באַנדעס האָבן שטענדק געטראָפן צו אונדז, אפשר דערפאַר, ווייל מיר האָבן געוווינט באַלד הינטערן רינעק ווו עס האָבן זיך געפונען די געוועלבן, האָבן זיי גערעכנט, אַז אין דער צווייטער זייט וווינען זיכער די באַלעבאַטים. מיר האָבן זיך דערפאַר אויסגעלערנט צו טרעפן, אַז רויבער קלאַפן אין טיר, פלעגן מיר באַלד אָנהייבן שרייען און די רויבער פלעגן אַוועקגיין. די שכנים אונדזערע, אַז זיי פלעגן הערן אַז מיר שרייען, האָבן זיי געזאָגט, אַז ביי עברען „זינגט מען זמירות".

## מלחמה צווישן פּאָליאַקן און אוקראַאינער

די קאַמפן צווישן די פּאָליאַקן און אוקראַאינער האָבן זיך פאַרשאַרפט.

איינמאָל, אין אַ שבת פאַרטאָג איז דאָס געווען, האָבן זיך די אוקראַאינער אַריינגעריסן אין שטאָט און עס זענען פאַרגעקומען גאַסן־קאַמפן. די שיסערייען זענען געווען זייער שטאַרקע. ביי אַלע טירן און טויערן זענען געשטאַנען סאָלדאַטן. מיר זענען אַרונטער אין קעלער אַריין, ווייל אין שטוב זענען אַריין קוילן. דער קאַמף האָט געדויערט ביז אַרום דריי אַזייגער בייטאָג. די פּאָליאַקן איז געלונגען צו פאַרטרייבן די אוקראַאינער און ווען עס האָט זיך איינגעשטילט און געוואָרן עטוואָס רואיק, זענען מיר אַרויס אין גאַס אַ קוק טאָן. צענדליקער און צענדליקער טויטע האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן. אַ טייל האָט מען דערקענט, דאָס זענען געווען אוקראַאינישע פויערים פון די אַרומיקע דערפער, באַקאַנטע.

נאָך אָט יענער שלאַכט איז רואיק געוואָרן אין שטאָט און אין דער אומגעבונג. ווייזט אויס, אַז די פּאָליאַקן האָבן געזיגט, עס האָט זיך איינגעשטילט און מען האָט שוין געקענט אַרויסקומען אין גאַס אַריין. אייניקע זענען אַרויס האַנדלען און אייניקע — מיט אַנדערע באַשעפטיקונגען. מיטאַמאָל האָבן זיך באַוויזן די האַלערטשיקעס. דאָס זענען געווען אויסוווּרפן, וואָס גען. האַלער האָט פאָרמירט אין אַ לעגיאָן אין פראַנקרייך. ער איז געקומען מיט דעם לעגיאָן „באַפרייען" פוילן. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט שניידן די בערד ביי יידן און געשניטן האָבן זיי מיט אַ מעסער. איינמאָל, אַרויסגייענדיק פון קלאַפּ־הייזל אין מאַרק אַריין, האָב איך בייגעוווינט אַ סצענע, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון, ביז היינט צו טאָג, צוויי באַנדיטן האָבן געכאַפּט אַ יידן, וואָס איז געגאַנגען דאַווענען, אים פאַריסן דעם קאָפּ אויף הינטן און מיט אַ מעסער געשניטן די באָרד. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מען קוילעט דעם יידן. איך בין געלאָפן אַהיים מיט אַ געוויין און געשריען, אַז איך אַליין האָב געזען ווי מען קוילעט אַ ייד. קיין איין גוטן טאָג האָט מען נישט געהאַט אין ראַוווע.

און אָט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע מעשה:

מענער, וואָס זענען אַרויס אין גאַס האַנדלען, האָבן זיך נישט אומגעקערט אַהיים נישט פריער, ווי אין צוויי, אָדער אין דריי טעג אַרום. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען כאַפּט צו דער אַרבעט צו גראָבן אָקאָפּעס אָדער אַנדערע געפערלעכע אַרבעטן. עס איז אוממעגלעך געוואָרן אַרויסצוגיין אין גאַס. האָט מען געשיקט אַ דעלעגאַציע צום קאָמאַנדאַנט אונטערצוהאַנדלען וועגן צושטעלן געדונגענע אַרבעטער וויפל זיי פאַרלאַנגען, כדי די סוחרים זאָלן קאָנען אַרויסקומען אין גאַס האַנדלען. דער קאָמאַנדאַנט האָט דעם אָנבאָט אָנגענומען און די באַלעבאַטים האָבן געדונגען יידישע אַרבעטער, טרעגערס און אַנדערע אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן געזוכט צו פאַרדינען דעם טאָג פּרנסה.

יעדן טאָג גאַנץ פרי, האָבן זיך די אַרבעטער פאַרזאַמלט ביי רב הערשעלע מאַנד אויפן הויף, דאָרטן האָבן זיי געקראָגן אויסגעצאָלט פאַרן טאָג אַרבעט און אויך אַן אַרבעטשיין און פון דאָרטן זענען זיי אַוועק צו דער אַרבעט, וווהין דאָס מיליטער האָט אָנגעוויזן.

די גאַנצע צייט וואָס האָט געדויערט דאָס צושטעלן מענטשן צו דער אַרבעט, האָבן מיר אַ יעדן טאָג געהאַט צוויי געסט: אינדערפרי פאַרן גיין צו דער אַרבעט, זענען צו אונדז געקומען דער אַלטער דוד טרעגער און זיין זון משה. מען האָט אים גערופן „משה רויטער קאָפּ". געקומען זענען זיי נאָך אַ גוטן שמעק טאַבעק ביי ר' עברען און דערצו האָבן זיי נאָך געקראָגן צו הייסע טעפּעלעך ציקאָריע און וואַרעמע פלעצלעך מיט פּוטער. אַזוי יעדן טאָג.

עס איז געוואָרן רואיקער. מען האָט מער נישט פאַרלאַנגט קיין אַרבעטער. די פּאָליאַקן האָבן באַזיגט די אוקראַאינער און עס האָט אויסגעזען אַז אַלץ איז אין אָרדענונג.

אין איינעם אַ דאָנערשטיק, איז מיטאַמאָל אויסגעבראָכן אַ שיסעריי. די קוילן זענען געפלויגן פון אַלע זייטן, מען האָט נישט געוווּסט וואָס עס קומט פאָר. נאָכדעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די באָלשעוויקעס האָבן פאַרכאַפּט די באַנסטאַציע און פון פאַנצער־צוגן באַשאָסן די שטאָט. די אַלע, וואָס האָבן געוווינט אין די נידעריקע הילצערנע הייזקעס, אין דער שול־גאַס, האָבן זיך באַזעצט אין די בתי־מדרשים, מיט אַלץ וואָס זיי האָבן איבערגעטראָגן פון זייערע הייזער,



ראַווער בחורים

ווייל נאָר אין געמויערטע הייזער, איז מען געווען געשיצט קעגן די קוילן.

ראַווע־רוסקאַ האָט געליטן אפשר מער ווי אַנדערע שטעט, ווייל ראַווע איז געווען אַ סטראַטעגישער פונקט ווי אויך צוליב דעם גרויסן באַן־פּאַרקער. אַלנפאַלס, ראַווע האָט גענוג געליטן.

די פּאַליאַקן האָבן געזיגט. זיי האָבן פאַרנומען גאַנץ מזרח־גאַליציע און מיר זענען געוואָרן פוילישע בירגער. יונגעלייט ווערן גערופן צום מיליטער. אויס עסטרייך, איצטער זענען מיר פוילישע בירגער.

נייע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אין ראַווע, ספּעציעל צווישן דער יוגנט. דאָס כמעט מיטלאַלטערלעך שטייגער־לעבן, וואָס מען איז געוווינט געווען, ווי גיין מיטן טאַטן אין שול דאַווענען, אָדער זיך טרעפן מיט אַ חבר אין קלויז, אָדער אַרום דער קלויז — איז פאַרביטן געוואָרן דורך טרעפן זיך אין פאַריינען, אין יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשידענע שטרעמונגען. דאָס איז געווען אַ צייט פון גרויסע געשעענישן: צוויי גרויסע היסטאָרישע מאָמענטן — די באַלפור־דעקלאַראַציע און די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. די ערשטע, וואָס איז געווען נוגע דעם יידישן פאָלק און די צווייטע — פון אוניווערסאַלן כאַראַקטער. די ראַווער יוגנט האָט רעאַגירט אויף זייער אַ פּאָזיטיוון אופן. מען דאַרף נישט פאַרגעסן אַז ראַווע איז געווען אַ שטאָט אָן אַן אינדוסטריע. כמעט די אַלע איינוווינער פון שטאָט האָבן געצויגן זייער חיונה פון מסחר, געוועלבלעך, אָדער געהאַנדלט מיט די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. די ראַווער יוגנט , נישט האָבנדיק קיין פאַכקענטעניש ווי אויך ניט די מעגלעכקייט צו באַקומען העכערע בילדונג — איז געווען אַנגעוויזן אָנצוגיין מיט די זעלבע מסחרים פון זייערע עלטערן אָדער בעסער געזאָגט — מיט די אַזוי גערופענע לופט־פרנסות. קעגן דער דאָזיקער לאַגע האָט די ראַווער יוגנט געקעמפט און דערפאַר געשטראָמט און אָנגעפילט די יידישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און אין דער חלוצישער באַוועגונג מיט אַ טאָפּעלער אויסזיכט: אַרויסצורייסן זיך פונעם אַלטן לעבנס־שטייגער און ווערן אַ פּראָדוקטיווער עלעמענט און גלייכצייטיק צוגרייטן דעם באָדן פאַר דער צוקונפטיקער מדינה.

## מלאכות אין ראַווע

ווי עס איז שוין פריער געזאָגט געוואָרן, איז צו יענער צייט אין ראַווע קיין אינדוסטריע נישט געווען, וווּ די יוגנט וואָלט זיך געקענט באַשעפטיקן. וואָס אין ראַווע איז יאָ געווען, איז דער באַלמעלאָכישער שטאַנד, ווי צ״ב.: שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס, קירזשנער און אַנדערע פאַכן. פון די אַלע אויבנאויסגערעכנטע פאַכן, איז קירזשנעריי געווען פאַררעכנט — ווי מען האָט עס אָנגערופן — אַ באַלעבאַטיש פאַך. אויב עלטערן האָבן געציטערט פאַרן געדאַנק אָפּצוגעבן זייערס אַ קינד צו לערנען שוסטעריי אָדער שניידעריי, האָבן זיי אָבער מיט פאַרגעניגן געשיקט זייער קינד לערנען קירזשנעריי און פיל מאָל צוגעצאָלט פאַרן אויסלערנען דעם פאַך. שפּעטער, אַז די בראַנזשע איז אויסגע־

וואַקסן צו אַן אימפּאָרט און עקספּאָרט אינדוסטריע און אַז פון די קליינע ווערקשטעלעס זיינען געוואָרן גרויסע ווערק־שטאַטן מיט צענדליקער און צענדליקער אַרבעטער, איז ראָווע שוין געוואָרן אַן אינדוסטריעלע שטאָט מיט אַן אַרבעטער קלאַס.

אין יענער צייט האָט אין אונדזערע קאַנטן נאָך גע־הערשט דאָס אַלטע צעכן־געזעץ, ווו דער באַלעבאָס האָט געהאַט אַלע רעכטן און דערפאַר האָט מען געאַרבעט פון צוועלף ביז פערצן שעה אַ טאָג און פאַר אַ ביליקן אַרבעטס־לוין. די באַלעבאַטים זיינען גיך רייך געוואָרן. די קירזשנער־אַרבעטער האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן, כדי אויסצוקעמפן בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען און העכערע לוינען. צוערשט האָט יעדער איינער פאַרלאַנגט פאַר זיך אַ העכערונג און נאָכדעם פאַר אַלע אַרבעטער פון ווערקשטעל. די מייסטערס, נישט זייענדיק צוגעוווינט, אַז מען זאָל זיי אַרויסשטעלן פאָ־דערונגען — ווייל פון אייביק אָן האָבן זיי געוווּסט, אַז דער אַרבעטער דאַרף וואַרטן ביז דער באַלעבאָס וועט זיך דער־מאָנען, אַז מען דאַרף העכערן. מיטאַמאָל ברעכט אויס אַ שטרייק ביי די קירזשנער־אַרבעטער. עס ווערט געשאַפן אַ שטרייק־קאָמיטעט. אין קאָמיטעט גייען אַריין די מער באַ־וווסטזיניקע אַרבעטער, מיט רפאל קראַמער אַלס פּרעזידענט פונעם קאָמיטעט. די פּאַרוואַלטונג פונעם פאַריין „גורדוניה" שטעלט צו דיספּאָזיציע אירע זאַלן, ווו צו קענען פירן די פאַרזאַמלונגען.

און דאָס ערשטע מאָל קומט פאָר אַן אָרגאַניזירטער שטרייק.

דער שטרייק האָט זיך געצויגן אַ לענגערע צייט. עס איז געווען שווער צו קעמפן סיי מיט די אַרבעטס־געבער און סיי מיט די שטרייקער. מען איז נאָך נישט געוווינט געווען צו שטרייקן. אייניקע האָבן מורא געהאַט אַז זיי וועלן פאַרלירן דעם אַרבעטס־פּלאַץ. עס האָט געקאָסט גענוג מי און אָנ־שטרענגונג, ביז דעם קאָמיטעט איז געלונגען איבערצוצייגן די יעניקע, וועלכע האָבן מורא געקראָגן, אַז נאָר אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן קען מען געווינען דעם שטרייק און אויס־קעמפן העכערע לוינען און אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. די אַרבעטער, וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן מיט זייערע פאַר־דינסטן די פאַמיליעס, האָט מען פאַר זיי געזאַמלט געלט. דעם שטרייק האָט מען געוווּנען. די אַרבעטס־געבער זענען געקומען צום שטרייק־קאָמיטעט און אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך, אַז זיי גיבן נאָך אַלע פאָדערונגען, וואָס די אַרבע־טער האָבן אַרויסגעשטעלט. די קירזשנער־אַרבעטער האָבן דערזען, אַז ווען מען איז אָרגאַניזירט איז מען אַ כוח. און אַז אין ראָווע איז שוין געווען אַן אָרגאַניזירטער אַרבעטער־קלאַס, איז קיין וואונדער נישט, וואָס אויסער די צאָל ציוניס־טישע פאַריינען ווי: „התקוה", „התאחדות", „גורדוניה", „מזרחי" און אַנדערע — זענען אויך אַנטשטאַנען לינקע אָרגאַניזאַציעס ווי דער „בונד" און די „טשיטעלנע", וואָס איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען אירע אידעישע אָנ־שויאונגען, אפילו נישט פאַר דער ראָווער־רוסקער פּאָליציי...

## די ראָווער יוגנט

די ראָווער יוגנט האָט אָנגעהויבן פּאָליטיש רייף ווערן. מען האָט דיסקוטירט אַלע אַקטועלע פראַגן, סיי ציוניסטישע, סיי אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. ראָווע האָט געברויזט



קבוצת־"בוסליה" בעיר. ראש־קבוצה שרה גיטל הולץ.

מיט דיסקוסיעס. איך ווייס נישט אויב אין וועלכער אַנדער שטאָט האָט מען אַזויפיל דיסקוטירט און אַרומגערעדט וועגן פּאָליטישע, וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעמעס, וואָס פלעגן פאָרקומען אין די פרייטיק־צונאַכטסן ווי אויך קעסטלאָונטן, וואָס פלעגן דורכגעפירט ווערן אין כמעט אַלע אָרגאַניזאַציעס. צו די דיסקוסיעס פלעגן קומען מיטגלידער פון אַנדערע פאַריינען. מען פלעגט זיך צוהערן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו יעדן וואָרט, צו יעדער פראַזע. די אָונטן פלעגן זיך פאַרציען ביז אין די פאַרטאָגן מיט גרויס התלהבות און מיט ברען.

דער דורשט נאָך וויסן איז ביי דער ראַוואער יוגנט געווען זייער גרויס. וואָס פאַר אַן אויפברויז עס פלעגט זיין ביי וואַלן! קענטיק, אַז ראַווע איז געווען פאַרעכנט אין די גרויסע יידישע צענטערן פאַר אַ פּאָליטיש־רייפע באַפעלקערונג, ווייל עס פלעגן קומען קיין ראַווע באַוווסטע יידישע פערזענלעכקייטן, ווען עס פלעגן פאָרקומען סיים־וואַלן, אָדער וועגן ציוניסטישע פּראָבלעמען. ראַווע איז אויך באַזוכט געוואָרן פון קולטור־געסט פון וואַרשע, לעמבערג און פון אַנדערע יידישע קולטור־צענטערן. ראַווע איז אויך געווען באַקאַנט פאַר אַ שטאָט פון טעאַטער־ליבהאָבער און דערפאַר איז ראַווע באַזוכט געוואָרן פון פאַרשידענע טעאַטער־גרופּעס ווי דער וואַרשעווער יידישער קונסט־טעאַטער „וויקט" מיט אידאַ קאַמינסקאַ און זיגמונט טורקאָוו. אַ ריי אָונטן האָט געגעבן דער רעציטאַטאָר יעקב ווייסליץ און אַנדערע, אַ חוץ אָפּערעטן־טרופּעס, ווי דאָס איז, ספּיוואַקאָווסקיס טעאַטער און אַנדערע. איך ווייס נישט, צי אין אַן אַנדער שטאָט, מיט דער זעלבער צאָל באַפעלקערנג ווי ראַווע, האָט מען געשפּילט אַזויפיל טעאַטער. עס האָבן געשפּילט טעאַטער כמעט אַלע אָרגאַניזאַציעס. דער ערשטער פאַריין, וואָס האָט געשפּילט טעאַטער איז געווען „התקוה", נאָכדעם קומט דער „בונד", די טשיטעלנע, התאחדות און אַנדערע.

עס זענען אויך געווען גרופּעס, וואָס האָבן דורכגעפירט קליינקונסט אָונטן. יעדער פאַריין האָט געשפּילט פּיעסן פון די שרייבער, וואָס איז אים געווען מער באַליבט. „התקוה" האָט געשפּילט פון אַן־סקי, דער „התאחדות" — פּרץ הירשביין, „די טשיטעלנע" — שלום עליכם און שלום אַש, דער „בונד" — לאַטיינער, זאָלאָטאַרעווסקי, גאָרדאָן און אַנדערע, מיינסטנס אָפּערעטעס אָדער מעלאָדרמעס. יעדער פאַריין האָט געהאַט זיין רעזשיסער. דר. מאַנדעל האָט אָנגעפירט מיטן טעאַטער אין דער „התקוה" און מיטגעשפּילט אין אַלע הויפּטראָלן. שיע זאַטץ, וועלכער האָט שטענדיק מיטגעטראָגן מיט זיך צוויי פּיעסן אין בוזעם־קעשענע, האָט אַפילו אין מיטן דאַווענען געלייענט אַ פּיעסע. ער האָט רעזשיסירט אין „בונד". אין „התאחדות" — אויב איך מאַך ניט קיין טעות — האָט רעזשיסירט יעקב שלמה גאָלד און אין דער „טשיטעלנע" — עזריאל הערבסטער. דאָס איז געווען אַ זעלטענער טיפּ פון באַטייליקונג הן אויפן פּאָליטישן געביט, הן אויפן טעאַטער־געביט. יעדע טעאַטער אויפירונג איז געווען אַ יומטוב אין שטאָט. די זאַלן זענען געווען געפּאַקט מיט מענטשן. שוין מיט דעם אַליין האָט מען געקענט מעסטן דעם קולטור־ניוואָ פון דער ראַוואער יוגנט. אויסער טעאַטער האָט מען אין ראַווע אויך געטאָן אַנדערע קולטור־אַרבעט. עס האָבן פונקציאָנירט קורסן אויף יידיש און העברעיש.

## דער דראַנג נאָך וויסן און קענען

עס געדענקט זיך אַז ווען מען האָט געעפנט אָונט־קורסן אין דער „טשיטעלנע" פאַר יוגנטלעכע פון דער ראַוואער יידישער אָרעמקייט, וועלכע האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַזוכן אַ שול און געבליבן פולשטענדיקע אַנאַלפאַבעטן, איז דער אויפטו געווען אַ גרויס דערפאָלג. דאָס זענען געווען קינדער פון עלטערן, וואָס האָבן געוווינט אויפן גוט־באַקאַנטן „ז אַ מ ד " אין שרעקלעכער אָרעמקייט. דער באַלעבאַטישער עולם האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף מענטשן פון אַ נידעריקערערער קאַטעגאָריע און אָט ווען מען האָט די זעלבע דערנענטערט און זיי באַטראַכט ווי גלייכע מיט גלייכע, האָט מען באַדאַרפט זען מיט וויפל פלייס און ליבשאַפט די יונגעלייט האָבן געלערנט. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט שרייבן און לייענען און געוואָרן גרויסע אָפּנעמער פון ביכער אין דער ביבליאָטעק. וואָס פאַר אַ טייערע חברה דאָס זענען געווען! אַ יוגנט, וואָס איז אויסגעוואַקסן פון יענעם „זאַמד" מיט וועלכער מען האָט געקענט שטאָלץ זיין. ראַווע האָט אויך פאַרמאָגט אַ פלעיאַדע פון געלערנטע, חכמים און תלמידי־חכמים. די יאָרן וואָס איך האָב געלעבט אין ראַוואַ־רוסקאַ זענען געווען די שענסטע אין מיין לעבן. עס האָט געברויזט מיט געזעלשאַפטלעכער און קולטור־טעטיקייט, מיט פאַרטיי־קאַמפן מיט צוזאַמענטרעפן און דעבאַטן. די יוגנט האָט פאַרבראַכט מיט אַרויסמאַרשירן אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן, אין די שבתים — אין די אַרומיקע וועלדער. גרופּעס חברים און חברטעס האָבן באַנאַנד פאַרבראַכט און זיך אויסגעלעבט אויף אַ ווירדיקן אופן. יענע ראָמאַנטישע צייטן האָבן זיך איינגעקריצט אינעם זכרון, כאָטש די עקאָנאָמישע לאַגע איז נישט געווען קיין גוטע, איז מען געווען צוגעבונדן צו דער שטאָט. מען האָט געדאַרפט שווער קעמפן אויף אַ לעבן צו מאַכן. דער יוגנטלעכער אין ראַוואַ־רוסקאַ האָט נישט געזען פאַר זיך קיין צוקונפט. עס האָט אָנגעהויבן ענג צו ווערן פאַר דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער יוגנט. מען האָט אָנגעהויבן אויסוואַנדערן אין דער גרויסער וועלט אַריין. אַ גרויסער טייל פון דער חלוצי־

שער יוגנט — אויב נאָר מען האָט באַקומען אַ סערטיפיקאַט — איז געפאָרן קיין ארץ ישראל, אַ גרויסער טייל פון די קירזשנער איז געפאָרן קיין פּאַריז, איטאַליע, בעלגיע און אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער.

### די צווייטע וועלט־מלחמה

עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. אַ פינצטערע כמאַרע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דעם אייראָ־פּעישן יידנטום. פאַרניכטעט זענען געוואָרן אַלע יידישע קהילות און צוזאַמען מיין שטאָט ראַווא־רוסקאַ מיט מיין פאַמיליע, מיט אַלע מיינע טייערסטע און ליבסטע חברים, מיט אַלע מיינע ראַוואר לאַנדסלייט, וואָס זענען דאָרט נאָך מיין אַוועקפאָרן פאַרבליבן, אין די פינצטערע יאָרן פון פאַר־ניכטונג.

כאָטש מיר זענען געווען טויזנטער מיילן ווייט פונעם חורבן, האָבן מיר טיף געליטן, געוויסיקט און געבלוטיקט, ווען עס האָבן זיך אַדורכגעריסן די שרעקלעכע ידיעות וועגן דעם אומקום און חורבן, וואָס דער נאַצי־רוצח האָט געטאָן צו דער יידישער באַפעלקערונג אין גאַנץ אייראָפּע.

כאָטש איך בין אין ראַווע נישט געווען אין די שווידער־לעכע יאָרן פון אומקום, וויל איך מיינע באַשיידענע אָנגע־שריבענע ווערטער זאָלן זיין איינגעקריצט אין דער מצבה, וואָס ווערט געשטעלט אין אָנדענק פאַר דער ראַווער קהילה, מיטן אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך.

ויצרור בצרור החיים את נשמתם — זיי זאָלן זיין צוגע־בונדן צום לעבן אויף אייביק!

## שטריכן

### בן ציון פרידמאַן

ראַווא־רוסקאַ איז געוואָרן מייז צווייטע היים נאָך מיין חתונה־האָבן דאָרט אַהין מיט מיין פרוי רייצע גראַף ע״ה. געקומען פון לאַפּאַטין קיין ראַווע אין סאַמע צענטער פון שטאָט, אין הויז פון מיין פרויס עלטערן, וואָס האָט זיך גע־פונען אויף דער הויפּט־גאַס אין שטאָט, אין רינג, אין פראָנט צום ראַטהויז.

דער רינג, אַ שיינער גרויסער שטח מיט פיר זיילן, הויכע הייזער און אינמיטן — דאָס ראַטהויז.

דאָס איז געווען אַ ריזן־געביידע, אַ פּאַלאַץ, אַ פעסטונג, — נאָך פון דער צייט פון דער „פּאַנשטשיזנע". אויסער איין פּאַליאַק, האָבן דאָס פויליש־היסטאָרישע ראַטהויז באַוווינט נאָר יידישע פאַמיליעס און אויך באַזעסן די געוועלבער און געשעפטן, פון אַלע פיר זייטן פון דער מאַסיווער געביידע.

די איינוווינער פון ראַווא־רוסקאַ זענען געווען 85 פּראָ־צענט יידן. אויף אַלע געשעפטן פון גרויסן רינג, אַרום און אַרום, זענען געווען באַזעצט נאָר פון יידן — אויסער איין געשעפט פון אַ גוי — אַ חזיר־שלעגער.

אויך מיר, מיין פרוי רייצע און איך, האָבן געעפנט אין דעם שיינעם פראָנטהויז פון מיין שווער ר' יענקל גראַף אַ בוכהאַנדלונג מיט שרייבגעצייג, אויך אַ פּאַרטרעטונג פון אַלע צייטונגס־אויסגאַבן. אָבער דער הויפּט־האַנדל פון געשעפט איז באַשטאַנען פון דער האַנדלס־קאָנצעסיע, פון טאַבאַק און ציגאַרעטן. דאָס רעכט האָב איך באַקומען אַ דאַנק דער אינ־טערווענץ פון אינזשיניער דר. לוקאַס, פינאַנץ־סופּערקאָנטראָ־לער אין דער פינאַנץ־דירעקציע אין בראָדי, וועלכער איז מיט מיר געפאָרן קיין וואַרשע צום מיניסטעריום און מיך פאַרגעשטעלט אַלס רעטער פון זיין לעבן. און די מעשה איז געווען אַזוי:

אין יאָר 1920, אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, איז ער, דר. לוקאַס, שטעקן געבליבן אין לאַפּאַ־טין און מיין פאַמיליע האָט אים אויסבאַהאַלטן און דערנערט, ביז די פּאָליאַקן זענען צוריק געקומען אין שטאָט און ער האָט זיך אויף אַזאַ אופן געראַטעוועט דאָס לעבן. דאָס מיניס־טעריום האָט טאַקע מיר אויפן אָרט די קאָנצעסיע געגעבן. דאָס איז געווען אַ גאָלדן געשעפט מיט אַ לייכטער בכבודיקער פּרנסה.

לײדער האָבן שוין באַלד אין אָנהייב פון דער פּוילישער מדינה, זיך אָנגעהויבן די אונטערדריקונגען פון יידן אויף פאַרשיידענע וועגן און באַזונדערס אויפן עקאָנאָמישן גע־ביט. אין אָנפאַנג יאָר 1927 האָט פּוילן אָנגעהויבן צונעמען נאָר ביי די יידן אַלע רעגירונגס־קאָנצעסיעס און זיי אַוועק־געגעבן די קריגס־אינוואַלידן פון נאָכן פּוילישן באַפרייאונגס־קריג. אַזוי איז אויך געשען צו מיין קאָנצעסיע, ווייל מיין פּראַטעזשירער דר. לוקאַס האָט שוין מער נישט געלעבט.

## דער מצב פון די יידן אין ראַווע

די שטאָט ראַוואַ־רוסקאַ איז אַן אָרעמע געווען. שווער איז דאָרט פאַר יידן די פּרנסה אָנגעקומען. אין אַלע הייזער אַרום ראַטהויז — געשעפטן, אויך אַ סך שטעלן פון אַזוי גערופענע מאַרק־זיצערס, מיט אַרטיקלען פון ערשטן גע־ברויך. יעדע זיצערין האָט געוואָלט איר סחורה פאַרקויפן און האָבן צווישן זיך שטאַרק קאָנקורירט, פאַרשטייט זיך, מיט מינימאַלן רווח.

סאָציאַלע פאַרזיכערונג איז נישט געווען, אויך קיין שום אָפיציעלע זאָרג פאַר אָרעמע; דאָך האָבן די מתפללים אין די בתי־מדרשים פיל געהאָלפן די אָרעמע מיט אַ מתן־בסתר אָדער אַ גמילות־חסד, אָבער וואָס האָט זיך דאָס אָנ־געזען.

דער טייל פון דער שטאָט, וואָס האָט זיך „זאַמד" גערופן, איז זייער אָרעם געווען; אין צענטער האָט זיך קאָנצענטרירט אַ גרעסערער טייל פון מיטלשטאַנד. די גוט סיטואירטע זענען געווען: די קירזשנערס, די אַדוואָקאַטן, די מעדיצינער, די האָלץ־בראַנזשיסטן — גוזשיק, האָן, שפּאַצנער און ווייקסל־בוים; אויך מערץ, ליבערמאַן, דאַקס, מונד.

זכור לטוב — ר' אברהמעלע ראַטהויז, אַ זון פון ר' משה ראַטהויז ז"ל, וואָס האָט אין מיר נישט פאַרגעסן און נאָך דער באַפרייאונג, פאַר מיר און מיין פרוי קיין ווין געשיקט איינרייזע־פּאַפּירן קיין אַמעריקע, וועלכע האָבן אים זיכער פיל געלט געקאָסט; ער האָט דאָרט שווערע טויזנטער אַלס האַפטונג ביי דער רעגירונג פאַרזיכערט און אונדז די וויזעס באַזאָרגט. מין טאָכטער, שוין מיט אַ קינד, האָט באַ־שלאָסן צו פאָרן קיין ישראל און איך האָב מיך נישט גע־וואָלט מיט מיין איינציקער טאָכטער און אייניקל צעשיידן, אַזוי בין איך אויך קיין ישראל געפאָרן.

די רייזע־דאָקומענטן, די וויזעס און די האַפטונג פאַר אונדז און אַ גרויסע געלט־סומע, האָב איך ביז צום היינטיקן טאָג באַהאַלטן צום אָנדענק פון דער בכבודיקער משפחה — ראַטהויז אין ראַוואַ־רוסקאַ.

דער גרעסטער טייל פון דער שטאָט האָט זיין פּרנסה פון די ירידים געצויגן, אויך די גוט־סיטואירטע, די מיטעלע און די אָרעמע. ראַווע האָט געהאַט אַ גרויסע אומגעגנט מיט רייכע דערפער. די פּויערן פלעגן זייערע ערד־פּראָדוקטן פון תבואות און גרינס, בהמות, פערד און עופות ברענגען אין שטאָט, די יידן האָבן אַלץ אויפגעקויפט און דערנאָך פאַר די פּויערן, אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר באַדאַרפט, פאַרקויפט — פון פאַרשידענע שפּייז־אַרטיקלען, באַקליידונג ביז ווירטשאַפט־מאַשינען.

אַזוי ווי דער רוב איינוווינער זענען נישט געווען פאַר־מעגלעכע, איז יעדער עושר אין שטאָט געווען זייער אָנגעזען און זייער בכבודיק געהאַלטן; די אָרעמע האָבן זיך מיט די רוב ענינים פאַרלאָזט אויף זיי.

אָרעמעהייט איז שטיל געפלאָסן דאָס לעבן אין שטאָט. מ'האָט זיך איבער אַלעם געוויצלט און געשפּאַסט און אַלץ אָנגענומען באהבה און געלעבט מיט בטחון צום רבונו של עולם, ביז... ביז...

## ראַווער קוריאָזן

די פלאָגערס. יעדעס יאָר, נאָך שבת־חנוכה, האָט זיך אָנגעהויבן דער סעזאָן פון די פלאָגנדיקע יינגלעך, וועלכע



ה„רינעק" וה„ראַטהויז"

האָבן זיך נאָך פּסח געדאַרפֿט שטעלן צום מיליטער דינסט. בחורים, וועלכע האָבן נישט געוואָלט גיין דינען אין מיליטער, האָבן זיך געפּלאָגט און פֿיזיש געצערט. זיי האָבן נישט גע־העריק געגעסן, נישט געטרונקען און נישט איינער איז פֿונעם שטאַרקן פּלאָגן־זיך — פֿאַר דער צייט פֿון דער וועלט גע־גאַנגען.

אין די נעכט פֿלעגט מען זיך צוזאַמענקומען אין די בתי־מדרשים און פֿון דאָרט אַרויס אין די גאַסן, זיך אַרומגע־שלעפּט און אַרומגעוואַנדערט, כדי אויסצומיידן דאָס שלאָפֿן. צומאָלס פֿלעגט מען זיך אויך אַוועקזעצן אַ ביסל לערנען, אָבער דאָס פֿלעגט גורם זיין צום איינשלאָפֿן; אַז מ׳האָט זיך שוין אַמאָל אַוועקגעלייגט — איז אויף אַ האַרטע באַנק; אָבער איינער האָט דעם צווייטן נישט שלאָפֿן געלאָזט; ווען איינער איז איינגעשלאָפֿן, האָט אים דער צווייטער מיט וואַ־סער אָפּגעגאָסן, דעם אַנדערן מיט גאַרטלען אָדער שטריק צו דער באַנק צוגעבונדן, אָדער זיין פּנים מיט שוואַרצן ריס פֿון אויוון אויסגעשמירט. אַזוי האָבן זיך די בחורים גע־קונדסט ביז נאָך פּסח, ביז דער מיליטער־מוסטערונג.

לויט דעם פּלאָגער־מנהג זענען זיי יעדן מוצאי־שבת געגאַנגען צו פֿאַרשיידענע בעלי־בתים זאַמלען תּיקון־געלט — אַזוי האָט עס געהייסן — אויף צו קויפֿן אַ ביסל 96־קער בראַנפֿן. אַזוי ווי נישט יעדער האָט זיי אויף תּיקון געגעבן, האָבן זיי דעם קמצן פֿאַרשיידענע שטיקלעך אָפּגעטאָן: די שילדן פֿון איין געוועלב איבערגעטראָגן אויף אַ צווייט גע־שעפֿט אין אַ גאַנץ אַנדערע גאַס; פּרייטיק ביינאַכט ביי איינעם דאָס טשאָלנט אַרויסגגנבֿענען און עס אַריינשטעלן צו אַן אָרעמען נצרך; אָדער ביי איינעם אַרויפֿקריכן אויפֿן דאַך און אויפֿן קוימען אַ שויב אַרויפֿלייגן און ווען דער קאַרגער בעל־הבית האָט איינגעהייצט — איז אים דער גאַנצער רויך אין שטוב אַריין. אַזעלכע פֿאַרשיידענע שפּיצלעך האָבן די פּלאָגערס אָפּגעאַרבעט פֿאַר די, וואָס האָבן נישט געוואָלט געבן קיין תּיקון.

## כמעט אַן עלילת־דם אין ראַווע

ס׳איז אַמאָל אָנגעקומען אַ צירק אין שטאָט אַריין. דער הויפּט־אייגנטימער פֿון צירק מיט זיין פֿרוי האָבן גע־וווינט אין האָטעל־שטאָקהאַמער. אין אַ געוויסן טאָג האָבן די צירק־שפּילער באַמערקט, אַז ס׳איז שוין גאַר שפּעט און דער דירעקטאָר איז נאָך אַלץ נישטאָ. זענען זיי געקומען אין האָטעל און שטאַרק געקלאַפּט אין דער טיר, אָבער אַן ענטפֿער. האָבן זיי די טיר אויפֿגעבראָכן און געפֿונען דעם צירקמאַן מיט זיין פֿרוי ליגן טויט אין די בעטן. ס׳איז באַלד געוואָרן אַ גרויסער געלויף פֿון די פּאָליאַקן, מיט געוואַלדן, אַז די יידן האָבן זייער קינצלער, דעם גוי, פֿאַרסמט. די לאַגע האָט זיך זייער קריטיש געמאַכט, ווייל ס׳האָט נישט געפֿעלט אונטערהעצער אויף יידן.

מ׳האָט אינטערווענירט ביי די געהעריקע רעגירונגס־אַמטן און נאָך צו דער רעכטער צייט האָט די פּאָליציי מיט אַן אָפּטיילונג פֿון מיליטער, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין שטאָט, דעם האָטעל אַרומגערינגלט און בכלל די יידן גע־שיצט. די טויטע קערפּערס זענען געשיקט געוואָרן אין פּאַ־טאָלאָגישן אינסטיטוט, וואָס האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז זייער טויט איז געקומען פֿון פֿאַרטשאַדן זיך מיט האָלצגאַז, ווייל זיי האָבן צו פֿרי פֿאַרשטעקט דעם קוימען און זיך געלייגט שלאָפֿן אויף אייביק.

דער באַצירקס־הויפּטמאַן האָט פֿאַראָרדנט אָפּצודרוקן אַפֿישן אין דריי שפּראַכן: פּויליש, אוקראַיניש און יידיש, כדי איבער אַלעס מודיע־זיין דער אויפֿגעהעצטער באַפֿעלקערונג.

אַזוי איז דער כּעס פֿון דער גויאישער באַפֿעלקערונג שטיל געוואָרן און די יידן זענען ניצול געוואָרן.

## די בתי־מדרשים

די גרויסע שיינע שול, אין וועלכער ס׳האָבן געדאַוונט אַלע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג, האָט געהאַט זייער אַ געטרייען גבאי, ר׳ הירש צימערמאַן. ער האָט די שול אין גרעסטער אָרדענונג און אין בעסטער ריינקייט געהאַלטן, גוט באַלויכטן און די זיץ־פּלעצער אָפּגעהיטן. אַ יערלעכער, גוטער און ערשטקלאַסיקער חזן איז געווען אַנגאַזשירט און אין די ימים נוראים זענען אַפֿילו אַ סך נישט־יידן געקומען אין שול הערן דעם חזן זינגען. ר׳ הירש צימערמאַן האָט געוווּסט, ווי אַזוי די אַלע גויאישע באַאַמטע און די אַלע הויכגעשטעלטע פּערזאָנען געהעריק אויפֿצונעמען און קיין שלעכטס איז די יידן דערפֿון נישט אַרויסגעקומען.

אַרום דעם שול־פּלאַץ האָבן זיך נאָך קאָנצענטרירט אַ רייע בתי־מדרשים און קלויזן ווי: די בלעכענע קלויז, ווו ס׳האָבן מייסטנס געדאַוונט די רייכערע חסידי בעלז; דאָס אַלטע בית־המדרש מיט זיינע פֿיל מתפּללים, אַזוי אַז ס׳איז תּמיד געווען געשטאָפּט ביז ענגשאָפּט און ווו ס׳האָבן אַמייסטן געדאַוונט די בעלי־בתים, סוחרים; איך האָב אויך דאָ גע־דאַוונט, און דערביי מוז איך דערמאָנען מיין סטאַבילן שכן אין בית־המדרש, דעם הויכפֿיינעם און אינטעליגענטן ה׳ קלעמענס צימערמאַן, מיט וועלכן איך פֿלעג אין די פֿרייע צייט פֿאַרברענגען אין זייער אינטערעסאַנטע געשפּרעכן איבער פּאָליטישע און געזעלשאַפֿטלעכע טעמען; תּמיד האָט ער מיט זיך מיטגענומען זיינע פּאָר יינגלעך, וועלכע האָבן פֿון אים באַקומען די ריכטיקע פּאָטערלעכע דערציאונג.

די בעלזער קלויז, וואָס איז געווען אונטער איין דאַך מיטן אַלטן בית־מדרש איז באמת געווען געשטאָפּט מיט

מתפללים און אויך די אייזערנע קלויז, וואָס האָט מייסטנס צו זיך געצויגן די פריש־חתונה־געהאַטע יונגעלייטלעך, די יונגע צוגעקומענע דורות.

אין דעם צווייטן קעגנאיבערדיקן טייל פון דער שטאָט זענען נאָך געווען: דאָס נייע בית־מדרש, וואָס האָט זיך גע־רופן דאָס „זאַמד־בית־מדרש", ווו ס'האָבן געדאַוונט די יידן פון דעם טייל שטאָט און אויך דאָס „נייע קלויזל" אין דער זעלבער געגנט, וואָס איז געוואָרן אויפגעשטעלט מיט דער הילף פונעם שטאָטישן גביר, ר' יאָסעלע מערץ, וועלכער איז דאָרט געווען גבאי, בעל־קורא און בעל־מוספים. אַחוץ דעם זענען נאָך געווען מנינים און קלויזלעך, ווי ביי ר' יוספן און ביי די רביים: פּאָטאַליטשער, נעמיראָווער און מאגיערי׳ווער, וועלכער איז געווען אַ ברודער פונעם בעלזער רבין ר' יששכר דב זצ"ל.

אין שול האָט געדאַוונט דער שטאָטישער רב ר' יצחק נחום טווערסקי, אַן איידעם פונעם אויבן־דערמאָנטן בעלזער רבין, די דיינים: ר' שלמה שרענצל, האָט געדאַוונט אין אַלטן בית־מדרש, און ר' ישראל שווערט האָט געדאַוונט אין דער בעלזער קלויז. אַלע קדושים הי"ד!

כ'וויל נאָך דערמאָנען צום גוטן ר' יצחק מאָרגנשטערן; ער איז אַ זעלטן גוטער בעל־תפילה און חזן געווען; אַלע יאָרן איז ער געווען, אין די ימים־נוראים, חזן ביי יונה שפרעכער אין לעמבערג און דאָס אַליין איז שוין אַ גוטע צייגעניש פאַר אים געווען. אַ גאַנץ יאָר האָט ער, אַ בעלזער חסיד, געדאַוונט פאַרן עמוד אין בעלזער קלויז: קבלות־שבת, שחריתים און מוספים. אַלע מתפללים פון די שכנותדיקע בתי־מדרשים, פלעגן זיך פאַרזאַמלען ביי די פענצטער אין די מאַסן, צו הערן זיין זינגען און דאַווענען, וואָס איז געווען פול מיט מתיקות און איז יעדן אַריין אין האַרצן. ער האָט געהאַט אַ שיינע, שטאַרקע און זיסע שטימע און איז מסוגל געווען נאָכצוזינגען די תפילות פון אַלע באַקאַנטע, גרויסע חזנים. צו לעצטנס איז ער טאַקע אויפגענומען געוואָרן פונעם ראש־הקהל, דר. מאַנדעל, צו זיין שטאָטישער חזן אין נייעם „זאַמד־בית־מדרש". און אַזוי ווי כ'האָב דערמאָנט אונדזער דר. מאַנדעל, וויל איך מיט די ווערטער „אחרון־אחרון־חביב" ענדיקן:

דאָס מיין איך אונדזער טייערן ראש־הקהל און ציוניס־טישן כלל־טוער, קאַנדידאַט צום פוילישן פאַרלאַמענט, איינער פון די גרעסטע, גייסטרייכע יידישע קעפּ מיט יידישן האַרץ, נישט נאָר אין שטאָט ראַווע, נאָר איינער פון די גרעסטע יידישע־ציוניטישע עסקנים אין גאַליציע און אויך אין פוילן.

דר. מאַנדעל, זייער אַ גוטער און פעאיקער אַדוואָקאַט, האָט כמעט פאַרנאַכלעסיקט זיין אַדוואָקאַטישע אַרבעט און קאַנצעליי און זיך אָפּגעגעבן מיט קהילהשער טעטיקייט אין שטאָט און מיט כלל יידישע אַרבעט אין פוילן.

מיינע פּאָר שורות זענען גאָר ווייניק צו באַשרייבן איבער אַזאַ חשובן און טייערן ייד, וואָס פאָדערט אַ גאַנץ־ספּעציעלע, עקסטראַ־אַרבעט.

יהא זכר כולם ברוך לעולמי עד!

# גומלי חסד

## צבי אריה פנדריך

גם בזמנים קשים מצאו תמיד יהודי העיר, זה אצל זה, לב חם ויד פתוחה לעזרה. אבל היו כאלו שהצטיינו בזאת: לא חיכו לבקשת הנזקק אלא התעניינו באחרים וידעו מי הם הנצרכים לעזרתם, ועשו את הדבר בסתר, בענווה ובמסירות. עושי חסד אלה השאירו בלבי רושם עמוק, וכאן אעלה את זכרם.

זלדה קסלר ע"ה — תמיד מצאה לה זמן לקיים את המצווה החביבה עליה, מצוות ביקור חולים. עקרת־בית מטופלת בבנים ובבנות היתה, ובנוסף לזה גם ניהלה חנות, כי בעלה ר' הירש בער, בילה רוב זמנו בקלויז ליד הספר. והנה, גם בשעות שחנותה המתה מרוב קונים, מצאה לה את הזמן להגיש את עזרתה לחולה גלמודה או ליולדת בציריה שהיו זקוקות לאוכל חם, לרפואה ולמלה טובה.

סימה דימה דקס ע"ה — האשה האמיצה, שאף בימי המלחמה, שבהם פרצו מגפות, לא חששה לעצמה ועברה מחולה לחולה, האכילה אותם, רחצה, והשגיחה שיקבלו תרופות בזמן. ושכר עמלה — המצווה.

סרקה יסט ע"ה, אשה רבת־תלאות. גם בהתאלמנותה מבעלה, ר' נחמיה ז"ל — איש צנוע, הגון ומכובד על הכול — המשיכה בדרכו הישרה בניהול עסקה ובטיפול בילדיה, וביתה היה פתוח לכל דורש עזרתה. בימים הקודרים למסחר היהודי, בימי שלטון גרבסקי, התהלכה אימרה בעיר, כי ההון של הסוחרים בעיר הוא בסך־הכול אלף זהובים, המתגלגלים מיד ליד לפרעון שטרות. חלק גדול מ„הון חוזר" זה בא ממגירתה של סרקה יוסט. לכן העריכו אותה כל יודעיה וחיבבו אותה כל מכריה.

דבושה זילבר ע״ה. היתה לה חנות־מכולת גדולה בפינת ה„מארק״. ליד חנותה היו סבלי העיר מתרכזים ומחכים לפרנסתם, שלא תמיד היתה מצויה תחת ידם. כשהתקרבה השבת ודבושה היתה מבחינה באלו, שאין ידם משגת לקנות מצרכי השבת, היתה ממלאת את סליהם במצרכים מחנותה „בהקפה״, בלי לקוות לתשלום.

פרידה קרסל ע״ה. דאגה לעניים בדרכה שלה. בערבי שבתות היתה עוברת בבתי העיר, אוספת לסינורה חלות־שבת, ואת החסר נתנו לה ביד נדיבה ר׳ פסח בינישיס ואשתו שרה ממאפייתם, לשם חלוקה בין עניי העיר שידם לא השיגה להכין להם צרכי שבת.

אזכיר גם אחדים מעסקני הציבור, שפעלו שלא על מנת לקבל פרס.

ר׳ זליג פיגרט ז״ל, מוותיקי ראשי הקהילה, וזמן קצר גם כיהן כראש העיר. בתקופת כהונתו דאג לעניני היהודים. השתדל לעזור לאלו שרצו לרכוש חלקות־אדמה שהיו בבעלות העיריה — אף אם עלה לו הדבר בטרחה מרובה ובקיפוח פרנסתו.

ר׳ משה בלושטין ז״ל, המוכר יותר בשם ר׳ משה־חיה־פייגעס. סיפרו עליו, כי בתור מוהל מומחה היה לוקח מבעלי היכולת שכר רב מהמקובל, ולתוספת זו הוסיף סכומים שאסף בעזרת ידידים כר׳ בריש קרמרמן, כדי לקנות מצרכים חיוניים ליולדות נזקקות.

ד״ר יוסף מנדל ז״ל היה הראשון מבין האינטליגנציה היהודית בעיר, שקפץ לתוך ים העסקנות הציבורית וסחף אתו את היתר. בחורף קשה, באחת משנות העשרים, הקים במרכז ה„רינק״ מטבח־שדה, שבו חילקו מרק חם בחינם לסבלים, לעגלונים ולעובדים אחרים שעמדו ברחוב בכפור עז וחיכו לפרנסתם. אחרי־כן ארגן אחדים מבחורי העיר שיסיעו את המטבח גם לרובעי העיר שבהם מרוכזים העניים, שמחמת הקור לא יכלו לצאת ל„רינק״, שגם הם יהנו מהמרק החם. רבים ממעוטי היכולת חבו לו תודה גם על העזרה שהושיטה להם קופת „גמילות חסדים״ שייסד בעיר.

ברצוני להזכיר לטובה גם את האנשים שהקלו עלי את עלייתי ארצה. בלבוב היה זה ד״ר קופל שוורץ ז״ל מה„התאחדות״, שעזר לי בהשגת סרטיפיקט של בעל־מלאכה, אחרי המלצתו של הח׳ יעקב שלמה גולד ז״ל. בעל־מלאכה נעשיתי הודות לחותני ר׳ מאיר בן מרדכי ז״ל, שלימדני את מלאכת האפייה. הכרת תודה עמוקה אני רוחש לר׳ פסח אלטמן, שהיה אז יושב־ראש ה„צך״ של האופים בראווה, והוא שצייד אותי בתעודת מומחה מקצועי. ר׳ פסח היה בא־כוחם של האופים, והיו לו מהלכים במשרדי הממשלה, כי שם כיבדוהו בזכות העיטור למען שחרור פולין שקיבל מן הממשלה הפולנית. הוא עשה רבות, שלא על מנת לקבל פרס, בשחרור אנשים מכל מיני עונשים וקנסות. כתמורה על העזרה הרבה שהגיש לי ביקשני רק למסור, כשאגיע ארצה, ד״ש לבנו ליפא.

עוד אזכיר את אבי יוסף אלכסנדר ואמי איטא הקדושים והטהורים. צנועים, ישרי לב, תמימי דרך עם אלוקים ואדם. מטופלים בילדים ונושאים בעול הפרנסה הכבד לא שכחו להפריש מהכנסתם המצומצמת כדי לעזור לדלים נסתרים, ובדרך זו התאמצו לחנך את ילדיהם. אף אזכיר את אחי אורי, שמשחר נעוריו עמל לעזור להוריו ולזולת. וייזכר לטובה גם אחי שלמה — צנוע, עדין נפש, יודע ספר ואוהב ספר, שלמרות טרדותיו בעזרה לפרנסת הבית לא נעדר מעולם משיעוריו התורניים של ר׳ אורי צוקר ז״ל באייזערנע קלויז, והוא היה יד־ימינו של ר׳ אורי בפעולתו החברתית והחינוכית ב„אגודת ישראל״ בעיר. אהוב ומקובל על כל מכיריו.

יהא זכר כולם מבורך עדי עד.

# אַ בעלזער חסיד אויסגעצייכנט פון פוילישער רעגירונג מיטן אומאָפּהענגיקייטס־קרייץ

יחיאל קעסל

אין יעדן פוילישן אומאָפּהענגיקייטס־יום־טוב, אינעם דריטן מאַי, איז געווען צו זען אינעם מאַניפעסטאַציע־צוג — צווישן די אָנגעזעענסטע פריצים פון שטאָט: דער סטאַראָסטע, דער מיליטער־קאָמענדאַנט, דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט, בירגער־מייסטער, קריגס־אָפיצירן און פראָנט־קעמפער און אַנדערע גדולי העיר — אויסגעפּוצט אין זיין שענסטער, זיידענער בעקעשע און גאַרטל, מיטן ברייטן סאַמעטענעם קאַפּעליוש, די ברוסט דעקאָרירט מיט אַ גלאַנצנדיקן אויסצייכענונגס־קרייץ, אונדזער זייער גוט־באַקאַנטן ר׳ פסח אַלטמאַן, גערופן: פסח ביינישעס. די מאַמע ע״ה פלעגט אונדז דערציילן:

דאָס האָט פּאַסירט אין אַ פאַרשנייעטן שבת־חנוכה אין יאָר 1919. נאָכן צוזאַמענברוך פון דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ בלוטיקער קאַמף, פּנים אל פּנים, צווישן אוקראַינער און פוילישע לעגיאָנערן צו באַהערשן מזרח־גאַליציע, דאַרונטער אונדזער שטאָט. די וווינונג, צוזאַמען מיט דער בעקעריי פון פּסחן האָט זיך געפונען אויף דער דריטן־מאַי גאַס. ווי אין אַלע יידישע שטיבער, אין יענעם בלוטיקן שבת, זענען אויך ביי פסחן אַלע מענטשן געשטאַנען הינטער די פאַרשלאָסענע לאָדנס און דורך שפּאַרעס געפּרוווט זיך צוקוקן צו דער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין פאַרשנייעטן דרויסן.

פּלוצים האָט זיך פּסחן געדאַכט אַז פון צווישן דעם ליאַרם פון שיסן הערט ער אַ מענטשלעכע שטים בעטן:
— „ראַטעוועט!״

פסח מאַכט שנעל אויף אַ שפּאַרע ביים לאָדן פון דער טיר און זעט שטיין אַ יונגן פוילישן אָפיציר און בעט זיך אים צו ראַטעווען. פסח מאַכט אויף ברייטער די טיר און דער אָפיציר ווערט שנעל פאַרשלונגען אין מאַגאַזין פון מעל און ליידיקע זעק, מיט וועלכע פסח האָט אים גוט איינגעדעקט. פון דרויסן ברעכן אַריין די אים פאַרפאָלגנדע אוקראַינער, וואָס פאָדערן אַרויסצוגעבן זיי דעם פּאָלאַק. אָבער פסח לייקנט זיי אָפּ. און זיי לאָזן זיך גיין דעם אָפיציר זוכן. דאָ איז געשען אַ גרויסער נס — ממש אַ צווייטער נס־חנוכה. אַז די אוקראַינער זענען אַריין אין בעקעריי און דאָרט געפונען פרישע שבת־חלות האָבן זיי לגמרי פאַרגעסן, וועגן וואָס זיי זענען געקומען, האָבן זיך אָנגעפילט די הענט מיט חלות, אויפגעפּראַלט די טיר און אַרויס.

ערשט ווען אין דרויסן איז געוואָרן גאַנץ פינצטער און שטיל און ס׳האָבן זיך דערהערט די קולות פון פוילישע סאָלדאַטן וואָס האָבן פאַרפאָלגט די אוקראַינער, האָט דער יונגער אָפיציר אָנגעהויבן אַרויסקריכן פון דעם באַרג מעל־זעק. דער איינגעטונקענער אין מעל אָפיציר האָט געדרוקט פּסחן די האַנט און אים געזאָגט: „איך בין דער זון פון דער אַרענדאָווע (באַזיצערן פון אַ רעסטאָראַן אין ראַווע) און וועל דיר דיין טאָט דאָס גאַנצע לעבן געדענקען, ווען דו וועסט אַמאָל זיין אין אַ צרה, אַזוי לאַנג איך וועל לעבן און קענען — וועל איך דיר העלפן״ — און ער איז אַוועק צוזאַמען מיט די פוילישע סאָלדאַטן.

*

יאָרן זענען פאַרגאַנגען, ראַווע האָט שוין לאַנג פאַרגעסן, אַז זי האָט אַמאָל געהערט צו עסטרייך. די פּאָליאַקן האָבן באַזיגט די אוקראַינער און גענומען הערשן ביד חזקה ובזרוע נטויה... איבער די יידן, מיטן אויספּרעסן פון זיי די מאַרכעס אין דער פאָרם פון פאַרשידענע שטייערן.

אויך אונדזער פּסחן איז עס געגאַנגען ווי אַלע יידן זיינסגלייכן אין שטעטל. פון די גרויסע לאַגערן מיט מעל איז שוין לאַנג קיין זכר נישטאָ... אַלץ איז אַריין אין שטייער־אַמט. און אַז דאָס וואַסער איז דערגאַנגען ביזן האַלדז און מ׳האָט געדראָט אים איינגאַנצן צו פאַרמאַכן די בעקעריי — איז ער אַוועק צום יינגן פּאַן אַרענד, וועלכער האָט איצט פאַרנומען אַ שטעלע אלס געהילפס־ריכטער אין שטאָט און די גזירה איז תיכף בטל געוואָרן. די צרות ביי פּסחן, ווי ביי אַלע אַנדערע יידן אין שטעטל האָבן נישט אויפגעהערט. עקזעקוטאָרן און אַנדערע משלחות רעות האָבן אים געפּייניקט טאָג און נאַכט און ער האָט תמיד געמוזט בעטן די הילף פון סענדזשא אַרענדט. און אַזוי האָט די זאַך זיך געצויגן ביז מ׳האָט אַרענדטן איבערגעפירט קיין לעמבערג אַלס ריכטער און פסח איז געבליבן מיט זיינע צרות אויפן וואַסער.

אין יאָר 1926 איז אַרויס אַ ניי געזעץ: אַלע בעקערייען — עלעקטריפיצירן. אויך פסח האָט באַקומען אַזאַ באַפעל: עלעקטריפיצירן אָדער פאַרמאַכן!

פאַר פּסחן האָט דאָס געהייסן ממש: רואין! בלית ברירה איז ער אַוועק קיין לעמבערג צום ריכטער אַרענדט און פאַר אים אויסגעשאָטן זיין ביטער האַרץ. נאָכן אויסהערן אים האָט ער זיך אַביסל פאַרטראַכט און דערנאָך זייער ערנסט געזאָגט: — — „הער צו, פּאַניע אַלטמאַן! זיי וויסן, אַז דאָס איבערפירן מיך קיין לעמבערג, איז געווען

אויס פּאָליטישע מאָטיוון, אַזוי אַז פּראַטעקציע פון מיין זייט קען איצט דיר בלויז שאַדן ברענגען; אָבער כדי דאָך דיר צו העלפן, ראָט איך דיך, שרייב אַן אַ בריוו צו פּיל־סודסקין אַליין, איך וועל אים באַשטעטיקן און איך האָף, אַז דאָס וועט אַ סך העלפן.



ר' פסחביינישס וויזיט־קאַרט

פסח האָט תיכף מסכים געווען און דער ריכטער האָט אָנגעשריבן מיט זיינע אייגענע הענט דעם בריוו און דער־נאָך נאָך מיט דער מאַשין אָנגעשריבן אַ באַשטעטיקונג, אַז אַלץ איז אמת און געהייסן אים אַוועקשיקן רעקאָמאַנ־דירט.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט פסח באַקומען אַן איינלאַ־דונג צום סטאַראָסטע. דער סטאַראָסטע אַליין, אין דער געגנוואַרט פון פּאָליציי־קאָמענדאַנט, האָט אים אויסגע־פרעגט פאַרשידענע איינצלהייטן איבער יענעם שבת־חנוכה פון יאָר 1919. דערנאָך האָבן איםביידע גרעסטע מושלים אין שטאָט געדרוקט די האַנט און געזאָגט, אַז די טאַט, וואָס ער איז באַגאַנגען איז ממש אַ העלדן־טאַט און עס וואַרט אים באַשטימט אַ גרויסע באַלוינונג.

שפּעטער ווידער האָט פסח באַקומען אַן איינלאַדונג קיין וואַרשע אין קריגס־מיניסטעריום. ר' נח גאָטליב, דער מעטריקאַל־פירער איז מיט אים מיטגעפאָרן. אין דער אַנ־וועזנהייט פון פיל הויכע אָפיצירן און יידישע עסקנים פון דער סאַנאַציע־פּאַרטיי איז ער דעקאָרירט געוואָרן מיטן קרייץ פאַר פוילנס אומאָפּהענגיקייט, אַ מעדאַל, וואָס עס האָבן זוכה געווען צו קריגן בלויז געוועזענע הויכע אָפי־צירן.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך די גזירה וועגן עלעקטריפי־קאַציע איז תיכף בטל געוואָרן. צו דער פּרנסה האָט עס אַפילו קיין סך נישט געהאָלפן, ווייל אַ זעקל מיט מעל האָט מען דערמיט נישט געקענט קויפן, אָבער פון אַלע גזירות פאַר יידן איז ער באַפרייט געוואָרן.

און איצט, אַז עס קומט דער דריטער מאַי, מאַניפעס־טירט פסח ביינישעס צוזאַמען מיט אַלע געוועזענע פראָנט־סאָלדאַטן און אָפיצירן און, אַז יידן דאַרפן עפּעס אויס־פועלן ביים סטאַראָסטע אָדער בירגערמייסטער — שיקט מען פסחן.

# יעקב שלמה גולד ז"ל

שמחה דונר

ליעקב שלמה אני חייב את חיי ואת חייהם של הורי ז"ל.

עוד מילדותי אני זוכר את משפחתו המכובדת, שביתה עמד מול ביתנו. ביתם היה שונה מכל יתר הבתים, כי המשפחה הזאת רכשה לה כבוד והוקרה בעיר. זעליג פעדער, סבו של



יעקב שלמה גולד הי"ד.

יעקב שלמה, היה סוחר אמיד. שנים רבות שימש כראש הקהילה בעיר והיה ידוע כאיש ציבור פעיל. מיכל'ה גולד, אביו של יעקב שלמה, היה תלמיד־חכם, משכיל, בעל אופי שקט והופעה נאה.

בבית הם היו ארבעה ילדים: ישראל הבכור, שתי אחיות יפות מאוד ויעקב שלמה, שהיה „תורה און סחורה און געפוצטע שטיוול", כפי שאמהות רבות איחלו לעצמן בנים כאלה.

את פעולתו הציונית התחיל כציוני כללי ב„התקווה", וכעבור זמן היה מהפעילים הנמרצים ב„התאחדות".

בבוקר אחד של שנת 1933 בא אלי יעקב שלמה ושאל אותי: „שמחה, אתה רוצה לנסוע לארץ־ישראל?" הורי לא



ר' הירש בער דאנער ז"ל; נפטר בשנת 1952; ואשתו הינדה ע"ה, נפטרה בשנת 1961.

היו באותו זמן בבית ולא יכלתי לשאול בעצתם, אך הסכמתי מיד. עוד באותו יום הוא נסע ללבוב, לעיר המחוז, ורשם אותי לעלייה. כעבור זמן לא רב קיבלתי הודעה להכין את כל הניירות הדרושים ולהתייצב למבחן. לאחר שעברתי את המבחן בהצלחה קיבלתי את ה„סרטיפיקט", וב־28 בפברואר 1933 הגעתי ארצה. כעבור שנה עלו ארצה גם הורי ז"ל, אבי הירש בר ואמי הינדה. הם זכו לחיות בארץ, לראות בתקומתה של מדינתנו, ונפטרו בשיבה טובה.

האיש הזה — טוב הלב, נעים ההליכות ואציל הרוח — לא עשה למען עצמו ומשפחתו אך עשה רבות למען אחרים.

יהי זה שכרו!

# אַ טייל פון זיינע קאָרעספּאָנדענצן

אשר רובין ז״ל

אַשר, איינער פון די ציוניסטישע טוער אין שטאָט און אויך, לײדער, דער לעצטער פאָרזיצער פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ראַווע, איז אויך געווען סטאַבילער קאָרעספּאָנדענט פון דער וואַרשעווער טאָג־צייטונג „אונדזער עקספּרעס״. ער איז אומגעקומען, צוזאַמען מיט זיין פרוי חיה׳לע און דריי קליינע קינדערלעך, הי״ד.

דאָ גיבן מיר איבער אַ טייל פון זיינע קאָרעספּאָנדענצן.

ר ע ד אַ ק צ י ע

## גרויסע רבישע חתונה אין ראַוואַ רוסקאַ

דאָס שטעטל ראַוואַ־רוסקאַ האָט די וואָך אַ גרויסע אַטראַקציע: דער דאָרטיקער רב, הרב ר׳ יצחק נחום טווערסקי, מאַכט חתונה זיין זון מיטן ראַדאָמסקער רבינס שוועסטער. אַזוי ווי הרב טווערסקי איז אַן איידעם פונעם אַלטן בעלזער רבין און אַ שוואָגער פונעם איצטיקן, איז די חתונה נישט בלויז סתם אַ רבישע חתונה, נאָר אַ גרויסער צוזאַמענטרעף פון פיל רבנים, רביים, „אייניקלעך״ און טויזנטער חסידים.

אונדזער שטעטל האָט געביטן זיין אויסזען; עס איז אינגאַנצן פאַרחסידישט געוואָרן. ווו איר גייט — האָט איר בלויז יונגעלייטלעך און עלטערע, אין לאַנגער, שוואַרצער הלבשה, גרויסע, לאַנגע פיאות, מיט נאָכהענגענדיקע לאַנגע, גראָבע גאַרטלען.

און די מענטשן גייען נישט, נאָר — לויפן; זיי האָבן קיין צייט נישט... אַפילו פון בערלין זענען געקומען חסידים. און פון אונגאַרן זענען זיי דאָ, מיט די טיפּישע, אונגאַרישע, חסידישע קאַפּעליושן, מיט די קורצע קאַפּאָטקעלעך און מגושמדיקגראָבע פיאות...

✶

די שווערסטע אַרבעט איז געווען איינצוקוואַרטירן אַלע רביים, רבנים, „אייניקלעך״ און זייערע „סוויטעס״. אַזוי ווי אויך אַ גרויסע ראָל געשפּילט פּאָליטיק, ווייל יעדער רבי האָט געהאַט זיינע אָנהענגער אין קאָמיטעט, וועלכע האָבן געשריבן, אַז זייער רבי איז דער גרעסטער.

פאַרגאַנגענעם שבת איז פאָרגעקומען דאָס „אויפרופן״ מיט דער באַטייליקונג פון אַלע בעלזער „אייניקלעך״. דער בעלזער רבי אַליין קומט צו פאַרן קיין ראַוואַ רוסקאַ, עס פאַרשטייט זיך, אַז ער וועט אַריינפאָרן אין שטעטל נישט ווי אַ געוויינלעכער בשר־ודם.

עס ווערן אויפגעשטעלט טריאומף־טויערן מיט טראַנספּאַרענטן. מ׳האָט מאָביליזירט די חסידישע ״קאַוואַלעריע„ צום רייטן אויף פערד און זינגען חסידישע מאַרשן.

די חתונה־צערעמאָניע איז פאָרגעקומען אין גרויסן שטאָטישן בית־המדרש, וואָס נעמט אַריין עטלעכע טויזנט מענטשן.

די חסידים זענען שוין נישט די זעלבע וואָס אַמאָל... אַ ביסל מאָדערניזירט געוואָרן. דאָס מאָל איז דער קבלת־פּנים פאַרן בעלזער רבין נישט צוגעגאַנגען אַזוי טומלדיק ווי אַמאָל. חסידישע קאַוואַלעריע האָט געריטן מיט סדר און אָרדנונג; מוזיק האָט געשפּילט; די גאַנצע שטאָט אַנטנישט אַלע רביים זענען גלייך — האָט דער קאָמיטעט געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט ביים צוטיילן זיי קוואַרטירן. דאָ האָט קעגן — נישט באַהאַוונטע קריסטן האָבן געמורמלט: „קרול זשידאָווסקי פּשיעכאַל״...

אין בעלז איז מען זיך נוהג צו מאַכן פריער, אַ נאַכט צו פאָר, אַ חתן־מאָל. אויך דאָ האָט מען מאָנטיק געמאַכט אַ ספּעציעלע סעודה פאַר אַלע אָרעמעלייט און מיטוואָך בייַנאַכט האָט מען געמאַכט אַ חתן־מאָל, וואָס האָט געדויערט ביז אין דער פרי.

דאָס חתן־מאָל איז פאָרגעקומען אין קלויז; דער געדראַנג איז געווען אין לשער. דער עולם און די געסט — אויף טישן און אויף בענק. מוזיק האָט געשפּילט, די בדחנים האָבן געווילט די געסט און די רביים האָבן געטיילט שיריים. אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט האָבן אַרויסגערופן די פאַרשידענע רביצינס אין די שלייערס, שטערנטיכלעך און אַנטיק־צירונג.

די חתן־כלה האָט מען דעמאָלט „קאָנפראָנטירט״ צום ערשטן מאָל; די חופּה איז פאָרגעקומען דאָנערשטיק פאַרנאַכט, ביי דער באַטייליקונג פון 10 טויזנט מענטשן. אויפן שול־פּלאַץ האָט מען פאַרצוימט אַ ספּעציעל אָרט, כדי דער זייטיקער עולם זאָל נישט קאָנען שטורעמען די חופּה־צערעמאָניע.

שטורקאַצן און ליכט — לרוב... מיניאַטורן פון דער בעלזער שול און פון די שולן פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט, קינסטלעריש־געמאַכטע, געטראָגן פון טאַנצנדיקע, פריילעכע חסידים.

צו דער חופּה איז, דאַכט זיך, שוין קיינער נישט פאַרבליבן אין די שטובן. די פּאָליציי האָט געהיט די אָרדנונג.

די אייגנטלעכע חתונה־שמחה איז פאָרגעקומען דאָנערשטיק, אַ גאַנצע נאַכט, ביז 7 אין דער פרי. בדחנים האָבן געאַרבעט; חסידים האָבן געגעסן און — געכאַפּט שיריים.

דאָס שטעטל איז וואַך... שוין עטלעכע נעכט.

מ׳קאָן שוין דאָ באַלד רופן אַן אסיפת־רבנים. וועמען האָט איר דאָ נישט?! דעם סאָסנאָווצער, דעם ראַדאָמסקער, שיניעווער, פּשעמישלער, יעריסלאַווער און נאָך און נאָך.



אשר רובין ואשתו חיה׳לי הי״ד.

פרייטיק האָט געשפּילט אַ גאַנצן טאָג מוזיק; חסידים טאַנצן און זינגען אין די גאַסן; אין שטעטל איז לעבעדיק, לוסטיק און פריילעך...

(„אונזער עקספּרעס״, וואַרשע, דינ־סטיק, 29 יוני 1937, נומער 149)

## די פּטירה און לוויה פון מאַגעריוווער רבין

זונטיק פרי איז אין ראַוואַ־רוסקאַ נפטר געוואָרן אין גרייז־גראָער עלטער פון 82 יאָר, דער מאגעריוווער רבי, הרב ר׳ אריה לייביש רוקח ז״ל, אַ ברודער פונעם בעלזער רבין ר׳ יששכר בער ז״ל און אַ זון פון באַרימטן בעלזער רבין ר׳ יהושעלע.

בליץ־שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט די טרויעריקע ידיעה איבער דער שטאָט און פון אַלע זייטן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען יידן צום הויז, ווו דער רב האָט געוווינט.

ווי ווייט באַליבט דער מאגעריוווער רבי איז געווען אין אונדזער געגנט האָט מען זיך ערשט געקאָנט איבערצייגן אין די טויזנטער מענטשן, וועלכע זענען געקומען צו פאָרן פון אַלע עקן: לעמבערג, זשולקיעוו, מאָסטי מאַלע, מאָסטי ווילקע, ניעמיראָוו, פאָטיליטש, אוהנאָוו, בעלז, סאָקאַל, מאגיעראָוו, טאָמאַשאָוו־לוב., זאַמאָשטש, טישעוויץ און נאָך פיל אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

די לוויה איז פאָרגעקומען מאָנטיק. זי האָט געדויערט פון אַזייגער איינס ביז זיבן אָוונט; אַזאַ גרויסע לוויה האָט נאָך ראַווע נישט געזען. העכער 10.000 מענטשן האָבן זיך אין איר באַטייליגט. פיל רבנים פון אַרומיקע שטעט זענען ספּעציעל געקומען צו פאָרן. נאָר דער בעלזער רבי איז נישט געווען, ווייל ער געפינט זיך איצט אין סקאלא, סטריער געגנט, אויף זומער־וווינונג און מ׳האָט אים איבערהויפּט נישט געוואָלט אויסזאָגן וועגן טויט פון זיין פעטער, כדי ס׳זאָל אויף אים נישט שלעכט ווירקן. אויך דער ראַוועער רב, וועלכער געפינט זיך אויך אין סקאלע איז, צוליב דעם זעלבן טעם, נישט געקו־מען. דער ראַוועער רב איז דעם בעלזער רבינס שוואָגער.

אַ רירנדן הספד האָט געהאַלטן דער זון ר׳ נחום אהרנטשע, רבי אין לעמבערג, וועלכער האָט אין רירנדע ווערטער מספּיד געווען זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער. דער גאַנצער עולם האָט מיטגעוויינט. אויך אַ ריי רבנים האָבן געהאַלטן הספּדים. אַלס ממלא־מקום איז באַשטימט געוואָרן זיין זון ר׳ יהושעלע.

„אונזער עקספּרעס״, וואַרשע, פרייטיק י׳ אב תרצ״ה, 9 אויגוסט 1935.

# חיים בקר ז"ל

ליפא דרור–אלטמן

בשנת 1934 עלו חיים ומשפחתו ארצה על־פי סרטיפיקט של „בעל מלאכה". הוא הגיע בהחלטה נחושה להתיישב דווקא במושבה ולעבוד בחקלאות, אף שאמצעיו הספיקו לו כדי לחיות בעיר. מובן שהעדיף את המושבה חדרה, שבה גרנו, אליעזר רכס ואני, ויכולנו לעזור לו בקליטתו ובהשתרשותו בקרקע המולדת.



ר' חיים בקר הי"ד

בחדרה קנה חלקת־אדמה עם בית, ובשנה הראשונה עבד קשה בחקלאות, ומצא בה את סיפוקו. אחרי־כן עבד כפקיד בחברה למשלוח פרי; אך זו היתה רק עבודה עונתית, בימי החורף.

מסיבות משפחתיות נאלץ, אחרי התלבטויות קשות, לחזור עם משפחתו לראווה־רוסקה. אך שם לא נח ולא שקט, כי כבר טעם את טעמה של המולדת. במשך תקופה של 3 שנים השאיר בראווה את משפחתו ואת בית מלאכתו, חזר ארצה ושב לעבודה העונתית שלו בחדרה, כדי לשמור על מקום עבודתו הקבוע.

נפש חצויה היתה לחיים — בין הגולה שבה הצליח בעסקיו ובין אדמת המולדת, שכל־כך השתוקק להתיישב בה. גם בבקרו בארצות הרווחה, כגון גרמניה, צרפת וארצות־הברית, שם גרו אחיו הבכור ושתי אחיותיו — לא יכלו אלה להוציא מראשו את ארץ־ישראל ולשכנעו להשתקע אצלם. כולם התפלאו על עוז רוחו ואומץ לבו והתמדתו העקשנית, בבואו מדי שנה ארצה, כדי לא לנתק את הקשר אתה. הוא אמר לי: „ליפא, אני כבר לא יכול לחיות בראווה; זרה לי ההתנהגות והמנטליות של יהודי הגולה; אני מרגיש את עצמי כיהודי ארץ־ישראלי לכל דבר; אני גם דואג לעתידו של בני יעקב".

במכתבו האחרון אלי, לפני מלחמת־העולם השנייה, ביקש אותי להשגיח על בנו יעקב, בן ה־18, שעלה בינתיים לארץ. ביקש אותי גם לגשת לחברה שבה עבד ולהתנצל בשמו, שרק בגלל המצב המלחמתי אינו יכול להגיע והוא מבקש מאוד לשמור את מקום עבודתו, עד שיוכל לעלות ארצה עם משפחתו ולהשתרש בה לצמיתות.

למרבה הכאב והצער לא נתגשמה שאיפתו זו; והוא ובני משפחתו נרצחו בידי הנאצים, ימח שמם.

בנו יעקב עם משפחתו, ייבדלו לחיים ארוכים, ממשיכים בארץ ללכת בדרכי אביהם ז"ל ולהגשים את רצונו. חלקת האדמה שקנה האב היא כיום נחלתו של הבן.

זכרו של חיים בקר לא ימוש מאתנו ומכל בני משפחתו!

# דער נאַראַלער בעקער

**לאה רוזנצווייג־קראַמער**

ס׳איז שווער צו קוקן דורך אַ געדיכטן בלייענעם רויך פון שרפות; עס איז אויך שווער צו קוקן אויף עפּעס, וואָס ס׳עקזיסטירט נישט, ווען די אויגן גייען איבער מיט טרערן און ברענענדיק פון איבער־אָנשטרענגונג, זוכן זיי עפּעס, וואָס האָט עקזיסטירט, געלעבט און ס׳איז אַזוי נאָענט צום האַרץ. נישט קיין לייכטע אויפגאַבע; אָבער ווער עס האָט זיך פאַר־בונדן מיט אַ שבועה, אַז ער וועט דערציילן און ער וועט נישט פאַרגעסן, דעם, גיט גאָט איין אַנדער אויג, אַן אינער־לעך אויג, וואָס קען קוקן אומגעשטערט, דורך יאָרן, רוים, לענדער און שטעט, גלייך ווי זיי וואָלטן נישט עקזיסטירט, גלייך ווי זיי וואָלטן נישט זיין סעפּאַרירט פון אַזוי ווייטער און אַזוי נאָענטער פאַרגאַנגענהייט. און דאָס אויג טראָגט, ווי אַ פלי פון אַ פויגל, דאָרט אַהין, וווּ דאָס האַרץ איז געבליבן און דער געדאַנק איז געבונדן.

איין הויז ביי דער באַן־גאַס, דאָס הויז פון דעם נאַראַלער בעקער, וווּ פונעם הויכן קוימען איז טאָג־טעגלעך, אין דער זעלבער צייט, געגאַנגען אַ רויך פון דעם ברענענדיקן אויוון. אַן אַנדערער רויך, אַ העל־גרויער. און וואָס העכער ער האָט זיך אויפגעהויבן איז ער אַלץ געוואָרן העלער און בלויער; שפּעטער ראָזער און לוסטיקער; און הינטער אים זענען גע־פלויגן פונקען, העכער און העכער; זיי האָט באַגלייט אַ ריח פון באַקנדיק ברויט, בולקעס און ראָגלען. פרייטיק איז דער ריח געקומען פון זיסע חלות. דער נאַראַלער בעקער, אַ הויכער דיקער ייד מיט, אַ כמעט ווייסער באָרד, ביז צו דער ברוסט; אַ ווייס העמד אַריינגערוקט אין די הויזן פון אַן אומבאַשטימטער פאַרב, אָבער אַזוי איינגעטונקען אין מעל, אַז זיי האָבן אויסגעזען ווייס. אַ מענטש פון אַרבעט, וועלכער איז שעהן לאַנג געשטאַנען שווייגנדיק ביים הייסן אויוון, אַריין־און־אַרויסרוקנדיק מיט אַ לאַנגער לאָפּאַטע, כלערליי מינים פון געבעקס און פון צייט־צו־צייט געביטן די לאָפּאַטע, דאָ פאַר אַ ברייטערע און דאָ סאַר אַ קורצערע און ביי געלעגנ־הייט האָט ער זיך אָפּגעווישט די טראָפּן שווייס, וועלכע זענען געפאַלן פונעם פנים אויף דעם, פון אָנשטרענגונג, רויטן פנים. אויסער עטלעכע שעה שלאָף, האָט זיך געדאַכט, אַז דער מענטש האָט קיינמאָל נישט גערוט. די דאָזיקע געשטאַלט איז געווען דער צענטער פון אַרבעטזאַמען לעבן... אַ וואָרט; אַ ווינק מיטן אויג; אַ דריי מיט דער האַנט און יעדער, צו ווע־מען דאָס איז געווען געווענדעט, האָט תיכף געוווּסט, וואָס ער האָט צו טאָן... די ווייב רבקה, אַ מענטשל מיט אַ בינטל־שליס־לען אין דער האַנט, אָדער אין דער טיפער קעשענע פון דעם פאַרטוך, איז אים געווען אַ הילף צו פירן דאָס וועלטל...: די געזעלן, דער האָלצהאַקער, די דינסט־מיידל; דאָס שיק־ייִנגל און פינף קינדער, אַ הויז פול מיט מענטשן; וווּ יעדער האָט געהאַט זיין באַשעפטיקונג, פאַר וועלכער ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך.

בייטאָג, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין פרימאָרגן און האָט געדויערט ביז אין אָוונט, איז יעדער געווען באַשעפ־טיקט; אין אָוונט צו דעם הויפּט מאָלצייט, די וועטשערע, זענען אַלע ביים טיש: די געזעלן און אַלע מיטגלידער פון דער משפחה. אַלע זענען געזעסן ביי טיפע שיסל און דער נאַראַ־לער בעקער, עוזר מיט זיין ווייסן געזיכט און הויכן שטערן, מיט די העלע אויגן און ווייסער באָרד, האָט, האַלטנדיק איינס פון די ייִנגסטע קינדער אויף דער קני, און גלעטנדיק, אים אַריינגעשטופּט מיטן לעפל זופּ פון זיין טעלער... ער איז געווען דער זייל פון דער משפחה, וווּ אַ פרעמדער, אַ קרוב, אַ ייד און אַ קריסט, האָבן געהערט צו דער געזעלשאַפט. אַ היים, וווּ מען האָט יעדן אַריינגענומען; צי אַ ייִנגל פון דאָרף, וועלכער האָט געוואָלט לערנען דעם באַרוף; צי איינער, וואָס איז־גאָט־באַהיט, אַראָפּ פונעם גלייכן וועג, ערשט נאָר אַרויס פון תפיסה און געזוכט אַ טאָג־אַרבעט און אַ ווינקל, וווּ דעם קאָפּ אָוועקצולייגן, יעדער האָט געפונען אַ גוט וואָרט און אַ פאַרדינסט. פרייטיק, קומענדיק אַהיים פונעם בית־המדרש, פלעגט ער תמיד מיטברענגען אַן אורח, וועלכער איז אָפט געווען אַן אומפערהאַפּט געקומענער אָדער איינער פון די אָרטיקע אָרעמע לייט. צו מענטשן האָט ער געהאַט צוטרוי און געגלויבט אין זיי ווי אין גאָט... ער האָט אויך געגלויבט, אַז אַ מענטש, ווי פאַרדאָרבן ער זאָל נישט זיין, קען ער נאָך תמיד צוריקקומען צום גוטן. גלויבן אין גאָט און נישט גלויבן אין מענטש, איז ביי אים געווען אומדענקבאַר... אַזוי איז יאַשיו מיטן צונאָמען „לעלאָק" געווען אַ סטאַבילער גאַסט,



באַן־גאַס און „ווילא יאַסנא".

אבער קיין סטאַבילער אַרבעטער. נאָכדעם וואָס ער פלעגט אָפּט פאַרשווינדן אויף וואָכן (אין „חדר אַריין") פלעגט ער שטענדיק, ווען ער איז צוריקגעקומען, באַקומען אַ ריין העמד און אַ פּאָר גראָשן, כדי צו גיין אין באָד און נאָך דעם ווידער קענען אויספירן ברויט אין די געוועלבער; און ווידער די קינדער מעשיות דערציילן; זינגען גנבים לידלעך אָדער באַלאַדן איבער אַן אומבאַקאַנטן זעלנער. נאָך אַ צייט איז ער ווידער נעלם געוואָרן, כדי אָפּצוקומען נייע חטאים ווי: אַרויסציען געלט ביי אַ דאָרפסמאַן פון דער אונטערשטער קעשענע אָדער אַראָפּשלעפּן אַ קאָפּ-קרויט פון דעם וואָגן. ס'האָט אויך פּאַסירט, אַז מען פלעגט שיקן קינדער אים אָפּ-טראָגן אַ פּעקל מיט לעבנסמיטל אין קערקער פאַר יאָשיו, וועלכן זיי האָבן ליב געהאַט, כדי ער זאָל חלילה וחס נישט דאַרפן הונגערן. עוזר איז געווען אַ מענטש וועלכן די שכנים האָבן געאַכטעט. ער פלעגט פון צייט צו צייט זיי באַזוכן און מיט זיי גערן שמועסן. זיי פלעגן אים באַזוכן יום-טוב און זיצן מיט אים ביי אַ גלעזל ווישניאַק אָדער יאַגאָדניק... צו די ווייניאַכטן האָט ער תמיד געבאַקן אַ גרויסע זיסע חלה מיט ראָזשינקעס פאַר דעם סטאַראָסטע. ווינטער, ווען ער פלעגט אַהיים גיין פונעם דאַווענען און זיין לאַנגע קאַפּאָטע און זיין לאַנגע באָרד זענען געווען פאַרשיט מיט שניי, האָבן די קריסטלעכע קינדער דערציילט, אַז זיי האָבן געזען דעם הייליקן-מיקאַליי מיט דער ווייסער באָרד.

אין די זומער-טעג האָט ער ליב געהאַט צו זיצן אויף די טרעפּ פאַר דעם הויז און זיך צוהערן צו די טענות פון די קינדער, וועלכע פלעגן זיך דאָרט שפּילן... ער פלעגט זיי אויספרעגן, וואָס זיי האָבן געלערנט אין שולע אָדער אין „חדר" און נאָכדעם האָט ער געשוויגן, צוהערנדיק זיך צום רעש פון די ביימער, וועלכע האָבן זיך געבויגן איבערן הויז. ס'איז פאַר אים אויך געווען אינטערעסאַנט צו הערן דאָס קלינגען פון די קלויסטער גלאָקן אין צערקיעוו. ווען ער איז מיד געוואָרן פון הערן, פלעגט ער אויפשטיין, זיך אויסגלייכן זיין גרויסן גוף און גיין אַהיים.

לאַנגזאַם האָבן זיך אַלע שטימען געשטילט און אָפּגע-שטאָרבן און דער פייף פון דעם לאָקאָמאָטיוו איז געווען דער לעצטער לעבנסצייכן. נאָך דעם אַלעם, האָט דאָרט געהערשט די אַבסאָלוטע פינצטערנישט...

און אַזוי איז אונטערגעגאַנגען די געשטאַלט פונעם נאָ-ראַלער בעקער, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע און... אַנדערע...

פאַראייביקט זאָל זיין זייער זכר לעולם ועד... אמן!

# זכרונות מעטים

שמואל גוטליב

מעט מאוד יכול אני לספר מזכרונותי על עירנו, כי בגיל צעיר עזבתי אותה ועברתי לגור בלבוב. אכן, דווקא בהיותי בלבוב גדלה זיקתי לראווה-רוסקה. כל יפיה של העיר הגדולה לא סיפק אותי, וגברו געגועי לעיר מולדתי. כל פינה בראווה, שנחרתה בזכרוני, נהפכה בעיני לפינת קסם. לא יכולתי למצוא מקום יפה כמו היער וולקוויצה, או היער בדרך לפּאַטאַליץ'. והרי למעשה היתה ראווה-רוסקה מוקפת יערות מכל מבואותיה. לעולם לא אשכח את הרובע של בתי הכנסת בערבי שבתות, בשבתות, בערבי חגים ובחגים; לרובע הזה היה זורם בימים אלה קהל הומה מכל קצות העיר. לא היכרתי הרבה מקומות בפולין, שבהם רוב בתי-הכנסת מרוכזים במקום אחד, כמו בראווה: האייזערנע-קלויז, השול, בית-המדרש הישן, האַלטע-קלויז ומשלים — הבלעכענע-קלויז.

הייתי מבקר בראווה בכל חג; ואם קרה, שהייתי צריך להישאר בלבוב באיזה חג שהוא — הייתי אומלל ולא יכולתי למצוא לי מנוח. אף כי לא הייתי מן האדוקים, לא סבלתי את החילוניות של העיר לבוב.

כשהייתי בא לראווה, הייתי מוצא חמימות בחיק משפחתי: משפחת אדלר, משפחת ציגלר. לעתים הייתי פוקד את דודי ליביש לנדסמן, שהיה נציג היהודים במוסדות העיריה, ואת אחיו אברהם הירש לנדסמן.

בתארי את הרובע של בתי-הכנסת, לא אוכל לפסוח על הבית האדום הגדול של חותני ר' אהרון לייב שטראוס ז"ל, שעמד באותה סביבה. תמיד בקעה מהבית הזה שירה עברית, וקולות שמחה ועליצות נשמעו ממנו. היה הרושם, שכל בנות העיר מרוכזות בפנים הבית הזה, שרות ורוקדות.

ברצוני להתעכב במיוחד על שני אנשים, שהיכרתים מקרוב: ר' אייזיקל הערבסטער ובנו עזריאל. את ר' אייזיקל היכרתי בזמן שהיה לומד עם בנו עזריאל בבית-המדרש בשבתות, כאשר אני וסבי עה"ש ישבנו לא רחוק מהם ועסקנו באיזו סוגיה בגמרא. את ר' אייזיקל אני גם זוכר מזמן היותו המלמד האחרון שלי בתלמוד-תורה. הוא היה יהודי קטן, צנום, עטוף בבעקישה גדולה, וכובע כיסה את עיניו הדומעות. תמיד יכולת לראותו מאוחר בערבים בבית-הכנסת, יושב וגמרא גדולה לפניו. התלמידים עשו לו צרות רבות ולא רצו ללמוד, וחיפשו הזדמנויות להסתלק מהלימודים. מקרה מיוחד

גרם לי אז, שאתחיל לחשוב הרבה על היהודי הזה. פעם בתשעה־באב, כשהיינו פטורים מלימודים, פגשני ר׳ אייזיקל ואמר לי: „שמע, אתה רוצה ללמוד ׳איכה׳?"

הסכמתי, אף על פי שכבר למדנו מגילת איכה זה שלושה שבועות רצופים. נכנסתי אתו לבית־הכנסת, והתחלנו ללמוד. לא אשכח איך התייפח היהודי הזה על חורבן בית־המקדש; ולא אבוש: התייפחתי ובכיתי אתו יחד. כשגמרנו ללמוד, אמר לי: „אסור לנו לשכוח, מה ׳אדום׳ עשה לנו!" חושבני, שזה היה הרגע המכריע בחיי. אז גמלה בלבי ההחלטה, שאני צריך לנסוע לארץ־ישראל.

וצחוק הגורל: היהודי הזה, שהשפיע עלי השפעה מכרעת בחיי — לא יכול היה להשפיע ככה על בנו־יחידו עזריאל. באחת השבתות, אחר־הצהריים, ישבתי עם סבי ולמדנו. פתאום שמעתי קול קורא: „עזריאל! עזריאל!" — התברר, כי עזריאל ברח מבית־הכנסת, ור׳ אייזיקל רדף אחריו. לאחר זמן חזר ר׳ אייזיקל לבדו והתיישב על־יד הגמרא כשהוא עצוב מאוד. עזריאל נעשה אפיקורס, ואחר־כך נעשה אחד מעסקני התא הקומוניסטי בראווה.

כעבור שנים אחדות פגשתי את עזריאל, כאשר עבדנו יחד אצל „האחים בנק" בלבוב. ראוי לציין, שהוא שמח לקראתי כמו לקראת מכר ותיק. הוא שאל אותי שאלות רבות, ובין היתר על אחי. סיפרתי לו, שהם עלו ארצה. אין לתאר את השינוי שחל אצל האדם הזה, בשמעו את דברי. פתאום צעק לעבר קבוצת עובדים: „שמעו, שמעו, בונדאים, שני בונדאים מושבעים עלו לארץ־ישראל!" (אכן, אחי בראווה נמנו עם ה„בונד"; בלבוב התקשרו עם „החלוץ" ויצאו להכשרה, ומיד אחרי כן עלו ארצה).

צוות העובדים בפרוונות אצל האחים בנק בלבוב כלל קרוב ל־50 עובדים, חלקם מראווה וחלקם מז׳ולקיב. רוב העובדים היו קומוניסטים, חלק קטן בונדאים, ואנו — מתי מספר — חברי „גורדוניה". עזריאל היה קומוניסט בלב ובנפש, ה„קפיטל" של מרכס וספרי אנגלס לא משו מידו. למרות זאת לא היה „מיסיונר", ולא התאמץ לעשות נפשות לאידיאל שלו. והרי הוכחה: בכל יום ששי היה תשלום שכר עבודת השבוע. הקומוניסטים היו מתרימים את העובדים לטובת אסירים פוליטיים. אנחנו, הקבוצה הציונית, התנגדנו לשלם את המס הזה, מטעמים מובנים. הקומוניסטים איימו עלינו, שאם לא נשלם את המס — יאלצונו לעזוב את העבודה. אז קם עזריאל והכריז, שאין להכריח אף אחד לשלם את המס, כי „אלה הם אנשים חסרי הכרה מעמדית; אבל בבוא יום המהפכה — יצטערו על שלא שיתפו אתנו פעולה".

פעם היתה בינינו שיחה על חיסכון, ועזריאל אמר „קופת החיסכון שלי היא נכסי הבורגנות, שיפלו לידינו עם המהפכה, ואז לא נדע מחסור".

כעבור שנים יצאתי להכשרה, ועליתי ארצה. לאחר 5 שנות שהות בארץ חזרתי לפולין לריפוי. הגעתי ללבוב, סידרתי כמה דברים פורמליים, ונסעתי לראווה. הגעתי לראווה בחול־המועד פסח. כרגיל ביום כזה, היו רוב בני העיר ליד תחנת הרכבת. מעניין, שרוב האנשים שהיו שם הכירו אותי, ופשוט לא יכולתי להשתחרר מהם ולגשת אל קרובי. למחרת, בלכתי ברחוב, פגשתי את עזריאל. נעצרתי ואמרתי לו „שלום", והוא — כמובן — ענה „סרווס". התחלנו לשוחח, וראיתי לפני אדם שונה לגמרי מכפי שידעתיו בצעירותי: שערות שיבה, פנים נפולים. בעודי עומד ומשוחח אתו — עברו שניים מידידי ורמזו לי רמזים, שלא הבנתי את כוונתם. לבסוף נפרדתי ממנו על מנת להיפגש שנית ולהמשיך את השיחה. אז ניגשו אלי שני הידידים והזהירו אותי לבל אשוחח אתו ברחוב, כי הוא תחת מעקב של הבולשת ואף היה כלוא 4 שנים בבית־הסוהר בגלל פעילות קומוניסטית, וזו אף הסיבה שכה נשתנה מראהו.

פגשתי אותו שנית על־יד הנהר. הוא אמר: „כאן אנו יכולים לשוחח באופן חפשי". כנראה הבין את הרמזים של ידידי יותר ממני. התחלנו לדבר על ארץ־ישראל, והוא התעניין בכל הנעשה בה. אמרתי לו, שאני מגשים את הקומוניזם באופן מעשי, כי אני חי בקבוצה, בקומונה, שאין בה רכוש פרטי והכול שייך לכלל. הוא התעניין בכל הפרטים לגבי הקבוצה, ולבסוף אמר: „אבל, זה לא יכול להביא שינוי במעמד העובדים הכלל־עולמי".

הגיעו אלי שמועות, שעזריאל לא הספיק ליהנות מהמשטר הקומוניסטי: הוא נספה לפני שהרוסים כבשו את העיר...

# א בינטל זכרונות פון מיין היים

**לייבוש גערטעל-וואָלף**
**מאָנטרעאָל**

איך דענק, אַז יעדער פון אונדז, לעבנגעבליבענער, ווייסט און געדענקט וועגן אונדזער חרובער שטאָט ראַווא־רוסקאַ. אָבער יעדער אויף זיין אופן.

איך געדענק די בתי־מדרשים, רבנים, אָרגאַניזאַציעס פון עקסטרעם רעכטס ביז עקסטרעם לינקס, יידישע אינטעליגענץ, יידישע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן. געווען אַ קרייז־געריכט, אַ גימנאַזיע, ווו ס'פלעגן לערנען אויך יידישע סטודענטן, אַ ביב־ליאָטעק, אַ גמילת־חסדים קאַסע, ווו מ'פלעגט לייען געלט די אָרעמע קליינהענדלער, אַ „יד חרוצים", אַ סוחרים־פאַריין, ווו מ'פלעגט אַרויסהעלפן מיט שטייער־פּראָבלעמען.

דער גרעסטער טייל יידן איז געווען אָרעם און געלעבט אויף אַ נידעריקן סטאַנדאַרט־לעבן. נאָר אַ פּאָר געציילטע יידן זענען געווען רייך.

די אָרגאַניזאַציעס פלעגן זייער אָפט איינאָרדענען ליטע־ראַרישע אָדער פּאַרטייאישע לעקציעס, געלייענט דורך לאָקאַלע אינטעליגענטע מענטשן. ס'פלעגן אויך קומען גרויסע פּער־זענליכקייטן, פון אויסער דער שטאָט, ווי ד"ר קאַפּל שוואַרץ ע"ה, ד"ר מעלצער ע"ה, צבי העללער, אריה טאַרטאַקאָווער, פנחס לוביאַניקער און אַנדערע.

מ'פלעגט אויך שפּילן טעאַטער, דורך די אַמאַטאָרישע טרופּעס פון די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס, ס'פלעגן אויך קומען אויף גאַסטראָלן טעאַטער־טרופּעס מיט וועלט באַרימטע אַק־טיאָרן, ווי זיגמונט טורקאָוו, יאָנאַס טורקאָוו, אידאַ קאַמינסקאַ און פיל אַנדערע.

דער גרעסטער טייל יונגע מענטשן זענען געווען קירזש־נערס. מאַנכע פון זיי, וועלכע זענען געווען זייער גוטע ביזנעס־לייט האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט, רייך געוואָרן. זיי פלעגן פאַרן קיין אויסלאַנד פאַרקויפן זייער אויסגעאַרבעטע סחורה און צו־ריק פלעגן זיי ברענגען סחורה צו דער אַרבעט. אָבער געווען איז דאָס זייער קאָמפּליצירט, מ'האָט געהאַט צו טאָן מיט דער פּוילישער רעגירונג, געדאַרפט ספּעציעלע דערלויבענישן, אַרויסצושיקן און אַריינברענגען סחורה.

אויך יידן, נישט קיין קירזשנערס, האָבן מאַטעריעל גע־נאָסן, פלעגן לייען געלט אויף פּראָצענט, דיסקאָנטירן וועקסלען. אַז די קירזשנער־אַרבעטער האָבן פאַרדינט, פלעגן זיי געבן צו לייזן אין די געשעפטן.

געווען זענען יידן, וואָס האָבן געהאַט קליינע געשעפטלעך און האָבן אויסגעקוקט אויף דעם מאַרק־טאָג איין מאָל אין דער וואָך — מאָנטיק. געווען זענען פערד־סוחרים, בהמה־סוחרים, ווי אויך גלאַט אויפקויפערס פון קעלבלעך, הינער, אייער, פלאַקס א.א.וו.

פרייטיק האָט זיך יעדער געגרייט צום הייליקן שבת. מ'האָט געבאַקן, געקאָכט, זיך אָנגעטאָן שבתדיקע קליידער און געגאַנגען דאַווענען. פון דאַווענען פלעגט מען מיטברענגען אַן אורח אויף שבת.

אַזוי איז אַנגעגאַנגען דאָס יידישע לעבן אין ראַווע רוסקאַ ביז ס'איז געקומען היטלער ימ"ש און מיט דער מיטהילף פון די פּאָליאַקן און אוקראַינער אומגעבראַכט די אַלע יידן אויף אַ שרעקלעכן אופן בלויז פאַר דער איינער זינד, וואָס זיי זענען יידן. די גאַנצע קריסטלעכע וועלט האָט זיך קאַלט־בלוטיק צוגעקוקט. זאָל עס בלייבן אַ שאַנד־פלעק אויף זיי אויף אייביק.

כ'וויל דערמאָנען מיין טייערע, הייליקע מוטער ע"ה, מיין עלטערן ברודער אהרן מיט זיין משפּחה ע"ה, מיין יינגערן ברודער יוסף־הערש ע"ה (מ'פלעגט אים רופן דזשאַני), מיין נאָענטע און ווייטע משפּחה און אַלע ראַווע־רוסקער יידן, וועל־כע זענען אַזוי מערדערלעך פאַרשניטן געוואָרן דורך די נאַציסטישע מערדערס. כ'געדענק זיי יעדן טאָג. כ'זע זיי, זייער אָפט אין חלום. כ'וועל זיי געדענקען מיין גאַנץ לעבן.

כבוד, זייער אָנדענק!

איך באַזיץ נישט די פּאַסיקע ווערטער און כח אויסצו־דריקן מיינע אָנגעווייטיקטע געפילן און כ'מוז זיך באַנוצן מיט די אויסדרוקן פון אורי צבי גרינבערג:

„איך ליגט מיינע געהאַרגעטע, צעטרעטענע,
געשאָכטענע, צושטויסענע,
פאַרברענטע. ערד און אַש און אברים — און צווישן
איך מיין
מוטער און אירע קינדער און קינדס־קינדער.
און אייער פּיין ביז טויט — נישטאָ קיין שפּראַך
עס צו דערציילן,
און קיין סטרונעס עס צו באַקלאָגן.
איז פאַראַן אַ כח צו ווייטיקן דעם שאַנד!?".

# ימי כ' בתמוז בראווה־רוסקה

יעקב בוימוואל — יובל ז"ל

האזכרה ביום השנה הראשון לפטירתו של ד"ר הרצל ז"ל, בשנת תרס"ה, השאירה רושם כביר בעיר.

מי שלא חי בתקופה הזאת, בעשור הראשון של המאה, כאשר מעטים העזו להצהיר בפומבי על ציוניותם — לא יבין מה נועז היה הצעד של יהודי אחד מעירנו, מסור בלב ונפש לאידיאל הציוני, בהיחלצו לאמירת „קדיש" בפומבי לזכר הרצל. המקרה הזה הרעיש אז את כל העיר; ואשתו של אותו יהודי, שמואל מעטאל, שהיתה בעלת גוף חזק משלו, סטרה לו שתי סטירות חזקות, אחרי שחזר באותו יום מה„קלויז". מאותו יום קראו לו אנשי העיר „דאס קדיש'ל".

אותו צעד נועז שימש סימן ואות לשנים הבאות, ובראווה נערכו מדי שנה, בכ' בתמוז, בלא כל מורא ופחד, אזכרות להרצל.

מקרה אחר של אזכרה בכ' בתמוז, הראוי לציון, היה בשנת 1921.

באותה שנה נפתחו בראווה קורסים לעברית בהנהלתו של המורה לאזאר, מורה מסור ופדגוג מצוין, שקנה לו תיכף ידידים וחברים. למרות חולשתו הגופנית השקיע את עצמו, ראשו ורובו, בפעולה ציונית ענפה.

מרשימה ביותר היתה האזכרה בכ' בתמוז של אותה שנה, שנערכה באולם הגדול של ה„ראטהויז". אסיפה מרגשת כזאת עוד לא ראתה ראווה. באו אנשים כאלה, שהעסקנים באגודת „התקווה" לא פיללו לבואם; והנאום הנאה, רב התוכן של המורה לאזאר — עשה רושם עז, והדו נשמע עוד ימים רבים.

שנים מספר אחרי זה עמד יום השנה, כ' בתמוז, כולו תחת השפעתה של אגודת „טרומפלדור". היה זה יומה של התנועה הזאת, ויש לציין שיוזמה של התנועה והמפעיל העיקרי היה גימפל יוסט, אז בחור צעיר ומלא רצון והעזה. היה לו חלק רב בהקמת תנועת הנוער „גורדוניה". נוכח פעילותה, התארגן יתר הנוער הראוואי תחת דגלי תנועות־נוער ציוניות אחרות; אבל „גורדוניה" עלתה על כולן.

זוכרני יום כ' בתמוז אחד, בשנת תרפ"ג, והוא היה כולו של „טרומפלדור". נערך מצעד רב רושם ברחובות העיר, תחת פיקודו של כותב הטורים האלה; בראשים מורמים ובשירה עליזה צעדו אל אולם הראינוע, להצגת הסרט „חיי הרצל". הרגשת חגיגיות אפפה את כל העיר, וימים רבים דיברו התושבים על היום ההוא בהנאה רבה, בגאווה ובכבוד.

# ראשית ארגון הנוער העממי בעירנו

צבי נצר (זיבצנר)

היה זה בקיץ שנת 1919, לאחר מלחמת־העולם הראשונה. המצב הכלכלי בעיר היה בשפל המדרגה, והנוער היה בלתי מאורגן. נערים שטרם הספיקו לסיים חוק לימודים בבית־הספר העממי, ורובם אף יידיש לא ידעו לכתוב כראוי — התחילו לעבוד בתור שוליות אצל בעלי מלאכה, שגם מצבם החמרי שלהם היה ירוד. הנערים האלה עבדו, מגיל צעיר מאוד, מהשכם בבוקר עד מאוחר בערב, בתנאי שכר אפסיים ובלי תנאים סוציאליים והיגייניים כל שהם. נתבקשה מאוד פעולה כלשהי כדי לשנות את המצב האומלל הזה של הנוער.

באותו זמן הזמין אותי ו. גרויסאוג לביתו, לפגישה עם עוד אנשים, כדי לטכס עצה איך לשפר את המצב. בפגישה נוכחו כעשרים איש. הרצה אורח מלבוב, החבר געזונד, על מצבו של הפועל היהודי בפולין, והוחלט להתארגן ולחדש את האגודה „פאסטעמפ", אגודה שפעלה בעיר עוד לפני המלחמה. לי היה הרושם, כי מדובר על פעולה תרבותית; שכן „פאסט־עמפ" פעל, בעבר, רק בתחום זה. אבל אחרי־כן נודע לי, כי החבר געזונד הוא נציגה של מפלגת ז'.פ.ס., מפלגה יהודית סוציאליסטית, ושכוונת המארגנים היא פוליטית ומפלגתית.

לוועד האגודה נבחרו החברים: גרויסאוג, יהושע זץ, שנאפר, טריט, ליאון וולף, כ"ץ וי. שפריצר. הוועד אסף ספרים וגם תרומות לקניית ספרים, והקים ספריה בביתו הפרטי של גרויסאוג. כעבור זמן עברה הספריה לחדר שכור מיוחד. הספריה שימשה גם מועדון, שהחברים התאספו בו בערבים להרצאות ולפעולות־תרבות שונות. ערכנו גם פעולות תרבותיות וחינוכיות בקרב הנוער העובד. עיקר הפעולה היה — להקנות לנוער זה ידיעות אלמנטריות בחשבון ובשפת יידיש וספרותה. תקציב לא היה, לכן אספנו את הנערים בדירות פרטיות, ב„אלקערים" של בעלי המלאכה יוק'לה שיסטער ורייזל טויבעס — ולוח ה„באנקבעטל" שימש לוח לתרגילי כתיבה. הנערים, אף שבאו לאחר יום־עבודה מפרך, היו צמאים ללימודים, והתקדמו יפה.

הפעולה נמשכה עד שנת 1922, עד שז'.פ.ס. התאחדה עם ה„בונד", וזה רצה להכניס את הנוער הזה ל„יוגענד בונד". אז בא הפילוג: חלק קטן נשאר במסגרת ה„בונד", ואילו רובו של הנוער הזה נכנס, במרוצת הזמן, לשורות „גורדוניה", תנועת הנוער הציונית־חלוצית, שנוסדה אז בעיר.

# די היסטאָרישע 14 שטימען

**מ. י. שטיינפעלד**

אין דעם יזכור־בוך פון אונדזער שטאָט ראַוואַ־רוסקאַ, וועלכער וועט בלייבן אַן אייביקער אָנדענק פאַר אונדז, פאַר אונדזערע קינדער און אויך פאַר די שפּעטערדיקע דורות, וויל איך באַשרייבן אַן עפּיזאָד פון אונדזער שטעטל.

איך לעב נאָך היינט מיט אַלע זכרונות פון ראַוואַ רוסקאַ. די שטאָט שטייט מיר נאָך היינט, ווי לעבעדיק פאַר די אויגן. איך בין שוין איבער 30 יאָר אין ישראל און דאָך, אַז איך הער דאָס וואָרט „ראַוואַ־רוסקאַ", גיט עס מיר אַ כאַפּ ביים האַרצן און אויך ביי דער נשמה און ס'שווימען אַרויף פאַרשי־דענע חלומות און זכרונות פון אַמאָליקע יאָרן, וועלכע זענען ליידער, פאַרשוווּנדן אויף תמיד.

און עס איז דאָך נישט קיין ווונדער: מען האָט דאָך דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעלעבט אין דעם שטעטל, געקענט אַלע מענטשן פּערזענלעך, געוווּסט וואָס עס טוט זיך ביי אַ יעדן אין זיין היים; געזעלשאַפטלעך זיך אויסגעלעבט צוזאַמען, אַזוי ווי אין פאַמיליע, און כאָטשע, עס פלעגן זיין פאַרשידענע מחלו־קתן, האָט עס אויך געהאַט אַ טעם פון אַ משפּחה־מחלוקת.

ווי קליין דאָס שטעטל איז געווען, האָט עס זיך אָבער אויסגעצייכנט אין אַ שטאַרקער אינטענסיווער געזעלשאַפטלע־כער טעטיקייט.

אַלע יידישע פּאַרטייען פון פוילן זענען אויך געווען פאַר־טרעטן מיט זייערע אָפּטיילונגען אין ראַוואַ רוסקאַ. אָנגעהויבן פון אַלגעמיינע ציוניסטן, התאחדות, פועלי־ציון, מזרחי, אגודת ישראל, רעוויזיאָניסטן, בונד, קאָמוניסטן און נאָך אַנדערע. דאָס שטעטל האָט געקאָכט פון פּאַרטייען, גלייך עס וואָלט געווען אַ כרך — אַ הויפּטשטאָט.

איך וויל דאָ נאָר דערמאָנען אַ פּאָר שטריכן פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג אין שטאָט, וווּ איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין איר פּרעזעס.



קבוצת „ביתר" בעיר.

אין יאָר 1928 איז אין דער ציוניסטישער באַוועגונג פאַרשאַרפט געוואָרן דער ויכוח איבערן ענדציל פונעם ציוניזם און פון ביידע קעגנערישע צדדים זענען געשטאַנען — ווייצמאַן און זשאַבאָטינסקי. דער לעצטער האָט פאַרלאָזט די באַוועגונג פון די „אַלגעמיינע" ציוניסטן און געשאַפן אַן אייגענע רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג: הצה"ר און בית"ר. די נייע רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג האָט געפונען אין מיר און אין נאָך אַנדערע חברים פון „התקוה" — זייער איבערגעגעבענע אָנהענגער.

למעשה האָב איך אין ראַווע געלעבט מיט די „אַלגעמיינע ציוניסטן", געאַרבעט אַלע יאָרן מיט אַלע חברים, ווי: לייביש וועבער, אברהמטשע עדעל, משה לעווין, אהרן האַלענדער און שמעון מרגליות, טאָג און נאַכט געזעסן אין „התקוה"־זאַל און צוזאַמען אָנגעפירט מיט ציוניסטישע אַרבעט, געמאַכט פאַרשי־דענע אימפּרעזן, טעאַטער געשפּילט און זיך גוט חבריש אויסגע־לעבט. איבערהויפּט, ווען עס איז צוגעקומען דער דר. מאַנדעל און איז געוואָרן אונדזער פּרעזעס, האָט זיך ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן די ריכטיקע, אינטענסיווע אַרבעט אויף אַלע געביטן; דאָס איז געווען אַ גאָלדענע עפּאָכע, וואָס איך וועל זי אייביק געדענקען.

און דאָ איז פּלוצעם געקומען אַזאַ איבערברוך; מ'איז אַרויס פון דער „אַלגעמיינער" ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אייגענע רעוויזיאָניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנפירונג פון זשאַבאָטינסקי, מאיר גראָסמאַן און נאָך אַנדערע פירער.

אויך מיר, אין ראַוואַ־רוסקאַ, האָבן געגרינדעט אַן איי־גענע, זעלבסשטענדיקע אָרגאַניזאַציע; מיר האָבן געדונגען אַן אייגן לאָקאַל, עפּעס אַ שטיבל, יעדער האָט געבראַכט אַ בילד, אַ בענקל פון דער היים און מיט מזל געגרינדעט אַ פאַראיין. מיט טרערן אין די אויגן האָב איך געעפנט די ערשטע זיצונג, ווייל נישט לייכט איז מיר געווען דאָס פאַרלאָזן און אַרויסגיין פון דעם „התקוה"־פאַראיין, אַ שטיק לעבן פאַרבראַכט צוזאַמען מיט די אויבן אויסגערעכנטע חברים און פּלוצעם אַראָפּ פון קעסט און געבליבן אַליין, געמאַכט זיך זעלבסשטענדיק.

אמת, עס זענען צוגעקומען עטלעכע טרייע חברים, אי־בערגעגעבענע רעוויזיאָניסטן און דאָס זענען געווען: אשר רובין ז"ל, אַן אינטעליגענטער בחור, אַ שטילער מיט אַ גוטן קאָפּ און אויך געהאַט טאַלאַנט צום שרייבן; מלך ווייקסבוים, היינט אין ישראל; יצחק ערדמאַן, היינט אין אורוגווײַ; יוסף שנעסל ז"ל, אַ שטיק פילאָזאָף; משה שעכטער ז"ל, זייער אַן



קבוצת „מרגליות" של „הנוער הציוני".

איידעלער חבר און יחזקאלע אַדלער ז"ל, דאָס איז געווען גאָר אַן איבערגעגעבענער חבר — פלאַם און פייער — צו דער אַרבעט; אויך די חברטע ברוריה רובין, היינט שוצבערג, וווינט אין ישראל און נאָך אַנדערע.

צוזאַמען זענען מיר געווען קוים אַ מנין חברים, אָבער מען איז זיך צוזאַמענגעקומען אין דעם שטיבל, מען האָט דיסקו־טירט און געמאַכט אַפילו ליטעראַרישע אָוונטן, ווי ח' אשר רובין האָט רעפערירט און אויך פאַרגעלעזן פאַרשידענע זאַכן. און ווען עס איז געקומען די צייט פון קאָנגרעס־וואַלן איז געווען ביי אונדז אין שטעטל אַ יום־טוב. אַ קלייניקייט — קאָנגרעס־וואַלן! אַפילו די וואַלן צום פוילישן „סיים" האָבן נישט געהאַט דעם טעם פון דאָס התלהבות, ווי די וואַלן צום קאָנגרעס. מיר האָבן אַלע געפילט, אַז דאָ זענען מיר אין דער היים, מיר קעמפן פאַר אונדזער אייגענער זאַך. די וואַלן פלעגן תמיד פאָרקומען אין אַ זונטיק; די גאַנצע יוגנט איז געווען אין דרויסן, נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, יעדער איז געווען פאַרנומען מיט די וואַלן. ביי זאַטלערן אין הויז, אין צענטער פון דער שטאָט, וווּ עס איז געווען דאָס לאָקאַל „התקוה", זענען פאָרגעקומען די וואַלן; דאָרטן האָט זיך געקאָכט אַ גאַנצן טאָג ווי אין אַ קעסל. אַלע ציוניסטישע עסקנים האָבן זיך געפּאָרעט ווי אויף אַ חתונה, מיט אַ התלהבות און מיט אַן איבערגעגעבנקייט, מיט אַן אמתדיקן ציוניסטישן ברען.

מיר האָבן אַלע געפילט, אַז דאָ ווילט מען פאַר זיך, פאַר אַן אייגענער היים, נישט פאַר פרעמדע, און כאָטש עס זענען נאָר געווען קאָנגרעס־וואַלן דאָך האָט דאָס יידישע האַרץ געצאַפּלט, אינסטינקטיוו האָבן מיר — די ציוניסטישע יוגנט — געפילט, אַז מיר אַרבעטן דאָ פאַר אַ צוקונפטיקע יידישע מדינה און נישט פאַר פרעמדע געטער.

אַ גאַנצן טאָג האָט געדויערט די אַרבעט, ביז שפּעט אין דער נאַכט, ביז מען האָט אָנגעהויבן צו ציילן די שטימען. מיט אַן אומגעהייערע שפּאַנונג האָבן הונדערטער מענטשן געוואַרט אין דרויסן אויף די רעזולטאַטן פון דער אָפּשטימונג און איצט שטעלט אייך פאָר אַזאַ לאַגע!

די „התאחדות" האָט באַקומען אַן ערך 800 שטימען, די „התקוה" אויך אַן ערך 600, מזרחי אויך עטלעכע הונדערט און מיר, די רעוויזיאָניסטן, האָבן אָנגעצויגן גאַנצע 14 שטימען.

ביז היינט געדענק איך נאָך דאָס היסטערישע געוויין פון חבר יחזקאלע אַדלער, פאַר אים איז עס געווען אַ טראַגעדיע; אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט, געלאָפן, געשוויצט, געברענגט מענטשן מיט פיאַקערס צום שטימען, און דאָך אַזאַ בראָך! אויף דעם האָבן מיר זיך נישט גערעכנט! מיר האָבן דאָך געהאַט פיל מענטשן אין שטאָט, וואָס האָבן שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט זשאַבאָטינסקין און זיין רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט געפּרעדיקט נאָך דעמאָלט — אַ יידישע מדינה; אָבער ווי האָט געזאָגט זשאַבאָטינסקי: „איך האָב פיל שטימונג — אָבער נישט אָפּשטימונג".

היינט — נישטאָ דאָס שטעטל, נישטאָ די יוגנט, נישטאָ די מחלוקות, נישטאָ די מענטשן, נישטאָ דאָס לעבן — געבליבן זענען נאָר זכרונות!

# מיין הכשרה

**אליעזר רעכעס**

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט זיך אין שטאָט געשאַפן אַ מיליץ פון יידן, אוקראַינער און פּאָליאַקן. נאָך אַ געוויסער צייט האָבן די אוקראַינער איבער־גענומען די מאַכט און ס'האָט זיך געשאַפן אַן אוקראַינישע הערשאַפט, אָבער נישט אויף לאַנג. אין דער מלחמה „פּוילן מיט אוקראַינער" האָבן די פּאָליאַקן געזיגט. גלייך ווי די פּאָליאַקן זענען אַריין האָבן זיי באַלד אָנגעהויבן כאַפּן יידן צו דער אַרבעט. מען האָט מורא געהאַט אַרויסצוגיין אין גאַס. אַפילו קליינע ייִנגלעך האָבן זיי געכאַפּט.

וואַסער פונעם ברונעם אין מאַרק האָט מען פאַרט גע־דאַרפט ברענגען, בין איך אין אַ קאַשקעטל מיט אַ פּוילישן אַדלער געגאַנגען פריי. כ'האָב באַזאָרגט מעל און פאַרשיידענע אַנדערע זאַכן.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך ביי אונדז דערוועקט

דאָס נאַציאָנאַלע געפיל. פלעגן מיר, אַ פּאָר חברים מיטן חבר יוסט, זיצן אין דער אייזערנער קלויז. חבר יוסט האָט געבראַכט פאַרשיידענע ביכער: יידישע געשיכטע און ביכער וועגן ארץ־ישראל.

אַזוי אַרום האָט זיך אין אַ קורצער צייט אַרום געשאַפן אַ יוגנט־פאַריין ביי משפחה יאָזעפסבערג. דערנאָך זענען מיר אַריין אין „התאחדות" און דעם לאָקאַל איבערגעגעבן דער „גורדוניה".

אין יאָר 1924 זענען מיר, אַ גרופּע חברים, אַרויסגעפאָרן אויף הכשרה אין דר. הוראָוויצעס פאָלוואַרק אויף די דעביס. געאַרבעט נאָר פאַרן עסן. יעדע וואָך פלעגט קומען דער עקאָנאָם, אָפּגעציילט וויפל מיר זענען און פלעגט אונדז געבן בריוו אין די געשעפטן אויף פּראָדוקטן. מיטן עסן איז געווען זייער שוואַך. אונדזער גליק איז געווען וואָס מיר זענען געווען נישט ווייט פון דער היים. אַזוי, אַז פּרייטיק איז כמעט אַ העלפט פון די חברים געפאָרן אַהיים. איז געבליבן מער צום עסן.

געווען זענען מיר 22 חברים און נאָר 2 חברות: מרים בעכערבליט און בריינע בוש. מיר האָבן געאַרבעט ביי פאַר־שיידענע אַרבעטן. אין פאָלוואַרק איז געווען אַ ראַפינעריע, פון וואַנען מען פלעגט אַרויסשיקן בראָנפן קיין לעמבערג. די ראַפינעריע האָט מען אונדז איבערגעגעבן. איידער מיר זענען געקומען האָבן דאָרט געאַרבעט גויים. ווען זיי פלעגן אַרויס־פירן דעם בראָנפן, פלעגן זיי זיך אָנשיכורן. דערפאַר האָט מען דאָס אונדז איבערגעגעבן.

אַלץ איז געווען בסדר. מיר האָבן געאַרבעט אַ גאַנצן זומער און זיך צוריק געקערט אין שטאָט אַריין. ווייטער געווען אין „התאחדות" און געפירט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטאָט.

אין יאָר 1930 האָב איך איבערגעלאָזט מיין שטעטל, ווו כ'האָב געאַרבעט און בין ווייטער געפאָרן אויף הכשרה קיין ביליץ. מיינע אַלע ליבע חברים האָבן מיך אויסגעלאַכט, וואָס כ'לאָז איבער אַ גוטן פּאָסטן און ווער ווידער אַ חלוץ. דעמאָלסט איז געווען אין פּוילן פּראָספּעריטי. אָבער איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אונדזער צוקונפט איז נישט פּוילן. אין יאָר 1933 האָב איך געקריגן אַ סערטיפיקאַט עולה צו זיין. מיט מי און געלט האָט מען מיר דערלויבט מיטצונעמען מיין טייערע פרוי טובה און מיר האָבן דאָ געשאַפן אונדזער היים.

# פון אמאל

**יוסף פרענקעל-אויערבאַך**
**בוענאָס־איירעס**

ס'איז שוין 40 יאָר זייט כ'בין אַוועק פון מיין שטאָט ראַוואַ רוסקאַ. אָבער גאָרנישט לאָזט זיך פאַרגעסן פון דעם אינטענסיוון לעבן פון מיין ליבער שטאָט, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק.

פיל יאָרן האָב איך געלעבט אין פּאַריז און דורכגע־לעבט פאַרשיידענע צייטן דאָרט. פון פיל איבערלעבונגען בין איך באַגייסטערט געוואָרן, אָבער זיי שוועבן אַדורך ווי אין אַ חלום. דאַקעגן גייט מיר נישט אַרויס פון זכרון די מינדעסטע איינצלהייט פון ראַוואַ רוסקאַ. שטענדיק האָב איך ביי זיך געזוכט דאָס צו פאַרענטפערן. כ'בין געקומען צום אויספיר, אַז כ'בין אַ טייל פון דעם און דאָס קאָן מען שוין קיין מאָל נישט אָפּטיילן.

ראַוואַ רוסקאַ איז געווען אַ שטאָט וואָס אַהין האָט מען גאָרנישט געדאַרפט אימפּאָרטירן פון דרויסן. פאַרקערט, דאָס לעבן אין אַלע הינזיכטן איז געווען אַזוי אַקטיוו, אַז מ'האָט געקענט עקספּאָרטירן. דאָס לעבן אין די אָרגאַניזאַ־ציעס און די אידעאַלע שטרעבונגען פון די אָרגאַניזירער זענען געווען מיטן גאַנצן האַרץ און נשמה. געקענט האָב איך אין דער וועלט גרויסע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן פיל געטאָן פאַר זייערע לענדער און האָבן באַקומען די ערשטע אויסצייכענונגען און באַלוינונגען; דאַקעגן ביי



צעירות „גורדוניה", ראש קבוצה: שבע זויערברון

אונדז אין שטאָט האָבן זיך יונגע מענטשן אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן פייער פון זייער יוגנט אין דער אַרבעט, כדי אַרויסצושלעפן די יוגנט פון צוריקגעשטאַנענקייט און זיי האָבן אַפילו נישט געוואַרט אויף קיין אויסצייכענונגען, אָדער וועלכע נישט איז באַלוינונג, טראָץ דעם, וואָס זייער עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיי ממש נישט דערלויבט צו אַרבעטן טאָג און נאַכט פאַר זייערע אידעאַלן.

אויב ס׳וועט זיך טרעפן איינער וואָס וועט אָנשרייבן די געשיכטע פון אונדזער שטאָט, וועט ער האָבן פיל אינטערעסאַנטעס צו באַשרייבן וועגן אונדזערע אָרגאַניזאַציעס.

ווער געדענקט נישט פון אונדז די יאָרן 1922—1923 ? מיט וואָס פאַר אַן ענטוזיאַזם האָט זיך אַנטוויקלט „גורדוניה״ ? וואָס פאַר אַן איינפלוס זי האָט געהאַט אין יענער צייט אין שטאָט ? אַ דאַנק איר האָבן זיך אָרגאַניזירט אויך אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס מיטן זעלבן אייפער.

ביז די נאַצישע בעסטיע האָט אויסגעשטרעקט אירע מערדערלעכע לאַפּעס און מיטן גרעסטן באַרבאַריזם דאָס אַלץ אומגעבראַכט.

פעלקער שטעלן דענקמעלער פון שטיינער; אונדזער דענקמאָל איז אין אונדזער בלוט און אין אונדזער זכרון אויף אייביק!

# יידישע סוחרים אין ראוואַ־רוסקא קעגן היטלער דייטשלאנד

משה גרובער־אקסלער

כ׳וויל זיך דאָ אָפּשטעלן אויף אַ פּראָטעסט־באַוועגונג אין שטאָט קעגן היטלער־דייטשלאַנד. מיטן אָנקומען פון די ערשטע ידיעות פון אַנטיסעמיטישע העץ־פּראָפּאַגאַנדע אין דייטשלאַנד האָבן זיך יידישע סוחרים אין שטאָט, ווי אין אַלע אַנדערע שטעט אין פּוילן, ספּאָנטאַניש אָרגאַניזירט צו דערקלערן אַ האַנדלס־בויקאָט קעגן דייטשלאַנד, דאָס הייסט, אַז סוחרים זאָלן נישט האַלטן אין זייערע געשעפטן זאַכן, וואָס ווערן פאַבריצירט אין דייטשלאַנד און ווערן פאַרשפּרייט אין שטאָט דורך רייזע־אַגענטן, כמעט אויסשליסלעך גויים.

אויך אין מיין פאָטערס בראַנזשע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ באָיקאָט קעגן דער דייטשע פירמע פון עלעקטריע־באַטעריעס „דיימאָן״, וואָס איר פּראָדוקציע איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין אַלע שטעט און שטעטלעך, און די דאָרפישע, אוקראַאינישע באַפעלקערונג איז געווען איר גרעסטער קאָנסומענט. די דייטשע פירמע האָט טאַקע באַשעפטיקט אַן אוקראַאינישן אַגענט.

מיין פאָטער, ר׳ שמואל סופר־אַקסלער ז״ל, איז געווען אַקטיוו ביים אָרגאַניזירן דעם באָיקאָט, ער האָט געזאַמלט אונטערשריפטן, ביי די סוחרים, מיט זייער פאַרפליכטונג נישט צו קויפן די „דיימאָן״־באַטעריעס. די פירמע אין דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן פילן דעם באָיקאָט און האָט אַנגאַזשירט אַ יידישן פאַרטרעטער אויפן אָרט פונעם אוקראַאינישן, אָבער יידן האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון קויפן זייער סחורה.

מיטן באָיקאָט האָט אויך מיין פאָטערס געשעפט פיל געליטן, ווייל די אוקראַאינישע באַפעלקערונג האָט דווקא געפאָדערט, „יענע״ דייטשע באַטעריעס.

ליידער, איז דאָס געווען דאָס איינציקע געווער, וואָס יידן האָבן צו יענער צייט באַנוצט.

# על עירי שנחרבה

רבקה פינק (טויבר)

בעיר ראווה־רוסקה נולדו וחיו כל בני משפחתי מדורי דורות. אני עצמי חייתי בה עד יום עלייתי ארצה. לא שיערתי אז, שזו לי פרידתי האחרונה ממשפחתי היקרה ומעיר־מולדתי.

היו בה ממש פינות חמד; כל פינה ופינה זכורה לי היטב. כל השנים גרתי ברובע של בתי־הכנסת ובתי־המדרש. מה נעמו לי התפילות והשירים שבקעו מהבתים הקדושים הללו. חוויה מיוחדת היתה בשבילי — לעקוב בשבתות ובחגים אחר הנוהרים לבתי התפילה.

אלה שנטשו את ראווה ועברו לערים אחרות לגור בהן, אם בגלל פרנסה או בשל סיבות אחרות — אף פעם לא שכחוה, ובכל הזדמנות שמחו לשוב אליה.

הנוער היה ספוג ציונות וחלוציות. כמה יפה, ובאיזו נעימות, בילינו את הערבים והשבתות בתנועת־הנוער שלנו, „גורדוניה" !

בשבתות, בין השמשות, היה הרחוב שהוביל לתחנת הרכבת הומה מבני נוער, המטיילים הלוך ושוב ושמחים בנעוריהם.

לא גדולה היתה עירנו, אבל ערה ותוססת חיים.

בזכרוני עולות תמיד דמויותיהם הנעלות של מורי הדגולים לעברית, הופנברטל וליברמן ז"ל. באיזו דבקות ומסירות־נפש הקנו לנוער את השפה העברית !

הלב נצבט בהיזכרי ביהודי העיר, שהיו ואינם.
חולדה.



חברות ב„גורדוניה". יושבות, מימין: בראנד, מאדלינגגער, לאה כ"ץ־רוקער. עומדות, מימין: מרים בוימוואל, חיה פאסטער.

# בעלזעץ און ראווא־רוסקא

נפתלי דאָנער ז"ל

איך גיי דאָ רעדן וועגן בעלזעץ און ראַוואַ־רוסקאַ בעת געבוירן בין איך גאַר אין זשולקעוו.

אָבער אַזוי איז שוין דאָס יידישע מזל, עס וואַנדערט און דער ייד דאַרף עס נאָכיאָגן, פון געבוירן אָן...

איך בין נאָך געווען אַ קינד, ווען מיינע עלטערן, בעסער געזאָגט, מיין מאַמע מיט מיין שטיף־טאַטן זענען אַוועק פון זשולקעוו קיין בעלזעץ און אין בעלזעץ האָב איך פאַרבראַכט מיינע פרייע קינדער־יאָרן.



נפתלי דאנער ז"ל

געדענק איך פון בעלזעץ גאַר ווינציק. איך געדענק נאָר, אַז יידן אין לאַנגע קאַפּאָטעס און מיט בערד און פאות, האָבן זיך אין בעלזעץ געפילט ווי אין ארץ ישראל, ווייל איינמאָל האָב איך געהערט ווי יידן האָבן צווישן זיך גערעדט און איינער האָט געוואָרפן מיט די הענט און געטענהט: — זיי דאַרפן דאָרט עפּעס אַ פּאַלעסטינע, די ציוניסטן, זאָלן זיי לויפן; אָבער מיר, וואָס מיר בענקען נאָך ארץ ישראל, מירן צוואַרטן ביז גאָט וועט זיך מרחם זיין און איבעראַל וועט זיין ארץ ישראל און מיר וועלן דאָ, אין בעלזעץ, אויך האָבן ארץ ישראל...

און נאָך געדענק איך פון בעלזעץ, אַז בעלזעץ איז גע־ווען גאַליציען אונטער עסטרייך און נעבן שטעטל איז געווען די גרענעץ צו פּאָניען.

ראש־חודש נאָכמיטאָג, ווען מיר זענען געווען פריי פון חדר, זענען מיר, קינדער, געגאַנגען שפּאַצירן, זענען מיר אַריבער אויף דער „צווייטער זייט", האָבן די יידישע קינדער פון יענער זייט אונדז נאָכגערופן די צונעמעניש: — „קירע מאָק" און מיר האָבן זיי דערפאַר אָפּגעענטפערט מיט אַ „פּאָניע חזיר" און „פּאָניע גנב"...

פונדעסטוועגן, האָבן זיך די קינדער פון ביידע זייטן גרענעץ זייער גוט געשפּילט צוזאַמען און מען האָט נאָר גע־האַלטן, אַז די גרענעץ איז פאַרן קירישן קייסער און פאַרן רוסישן צאַר, זיי מוזן דאָך וויסן ביז ווי ווייט יעדער פון זיי

איז באַלעבאָס, אָבער די מענטשן פון ביידע זייטן גרענעץ האָבן געהאַנדלט צווישן זיך אַזוי ווי אייגענע מענטשן.

אַזוי האָט עס זיך געצויגן ביז 1914, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן.

אַזוי ווי דורך אַ כשוף, איז בעלזעץ אין איין מינוט איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי פיינטלעכע לאַגערן און מען האָט גאָרנישט געקענט פאַרשטיין, פונוואַנען ביידע צדדים האָבן שוין אַזוי שנעל באַוויזן צו האָבן אַזוי פיל געווער מיט פּולווער, ווייל אין זעלבן טאָג, ווען די מלחמה איז אויסגע־בראָכן, איז שוין בעלזעץ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין פייערדיקן פלאַנטער און די ציווילע באַפעלקערונג האָט זיך פון דעם פייער קוים אַרויסגעפּלאָנטערט מיטן נאַקעטן ביסל לעבן, אַנטלויפנדיק ווער צופיס און ווער מיט פורן אין ווייטערע מקומות און אַזוי זענען מיר אָנגעקומען פון בעלזעץ קיין ראַוואַ־רוסקאַ.

איך בין שוין געווען עלף יאָר אַלט און איך האָב שוין געוווסט, וואָס איך זע און וואָס איך הער און איך האָב שוין באַגריפן, אַז די לאַגע אין מלחמה־צייט איז אַ טרויעריקע פאַר אַלעמען.

אָבער אין דער טרויעריקער לאַגע, האָט מען געלערנט, געהאַנדלט און געאַרבעט און אַפילו זיך געאַמפּערט וועגן פּאָליטיק, וועגן חסידות און וועגן די „שמאַדניקעס", וואָס ווילן ענדערן דעם לעבנס־סדר אויף דער גאַנצער וועלט...

אַ סך יידן, חסידים, הערנדיק, אַז זייער רבי (דער בעל־זער), האָט געפליכטעט, האָבן זיי אויך איבערגעלאָזן זייער האָב און גוטס און אַוועק פון ראַוואַ־רוסקאַ ליידן גלות צוזאַ־מען מיטן רבין און אַזוי האָט מען געלעבט, געאַרבעט, גע־מסחרט און געאַמפּערט זיך און געליטן, ביז די מלחמה האָט זיך געענדיקט. פּוילן איז באַפרייט געוואָרן און די יידישע יוגנט האָט אויך געזוכט באַפרייאונג פון אונטער דער חסידי־שער תקיפות און דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַמפן אין אייגענעם יידישן לאַגער און עס איז גאָר נישט צו פאַר־שטיין, פונוואַנען עס האָבן זיך, ווי איבערנאַכט, גענומען אַזויפיל פּאַרטייען אין ראַוואַ־רוסקאַ און יעדע פּאַרטיי האָט געזוכט צוציען די יידישע מאַסן און די יידישע יוגנט און געווינען די אויבערהאַנט איבער דער שטאָט.

די שטאַרקסטע פּאַרטיי איז אָבער אַלץ געבליבן די אומפּאַרטייאישע בעלזער חסידישע באַפעלקערונג. די בעל־זער חסידים זענען אויף אַזוי ווייט געווען קעגן פּאַרטייען, אַז זיי זענען געווען קעגנער אַפילו פון דער „אגודה". בעלזער חסידים האָבן געטענהט, אַז ס'איז דאָ איין גאָט און איין

מלכות און דער רבי זאָל לעבן, און ווער עס טראַכט אַנדערש, דער איז אַן אַפּיקורס.

די קאַמפּן האָבן זיך כסדר געשטאַרקט און הויפּטזאַך, זענען די חסידים געווען קעגן די ציוניסטן און ווען עס איז געקומען פאַר כ׳ תמוז, די יאָרצייט פון דר. הערצל, האָבן זיך ביידע צדדים געגרייט צו אַנטשיידענע שלאַכטן און עס איז טאַקע געקומען צו גרויסע צוזאַמענשטויסן, בעת די בעלזער חסידים האָבן געוואָלט שטערן דורכפירן דעם יאָרצייט־אַקט.

שפּעטער האָבן זיך די קאַמפּן אויסגעברייטערט אויך אויף אַנדערע געלעגנהייטן.

די אַנדערע געלעגנהייט זענען געווען די וואַל־אַקטן און פאַרזאַמלונגען.

די בעלזער חסידים זענען אַלעמאָל געגאַנגען מיט דער רעגירונגס־פּאַרטיי און זיי האָבן אַלעמאָל געשטיצט די קעג־נער פון די ציוניסטישע קאַנדידאַטן, ווען אַפילו אַזאַ קעגנער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיט.

און דעמאָלט זענען די קאַמפּן אָנגעגאַנגען מיט א סך פאַרביטערונג.

איך דערמאַן זיך דעם דר. מאַנדעל, ווי איינמאָל, בעת ער האָט געהאַלטן אַ רעדע און אויפגעוויזן די וויכטיקייט פאַר די יידישע וויילער־מאַסן, אַז זיי זאָלן אָפּגעבן זייערע שטי־מען פאַר אייגענע פאַרשטייער און פּלוצלינג איז אים גע־פלויגן עפּעס אין קאָפּ, דאָס איז געווען דער סיגנאַל און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג, פון אַלע זייטן האָבן זיך באַוויזן די יונגע בעלזער חסידים און די פּאָליציי האָט זיך געמוזט גוט אָנשטרענגען, איינצושטעלן צוריק די אָרדע־נונג.

אבער דר. מאַנדעל האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן. ער איז געווען אַ הויכער מאַן מיט אַ הדרת־פּנים, געווען אַ פיינער רעדנער און אַ הומאָר־פולער פּאָלעמיקער, האָט מען אים זייער ליב געהאַט צו הערן און ער איז געווען די געפער־לעכסטע וואָפן קעגן די פאַרביסענע בעלזער חסידים.

דר. מאַנדעל איז געווען נישט בלויז אַ ציוניסט, נאָר אַן אַלגעמיין־יידישער קולטור־טוער און ער האָט פאַר־שטאַנען, אַז יידיש טעאַטער איז אַ וויכטיקע טריבונע דורך וועלכער מען קאָן געווינען מאַסן און ער האָט גע־שאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז און אַליין אָנגעפירט און מיט־געשפּילט און אויפגעפירט אַזעלכע פּיעסן ווי גאָרדינס „דער ווילדער מענטש” און דערנאָך אַנסקיס „דער דיבוק” און פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַזעלכע גענג, האָט ער נאָך מער געצויגן אויף זיך דעם כעס פון די חסידים; אָבער וואָס ווייטער האָט דר. מאַנדעל געהאַט מער אָנהענגער, ביז די חסידים האָבן שוין נישט געוואַגט צו גיין קעגן אים מיט כוח.

די פירונג פון די גראַבסקיס מיט די סטראַנסקיס, וועל־כע זענען אַלעמאָל געשטיצט געוואָרן פון די בעלזער חסי־דים, האָבן געהאָלפן דעם דר. מאַנדעל און זיינס גלייכן אויפקלערן די יידישע מאַסן און עס איז דערנאָך געקומען אַזוי ווייט, אַז נעכטיקע בעלזער חסידים, האָבן היינט גע־שטימט פאַר דר. מאַנדעל, אַז ער זאָל ווערן ראַטמאַן אין דעם געמיינדע־ראַט און ווען איך בין שוין געהאַט אַוועק פון ראַוואַ־רוסקאַ, האָב איך באַקומען אַ ידיעה, אַז דר. מאַנדעל איז געוואָרן קולטוס־פּרעזידענט, און די קהילה־פעסטונג פון די בעלזער חסידים אין ראַוואַ־רוסקאַ איז ענד־לעך דעמאָקראַטיזירט געוואָרן.



קינדער געטריבן אין די טויט־וואַגאָנען

# יידן אלס געסט אויף דער חתונה פון פירשט סאַפּיעהאַ

חנה טיסער ז״ל

צווישן לעמבערג און לובלין, אויפן באַן־וועג וואָס האָט געפירט קיין וואַרשע, איז זיך געלעגן דאָס שיינע שטעטל ראַוואַ־רוסקאַ, וועמענס באַפעלקערונג ס׳איז באַשטאַנען פון 70 פראָצענט יידן.

באַלעבאָס איבער ראַוואַ רוסקאַ און איבער די פעלדער און וועלדער און גיטער וואָס אַרום דעם שטעטל, איז געווען פירשט סאַפּיעהאַ, אַ ברודער פון דעם בישאָף סאַפּיעהאַ.

נישט ווייט פון ראַווע, אויפן וועג קיין פּאָטאַליטש, האָט דער גראַף ראָמאַן פּאָטאָצקי געהאַט אַ גרויסן קוילן־גרובן און ער איז געשטאַנען אין געשעפטלעכע באַציאונגען מיט יידן פון ראַווע, קויפנדיק ביי זיי די „גרובן־העלצער״ און „אָשוואַרעס״ (שוואַרטן) פאַר די רישטאָוואַניעס אין די קוילן־מינעס און דער גראַף האָט אויך איבערגעגעבן די עקספּעדיציעס פון די קוילן צו יידישע עקספּעדיטאָרן.

אַבער דער פירשט סאַפּיעהאַ האָט נישט בלויז געהאַנדלט מיט יידן, נאָר ער איז אויך געווען מיט זיי אין פריינטלעכע באַציאונגען.

מיין פאָטער, הערש בערגער, מיט ר׳ יוסף מערץ, און אַנדערע יידישע סוחרים, זענען מיטן פירשט געווען אַזוי באַפריינדעט, אַז ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון פּשעמישלער קאָרפּוס־קאָמענדאַנט, האָט ער די יידישע סוחרים איינגעלאַדן אויף דער חתונה און כדי זיי זאָלן קענען עסן פונקט אַזוי ווי אַלע געסט, האָט ער געדונגען אַ יידישע קעכין, און אַ סאַרווער און געפּראַוועט אין דעם גרויסן סאַלאָן פון זיין פּרעכטיקן פּאַלאַץ אַ באַזונדערן טיש מיט כשרע מאכלים פאַר די יידישע געסט.

מיין פאָטער און ר׳ יוסף מערץ זענען געווען די נאָענטסטע יידישע פריינט פונעם פירסט. זיי האָבן באַוואַכט די ליפערונגען פון די ביימער פון פירסטס וועלדער אין זיינע טאַרטאַקעס אַריין און דערנאָך האָבן זיי אָפּגעקויפט די ברעטער, וועלכע זיי האָבן עקספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד, מערסטנס קיין ברעסלאָו.

אַנדערע רייכע יידן האָבן געפּאַכטעט זיינע גיטער און מילן, די אָנגעזעענסטע פון די פּאַכטער זענען געווען ברוך וואַסערמאַן און שיע גאָלדען און אַ חוץ די יידן, וואָס זענען געשטאַנען אין דירעקטער געשעפטלעכער פאַרבינדונג מיטן פירסט, האָבן אַרום די אונטערנעמונגען געהאַט פרנסה אַ סך אַנדערע יידן.

דאָס געזעלשאַפטלעכע יידישע לעבן אין ראַוואַ רוסקאַ איז איינגעשטאַנען אין די הענט פון די חסידים, וועלכע זענען געווען די מאַיאָריטעט פון דער יידישער באַפעלקערונג און אַזוי ווי ס׳רוב פון זיי זענען געווען בעלזער חסידים, האָט טאַקע דער בעלזער איידעם טווערסקי פאַרנומען דעם אַמט פון רב און אויסער דעם, האָט אַ ברודער פון בעלזער רבין, דער מאגעריווער רב, געפּראַוועט רבנות אין ראַוואַ־רוסקאַ.

פון דעסטוועגן, כאָטש די חסידים האָבן זייער שאַרף באַקעמפט יעדן פריען געדאַנק און זיי האָבן אַכטונג געגעבן, אַז די יוגנט זאָל גיין אין זייערע וועגן, האָט זיך די יוגנט אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט וועלטלעכקייט און אָט זענען שוין געווען ציוניסטן און סאָציאַליסטן און אָט האָט מען זיך שוין אָרגאַניזירט אין קרייזלעך און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ יידישע קולטור־אַרבעט. מען האָט איינגעאָרדנט פאַרווייל־ונגען פאַר וווילטעטיקע צוועקן און עס זענען שוין פאָרגעקומען מוזיקאַליש־וואָקאַלישע אָוונטן, אויף וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט באַלעבאַטישע קינדער און די חסידים האָבן געברענט פון כעס אויף דעם ציוניסט אַדוואָקאַט יוסף מאַנדל, וואָס איז געווען דער אָנפירער פון דער יידישער קולטור־טעטיקייט.

ראַוואַ רוסקאַ האָט געהאַט אַ יידיש יתומים־הויז און אַנדערע וווּיל־טעטיקע אַנשטאַלטן און ווי אַ זעענסווירדיקייט אין ראַוואַ רוסקאַ איז געווען דער אַלטער בית־עולם, וואָס איז געשטאַנען שוין אַ געשלאָסענער, מיט אַ מויער אַרומגעצוימט, פונקט אין מיטן דער שטאָט, ממש נעבן דער באַצירקס־הויפּט־מאַנשאַפט, שטייער־אַמט און אַנדערע רעגירונגס־אינסטיטוציעס.

דער נייער יידישער בית־עולם איז שוין געווען אויסער דער שטאָט.

די שפּאַציר־פּלעצער פאַר דער יידישער, ווי פאַר דער נישט־יידישער יוגנט, איז געווען די לעמבערגער גאַס (אין עסטרייכס צייטן), וואָס האָט זיך געצויגן ווייט אויסער דער שטאָט, ווו עס האָבן זיך געפונען די קאַסערנס (קאַזאַרמעס) מיט עסטרייכישע און טשעכישע רעגימענטן און נאָך מער, שפּעטער, אין באַפרייטן פּוילן, ווען מ׳האָט פאַרביטן דעם נאָמען פון לעמבערגער גאַס אויף אוליצאַ גרונוואַלדזקאַ, און ווען מען האָט אין די פריערדיקע עסטרייכישע קאַזאַרמעס איינגעאָרדנט אַ פּוילישע אָפיצירן־שול.

דער צווייטער און ווייטערער שפּאַציר־פּלאַץ, וווּהין די אָרגאַניזירטע און באַוווּסטזיניקע יוגנט האָט אָפט געמאַכט אויספלוגן, איז געווען וואָלקאָוויצע, ווו אַ גרויסער וואַלד האָט

זיך אויפגעהויבן און געצויגן וויט איבער דעם הויכן באַרג און האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע.

אונטער עסטרייכס הערשאַפט, כאָטש עס איז נאָך נישט געווען אַזאַ מאָדערניזירטע יוגנט, האָט די יוגנט פונדעסטוועגן אויך געמאַכט שפּאַצירן סיי אויף דער לעמבערגער גאַס און סיי ביז אין וואָלקאָוויצער וואַלד אַריין; אָבער דעמאָלט, האָט זיך די קריסטלעכע יוגנט באַצויגן לאַיאַל צו די יידישע פאַרביי־גייער. אַנדערש איז עס שוין געווען אין די צייטן פון פּוילנס הערשאַפט; כאָטש די שפּאַצירנדיקע יוגנט איז שוין געווען מער־ווייניקער אייראָפּעאיש געקליידט, פונדעסטוועגן האָט מען ביי קיין איין שפּאַציר נישט אויסגעמיטן צו הערן די נאָכרופן פון די קריסטלעכע יינגלעך: „זשידזשע פאַרכו״, אָדער „זשידי דאָ פּאַלעסטיני״, און עס זענען פאָרגעקומען אָפטע צוזאַמענשטויסן צווישן יידישע און קריסטלעכע יוגנטלעכע.

אונדזער הויז איז געשטאַנען אויף דער לעמבערגער גאַס (אָדער גרונוואַלדזקאַ) נומ׳ 913, וואָס איז געווען נאָענט צום שטאָט־צענטער, און סוחרים, פריינד און באַקאַנטע זענען געווען ביי אונדז אָפטע געסט און ווען מ׳האָט אין די לעצטע יאָרן קאָמענטירט אַ נייעם צוזאַמענשטויס פון קריסטלעכע און יידישע יוגנטלעכע, האָט מען מיט בענקשאַפט דערמאָנט די צייטן, ווען יידן זענען געווען אַזוי אַנגעזען אין די רעגירונגס־אינסטיטוציעס און וועגן דער גרויסער פריינדשאַפט פון פירסט סאַפּיעהאַ צו יידן און מ׳האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו דערמאָנען דעם פירסטס חתונה, אויף וועלכע ס׳זענען איינגע־לאַדן געוואָרן די יידישע פריינד זיינע און ווי אַזוי מ׳האָט פאַר זיי געגרייט אַ ספּעציעלן טיש מיט כשרע מאכלים און ווי די יידיש־חסידישע געסט האָבן זיך אויסגעפּוצט צו דער חתונה אין זייערע שענסטע, שבתדיקע זיידענע מלבושים, און אפשר צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן, אַנגעטאָן ווייסע הענטשקעס אויף די הענט און ווי אַזוי די יידיש־חסידישע געסט זענען אין פּאַלאַץ אויפגענומען געוואָרן מיטן גרעסטן כבוד...

— ס׳זענען אַוועק יענע צייטן, און זיי וועלן שוין מער נישט קומען — האָבן זיך יידן געקלאָגט; די יוגנט און אַפילו די שוין חתונה־געהאַטע פאַרלעך האָבן זיך פּאַמעלעך געגרייט צום אויסוואַנדערן און די עלטערע, איבערהויפּט די חסידים, האָבן געטענהט, אַז דאָס איז גאָטס שטראָף, ווייל די יוגנט האָט זיך געלאָזט אויף שלעכטע וועגן און זיי ווילן דווקא אַליין ברענגען משיחן...

אין יאָר 1931 האָב איך פאַרלאָזט מיין היים, איבערלאָזנדיק אין ראַוואַ רוסקאַ מיינע צוויי ברידער און שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס און מיין הויז אויף גרונוואַלדזקאַ 913.

אין שעהן פון נאָסטאַלגיע טראַכט איך מיט האַרץ־ווייטיק וועגן מיינע ברידער און שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס, וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן.



ספּאָרט־זאַל „סאָקול״ אין ראַווע

# דערמאנונג פון פוטן יארהונדערט און אויפגאנג פונעם 20טן

ברוך האַמערשמיד (קעסלער)

### די מיניאַטור קריסטאַל־נאַכט

אויך אונדזער שטאָט האָט איבערגעלעבט, אין מיניאַטור, אַ קריסטאַל־נאַכט אין אָנהויב פון 20טן יאָרהונדערט. די אויספירער פון דער קריסטאַל־נאַכט זענען געווען די טאַטעס פון די היינטיקע נאַציס.

בעת דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע איז אין ראַווע געשטאַנען אַ קייזער — קעניגלעכער פעלד־יעגער באַטאַליאָן, געווען זענען זיי פון דויטש־בעמען. שוין אין אָנהויב פון 20טן יאָרהונדערט האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַ־לעסטיקן די יידישע באַפעלקערונג. אַזוי אַז אַ יונגע פרוי, אָדער מיידל האָט זיך נישט באַוויזן אין אָוונט אויף דער גאַס.

אין אַ געוויסן אָוונט, אין אַ פשוטן וואָכנטאָג, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פון דער הוטשער גאַס אַ גרופּע זעלנער און אָנגעהויבן צו האַקן שויבן פון חיהלע ר׳ זעליקלס ביז אין רינעק אַריין. די הוטשער גאַס איז אין יענער צייט געווען באַוווינט מערסטן טייל פון בעלי־מלאכות, מלמדים. געווען זענען דאָרט עטלעכע שפּעצעריי־געשעפטן און אַנדערע.

אָבער די בעלי־מלאכות האָבן זיך נישט געלאָזט אַזוי לייכט באַזיגן און זיך העלדיש אַנטקעגנגעשטעלט. זיי זענען אַרויס מיט זייער ספּעציפישן כלי־זין, ווי: העמערלעך, לייט־אייזן, פייער־שטעקעלעך, אָנגעגליטע מיט פייער און מ׳האָט זיך געשלאָגן.

כ׳וויל דערמאָנען אייניקע נעמען פון די פשוטע, טייערע יידן: יאָסל לייכטערמאַכער, יהודה־לייב קאַטלער (מיין פאָ־טער ז״ל), הערצעלע ברוך הערשס מיט זיינע זין, ברוך שאָק, שלום דראַנג (אַ מלמד) מיט זיינע זין און יונה שוס־טער מיטן העמערל. וועגן אים פלעגט מען זאָגן, צו זיין שבת, אַז נאָך יעדן פלעקל, וואָס ער שלאָגט אַריין אין אַ שוך, גייט ער זיך טובלען אין מקוה; אַנטקעגנגעשטעלט האָבן זיך אפילו אונדזערע חסידישע אַסקעטן, ווי: יאָשע דיין, יעקעלע געצעלס, יאָסעלע געצעלס, יחיאל מלמד, זישע מאַמע און מע־כעלע ביילע־מינדלס. זיי האָבן „אָפּגעצייכנט״ די זעלנער אַזוי, אַז צום ראַפּאָרט האָט מען זיי גוט דערקענט.

אָפּגעשטעלט אינגאַנצן דעם פּאָגראָם האָט די פאַרשטאַר־קונג, וואָס איז געקומען פון רינעק, ווי איציק און יעקל גראַף, מאַנעס מאַרגענשטערן א. אַ. צום סוף, אונטערן דרוק פון דער יידישער קהילה האָט מען דעם באַטאַליאָן אַריבערגע־פירט קיין לעמבערג.



ברוך האמערשמידט־קעסלער ז״ל,
נפטר בפריז 14.11.1964.

ווי שוין דערמאָנט זענען די סאָלדאַטן געקומען פון די טיילן עסטרייך, וואָס איז שפּעטער געוואָרן די וויג פון נאַ־ציאָנאַל־סאָציאַליזם״. זייערע אונטערגעאָרדנטע — דר. שע־נערער, דר. קאַרל הערמאַן וואָלף א. אַ. האָבן נאָך אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט געפירט די גרויסע העצע קעגן יידן. זיי האָט באַקעמפט דער ראַבינער דר. בלאָך, דער אַרויסגעבער פון דער עסטרייכישער וואָכנשריפט, וואָס האָט פאַרשפּרייט די ליבעראַל־נאַציאָנאַלע יידישע אידעע. דער אידעאישער קאַמף צווישן דעם דר. בלאָך מיט די דער־מאָנטע אַנטיסעמיטן איז געווען אַ פאַרביסענער. איין מאָל אין מיטן אַ הייסער דעבאַטע, האָט ער געוואָרפן אַ טינטן־פאַס אין פּנים פון דעם פירער פון די אַנטיסעמיטן.

מיר האָבן געהאַט די זכיה, אַז דער זעלבער דר. בלאָך זאָל קאַנדידירן צום פּאַרלאַמענט בעת די וואַלן אין 1906. אָבער ליידער איז ער נישט אויסגעקליבן געוואָרן צוליבן דרוק פון די דעמאָלסטיקע אָפיציעלע באַהערדן מיט דער הילף פון געוויסע „מאַשקעס״ שתדלנים. ער האָט נישט גע־קענט קריגן קיין שום זאַל אויף אַ פאַרזאַמלונג, אויסער דעם אַלטן בית־המדרש, ווו ס׳האָבן געדאַוונט די פשוטע יידן פון דער געגנט.

# יידן אין בעלזשעץ

ראַטהויז חיים

דאָס טרויעריק באַרימט געוואָרענע אָרט בעלזשעץ, וואָס פאַרנעמט אין די היסטאָרישע דענקמעלער, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן נאָך דער צווייטער וועלט־קריג לזכרון עולם — צי עס איז „יד ושם״, אָדער מרתף השואה אין ירושלים — איז איינס פון די טרויעריקע הויפט פלעצער, וואָס זיין פאַרשאָלטענע ערד האָט אַריינגענומען דעם אַש פון בערך אַ מיליאָן קדושים; איבער דעם שטעטל אַליין — ווי איך האַלט — איז ווייניק געשריבן געוואָרן.

בעלזשעץ איז תמיד געווען, און איז פאַרבליבן אַ דאָרף, אַן אומבאַקאַנט אָרט, וואָס נאָר מענטשן פון דער סביבה האָבן עס געקענט. ס׳ליגט 21 קמ. צפונדיק פון ראַוואַ רוסקאַ. איך בין דאָרט געבוירן און געלעבט, ביז צום ערשטן וועלט־קריג, ווען כ׳בין אַלט געווען בסך־הכל 10 יאָר. וועל איך זיך דערלויבן דאָס דאָזיקע אָרט צו באַשרייבן ווי עס האָט אויסגעזען ביזן ערשטן וועלט־קריג, אויף וויפל מיין זכרון וועט מיר דינען דערצו.

בעלזשעץ האָט תמיד געהערט צום קרייז ראַוואַ רוסקאַ, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט פון דריי זייטן מיט יידישע שטעטלעך; פון צפון — טאָמאַשאָווו לובעלסקי, פון מערב — נאַראָל, פון דרום — לוביטש. נאָר אויף מזרח איז געווען, ווי אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, אַן אָפענער וועג קיין ירושלים. די אַלע שטעטלעך זענען געווען גלייך דערווייטערט פון בעלזשעץ, בערך אַ 7 קמ.

אַ העלפט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג איז געווען אַ פוילישע און אַ העלפט אַן אוקראַאינישע; און, להבדיל צו זיי, זענען אויך געווען ביי הונדערט יידישע משפחות, וועגן וועלכע איך וועל דאָ דערציילן.

*

ביזן ערשטן וועלט־קריג, 1914, אונטער דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע, האָט דאָרט געהערשט אַן אידיליש יידיש לעבן. די יידן האָבן געלעבט ווי איין גרויסע משפחה און מ׳האָט זיך געפילט זייער נאָענט איינער צום אַנדערן. עמעצנס אַ שמחה איז געווען יעדנס שמחה און, חס וחלילה, אַז ביי איינעם איז געווען אַ טרויער — איז דאָס געווען אַ טרויער פאַר אַלע. ביסלעכווייז האָט זיך אַנטוויקלט אַ שיין יידיש לעבן און האָט אָנגענומען פאַרמען פון אַ שטאָט.

די יידן האָבן געהאַט אַן אייגן ספּעציעל געבוידע, גרויסן בית המדרש, אַ מרחץ, אַ מקוה און אַ גוט אָרגאַניזירטן חדר, אונטער דער לייטונג פון רב ר׳ הירש ליפּערמאַן, וואָס האָט זיך געקענט פאַרגלייכן, אויב נישט איבערשטייגן, אַלע אַנדערע חדרים אין יידישע שטעט און שטעטלעך. מ׳האָט אויך געלערנט אינעם חדר שרייבן און חשבון.

אין די ווינטערדיקע אָוונטן זענען יידישע יינגלעך געגאַנגען פון חדר מיט אַ לאַמטערן און ס׳איז געווען אַן ענין צו מאַכן פאַפּירענע, פאַרביקע לאַמטערנעס (פאַרשטייט זיך, אַז קיין עלעקטריע איז אין שטעטל נישט געווען). ווען מ׳האָט אויפגעהערט גיין ביינאַכט אין חדר האָט מען געמאַכט אַ סעודה און דאַן האָט קיין שמחה נישט געפעלט. ל״ג בעומר פלעגט מען זיך מאַכן ביקסן און שווערדן און מ׳פלעגט גיין צום באַרג „סיני״. אַגב, וואָס שייך ל״ג בעומר מיטן הר סיני איז — לויט מיין מיינונג, — ווייל דעמאָלט גייט די סדרה בהר.

ביים אָנהייבן חומש פלעגט פאָרקומען אַ גאַנצע צערעמאָניע, מיט אַ פאַרשטעלונג און אַ דיאַלאָג צווישן חומש־בחור און אַ פרעגער. איך אַליין בין מערערע מאָל געווען אַ פרעגער.

דאָס קריאת־שמע לייענען (אַ טאָג פאַר אַ ברית־מילה) פלעגט זיין פאַר די קינדער אַ שמחה און אַ יום־טוב. דאָס פאַרויסזאָגן פון אקדמות, שיר השירים, האזינו, מיטן ספּעציעלן ניגון איז געווען אַן איבערלעבונג פאַרן קינדס נשמה, אַ סימפּאַניע, וואָס געדענקט זיך נאָך היינט.

לעצטנס איז אין בעלזשעץ געווען אויך אַ רב.

די יידן זענען געווען יונגע און מיטעלע מענטשן. 90 פּראָצענט אַ שטאָטישער און גרויס־שטאָטישער עלעמענט. ס׳זענען געווען יידן סוחרים, אונטערנעמער, לומדים און אינטעליגענטן. ריכטיקע דאָרפישע יידן זענען געווען העכסטנס 10 פּראָצענט.

די באַן־סטאַציע, וואָס די עסטרייכישע רעגירונג האָט ביז אַהין פאַרלייגט, האָט דערמעגלעכט, אַז עס זאָלן אויפגעבויט ווערן גרויסע געשעפטן, ווייל ס׳האָט געהאַט אַ גרויס האַנטערלאַנד אין קאָנגרעס פּוילן, ביז לובלין, וואָס אויף דעם שטח איז קיין באַן־סטאַציע נישט געווען. מיט דער באַן־סטאַציע האָבן זיך אויך באַנוצט ביזן צווייטן וועלט־קריג טאָמאַשאָוו און נאַראָל.

*

### יידישע פּרנסות

דאָס וואָס דאָרט איז געווען די גרענעץ מיט רוסלאַנד האָט דערמעגלעכט, אַז דאָרט זאָלן זיין גרויסע אייער עקספּאָרט־געשעפטן מיט ספּעציעל געבויטע לאַקאַלן, ווי אַ פאַבריק. ס׳זענען געווען ספּעציעל געמויערטע סקלאַדעס פאַר שטרוי, האָלץ־וואָל, ברעטער צו קאַסטנס, ווי אויך טונקעלע צימערן צו באַלייכטן די אייער און ליכטיקע צימערן צו פּאַקן די אייער. אויך זענען געווען צעמענטירטע קאַטקעס, ד.ה. באַסיינען צו איינלייגן קאַלך־אייער אויף ווינטער. אין יעדן פּלאַץ זענען

געווען באַשעפטיקט צענדליקער יידן, וועלכע זענען געבראַכט געוואָרן פון שטאָט.

ס'זענען געווען באַקאַנט די סקלאַדעס פון די ברידער ברוך און משה ראַטהויז; סאַבעל פון יאַראָסלאַוו, ווו מעכלעלע הערמע־לין איז געווען בוכהאַלטער און געשעפטס-פירער; גערשטנ־פעלד פון ראַווע און נאָך אַנדערע.

אויך זענען געווען גרויסע וואַלד־ און האָלץ-סוחרים, מיט ספּעציעל אויפגעבויטע טאַרטאַקן, ווי די משפּחה רייבער. געווען זענען זיי עטלעכע ברידער, וואָס האָבן געשפּילט אין דעם מסחר די הויפּט ראָל.

פון די יידן, סוחרים-למדנים, זענען געווען באַקאַנט: מיין זיידע, יאָסעלע מאַנדעל מיט אַ גרעסערער צאָל טעכטער; יהודה-הירש ליכטער; שמחה זיף; אייזיק רייזענבערג, משה־לייב פלעווער, קיווקע שרענצעל, משה שוואַרצוואַלד, גדליהו פעליג און שלמה קאַספער (מיינע פעטערס), מיכל מילער מיט זיינע שוין דעמאָלט דערוואַקסענע זין, משה רייבער, יצחק שיפער, משה פרעגער, פנחס הויבען (האָט אַנגעפירט מיט אַ גראַלניע), מעכלעלע הערמעלין און מיין פעטער משה ראַטהויז.

די תושבים זענען געווען צעטיילט אין דער פראַגע וועגן אַ שוחט, אַ מוהל, חתונה און ר"ל אַ בית-הקברות. איין העלפט האָט זיך געהאַלטן קהיליש פאַרבונדן מיט נאַראָל און די צווייטע העלפט מיט לוביטש. מיין זיידע און פאָטער האָבן געהאַלטן מיט לוביטש און ביי אונדז אין שטוב זענען געווען 7 בריתן, וואָס אַלע האָט געמאַכט דער לוביטשער רב.

אַ יום-טוב, און ספּעציעל שמחת-תורה, האָט מען געפראַ־וועט מיטן גאַנצן קנאַק, וואָס מ'האָט געקענט פילן אין דער לופט. מ'איז געגאַנגען פון הויז צו הויז, כאַפּן אַ לחיים. אַלץ איז געווען הפקר. אַ שלאָס און אַ שליסל האָבן דאַן קיין שליטה נישט געהאַט. ספּעציעל פלעגט זיך אין אַט די אַקציעס אויסצייכענען מעכלעלע הערמעלין, וואָס איז געווען אַן אַקטיוו, ריירעווודיקער, לעבעדיקער און אימפּולסיווער מענטש. געווען לוסטיק און חבריש.

כמעט אַלע יידן זענען געווען עקאָנאָמיש גוט סיטואירט. די עסטרייכיש-רוסישע גרענעץ האָט דעם אָרט געבראַכט אַ שפע. אַפּט פלעגן קומען שליחים לדבר מצוה און סתם אָרעמע־לייט, ספּעציעל פּורים. מ'האָט געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט.

די באַציאונג פון דער גוישער באַפעלקערונג איז געווען אַ קאָרעקטער, מיט דרך-ארץ איינער פאַרן אַנדערן, ווי אין אַנדערע ערטער אונטער דער עסטרייכישער הערשאַפט.

ביים אויסברוך פונעם ערשטן וועלט-קריג אין יאָר 1914, איז דאָס גאַנצע אָרט, ביי 90 פּראָצענט, חרוב געוואָרן. דאָרט איז געווען דאָס ערשטע פייער, ווייל ס'ליגט אויף דער גרענעץ. אויפגעהערט האָט דאָס גאַנצע יידישע לעבן, וואָס איז געווען אַזוי אידיליש, ס'איז צו גרונט געגאַנגען מיטן חורבן.

די יידן, ספּעציעל דער שטאָטישער עלעמענט, זענען זיך צעפאָרן, ווער קיין ראַווע; ווער קיין לעמבערג און ווער אין אַנדערע ערטער.

ס'האָט נאָך עפּעס באַהאַלטן פון דעם אַמאָליקן גלאַנץ. טאָמאַשאָוו און נאַראָל האָבן זיך געמוזט באַנוצן מיט דער באַן-סטאַציע, ווי פריער, אָבער דער האַנדל, ספּעציעל דער גרענעץ-האַנדל און דאָס שטאָטישע אויסזען פון דער שטאָט האָט אויפגעהערט און ס'איז צוריק געוואָרן אַ דאָרף. אָבער נאָך אַלץ איז עס געווען אַ טראַנזיט-פּלאַץ, ביז ס'איז געקומען דער רשע פון אַלע צייטן און עס אַזוי טרויעריק „באַרימט" געמאַכט.

**בעלזעץ צום שאַנד-זייל**

אויפן אָרט פון דער אַמאָליקער אידיליע, אויפן אָרט פונעם שיינעם, רואיקן יידישן לעבן, וואָס האָט דאָרט אַמאָל געהערשט, איז געקומען רציחה און שריפה. נישט אַ שריפה פון הייזער, ווי בעתן ערשטן וועלט-קריג, נאָר אַ שריפה ממש פון לעבעדיקע מענטשן — יונגע, אַלטע און קינדער. אויפן אָרט, ווו מ'פלעגט קומען זומער אויף דאַטשע אין וואַלד צו משפחה, וואָס האָט דאָרט געוווינט, האָט דער רשע געבויט טאָקע אין דעם זעלבן וואַלד, דאָס גאַנצע יידנטום פון מזרח און מערב גאַליציע, אַט זיי אויף אַ רוצחישן אופן אומגעבראַכט און דאָס דאָזיקע רואיקע אָרט אַזוי טרויעריק „באַרימט" געמאַכט. אויף דעם פּלאַץ איז דאָס גאַנצע יידנטום פון גאַליציע אומגעקומען אויף קידוש השם.

פון מיינע גאָר נאָענטסטע זענען דאָרט אומגעקומען: מיין מוטער, מיין ברודער דוד, מיט זיין פרוי און קינדער, מיין שוועסטער פייגע מיטן מאַן, אפרים קופּערשטיין און קינדער.

ווי מ'גיט איבער, זענען אַ סך יידן געווען אין בעלזשעץ, וועלכע האָבן געוואָלט אַריבערגיין די דייטש-רוסישע גרענעץ אין יאָר 1941, וואָס איז דאַן געווען צווישן בעלזשעץ און לוביטש. זיי זענען שטעקן געבליבן און טאָקע מיט זייערע כוחות האָט דער רשע אויפגעשטעלט דעם לאַגער. נאָך דעם ווי ס'איז אויסגעבראָכן די רוסיש-דייטשע מלחמה זענען זיי געווען די ערשטע קרבנות.

מיר, וועלכע זענען דאָרט געבוירן, און טיילווייז דער־צויגן געוואָרן, וועלן דאָס קיין מאָל נישט פאַרגעסן.

זאָלן די רוצחים אויף אייביקע דורות זיין פאַרשאָלטן! קול דמי אחינו צועקים אלינו מן האדמה הארורה ויכולים אנו לחזור על הקללה הנושנה והנמרצת: „בת אשכנז השדודה! אשרי שישלם לך את גמולך שגמלת לנו, אשרי מי שיאחז וינפץ את עולליך אל הסלע. כן יאבדו כל הרשעים".

# אַ זכר פאַר מיין שטעטל מאַגעריוו

צבי לאַנגענאַור

ס׳גייט מיר דורך אַ ציטער, ווען כ׳נעם די פעדער צום אָנשרייבן עטלעכע ווערטער וועגן חורבן מאַגעריוו און כ׳פרעג זיך: „מי אני ומה אני״?

ס׳דערמאָנט מיך אַ גמרא וועגן מיין שרייבן: „אליעזר זעירא הוה סיים מסאני אוכמי וקאי בשוקא דנהרדעא״, דאָס הייסט: אליעזר זעירא האָט זיך אָנגעטון שוואַרצע שיך און איז געגאַנגען אין די גאַסן פון נהרדעא (דאָס איז געווען אַ מנהג אבלים); „אשכחוהו דבי ריש גלותא ואמר ליה: מאי שנא הני מסאני?״ — האָט ריש גלותא אים געפרעגט, וועגן וואָס טראָגסטו שוואַרצע שיך? — „אמר להו, דקא מאבילנא אירושלים״ — האָט ער אים געענטפערט: איך טרויער אויף ירושלים; — אמרו ליה: את חשיבת לאיתאבולי אירושלים? — דאָס הייסט, ווער ביסטו, וואָס דו טרויערסט אויף ירושלים? „סבור יוהרא הוה״ — זיי האָבן געמיינט, אַז ער איז אַ בעל־גאווה.

ביי מיר איז עס דאָס ענלעכע: ווער בין איך, וואָס כ׳דערלויב זיך אָנצשרייבן וועגן אַ גאַנצער קהילה קדושה? — איבערהויפּט, כ׳קען דאָס שטעטל נישט גאַנצע צוויי יאָר, וואָס מיר האָבן געוווינט אין זשולקעוו; אָבער אונדזערע חז״ל זאָגן: „במקום שאין איש — השתדל להיות איש״! דאָ, ווו ס׳איז נישט פאַראַן קיין צווייטער — ביסטו מחוייב צו זיין. הגם, כ׳האָב נישט אין מיין רשות קיין באַזונדערע אַרכיוון און דאָקומענטאַציע־מאַטעריאַלן, איך וועל זיך מוזן באַגניגן מיט דעם, וואָס כ׳ווייס און געדענק. כ׳שטיץ זיך אויף די דברי חז״ל, וועלכע האָבן אונדז געלערנט: לא עליך המלאכה לגמור ואין אתה בן חורין להפטר ממנה — האָף איך, אַז ס׳וועלן קומען אַנדערע און משלים זיין דאָס, וואָס איך האָב פאַרפעלט.

✶

האַרט צווישן ראַווא־רוסקאַ און זשולקיעוו האָט זיך געפונען דאָס שטעטל מאַגירעוו. ס׳זאָגן עדות פיל שפּורן פון דער פאַרגאַנגענהייט, אַז דער יידישער ישוב איז געווען אַן אַלטער, אַ קימאַ־לן פון הונדערטער יאָרן. בהדרגה האָט זיך דאָס שטעטל אַנטוויקלט, זיך צעבויט און איז אויסגעוואַקסן צו אַ שטאָט פון יידישן לעבנס־שטייגער. דער חותם פון אַלטע צייטן, דער איינגעוואָרצלטער שטאָם פון דורות, מנהגים נישט געריגטע, אָפּגעהיטענע ווי אַן אוצר, זענען כסדר פאַרבליבן. טויזנטער טעמים און חנען האָט געהאַט דאָס דאָזיקע האַר־ציקע יידישע שטעטל און גערוט האָט אויף אַלעם אַ היילקייט. אויף יעדן הויז האָט מען אין אַ שבת, אָדער אין אַ יום־טוב, דערקענט אַ מין קדושה, וואָס איז געווען אויסגעגאָסן אויף אַלץ און אַלעם; טייער איז יעדער זכרון פון דעם אַרט לעבן, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַזוי פיל יידישקייט און האַרציקייט, מיט אירע ליידן און פריידן.

אַ יידיש לעבן האָט געבליט. און פּלוצעם, אומדערוואַרטעט, איז געקומען דער נאַצישער שטורעם־ווינט און אויסגעריסן און אויסגעוואָרצלט דעם פאַרצווייגטן יידישן בוים, אָפּגעווישט, צעריבן און אים אויסגעגלייכט מיט דער ערד; צערינען איז אַלץ, ווי אַ חלום; אָבער אַזאַ טיפער אמת, אַ נצחיות פון אַ קהילה קדושה, טאָר נישט בלייבן פאַרשוויגן. פאַרלענדט איז דאָך נאָר געוואָרן דער בלויזער גוף, דער פאַרמעט; אָבער די נשמה, די אותיות שוועבן איבער אונדז, איבער דעם פאַרזיגלטן סוד פון אונדזער אומקום.

די איינציקע ירושה — די בלעטלעך, זענען די מצבה פון דער מאַגריוועער קהילה־קדושה!

אַ געשיכטע פון טייכן בלוט און טרערן, על נהרות בבל... אָבער נישט איינגעגעבן האָט זיך די שונאים אונטערצושניידן דעם גאַנצן יידישן קיום; די איבערגעבליבענע שפּענער און צווייגלעך פון אַלטן שטאָם, וועלן זיך צונויפוואַקסן און בעה״ש ווידער אויפלעבן דאָס יידישע לעבן.

אַלס זכר און מצבה, שרייב איך דאָס קאַפּיטל געשיכטע פון אונדזער שטעטל, אַ מאָנומענט פאַר דער שיינער פאַר־גאַנגענהייט.

כבוד דייך אָנדענק, שטעטל מאַגעריוו!

## אַ בליק אויף מיין שטעטל

(מה טובו אהליך יעקב — משכנותיך ישראל)

דאָס שטעטל מאַגעריוו, האָט, ווי אַלע קליינע, יידישע שטעטלעך אין גאַליציע: צונויפגעוואַקסענע, נידריקע הייזלעך מיט געוועלבלעך אַרום דעם מאַרק. יידן פלעגן שטיין אויף די שוועלן פון די געוועלבלעך, קוקן, צי עס שטעלט זיך אָפּ אַ פויעריש פירל, צי אַ פויער וועט קומען עפּעס קויפן, אָדער פאַרקויפן. אַ יידישער בעל־עגלה, פלעגט פירן צום באַן, עטלעכע קילאָמעטער צום וואָקזאַל — דאַבראָסין.

אַ באַזונדערן אויסזען האָט געהאַט דער שטאָט־מאַרק אין אַ יריד־טאָג, ווען פויערישע פירלעך, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך תבואה, גרינצייג, עופות, האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן מאַרק, אַנטקעגן די יידישע געוועלבלעך און גענומען האַנדלען; מ׳פלעגט זיך מיט זיי דינגען, עפּעס אַרונטערגע־דריקט דעם פּרייז, עפּעס דערלייגט, אַזוי איז מען אַדורכגעקו־מען; קיין גרויסע גבירים זענען אין שטעטל נישט געווען, אַ חוץ איניקע, וואָס האָבן געהאַט גוטע געשעפטן. דאָס שטעטל האָט געהאַט פאַרן ערשטן וועלט־קריג 500 פאַמיליעס,

בשעתן קריג איז דאָס גאַנצע שטעטל אַוועק מיטן פייער און ערשט נאָכן קריג האָט זיך עס לאַנגזאַם צוריק געבויט און ביזן היטלער־חורבן (ימח שמו) איז געווען נישט מער ווי 200 פאַמיליעס.

**דער בית־המדרש**

דער בית־המדרש איז געווען דאָס געליבטסטע און טייערסטע אָרט, וואָס האָט געצויגן צו זיך אַלע איינוווינער פונעם שטעטל. יעדער איינער האָט געהאַט אַ חוב און געשפּירט אַ נויטווענדיקייט, צו גיין אין בית־המדרש, אָדער אין שול. אייניקע פלעגן קומען לערנען אַ שטיקל גמרא, ווער אַ פּרק משניות, און עין־יעקב, אַפילו פּראָגרעסיווע און פרייזיניקע, זענען אויך געקומען, סתם פון רגילות. דאָס בית־המדרש איז געווען אָנגעפילט מיט מתפללים און חוץ מזה, פלעגן זיצן בחורים און לערנען תורה מיט גרויס התמדה.

ווען איך טראַג זיך אַריבער, אין מיין געדאַנק, צו יענע האַלב פאַרנעפּלטע קינדער־יאָרן, שלאָגט מיר נאָך איצט אַנטקעגן, פון שטעטל, דער שטאַרקער אָטעם פון יידישער פאָלקסטימלעכקייט.

נישט אַזוי לייכט קומט מיר איצט אָן, זיך אומצוקערן צום געדאַנק, אַז דאָס יידישע שטעטל ליגט אין חורבות; ווי אַזוי ס׳איז אָפּגעמעקט געוואָרן דער לעבנס־שטייגער, וואָס איז געווען צונויפגעוואַקסן מיטן שטעטל. איך בין געווען אין פאַרשידענע מקומות, אין פאַרשידענע ישובים, אָבער אין קיין אָרט, האָב איך נישט געפונען דעם לעבנס־שטייגער און די אַטמאָספער.

אין דער לאַנגער טויזנט־יאָריקער געשיכטע פון אונדזער צעשפּרייטקייט זענען אויסגעוואַקסן קהילות אין פאַרשידענע ווינקלען פון דער ערד. נהרדעא און פומבדיתא זענען באַקאַנטע פון יידישן אַמאָל אין בבל; אָבער זיי זענען ווייט נישט די איינציקע יידישע פּראָווינץ־ערטער, אויסער די גרענעצן פון ארץ־ישראל. נישט נייטיק אָנצווייזן די אַלע קלענערע און גרעסערע סטאַנציעס פון אונדזערע וואַנדערונגען, וווּ ס׳האָט אויפגעבליט אַ רייך, יידיש לעבן. וואָרמס און גראַנאַדאַ האָבן געלייגט זייער אייביקן חותם אויף אונזער גייסט; טאָלעדאָ האָט פאַרפּלאָנצט דעם פּראַכטפולן גאָרטן אין אונדזער פּאָעזיע; מאַינץ האָט געשאַפן די רעזידענץ פון אונדזער לערנען. די אַלע האָבן געהאַט זייער מעכטיקע השפעה אויף אונדזערע פאַרוואָרצלטע, גייסטיקע ווערטן און דורותדיק איינגעפונדעוועטע לעבנספאָרמען. די קרעמער, בעלי־מלאכות, סתם־פּשוטע יידן פון אונדזער שטעטל, וועלכע האָבן געשפּרייזט צו השכמה אין בית־המדרש אַריין, קינדער, ווען זיי זענען אַלט געוואָרן דריי יאָר, און מאַמעס און טאַטעס האָבן זיי געפירט אין חדר אַריין, — דאָס אַלץ אַ דאַנק דער אויבן דערמאָנטער השפּעה.

**די שבעה טובי העיר:**

מיין פאָטער, ר׳ זושא זצ״ל, ר׳ יהושעלע וואַקס זצ״ל, ר׳ בונעם בוידעק זצ״ל, ר׳ לייב קלאַר זצ״ל, ר׳ יהושעלע פון נעמירוב מיט זיין זון אבלע זצ״ל און באַרימטער ת״ח, אחרון, אחרון ר׳ אליעזר שלאגער זצ״ל. ער איז געווען דער ראש־הקהל און בשעת די דייטשן י״ש, האָבן ביי אים פאַרלאַנגט מענטשן, זאַקלאַדניקעס, האָט ער אָן פּחד דערקלערט: „איך גיב נישט קיין יידן און איך בין גרייט...!״ — אַזוי איז ער תיכף דערשאָסן געוואָרן און מקדש השם געווען ת.נ.צ.ב.ה. דאָס איז געווען אַ ייד, אַ נדבן מיט מידות און מעלות טובות.

אין חודש יולי 1942, האָב איך צוריק באַקומען מיינע פּאָסט־קאַרטלעך פון פּאַריז וואָס כ׳פלעג שרייבן צו מיינע עלטערן און אויך די פּעקלעך צו 500 גראַם, וואָס ס׳איז געווען דערלויבט צו שיקן; דאָס אַלץ איז מיר צוריק געשיקט געוואָרן און ס׳איז געווען אויפגעשריבן: „איבערגעזידלט״.

און דאָס איז געווען דער לעצטער וועג נאָך בעלזעץ. אַזוי האָט מען אַוועקגעשיקט דעם רב ר׳ יצחק רוקח זצ״ל מיטן גאַנצן שטעטל צוזאַמען, אַ חוץ, וואָס זיי האָבן שוין פון פריער פיל יידן געהאַט דערהרגעט. דער רב ר׳ יצחק זצ״ל איז געווען אַ זון פון ר׳ נחום אהרן זצ״ל, אויך אומגעקומען אויף קידוש השם אין לעמבערג, אייניקלעך פון בעלזער רבין זי״ע, ביז צום ערשטן וועלט־קריג האָבן זיי געפירט זייערע הויפן אין מאַגעריוו.

אַזוי איז טראַגיש פאַרשוווּנדן אַן אַלטע יידישע קהילה. דער לעצטער חורבן האָט אַוועקגעריסן אַ זאַפּטיק, שעפעריש שטעטל, מיט אירע חדרים, תלמוד־תורהס, חסידיש בית־המדרש, שיל, פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן במשך פון יאָר־הונדערטער געלעבט און געשאַפן. איבערגעריסן איז געוואָרן דער פאָדעם פון הונדערטער משפחות, וועלכע האָבן נאָך זיך קיין זכר און קיין קבר נישט איבערגעלאָזט. מיר מאַגעריוווער שארית הפליטה וועלן אייביק אָפּהיטן זייער אָנדענק, מיר וועלן נישט פאַרגעסן; געבענדיקט איז דיין געשיכטע, יידיש שטעטל מאַגעריוו!

זאָלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווערן אונדזערע טייערסטע, וועלכע זענען געפייניקט און פאַרשניטן געוואָרן אַזוי טראַגיש, וואָס זייער גלייכן איז נישטאָ אין דער מענטשלעכער געשיכטע, אַפילו אין אירע שוואַרצסטע און שוידערלעכסטע תקופות. אונדזער פאָלק האָט גוט געפילט די אַכזריותדיקע הענט פון אַ סך שונאים, וואָס האָבן אים באַליידיקט, פאַרשעמט, דערנידעריקט און פאַרניכטעט; אָבער אַזאַ מאַסן־שחיטה, פּלאַנירט און אויסגעפירט, האָט נאָך די וועלט נישט געזען. מיר אַלע



די מאגעריוווער רעביצן מיט דער טאָכטער.

האָבן פאַרלוירן דאָס טייערסטע און ליבסטע און ס'איז נישטאָ קיין נחמה; נישטאָ גענוג ווערטער אָדער פאַרבן, אויסצודריקן דעם צער און צאַרן; זייער בלוט שרייט און לאָזט נישט רוען. מיר טרויערן צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק, איבער דער גרויסער, דערשיטערנדער טראַגעדיע און איר גרויזאַמקייט, אומברחמנותדיקייט פון די מערדער־באַנדיטן קעגן מיליאָנען פון אונדזער פאָלק. אָלס קינדער פון דער שטאָט מאגעריוו און סביבה, באַווײַנען מיר ביטער אונדזערע קדושים, וואָס האָבן אַזוי פיל געליטן און זענען מער נישטאָ.

די ווייניקע, וואָס זענען על־פי־נס איבערגעבליבן, דאַרפן נישט מיד ווערן און תמיד דערציילן, וואָס ס'איז געשען; מיר דאַרפן עס טון פאַר אונדז און פאַר די ווייטערדיקע דורות. די איינצלנע חסידי אומות העולם, וואָס האָבן געהאָלפן ראַטעווען יידן און האָבן איינגעשטעלט זייערע לעבנס, אויף זיי, די חסידי־אומות־העולם, זאָל קומען אַ ברכה; אַ קללה זאָל קומען אויף די נאַציס מיט זייערע מיטהעלפערס! זיי זאָלן זיין פאַרשאָלטן לעולם־ועד! און ס'בלייבט מיר צו ענדיקן מיט די ווערטער פון ירמיהו הנביא: אני הגבר ראה עני...

על אלה אני בוכיה<br>
עיני, עיני יורדה מים,<br>
פלגי מים תרד עיני<br>
על שבר בת־עמי — קהילת מאגריוו...

יתגדל ויתקדש שמה רבא...

**יזכור**

**ה' את נשמות קדושי העיר מאגריוו**<br>
**עם נשמות אחיהם שנהרגו על קדוש־השם,**<br>
**הי"ד!**

ת. נ. צ. ב. ה.

# מאגיעראוו

**אפרים שרייבער**<br>
**פאַריז**

יעדער, וואָס האָט שריפטלעך פאַראייביקט דעם אָנדענק פון זיין היים־שטאָט, האָט געוויינלעך נאָטירט לויט אַן אַלט־שטאָטישן פנקס: ווען די שטאָט איז געגרינדעט געוואָרן. ליידער איז מיר דאָס שווער פעסטצושטעלן, ווייל אַזאַ פנקס איז מיר אומבאַקאַנט.

ס'איז אָנצונעמען, אַז מאגעריוו איז אַנטשטאַנען, אַרום 14טן, אָדער 15טן יאָרהונדערט. ווען מיר זאָלן זיך שטיצן אויפן היסטאָריקער דר. יצחק שיפּער, טראָץ דעם וואָס דר. שיפּער דערמאָנט נישט מאגעריוו, נאָר שכנישע שטעט, איז אָנצונעמען, אַז מאגעריוו איז געגרינדעט געוואָרן אין דער זעלבער צייט.

וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט מאגעריוו? דאָס שטעטל איז געאָגראַפיש געלעגן ווי אַ סגול: פון איין זייט זשולקיעוו (30 ק"מ); פון דער צווייטער זייט ראַוואַ־רוסקאַ (20 ק"מ). די נאָענטסטע באַן־סטאַציע איז געווען דאָבראָשין (12 ק"מ).

אויף וויפל כ'דערמאָן זיך, האָט זיך דאָס שטעטל מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע פוילישע שטעטלעך. אַ סך יידן, אַרום 2000 נפשות, און ווייניק גויים (גויים וווינען געוויינלעך אויסער דער שטאָט). זיי קומען אין די זונטיקס אין קלויסטער, כאַפּן זיך אַריין אין אַ יידישן שענק, כדי אויסצוטרינקען אַ גלעזל פון ביטערן טראָפּן. קיין אַלקאָהאָל האָט אין מאגעריוו נישט געפעלט. אינעם שטעטל איז געווען אַ גראַלניע.

ווי אין אַ סך קליינע שטעטלעך זענען אין מאגעריוו געווען גרויסע בלאָטעס, וואָס טריקענען אויס נאָר זומער, ווען ס'איז שטאַרק הייס. אָבער דאָס דויערט נישט לאַנג און די בלאָטעס קומען צוריק.

צוליב דעם וואָס דאָס שטעטל איז געלעגן ווייט פון אַ באַן, איז איר אַנטוויקלונג געווען אַ לאַנגזאַמע. די שטראַלן פון ציוויליזאַציע האָבן געהאַט שוועריקייטן דורכצוברעכן די אָפּגעשטאַנענקייט, וואָס האָט געבלאָזן פונעם רבינס הויף.

די שוועריקייטן זענען אפשר געקומען צוליב דעם, וואָס אין שטעטל זענען נישט געווען, ווי אין אנדערע שטעט, קיין יידישער דאָקטאָר, קיין יידישער אַפּטייקער, קיין יידישער דענטיסט. אין אַלע קליינע שטעטלעך זענען די מענטשן געווען דער אַוואַנגאַרד פון פּראָגרעס. צו זיי פלעגן געווינלעך צושטיין די גבירישע קינדער און אַזוי פלעגן זיך שאַפן פּראָגרעסיווע, אָדער נאַציאָנאַלע באַוועגונגען. דער דאָקטאָר אין שטעטל איז געווען אַן אוקראַינער; דער אַפּטייקער — אַ פּאָליאַק; און אַ דענטיסט איז איבערהויפּט נישט געווען. אַז מ'האָט געדאַרפט רייסן אַ צאָן, איז מען געגאַנגען צו גרעשקען דעם קאָוואַל. היינט זעט עס אויס ווילד. ס'איז נישט לאַנג, ווי כ'האָב געלייענט אין אַ פראַנצויזישן חודש-זשורנאַל פון געשיכטע, אַז אין פראַנקרייך האָבן די קאָוואַלעס געריסן ציין. ווי איבעראַשט בין איך געווען! ד.ה., אַז מאַגעריוו האָט געלעבט מיט דער צייט, ווייל ביז דאַן האָב איך געמיינט, אַז דאָס רייסן ציין ביי דעם קאָוואַל גרעשקע געהערט צו דער מאַגעריווער אַפּגעשטאַנענקייט.

אין שטעטל זענען געווען ביז צו דער ערשטער וועלט-מלחמה, נאָר צוויי חברות: חברה קדישא און בעלי-מלאכות. וועגן דער חברה קדישא וועל איך זיך נישט אָפּשטעלן, ווייל יעדער ווייסט צו וואָס דאָס דינט. אָבער וועגן די בעלי-מלאכות איז כדאי זיך אָפּצושטעלן.

איר פּרעזידענט איז געווען וואָלף פּרימער, מיין זיידע. דער פּראָגראַם — קעגנזייטיקע הילף. די הויפּט-אויפגאַבע — איז עמעץ פון דער חברה שטאַרק קראַנק געוואָרן, פלעגט איינער, אָדער צוויי, וואַכן ביי אים אַ גאַנצע נאַכט. צו יענער צייט איז די מעדיצין געווען אַנמעכטיק קעגן שטאַרקע היץ. פלעגט דער דאָקטאָר פאַרשרייבן מ'זאָל דעם קראַנקן וויקלען אין קאַלטע ליילעכער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען איבער די כוחות פון דעם קראַנקנס פרוי. אויך פלעגט מען שטיצן מיט עטלעכע קראַנען, ווען ס'איז געווען נויטיק.

דער הויפּט צוזאַמענקום איז געווען שמחת-תורה. דער עולם מיטגלידער פלעגט קומען צו איינעם, וואָס איז געווען פון פאַך אַ האַלץ-טאָקער, אַן קינדער. די טאָקער-מאַשין איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ ריינעם טישטוך. דאָ האָט מען געדאַוונט און נאָכן דאַוונען געמאַכט אַ כוסה. אַ גאַנצן טאָג האָט מען געגעסן און געטרונקען. די פרויען פון די מיטגלידער האָבן געבאַקן פון שענסטן און בעסטן. מ'האָט געבראַכט פעסעלעך ביר און זיך געלאָזן וואויל גיין.

ווי אין אַלע שטעטלעך זענען געווען צוויי קלויסטערס — אַ פּוילישער און אַ רוסישער.

מיר האָבן געהאַט, להבדיל, אַ שול, אַ בית-מדרש און אַ קלויז, וואָס איז געווען איינגעבויט אין בית-המדרש אַריין. זומער, פלעגט דער רבי דאַוונען אין שול און ווינטער אין בית-המדרש. צום דאַוונען פלעגן אים די חסידים פירן מיט געזאַנג. צו דעם האָבן נישט געשטערט די בלאָטעס, ווי גרויס זיי זענען נישט געווען. פאַרשטייט זיך, אַז ווו ס'האָט געדאַוונט דער רבי, האָבן געדאַוונט די חסידים. ווינטער פלעגן אין שול דאַוונען נאָר בעלי-מלאכות.

איינער פון די הויפּט-זינגער האָט געהייסן וואָלף פּאָלאַק. ער האָט אויך געהאַט אַ קלאַטשע צו פירן מתים, ווייל דער בית-עולם איז געווען גענוג ווייט פון דער שטאָט. די קליאַטשע פלעגט זיך שטענדיק אַרומדרייען אין שטאָט אין מיטן מאַרק, ווי אַן אייגענע, איבערהויפּט נעבן דער זשאַנדאַרמעריע. פאַר זייער הויז איז געווען אַ ביסל גרינס, פלעגט דאָס פערדל גריזשען, וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. אויף דער קליאַטשעס האָבן אַלע חדר-יינגלעך זיך געלערנט רייטן. גענוג איז געווען צו וויזן דעם פערד אַ ביסל היי, איז עס געגאַנגען, ווו מ'האָט געוואָלט.

אין איין זאַך איז מאַגעריוו נישט געווען ווי אַנדערע שטעטלעך, וואָס אַנבאַלאַנגט אַ שטאָט-זייגער. געוויינטלעך פלעגט אין אַלע שטעט זיין אַ זייגער, וואָס מ'פלעגט זען פון אַלע זייטן. מיר האָבן געהאַט אַ לעבעדיקן שטאָט-זייגער, וואָס האָט געהייסן יענדריך דער בריוו-טרעגער. ער פלעגט פאָרן קיין ז'אַבראַשין יעדן טאָג צו דער באַן-סטאַציע, נעמען די פּאָסט פאַר מאַגעריוו. צו זיין דיספּאָזיציע האָט ער געהאַט אַ פלינק פערדל און אַ קאַסטן אויף צוויי רעדער. דער קאַסטן איז געווען געפאַרבט אויף געל מיט שוואַרצע פּאַסן, ווי די עסטרייכישע פאַן. אין ביידע זייטן איז געווען דער עסטרייכישער אָדלער. ווען ער פלעגט דורכפאָרן די שטאָט פלעגט ער טרומייטערן מיט אַ טרומייטער. אָט דער יענדריך איז לאַנג געווען דער שטאָטישער זייגער. ערשטנס האָט מען געוווּסט גענוי די צייט, ווען ער פאָרט אַדורך די שטאָט און ווען מ'האָט געצווייפלט אין דער צייט, האָט מען אים געפרעגט, ווייל זיין זייגער איז געגאַנגען לויט דעם באַן-זייגער און ער האָט העפלעך געענטפערט.

*

עקאָנאָמיש איז מאַגירעוו געווען שטאַרק פאַרבונדן מיט ראַווע, אָבער אויך מיט לעמבערג. ס'פלעגן זיין בעלי-עגלות, וואָס פלעגן פירן די סחורות פון מאַגעריוו קיין לעמבערג און צוריק פלעגן זיי ברענגען, וואָס מ'האָט ביי זיי באַשטעלט. גערופן האָט מען זיי צעטל-פירער. איין בעל-עגלה, געדענק איך, האָט געהייסן פּנחס.

מ'קאָן זאָגן מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט פּרנסה האָבן די מאַגעריווער אפשר געהאַט מער ווי אַנדערע שטעטלעך פון דער זעלבער גרויס. פאַרשטייט זיך, אַז מ'איז נישט געגאַנגען אין גאָלד. ס'זענען געווען יידן, וואָס האָבן שווער געהאָרעוועט אויפן שטיקל ברויט.

אָבער ס׳איז נישט געווען קיין איין ייד, וואָס זאָל גייך אין די הייזער, ווי ס׳איז געווען אין אַנדערע שטעטלעך.

ווי קליין דאָס שטעטל איז געווען, האָט עס געהאַט אַ קליין־אינדוסטריע, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס בערשטל־מאַכעריי. מ׳קאָן אָננעמען, אַז מער ווי 30% פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן געלעבט פון דעם פאַך, וואָס די גאַנצע פּראָדוקציע איז געגאַנגען פאַר דער עסטרייכישער אַרמיי. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳זענען געווען גרויסע ליפעראַנטן, פאַר וועלכע מאַגעריוו האָט געאַרבעט.

אַ חוץ דעם זענען געווען יידן, וועלכע מ׳האָט געקענט אָנרופן גבירים. געווען איז אַ גוטער מיטל־קלאַס, גרויסע עקס־פּאָרטערן פון אייער, אַרום וועלכע ס׳האָבן זיך געדרייט דאָרפס־גייער. געווען אויך גרויסע סוחרים פון תבואה, פעלן און האָלץ. דאַן זענען געווען שניידערס און שוסטערס. זייט מיין פאָטער איז געשטאָרבן האָט מאַגעריוו נישט געהאַט קיין יידישן סטאָליער.

## מאַגעריוווער יידן ווערן פּראָלעטאַריער

אַרום יאָר 1910—1911 האָט די משפחה גראַמאַן אויפגע־בויט הינטער דער שטאָט אַ פאַבריק און אַ טאַרטאַק. דער טאַרטאַק האָט געשניטן נאָר גאַנצע קלעצער אויף ברעטער. אָבער די פאַבריק האָט אויסגעאַרבעט אַלע סאָרטן ברעטלעך, וואָס מ׳האָט געדאַרפט צום פאַך פון דער בערשטל־מאַכעריי. דאָס קאָן געבן אַ בילד וועגן פאַרנעם פון דער פּראָדוקציע, אַז ס׳האָט געלוינט אויפצובויען אַ פאַבריק. שפּעטער האָט די פאַבריק אויסגעאַרבעט וויס מעבל און פאַרשידענע צוזאַמענלייג־בענקלעך.

די פאַבריק האָט די אַרבעטער גערופן צו דער אַרבעט מיט אַ סירענע. די סירענע האָט געפיפן האַלב 8 און 8 אַזייגער און דאַן מיטאָג־צייט, ווי אויך אין אָוונט צום אַוועקלייגן די אַרבעט. פון דעמאָלט אָן איז יענדריך דעגראַדירט געוואָרן. ער איז געוואָרן אויס שטאָט־זייגער. האָט אַ ייד געוואָלט וויסן וויפל ס׳איז דער זייגער אין דער פרי, האָט ער געפרעגט, צי ס׳פייפט דאָס ערשטע מאָל, צי דאָס צווייטע.

געווען איז אויך אַ גרויסע וואַסער־מיל. טעגלעך פלעגן פּויערים קומען אין מיל אַריין. ביי דער געלעגנהייט פלעגן שוין פּויערים מיטנעמען צום פאַרקויפן אַ זאַק קאָרן, אָדער אַ זאַק קאַרטאָפל און אויך איינקויפן.

פאַר מיידלעך און פרויען איז אויך געווען אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן. ביי יחיאל שיינענט האָט געוווינט אַ פרוי, וועלכע איז געווען אַ רעפּרעזענטאַנטין פון אַ גרויסער ווינער פירמע פון שטיקן און העקלען פאַרשידענע קרעגן און אַפילו קנעפּלעך צו דאַמען־קליידער. אין די גרויסע ווינטער־נעכט פלעגן זיך צוזאַמענקומען מיידלעך, אַ סך מאָל ביי אונדז, ווייל מיינע שוועסטערס האָבן אויך געהעקלט. אַרבעטנדיק, פלעגן זיי זינגען יידישע לידער, ווי „חנהלע איז פון דער אַרבעט געגאַנגען" און פּרצ׳ס „די דריי נייטאָרינס".

אָבער דער מענטש לעבט דאָך נישט נאָר פון אַרבעט און ברויט, ער דאַרף דאָך אויך פאַרברענגען אין זיין פרייער צייט. זומער איז נאָך געווען צום אויסהאַלטן, אָבער ווינטער? די, יוגנט האָט זיך פאַרווילט, ווי אין אַנדערע שטעטלעך, מיט דעם שטאָטישן משוגענעם, זומער פלעגן זיי וואַרפן שטיינער און ווינטער קאַלבעס שניי. די עלטערע בחורים און די דערוואַקסענע מיידלעך פלעגן זומער־צייט גיין שפּאַצירן אין אַ וועלדל, וואָס מען האָט גערופן גראַץ יאַניק. פון איין זייט איז געווען אַ באַרג און געלעגן גאָר נאָענט פון דער שטאָט. דאָרט האָבן די בחורים זיך דערלויבט צו טראָגן דעם הוט אין דער האַנט און באַגריסן די מיידלעך מיט אַ „גוטען טאָג". שלעכט איז געווען ווינטער, ווען שטעג און וועג זענען געווען געפרוירן. קיין מענטש האָט מען נישט געזען אין גאַס. די שויבן זענען געווען געפרוירן. מ׳פלעגט הויכן אויף די שויבן, כדי זיי זאָלן ווערן פריי פון אייז, אַז מ׳זאָל קענען אַרויסקוקן. און אַז מ׳האָט אַרויסגעקוקט, וואָס האָט מען געזען? — אַ חזיר און ווראָנעס. די שטאָט האָט זיי געהערט...

ס׳זענען אויך געווען געוויסע שטובן, ווו דערוואַקסענע פלעגן זיך טרעפן. דאָס זענען געווען אַזעלכע קליינע קרעמלעך, ווו מ׳פלעגט קומען פרייטיק צו נאַכטס און אַפילו שבת, דעם גאַנצן טאָג. מ׳האָט געבאָרגט, ווייל שבת קאָן מען נישט צאָלן. דער עולם האָט פאַרבראַכט קנאַקנדיק שטרוי־ניסלעך, אָדער דיני־קערלעך. ס׳זענען אויך געווען נאַשערס, איבערהויפּט די, וועלכע האָבן שוין געהאַט אַן אויג אויף אַ מיידל, פלעגן זיי קויפן אַ טאַוול שאָקאָלאַד.

דער אייגנטימער פון איינעם אַזאַ אַרעם קרעמל, ווו מ׳פלעגט זיך צוזאַמענקומען, האָט געהייסן עליאַלע. ער איז אויך געווען אַ קוכער אויף חתונות. אַז מ׳האָט עליאַלן געזען גיין מיט זיין הילצערנעם מולטער האָט מען געוווּסט, אַז ס׳וועט זיין אַ חתונה אין שטאָט. אַט ביי אים פלעגן די דערוואַקסענע אָפּזיצן שעהן לאַנג און וואַרטן, אַז דאָס ליכט זאָל אויסגיין.

*

אין אַ שיינעם טאָג האָבן די מענטשן אין גאַס — זיך באַגעגנדיק — געפרעגט איינער דעם צווייטן: געהערט די נייעס? יצחק שמואל דודס איז דאָך צוריק געקומען. די פרוי וועט אויפגעבונדן ווערן. אַוועק ווי אַין וואַסער אַריין, קיין מאָל קיין בריוו נישט געשריבן און דאָ, מיט אַמאָל זיך צוגעשטעלט.

דעם צווייטן טאָג איז יצחק געקומען אין מאַרק אַריין,

ווייל זיי האָבן געוווינט הינטער דער שטאָט, נעבן שעכט־הויז.

— „קוק אים נאָר אָן — האָבן יידן גערעדט צווישן זיך — ער זעט דאָך אויס ווי אַ „מיעשטשאַן" (שטאָטישער קריסט)".

ער איז געווען אָנגעטאָן אין העלע קליידער, ברווינע שיך און אַ שטרוי הוט. געהאַט האָט ער אַרויפגעדרייטע וואָנצעס. ער פלעגט אויך פאָרן אויף אַ ביציקל.

מאגעריוו איז געגאַנגען אויף רעדער. דאָס איז געווען די סענסאַציע אין שטאָט. יעדער האָט געגעבן אַן אַנדערע עצה. איינער האָט געזאָגט: „ווען איך בין זיין פאָטער, לאָז איך אים נישט אַריבער די שוועל".

— „זיי נישט קיין נאַר, — האָט אַ צווייטער געענטפערט, — דער טאַטע זיינער ווייסט וואָס ער טוט".

— „קוק אים אָן, ווי ער זעט אויס. ער לאָזט אים נישט אריין — טרייבט ער אים צום שמד. ס'פעלט אים נישט קיין סך".

ווען יצחק איז אַוועקגעפאָרן ווייס איך נישט. איך געדענק נאָר, אַז ער איז צוריק געקומען. איך ווייס נישט ווו ער איז געווען און ווי לאַנג ער איז געווען אַפּוועזנד. נאָר די יידן האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז ער איז אויסגעפּווען די גאַנצע וועלט. טאַמער האָט אַ פאָטער געזען זיינס אַ קינד רעדן מיט יצחקן, האָט ער באַלד געגעבן אַ זאָג: „כ'וועל דיר די פיס אונטערהאַקן, אויב כ'וועל דיך נאָך אַמאָל זען רעדן מיט אים".

אָבער פון יצחקס אַוועקפאָרן ביז זיין צוריק קומען איז ביי דער מאגעריוווער יוגנט פאָרגעקומען אַ שטיקל פראַגרע־סיווע רעוואָלוציע אָן בלוט פאַרגיסונג. אָבער אין יעדער שטוב באַזונדער איז צווישן טאַטע און קינדער געווען אַ שטענדיקע מחלוקת.

די יונגעלייט האָבן אויסגעטאָן די סאַמעטענע היטלעך, אָנגעטאָן טוכענע, און נישט דווקא שוואַרצע, ווי ס'איז געווען אָנגענומען, אָפּט מאָל טונקל־גרויע. מ'האָט אויך אַראָפּגעוואָרפן די בעקעשע און אָנגעטאָן אַן איבערציער מיט אַ שפּאַלט און אַ ביסל קירצער; ביז איצט קען איך נישט פאַרשטיין פאַרוואָס די חסידים האָבן געזען אין דעם שפּאַלט דאָס גאַנצע בייז. אויך זענען קירצער געוואָרן די פיאות.

ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוווינט צו יצחקס אָנוועזנ־הייט אין שטאָט. ער האָט געעפנט אַ געשעפטל פון ביזשוטעריע און זייגערס. מ'האָט זיך נאָר געפרעגט, ווו ער האָט דאָס פאַך געלערנט. מיט דער צייט האָבן יידן אים גענומען אויספרעגן וועגן דער וועלט. אַרום אים פלעגט זיך מאַכן אַ רעדל און ער פלעגט דערציילן נסים ונפלאות. פון התלהבות פלעגט אַ ייד אַ זאָג טון: „ער וועט אויפן פייער נישט פאַרברענט ווערן".

✶

## באַראָן הירש שולע

קיין סך אַרבעט האָט ער נישט געהאַט. פלעגט מען ביי אים אין געשעפט טרעפן די שטאָטישע לוידיק גייער און מ'פלעגט געשמאַק דיסקוטירן. אין אַ געוויסן טאָג איז מען געוווּיר געוואָרן, אַז יצחק מיט זיינע „חסידים" האָבן בדעה צו מאַכן אין מאגעריוו אַ באַראָן הירש שולע. מ'האָט אַוועק־געשיקט אַ דעלעגאַציע קיין ראַוואַ רוסקאַ, ווו אַזאַ שולע האָט שוין עקזיסטירט.

אַלץ האָט אויסגעזען צו זיין ווי אַמבעסטן. אָבער מיט אַ מאָל האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ שווערן שלאָף דער רבי מיט די חסידים: יידן גייען מאַכן מיט די אייגענע הענט אַ שקאָלע און אַוועקנעמען די קינדער פון די חדרים, נישט לאָזן יידישע קינדער לערנען תורה!

אין מאָל, פרייטיק צו נאַכט, ביים דאַוונען האָט אַ ייד אַ קלאַפּ געטאָן אין בעלעמער און געשריגן: „יידן, איך וועל נישט לאָזן מקבל שבת זיין אַזוי לאַנג, ווי איר וועט נישט זאָגן, וואָס איר האָט בדעה צו טאָן? מאַכן אונדזערע קינדער פאַר עם הארצים, אַרויסנעמען זיי פון די חדרים! זיי צווינגען צו גיין אין שקאָלע. דער בורא עולם וועט נישט שווייגן. די שטראָף וועט אויף זיך לאַנג נישט לאָזן וואַרטן, הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן".

פאַרשטייט זיך, אַז דער צווייטער צד איז נישט שולדיק געבליבן. ס'איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג. „אַ בושה, יידן זאָלן זיך שלאָגן אין אַ מקום קדוש"! — האָט מען געהערט שרייען. ס'האָט וועגן צו וויסן געגעבן דער זשאַנדאַרמעריע און אין בית־המדרש האָבן זיך באַוויזן די זשאַנדאַרמען מיט די ביקסן אויפגעהאַנגען אויף די הענט. זיי שרייען אין נאָמען פון געזעץ און מ'הערט זיי ווי המן דעם גראַגער. ביסלעכווייז איז שטיל געוואָרן און מ'האָט אַפּגעדאַוונט. אָבער מ'איז נישט באַלד געגאַנגען אַהיים, נאָר גאַנצע גרופּעס מענטשן זענען געבליבן און דיסקוטירט.

יעצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה אין יעדער שטוב פאַר, אָדער קעגן דער שולע.

די מלחמה פאַר דער שולע וואָלט זיכער נאָך געווען אָנגעהאַלטן. אַ טייל פון די אויפגעקלערטע חסידים האָבן אָנגעהויבן ווייכער ווערן און געלאָזט הערן, אַז אינגאַנצן נאַריש איז עס נישט. אייגנטלעך גייען דאָך יידישע קינדער אין שולע, אין אַ גוייִשער, ווו זיי זיצן מיט אַ הוילן קאָפּ און פאַר זייערע אויגן האָבן זיי שטענדיק אַ צלם. איז דאָך שוין גיכער כדאי, אַז יידישע קינדער זאָלן גיין אין אַ יידישער שול.

## די רבי'שע חתונה

אין אַ שיינעם טאָג איז מען געוווּיער געוואָרן, אַז דער רבי

גייט חתונה מאַכן אַן אייניקל, ר׳ נחום אהרנס טאָכטער, מיט אַ חתן פון אונגאַרן. ווי מיט אַ כישוף־שטעקעלע איז דער שלום צוריק געקומען און די גאַנצע שטאָט האָט זיך געגרייט. דער ברויז־טרעגער פלעגט יעדן טאָג גיין צום רבין מיט גאַנצע פעק. מ׳האָט געשמועסט, אַז ס׳קומען אַן אוצרות מיט דרשה־געשאַנק פון רייכע חסידים. מ׳האָט געוווסט אַז עס וועלן קומען אַ סך רבנים פון כלה׳ס צד און אויך פון חתנ׳ס צד. מ׳האָט גענומען גרייטן ווינונגען פאַר די חשובע געסט. די מאַגעריוער דאַמען־שניידער זענען געווען שטאַרק אין כעס, ווייל די גוטע קליידער איז מען געפאָרן נייען אין לעמ־בערג. נאָר די קלייניקייטן האָט מען זיי געגעבן צו נייען.

ס׳איז געקומען דער טאָג פון דער חתונה. די אייגנטימער, ד.ה. די יורשים, פון זלמן פאַנדס גיטער, האָבן צוגעשטעלט קאַטשן, וויפל ס׳זענען נאָר געווען, מיט שיינע פערד, וואָס האָבן געדאַרפט ברענגען די מחותנים פון דער באַן. פון די אַרומיקע שטעט, איבערהויפּט פון ראַווא זענען געקומען די חסידים אָנגעטאָן אין מיליטערישע קליידער. אויך מאַגערי־ווער יידן האָבן אָנגעטאָן מיליטערישע קליידער. ס׳זענען אַפילו געווען אייניקע אולאַנער, טאַקע מאַגעריוער יונגעלייט, וואָס האָבן געדינט ביי די אולאַנער. זיי האָבן באַקומען פון הויף גערזאַטלטע פערד. די גאַנצע שטאָט האָט אויסגעזען ווי אַ מיליטערישער לאַגער.

מאיר אַלטערס, דער מאַגעריוער כלי־זמר, איז פאַרשטייט זיך, נישט געווען גענוג, האָט מען געבראַכט כלי־זמרים פון ראַווע און זשאָלקווע. דער חתן איז אַריינגעפאָרן אין שטאָט אין דער באַגלייטונג פון אַן ערן־וואַך. אין שפּיץ זענען געגאַנגען די כלי־זמרים.

דעם זעלבן אָוונט איז געווען די חופה אין דרויסן ביי דער שול. דער אָוונט איז געווען זייער אַ שיינער. מיין זיידע האָט געמאַכט אַ פאַרצוימונג פון ברעטער. אַריין זענען נאָר די רבנים און אַפּיציעלע געסט צו דער חופה. אָרדנונג האָט גע־האַלטן דער גאַנצער גאַרניזאָן. נישט יעדן טאָג קאָן מען זען אַזאַ חתונה. דער גאַנצער יום־טובדיקער עולם, אַלץ צוזאַמען האָט אויסגעזען ווי אַ קאַרנאַוואַל.

די בית־המדרש בחורים האָבן געטראַגן אַ גרויסן לאַמטערן, אין פאָרם פון אָרטיקן בית־המדרש אויף 4 דרענגער, געגעסן האָט מען אין בית־המדרש, ווייל אין גאַנץ מאַגעריוו איז נישט געווען אַזאַ גרויסער לאָקאַל וואָס זאָל קאָנען אַריינעמען אַזאַ גרויסן עולם.

די שבע־ברכות זענען געפּראַוועט געוואָרן אויפן זעלבן אָרט. געווען איז אַ בדחן, אַ גאון, פון אונגאַרן. נישט נאָר האָט ער געהאַלטן דרשות פאַר אַזעלכע גאונים, האָט ער נאָך אַפילו געמאַכט קליינע פאָרשטעלונגען. כ׳געדענק, אַז אין אַ געוויסן אָוונט האָט מען געמאַכט אַ שטיקל מלחמה. מ׳האָט אָנגעצונדן שטורקאַצן און דאָס גאַנצע בית־המדרש איז געוואָרן רויט פון פלאַמען. מ׳האָט אויך אָפּגעגעבן אייניקע שאָסן.

די שמחה איז אָבער פאַרבלאַסט געוואָרן, ווייל פּונקט אין דער זעלבער צייט איז אין סערביע דערשאָסן געוואָרן דער קרוין־פּרינץ פון עסטרייך. די וואָך פון דער חתונה איז שנעל אַוועק און דאָס שטעטל איז ווידער אַריינגעקראָכן אין זיין טרויעריקער וואָכעדיקייט מיט די טאָג־טעגלעכע דאגות. באַלד תשעה־באָב איז אויסגעבראָכן די מלחמה. דער יונגער עולם איז אַוועק און אין שטעטל זענען געבליבן די פרויען מיט קינדער און זקנים.

### אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג

ס׳איז שטאַרק געוואַקסן די נערוועזיטעט און מ׳האָט נישט געוווסט ווי ס׳זעט אויס די פּאַקטישע לאַגע. מען איז געווען אויסגעשטעלט אויף פליאַטקעס. די פויערים פלעגן דערציילן, אַז זיי האָבן געזען רוסן אין די אַרומיקע וועלדער. אין דער גאַנצער שטאָט פלעגן קומען 2 יידישע טאָג־צייטונגען פון לעמבערג. איינע — צו עוזר פאַנד און די צווייטע צו אונדזער שכן — מאַנדלער. די צייטונג האָט געהייסן „דער לעמבערגער טאָג־בלאַט״. אַרום זיי פלעגן זיך אַרומשטעלן יידן און זיי פלעגן איבערגעבן די לעצטע נייעס. דאָס איז געווען אונדזער איינציקע פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט.

פון דער מאַכט איז מען געוואָרנט געוואָרן, אַז מ׳זאָל נישט נעמען ערנסט די פליאַטקעס, וואָס מאַסקאַלאָפילן פאַרשפּרייטן, כדי צו מאַכן אַ בהלה. די אַלע וואָרנונגען האָבן נישט געהאָלפן און אין שטאָט איז געוואָרן אַ פּאַניק טאַקע צוליב אַ פויער, וועלכער האָט געשוווירן ביי גאָט, אַז ער האָט גערעדט מיט די רוסן און זיי וועלן נאָך די זעלבע וואָך זיין אין שטאָט.

מיר זענען נישט געווען די איינציקע, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אויף פליאַטקעס. צוליב דעם, וואָס אין ראַווע האָט עמעץ געזאָגט, אַז די רוסן קומען, איז כמעט די גאַנצע שטאָט געקומען צו לויפן קיין מאַגעריוו. שטעלט אייך פאָר די בהלה. מ׳האָט געשמועסט, אַז רוסישע אָפיצירן באַהאַלטן זיך אויס ביי אוקראַאינישע גלחים.

פון די פליאַטקעס ביזן אמת איז נישט געווען ווייט. יידן האָבן זיך אָבער אַליין גענאַרט. דאָס זעלבע האָבן געטאָן די יידן פון די אַרומיקע שטעט, אַפילו פון לעמבערג. די יידן פאַרשטייט זיך „סטראַטעגן״, האָבן אויסגערעכנט, אַז לויט זייער מיינונג, וועט דער קיסר אַזאַ שטאָט ווי לעמבערג נישט וועלן געבן צו די רוסן. אָבער אַזאַ שטעטל ווי מאַגעריוו ? ! דאָס איז ביים קיסר אַפילו נישט קיין שמעק טאַבאַק. לויט דער אויפפאַסונג זענען אַ סך מענטשן געקומען זיך באַהאַלטן ביי אונדז, אין מאַגעריוו.

אין איינעם אַ טאָג האָבן יידן זיך איבערגעגעבן אין דער

שטיל, כמעט אויפן אויער: ס׳איז שלעכט! דער רבי איז די נאַכט אַנטלאָפן. די גאַנצע שטאָט איז געווען פאַרצווייפלט. ד.ה., אַז מיר זענען אַ סטאַדע אָן אַ פאַסטעך... פאַרן שטורעם איז דער פאַסטעך נעלם געוואָרן. די יידן אין מאגעריוו האָבן אים דאָס קיין מאָל נישט געקאָנט מוחל זיין. דעם אמת געזאָגט וואָלט זיין פאַרבלייבן אויפן אָרט מיט גאָרנישט געקאָנט ענדערן די לאַגע. דער רבי וואָלט אפשר געווען דער ערשטער קרבן.

די רוסן זענען אַריין אין שטאָט אַרום 9 אין דער פרי. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי, וואָס האָט אָנגעהאַלטן, אָן אויפהער, 8 טעג. אַ רוסישער סאָלדאַט איז צו אונדז אַריינגעקומען. ער האָט גערעדט פויליש, האָט זיך אַרומגעקוקט און געזאָגט צו מיין מוטער: „איך ראָט אייך צו פאַרלאָזן אייער היים, ווייל איר וועט דאָס שיסן נישט אויסהאַלטן". מיין מוטער האָט געמאַכט אַן עקסטרע פעקל פאַר יעדן קינד. מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין אין באָד אַריין, ווו ס׳איז געווען אַ געזונטע מויער און דער בעדער מענדל פרימער איז געווען מיין מוטערס אַ קוזין.

אָנקומענדיק אין באָד אַריין האָבן מיר דאָרט געטראָפן מער ווי אַ העלפט פון די שטעטלדיקע יידן. אַרום דריי אַזייגער נאָך מיטאָג איז אַריין אַ ייד, נישט טויט נישט לעבעדיק, קוים וואָס ער האָט געקענט אַ וואָרט אַרויסרעדן, פאַר שרעק. ער האָט אויסגעקרעכצט: יידן, דעם רבינס הויז ברענט"! און באמת, די ערשטע שריפה איז געווען ביים רבין. די שריפה האָט מען נישט געלאָשן און זי האָט זיך שנעל אַריבערגעטראָגן אויף די שכנישע הייזער.

פונעם שיסן זענען געפאַלן אַ סך מענטשן. אינעם באָד, וואָס מ׳האָט געהאַלטן כמעט אַלס פעסטונג, איז אַריין אַ שראַפּנעל און האָט אָנגעמאַכט אַ חורבן. די קרבנות האָבן זיך געוואַלגערט אָן אַ שום הילף. ס׳זענען אַפילו פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט די פאַרוואונדעטע.

אָט אַזוי האָט אויסגעזען מיין היים־שטאָט מאגעריוו, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דעם זעלבן טאָג, וואָס די שלאַכטן האָבן זיך אָנגעהויבן, האָבן אין אָוונט, ווען דאָס פייער האָט זיך איינגעשטילט, אַלע יידן פאַרלאָזט מאגעריוו. ס׳זענען געווען אייניקע שריפות. אָבער 80% פון דער שטאָט איז געווען גאַנץ. מיר האָבן געהאַט נאָר איין וועג אָפן: אין דער זייט פון זשולקווע, די זייט צו ראַווע רוסקע איז געווען דער פראָנט. דער גרעסטער טייל יידן איז פאַרבליבן אין די דערפער אַרום מאגעריוו, גאָר אַ קליינער טייל איז אַוועק קיין זשאָלקווע, און אַפילו קיין לעמבערג. ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די פויערים וועלן אַריין אין שטאָט און וועלן ראַבירן אין די הייזער, ווו זיי וועלן קיינעם נישט טרעפן.

ווען די רוסן האָבן איינגעבראָכן דעם פראָנט און פאַרנומען ראַווע רוסקע, האָבן די מאגעריווער יידן זיך אומגעקערט צוריק אין שטאָט. אָבער ווי שרעקלעך איז געווען דאָס בילד פון דער שטאָט! פאַרבליבן זענען נאָר די קריסטלעכע הייזער, ווייל די קריסטן האָבן אַריינגעשטעלט אין זייערע פענצטער די הייליקע בילדער. די רוסן האָבן אונטערגעצונדן די יידישע הייזער, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן דאָס שיסן, אויסמיידנדיק די גוישע. דריי יידישע הייזלעך זענען פאַרבליבן גאַנץ, ווי אויך די שול. די דריי הייזלעך זענען געשטאַנען הינטערן פּוילישן קלויסטער. דאָס איז געווען גינסטעק פאַר די רוסן און זיי האָבן דאָרט אינסטאַלירט די גיכע הילף.

ס׳האָט געשניטן ביים האַרצן, צוזעענדיק ווי גאַנצע משפּ־חות זענען געלעגן אויפן אָרט, ווו אַמאָל איז געווען זייער היים. אָט דער אַמאָל איז געווען ערשטע מיט 10 טעג צוריק. אַלע יאָרן פון שווערער מי און מאַטערניש זענען אַוועק מיטן רויך. געשטאַנען זענען נאָר די שוואַרצע, פאַררויכערטע קוימענס, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די מענטשן. ווו ס׳איז געווען אַ מויער זענען געשטאַנען האַלב פאַלנדיקע ווענט. די אויסגעברענטע פענצטער האָבן געשראָקן אַפילו ביי טאָג, ווי אויסגעברענטע אויגן...

אַלע האָפענונגען זענען אויסגערונען. מ׳האָט געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין דער האַנט אַריין... אין די ימים־נוראים פון יאָר 1914 זענען מיר שוין אַלע, אָן אויסנאָם, געווען היימלאָזע, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. זעלטן ווער ס׳האָט געהאַט אַ העמד איבערצוטאָן. דאָך זענען געווען אייניקע, וואָס האָבן געהאַט פאַרשטעקט אַ ביסל געלט. באַלד ווי נאָר די עסטרייכער זענען צוריק געקומען האָבן זיי גענומען צוריק בויען זייערע חרוב געוואָרענע היימען.

ווען ס׳איז אַנטשטאַנען די פּוילישע מאַכט, האָבן די, וועלכע האָבן געמאַכט ביטעס, אַז זיי ווילן צוריק אויפבויען זייערע היימען, באַקומען פון דער פּוילישער רעגירונג אַ ביסל געהילץ. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס ביסל געהילץ וואָס מ׳האָט באַקומען, איז נישט גענוג געווען אויף צו בויען אַ הויז. מ׳האָט נאָך דערצו געדאַרפט אַ סך געלט. יידן, וועלכע האָבן געהאַט קינדער אין אַמעריקע, האָבן באַקומען פון זיי שטיצע, איז זיי לייכטער געווען צו בויען. ס׳זענען געווען אַנדערע, וואָס זענען געשטיצט געוואָרן דורך קרובים.

מאגעריוו איז ביסלעכווייז צוריק אויפגעבויט געוואָרן. מ׳האָט געשאַפן אַ קהילה. האָט מען שוין אַ קהילה, דאַרף מען האָבן אַ גייסטיקן פירער. דער מאגעריווער רבי איז צוריק געקומען פון אונגאַרן, וואַהין ער האָט געהאַט געפליכטעט, אָבער שוין נישט קיין מאגעריוו. ער האָט זיך באַזעצט אין ראַווע רוסקאַ, ווייל אין מאגעריוו האָט ער שוין מער קיין פרנסה נישט געקאָנט האָבן. ס׳איז איינגעלאַדן געוואָרן דעם

רבינס אַן איניקל, ר׳ איציקל, דער זון פון ר׳ נחום אהרן, ער זאָל ווערן רב אין מאַגעריוו.

פאַר דער קהילה, בעסער געזאָגט, פאַר דער שטאָט, זענען געווען שווערע פּראָבלעמען צו לייזן. מ׳האָט געדאַרפט צוריק אויפבויען דעם בית־המדרש, וואָס האָט שטאַרק געליטן פון דער מלחמה און אויך די מויער אַרום דעם בית־עולם, וואָס די פּויערים האָבן צענומען. פאַר די פּאַר משפחות, וואָס האָבן זיך ווידער באַזעצט אין מאַגעריוו, זענען די אויסגאַבן געווען איבער זייערע כוחות, האָבן זיי זיך דעריבער גע־וואַנדן צו די מאַגעריוועך יידן אין אַמעריקע נאָך הילף.

מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער האָט די קהילה דערהאַלטן אַ געוויסע סומע געלט. מ׳האָט רעמאָנטירט דעם בית־המדרש און אויסגעבויט אַ נייע מויער אַרום דעם בית־עולם.

## נאָכן ערשטן וועלט־קריג

מאַגעריוו איז צוביסלעך געוואָרן צוריק אַ שטעטל. אָבער אין דער אמתן איז עס שוין נישט געווען דאָס, וואָס פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ סך יידן זענען מער נישט צוריק געקומען. אַ סך מאַגעריוועך משפחות האָבן זיך געפונען אין ראַוואַ רוסקאַ, זשאָלקווע, לעמבערג און אין אַנדערע שטעט. שווער איז געווען ביים אָנהייב. אַ סך פון די אַלטע פּרנסות זענען אונטערגעגאַנגען. מ׳האָט זיך געדאַרפט צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען. די יוגנט איז געפאָרן קיין זשאָלקווע זיך לערנען דאָס קירזשנער פאַך. די יוגנט האָט זיך שנעל אויס־געלערנט ס׳פאַך און האָט אין מאַגעריוו פאַרנומען דעם פּלאַץ פון אַמאָליקן בערשטל־מאַכעריי. די יוגנט האָט זיך געפילט ווי די פאַראַנטוואָרטלעכע, ווייל אַ סך משפחות האָבן געלעבט פון זייערע קינדערס פאַרדינסטן. דאָס האָט זיי דערמעגלעכט צו שאַפן פאַרשידענע פאַראיינען און אויך אַ ספּאָרט־קלוב, נישט זייענדיק געשטערט דורך די עלטערן, אַזוי ווי עס איז געווען פאַרן קריג פון יאָר 1914.

די יוגנט האָט זיך געשטעלט די פראַגע: צי קאָן מאַגעריוו שטיין פון דער ווייטנס, ווען אין אַלע שטעט גייט אַ לעבהאַפטע נאַציאָנאַלע אויפלעבונג? צו דער מאַגעריוועך יוגנט קאָן מען נישט האָבן קיין טענות, ווייל קודם האָט מען געדאַרפט צוריק אויפבויען די חרוב געוואָרענע היימען און ערשט דאַן מאַכן פּאָליטיק. דעריבער דאַטירן זיך די מאַגעריוועך אָרגאַניזאַציעס, ווי „גורדוניה" און אַנדערע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, פון די יאָרן 1928—1929, ווען אין אַנדערע שטעט, ווי ראַוואַ רוסקאַ, אָדער זשאָלקווע, האָבן שוין די אַלע אָרגאַניזאַציעס עקזיסטירט פון די יאָרן 1919—1920.

„גורדוניה" האָט געפירט אַ לעבהאַפטע טעטיקייט. גע־האָלפן זי אָרגאַניזירן האָבן אויסגעפּרוּווטע טוער פון ראַוואַ רוסקאַ, ווי גימפּל יוסט א.א. ס׳זענען פאָרגעקומען אינטערע־סאַנטע רעפעראַטן, וואָס האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. אויך איז געשאַפן געוואָרן אַ פוטבאָל קלוב. דאָס לעבן איז שוין מער נישט געווען אומדערטרעגלעך, ווי פאַר דער מלחמה. ס׳איז אַפילו געווען אַ קאָמוניסטיש קרעמל אונטערן דעק־מאַנטל פון אַ פּרץ ביבליאָטעק. ביז, אין אַ געוויסן טאָג, ווי עס זעט אויס האָבן זיי נישט געוואָלט אָפּשטיין פון אַנדערע שטעט, האָבן זיי פאַרן ערשטן מאַי אַרויסגעהאָנגען אַ רויטע פאָן. מ׳האָט זיי געמסרט. ל. שפּאָרן און הערש רייכבאַך האָבן געהאָט אין ניעמיראָוו אַ פּראָצעס, האָבן באַקומען אייניקע וואָכן תּפיסה; נאָך גוט אָפּגעשניטן... צו יענער צייט איז פאַר אַ קאָמוניסט געווען אַ פּאָר וואָכן תּפיסה אַן אויסצייכנונג, מיט וועלכער מ׳האָט זיך געקאָנט באַרימען...



קבוצת „גורדוניה" במאגערוב.

פאַר אַ ייד איז געווען אַ סכנה צו גיין אין דאָרף, ווייל די אוקראַינער האָבן באַשולדיקט די יידן, אַז זיי זענען מיט די פּאָליאַקן, און די פּאָליאַקן האָבן באַשולדיקט די יידן, אַז זיי זענען מיט די אוקראַינער... די פּוילישע רעגירונג פון איר זייט האָט געטאָן אַלץ צו פאַרשפּרייטן דעם אַנטיסעמיטישן גיפט, וואָס, ווי אין אַלע פּוילישע שטעט, האָבן די יידן אין מאַגעריוו שטאַרק געפילט.

דאָס לעבן האָט אויסגעזען ווי נאָרמאַליזירט. יעדער איז אַנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט. די אַספּיראַציעס פון דער יוגנט זענען געווען די זעלבע ווי אין אַנדערע שטעט. אַ טייל פון דער יוגנט וואָס האָט געהערט צו דער „גורדוניה" איז געפאָרן אויף הכשרה; אַנדערע האָבן זיך געריסן אין דער גרויסער וועלט אַריין. בערך אין יאָר 1929 זענען מאַגעריווער יונגע לייט געקומען קיין פּאַריז; אַ סך האָבן געאַרבעט אין לעמבערג. דער אַלטער דור האָט זיך געקלאַמערט אין זיינע היימען.

### דער צווייטער וועלט־קריג

לויטן היטלער־סטאַלין אָפּמאַך איז אונדזער געגנט צוגע־טיילט געוואָרן צו די רוסן. בערך דעם 20טן סעפּטעמבער 1939 האָבן די רוסן פאַרנומען מאַגעריוו. דאָס אומגליק האָט זיך באַלד געלאָזט פילן. די גאַנצע שטאָט איז געבליבן אָן פּרנסה. די פאַבן, ביי וועלכע די יידן זענען געווען באַשעפטיקט, זענען געוואָרן אומנויטיק, ווייל זייערע אויסגעאַרבעטע אַרטיקלען זענען געגאַנגען אויף עקספּאָרט. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן פילן די נויט. פאַר באַשעפטיקן זיך מיט שוואַרצן האַנדל האָט מען באַקומען לאַנג־יאָריקע תפיסה.

מאַגעריוו האָט נישט געהאַט קיין שום אינדוסטריע. גיין אין דאָרף איז געווען איבעריק, ווייל דער פּויער האָט נישט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן. די רוסן האָבן אַלץ רעקווירירט. אָבער אַנטקעגן דעם, וואָס ס'איז געווען ביי די דייטשן — איז דאָס געווען אַ גן־עדן.

דעם 22טן יוני 1941 האָבן די דייטשן אַטאַקירט די רוסן. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען די דייטשן אַריין אין מאַגעריוו און ס'האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דאָס אמתע אומגליק. די דייטשן האָבן אָרגאַניזירט די אוקראַינער אַלס געהילפס־פּאָליציי. דאָס לעבן פון די יידן איז געוואָרן הפקר. יידן האָט מען גענומען צו פאַרשידענע אַרבעטן אונטער דער אויפזיכט פון די אוקראַינישע כוליגאַנעס. ביי דער אַרבעט איז מען שרעקלעך געשלאָגן געוואָרן מיט קאָלבעס פון די ביקסן און מיט בייטשן. צו דעם זענען אונדזערע פּויערים געווען מייסטערס.

מאַגעריוו האָט נישט געהאַט קיין מזל, ווי אַנדערע שטעט, צו האָבן אַ געטאָ מיט אַ יודנראַט, וואָס זאָל אָרגאַניזירן פאַר די הונגעריקע אַ ביסל וואַסערדיקע זופּ. מאַגעריוו איז אויסגע־גאַנגען מיט איין מאָל.

אין יאָר 1942, אַרום פאַר פּסח, איז אין שטאָט אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג ס.ס. פון ראַוואַ רוסקאַ. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געיעג נאָך יעדן, מערערע האָבן געפּרוווט אַנטלויפן; די וואָס זענען פאַרבליבן, זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. די קולות און געוויינען פון די פרויען און קינדער האָבן געשפּאַלטן די הימלען. די קינדער, דער־שראָקענע, האָבן זיך הילפלאָז געטוליעט צו זייערע מאַמעס. דער באַרבאַריזם פון די רוצחים איז נישט צו באַשרייבן.

אייניקע יידן איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן אין די גוישע גערטנער, האָבן די גוים זיי געכאַפּט אין איבערגעגעבן אין די הענט פון די ס.ס.־מערדער. אָט אַזוי האָבן געטאָן מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט דורות־לאַנג מיט די יידן אין גוטער שכנה'שאַפט.

אַ קליין הייפל יידן איז דעם טאָג געבליבן לעבן, האָבן די מערדער זיי גענומען קיין ראַוואַ רוסקאַ און פון דאָרט קיין בעלזשיץ אין די גאַז־קאַמערן. פון דעם טאָג אָן איז מאַגעריוו געבליבן יודן־ריין.

זייער ווייניק מאַגריווער זענען געבליבן לעבן נאָכן חורבן. עטלעכע זענען אַוועק מיט די רוסן; אַנדערע זענען געווען אין דער פּוילישער אַרמיי און זענען אַריינגעפאַלן אין דער דייטשער געפאַנגענשאַפט. נאָך דער מלחמה זענען די מענטשן געקומען צוריק קיין מאַגעריוו, אָבער קיינעם נישט געטראָפן. נישט נאָר די יידן זענען נישט געווען, די גוים אויך נישט. די גאַנצע שטאָט איז געווען איין חורבה. אין משך פון דרייסיק יאָר איז מאַגעריוו צוויי מאָל חרוב געוואָרן.

אין יאָר 1944, אין חודש יוני, אָדער יולי, האָבן די רוסן געטריבן די דייטשע האָרדעס פון אונדזער געגנט. ס'זענען פאָרגעקומען פאַרביסענע שלאַכטן און די שטאָט איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ באַרג אַש. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע זענען אַ סך יידישע הייזער צענומען געוואָרן, ציגל נאָך ציגל, דורך די שטאָטישע קריסטן, וואָס האָבן געזוכט יידישע אוצרות, וואָס יידן האָבן פאַרשטעקט, ווייל ביי אַ פּויער איז אַ יעדער ייד אַ גביר.

אָט אַזוי איז אויף אייביק אונטערגעגאַנגען מיין היים־שטאָט מאַגעריוו, מיט אירע הייליקע יידן.

איך בייג מיין קאָפּ פאַר אייער הייליקן אָנדענק, איר האָט אַפילו נישט געלאָזן נאָך זיך קיין קבר, קיין מצבה, וווּ כ'זאָל קאָנען אָנשפּאַרן מיין קאָפּ און מורמלען אין דער שטיל אַ תפילה.

זאָלן מיינע באַשיידענע עטלעכע שורות זיין אַ מצבה אויף אייער קבר, וואָס געפינט זיך אין מיין האַרצן.

# קאמיאנקא וואלאסקא

דוד האַלפּערין
אַרגענטינע

כ׳בין געבוירן אינעם דאָרף קאַמיאַנקאַ וואָלאָסקאָ, ביי די עלטערן ישראל און רבקה האַלפּערן.

מיין פאָטער איז געווען אַ ייד, אַ בעל־שכל, דערפאַר איז זיין צונאָמען „אַדוואָקאַט״. ער איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער געגענט אַלס מענטש מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטן געפיל פאַר גערעכטיקייט, האָט נישט פאַרטראָגן קיין עוולות, תמיד געשטאַנען ביי דער זייט פון די אָרעמע און זיי געשיצט קעגן די אויפגעקומענע גבירים.

אינעם דאָרף האָבן געלעבט עטלעכע צענדליק יידישע משפחות. אַ טייל פון די דאָזיקע משפחות איז געווען באַ־שעפטיקט ביים גוטבאַזיצער טשאַיקאָווסקי, וועלכער האָט געהאַט צו זיי אַ ליבעראַלע באַציאונג. אייניקע פון זיי, וועלכע איך געדענק, וויל איך דאָ דערמאָנען אין מיינע געציילטע שורות.

די דריי ברידער: חיים, ברוך און שמואל טיגער — האָט מען גערופן „די לעטניקעס״. איך בין אַ משפחה־צוויג פון חיים לעטניק. שמואל לעטניק האָט געהאַלטן די מיל אין דאָרף. יעדער האָט אים גערופן „פעטער שמואל״ און זיין פרוי — „מומע אסתר״. זייער שטוב איז געווען אָפן פאַר יעדן; יעדער הונגעריקער איז פון דאָרט אַרויס אַ זאַטער.

כ׳דערמאָן זיך, אַז מאיר־לייבוש־פּאַציק פון ראַווע איז אין זיינע יונגע יאָרן געווען אַ גלעזער. ער פלעגט קומען אין דאָרף, גיין פון שטוב צו שטוב און אריינשטעלן שויבן. די מומע אסתר פלעגט אים קאָכן גרויסע פּאַרציעס עסן, כדי אים זאַט צו מאַכן; אָבער דאָס איז איר נישט תמיד געלונגען, ווייל אַ טאָפּ פון עטלעכע ליטער עסן האָט אים נישט גע־סטאַיעט אַנצוזעטיקן...

אינעם דאָרף איז געווען אַ „מנין״, אַ ספר־תורה. אין די שבתים און יום־טובים, פלעגן זיך צונויפקומען אַלע יידישע משפחות, כדי צו דאַווענען בציבור, און, נאַטירלעך, דערביי זיך דערוויסן פאַרשידענע נייעס, כאַפּנדיק אַ שמועס איינער מיטן צווייטן. דער מנין פלעגט זיין ביי חיים לייב אַלטשולער. געווען זייער אַ פיינער מענטש, דער ברודער פון יאַנקעלע מילכיקער.

יעדן שבת זענען מיר געקומען צום מנין. אַזוי ווי דער וועג איז פאַר אַ טייל יידן געווען גענוג ווייט, פלעגט מען דאָרט אויך מאַכן קידוש, מיט לעקאַך און בראָנפן, כדי זיך צו „דערכאַפּן״ ס׳הארץ...

די הכנסות זענען געקומען: פון עליות לתורה, בר־מצוות, שמחות, יאָר־צייטן, אָדער אַפילו, ווען מ׳האָט באַ־מערקט, אַז עמעץ האָט באַנייט זיין יאַרמולקע... עטלעכע משפחות האָבן תמיד צוגעהאָלפן צוגרייטן דעם „קידוש״.

יאָסעלע רובין, פון אַלטן דאָרף, וואָס איז געווען מיין זיידנס אַ ברודער, האָט געגעבן דעם האָניק. איטשעלע שלאַ־טינער האָט געבראַכט דעם בראָנפן און איטשע לעטניק האָט געקאָכט דעם בראָנפן מיטן האָניק.

גרויס איז געווען די שמחה אין שמחת־תורה, וואָס איז באַזונדערס געפּראַוועט געוואָרן. פיל פרויען, אויך מיין מאַמע ע״ה, האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין איינאָרדענען די שמחה.

אַזוי האָט זיך דאָס יידישע לעבן געצויגן צענדליקער, און אפשר הונדערטער יאָרן. די יונגערע מענטשן האָבן אָנגעהויבן זוכן מעגלעכקייטן פון אַרויספאָרן אין דער ברייטער וועלט און זיך צעזייט און צעשפּרייט, לויט דעם, ווי ווער האָט געהאַט פליגלען.

איך האָב חתונה געהאַט מיט חייטשע מאָרגענשטערן, די טאָכטער פון מאָנעס מאָרגענשטערן ז״ל פון ראַווע. כ׳האָב זיך איינגעאָרדנט אין ראַווע אַ מילכיקעריי, וואָס האָט נישט שלעכט פּראָספּערירט. אָבער די אַנטיסעמיטישע שיקאַנעס פון די פּאָליאַקן האָבן געצוווּנגען צו וואַנדערן.

איך האָב אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע, וווּ איך געפין זיך ביזן היינטיקן טאָג.

# געווען אַ שטאָט ראַווע

**מאַקס האַלפּערן**
**ניו־יאָרק**

פֿאַר דער וועלט האָט די שטאָט געהייסן „ראַוואַ־רוסקאַ״. ביי אונדז יידן פון אַרומיקע שטעט און דערפער, ווי: זשאָל־קווע, פּאָטאליטש, נעמיראָוו, בעלז, נאראָל און בעלזיץ — איז דער נאָמען ראַווע, געווען אַ צויבערקלאַנג, אַ מאַגנעט, וואָס האָט צוגעצויגן יעדנס באַוווסטזיין, אַ מוזיקאַלישער קלאַנג אין יעדנס אויער. פֿאַרשיידענע טעמים און געשמאַקן האָבן אַרומגערינגלט די קיינמאָל נישט פֿאַרגעסענע שטאָט מיט יידן, וואָס איז אַמאָל געווען ראַווע.

איך בין געבוירן אינעם דערפל „פּארינעס״ — קאַמיאָנקאָ וואָלאָסקאַ. פון אונדזער שטוב, האָט אַ פענצטער אַרויסגע־קוקט צום שטראָז, וועלכער האָט זיך געצויגן פון לעמבערג ביז ראַווע. יעדן מאָנטיק, זענען אוקראַינישע פּויערים פון אַרומיקע דערפער געפאָרן מיט זייערע פערד און וועגענער קיין ראַווע אויפן יאַריד; אין זייערע וועגענער האָבן זיי גע־פירט חזירים, זעק מיט תבואה, הינער און הינער־אייער. אויסער דער שטאָט, ביים אַריינפאָרן, האָט זיך געפונען אַ ראָגאַטקע — אַ „שראנק״; יעדער, מיט פערד און וואָגן, האָט געמוזט אָפּצאָלן צו דער שטאָט־רעגירונג אַרינפאָר־געלט. גע־ווענלעך האָט אַ ייד געפלעגט פאַכטן ביי דער רעגירונג פאַר אַ באַשטימטן פרייז און אויב ס׳איז געבליבן ריווח — איז דאָס געווען פאַר זיין טירחה.

די פאָרשטאָט, וואָס האָט זיך געצויגן פון די קאַסערן ביז צום מאַרק־פּלאַץ, האָט זיך גערופן די זשאָלקווער גאַס. נעענטער צו דער שטאָט, אויף דער רעכטער האַנט איז גע־שטאַנען די אַפּטייק און אַקעגנאיבער, איז די גאַנצע לענג געווען פאַרבויט מיט אַ שורה הייזער: דער אַדוואָקאַט דר. סעגאַל, אברהם העלמאַן, שמואל לעטניק — „טיגער״, אברהמ־טשע לעטניק, איטשע לעטניק און ברוך לעטניק. די לעטני־קעס זענען געווען וועטערינאַריער; גענומען פון פּוילישן וואָרט „לעטשיטש״ — היילן. פּויערן, פון דער אומגעגנט, האָבן געבראַכט זייערע קראַנקע פערד און קי אויף צו היילן ביי די לעטניקעס; צוליב וואָס דערצייל איך דאָס? — ווייל זיי, די לעטניקעס, זענען געווען מיינע קרובים און ווען־נאָר איך בין געקומען אין שטאָט אַריין, איז מיין ערשטער איינ־טריט געווען ביי זיי. דאָס אַלץ איז ביי מיר אין זכרון פון די יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג.

איצט וויל איך זיך אומקערן צוריק צו מיינע קינדער־יאָרן. דאָס איז געווען אין אָנהייב פון הייַנטיקן יאָרהונדערט. איך געדענק מיין יוגנט צווישן פינף און עלף יאָר. ווי איך האָב שוין באַמערקט, בין איך געבוירן געוואָרן אין דאָרף „פּאַרינעס״, זיבן קילאָמעטער פון ראַווע; מיין טאַטע, ישראל האַלפּערן ע״ה, איז געבוירן געוואָרן אין ראַווע; ער האָט פאַרלוירן זיין פאָטער מרדכי נאָך גאָר יונג. ווען מיין טאַטע איז אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, איז ער געוואָרן אַ בעלפער און, ווען ער האָט חתונה־געהאַט מיט מיין מאַמען, רבקה ע״ה, צו איר אין דאָרף אַריין, איז ער דאָרט געוואָרן אַ מלמד און געפירט דאָס חדר ביי זיך אין שטוב. איין מאָל אין דער וואָך פלעגט ער גיין אין שטאָט אַריין, קיין ראַווע, מיטגע־טראָגן מיט זיך אַ קאַן מיט מילך און דאָס פאַרקויפן, כדי איינצוהאַנדלען עפּעס אין שטוב אַריין און אויך אויף שבת.



ריינקינד׳ס ווילע אין נעמיראָוו.

מיין מאַמע ע״ה, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער ווירטשאַפט. ווען עס איז געקומען פרייטיק, האָט מיין מאַמע זיך געפּאָרעט אַ גאַנצן טאָג אין שטוב, מיטן באַקן און קאָכן אויף שבת. זומער־צייט האָט זיך דער טאָג געצויגן לאַנג און זי איז אויסגעקומען מיט דער צייט גאַנץ באַקוועם; אין די ווינטערדיקע טעג זענען די פרייטיקס געווען קורצע און אַ סך מאָל האָט זי געמוזט האַרעווען, כדי זיך צו דערפּאָרען נאָך פאַר זון־זעצן. אויף שנעל האָט זי זיך געוואַשן דאָס פנים, זיך איבערגעטאָן אין אַ פריש קלייד און אַ פרישע פאַטשיילע אויפן קאָפּ און זיך געשטעלט ליכט־בענטשן. דער טאַטע האָט זיך אַרומגעוואַשן, זיך אָנגעטאָן די בעקעשע מיטן גאַרטל און דאָס שטריימל — און אין שטוב איז געוואָרן אַ שבתדיקע אַטמאָספערע. דער טאַטע האָט זיך געשטעלט דאַוונען און איך האָב מיטן טאַטן מיטגעדאַוונט. די מאַמע מיט מיין שוועסטער, שיינדל, זענען געזעסן ביים געדעקטן טיש, אויף וועלכן ס׳האָבן געברענט ליכט אין דריי מעשענע לייכטער און אויבן־אָן אויפן טיש, זענען אונטער אַ ווייס־באַדעקעכץ געלעגן די חלות און אויך אַ פלעשל ראָזשינקע־וויין מיט אַ גלעזעלע.

איך, דער עלטערער פון מיינע צוויי ברידערלעך, וועלכע זענען געזעסן מיט גרויס דרך־ארץ און זיך צו אַלעם צוגעקוקט, האָב איך אַלץ נאָכגעטאָן, וואָס דער טאַטע האָט געטאָן. נאָכן דאַוונען האָט דער טאַטע געמאַכט קידוש און האָט יעדן דערלאַנגט אויף צו מאַכן אַ ברכה. דער טאַטע האָט זיך געוואַשן די הענט, געמאַכט אַ ברכה איבער דער חלה אויף צו מאַכן אַ „מוציא״.

שבת אינדערפרי, איז שמואל גלאָק אָנגעקומען פון ליפניק, אויף וועלכן מיין טאַטע מיט מיר האָבן שוין אין דרויסן פון שטוב געוואַרט און מיט זייערע טליתים אויף די אַקסלען און די שטריימלען אויף די קעפּ זענען מיר אַלע געגאַנגען דאַוונען, צום „מנין״ אויף דער נעסטעריע ביי חיים־לייבן. צום „מנין״, זענען איין מאָל אַ וואָך זיך צונויפגעקומען פון אַרומיקע דערפער: הערשעלע קאַמינקער־אַלטשילער מיט זיינע צוויי איידעמס — דוד און יאָסל, זיין זון משה־שלמה און זיין ברודער יאַנקעלע מיט זיין זון יאָסעלע; יאַנקעלע מיטן זון האָבן געפירט די מילך־פּאַכטע פון טשייקאָווסקיס הויף. פון „אַלטן דאָרף״ זענען געקומען יאָסעלע רובין מיט זיינע צוויי יינגלעך; פון די „פּומאַלינעס״ זענען געקומען, איטשע לעטניק־טיגער מיט זיינע צוויי יינגלעך, די אַלע האָבן געשאַפן דאָס „מנין״. דאָס זענען אַ פּאָר שטריכן, וואָס איך געדענק פון מיינע קינדער־יאָרן.

איצט ווייס איך נישט, צי איך זאָל זיך צורעכענען צו די אַזוי גערופענע „גליקלעכע״, צוליב דעם, וואָס איך בין אַנטלאָפן אינעם יאָר 1922, פון דער נייער פּוילישער הערשאַפט און צוליב דעם ניצל געוואָרן פון דער מערדערישער, דייטשער בעסטיע — אָדער זיך גאָר פאַררעכענען פאַר אַן אומגליקלעכן, צוליב דעם, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט הינטער זיך, מיין מאַמען, מיין טאַטן אויף דעם ראַווער בית־עולם. כ׳האָב איבערגעלאָזט מיין שוועסטער מיט איר מאַן, לייבל ווײַלער און זייערע קינדער, די רעשט פון מיין משפּחה צוזאַמען מיט אַלע זעקס מיליאָן יידן.

אָט די פלאָגעניש פאַרפאָלגט מיך טאָג און נאַכט, פון וועלכן איך וועל זיך אין מיין לעבנס־צייט נישט באַפרייען.



# TREBLINKA

**di JEAN FRANCOIS STEINER**



המעונה גולדה גרואר הי״ד

די געמאַטערטע גאָלדאַלע גרויער אין טרעבלינקאַ

# אין די טעג פון דין

מלך ראוויטש
מאָנטרעאָל

„מיין מאַמע איז געווען אין ראַוואַ רוסקאַ,
דאָרט איז זי פאַרכאַפּט געוואָרן פון די נאַציס".

נישטאָ אַזוי פיל בלוט אין מיין גוף,
וואָס זאָל אין טרערן מגולגל ווערן,
טרערן — מיט פייער געזאַלצן,
צו קענען אויסוויינען ביזן סאַמע דנאָ,
דעם צער און די שאַנד,
יאָ, די מענטשלעכע שאַנד און פאַרשעמונג,
פון דיין אַלטן גוף, דיינע אַלטע יאָרן,
וואָס דער נאַצי־דייטש האָט דיר געטאָן
אין דער בעלזשעץ־קרעמאַטאָריע,
אַלטע מאַמע מיינע.

ער האָט אויף דיר געטראָטן ווי אַ בער,
מיט שווערע שטיוול, געקאָוועט מיט טשוועקעס,
ווי אויף אַ זאַק מיט שמאַטעס געטראָטן,
און אַז דו ביסט שוין געווען צעטראָטן גענוג,
האָט ער דיך געטריבן מיט הינט צום גאַז.

דיין שטום און אַלט געשריי
האָט נאָר די אַלטע, די טויבע מאַמע ערד,
דער דומם — געהערט.
נאָר וואָס האָט זי מער געקענט טאָן פאַר דיר,
ווי זיין דער הפקר־קבר אויך פאַר דיין ביסל אַש.

ניין, נישטאָ אַזוי פיל בלוט אין מיין גוף,
וואָס זאָל אין טרערן פאַרוואַנדלט ווערן,
דיין צער צו באַוויינען, אַלטע מאַמע.

און ס'איז אויך נישטאָ אַזאַ שטראָף אויף דער וועלט,
נישטאָ אין הימל און נישט אויף דער ערד,
נישטאָ און וועט נישט זיין — אין גיהנום אַפילו,
וואָס אָנגעמאָסטן זאָל זיין אויף דער מאָס
פון דיין פאַרברעכן — דייטשער נאַצי.

אַפילו ווען אַלע פאַרברעכנס פון דער וועלט,
פון מיזרח ביז מערב פון כדור הארץ,
און פון צייטנס אָנהייב ביז צייטנס עק,
און פון חללם איין ברעג ביזן אַנדערן ברעג,
וועלן זיין שוין מיט מחילה־וואַסער פאַרמעקט —
וועט בלייבן הענגען אין וועלטן־חלל
אַלע וועלטנס פינצטערסטער פלעק,
דיין פאַרברעכן — נאַצי.

אַפילו ווען ס'איז קיין מאָל קיין פאַרברעכן נישט געווען
אין גאַנצן שטח און אין גאַנצן זמן,
איז דיין פאַרברעכן געווען דאָס ערשטע
און וועט אייביק בלייבן דאָס לעצטע!
ווייל נאָך מער פינצטער קען שוין נישט זיין,
אַפילו ווען די ערד וועט ווערן
ווידער אַש פונעם אוניווערס
און ווידער אַריין אין די שטראַלן פון אַלע שטערן — — —
דיין פאַרברעכן וועט בלייבן,
עס וועט קיין מאָל, קיין מאָל נישט ליכטיק מער ווערן.

נישטאָ קיין שטראָף פאַר דיין פאַרברעכן,
עס איז אויף יענער זייט מענטש און אויף יענער זייט שטראָף,
אויך אַלע ארבע מיתות בית דין
צוזאַמען אָנגעווענדטע —
שטיין און בליי און קייט און שווערד
מיט פייער דורכגעברענטע,
וואָלטן געלאַכט, ווען זיי וואָלטן הערן און פאַרשטיין געקענט,
אַז זיי דאַרפן זיין דער אינסטרומענט
פון דער שטראָף פאַר דיין פאַרברעכן,
נאַצי.

נישטאָ אַזאַ אייזן, וואָס גליט אַזעלכע אויגן אויס,
נישטאָ אַזאַ קייט, וואָס ציט אַזאַ נשמה אַרויס,
נישטאָ אַזאַ שטיין, וואָס אַזאַ מין געביין צעפּלעט,
נישטאָ אַזאַ שווערד, וואָס אַזאַ מין נאַקן קעפּט — — —

און זיין שטיוול האָט דיר געטראָטן,
מאַמע מיינע,
גוטע צווישן גוטע,
צווישן בעסטע — בעסטע,
אויף דיר געטראָטן, אויף דיר

און אויף דיינע מיליאָנען שוועסטערן,
און שוועסטערס שוועסטערן, און ברידער ברידערן;
דו ביסט דאָך מאַמע אַזוי גוט געווען,
דו האָסט דאָך מיר געלערנט פון פרידריך שילערס סידור,
אַז אַלע מענטשן זענען ברידער,
און אויך פון יאָהאַן וואָלפגאַנג געטהעס לידער,
אַז אידל זאָל זיין דער מענטש,
און העלף-גרייט און גוט.

זיי האָבן איבער דיר געטראָטן
מיט שטיוול, ווי איבער אַ קופּע שמאַטעס,
און ווי טויטן ליים דיין לעבעדיק לייב געקנאָטן
מיט דרענגער,
און שפּעטער געטריבן מיט הינט
צום גאַז.
באַגלייט האָט דיך נאָר דער אַנגופיקער ווינט,
דיין איינציקער באַגלייטער.
ער האָט דיך אויפגעזוכט אויף דער שוועל
פון פייער-שייטער,
געוואָלט דיר צום לעצטן מאָל געבן אַ גלעט
אויף די אַלטע, די לאַנגע, די שניי-ווייסע האָר.
אָבער דיינע האָר האָט שוין דער נאַצי
אויסגעריסן און אויסגעגאָלט,
מאַטראַצן מיט זיי צו שטאָפּן,
און אויסצושנאָרכן זיך גוט,
ווען ער וועט זיין שיכור פון עמערס מיט יידישן בלוט.

האָט דער ווינט נאָר געגלעט
דיין נאַקעטן שאַרבן —
און איז צו מיט דיר צו דער שוועל
פון דער קאַמער פון גאַז
און געשעפּטשעט אין אויער דיר שנעל:
אַ גרינגן שטאַרבן,
גוט, אַלט קינד מיינס! —
און אויך דער ווינט איז אַנטלאָפן
פון שרעק,
אָבער דו, מאַמע, מיט אַלע דיינע שוועסטערן און שוועסטערס
שוועסטערן,
ביסט צו דיין יידישן גורל אַוועק.

נישטאָ אַזוי פיל בלוט אין מיין גוף,
וואָס זאָל אין טרערן מגולגל ווערן,
טרערן מיט פייער געזאַלצן,
צו קענען אויסוויינען ביזן סאַמע דנאָ
דעם צער, וואָס דער נאַצי-דייטש האָט דיר געטאָן
אין דער בעלזשעץ-קרעמאַטאַריע,
אַלטע מאַמע מיינע.

נישטאָ אַזאַ אייזן — דעם נאַצים אויגן פון אים אַרויסצוגליען,
נישטאָ אַזאַ קייט — פון זיין האַלדז די נשמה אים אַרויסצוציען,
נישטאָ אַזאַ שטיין — זיין געביין צו צעפּלעטן,
נישטאָ אַזאַ שווערד — זיין קאָפּ פון זיין נאַקן צו קעפּן.

און נישטאָ אַזאַ חיה,
וואָס זאָל פון מיין זכרון,
אַפילו נאָך צוויי-מאָל צען ביטערע יאָרן
פון יעדן טאָג דיך מיט וויי געדענקען
אַלטע, דערשטיקטע מאַמע,
קענען אַרויס פון מיין האַרצן פרעסן,
מיט שטיקער האַרץ צוזאַמען
די מראה פון דיינע לעצטע רגעס
אין דער בעלזשעץ-קרעמאַטאַריע.

אידל וועט זיין דער מענטש,
און העלף-גרייט און גוט,
און אַלע מענטשן וועלן זיין ברידער,
אָבער פריער מוז פון דער וועלט אַוועק,
אין תהום פון פאַרגעסן
דער לעצטער, לעצטער, לעצטער
פון נאַצי-פאַרסמטן בלוט.

און ביז צו דער דאָזיקער שעה,
נישטאָ קיין פאַרגעסן,
נישטאָ, נישטאָ!

# ראַוואַ־רוסקאַ און בעלזעץ אויף דער מאַפּע פון די פאַרניכטונגס־ערטער

אליעזר אונגער

דאָס שטעטל פאַרנעמט נישט אַזאַ געהויבענעם פּלאַץ אין דעם „גלאָררייכן" צוג פון דער ססר"ר־אַרמיי, עס איז נישט מער ווי אַן אייזנבאַן־קנאָטן־פּונקט אויפן וועג, לעמבערג־לובלין, און איצט עבן זענען מיר פּונקט פאַר דעם דעראָבערן פון לעמבערג, בריסק און ביאַליסטאָק — וויכטיקע פעסטונגען פון מיליטערישן ווערט. אָבער ליידער, צו אונדזער אומגליק, פאַרנעמט אָבער דאָס שטעטל אַ זייער וויכטיקן פּונקט אויף דער מאַפּע פונעם לעצטן צוג פון אַ מיליאָן פּוילישע יידן, מערסטנטיילס, מזרח־און מערב־גאַליצישע יידן. די סטאַציע, ראַוואַ־רוסקאַ, איז נעבעך געווען די לעצטע, איידער זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות אין דעם נעענטסטן שטעטל מיטן נאָמען — בעלזעץ (נישט פאַרבייטן מיט בעלז, וואָס איז טאַקע אויך נישט ווייט פון דאָרט).

בעלזעץ — איז דאָס מאַסן־פאַרניכטונגס־אָרט פון פּוילישן יידנטום נאָך טרעבלינקע און אָשוויענטשים. נישט יעדער ווייסט, אַז די וועגן און שאָסייען, וואָס פירן קיין ראַוואַ־רוסקאַ — און פון דאָרט קיין בעלזעץ — זענען פאַרזייעט מיט טויזנטער קברים פון יידן־גבורים, וואָס, זייענדיק כמעט דערשטיקט פונעם קאַלעך און כלאָר, וואָס די רוצחים האָבן אויסגעשפּריצט אין די וואַגאָנען און ווערנדיק כמעט משוגע פון די שרעקלעכע און גרויזאַמע בילדער און געשעענישן אין די דאָזיקע וואַגאָנען, — זענען אין זייער לעצטן מאָמענט געשפּרונגען פון די טויט־וואַגאָנען, וואָס האָבן זיי געפירט צו די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס, וואָס די נאַציס האָבן אויסגעבויט אין בעלזעץ.

אָבער נישט אַלעמען איז געלונגען מיט דעם שפּרינגען — זיך צו ראַטעווען. ווען די אַלע שאָסייען און וועלדלעך זאָלן האָבן מיילער און קענען רעדן — וואָלטן זיי געקענט דערציילן שוידערלעכע און פאָרכטערלעכע מעשיות איבער די יידישע שפּרינגער, יידישע „פּאַראַשוטיסטן". וויפל יידן און פיין האָבן זיי מיטגעמאַכט ביז זיי האָבן געפונען עפּעס אַ באַהעלטעניש פאַר זייער נפש, וואָס האָט געשוועבט צווישן לעבן און טויט!... אַז דאָס שפּרינגען פון דער לויפנדיקער באַן איז שוין יאָ געלונגען — האָבן זיי געקענט אַריינפאַלן אין די הענט פון די מערדער, וואָס האָבן געלויערט אויף זיי, אויף אַ יעדן טריט און שריט. די מערדערישע נאַציס האָבן מודיע געווען דער אַרומיקער גוישער באַפעלקערונג וועגן אַ פּרעמיע פון פינפהונדערט (500) גולדן פאַר יעדן געכאַפּטן ייד און טויטשטראָף פאַר יעדן איינעם, וואָס וועט אויסבאַהאַלטן אַ ייד. נו שטעלט אייך פאָר, וואָס די גויים האָבן זיך אויסגעוועלט! אמת, ס'האָבן זיך געפונען פיינע פּאָליאַקן, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן און דאָס לעבן פון זייערע משפחות, אויסבאַהאַלטנדיק עפּעס אַ ייד; אָבער אַזעלכע זענען געווען זייער ווייניק.

אוי, ווען די האַלץ־שוועלן פון דער אייזנבאַן־ליניע, ראַוואַ־רוסקאַ־בעלזעץ, זאָלן קענען רעדן און דערציילן איבער דעם יידישן בלוט, וואָס איז אויף זיי פאַרגאָסן און פאַרשפּריצט געוואָרן פון די דאָזיקע קרבנות, וואָס עס איז זיי דאָס אַראָפּשפּרינגען נישט געלונגען; ווייל פיל פון זיי האָבן דורך גרויס צומישקייט פאַרלוירן זייער גלייכגעוויכט אוןביים שפּרינגען נכשל געוואָרן, אָדער זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן דורך די וואַגאָנען־שומרים, וואָס האָבן אויף זיי געשאָסן פון מאַשין־געווערן. הונדערטער און טויזנטער שפּרינגער האָבן, טעג און וואָכן, געוואַנדערט אויף פעלדער און וועלדער, מיט צעבראָכענע הערצער און צעריסענע נערוון, מיט צעהאַקטע קערפּערס און אויסגעהונגערטע מאָגנס, כדי צו געפונען עפּעס אַ ווינקעלע, אַ נעסט, אַ מקום־מקלט.

נאָר איינציקע, געציילטע האָבן זוכה־געווען זיך צוריק אַריינצובאַקומען אין ערטער, ווו עס זענען נאָך באַשטאַנען די געטאָס. זיי האָבן געדאַרפט קריכן זייער וועג אין די פינצטערע נעכט און דורך געדיכטע וועלדער, כדי זיך אויסצודרייען פון דעם געיעג, וואָס די נאַציס האָבן אויף זיי אויסגעשטעלט. אין די מיילער פון די „גליקלעכע" יידן, פאַריתומט געבליבענע פון עלטערן, קינדער און גאַנצע משפחות, וועלכע ס'איז געלונגען, נאָך די ערשטע אַקציעס, איבערצובלייבן אין די געטאָס — איז דער נאָמען „ראַוואַ־רוסקאַ" געווען ווי אַ שרעקלעכער געשפּענסט.

כ'געדענק: דאָס ערשטע מאָל האָט מען דערמאָנט דעם נאָמען פונעם דאָזיקן שטעטל אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַרויספירן די יידן פון מיעליץ, אַ שטעטל צווישן ראַוואַ־דוב און דעמביץ; דאַמאָלס איז געווען דער אָנהויב, די ערשטע טרויעריקע טעג, דער ערשטער גירוש אין מערב־גאַליציע און אין פּוילן בכלל. די יידן אין די געטאָס האָבן געהערט וועגן דעם גירוש, אָבער האָבן נישט געוווּסט, וואָס עס באַדייט און מיט וואָס דאָס שמעקט... די רוצחים האָבן זיך באַמיט צו רופן יעדן מאָרד־טאָט זייערן מיט פאַרשיידענע נעמען: „יודען־איבערזידלונג" — „יודען־אויסזידלונג".

דאָס איז געשען אינעם אָנפאַנג מערץ 1942 ; מ׳האָט אַרויסגעטריבן אַלע יידן, אָן אויסנאַם, פון דעם אויבנדערמאָנטן שטעטל און מ׳האָט זיי געפירט אין וואַגאָנען אין דער ריכטונג פון לעמבערג. נאָך אייניקע טעג איז דערהאַלטן געוואָרן פון די אַרויסגעטריבענע, בריוו פון ראַוואַ־רוסקאַ און בעלזעץ. זיי האָבן מודיע געווען זייערע קרובים אין אַנדערע שטעט, אַז זיי זענען אַהין אָנגעקומען בשלום און מיינען זיך צו קענען איינאָרדנען אין די נייע ערטער ; אָבער נאָך אַ חודש צייט האָבן אויפגעהערט אַלע ידיעות פון זיי. מ׳האָט אַרויסגעשיקט „אַריער־גויים״ און „אַריער־יידן״ קיין ראַוואַ־רוסקאַ זיך צו דערוויסן, וואָס ס׳מאַכן די אַרויסגעטריבענע — אָבער אַלע זענען צוריקגעקומען אָן ידיעות. אַלעס איז עפּעס געווען פאַרנעפּלט און איינגעהילט אין סודות און שושקערייען... אָבער נאָכן גירוש־לובלין, נאָכן אַרויסטרייבן די יידן פון די אַלע שטעטלעך פון יענער סביבה, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די פּאָרנדיקע „אַריער״ אין די באַנען — איך בין שוין דאַמאָלס געווען אַן „אַריער־ייד״ — צו סוידען און שושקען צווישן זיך איבער בעלזעץ „ווו מ׳מאַכט פון יידן־פעטס — זייף.

ווי אויפגעציטערט און פאַרווייטיקט ווערט דאָס יידישע האַרץ הערנדיק איבער דעם דאָזיקן „שעכט־הויז!״...

ס׳איז כדאי, אַז די גאַנצע וועלט זאָל וויסן וועגן די מאַסן־מאָרדן אין דעם שטעטל!... דער ערשטער טראַנספּאָרט פון די טויט־וואַגאָנען זענען אָנגעקומען אַהין — אין מערץ 1942 פון מיעליץ. אין אַפּריל זענען אָנגעקומען די טראַנספּאָרטן פון טאַרנאָפּאָל, סטאַניסלאַוו, קאָלאָמיי און לעמבערג, בערך אַ פערציק טויזנט (40.000). אין מאַי — פון ראָפּשיץ, שניאַדאָב און קאַלוש, אַ פינף טויזנט (5.000). אין יוני — אַ צען טויזנט פון קראָקע, טאַרנאָוו, בריגעל און פשעמישל. אין יולי — פון ריישע, זשאבנע, דאָמבראָווע (נעבן טאַרנאָוו), שטשעטשין, דעמביץ, ראַדאָמישל־וויעלקי, פילזנא, יאסלא, פרישטאַק, סאַמבאָר, דראָהאָביטש, באָריסלאַוו, רימאַנאָוו, צאנץ, באָבאָוו און גאָרליץ — אַן אַכט טויזנט. אין אויגוסט זענען אָנגעקומען די גרויסע טראַנספּאָרטן : פון לעמבערג, אַ פופציק טויזנט (50.000) ; פון באָכניע, וויעליטשקי, פּרושוויץ, סקווינע, סאַנאָק — אַ צען טויזנט (10.000). אין סעפּטעמבער 1942, אין די צווייטע „אַקציעס״ זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן אַלע פון סטאַניסלאַוו און געגנט, טאַרנאָפּאָל, קאָלאָמיי, בוטשאַטש, טשאָרטקאָוו און אַלע אַרומיקע שטעטלעך. די אַלע טראַנספּאָרטן זענען געגאַנגען קיין בעלזעץ.

די נאַציס האָבן די אַלע צווייטע „אַקציעס״ גערופן — „יודען־אויסקעמונג״, ס׳הייסט, אַז זיי האָבן אויסגעצוואָגן די געטאָס. אין אויגוסט זענען נאָך געווען טראַנספּאָרטן פון קראָקע, סטאַשוּוו, פּינטשעוו, מיעכוּוו, קאַזשימיעזש־וויעלקי און סאַנדאָמיעזש. לויט דער אָפּשאַצונג פון יידן, וואָס זענען נאָך געווען אין די געטאָס אין אַפּריל 1943, זענען קיין בעלזעץ געשיקט געוואָרן — פון מערץ 1942 ביז אַפּריל 1943 — אַ זיבן־הונדערט־טויזנט (700.000) יידן.

אַלע דורכפאָרנדיקע אין יענער צייט דורך דער געגנט „ראַוואַ־רוסקאַ — בעלזעץ״ פלעגן איבערגעבן, אַז זיי האָבן איינגעאָטעמט מיט דער לופט — רויך פון די פאַרברענטע מתים, וואָס איז אַרויס פון די קרעמאַטאָריע־קוימענס.

וואָס איז שוין איצט וויכטיק, איצט, ווען די רויטע אַרמיי מאַרשירט אַריין אין די אַלע ערטער, ווו עס ליגן אונדזערע הייליקע קדושים, זיי וועלן שוין אַראָפּנעמען דעם צודעק פון די קברים, און מ׳וועט מודיע־זיין דער וועלט, וואָס ס׳האָט אונדז אָנגעטון דאָס מערדער־פאָלק און מיט וואָס פאַר אַ מאָדערנער טעכניק זיי האָבן די מערדערישע מעשים אויסגעפירט, וואָס איז דאָס שוין איצט וויכטיק ?!...

און אפשר סוף־סוף אַז ס׳וועט קומען אַן אָפיציעלע מעלדונג וועגן די מיליאָנען־מאָרד־פאַבריקן, אפשר וועט נאָך געלונגען אָפּצוראַטעווען פון דער נאַצישער חיה, דאָס באַלקאַנער יידנטום, וואָס שוועבט צווישן לעבן און טויט ? זאָל ווערן אַלץ אויפגעדעקט ! הויבט אויף דעם פאָרהאַנג !....

„הצופה״, 24.7.1944



ציור על ארון הקודש בבית־הכנסת בלוד, להנצחת קדושי עירנו,
מאת יעקב גאַרפונקל־קעסלער



ילדי הניצולים מהשואה מדליקים
נרות בעת האזכרה השנתית.
די קינדער פון די לעבן־געבליבע־
נע צינדן אן די יזכור־ליכט.

# איך געדענק דיך, ראווא־רוסקא!

בלומא רובין־שווערט

פון דיר, מיין שטעטל, אוועק אזוי ווייט,
עולה געווען קיין ארץ־ישראל,
כאטש ס׳איז אוועק אזא לאנגע צייט,
זע איך אלץ פון דארט ווי אמאל.

איך זע די בתי־מדרשים, די אלטע קלויז,
פון דארט גיין יידן מאסן,
אויך מנינים פון א רבניש הויז,
פול זענען מיט זיי אלע גאסן.

איך הער דאס קול, ווען דער שמש פלעגט וועקן
צו השכמה, לעבודת הבורא אויפצושטיין,
אין דער שטילער נאכט, פלעגט דאס קול דערשרעקן
די אויפגעוועקטע, די איילנדיקע אין קלויז אריין גיין.

קאלט אין קלויז, די לופט געדיכט,
ביי א שטענדער — איינער מיט א גמרא אדער יורה דעה
ביי א קליינעם ברענענדיקן ליכט,
געלערנט מיט א ניגון, געדרייט א פיאה,

געלערנט אן אויפהער, צו שחרית איבערגעריסן,
גיך, שנעל־דאווענען פלעגן זיי,
קיין צייט אפילו צו עסן, געכאפט א ביסן
פונעם לאנגן הענעכס קאנדיטאריי.

אלע, אלע שטייען מיר פאר די אויגן,
ווי איך וואלט זיי ערשט געזען,
ס׳איז קיין חידוש, דארט געבוירן — דערצויגן,
דארט איז דאך מיין היים געווען.

קיינער האט דאס בית־יתומים־זאל נישט פארגעסן,
די דראמאטישע קלובן־חברים, אלע פעאיק, אינטעליגענט,
מיט דערפאלג פארגעשטעלט די בעסטע פיעסן,
א יעדער האט זיי אין שטעטל געקענט.

כ׳געדענק די ארגאניזאציעס און זייערע פאריינען,
דארט פול ביז שפעט אינדערנאכט;
פארטרעגע, וויכוחים, פארשידנס זייערע מיינען,
אמאל אויך — סתם געזעלשאפטלעך פארבראכט.

איך זע די בעלי־מלאכות, סוחרים, געוועלבלעך, שענקן,
די ירידים, דעם מארק, דאס ראטהויז אין מיטן,
אוי, ווי שווער איז צו דענקן
אז אלץ איז אזוי טראגיש פארשניטן.

פון די אלע יידן זענען מיר איינצעלנע געבליבן,
מיר זענען די יורשים פון זייער ליידן און פיין;
כאטש קיין צוואות האבן די קדושים נישט געשריבן,
אבער נאר געבליבענע פון זיי — קענען די יורשים זיין.

מיר זענען מחויב אין אונדזער לעבן
צוואות — יא צו שרייבן,
די ירושה פאר קומענדיקע דורות איבערצוגעבן,
דעם חוב, חלילה, נישט שולדיק צו בלייבן.

זאל יעדער קומענדיקער דור
ווי מיר, זייער גורל באקלאגן,
עשרה־בטבת, א יארצייט, א יזכור
און א מאסן־קדיש זאגן,
יתגדל ויתקדש!

# מיינע איבערלעבענישן

## פון אַ טאָג־בוך 1939 — 1942

יהושע וואָלפוס ז״ל

אין יאָר 1939 האָב איך ווייטער געהאַנדלט מיט האָלץ. גראָד אין חודש אָקטאָבער, האָב איך געדאַרפט אָנהייבן צו אויסמאַניפולירן אַ שטיקל וואַלד, צוזאַמען מיט מיין זון און איידעם, אין וועלכן מיר האָבן אַריינגעשטעקט אונדזער גאַנץ פאַרמעגן. מ׳האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו רעדן וועגן קריג מיט דייטשלאַנד. היטלער האָט פאַרלאַנגט פון פוילן דעם קאָרידאָר — דאַנציג און אויך אַ דורכפאָר דורך פויזן און שלעזיען. פוילן וואַרפט אַלץ אָפּ. היטלער וואַרפט אָן אַ שרעק. פוילן שליסט אַ פאַקט מיט ענגלאַנד און הייבט אָן צו מאַכן אַ טיילווייזע מאָביליזאַציע. מיר הערן זיך צו, צו די ראַדיאָנייעסן און מיר כאַפּן אַ גרויסן ציטער. דעם 28.8 מאַכט דייטשלאַנד אַ פאַקט מיט סאָוויעט־רוסלאַנד, מיר פאַרשטייען, אַז דאָס האָבן זיי צווישן זיך פאַרטיילט פוילן.

דעם 1טן סעפּטעמבער הייבט זיך אָן די מלחמה. דייטשלאַנד באַפאַלט און באָמבאַרדירט פוילישע שטעט, ס׳זענען פאַראַן פיל טויטע צווישן דער ציוויל־באַפעלקערונג. דעם 7.9, דאָנערשטיק, ווערט שוין ראַווע באָמבאַרדירט מיט באָמבעס פון לייכטן און שווערן קאַליבער. איך נעם די פרוי מיט קינדער און אייניקלעך און מיר אַנטלויפן קיין פרישע, 7 ק״מ פון ראַווע, צו דער שוועגערין. ס׳איז נישט ווייט פון וואַרכראַט. באַלד פאַלן באָמבעס אויף דער בריק און דער באַן־סטאַציע פון וואַרכראַט און פון די וואַגאָנען מיט פליטים, וואָס אַנטלויפן צוזאַמען מיטן פוילישן מיליטער, שלעפּט מען אַרויס 118 ציוויל־טויטע; אָבער קיין יידן זענען דאָרט נישט געווען. ווייל די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן קיין יידן אין די באַנען, צום אַנטלויפן נישט אַריינגעלאָזט. מיר, בערך אַ הונדערט יידישע נפשות, זיצן אַ גאַנצן טאָג אין שעדליסקער וואַלד. די באָמבעס פאַלן פון אַלע זייטן. די שרעק איז נישט צום באַשרייבן. די קינדער וויינען און די גרויסע שרייען: שמע ישראל! כ׳האָב באַפוילן, אַז מ׳זאָל זיך צעשפּרייטן און נישט זיצן צוזאַמען, כדי נישט אַלע מיטאַמאָל געהאַרגעט ווערן. אַזוי, דעם גאַנצן טאָג. ביינאַכט זענען מיר געגאַנגען שלאָפן אין דאָרף. אינדערפרי קריגן מיר אַ ידיעה, אַז די דייטשן זענען שוין אין ראַווע און טאַקע באַלד קומען אָן צוויי אויטאָס מיט דייטשן, זיי זוכן פאַליאַקן. איך פרעג זיי, צי איך קען שוין צוריקפאָרן קיין ראַווע און זיי ענטפערן: יאָ.

ס׳איז געווען ערב ראש השנה. מיר זענען אַלע צוריק קיין ראַווע. דאָרט זענען געווען 20 קרבנות פון די באָמבעס. נעבן מיין הויז איז געשטאַנען דער רויטער קרייץ מיט עסטרייכישע סאָלדאַטן, וועלכע זענען געווען גאַנץ ליבלעבע מענטשן; דאַקעגן אין שטאָט זענען געווען דייטשע סאָל־




יושבים, מימין לשמאל: ר׳ שמואל טריבער ז״ל מניו־יורק, בלומה רובין, טשיווע שיקלער.
עומדים בשורה שנייה: טובה גראף־ריבק, לאה צירינג־שוער, משה יעקב שטיינפעלד, מרים כ״ץ־ראָזען, פתחיה כ״ץ.
עומדים בשורה שלישית: מנדל שמידער, כתריאל ראָזען, גריינידגער־בר־עקיבא אהרן, פרייהייטער־גרינשטיין דבודה.



דאָס גימנאַזיום

דאַטן, וואָס האָבן געשלאָגן יידן און געשניטן בערד. די אָפיצירן זענען אַריין אין די שניט־געשעפטן און זיי אויסגערויבט אויף די אויטאָס. דעם צווייטן טאָג ראש השנה זענען זיי אַריין אין זאַמד־בית־המדרש, ביים דאַוונען, צעריסן דאָס ספר תורה און אויסגעשאָסן פיל מאָל. אַלע יידן זענען זיך צעלאָפן. איך האָב געדאַוונט ביים פּאָטאַליטשער רבין. ווען מיר האָבן דאָס געהערט, זענען מיר אַלע אַוועק אַ היים. נאָר איך, אַלס געוועזענער עסטרייכישער סאָלדאַט, האָב נישט געהאַט קיין מורא. האָב זיך געלאָזט גיין אין בית המדרש אַריין, כדי צו זאַמען צו נעמען דאָס צעריסענע ספר תורה. אויפן וועג טרעף איך גיין דייטשן, וואָס טרייבן יידן. אַ פעלדוועבל וויל מיך מיטנעמען מיט זיי, אָבער איך ווייז זיי מיין פאַרקריפּלטע לינקע האַנט און זאָג, אַז איך בין אַן עסטרייכישער אינוואַליד, האָט ער מיר באַפוילן ווייטער צו גיין, אָבער מיט אַן אַנדערן וועג. איך קום אַריין אין בית המדרש, ס׳ווערט מיר פינצטער אין די אויגן: אַלע ספרי תורה צעריסן, אַ האַלב ספר ליגט אויף דער שוועל, די ש״סן און טליתים צעפליקט און צעריסן. איך נעם אַלץ צוזאַמען, לייג עס אויפן שולחן און דעק עס צו מיט די צעריסענע טליתים און לאָז זיך גיין צוריק. אויפן וועג טרעפט מיך אַ ס. ס. מאַן, וואָס פאַרנעמט מיך אין גימנאַזיום, נעבן בית המדרש, דאָרטן האָבן זיי צוגעריכטעט אַ שפּיטאָל. ער גיט מיר אַ 10 יידן, כדי צו מאַכן אָרדנונג. מיר האָבן דאָרטן געאַרבעט ביז דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג.

דעם 17.9.39 האָט זיך פאַרשפּרייט אין שטאָט די בשורה, אַז די דייטשן ציען זיך צוריק און די רויטע אַרמיי וועט פאַרנעמען זייער אָרט. יעדער ייד האָט שוין געהאָפט אויף דער מינוט, ווייל עס זענען נאָך געווען שיסערייען צווישן פּאָליאַקן און דייטשן און מיר זענען געלעגן די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס. צום סוף טאַקע האָט זיך אין 24.9 באַוויזן דער רוסישער פּאַטראָל און די גאַנצע שטאָט איז אַנטקעגן געגאַנגען מיט גרויס פרייד, צום גרויסן פאַרדרוס פון די דייטשן. די יוגנט איז אַרויף אויף די רוסישע טאַנקן און זיי געקושט און אַלע האָבן געשריגן, אַז משיח איז געקומען. אין זייער מיליטער זענען געווען אַ סך יידן, אין פאַרשידעדענע ראַנגען און אין פאַרשידעדענע דינסטן.

ביסלעכווייז האָט זיך ווידער אַנטוויקלט דאָס לעבן, מ׳האָט אָנגעהויבן ווידער צו אַרבעטן און האַנדלען, כאָטשע האַנדלען איז געווען זייער שווער, ווייל אַ הענדלער האָט געהייסן אַ שפּעקולאַנט און פאַר דער מינדסטער קלייניקייט האָט מען געקריגן תפיסה. מ׳האָט זיך אַפילו געוויצלט און געזאָגט, אַז עס זענען פאַראַן דריי קאַטעגאָריעס מענטשן: די, וואָס זענען שוין געזעסן, די, וואָס זיצן און די, וואָס ברויכן צו זיצן; איינער פלעגט פרעגן דעם צווייטן, צו וועלכער קאַטעגאָריע ער געהערט. — דאָך האָט יעדער, ווער ס׳האָט נאָר געוואָלט, געקענט אַרבעטן, קריגן פּאָסטנס, אַלץ מיט קליינע פאַרדינסטן, אָבער פריי געאָטעמט און נישט פאַרפאָלגט. יידן פלעגן אַפילו גיין שבת און יו״ט דורך די גאַסן מיט שטריימלעך און ווייסע זאָקן, מ׳האָט קיינעם נישט געטשעפּעט. דאָך איז קיינער נישט געווען צופרידן, ווייל מ׳האָט נישט איינגעשטימט מיט זייער רעזשים־אָרדנונגען און יעדער האָט

געהאפט, אז ס׳זאל שוין קומען די ישועה, אבער נישט פון די דייטשן. מ׳האט אנגעהויבן צו נעמען יידן אין מיליטער, אבער מיין זון האט מען באפרייט, ווייל ער און איך האבן געארבעט אין וואלד ביי האלץ אלס מאניפור־לאנטן. מיין איידעם, יאסל פאסט, האט אויך געארבעט אלס מאגאזינער אין א מיליטער־בעקעריי. פרנסה האט קיינעם נישט געפעלט. א חוץ פחד און שרעק, אז מ׳זאל חלילה נישט אריינפאלן אין תפיסה. אויך די גוים, וועלכע מ׳האט געצווינגען זיך צו ארגאניזירן אין קאלכאזן, זענען ארומגעגאנגען נישט צופרידן.

**זונטיק, 22.6.41.** דערוויל האבן מיר זיך צוגעהערט צו די ראדיא־ידיעות פון דער גאנצער וועלט און באזונ־דערס פון לאנדאן, צו וועלכע מיר האבן געהאט דעם גרעסטן צוטרוי. אין יוני האלט דער ענגלישער ראדיא אין איין מעלדן, אז דייטשלאנד גרייט זיך אנצופאלן אויף רוסלאנד און ס׳וועט צווישן זיי קומען צו א מלחמה. די רוסן לייקענען דערוויל אפ, אבער שוין דאנערשטיק, דעם 19טן באווייזן זיך די ערשטע דייטשע עראפלאנען און טאקע זונטיק פרי, א זייגער 5, איז דער גאנצער הימל געווען אפגעדעקט מיט זיי און ווי איך האב געהערט פון דעם ענגלישן ראדיא, האט זיך די מלחמה קעגן רוסלאנד אנגעהויבן און זי גייט אן אין פולן ברען. איך עפן דעם דייטשן ראדיא און הער זיך צו צו זייערע ווילדע גע־שרייען, אז זיי גייען באפרייען די וועלט פון דעם יידישן קאמוניזם. ס׳ווערט אויפן הארץ זייער טרויעריק, מ׳ווייסט נישט וואס צו טאן, וואוהין צו לויפן, ווו זיך אויסבאהאלטן פון די, אויף דער שטאט פאלנדיקע באמבעס, ווייל דער־וויל גייט דער קאמף צווישן די רוסן און די דייטשן אן אין פולן ברען. די רוסן פארטיידיקן זיך זייער העלדיש, אלע שטעט און דערפער ארום שטייען אין פלאמען, צום סוף צינדן די רוסן אונטער אלע מאגאזינען און הייבן זיך אן צוריקציען אויף אלע פראנטן. מיר זענען אויף גרויסע צרות, לויפן אוועק פון אונדזער גאס, ווו ס׳איז אנגעגאנ־גען א גרויסע מלחמה, צו דער ווארשאווסקע־גאס, ביי די ליבערמאנס אין קעלער; אבער דארטן זענען געווען פיל יידן מיט קליינע קינדער, ענג, אזוי אז מ׳האט נישט געקענט אטעמען און ווען ס׳איז געווארן אביסל שטילער, זענען מיר צוריק אין אונדזער הויז; אבער מיר האבן ווידער נישט געקענט דא בלייבן, ווייל ארום און ארום האט געברענט. מיר זענען אריין ביי לאטאוויצן אין קעלער, נאכדעם ווי מיר זענען אויך געלעגן א טאג ביי צימער־מאנען אין בעקעריי.

פרייטיק, א זייגער 2 בערך נאכמיטאג, האט זיך שוין באוויזן דער דייטשער פאטראל און אויף אונדז יידן איז שוין אנגעפאלן א גרויסער פחד און שרעק. דאקעגן די אוקראינער און פאליאקן האבן זיך זייער געפרייט; זיי האבן זיך געווארפן אויף די מאגאזינען, וואס די סאוויעטן האבן איבערגעלאזט, פול מיט שפייזן, לעדער, מאנופאק־טור, די גראלניע מיט בראנפן, און אלץ אויסגערויבט. ערשט אין אוונט זענען מיר אוועק אהיים, אבער מיר האבן באלד געקריגן ידיעות, אז די דייטשן שלאגן און פייניקן יידן, שניידן די בערד און אויך א פאר יידן גע־שאסן. די אוקראינער הייבן אויף די קעפ און שלאגן אויך יידן. זיי האבן זיך געמאכט א מיליץ און אריינגענומען אלעמאל אן אנדערן יידן און געשלאגן.

די דייטשן האבן געגעבן א באפעל, אז אלע יידן, פרויען און מענער, אין עלטער פון 16 ביז 60 יאר, זאלן זיך, יעדן אינדערפרי א זייגער 7, שטעלן אין רינעק צו דער ארבעט. ביי דער ארבעט האט מען געשלאגן און געפייניקט און די יידן האבן געמוזט האלטן אראפגעלאזט די קעפ. מיר האבן זיך, א פאר מענטשן, אויסבאהאלטן אויף די בוידעמס. לויט דעם באפעל פון דעם שטאט־קאָ־מענדאנט, האט זיך זונטיק, דעם 31.6 געשאפן א יודען־ראט, מיט דעם „פרעזעס" שווייצער בראש, וועלכער איז נישט געווען קיין נארמאלער מענטש — נאר א משוגע־נער. דער יודן־ראט האט פארטיילט יידן צו דער ארבעט, וויפיל מ׳האט פארלאנגט.

דעם טאג האב איך מיר דערלויבט צו גיין צום שע־רער זיך אפצושערן. זיצנדיק אויפן שטול, פאלן אריין צוויי דייטשן און פרעגן מיך: „יודע"?" איך ענטפער: „יא!" — נעמט איינער און רייסט פון מיר אראפ דאס ליילעך און דער צווייטער דערלאנגט מיר מיט א נאהייקע איבער דער פלייצע. ווען איך פרעג זיי: „ווארום שלאגן זי?" — באקום איך ווידער גוט געשלאגן. איך לויף ארויס און זיי האלטן אין איין שלאגן. אין דרויסן זענען געשטא־נען בערך א 65 צוזאמענגעטריבענע, צעשלאגענע און צעבלוטיקטע יידן און 10 סאלדאטן מיט ביקסן, טרייבן אונדז איבער דעם רינעק און האלטן אונדז אין איין שלאגן. פרויען, וואס זייערע מענער האט מען אויך געטריבן, האבן געפרוווט פראטעסטירן, אבער די סאלדאטן האבן זיי גע־שטאכן מיט די באגנעטן און געשמיסן מיט די נאהייקעס. ס׳זענען געווען צווישן זיי יידן אין עלטער פון 70 ביז 80 יאר. איך האב מיך נאר געשעמט פאר די פרויען, ווייל ס׳איז פונקט דעם טאג געווען מארקטאג, זיי האבן געלאכט, ווי מ׳פייניקט יידן. מ׳האט אונדז געהייסן זינגען און ווער ס׳האט נישט געזונגען, האט מען שטארק צעשלאגן; יעדער האט פאר זיך געזונגען און איך האב פאר מיר גע־זונגען די „התקוה". נאכדעם האט מען אונדז געהייסן

לויפן; אָבער לויפן, מיט דעם גאַנצן כוח; די סאָלדאַטן האָבן אונדז אונטערגעטריבן מיט די קאָלבעס, אַזוי אַז פון אונדז און אויך פון זיי זענען גערונען טייכן שווייס, ביז מיר זענען אָנגעקומען צו דער באַן־סטאַציע. דאָרטן האָבן געמוזט אַלע אויפלאָדן אויף אַ וואַגאָן פאַרשידענע אַרבעטס־געצייגן און אייזערנע שינעס און אַרויפגייענדיק אויפן וואַגאָן, האָבן מיר געקריגן געשלאָגן, איבער די קעפּ און פּנימער, ביז בלוט, אַזוי לאַנג, ביז דער לאָקאָמאָטיוו האָט אונדז אַוועקגעפירט ביז קיין הרעבענע. דאָרט, ביים באַן, האָבן אויך געאַרבעט אַ 100 סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך צו אונדז שוין אַביסל אַנדערש באַנומען און נאָך אַ טאָג אַרבעט, האָט מען אונדז צוריקגעבראַכט אַהיים. נאָכדעם האָב איך זיך שוין אויסבאַהאַלטן אין שטוב און מער אויף דער גאַס, אָדער אין שטאָט נישט געגאַנגען.

דערווייל האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות, אַז מ׳האָט אויסגעהאַרגעט אין לעמבערג 2.000 יידן און נאָך 15.000 אַוועקגעפירט און מ׳ווייסט נישט, ווו זיי זענען אַהינגעקומען. אויך פון גאַנץ מזרח־גאַליציע קומען אָן זייער טרויעריקע ידיעות, אַז די אוקראַינער האָבן אויסגעהאַרגעט אַ 30.000 יידן. ביי אונדז און אין דער געגנט, האָט די געסטאַפּאָ געכאַפּט אַ 250 יידן, מ׳כלומרשט אַלס קאָמוניסטן, און ביז היינט נישטאָ קיין זכר פון זיי.

## דער יודען־ראַט

דער יודען־ראַט, וועלכן די מאַכט האָט אויפגעשטעלט אַלס אַ רויב־אינסטיטוציע, האָט אַרויפגעלייגט אויף יעדן 5.000 מאַרקן און אויך אַוועקגערויבט פאַר די דייטשן, אַלע שיינע מעבל, אַנציגער, לעדער, קרעמערמענטל, שטיוול, עס־צייג, נעגל, בענזין, פאַרב און אַלץ, וואָס דער דייטש האָט געברויכט. האָט דער יודען־ראַט געמוזט ליפערן. דער „פּרעזעס" שווייצער, אַ משוגענער הונט, האָט די יידן געשלאָגן און אויף ווען ער איז געווען בייז, האָט ער געזאָגט, אַז ער איז אַ קאָמוניסט און דאָס האָט געשמעקט מיט טויט־שטראָף. ווער דער שווייצער איז געווען האָט קיינער אין שטאָט נישט געוווסט; ווען די רוסן זענען ביי אונדז געווען — איז ער געווען אַ טרעגער, ביי די דייטשן האָט דער שטאָט־קאָמענדאַנט אים געמאַכט פאַר אַ פּרעזעס און דעם באַליבטן דר. מאַנדעל אונטער זיין האַנט. נאָר אַזוי ווי ער האָט געפילט דעם דר. מאַנדעל אַלס זיין קעגנער, האָט ער זיך געסטאַרעט ביי דער געסטאַפּאָ, אַז מ׳זאָל דעם זייער געאַכטן דר. מאַנדעל אַוועקפירן און ביז היינט ווייס מען נישט ווו ער איז אַהינגעקומען. דאַמאָלס האָט שוין שווייצער געקענט ווייטער זיינס פירן, געשלאָגן וועמען ער האָט געוואָלט, גערויבט וואָס ער האָט געוואָלט. פאַר די דייטשן און פאַר זיך, האָט איינגעאָרדנט שיינע צימערן און יידישע מיידלעך האָבן אים באַדינט אַזוי לאַנג, ביז ס׳איז אָנגעקומען אַ פרישער קרייז־קאָמענדאַנט, וועלכער האָט געזען, אַז דער „יודע" שווייצער איז נישט קיין נאָרמאַלער מענטש און האָט איינגעאָרדנט וואַלן צום „יודן־ראַט".

אויף דער קאַנדידאַטן־ליסטע האָט מען שוין דעם שווייצער נישט געשטעלט און אַזוי ווי ער האָט געזען, אַז ער איז פאַרלוירן, האָט ער אָפּגעמסרט, אַז די קאַנדידאַטן האָבן אַליין אַגיטירט פאַר זיך און די דייטשן האָבן די וואַלן בטל געמאַכט, נאָך צוויי וואָכן זענען ווידער פאָרגעקומען וואַלן, מ׳האָט אויסגעקליבן 12 ראַווער איינוווינער פון דער אינטעליגענץ, סוחרים און אַרבעטער. אַלס פּרעזעס איז אויסגעווילט געוואָרן דער דענטיסט הערמאַן ליפּעל. זיי האָבן ווייטער געפירט די זעלבע טעטיקייט, אָבער אויפן באַלעבאַטישן אופן; מ׳האָט זיך געקענט באַקלאָגן און מ׳האָט נישט מער געשלאָגן. נאַטירלעך, אַז ווען די דייטשן האָבן געוואָלט שלאָגן אַ ייד, כדי זיך לוסטיק צו מאַכן, האָט דער יודן־ראַט אויך נישט געקענט העלפן, ווייל נישט איינמאָל האָט אַ מיטגליד פונעם יודן־ראַט אויך אַריינגעכאַפּט. אַמאָל, ווען מ׳האָט פאַרנומען דעם יודן־ראַט אויף דער פּאָליציי און געפאָדערט פון זיי: 3 קרעמערמענטל, 5 אַנציגער און 15 פּאָר באָקס־שטיוול — האָט דער שעף פון דער זשאַנדערמעריע געגעבן אַ קאָפּ ר׳ מענדעלע זייף אין שלאָס אַריין, איז ער 8 טעג געלעגן אין בעט.

אַמאָל, ווען דאָס יידישע אַרבעטס־אַמט האָט צוגעשטעלט עטלעכע יידן אין דער זשאַנדערמעריע אויף אַרבעט און די זשאַנדאַרן האָבן זיך געוואָלט איבער די יידן לוסטיק מאַכן, האָבן זיי נאָכגעלאָזט אַ שאָף־באַראַן, אַז די יידן זאָלן אים כאַפּן, ווען נישט, וועט מען זיי דערשיסן. און ווען מ׳האָט אים שוין יאָ געכאַפּט, האָבן זיי אים ווידער נאָכגעלאָזן, אַז מ׳זאָל אים ווידער כאַפּן, די יידן זאָלן לויפן אין רינענדיקן שווייס און זיי, מיט גרויסע געלעכטערס, האָבן זיך אונטערגעהאַלטן. נאָכן כאַפּן דעם באַראַן האָט מען זיי געהייסן שטופּן שנעל אַן אויטאָ, ער זאָל זיך אָנצינדן. האָבן זיי געשטופּט און דער אויטאָ האָט זיך נישט געקענט אָנצינדן, איז דער ווילדער קאָמענדאַנט אַרויף אויף די יידישע יינגלעך און זיי מערדערלעך צעשלאָגן.

אַמאָל זענען 2 זשאַנדאַרן מיטן קאָמענדאַנט קליין געקומען צו מיר אין שטוב, מ׳כלומרשט זוכן דעם ראַדיאָאַפּאַראַט. מיין פרוי און טאָכטער דערקלערן זיי, אַז 2 סאָלדאַטן פון דער אַרמיי האָבן אים שוין לאַנג אַוועקגע־

נומען; אָבער זיי מאַכן אַ רעוויזיע אין די שאַפעס, אין די נאַכט־קעסטלעך, אויף די בוידעמס און זיי האָבן נישט געפונען, ווייל איך האָב אים נישט אָנגעגרייט פאַר זיי. ווערנדיק אין כעס, האָט ער מיין טאַטער סאַדיסטיש געטרעטן מיט די פיס און זעענדיק ביי איר אַ פוטער־זשאַקעטל, האָט ער עס גלייך געהייסן אָפטראָגן צו זיך אין ביורא, פאַר זיין געליבטער.

דערווייל האָט מען אָפּגענומען שלעכטע בשורות פון לעמבערג, אַז מען מאַכט דאָרט אַ געטאָ. אַלטע מענטשן, אָדער קאַליקעס נעמט מען אַוועק, מ׳רעכנט, אַז מ׳שיסט זיי אויס. יונגערע מענער און פרויען פירט מען אַוועק אויף אַרבעט. יידן מוזן פאַרלאָזן זייערע וווינונגען און אַריבער אין געטאָ. בשעתן איבערפירן די זאַכן אין אַ וועגעלע, רופט דער דייטש אַוועק דעם אייגנטימער, דעם יידן, און דער געדונגענער פויער פאָרט זיך אַוועק מיט די זאַכן וווהין ער וויל. אַזעלכע מעשיות הערט מען יעדן טאָג. דאָס בלוט אין די אָדערן ווערט פאַר שרעק פאַרגליווערט. באַלד קומט צו פאָרן אַ פרוי פון בזשעזשאַן און דערציילט, אַז דאָרט האָבן די אוקראַינער דערשאָסן 80 יידן, דאַרונטער איר מאַן מיט 2 זין און זיי ליגן אין איין גרוב באַגראָבן. דעם בעלזער רבינס אַ זון מיט נאָך 5 יידן האָבן זיי לעבעדיקערהייט פאַרברענט. מען הערט וועגן אַ זעלכע מערדערייען, אַז ביי טאָג און ביינאַכט לעבט מען אין מוראדיקן שרעק.

מיר לעזן אין אַ דייטשער צייטונג, ווי געבעלס שיטפעך און שוועבל אויף יידן און באַשולדיקט זיי, אַז יידן זענען שולדיק, וואָס אַמעריקע גייט אַריין אין קריג. פאַר אַלעמען שלאָגט מען דעם ייד. האָט די אַרמיי אַ מפלה אויפן פראָנט — שלאָגט מען דעם ייד, וויל עפעס אַ זשאַנדאַרם אַ גאָלדן זייגערל אָדער אַ פאָר באָקס־שטיוול, שלאָגט מען יידן און מען דראָט אויסצושיסן אָדער אַוועקפירן טויזנט פון זיי אין לאַגער. און יידן פאַרקויפן פון זיך דאָס לעצטע העמד און מען גיט אַלץ אַוועק, ווייל יעדער וויל בלייבן לעבן.

איך האָב אָרגאַניזירט אַ 40 יידן, מיר גייען אין וואַלד אַלס וואַלד־אַרבעטער, איך אַלס גרופן־פירער, מ׳פאַרדינט איינגאַנצן 2 זל׳ אַ טאָג, מ׳גייט יעדן טאָג אין וואַלד אַריין צופוס, 8 קמ׳ אַהין און 8 קמ׳ צוריק, אָבער מ׳איז צופרידן, וואָס מ׳קען פטורן די שטאָט אויף אַ גאַנצן טאָג. מיר קריגן ספעציעלע דערלויבענישן צו גיין, גילטיק בלויז 15 טעג, ביים פאַרלענגערן די גילטיקייט נעמט דער יודן־ראַט 3 זל׳ ביי יעדן. אַ גרויסער טייל פון אונדז גייען אין וואַלד אַריין הונגעריק. ווען ס׳איז נאָך געווען וואַרעם אין דרויסן, פלעג איך אַריין אין נאָענטן דאָרף שעדליסק צו באַקאַנטע פויערן און אויסגעבעטן ביי זיי קאַרטאָפל און דאָס האָט מען געבראָטן און געגעסן.

אַזוי לעבן מיר אין שרעק און פחד, אָבער וואָס מ׳הערט זיך אָן פון אַנדערע שטעט, זאָגט מען, אַז ביי אונדז אין ראַווע איז נאָך ארץ־ישראל. אין אַנדערע שטעט איז פיל ערגער, ווי דהיינו: אין קאַמיאָנקע סטרומילאָווע האָט מען צוגענומען 750 יידן מיט שוואַנגער־פרויען און קינדער און זיי אַוועקגעפירט און מ׳ווייזט נישט וואַהין; אין יאַוואָרוב האָט מען אַלע יידן אַריינגעטריבן אין אַ געטאָ, זיי באַרויבט, געשלאָגן און געהאַרגעט. איין גאָט אין הימל ווייסט, וואָס מיט אונדז נאָך וועט געשען, דערווייל לעבן מיר אין שטענדיקן פחד, ווייל אויף די פראָנטן איז נישט פאַר אונדזערע באַלעבאַטים ווי אַמבעסטן, וועלן זיי באַשטימט זיך וועלן אָפּרעכענען מיט אונדז; נאָר מיר לעבן מיט האָפנונג, אַז השי״ת וועט אונדז היטן.

מיר הערן פון לעמבערג, אַז דאָרט הערט נישט אויף דער טעראָר, מ׳האַרגעט און מ׳שיסט יידן אין די גאַסן. אויך אין ראַווע, ווען אַן אַלטער ייד פון 70 יאָר איז אַרויס פון שטוב און האָט זיך ערשט אין דרויסן אָנגעטאָן די געלע לאַטע, האָט דאָס אַן אָפיציר דערזען און האָט אים גלייך פאַרנומען און ער איז מער נישט צוריקגעקומען. אַפילו די פאָליאַקן און די אוקראַינער, נאַטירלעך, די אָנשטענדיקע, הייבן שוין אויך אָן צו רעדן, אַז דאָס באַרבאַרישקייט פון די דייטשן איז שוין צופיל. זיי האָבן געזען: אין ראַוואַ רוסקאַ איז געווען אַ לאַגער פון געפאַנגענע, 12.000 מאַן, איצט זענען געבליבן אַ פאָר הונדערט, דער רעשט איז אויסגעשטאָרבן פון הונגער און פון שלאָגן; יעדן טאָג פירט מען אַרויס אויף דער וואָלקאַוויצע, ווו מ׳באַגראָבט די דערמאָרדעטע, מיט אַ טראַקטאָר, פון 80 ביז 90 טויטע. מאָנטיק, פירט מען אַרויס 2 מאָל. אַלע יידישע געפאַנגענע האָט מען אויסגעשאָסן.

איצט, ווען די שרפה האָט שוין אַרומגענומען די גאַנצע וועלט און די דייטשן באַשולדיקן די יידן — „דאָס אינטערנאַציאָנאַלע יודנטום", אין אַלעמען, לעבן מיר ווידער אין גרויס שרעק, ווייל מיר זעען, וואָס עס דערוואַרט אונדז. איצט, איז ווייַנאַכטן־צייט און דער יודן־ראַט נעמט ווידער שטוב־זאַכן און געלט פאַר די דייטשע באַאַמטע. נעכטן זענען געפאָרן 3 יידן אין וואַלד אַריין נאָך האָלץ, נעבן הרעבענע האָבן סאָלדאַטן זיי אַראָפגעשלעפט פון די וועגענער און זיי דערשאָסן. גאַנץ לעמבערג איז אָפּגערויבט און קעגן אַ 40.000 יידן, פרויען מיט קינדער אַוועקגעפירט. 20 פאַמיליעס וווינען אין איין שטוב. דאָס שאַפן דעם געטאָ האָט מען פאַרלענגערט ביזן 1.3.1942 צוליב דעם, וואָס

ס'איז נישט געווען מעגלעך איבערצופירן אַלע יידן פון די אַרישע שטאָט־טיילן אין אַזאַ קורצער צייט.

שבת, דעם 3טן יאַנואַר 1942, האָט מען ווידער געשאָסן צוויי יידן און אַ פרוי, אָן אַ פאַרוואָס און אָן צו וואָרענען. די פרוי, וואָס האָט געוווינט מיט אַ מאַן און צוויי קינדער אויף דער שיבעלניע, איז געגאַנגען אין שטאָט באַזאָרגן ברויט, האָבן זי די סאָלדאַטן דערשאָסן. דער מאַן איז פון צרות משוגע געוואָרן.

זונטיק האָט מען אַרעסטירט חשובע יידן פון שטאָט, ווי פראָפ. טענענבוים, דר. שפאַץ און אַנדערע, מיט אַ דרוק, אַז אַלע יידן מוזן אָפּגעבן יעדער פוטערוואַרג האָט מען אָפּגעטראָגן פעלצן, קרעמערמענטל, אַראָפּגענומענע קראַגנס און שטראַמלעך און נישט איבערגעלאָזן קיין שטיקל פוטער אין שטוב. אויך האָט מען צוזאַמענגענומען אַלץ פון גאָלד, כדי צו גרייטן 2 קג' גאָלד אַלס שטראָף־קאָנטריבוציע פון ראַווער יידן. דאָס יידישע לעבן און פאַרמעגן זענען גע־וואָרן הפקר.

ווידער גייען אַרום די זשאַנדאַרמען אין שטאָט און שלאָגן יידן מיטן אויסרייד, אַז זיי טראָגן שמוציקע לענ־טעס. שבת האָט מען געטראָפן אַ „מנין" דאַווענען, האָט יעדער געמוזט באַצאָלן 10 זל' שטראָף. מ'דערציילט, אַז אין בזשעזשאַן האָבן זיי באַפוילן יידן אַליין אויסגראָבן אַ גרוב און זיי דאָרט לעבעדיקערהייט פאַרשיט.

מ'איז נישט אומשטאַנד מיט פעדער און טינט דאָס ווילדקייט פון די באַרבאַרן צו באַשרייבן; ווער ווייסט, אויב מיר וועלן דאָס קענען איבערהאַלטן. מ'זאָגט, אַז ס'איז דאָ אַ געהיימע אינסטרוקציע, אַז ווען מ'טרעפט אַ ייִדן הינטער דער שטאָט, זאָל מען אים זאָפאָרט, און אָן צו וואָרענען, דערשיסן. ביי אַ גרויסן טייל יידן איז דער הונ־גער זייער גרויס און ווערן אויך געפרוירן פון קעלט. ביי מיר און ביי מיין טאָכטער איז דערווייל ב"ה קיין הונגער און קעלט נישטאָ, ווייל מיר האָבן באַזאָרגט שפייז און מעל, אויך האָלץ ביז צום זומער. גאָט זאָל העלפן מיר זאָלן נאָר בלייבן לעבן און איך זאָל נאָך זוכה זיין צו זען מיינע צוויי קינדער צוריק פון רוסלאַנד.

ווי מיר לעזן צווישן די שורות אין די דייטשע צייטונ־גען, ווייל ראַדיאָ טאָר מען נישט הערן, האָבן די דייטשן גרויסע מפלות פון די רוסישע אַטאַקעס, אָבער מיר לעבן אין שטענדיקן פחד און מורא, אַז עס זאָל נישט אויסגיין צו אונדזערע קעפּ; ווייל מיר הערן זיך אָן פון פאַרשידענע יידישע צרות, ווי מ'פייניקט און מ'האַרגעט יידן און מ'טאָר נישט פאַרלאָזן דאָס אָרט און איבערגיין אין אַ צווייטן.

די 2 קג' גאָלד, וואָס מ'האָט צוזאַמענגענומען, האָט מען אָפּגעגעבן דער געסטאַפּאָ און די פאַרניכטונגס־גרופּע איז אָוועקגעפאָרן. אין שטאָט איז אַ גרויסע עפּידעמיע פון בויך־טיפוס און פלעקן־טיפוס, ס'שטאַרבן פיל מענטשן. אַממייסטן איז די עפּידעמיע ביי קריסטן און דייטשע סאָל־דאַטן שטאַרבן אויך. איך האָב פון אויפרעגונג געקריגן אַ האַרץ־פעלער און באַקום יעדן טאָג שטאַרקע אַנפאַלן. ווי לאַנג דאָס וועט אַזוי דויערן און אויב מ'וועט קענען די צרות איבערטראָגן, ווייס מען נישט; מ'לעבט מיט האָפע־נונג און עס פאַרגייען טעג מיט נעכט בלויז מיט נאָכקלערן און אָן צו קענען שלאָפן.

שבת דעם 17.1.1942, זענען געקומען קיין ראַווע פיר געסטאַפּאָווצעס מיט 5 לאַסט־אויטאָס, מיטן פאַרלאַנג פון ראַווער קרייז פון 250 מענטשן צו אַן אַרבעטס־לאַגער. צום קרייז געהערן: פּאַטאַליטש, נעמיראָוו, לובאַטשוו, מאַגיע־ראָוו און הובנאָוו. זונטיק האָט מען שוין אַנגעהויבן אין די אַלע שטעט צו כאַפּן, אַפילו פון שלאָף, מענטשן; ס'איז געווען אַ שרעקלעכע זאַך; די קליינע שטעט האָבן געכאַפּט דאָרפס־יידן. די אוקראַינישע מיליץ האָט געמאַכט אַ שווער פאַרמעגן, ווי גאָלדענע זייגערס, אַנציגער, ביעלסקער שטאָפן און ווער ס'האָט זיי געגעבן שוחד, דעם האָבן זיי אָפּגעלאָזן און גענומען אַנדערע אָרעמע. אין ראַווע האָט מען זונטיק געכאַפּט רייכערע קינדער און דער יודן־ראַט האָט ביי זיי גענומען צו 2 — 3 טויזנט זל' און זיי אָפּגע־לאָזן. דאָקעגן מאָנטיק און דינסטיק האָט מען גענומען אָזעלכע מענטשן, וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט געדעקט. דינסטיק האָט מען זיי אַרויפגעזעצט אויף די אויטאָס. פון ראַווע זענען געווען אַ 170 יידן.

פאַרן אָפּפאָרן האָט די געסטאַפּאָ פאַרלאַנגט, ביז 20 מינוט, נאָך 8 רייכסטע יידן, אַז נישט וועלן זיי ווייזן, וואָס זיי קענען. דער פרעזעס ליפעל האָט גענומען מיט זיי אונ־טערהאַנדלען און האָט זיי געגעבן 3 קג' גאָלד און ברי־ליאַנטן און זיי זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון טאַר־נאָפּאָל.

אינצווישן האָט מען געמאַכט אַ זאַמל־אַקציע פון עסנ־וואַרג און וואַרעם אָנגעטועכץ, ווייל ס'איז געווען אַ פראָסט פון 25 גראַד. אין שטאָט איז געווען אַ גרויסער טרויער און די געוואַלדן און געוויינען זענען געגאַנגען עד לב השמים. דערנאָך האָבן מיר געהערט, אַז טייל פון זיי האָט מען גע־שיקט קיין ווינניק אין אַן אַרבעטס־לאַגער און דעם רעשט קיין בזשעזשאַן, דאָרט אַרבעטן זיי אויף די וועגן ביים שאָרן שניי, 10 שעה אַ טאָג, באַקומען 20 דק"ג ברויט און 2 מאָל אין טאָג אַ ביסל זופּ מיט פערד־פלייש. די אויפזיכט איבער זיי האָבן די ס. ס. און אוקראַינער און ווער ס'ווערט אָפּ־געשוואַכט און קען נישט אַרבעטן, ווערט תיכף דערשאָסן. ווער ס'האָט געלט קאָן זיך אויסקויפן און אַנטלויפן.

אַזוי איז טאָקע געלונגען אַ באַקאַנט יינגל צו אַנטלויפן, נאָכן באַצאָלן געלט, איז ער געקומען מיט אָפּגעפּרווירענע פּיס. אַזוי זעט אויס די נייע ציוויליזירטע אָרדענונג, אויף יעדן שריט און טריט, נאָר כאַבאַר, שוחד, רויב און מאָרד און נאָר אויף די שוצלאָזע יידן.

איך און מיין זון שמעון, אַרבעטן אין וואַלד אַלס האָלץ־מאַניפּולאַנטן. מיטאַמאָל קומט אַ באַפעל אָפּצוזאָגן די יידן. דער לעשניצשע ביל האָט אויף אונדזער אָרט צוגענומען 2 אוקראַינער. אָבער אַזוי ווי זיי האָבן אים אָנגעמאַכט גרויסע פאַכמענישע פעלער, האָט ער אונדז גערופן צוריק. מיר האָבן באַקומען גוטע פּאַפּירן מיט דאָקטערישע געזונט־צייגענישן, אַז מיר קענען זיך פריי באַוועגן אין גאַנצן קרייז און מיר זענען געווען גליקלעך, וואָס מיר זענען נישט אין געפענגעניש.

היינט איז דער 10טער פעברואַר. מ'שיקט אַוועק די סאָלדאַטן פון הינטערלאַנד אין פראָנט. ס'ווייזט אויס, אַז ס'איז ביי זיי נישט ווי אַמבעסטן. זיי זענען טרויעריק, זיי ווייסן, אַז ס'דערוואַרט זיי אַ זיכערער טויט. כן יאבדו! אָבער ביי אונדז יידן איז זייער נישט גוט. אין אַלע שטעט און שטעטלעך וואַקסט דער עלנט, פחד און הונגער. אַ קילאָגראַם קאַרטאָפל קאָסט שוין 2 זל', אַ קג' קאָרן־ראַזשעווע מעל, געמאָלן אויף אַ זשאַרנע, קאָסט 9 זל', די אָרעמע באַפעלקערונג, סיי יידן סיי גויים, זענען הונגעריק און די „יודן־ראַטן" רייסן פון טויט און לעבעדיק, פאַר די דייטשע און אוקראַינישע אַדמיניסטראַציע, אַז נישט דראָט מען זיי מיט תפיסה און שיסן.

היינט האָט מען פאַרלאַנגט אויסצומעבלירן 30 צימערן פאַר אַ דייטשן קינדער־היים, די קינדער וועט מען ברענגען פון דייטשלאַנד. אין שטאָט זענען קראַנק פיל מענטשן און יעדן טאָג שטאַרבן פון זיי פון 8 — 10. ביז איצט האָבן נאָך מענטשן געהאַט „פּרנסה" פון דעם, וואָס מ'האָט אויסגעקויפט פון זיך אַלץ, ווי אַנציגער, העמדער, ציכן, אַ טייל אַ שטיקל מאַנופאַקטור, אַ וואָגן, אַ שליטן, אַנדערע שטוב־זאַכן, ווי באַנניעקיס, עמערס און קאַנען. איצט האָט זיך דאָס געלט אויסגעלאָזט, ס'זענען נישטאָ קיין אָפּנעמער און אַלץ איז געוואָרן ביליק. אַלע פוטער־זאַכן האָט מען אַוועקגעגעבן דער רעגירונג און ווען עמיצער האָט עפּעס באַגראָבן אין דער ערד, וואָס וועט זיכער פאַרפוילט ווערן, האָט ער דאָס מורא אַרויסצונעמען. מ'ווערט יעדן טאָג אָרעמער, הונגעריקער און ס'דראָט אַן אונטערגאַנג. אין שטאָט הערשט וואָס מער דער טעראָר. אַ טייל פאַליאַקן האָבן זיך פאַרשריבן אַלס פאָלקסדייטשן און צוזאַמען מיט די אוקראַינער באַקומען פּאָסטנס אַלס געסטאַפּאָ־אַגענטן. זיי גייען אַרום און מאַכן רעוויזיעס ביי יידן, לאָזן זיך איבערקויפן און אַזוי ציט מען אַרויס פונעם יידן דאָס לעצטע.

ווי מ'שמועסט, גרייט מען צו אייניקע גאַסן און אַרומנעמען זיי נאָר פאַר יידן, מיין גאַס „פּרעדרע" וועט אויך זיין דערונטער און יידן קלייבן זיך שוין אַריבער אין אונדזער פּערטל, כדי נישט צו וואַרטן אויף דער לעצטער מינוט, ווען עס וועט אַנטשטיין אַ פּאַניק. ווידער איז געוואָרן פאַרשאַרפט די יידישע לאַגע, נאָך היטלערס רעדע צו פאַרניכטן די יידן. פון טאָמאַשאָוו לובעלסקי האָט מען אַרויסגעפירט 500 יידן קיין טשעשאַנוב, פון זיי האָט מען 14 געשאָסן, ווייל זיי זענען נישט געשטאַנען גראַד אין די רייען. די יונגערע פון 42 יאָר האָט מען איבערגעלאָזט פאַר אַרבעט. אין טשעשאַנוב שטאַרבן די מענטשן אין די גאַסן פאַר הונגער.

דעם 3טן און 4טן מערץ 1942 איז געווען אין ראַווע אַ פערד־מוסטערונג פאַרן מיליטער. האָבן די דייטשן אַרויסגענומען עלטערע יידן פון די הייזער, זיי געהייסן קניען און קלאַפּן אין האַרצן „על חטא" און דערביי זיי געשלאָגן מיט די בייטשן ביז בלוט, צום געלעכטער פון די טויזנטער פויערן. דער פריריקער קרייז־קאָמענדאַנט איז אַוועק קיין סאַמבאָר און קיין ראַווע איז געקומען דער קאָמענדאַנט פון כעלם. ער האָט גלייך גערופן דעם יודן־ראַט און פאַרלאַנגט 3 זאַכן:

1) ביז 10 אַזייגער פרי, זאָלן אַלע גאַסן זיין אָפּגערייניקט פון שניי.

2) ביז צום 15.3 זאָל זיין דורך אַ בוי־אינזשיניער אויסרעמאָנטירט און איבערגעמאָלן גאַרקיס הויז.

3) ביז צום 15.3 מוזן זיין צוגעשטעלט 15 ניי פאַרנירטע מעבל־קאָמפּלעטן, פאַר סאַלאָנען, עס־צימערן און קוכן. אויב נישט, וועט ער טון ווי אין כעלם, דאָרט האָט ער פאַרניכטעט 1200 יידן. די שטאָט שרעקט זיך זייער, ווייל ווו זאָל מען נעמען אַזוי פיל מעבל? ווייל זייט די 9 חדשים אָקופּאַציע האָט מען שוין אַרויסגענומען ביי די יידן די שענסטע און בעסטע מעבל. אויף די פראָנטן מאַכן זיי נישט קיין גליקן, די באָלשעוויקן אַטאַקירן זיי שטאַרק און ווען מ'שלאָגט זיי לאָזן זיי אויס צו די יידן.

ס'איז שוין 3 וואָכן צו פסח און מ'קלערט גאָרנישט וועגן יום־טוב. דאָס טייערונג ווערט שטאַרקער פון טאָג צו טאָג און פון די פּראָווינץ־שטעט הערט מען אַלץ ערגערע נייעס און איין שטאָט דער צווייטער קען גאָרנישט העלפן.

דעם 20.3.1942 איז אויף דער ראַווער רוסקער באַפעלקערונג אויסגעגאַנגען אַ גרויסער חורבן. די דייטשע זשאַנדאַרמעריע מיט די אוקראַינער האָבן געמאַכט אָנפאַלן אין דער גאַנצער שטאָט, געכאַפּט אַ 1.000 עלטערע מענער, פרויען מיט קינדער און זיי אַוועקגעפירט אין אַ גאַראַזש אַריין. מ'האָט זיי נישט געלאָזט מיטנעמען מיט זיך קיין

שום פּעקל, דער פראָסט איז געווען 15 גראַד, אָן אַ שטיקל ברויט, נאַקעט און באָרוועס, זיי דאָרטן אָנגעשטופּט אָן מעגלעכקייט אַפילו צו זיצן און געצוווּנגען אַפילו די מענטשלעכע באַדערפענישן צו מאַכן איינער אויפן צווייטן.

דאָרטן האָבן זיי זיך געפונען ביזן 22.3 און דערנאָך זיי אַוועקגעפירט צו דער באַן־סטאַציע. דאָרטן ווידער זיי אָפּגעטיילט אין מענער באַזונדער, די קינדער אויך באַזונדער, נאָכן אַוועקרייסן זיי פון די מאַמעס הענט. דערונטער זענען געווען אַנגעזעענע, עלטערע יידן, פרויען מיט 4—5 קינדער, גאַנצע פאַמיליעס און איינצלנע פון פאַמיליעס. צוויי קינדער זענען נאָך ביינאַכט אין גאַראַזש געשטאָרבן. די געוויינען און געשרייען זענען געגאַנגען ביזן הימל און ווו מ׳האָט זיי געפירט — ווייס מען נישט.

די פּאַניק אין שטאָט איז אומבאַשרייבלעך, מ׳באַהאַלט זיך אין אַלע לעכער, ווו מ׳קען נאָר. נאָכן אַוועקפירן די יידן, זענען די דירות געבליבן ליידיק און כדי נישט צו דערמעגלעכן די גויים זיי אויסצורויבן האָט דער יודנראַט די דירות אָפּגעשלאָסן און אַוועקגעשטעלט שומרים. וואָס ס׳וועט זיין ווייטער — ווייס קיינער נישט. מ׳שלאָפט נישט גאַנצע נעכט. היטלער פירט אויס זיין פאַרניכטונגס־פּלאַן קעגן אונדז, אומשולדיקע יידן, נאָר אַ נס קען אונדז ראַטעווען. מילא, פאַר אונדז מיטליעריקע מענטשן איז שוין אַלץ איינס; אָבער דאָס האַרץ טוט זייער ווי אויף די אומשולדיקע קליינע קינדער! איך בין שטאַרק דערשלאָגן און שרייב מיין תפילה:

„הבט משמים וראה....
„כי היינו ללעג וקלס בגוים...
„נחשבנו כצאן לטבח יובל...
„להרוג ולאבד ולמכה... ולחרפה...
„ובכל זאת שמך לא שכחנו...
„נא אל תשכחנו...

גאָט, קוק פון הימל און זע, מיר זענען געוואָרן צו שאַנד און שפּאָט
  ביי די פעלקער...
מיר זעמיר געגליכן צו שאָף, וואָס מ׳פירט צו שחיטה, צום דערהאַרגענען... צום אויסגעראָטעט ווערן... צו קלעפּ... און צו
  שאַנד...
דאָך פאַרגעסן מיר נישט דיין נאָמען...
בעט איך דיך, פאַרגעסט אונדז אויך נישט...

אויפן צווייטן טאָג איז אַרויס אַ פרישע גזירה. דאָס הייליקע אָרט, דאָס אַלטע בית־הקברות, וואָס באַשטייט שוין מער פון 500 יאָר, מוזן די יידן אין פאַרלויף פון 8 טעג פונאַנדערנעמען: די מצבות אַרויסשלעפּן און די אָרומיקע מויער צעברעכן, ווען נישט, דראָט דער שטאָט־קאָמיסאַר אויסצושיסן טויזנטער יידן. עס אַרבעטן דערביי יעדן טאָג 500 מענטשן, אויך פרויען און מיידלעך. אָבער די ערד איז נאָך שטאַרק געפרויערן. די לאַנגיאָריקע מצבות זענען טיף איינגעזונקען אין דער ערד און פיזיש איז עס זייער שווער אין אַזאַ קורצן טערמין דאָס אויסצופירן.

און ווידער אַ פרישע גזירה. די יידן מוזן רוימען די הויפּט־גאַסן און זיך איבערקלייבן אין יידישן פערטל. ביים איבערוואַנדערן, שלעפּט און טראָגט יעדער מיט זיך דאָס ביסל איבערגעבליבענע אַלטע שטוב־זאַכן, ווייל די נייע, גוטע זאַכן האָט שוין לאַנג דער יודנראַט צוגענומען און ווען ביים איבערפירן דערזעט אַ דייטש, אָדער איינער פון דער זשאַנדאַר־דינסט, נאָך עפּעס אַ גוטע זאַך און עס געפעלט אים — נעמט ער עס גלייך פאַר זיך אַוועק.

אַזוי ווי היטלער קען זיין אָנגעזאָגטע פרילינגס־אָפענסיווע קעגן די באָלשעוויקעס נישט אויספירן, מאַכט ער זי קעגן די יידן און קעגן די יידן איז זי הונדערט פּראָצענט געלונגען. מ׳הערט, אַז אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, גייט די פאַרניכטונגס־אַקציע אָן אין פולן גאַנג. ס׳טוט מיר זייער ווי דאָס האַרץ אויף מיינע פיר קליינע איינִיקלעך, וועלכע כ׳האָב זייער ליב. פאַר מיין לעבן האָב איך נישט קיין מורא, נאָר ס׳אַרט מיך זייער שטאַרק, וואָס מ׳פירט אונדז ווי שאָף צו דער שחיטה און מיר קענען זיך גאָרנישט פאַרטיידיקן. נאָר גאָט וועט דאָך מוזן העלפן, ווען חלילה נישט, זענען מיר אַלע פאַרלוירן.

ס׳איז שוין פאַר פסח, די שטאָט קרעכצט, יעדער פרעגט נאָר, צי היטלערן וועט געלונגען אַלע יידן אין אייראָפּע אויסצוראָטן. דער יודן־ראַט נעמט ווידער צוזאַמען אַ פערטל מיליאָן זל׳, מ׳טראָגט און מ׳גיט אַוועק פון זיך דאָס לעצטע און מען מיינט, אַז אפשר וועט מען זיך קענען דאָס לעבן אָפּראַטעווען.

פון די יידן, וואָס מ׳האָט לעצטנס אַוועקגענומען, הערט מען נישט קיין שום לעבנס־צייכן. לויט מ׳שמועסט, האָט מען זיי אַלע אויסגעראָטן. אויף דעם בית־הקברות האָט מען שוין באַלד פאַרענדיקט די מצבות אַרויסשלעפּן און דער שטאָט־קאָמיסאַר האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז ביזן 15טן אַפּריל זאָל דער שטח פונעם הייליקן אָרט זיין אויסגעפלאַסטערט מיט די אַלע מצבות, ווייל עס דאַרף פון אים ווערן אַ פּאַרק, אַ שפּאַציר־גאָרטן. און דאָס אַלץ מיט יידישע הענט.

נאָר די אַלע זאַכן זענען שוין גאָר נישט פאַר אונדז. אַבי מ׳זאָל נאָר קענען ראַטעווען דאָס לעבן. די היסטאָריע געדענקט נישט אַזעלכע באַרבאַרישקייטן... זאָל עס זיין מעגלעך, אַז, חלילה, דאָס גאַנצע יידישע פאָלק זאָל ווערן אויסגעראָטן? גאָט, זע אונדזער פּיין...! אַלע גייען אַרום פאַרצווייפלט, איינער פרעגט דעם צווייטן, וואָס וועט זיין דער סוף... מיר ווייסן נישט, אויב אונדזערע ברידער אין

אויסלאַנד ווייסן פון אונדזער אומגליק... אויב אַפילו דאָס דייטשע פאָלק ווייסט פון דעם שרעקלעכן באַרבאַריזם, וואָס גייט דאָ אָן, אַז אַ ייד צו שלאָגן, צו שיסן, איז גלייך, ווי אַ פליג צו דערהאַרגענען... אַפילו די פויערן קענען שוין אויך נישט צוקוקן צו אונדזער פיין... גאָט, זע דו אַליין, גאָט...!

היינט איז פסח און די גאַנצע שטאָט יידן שלעפּן אַרויס די רעשט מצבות פון דעם הייליקן אָרט. היינט, דעם ערשטן טאָג פסח, איז אויך אַרויס אַ שמועה, אַז מ׳וועט ווידער כאַפּן יידן, איז מען אַנטלאָפן, ווי מ׳שטייט און מ׳גייט, אין די דערפער און אין די וועלדער. אין שטאָט איז אַ הונגער, קיין קאַרטאָפל, קיין מצות; די קצבים האָבן אַפילו יאָ געפּרוווט שעכטן 2 בהמות, האָט די אוקראַינער מיליץ אַוועקגערויבט דאָס גאַנצע פליייש מיטן פּידיון.

**פון לעמבערג** פירט מען יעדן טאָג, פון 18—20 וואַגאָנען יידן קיין בעלזעץ, מ׳שמועסט, אַז די עלטערע מענטשן, פרויען מיט קינדער, פאַרניכטן די באַרבאַרן מיט אַן עלעקטרישן שטראָם, נאָר די יונגערע מענטשן — מוטשען זיי מיט שווערע אַרבעט. אַ פרוי האָט געפרעגט אַ דייטשן זשאַנדאַר: „ווו פירט מען אונדז? — האָט ער געענטפערט: „צום טויט". אַזוי מאָרדעט מען אויס די אומשולדיקע יידישע קינדער, פלאַנמעסיק, קאַלטבלוטיק און קיינער פרעגט נישט: „פאַרוואָס?" און די רעשט איבערגעבליבענע, דרייען זיך אַרום דערשראָקענע און ווי טויטע.

**היינט איז דער 22־טער אַפּריל 1942. 10 חדשים,** זייט היטלער האָט באַפאַלן סאָוויעט־רוסלאַנד. דער פראָנט איז אויפן זעלבן אָרט, ווי נאָוועמבער 1941. די אַנגעזאָגטע אָפענסיווע — גייט נישט. נאָר מ׳הערט, ווי ענגלאַנד און אַמעריקע באָמבאַרדירן שטאַרק דייטשלאַנד, אָבער די אָפענסיווע, די אויסראָטונג קעגן די יידן, גייט ווייטער אָן. דאָך, זייט דעם 15טן אַפּריל, האָבן זיך די וואַגאָנען־טראַנספּאָרטן קיין בעלזעץ אָפּגעהאַלטן. די סיבה דערפון ווייסט מען נישט. מ׳זאָגט, אַז דאָס איבט מען אין אויסלאַנד אויס אַ דרוק אויף די אויסלענדישע דייטשן. דאָך לעבן די יידן אין אַ שרעקלעכן פחד.

נעכטן איז געווען אַ גוטער טאָג; ס׳האָבן זיך פאַרשפּרייט אין שטאָט קלאַנגען, אַז אין קורצן וועט קומען דער שלום, אַז ס׳איז געוואָרן אַ שפּאַלטונג אין דייטשן מיליטער, אָבער אויף זיכער ווייסט מען גאָרנישט. אין די גאַסן, אין שטאָט, האָבן אַ פּאָר דייטשע סאָלדאַטן אַראָפּגעריסן פון יידן די אַרבל־לענטעס און געזאָגט, אַז מ׳דאַרף עס נישט מער. דער עיקר, דערווייל לעבט מיט מיט האָפענונג, אַז שוין אין יאָר 1942 וועט זיך דער טרויעריקער שפּיל, איבערהויפּט פאַר יידן, ענדיקן צום גוטן. העלף. רבונו של עולם!

דערווייל כאַפּן די דייטשע זשאַנדאַרן און די אוקראַינישע פּאָליציי אַ סך יידן פון די פּראָווינץ־שטעטלעך ווי, נעמיראָוו, מאַגיעראָוו, הובנאָוו, לובאַטשאָוו און האָלישיץ און מ׳ברענגט זיי קיין ראַווע צו אַרבעט. מ׳אַרבעט 10 — 12 שעה, אויף די גאַסן און אין אַנדערע לאַגערן. קיין ברויט קריגט מען נישט, נאָר אַ ביסל קאַרטאָפל־זופּ און אַלע האַלטן אין איין פאַלן פון די כוחות. אין לובאַטשאָוו האָט אַ ייד, מיטן נאָמען קלאר, געפּרוווט אַנטלויפן, האָט אים אַן אוקראַינישער מיליציאָנער זאָפאָרט דערשאָסן.

די באַנען קיין בעלזעץ האָבן דערווייל אויפגעהערט. דאָך דערציילן די פויערן, וואָס פאָרן פאַרביי, אַז מ׳שפּירט פון ווייטן, ווי פאַרברענט פליייש, און וויפיל גויים מ׳זאָל נישט שיקן אַהין, קען מען דעם אמת נישט דערגיין. מ׳זאָגט, אַז די מיטליעריקע מענטשן לעבן נאָך דאָרט, אָבער בכלל איז עפּעס דאָרט נישט אין אָרדענונג. דערווייל איז אַ גרויסער הונגער. אַ ק״ג ברויט קאָסט — 15 זל׳. די שטאָטישע אַדמיניסטראַציע האָט אויפגעהערט צו פאַרטיילן די 10 דק״ג ברויט, מ׳פאַרקויפט פון זיך אַלץ, וואָס מ׳האָט, כדי צו קויפן אַ ברויט, אָדער אַ ק״ג קאַרטאָפל, וואָס קאָסט שוין 5 זל׳. איך גיי יעדן טאָג אין וואַלד אַריין, צו מאַניפולירן האָלץ. איך פאַרדין 6.30 זל׳ אַ טאָג, אָבער פון דעם 15טן מערץ האָבן איך נאָך קיין אויסצאָלונג נישט באַקומען. איך און מיין זון שמעון גייען יעדן טאָג פון 20 — 30 ק״מ אין וואַלד אַריין, אָבער מיר זענען זייער צופרידן, וואָס מיר פּטורן די שטאָט. מיר קענען זיך דאָרט פריי באַוועגן, קיינער טשעפּעט אונדז נישט און קיינער האָט איבער אונדז קיין קאָנטראָל נישט. השי״ת זאָל העלפן, מ׳זאָל נאָר בלייבן לעבן. ווייל אין די אַרבעטס־לאַגערן שטאַרבן אויס די מענטשן פון שלאָגן, פון הונגער און פון פלעקן־טיפוס. אין אַ טייל שטעט ווי, זאַמאָשטש, לובלין, האָט מען אַ סך יידן אויסגעשאָסן און דעם רעשט אַרויסגעטריבן. אויך ביי די דאָרפס־יידן נעמט מען צו די פעלדער מיט די בהמות און די דייטשן קענען זיך גאָר נישט אָפּקילן פון זייער בלוט־דורשט. אין שטאָט האָט יעדער, וואָס האָט נאָר געקענט, זיך געמאַכט בונקערס, כדי צו האָבן אין דער צייט פון כאַפּן, אַן אָרט, ווו זיך צו קענען באַהאַלטן.

**היינט איז דער 24־טער מאַי, אסרו־חג־שבועות.** איך וויל ווייטער שרייבן; נאָר פון וואַנען אָנהויבן — ווייס איך נישט. דאָס האַרץ איז פול מיט ווייטיק. צי זאָל איך שרייבן וועגן די דאָרפס־יידן, פון וועלכע מען האָט צוגענומען זייער גאַנץ פאַרמעגן, נאָך שווערער האָרעוואַניע פון דור־דורות, און מ׳האָט זיי פון זייערע ווינפּלעצער אַרויסגעטריבן. צי זאָל איך שרייבן, ווי מ׳האָט פון

דער טאמאשאווער געגנט, ווי: נאראל, ציעשאנאוו, יארישטשאוו, טישעוויץ און לאשטשאוו צוזאמענגענומען אלע יידן און שוין דעם דריטן טאג, ווי מ׳האלט זיי אין א לאגער און מ׳ווייסט נישט, וואס די בעסטיע קלערט מיט זיי צו מאכן. צי שרייבן, ווי מען שיסט יידן אין די גאסן, צי וועגן די ארבעטער־יינגלעך, וואס צוריק מיט 6 חדשים, האט מען זיי אוועקגעפירט קיין „יאקטאראוו" און פון זיי זענען צוריקגעקומען נאר 50 פראצענט און דעם רעשט האט מען אויסגעשאסן, אדער געשטארבן פון הונגער און פון טיפוס. די צוריקגעקומענע זענען האלב געשטארבענע, אויסגעמאגערטע, שוואכע, צעבראכענע מיט אפגעפרווירענע הענט און פיס. צי זאל איך שרייבן, ווי 3.000 יידן ארבעטן צוואנגס־ארבעט און באקומען גאר קיין ברויט נישט און ארבעטן אזוי 12 שעה אין טאג אין תעניתים; צי וועגן דעם, וואס דער יודנראט האלט אין איין רויבן און די יידן מוזן פארקויפן דאס לעצטע פאר האלב אומזיסט און צאלן, כדי אויסצוהאלטן די דייטשע אדמיניסטראציע. איין זאך קען איך נאר אין קורצן באשרייבן, ווי די בעסטיע הוליעט מיט דער גרויזאמסטער פארביסנקייט און נאר די מענטשן, וואס דער ביטערער גורל האט זיי נאך נישט פארניכטעט, טראגן זיך נאך ארום מיט דער האפענונג צו בלייבן לעבן. מ׳וווינט זייער ענג. 2 אדער 3 משפחות אין איין צימער, איצט זענען נאך צוגעקומען די דארפס־יידן און ווען, איינעם אן אריער, געפעלט א יידיש הויז, גייט ער אין דער געמיינדע און באקומט גלייך א באפעל, אז דער ייד מוז רוימען פאר אים דאס הויז.

איצט האט זיך ווידער אריינגעדרייט צום שטאטקאמיסאר דער געוועזענער פרעזעס שווייצער און האלט אין איין מאסערן די שטאט־מענטשן, גיט פארשידענע באפעלן, וואס דארף קאסטן דעם יודנראט שווערע צענער טויזנטער.

היינט איז דער 1־טער יוני 1942. נאך דעם נעכטיקן טאג, וואס די ראווער יידן האבן איבערגעקומען, ווען א 5.000 מענטשן, מענער, פרויען און קינדער, פון 14 יאר אלט, האבן געמוזט ארבעטן, פון 5 א זייגער פרי ביז 8 א זייגער אוונט, 15 שעה אן איבערייס; א טייל ביים רייניקן די קריסטלעכע גאסן פון דער שטאט, א טייל ביים אלטן הייליקן ארט, וווּ מ׳האט בערך א 4.000 מצבות צעהאקט און צעבראכט און פון אלץ געמאכט איין הויפן. ווייל דער שטאט־קאמיסאר האט געדראט, אז טאמער וועט מען דאס נישט מאכן, וועט ער פארשיקן 4.000 יידן פון דער שטאט און וואס „פארשיקן" הייסט, ווייסן מיר שוין, אז דאס איז א זיכערער טויט. האט יעדער געארבעט, פון קליין ביז גרויס, מיט אלע און אויך איבער די כוחות. אויך האט מען אים, אויף זיין פארלאנג, געשאפן א מיליאן זל׳ און אויף ווי לאנג מען האט די בעסטיע בארויגט — ווייס מען נישט.

היינט גראד האב איך באגעגנט א בחור, וואס ס׳איז אים געלונגען צוריקקומען פון דעם ארבעטס־לאגער „יאקטאראוו", ווייל קראנקווערנדיק אויף טיפוס, האט מען אים געשיקט אין שפיטאל און פון דארט איז ער געקומען צוריק אהיים מיט אפגעפרווירענע פיס. דארט — דערציילט ער — איז פאראן א שרעקלעכער קאמענדאנט מיט נאך 30 אוקראינישע מיליציאנטן, וואס, ווען ס׳פארגלוסט זיך זיי, שיסן זיי יידן ווי פליגן. אמאל האט מען געבראכט אהין 400 יידן צו ארבעט און דער קאמענדאנט — מיט א שמייכל — פרעגט זיי, אויב אימיצער פילט זיך שוואך אדער קראנק; זיי האבן געמיינט, אז אזוי וועט מען זיי צוריק שיקן אהיים, האט א גרויסער טייל זיך געמאלדן אלס קראנקע. האט ער זיי ארויסגעפירט צו 20 מאן און אזוי דערשאסן 123 מענטשן. צומאל, אז ס׳פארגלוסט זיך אים, קלייבט ער אויס אן ארבעטער, הייסט אים זיך אוועקלייגן אויף א באנק, איין אוקראינער האלט אים ביים קאפ, דער צווייטער ביי די פיס און צוויי אוקראינער מיט נאהייקעס פוןביידע זייטן שלאגן 25 שמיץ. זיי שלאגן צום טאקט, ווי א שמיד שלאגט אויפן גליענדיקן אייזן און יעדע 2 שמיץ ווערט פארעכנט פאר איינעם. אזוי בושעוועט די ווילדע חיה. דערצו האבן מיר אונדזערע אייגענע פאראזיטן ביים יודנראט, וואס לעבן אויפן יידישן חשבון. מיין מזל איז דערווייל, וואס כ׳האב איינגעריכטעט אין וואלד א קוילן־ברענעריי, וווּ מ׳ארבעט אויס קלעפקעס און דערביי ארגאניזירט ביי ארבעט, מיינע קינדער און נאך 40 יידן מיט 20 פרויען.

היינט איז דער 14־טער יוני 1942. צו שרייבן פון יידישע צרות איז פאראן זייער א סך: מ.האלט ווידער אין איין פירן, פון קראקאווער און טארנאווער געגנט, פולע באנען מיט יידן קיין בעלזעץ צום פארניכטן. די באנען, מיט 30 — 40 פארמאכטע וואגאנען, אין יעדן פון 70 — 80 יידן, באוואכט מיט געסטאפאווצעס פון פארנט און הינטן. די קינדערלעך, נעבעך, שטרעקן ארויס די הענטעלעך פון די, מיט גראטעס, פארמאכטע קליינע פענצטער און בעטן א ביסל וואסער און מ׳קען צו זיי נישט צוקומען. זייער הפנים, ווייסן נישט וווהין מ׳פירט זיי.

אין די וועלדער ארום ראווע, האבן זיך ארגאניזירט באוואפנטע באנדעס. זיי ווארפן אן א מורא אין דער גאנצער געגנט און ס׳איז שוין פאראן פון זיי, א סך פארוווּנדעטע און טויטע זשאנדארמען. נעכטן האבן זיי געטראפן א יידן פון ראווע, יענקל זאממער, וואס איז געווען אין

שעדליסק, וועגן אַ ביסל עסנוואַרג און מ׳האָט אים דערשאָסן, אַ ייד פון 3 קליינע קינדער. דער הונגער איז זייער גרויס, אָבער דער עיקר־צרה איז, די אַזוי גערופענע „אויסזידלונגס־אַקציע״ מיט די גרויסע העצעס קעגן יידן און דאָס, וואָס די אויסראָטונגס־אַקציע אין פּוילן איז אין פולן גאַנג. 2 אָדער 3 מאָל אין וואָך פירט מען דורך ראַווע, הונדערטער וואַגאָנען מיט יידן קיין בעלזעץ צום פאַרניכטן.

היינט איז דער 21־טער יוני 1942, שוין אַ יאָר זייט היטלער י״ש איז באַפאַלן רוסלאַנד. וויפל יונגע מענטשןלעבנס דאָס האָט שוין געקאָסט, איז מען נישט אומשטאַנד אָפּצושאַצן, אָבער אַממייסטן בלוטיקט דאָם יידישע פאָלק, אומזיסט און פאַר גאָרנישט, נאָר דורך אַ משוגעת פון איין מענטש. מ׳אַרבעט שווער און ביטער, אַפילו אַזעלכע אַרבעטן, וואָס ברענגען קיינעם איבערהויפּט נישט קיין שום נוצן און זענען נאָר באַשטימט, כדי צו מוטשען יידן, אָבער יעדער מיינט און האָפט, אַז די אַרבעט וועט אים אָפּראַטעווען פון „אויסזידלונג״.

היינטיקע וואָך, האָבן די דייטשן אין יאַוואָראָוו פאַרלאַנגט פון יודנראַט 13 יידן צום דערשיסן און דער יודנראַט האָט זייער ווונטש געמאַכט. די יודנראַטן האָבן אויך פאַרלוירן דאָס מענטשלעכקייט, זיי זענען געוואָרן ווי קאַלטע מערדער אָן רחמנות. מ׳רויבט, מ׳שלאָגט, מ׳גיט אַרויס יידן אויף קרבנות, מ׳פּילט זיך אָן די קעשענעס און מ׳לעבט אויף אונדזער חשבון. ס׳איז נישטאָ ביי וועמען זיך צו באַקלאָגן, אונדזער לעבן און פאַרמעגן איז הפקר.

די צייטונגען ברענגען ידיעות פון קליינע נצחונות פון אַקס־מלוכות, (דייטשלאַנד, איטאַליע און אַנדערע); אָבער די אַליאירטע מלוכות (ענגלאַנד, אַמעריקע) קומען נאָר אָפּ מיט אסיפות, קאָנפערענצן און שרייען נאָר, אַז מ׳וועט זיך אָפּרעכענען און דערווייל זעט מען גאָרנישט. דאָ, קלאַפּט אַלץ ווי אַ זייגער: יעדן דינסטיק און פרייטיק פירט מען דורך ראַווע אַ 45 — 50 וואַגאָנען מיט יידן. די מאַמעס שטעלן צו די קליינע קינדער צו די גראַטעס פון די בהמות־וואַגאָנען, זיי זאָלן כאַפּן אַ ביסל לופט. אויפן באַנהויף שרייען זיי און בעטן — וואַסער. די פּאָליאַקן טראַגן צו אַ ביסל וואַסער און פאַר אַ קליין טעפּעלע נעמען זיי 5 — 10 זל׳. קיין יידישן אַרבעטער, וואָס אַרבעט ביים באַנהויף, לאָזט מען נישט צו זיי צוקומען.

מיר קענען געגוי נישט אָפּשאַצן, וויפל יידן ס׳פעלן שוין אין פּוילן. ווייל מ׳ווייסט נישט געגוי, וואָס ס׳טוט זיך אין אַנדערע שטעט. מיר טאָרן נישט גיין און נישט פאָרן, נאָר, וואָס מ׳ווערט געוויער פון אַ גוי. אַלנפאַלס, שאַץ איך אָפּ, אַז ס׳פעלן שוין אַ 35 — 40 פּראָצענט. ווייל לויט ס׳הערט זיך פון אַנדערע שטעט, איז נאָך אין ראַווע אַ סך בעסער דער מצב. דאָ זענען געווען אין יאָר 1941 בערך אַ 8.400 יידישע נפשות און היינט איז נישטאָ מער ווי 6.400, אַזוי, אַז ס׳פעלט אין ראַווע 25 פּראָצענט, פון זיי זענען 80 פּראָצענט געהאַרגעט אָדער פאַרשיקט קיין בעלזעץ און דער רעשט איז סתם געשטאָרבן פאַר שרעק און הונגער. אַזוי, אַז ס׳הייסט, אַז אין ראַווע איז נאָך נישט אַזוי שלעכט; ווייל אַנדערע שטעט ווי: קראָקע, לובלין, זאַמאָשטש, ווו ס׳זענען געווען אַ סך יידן. זענען שוין היינט „יודנריין״. קיין מענטש אין אויסלאַנד וועט נישט קענען גלויבן, וואָס ס׳קומט פאָר מיטן יידישן פאָלק אין פּוילן, מיר זענען ביי וועלף צווישן די ציין און די זייטיקע דערנער שטעכן אונדז נאָך צו. מ׳רעדט מיט אַ פּאָליאַק, אָדער אַן אוקראַאינער, וועט ער אייך אויסזוכן פאַרשידענע טעמים פון צוריק נאָך מיט 400 אָדער 500 יאָר, ווען אונדזערע עלטערן האָבן געהאַט פּראָפּענאַציעס, אָדער אָפּגעדונגענע קירכעס און די גויים, ביים טויפן אָדער חתונההאָבן, זענען געווען געצוווּנגען צו געבן דעם ייד אַן אָפּצאָל און דערפאַר צאָלן זיי אונדז איצט אָפּ. ווי נאַריש און לעכערלעך זייערע טענות. מיר מוזן דאָס אויסהערן, שווייגן און צוטרייסלען מיטן קאָפּ. ווי אומבאַהאָלפן מיר זענען, פירנדיק אונדז צו דער שחיטה, מיר שטרעקן אויס די העלדזער צום שעכטן. נישט איין מאָל קומט אוים צו שמועסן, אפשר וואָלט מען זיך אָרגאַניזירט, זיך פאַרבינדן מיט אַנדערע שטעט, נישט אויסצופירן די באַפעל, אָדער זיך גאָר אינגאַנצן אַקעגנשטעלן — ענטפערט מען, אַז עס וועט זיין נאָך ערגער. טאָמער וועט מען אויסהרגענען די גאַנצע שטאָט, און אַזוי גייט אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג. מ׳הערט, אַז פון דער שטאָט האָט מען אַזוי פיל אַרויסגעפירט, אין דער צווייטער שטאָט האָט מען אַזוי פיל אויסגעשאָסן און מ׳געוויינט זיך צו צו דעם מצב. בשעת ס׳גייט אַדורך דער בעלזעצער צוג, ווערט זייער שווער אויפן האַרץ. אָבער אַז ס׳גייט אַוועק אַ טאָג, פאַרגעסט מען און יעדער מיינט, אַז אים איז דאָס נישט נוגע. אַזוי גייט אונטער דאָס יידישע פאָלק אין פּוילן!

דעם 24טן יוני האָט מען מיר צוגעשטעלט אַ שריפטלעכן באַפעל, אַז איך מוז ריימען אין פאַרלויף פון 48 שעה מיין גאַנץ הויז, וואָס איז באַזעצט פון 8 פאַמיליעס — מער ווי 30 נפשות, און עס איבערגעבן דער דייטשער פירמע „שטיקעל״. נאָך לאַנגער האָרעוואַניע און שווערע מי, נישט דערעסן און נישט דערשלאָפן, ביז איך האָב דאָס הויז אויפגעבויט און איצט — מוז איך עס רוימען.

מען האָט אונדז צעטריבן, ווי פייגעלעך פון דער נעסט.

איך בין אריבער צו מיין שוועסטער מלכה. מיין טאכטער מיט 3 קינדער זענען אוועק באזונדער און מיין זון שמעון, מיט פרוי און קינד עקסטרא. אלע שטוב־זאכן צעטיילט צווישן די שכנים און זיך קוים אריינגעשטופט ביי מיין שוועסטער, ווו ס'איז שטארק ענג און דושנע.



משפחת וואלפוס הי"ד
די משפחה וואלפוס הי"ד

דעם 25־טן יוני איז אראפ א ביטערער חורבן אויפן שטעטל מאגיעראוו. מ'כאפט אויס דאס גאנצע שטעטל און מ'פ־רט זיי אוועק קיין בעלזעץ. פון 1.100 נפשות, האט מען 800 אוועקגעפירט, בערך א 100 זענען אנטלאפן, פון וועלכע מען האט א טייל, ביים אנטלויפן, נאכגעשאסן און זיי זענען געפאלן אויף די וועגן.

א טייל האבן זיך אויסבאהאלטן ביי גויים, אבער דעם צווייטן טאג, האבן די דייטשן געלאזט פויקן און מודיע געווען, אז ביי וועמען מ'וועט געפונען א ייד, וועט מען אלע דערשיסן. האבן די פויערן מורא באקומען, און ארויס־געגעבן 30 יידיש פרויען, מיט מענער און קינדער און מ'האט זיי געפירט קיין בעלזעץ. נאכדעם, ווי די גע־סטאפא האט אין מאגיעראוו אלץ אוועקגערויבט, איז עס געווארן יודנריין.

דעם 27־טן האט ראווע איבערגעלעבט גרויס שרעק, ס'האבן זיך פארשפרייט קלאנגען, אז מען גייט דורכפירן א כאפ־אקציע. מ'איז געלאפן אין פעלדער און וועלדער, זיך אויסבאהאלטן אויף בוידעמער און קעלערס. מ'האט מורא, אז אין דער וואך וועט עס געשען.

אויך די ציגיינער מארדעט מען אויס מאסנוויז. אין לובאטשאוו האט מען די וואך דערשאסן 80 ציגיינער און 8 יידן האבן זיי באגראבן, דערנאך האט מען אויך די 8 יידן געהארגעט.

מ'לעבט אין שטענדיקן פחד, מ'האט מורא פארן אייגענעם שאטן. מיר הערן קיין שום טרייסט־ווארט, מיר האבן נישט קיין מנהיג, וואס זאל זארגן פאר אונדז. יא, מיר האבן יודנרעטער, וואס ארבעטן פאר די דייטשן און פאר אונדז טוען זיי גארנישט; נאר רויבן און גזלנען.

היינט איז דער 11־טער יולי. מיטוואך און שבת פירט מען טראנספארטן־יידן אין 50 בהמות־וואגאנען קיין בעל־זעץ. פון אויסלאנד הערט מען רעדעס קעגן דער יידן־פארניכטונג, דער קארדענאל האט גערעדט, טאמאס מאן האט גערעדט — און דא גייען די טראנספארטן אן אויפ־הער.

אויך אוקראינער און פאליאקן שלעפט מען אוועק קיין דייטשלאנד אויף צוואנגס־ארבעט. און מיר געפינען זיך די גאנצע צייט פארצווייפלט, אין פחד און מורא, אין גרויס הונגער און קיין ישועה זעט מען נישט. מיר ווארטן אויף דער עקזעקוציע פון טויט־אורטייל, וואס היטלער האט אויף אונדז ארויסגעגעבן. זייט פעברואר 1942 פעלט שוין, לויט מיין אפשאצונג, אין פוילן, מער ווי 50 פראצענט יידן. אפילו די פאמיליעס, וואס באשטייען נאך, זע־נען אויך צעבראכן, ווייל פון יעדער פעלט שוין א גרוי־סער טייל. מיר ווייסן, אז אונדזערע ברידער אין אויס־לאנד האבן גרויס מיטלייד מיט אונדז, אבער זיי קענען אונדז גארנישט העלפען. מיר האפן אויף א נס.

היינט איז דער 19־טער יולי. די וואך איז געווען א שרעקלעכע וואך אין ראווע. אין דער ווארשעווער גאס, נאענט ווו איך וווין, האט זיך באזעצט אין אברהם־איטשע מערצס הויז אן אפטיילונג מערדער־זשאנדארמעריע און אין א צווייט הויז דערביי, האט זיך באזעצט די אוקראי־נישע פאליציי. זיי האבן געכאפט יידן, זיי געפייניקט, גע־שלאגן, זיי געהייסן ליגן מיטן פנים אראפ און מערדערלעך געשלאגן און דערנאך זיי אלע אוועקגעפירט קיין בעלזעץ. מ'איז ווידער געלאפן זיך אויסצובאהאלטן, ווו מ'האט נאר געפונען א פלאץ, מ'האט געזאגט, אז מ'גייט אויספירן א פארניכטונגס־אקציע אין גאנצן ראווער קרייז. פון אלע ארומיקע מקומות האט מען געהאלטן אין איין פירן יידן קיין ראווע צום אוועקשיסן. מ'איז שוין געווארן גלייכגיל־טיק, מ'וואלט שוין געוואלט איבערקומען, ווייל מ'זעט נישט קומען קיין שום הילף. מ'ליידט פון גרויסן הונגער,

די מענטשן פאַרענדערן זייער אויסזען און איינער דעם צווייטן קען נישט דערקענען.

היינט איז דער 22־טער יולי, ערב תשעה באב. ס'איז נישט צו פאַרגלייכן דעם חורבן־ירושלים צו אונדזער חורבן. די אויסראָטונגס־אַקציע הערט נישט אויף. מיר שעלטן די ענגלענדער, זיי זענען שולדיק, זיי האָבן צייט צו וואַרטן מיט דער אָפענסיווע און מיר ווערן דערווייל פאַרניכטעט.

איצט נאָך דעם 29טן יולי, גיי איך ווידער שרייבן, מיט ציטערדיקע הענט, איבער דעם גרויסן חורבן, וואָס האָט געטראָפן מיך און דעם רעשט ביסל יידן אין ראַווע. אין דעם טאָג האָט די געסטאַפּאָ באַזעצט די שטאָט און דורכגעפירט אַ כאַפּ־אַקציע קיין בעלזעץ. מ'האָט געכאַפּט: מאַמעס מיט קינדער, אַלטע לייט, קריפּלען, יונגע שיינע טעכטער מיט זין, רבנים תלמידי־חכמים, קראַנקע וואָס האַלטן ביים שטאַרבן און מיך אויך בתוכם, אויך מיינע שוועסטער מיט קינדער און אייניקלעך. מ'האָט אונדז געפירט אויף אַ פּלאַץ אין דער גרונוואַלדסקער גאַס, באַוואַכט פון געסטאַפּאָ מיט אוקראַינישע פּאָליציי, זיך געמוזט אַוועקלייגן מיטן פּנים אַראָפּ אויף דער ערד און זיי האָבן אונדז געשלאָגן מיט אייזערנע און האָלצערנע שטעקנס, און די קולות און געוויינען פון אַלע זענען געגאַנגען ביזן הימל.

די פעדער איז נישט אומשטאַנד צו באַשרייבן די גרויזאַמקייט, די באַרבאַרישקייט, די מערדעריי קעגן קליינע קינדער. מ'האָט אויך געבראַכט פון נעמיראָוו אַן 800 יידן און פון ראַווע האָט מען פאַרנומען אַ 1200 בערך. מיט מיינע הענט האָב איך, נעבעך געמוזט מיין שוועסטער מיט איר שנור און אייניקלעך און אַנדערע קראַנקע און קאַליקעס, וועלכע האָבן נישט געקענט אַרויפקריכן אויפן אויטאָ, אַרויפטראָגן און אַזוי האָב איך צוזאַמען מיטן געוועזענעם יודנראַט־פּרעזעס שווייצער, וועלכן מ'האָט דערנאָך אויך אַוועקגעפירט, אויפגעלאָדן פינף אויטאָס קיין בעלזעץ. בלייבנדיק אינעם רעשט, וואָס מ'האָט אויסגעשטעלט אין רייע, כדי צו גיין צופוס, בין איך צוגעטרעטן צום הויפּטמאַן און אים געוויזן מיין פּאַסירשיין, אַלס האָלצמאַניפּולאַנט. ער האָט עס געוויזן דעם מערדער, דעם מאַיאָר און ער האָט מיך באַפרייט און איך בין אַוועק אין שטוב.

אָבער פּ־ן איין זאַך בין איך זייער צופרידן, וואָס מיט מיינע 16 שעהן מאַטערניש און יסורים, האָב איך אָפּגעראַטעוועט דערווייל 25 מענטשן פון זיכערן טויט. ווייל, דער אוקראַינישער פּאָליציאַנט האָט אַנטדעקט אונדזער בונקער און האָט געגעבן אַ געשריי „אַרויס" — בין איך, מיין שוועסטער און שלמה שמיט אַרויס, ער האָט אונדז פאַרנומען און ווען ער האָט אונדז געפירט אויפן פּלאַץ, זענען דערווייל די רעשט־געבליבענע — מיר זענען געווען בערך אַ 30 מענטשן, צווישן זיי מיין פרוי, מיין שוועסטער מלכה — אַנטלאָפן, זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע פּלעצער און ווען דער אוקראַינער מיט דער געסטאַפּאָ זענען צוריקגעקומען מאַכן אַ רעוויזיע, האָבן זיי שוין קיינעם נישט געטראָפן. אַזוי אַרום זענען זיי דערווייל ניצל געוואָרן. די איכה־קינות זענען אַ הבל קעגן דעם איצטיקן חורבן.

יעדן צווייטן טאָג פירט מען אַדורך אַ 50 — 60 וואַגאָנען. אין בעלזעץ סמט מען זיי מיט גאַז. מענטשן שפּרינגען פון די וואַגאָנען, אַ טייל געלונגט זיך צו ראַטעווען און אַ טייל ווערן דערשאָסן. אויך אין ראַווע זענען פאַראַן די וואָך אַ 30 געשאָסענע, וואָס האָבן געזאָגט: „מיר גייען נישט, נאָר שיסט אונדז" — האָט מען זיי שטאַרק געפּייניקט און דערנאָך דערשאָסן.

איך האָב גערעכנט, אַז איך וועל שוין מער נישט באַוויזן צו שרייבן, אָבער גאָט האָט געהאָלפן און איך קען שרייבן ווייטער, אָבער ווי לאַנג — ווייס איך נישט. אַזוי ווי מ'הערט, אַז יעדע וואָך הארגעט מען אויס מער פון 100.000 יידן, מיין איך, אַז מיט אונדז האַלט זייער שלעכט און מ'וועט אונדז אַלע אויסהאַרגענען. מיר ווייסן, אַז היטלער האָט דעם קריג פאַרשפּילט, אָבער מיר יידן, זענען אויך פאַרשפּילט.

אויפן וועג קיין בעלזעץ, זענען פון די ראַווער אַוועקגעפירטע, אַ 60 מענטשן בערך, אַראָפּגעשפּרונגען פון די וואַגאָנען און איצט קומען זיי צוריק מיט צעבראָכענע אברים און מיט גרויסע ווונדן. איין פרוי, האָט צוערשט אַראָפּגעוואָרפן איר קינד, נאָכער אַליין געשפּרונגען און איז געבליבן לעבן. אַ גרויסער טייל זענען געהאַרגעט געוואָרן.

איין פריילן, פליישער, האָט געבעטן 5 מינוט צייט צום רעדן. האָט דער קאָמענדאַנט איר דערלויבט. האָט זי געזאָגט: „איר גלויבט, מיר ווייסן נישט, וווּ איר פירט אונדז, איר פירט אונדז קיין בעלזעץ צום פאַרברענען. איר האָט שוין מיין פאַמיליע פון 21 נפשות אומגעבראַכט, איצט ווילט איר נאָך מיך אויך. איר מערדער, וואָס איר זייט...! היטלער האָט דעם קריג פאַרשפּילט, די יידן אומברענגען וועט אייך נישט העלפן, איר וועט בלייבן אין דער געשיכטע אַלס באַרבאַרישע מערדער...!" — האָט דער קאָמענדאַנט זי גלייך מיטן רעוואָלווער דערשאָסן. די שענסטע מיידלעך און די בעסטע זין פון ראַווע האָט מען שוין אומגעבראַכט.

אוי, ווי אונדז, פּוילישע יידן, דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן גייען מיר אונטער. צוויי מיליאָן זענען שוין געהאַרגעט מיט אַ מיתה משונה. מיט דעם רעשט, ווייסן מיר נישט, וואָס ס'וועט געשען. מיר זענען איבערצייגט, אַז

קיין איינער וועט נישט בלייבן לעבן און גאָט קוקט זיך צו, ווי מ׳מאָרדעט אונדז!

ווי איז צו אונדזער גורל און ווי איז דיר, דייטשלאַנד, וואָס דו האָסט אַזעלכע מערדער, ימח שמם וזכרם, ונימח זכורם מלהזכירם...!!!

אַלע יידן אויף דער וועלט, וועט דייטשלאַנד נישט אויס־האַרגענען, העכסטנס די אייראָפּעישע יידן, אָבער די יידן אין אַנדערע לענדער וועלן דערלעבן דייטשלאַנדס מפּלה, אָבער אונדז איז זייער שלעכט. דערצו לאַכן די פּאָליאַקן און אוקראַינער אונדז אויס. ווען אַ ייד באַהאַלט זיך, ווייזן זיי די מערדער דאָס באַהעלטעניש, אָדער די אוקראַינער אַליין כאַפּן און שיסן. יעדן טאָג פירט מען אָן אָן אויפהער יידן קיין בעלזעץ. ס׳זענען פאַראַן אויך יידישע פּאַרעטער. אָבער זיי פאַלן אַליין אויך אַריין. איצט האָט מען זיי אויך אַוועקגעפירט קיין בעלזעץ. יעדע פאַמיליע האָט שוין אַ צע־בראָכן הארץ. יעדע שטוב וויינט און קלאָגט נאָך זיינע קרבנות; מ׳קען נישט עסן, שלאָפן, נאָר מ׳קרעכצט. אוי, געוואַלט, אַ בראָך צו אונדזער גורל...!

היינט איז דער 9־טער אויגוסט 1942. די פּאַניק אין שטאָט האָט נאָך נישט אויפגעהערט. יעדן טאָג גייען צוגן מיט יידן פון פאַרשידענע שטעט קיין בעלזעץ. אַ טייל ווייסן נישט, אַז זיי פאָרן צום טויט. זיי מיינען, אַז זיי פאָרן צו אַרבעט. די תלינים מאַכן פאַרשידענע קאָמבינאַציעס, אָפּצונאַרן די מענטשן. פרייטיק און שבת זענען יידן גע־שפּרונגען פון די וואַגאָנען, וואָס מ׳האָט געפירט פון באַ־ריסלאַוו און טורקע. ס׳זעט אויס, אַז אויפן ראַוווער באַנ־הויף זענען זיי עפּעס געוואויר געוואָרן, וואָס בעלזעץ באַ־דייט. מיר האָט מען איבערגעגעבן, אַז ס׳איז פאַראַן דאָרט 3 באַראַקן, אין יעדן באַראַק גייט אַריין 300 מענטשן, אויסגעקלאַפּט אינעווייניק מיט בלעך, אַהין טרייבט מען אַריין די קרבנות נאַקעט, מענער צוזאַמען מיט פרויען. ס׳ווערט פאַרמאַכט אויף 5 מינוט, נאָכדעם עפענען זיך אויטאָמאַטיש די טירן און מ׳וואַרפט אַרויס די טויטע קערפּערס און מ׳לאָדט זיי אויף לאָרעס, אַוועקצופירן זיי צו באַגראָבן אין גרובער. אַלעס אויטאָמאַטיש. אַזוי פאַר־ניכטן די מערדער די אומשולדיקע, אומבאַוואָפנטע מענטשן.

אין ראַווע מאַכט זיך יעדער ייד אונטערערדישע באַ־האַלטענישן, מ׳רעדט נאָר אַ גאַנצן טאָג פון די מערדע־רייען, מ׳האָט גאָרנישט אין זינען, מ׳טראַכט נאָר עפּעס צו פאַרקויפן, נאָר די פויערן האָבן אויפגעהערט צו קויפן. מ׳קאָמבינירט, ווי אַזוי זיך אַרויסצוראַטעווען פון דעם מלאך־המוות הענט. דערווייל איז אונדזער מזל זייער נידעריק, ס׳קען ערגער נישט זיין. יעדע פאַמיליע איז צעבראָכן.

די פּאָליאַקן און אוקראַינער האָבן „ויחד יתרו" — אַלס מענטשן באַדויערן זיי אונדז, אינעווייניק האָבן זיי פאַרגעניגן. ס׳וועט זיין אַ פּוילן אָן יידן. מ׳באַהאַלט, מיקלאַמפּערשט, יידן און ווען ס׳קומט אַ כאַפּ־אַקציע, טרייבן זיי די יידן אַרויס אויף דער גאַס, אָדער זיי שיקן אונטער די געסטאַפּאָ, אָדער די אוקראַינישע מיליץ, וואָס נעמט זיי אַוועק; דאַמאָלס מאַכן זיי זיך פאַר גוטע מענטשן, ווי אומשולדיקע און ווילן נאָר אויסנאַרן שטוב־זאַכן ביי יידן.

דער 16טער אויגוסט. דאָס רשעות אין דערגאַנגען ביז צו דער העכסטער מדרגה. אַ מענטש קען זיך עס גאָר נישט פאָרשטעלן, ס׳איז איבערהויפּט אין דער געשיכטע נישטאָ אַזאַ נאָמען, ווי עס אָנצורופן; מערדעריי איז ווייניק; באַרבאַריזם איז קעגן דעם גאָרנישט; זייט די וועלט שטייט, האָט מען נאָך אַזעלכעס נישט געהערט און נישט געזען; צווישן די ווילדע פעלקער און מענטשן־פרע־סער האָט דאָס נישט געטראָפן. מ׳האַלט אין איין פאַר־ניכטן דאָס יידישע פאָלק. מ׳פירט יעדן טאָג איין צוג פון יאַראָסלאַווער שטרעקע און איין צוג פון לעמבערגער זייט קיין בעלזעץ. אויפן וועג שפּרינגען מענטשן פון די וואַ־גאָנען און צעברעכן הענט און פיס; דערנאָך פאַלן זיי אַריין אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, וועלכע שלאָגן און האַרגענען זיי, פירן זיי דערנאָך אין וואַלד אַריין, שיסן זיי און באַגראָבן זיי, זשיפּענדיק נאָך, אַזוי, אַז די ערד רירט און הייבט זיך.

שוין זייט 10 טעג איז אין לעמבערג אַ גרויזאַמער פּאָגראָם, נישט צו באַשרייבן, און די שטאָט איז שוין כמעט יידנריין. אין ראַווע איז שוין פאַראַן זייער ווייניק יידן. מען זעט מער נישט קיין קינד אויף דער גאַס. מען זעט נישט ביי קיין ייד קיין שמייכל. ביי דער אַרבעט שלאָגן אַפילו די ציווילע דייטשן מיט דראָנגען, מיט אייזנס, מ׳ווערט קאַליקעס און די בעסטיעס האָבן פון די אָרגיעס גרויס הנאה. מיר יידן זענען ווי שעפּסן, קיין אָנפירער, וואָס זאָל אונדז זאָגן, וואָס צו מאַכן. אַזוי גייט אַ טאָג איבער אַ טאָג און עס ווערט אַלעמאָל ערגער. אין יעדן דאָרף און אין יעדער שטאָט פעלט שוין אַ 70 פּראָ־צענט יידן. אַז ס׳וועט אַזוי גיין ווייטער — וועט באַלד צו אונדז זיין אַ סוף. מ׳קען שוין ביינאַכט נישט שלאָפן. דאָס לעבן שפּילט שוין קיין שום ראָלע; אַלץ וואָס מ׳האָט נאָך, ווערט פאַרקויפט פאַר ביליק, אָבי מ׳קריגט נאָר דעם פויער צום פאַרקויפן, ווייל זיי ווילן מער נישט קויפן און זאָגן, אַז סיי ווי סיי, וועט מען אונדז נעמען קיין בעלזעץ און מיר וועלן אַלץ זיי איבערלאָזן. דעריבער קען שוין ערגער ווי איצט נישט זיין. מאַמעס באַוויינען זייערע

אוועקגערוויבטע קינדער, מענער זייערע פרויען, פרויען — זייערע מענער און אַזוי גייען מיר פאַרלוירן.

היינט איז דער 20־טער אויגוסט. אַ ווינק פון האָפע־נונג איז אַריין אין יידישן האַרץ. ווי מ׳גיט איבער האָט זיך געעפנט דער צווייטער פראָנט פון מערב און די אַמע־ריקאַנער און ענגלענדער לאַנדן אויפן אייראָפּעישן קאָנ־טינענט. מ׳האָפט, אַז ה. וועט האָבן די מפּלה און אפשר וועט זיך גאָט דערבאַרעמען און דאָס רעשט ביסל יידן וועט בלייבן לעבן.

אַ סך מענטשן גלייבן זיך נישט, אויב ס׳קען נאָך קומען אַ הילף, ווייל אַלע זענען זייער נידערגעשלאָגן. דערווייל איז נאָך היינט געגאַנגען אַ צוג מיט יידן פון יאַראָסלאַווער געגנט קיין בעלזעץ. נאָר איך רעכן, אַז זיי וועלן זיין געצוווּנגען אָפּצושטעלן, ווייל זיי וועלן פאַר־לירן די מוחות. מ׳זעט, אַז די דייטשן גייען אַרום אָן קאָפּ. די רוסן אַטאַקירן אויף אַלע פראָנטן, איצט נאָך דער מערב־פראָנט; מ׳רעכנט, אַז ס׳וועט נאָך צוקומען נאָך אַ פראָנט און זיי וועלן זיך מוזן אונטערגעבן. יעדנפאַלס אַ פונק פון האָפענונג האָט זיך צעבלאָזן אין אונדזערע הער־צער.

דער חורבן אין לעמבערג איז אומבאַשרייבלעך; אין איין שפּיטאָל האָט מען אויסגעשאָסן אַלע יידישע קראַנקע. אין שפּיטאָל האָט מען מיטגענומען און אַ סך זענען פון דעם שלאָגן, געשטאָרבן אויפן וועג; שריפטלעך לאָזט זיך נישט די גרויזאַמקייטן איבערגעבן. דערווייל נעמט נאָך דער יודנראַט ביי די אָרעמע מענטשן מיט געבראָכענע הערצער, געלט און שטוב־זאַכן. עסנוואַרג איז געוואָרן אַ ביסל ביליקער און דער פויער, כאָטש, וואָס די מערדער האָבן אויסגעהאַנגען פּלאַקאַטן, אַז קיין שום אַריער טאָר נישט קומען מיט יידן אין קאָנטאַקט, היט זיך נישט און פאַרקויפט דאָך דעם ייד, ווייל דער ייד צאָלט בעסערע פּרייזן. דאָס פאַרמעגן, געלט און זאַכן שפּילן קיין שום ראָלע, מ׳וויל נאָר בלייבן לעבן.

אָך גאָט, האָב שוין רחמנות אויף דעם ביסל יידן און שיק זיי די נחמה; מיר זענען שוין אַ קליין רעשטל; און אויב מיר זענען עס נישט ווערט, טו עס אין זכות פון אונדזערע אבות, אָדער העלף אונדז אין זכות פון דעם רעשט אומשולדיקע קליינע קינדער! דאָס שלעכטיקייט פון די מערדער זאָלסטו באַשטראָפן און מיר זאָלן דער־לעבן זייער מפּלה!

מיר ווייסן נישט, אויב אונדזערע ברידער אין אויס־לאַנד, ווייסן גענוי אַלץ, וואָס ע סטוט זיך מיט אונדז, ווייל די מענטשן, וואָס מאַכן נישט מיט דאָס גיהנום, קע־נען זיך אַזעלכע בעסטיאַלישע זאַכן נישט פאָרשטעלן. אַ טייל דייטשן אַליין, באַוויינען אונדז, אָבער יעדער דייטש איז אַ מערדער! אונדזערע שכנים רייבן זיך פון הינטן די הענט, זיי באַדויערן אונדז און ראָטן אונדז צו מאַכן אָן אויפשטאַנד.

היינט איז דער 24טער אויגוסט 1942. די בעסטיאַ־לישקייט גייט ווייטער אָן. מ׳פירט ווידער צוגן יידן קיין בעלזעץ. ראַווע האָט ווידער מורא צו ווערן יודנריין.

איך וויל זיך צוריקקערן צו דער אַקציע פונעם 29־טן יולי, כדי איבערצוגעבן און באַשרייבן די באַרבאַרישקייט פון די קאַלטע מערדער. ווען איך בין דאַמאָלס געשטאַנען צווישן אַ גרופּע פון 50 — 60 יידן, וואָס די אוקראַינישע פּאָליציי און די דייטשע זשאַנדאַרמעריע האָבן אַרויסגע־נומען פון די באַהעלטענישן, איז געווען אַ 30־יעריקע פרוי, אַ שיינע ברונעטקע מיט אַ געקרויזלטן קאָפּ האָר, מיט אַ פּרעכטיק שיין זעקס־חדשימדיק קינד, ווייזט אויס אַ יינגעלע, און זי האָט גערעדט פּערפעקט דייטש. זאָגט זי אַזוי צום הויפּטמאַן: „הער אָפיציר, פּיליכט האָבן זי דאָך אַ מענטשלעך האַרץ, פּיליכט האָבן זי אויך אַ פרוי און אַ קינד, זעען זי, אַזאַ וווּנדערשיין קינד.

שענקען זי, ביטע, דאָס לעבן דעם קליינעם אומשול־דיקן קינד".

האָט זיך דער הויפּטמאַן אומגעקוקט און האָט געפונען אַ דיקע צווייג פון אַ בוים און האָט געגעבן אַ געשריי: „ווירסט האַלטן די שנאוצע (פּיסק)?! — און גיט איר אַ פליק מיט דעם גאַנצן כוח איבער דער פּלייצע, האָט דאָס קינד געגעבן אַ קוויטש, האָט ער דעם קינד אויך געגעבן אַ פליק, אַזוי, אַז דאָס קינד מיט דער מאַמען, זענען גע־בליבן ליגן אויפן אָרט. און ווען אַן עלטערע פרוי האָט געפּרווּוט צוגיין און איז נישט געבליבן שטיין — האָט מען זי גלייך דערשאָסן.

בענטשע שוחטס פרוי, וואָס איז געווען פּאַראַליזירט, האָט דער דייטש געהייסן גיין און זי האָט נישט געקענט, האָט ער זי אַרויסגענומען פאַרן הויז און זי דערשאָסן. דעם מאַן אירן, בענטשע שוחט, האָט ער מיטגענומען. — אַזוי מאָרדן זיי אונדז קאַלטבלוטיק אויס!

פון לעמבערג דערציילט מען מוראדיקע גרויל־זאַכן; מען מאָרדעט טויזנטער יידן, פרויען מיט קינדער. דער ייד איז גאָרנישט ווערט, אַפילו די אוקראַאינער און די פּאָליאַקן האַלטן שוין אויך, אַז אַ ייד צו האַרגענען איז לייכטער, ווי אַ מויז, אָדער אַ שטשאָר.

בעלזעץ עסט אויף יעדן טאָג אין די טויזנטער יידן.

דאָס שטאַרקע באַמבאַרדירן דייטשלאַנד, העלפט נאָך דערווייל גאָרנישט; דער משוגענער האָט נאָך אַלץ צייט און טוט מיט אונדז, וואָס ער וויל. ער האָט דערצו צייט,

האַלט דערצו ספּעציעלע תּלינים, מיט ספּעציעלע באַנען און עס פירט זיך ביי אים אַלץ נאָרמאַל. יעדן טאָג, איין באַן אָדער צוויי באַנען מיט 50 — 60 וואַגאָנען, אין יעדן וואַגאָן אַ 100 יידן בערך. אַזוי, אַז בעלזעץ עסט אויף יעדן טאָג, פון 8 ביז 10 טויזנט יידן. בלויז די צונגן וואָס גייען פאַרביי ראַווע, זעען מיר, אָבער וואָס עס טוט זיך אין אַנדערע שטרעקעס, און אין אַנדערע שטעט, ווייסן מיר נישט. ווער ווייסט, אויב פּוילן האָט נאָך אַ מיליאָן יידן; אויב ס'וועט נאָך אַזוי דויערן אַ קליין שטיקל צייט, וועט נישט בלייבן קיין שריד ופליט פון די פּוילישע יידן. אפשר וועט דאָך נישט זיין צו שפּעט. מיר וואַרטן אויף נסים, דאָס יידישע פאָלק האָט תּמיד געהאַט נסים. אפשר וועט זיך גאָט אויף אונדז דערבאַרעמען.

היינט איז דער 31.8.1942. שוין 3 יאָר זייט ה. האָט די וועלט אונטערגעצונדן. וויפל בלוט ס'האָט שוין געקאָסט, וויפל האָב און גוטס ס'איז פאַרניכטעט געוואָרן, נאָר קיינעם האָט דער ביטערער קריג נישט אַזוי געטראָפן, ווי אונדז יידן אין אייראָפּע. אונדזער פאַרמעגן און לעבן איז געוואָרן הפקר און ווער ס'וויל, באָדט זיך אין יידיש בלוט. ווער ס'האָט די מיאוסטע און שווערסטע אַרבעט, באַנוצט זיך מיטן ייד; ווער ס'פאַרשולדיקט, אין דעם איז פאַראַן דער ייד; אונדז שלאָגט מען,; אונדז האַרגעט מען, אונדז פאַרברענט מען לעבעדיקערהייט, אונדזערע אומשולדיקע פרויען, קליינע קינדער, זייג־קינדער פירט מען קיין בעלזעץ צום פאַרברענען מיט עלעקטרישן שטראָם. מ'פירט תּלמידי־חכמים, וואָס זיצן טאָג און נאַכט און לערנען תּורה, אַלטע לייט, דיינים, רבנים קיין בעלזעץ און קיינער פרעגט נישט: פאַרוואָס און פאַרוועןִ. מיר זענען פון די דייטשן פאַראַכטעט און ביי פעלקער געוואָרן צו שפּאָט און צו שאַנד. און יעדן טאָג גייען ווידער די טראַנספּאָרטן פון 50־קער וואַגאָנען, פון אַלע עקן פּוילן, קיין בעלזעץ צום פאַרניכטן. אַזוי ווערט איינגעפירט די אַנגעזאָגטע, נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע, נייע אָרדנונג און מיר שטייען מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן אויף הילף, און פון וועמען קען די הילף קומען, ווייסט קיינער נישט — נאָר פון גאָט! און גאָט, הפּנים, האָט אין אונדז פאַרגעסן.

אַ טייל ווילן זיך אָרגאַניזירן און לייסטן אַ ווידערשטאַנד, נאָר אונדז פעלט דער פירער, דער אָרגאַניזאַטאָר, דער מוט און דערוויל, ווערט פון אונדז יעדן טאָג ווייניקער און צוקומען קומט נישט צו. יעדן טאָג ווערט אין פּוילן ווייניקער יידן. יעדער מיינט נאָר, אַז מ'מיינט נישט אים און נאָר יענעם. די, אין יודנראַט, מיינען נאָר זיך צו דעקן און דעם צווייטן צו באַגראָבן. נאָר איצט, זעען זיי, אַז זיי ווערן אויך נישט געשוינט, ווייל פון די אַלע שטעט, וואָס זענען שוין יודנריין, האָט מען אויך אַלע יודנראַטן מיטגענומען.

ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער ערגסטער סקאַנדאַל איז געווען מיט די יודנראַטן אין פּוילן, וואָס האָבן זייערע אייגענע ברידער פאַראַטן, ווי צום ביישפּיל, אין ראַווע האָבן די יודנראַטן איבערהויפּט נישט צוויסן געגעבן, וואָס בעלזעץ איז. דערפאַר פאָרן אַ סך מענטשן און ווייסן נישט, אַז זיי פאָרן צום ביטערן טויט, נאָר שפּילן אויפן וועג אויף מאַנדאָלין און אין קאָרטן, נאָר ווען זיי קומען קיין בעלזעץ, טוט מען זיי אויס נאַקעט און מען שלאָגט זיי, אַז זיי זאָלן שנעלער גיין זיך באָדן און מער קומען זיי נישט אַרויס צוריק, נאָר ווערן פאַרברענט אויף אַש.

ווי אַזוי האַלט מען דאָס אויס, ווייס איך נישט!

היינט איז דער 6־טער סעפּטעמבער 1942. די וואָך האָבן מיר איבערגעלעבט אַ גרויסע פּאַניק. דאָנערשטיק ביינאַכט אויף פרייטיק, אַ זייגער 2, האָט זיך די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין ראַווע, געשטעלט אויף די פיס. די זשאַנדאַרמעריע און די אוקראַינישע מיליץ זענען געוואָרן אַלאַרמירט און ס'פאַרשטייט זיך באַלד, צו וואָס. אָבער זיי זענען אַוועק קיין פּאָטאַליטש און געבראַכט פון דאָרטן אַ 250 יידישע מענטשן און ווי מ'האָט דערציילט, זענען אַ 250 יידן אַנטלאָפן אין די פעלדער. מיר האָבן געגלויבט, אַז מ'גייט זיי נעמען קיין בעלזעץ...

אויך מיר אין ראַווע זענען געווען זיכער, אַז אויך ביי אונדז וועט באַלד פאָרקומען די אַזוי גערופענע אַקציע. ווייל אין די אַנדערע ,ווייטערע פּראָווינצן, נאָרט ער אַרויס די יידן און זיי גייען זיך אַליין פרייוויליק מעלדן. ער קאָמבינירט אויס פאַרשידענע באַנדיטישע שטיקלעך, ווי: נעבן ראַווע מאַכט ער אַ יידישע קאָלאָניע און מענטשן קויפן אַפילו אויס בילעטן צו 30 זל', נעמען זיך זייער באַגאַזש און ווען זיי קומען אָן קיין בעלזעץ, ווייסן מיר שוין זייער סוף.

זענען זיך די ראַווער יידן צולאָפן אין די פעלדער און וועלדער און זיך באַהאַלטן אין בונקערס. איך מיט מיין פאַמיליע, טאָכטער מיט די קינדער, די צוויי זין און מיין פרוי, זענען געלעגן באַהאַלטן אין שיבעלניער וואַלד. פרייטיק צונאַכטס, זענען געקומען צוויי סאָוועטישע באָמבאַרדירערס און האָבן געוואָרפן אויף ראַווע אַ 10 באָמבעס, וואָס האָט מיך זייער געפרייט. שבת אינדערפרי, זענען מיר געוואויר געוואָרן, אַז מ'האָט די פאַרנומענע פּאָטאַליטשער יידן באַפרייט און נאָכגעלאָזט, זיי באַזעצט צווישן די ראַווער יידן און פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געשען, ווייס איך נישט.

יעדן טאָג גייען ווייטער טראַנספּאָרטן מיט יידן קיין בעלזעץ אין דעם זעלבן פאָרנעם ווי תמיד. מיר לעזן די, פון די סאָוויעטן, געוואָרפענע פלוג־בלעטלעך און מ׳האָפט, אַז צום קריג וועט קומען אַ סוף. אויך די פאַרייניקטע מלוכות האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, נאָר דערווייל פירן די באַנדיטן אַרויס יידן קיין בעלזעץ. אונדז איז פינצטער, זייער פינצטער; ווער ווייסט, אויב ס׳וועט אימיצן פון די מיליאָנען יידן געלונגען זיך צו ראַטעווען? נאָר איין גאָט — ווייסט!

מענטשן פאָרן אַוועק אויף אַרישע פּאַפּירן, אַ טייל כאַפּט מען און מ׳זעצט איין אין טורמע, אַ טייל געלונגט עס. פרויען פאָרן אַוועק אַלס קריסטן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. דאָרטן איז מען אויך נישט זיכער, ווייל דאָרטן ווערט באַמבאַרדירט זייער שטאַרק. אַזוי לעבט מיט שרעק און פּחד דאָס יידישע פאָלק. נאָר די וואָך קומט אַ ניי יאָר, ראש־השנה, אפשר וועט זיך גאָט דערבאַרמען אויף אונדז?!!

היינט איז ערב־ראש־השנה, דער 11־טער סעפּטעמבער 1942. דאָס יאָר איז געווען פאַר יידן אין אייראָפּע, אונטער דייטשלאַנדס הערשאַפט, אַ שרעקלעך, פינצטער יאָר. מיליאָנען יידן זענען אין אַ טייוול־מאַשין פאַרניכטעט געוואָרן; הונדערטער טויזנטער אויסגעשאָסן, אויסגעמאָרדעט; דערטרונקען צענער־טויזנטער קליינע קינדער, פרויען און אומשולדיקע מענטשן. לויט מיין מיינונג, זענען שוין מער ווי צוויי דריטל יידן אין פּוילן פאַרניכטעט. מ׳פאַרקויפט אַלץ וואָס לאָזט זיך, ווי: וועש, אַנציגער, בעטגעוואַנט, אַבי צו האָבן צו עסן.

נעכטן איז געגאַנגען אַ באַן מיט יידן פון קאָלאָמיי. היינט — אַ גרויסע באַן, צו 120 מענטשן אין אַ וואַגאָן, פון טאַרנאָוו, אַלץ קיין בעלזעץ. אייניקע זענען געשפּרונגען פון וואַגאָן און געקומען קיין ראַווע. זיי דערציילן, ווי די מערדער האָבן זיי געפּייניקט, זיי אויסגעטון נאַקעט, אַז זיי זאָלן נישט קענען אַנטלויפן. דאָך זענען זיי נאַקעטע געשפּרונגען און זיך געראַטעוועט און זענען ביי אונדז; אָבער וואָס האָבן מיר דערפון, אַז די יידן־פאַרניכטונג הערט נישט אויף?

אָבער עס גייט אַ ניי יידיש יאָר, אפשר וועט גאָט אין אונדז יידן זיך דערמאַנען און וועט זיך אָננעמען אונדזער עוולה?! עס ווערט שוין לעבעדיק אויף די פראָנטן, די פאַרייניקטע מלוכות באַהערשן די לופט, אין די וועלדער איז אויך פאַראַן פּאַרטיזאַנער; ס׳איז עפּעס היינט, ביים סוף פונעם פאַרשאָלטענעם יאָר תש״ב, לעבעדיקער און

פאָטאָ־קאָפּיע פון לעצטן בלעטל פון טאָג־בוך געשריבן פון ר׳ יהושע וואַלפוס ז״ל **(ער ענדיקט ער״ה תש״ג — ע״פּי טעות געשריבן תש״ב — מיט זיין אונטערשריפט און שלוס־זאַץ: געלויבט ה־שי״ת דאָס איך האָב דערלעבט ערב ראש השנה תש״ב און געענדיקט דעם זעשיט).**

בעסער אויף דער נשמה. אמת, יעדע פאַמיליע איז נעבעך צעבראָכן: ביי אַ טייל פעלן די עלטערן, אַ טייל — די פרויען, אַ טייל — די מענער, קינדער; ביי אַ טייל — זנען נאָר איינציקע פון די פאַמיליעס געבליבן; אַ טייל — פעלט די גאַנצע פאַמיליע; יעדער גייט אַרום פאַר־ביטערט, פאַרחושכט פון ווייטיק. נאָר וועך עס לעבט — וויל דאָך בלייבן לעבן און וויל נישט שטאַרבן פון ה. טייוול־מאַשין.

לאָמיר האָפן, אַז ס׳קומט דאָס גוטע, נייע יאָר תש״ג און די איבערגעבליבענע יידן וועלן בלייבן לעבן און דערלעבן די גאולה און דייטשלאַנדס פינצטערע מפלה. אמן!

געלויבט הש״ית, דאָס איך האָב דערלעבט ערב ראש השנה תש״ג און געענדיקט דעם זעשיט (העפט).

ראַווע רוסקע אם ערב ראש השנה תש״ג.

# אזוי איז דאס יידישע ראווע אומגעקומען

א. קלאַג

### די וועלט־מלחמה פון 1939

מיט יאָרן שפּעטער, וועלן קינדער, בשעת זיי וועלן לערנען אין די שולן די נייע געשיכטע, אָנטרעפן אויף אַ קאַפּיטל: „די וועלט־מלחמה פון 1939". און דער לערער, אויב ער וועט זיין אַ יידישער לערער, וועט מיט אַ געפיל פון ווייטיק דערציילן זיינע תלמידים, ווי שרעקלעך און גרויס דער חורבן איז געווען, וואָס די נאַצישע חיילות האָבן געבראַכט אויפן אייראָפּעישן יידנטום, במשך די יאָרן פון אָט דער דאָזיקער מלחמה. אין איין אָטעם־צוג וועט ער, דער יידישער לערער, איבערגעבן זיינע שילער דעם טרויעריקן סך־הכל פון 6 מיליאָן יידן, וועלכע די דייטשע מערדער האָבן אַזוי קאַלטבלוטיק אויסגעשאָכטן, נישט איבערלאָזנדיק קיין זכר, אַפילו פון די אַלע אַמאָליקע יידישע ישובים. אויב אָבער דער לערער וועט נישט זיין קיין יידישער, וועט ער זיך בלי ספק אָפּשטעלן ברייטער אויף דעם גאַנצן ספּור־המעשה... און וועט זיכער דערקלערן זיינע תלמידים, פונקט אָט דאָס, וואָס מ׳האָט בשעתו דער גאַנצער נאַאיווער וועלט איינגערעדט, אַז: ס׳איז זיי, די דייטשן מיט אַמאָל שטאַרק „ענג" געוואָרן אין זייער פאַ־טערלאַנד. אַרומגעצוימט מיט די „ווערסאַילער שטעך־דראָטן" פון נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג (1918 — 1914), שטאַרק בעוולטע און באַרויבטע, האָבן דעריבער מיליאָנען דייטשן באַשטימט, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אַ סוף מאַכן צו זייער „אָרעמקייט" און צו זייערע „שרעקלעכע" לע־בנס־באַדינגונגען, און האָבן צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער, פאַרשאַרצט די אַרבל, און אַרויס באַזיגן די אַזוי נישט יושרדיקע וועלט...

אָט אַזוי וועט עס באַשטימט אויסזען פון דער טרוקע־נער ניי־צייטיקער געשיכטע. פאַר אונדז יידן אָבער, ספּע־ציעל פאַר די אודים מוצלים, וועלכע האָבן אַליין דורכ־געלעבט דעם אַזוי גרויזאַמען חורבן, איז אָט דאָס דאָזיקע קאַפּיטל: „דער קריג פון 1939" — געשריבן מיטן בלוט פון זייערע נאָענטסטע און טייערסטע, און דורכגעווייטיקט מיט שוים אויף די טרפהנע ליפּן, האָט דאָס „הערץ־פון אונדזער פאָלק. און אייביק, ביז אונדזער לעצטן אָטעם־צוג, וועט אונדז שוין אַזוי נאָכגיין ווי אַ שאָטן, אָט דער אַזוי טרויעריקער קאָשמאַר, פאַראורזאַכט דורך אַ „פאָלק", וואָס האָט ענדלעך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאַסקע פון אַ „קולטור־פאָלק", פון אַ „נאָבעלער ראַסע", — און זייענדיק פאַרכשופט פון אַ סופּער־חיה, האָט זיך דאָס דאָזיקע „פאָלק" אומגעקערט צו דעם: ועל חרבך תחיה.

מיט שוים אויף די טרפהנע ליפּן, האָט דאָס „הערן־פאָלק" געיובלט און געליאַרעמט, אונטער דער געביילטער פויסט פון זייער פירער־פאַרפירער פון פאָטערלאַנד. מיט דער באַקאַנטער דייטשער דיסציפּלין און פּינקטלעכקייט, איז עס אַרויס, אָט דאָס חיהשע מערדער־פאָלק אויף דער ברייטער וועלט; און געזייעט טויט אויף שריט און טריט, געברענט שטעט און שטעטלעך, אַז הימלען האָבן זיך אַזש פונאַנדערגעפּלאַקערט, און אין דעם וועלטס־חלל האָט זיך דערהערט דער משחיתדיקער עכאָ פון „דם ואש ותמרות עשן"... און מערקווירדיק, ווען מ׳פאַרטראַכט זיך אויף אַ ווײַלע וועגן די וועלט־באַלעבאָטים פון יענע יאָרן, ווי קורצזיכטיק און נאַיוו זיי זענען געווען. ווי עקלדיק זיי האָבן געגלעט אָט די גיפטיקע שלאַנג, געשפּילט זיך גאָר מיט איר אין אַ ווילדן שפּיל, דער „מינכענער־אַפּמאַך"־שפּיל. געפּאַנקעוועט און געצערטלט האָבן זיי די שלאַנג, אָנשטאָט דערשטיקן זי באַלד ביים געבוירן ווערן. זיי האָבן געפּלעגט די שרעקלעכע חיה, געשטאַרקט זי פון טאָג צו טאָג. ווייל, וואָלטן זיי זיך געווען אָריענטירט באַלד,

ווען עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיי זענען אַזוי בעסטיאַליש פאַרגוואַלדיקט געוואָרן, וואָלטן די פוילישע פעלדער און וועלדער נישט געווען איינגעזאַפּט אין זיך אַזויפיל בלוט פון מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן ,אנשים, נשים וטף.

## דאָס יידישע ראַוואַ־רוסקאַ

ראַוואַ־רוסקאַ געפינט זיך אַ 60 קילאָמעטער פון לעמבערג, די עיר ואם בישראל — אויפן שליאַך לעמבערג־וואַרשע. אַ שטעטל, ווו ס'האָבן ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלטס־קריג געוווינט קרוב צו 18 טויזנט איינוווינער, דערפון ביי אַ 11 טויזנט יידן. די מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך באַשעפטיקט מיט קליין־מסחר און האַנטווערקעריי. אין די לעצטע פאַר יאָר פאַרן קריג־אויסברוך, האָט זיך ביי אונדז שטאַרק אַנטוויקלט די קירנזשנער בראַנזשע, אַרום וועלכער ס'האָט זיך קאָנצענטרירט כמעט 90 פּראָצענט יידישע יוגנט פון שטאָט און אויך פון דער פּראָווינץ און, אַ גאַר גרויסער טייל, האָט בכבודיק מפרנס געווען זייערע אָרעמע עלטערן.

ראַוואַ־רוסקאַ איז, געאָגראַפיש גענומען, נישט געווען פון די גרעסערע שטעט אין פאַר מלחמהדיקן פוילן; פון אונדזער יידישן קוק־ווינקל אָבער, איז עס געווען אַ גאַר לעבעדיק און רירעוודיק שטעטל, ווו יידיש לעבן האָט ממש געשפּראָדלט, מיט כלערליי יוגנט־באַוועגונגען, און אָרגאַניזאַציעס: ציוניסטישע, בונדישע און אַנדערע; ביבליאָטעקן, אַ קינדער־גאָרטן, העברעישע שולע, אוונט־קורסן, טאַנץ־פּאַרוויילונגען, יידיש טעאַטער און אַנדערע. אָט די אַלע האָבן רייך אָפּגעשפּיגלט דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ראַוואַ־רוסקאַ.

## ערב דעם אַריינמאַרש פון די דייטשן קיין ראַוואַ־רוסקאַ

שווער צו פאַרגעסן די מרה־שחורה,, וועלכע איז באַפאַלן אונדזער שטאָט באַלד, מיטן אויסברוך פון דער דייטש־פוילישער מלחמה. ידיעות זענען אָנגעקומען פון נאָענט און ווייט, אַז דער נאַצישער געיעג האָט זיך אָנגעהויבן צוזאַמען מיט אַן אומגעהויער ווילדן לויפן פאַראויס. די „העלדישע״ פוילישע אַרמיי האָט צומאָל נישט באַוויזן אַרומקוקן זיך, און שוין זענען שטעט און דערפער, שטעטלעך און וועלדער באַוואָרפן געוואָרן מיט צינדבאָמבעס פון די נאַצישע לופט־פּיראַטן, און אַ העליש פייער האָט זיך מיט אַמאָל צעפלאַקערט אין גאַנץ פוילן. יידן זענען אַרויס אין די ענגע גאַסן און געסלעך פון ראַוואַ־רוסקאַ, און ווי דער שטייגער, באַלד אָנגעהויבן פּאָליטיקירן. (אין אַלגעמיין האָט מען בלויז יידן געזען אין די גאַסן, די פאַליאַקלעך האָבן זיך עפּעס ווי באַהאַלטן). בלויז יידן האָבן זיך באַלד קיין אָרט נישט געקענט געפונען. מיר האָבן, הפנים ווי פאָרויסגעפילט אונדזער גורל; מעגלעך נישט אין אַזאַ אכזריותדיקן אופן, נאָר די אַלע ביטערע בשורות, האָבן אונדז גאָר קיין פריילעכס נישט אָנגעזאָגט. די עלעקטרישע ליכט איז גלייך אויסגעשאַלטעט געוואָרן; שוואַרצע שאָטנס פון דערשראָקענע יידן מיט פאַרחושכטע געמיטער, האָבן זיך באַוועגט גאַנצע שלאָפלאָזע נעכט אין די פינצטערע גאַסן און געסלעך פון שטעטל.

## די דייטשן זענען שוין דאָ אין שטאָט

דעם 10־טן סעפּטעמבער, 1939 — בסך הכל צען טעג נאָכן אויסברוך פון קריג, באַווייזן זיך די נאַצישע חיילות אין די ליידיקע, אַבלדיקע גאַסן פון מיין שטאָט ראַוואַ־רוסקאַ. אַ שטילע אומרואיקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף דער שטאָט בכלל, און אויף די דורך יידן באַוווינטע גאַסן און געסלעך בפרט. אַפילו די פייגל האָבן זיך ווי „באַמיט״ אויסצומיידן דעם חלל, וועלכער איז געווען אָנגעפילט מיט רויך פון די דייטשע דיזל־מאָטאָרן. ערשט שפּעטער־צו, אין די פריע אוונט־שעהן, האָט זיך דאָ און דאָרטן, פון צווישן די געסלעך לעבן דער שול, אָדער ערגעץ ווו לעבן די „יאַטקעס״, באַוויזן אַ דערשראָקן געשטאַלט פון אַ יידישער פרוי, וועלכע האָט זיך בגנבה צוגעשליידערט צו דער „פּאָמפּע״; אַריינצוכאַפּן כאָטש אַ ביסל וואַסער פאַר די פאַרטרוקנטע, פון דורשט, גימענס און איינגעשרומפּענע ליפּן. זייט די לעצטע 3־טעג, איז נישט מעגלעך געווען, צוליב די געשיסערייען, זאָגאָר אַ פּנים אַרויסצווייזן. ערשט יעצט, ווען דאָס אַלץ האָט זיך ענדלעך איינגעשטילט, באַוועגן זיך דאָרט, פון צייט צו צייט, שווערע און אומזיכערע טריט... אויסגעצערטע בלאַסע פּנימער, מיט טיף־דערשראָקענע אויגן, וואָרפן ווילד־צעשראָקענע בליקן אויף דעם פוסטן און חושכדיקן אַרום. אין דער כסדרדיקער שרעק פון: מה ילד יום? — איז אַזוי דאָס לעבן אָנגעגאַנגען פאַר די ערשטע פאַר טעג...

## די ערשטע גזרות פון די נייע הערשער

באַלד אויפן 5־טן טאָג, נאָכן אַריינמאַרש פון די נאַצים, הויבט אָן די ווילדע חיה באַווייזן אירע נעגל... אויף די ווענט האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן, געשריבן אין אַלע דריי לשונות: דייטש, אוקראַיניש און פּויליש, וועלכע האָבן צוויסן געגעבן דער יידישער באַפעלקערונג פּאָל־

גנדעס: יידן אָן אונטערשיד פון געשלעכט, ווערן אויפגעפאָדערט צו טראָגן אויף דער רעכטער האַנט אַ ווייסן אָרעמבאַנד פון 8 צענטימעטער די ברייט, מיט אַ בלויען מגן־דוד, כדי אים צו דערקענען און אים חלילה נישט פאַרטוישן מיט אַ נישט־ייד; יידן אָן אונטערשיד פון געשלעכט, ביז 60 יאָר אַלט, מוזן זיך באַלד פאַרעגיסטרירן צו צוואַנגס־אַרבעט; יידן איז, אונטער טויט־שטראָף, נישט דערלויבט צו באַנוצן דעם טראָטואַר; יידן טאָרן זיך נישט באַווייזן אין גאַסן פאַר 9 אַזייגער מאָרגנס און נאָך 5 אַזייגער אין אָוונט. אָט די און מערערע אַנדערע גזרות האָבן זיך מיטאַמאָל אַ שאָט געטאָן איבער אונדזערע קעפּ. און נישט איין ייד האָט טאַקע באַלד, אין די ערשטע טעג, באַצאָלט מיטן לעבן, פאַר נישט אויספאָלגן אַלצדינג לויט דער „באַקאַנטער" דייטשישער פּינקטלעכקייט.

אַזוי לאַנג, ווי איך וועל לעבן, וועל איך געדענקען און נישט פאַרגעסן, אָט יענע ערשטע פאַרזאַמלונג, אויפן מאַרק־פּלאַץ, אַרום דעם ראַטהויז, פון בלייך־דערשראָקענע יידן, צו דער אַרבעט. די אַרבעט איז געווען: אויסצורייניקן דעם גאַנצן מאַרק און די הויפּט־גאַסן, מיט די בלויזע הענט. באַגלייט פון קלעפּ מיט שטעקנס, דורך די אוקראַינישע באַנדיטן, וועלכע האָבן אונדז געהיטן, האָבן מיר אויסגעפאָלגט דעם באַפעל, און אויסגעפּוצט די הויפּט־גאַסן און דעם מאַרק־פּלאַץ.

דאַן האָט מען אונדז באַפוילן אויסצושטעלן זיך אין מערערע, לאַנגע רייען, אַכט מאַן, איינער אונטער דעם צווייטן. די נאַצישע מערדער מיט זייערע וועלף־הינט ביי די פיס, האָבן געהאַלטן פאַר אונדז לאַנגע רעדעס, אָנגעפּיקעוועט מיט זידל־ווערטער און געמיינע, באַליידיקנדע עפּיטעטן אויפן אַדרעס פון גאַנצן יידישן פאָלק. אויף אַ הויכן קאַסטן האָט מען אַרויפגעשטעלט אַ ייד (ליידער האָב איך פאַרגעסן זיין נאָמען); — זיין בלייך, טויט פּנים, שטייט מיר נאָך פאַר מיינע אויגן, דערלאַנגט אים אַ בעזעם אין דער האַנט און באַפוילן אים „דיריגירן" מיט אונדז, און מיר אַלע זאָלן זינגען... דער טיפער און האַרצרייסנדער קרעכץ פון אונדזער געזאַנג „התקוה", האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די אויסגעלאַסענע געלעכטערס פון אונדזערע „שכנים", די פּאָליאַקלעך, וועלכע האָבן זיך מאַסנווייז פאַרזאַמלט אַרום אונדז, געשטאַנען און געקוואָלן פון אונדזער מפּלה (ווי אַנדערע גיבן איבער איז עס געווען דער האָלצפירער ר' אפרים בלאַט).

מיטן אויסשיסן פון עטלעכע רעוואָלווערן, האָט מען אונדז צו וויסן געגעבן, אַז מיר מעגן זיך שוין פונאַנדערגיין. מאַנכע זענען זיך צעלאָפן אין ז'יערע היימען, דער גרעסטער טייל אָבער, איז דורך די מערדער פאַרהאַלטן געוואָרן און אָפּגעפירט געוואָרן אין צוויי זאַמל־לאַגערן; דער בית־יתומים און דאָס הויז פון דר. בעקער. דאָרטן האָט מען אונדז „איינקוואַרטירט" און דאָרטן האָט מען אונדז אַזוי פאַרהאַלטן אין די צוויי בנינים ביז, סוף אָקטאָבער 1939, ווען, לויט דעם דאַמאָלדיקן מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ אָפּמאַך, האָט אונדז באַפרייט די סאָוויעטישע אַרמיי, וועלכע האָט, צווישן אַנדערע, באַזעצט ראַוואַ־רוסקאַ.

### ווידעראַמאָל צוריק צום אַלטן

דורך אַ צייט אָפּשניט פון 20 חדשים, האָבן יידן אין ראַוואַ־רוסקאַ געלעבט אַ פאַרהעלטנישמעסיק רואיק לעבן. קיין צרות, פאַרשטייט זיך האָבן אויך דעמאָלט נישט געפעלט; נאָר, איז דען דאָס אַ זאַך פון מעגלעכקייטן, צו פאַרגלייכן אָט די געזונטע צרות מיטן גיהנום פון שפּעטער?

אין יוני, 1941 האָבן די מושלים פון דער „הערן־ראַסע" געבראָכן זייער אָפּמאַך מיט סאָוויעט־רוסלאַנד און זיך ערשט איצט פאַרנומען צו פאַרענדיקן אָט דאָס, וואָס זיי האָבן אין סעפּטעמבער 1939 אָנגעהויבן. אינגאַנצן מיט איין וואָך שפּעטער, דעם 28 יוני 1941, האָבן זיך ווידער־אַמאָל די נאַצישע הענקער באַוויזן אין ראַוואַ־רוסקאַ. ווידעראַמאָל שטייט דער ייד, דערשיטערט פון שרעק און אומזיכערקייט, און ביי זיך אין האַרצן קלערט ער זיך: ווער ווייסט, וואָס זיי האָבן ערשט דאָסמאָל צוגעטראַכט פאַר אונדז?

און די צייט האָט דעם יידן לאַנג נישט געלאָזט קלערן און איבערקלערן; זי, האָט אונדז באַלד מרמז געווען, וואָס עס דערוואַרט אונדז יידן אין די גאָר נאָענטסטע טעג.

און טאַקע בקרוב האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער אונדזערע מידע קעפּ אַ מבול פון מעלדונגען, באַקאַנטמאַכונגען, גזרות און דראָונגען. טאַקע בקרוב האָט זיך אויף ראַוואַ־רוסקאַ, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע יידישע קהילות אין פּוילן אויסגעגאָסן דער ביטערער, היטלעריסטישער צאָרן, וועלכער האָט געפונען זיין אויסדרוק אין טויט און פאַרניכטונג.

באַלד ווי נאָר אונדזערע אוקראַינישע „שכנים" האָבן זיך פאָרמירט אין די דייטשע פּאָליציי־אָפּטיילונגען, האָבן זיי אָנגעהויבן אַדורכפירן רעוויזיעס אין יידישע היימען. לויט אַ צוזאַמענגעשטעלטע דורך זיי, רשימה, האָט מען דאַמאָלס צוגענומען דר. סעגאַל, דר. הערשדערפער, ר' שיעלע, (דער מאַגיעראָווער רב), שמחה שטיינבאַך, און הונדערטער אַנדערע יידן. (ליידער קאָן איך זיך איצט נישט דערמאָנען זייערע אַלעמענס נעמען). לויט ווי מאַנכע קריסטן האָבן איבערגעגעבן, האָט מען דעם זעלבן אויף דער נאַכט, זיי אַלע אַרויסגעפירט אין אויטאָס צום „וואָלקאָוויצער" וואַלד, באַפוילן זיי אויסגראָבן פאַר זיך קברים, און דאָרטן האָט מען אַלעמען

אויסגעשאָסן. נישט אַדורך כמעט אַ טאָג, אָן אַ יידישן קרבן. אונטער פאַרשידענע אויסריידן, ווי: דער האָט פאַרגעסן אָנטאָן די אָרעם־באַנד, אַ צווייטער איז אַרויס פאַר זיין טיר בלויז, ווען ס׳האָבן נאָך געפעלט אַ 2—3 מינוטן צו 9 אַ זייגער; אָן אַנדערער ווידער, וועלנדיק אויסמיידן אַן אַנגעקומענעם לאַסט־אויטאָ, איז ער אַרויף מיט איין פוס בלויז אויפן טראָטואַר א. א. וו. דער מלאך המשחית האָט פשוט ווי געהוזקט פון אונדז, אונטער טויזנטערליי תירוצים, ביים צונעמען פון אַ יידן זיין נשמה... כאָטש די מערדער האָבן זיך בכלל נישט געניטיקט אין קיין אויסריידן אויף צו הרגענען אַ ייד; נאָר דאָס איז איין אַספעקט פון זייער פאַרפירערישער נאַטור: דער ייד איז אין אַלעמען שולדיק, אפילו אין זיין אייגענעם טויט...

### מות ישרים פון די ראַוווער יידן

מ׳קאָן זאָגן, אַז די גסיסה פון ראַוווער יידנטום האָט אָנגעהאַלטן פיל לענגער אין פאַרגלייך צו מערערע, אַנדערע יידישע קהילות. אונדזער גורל, הפנים, האָט געוואָלט, אַז נישט ווייט פון אונדז, אַפילו נישט קיין האַלבע שעה רייזע פון ראַוואַ־רוסקאַ האָבן די נאַציישע מערדער אויפגעבויט אַ פאַרניכטונגס־לאַגער, דער אַזוי טרויעריק באַקאַנטער בעלזשעץ. העכער 2 מיליאָן יידן הי״ד זענען אומגעקומען אָט אין דעם בעלזשעץ.

כמעט פון גאַנץ פוילן האָט מען טאָג און נאַכט, און צייטנווייז עטלעכע מאָל טעגלעך, געפירט אַהין־צו טראַנספּאָרטן מיט יידן. דאָרטיקע קריסטן האָבן זיך שטאַרק באַקלאָגט, אַז דער ריח פון פאַרברענטע קערפּערס, לאָזט זיי נעבעך נישט שלאָפן, און רויבט זאָגאַר אַוועק ביי זיי דעם אַפּעטיט צום עסן.

מאַנכע אומגליקלעכע האָבן צומאָל קיין אַנונג נישט געהאַט, וואָהין מ׳פירט זיי; ווייל דאָרט נאָך, אין זייערע היימען, האָט מען זיי איינגערעדט, אַז מ׳פירט זיי אין אַ ספּעציעלן אַרבעטס־לאַגער מיטן נאָמען בעלזשעץ. ווען זייער טראַנספּאָרט האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער ראַוואַ־רוסקער באַן־סטאַציע, האָבן זיי פלוצים אויסגעפונען (דורך יידן, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט), אַווּ מען פירט זיי...

זענען מאַנכע, אונטער אַ האַגל פון דייטשע קוילן, געשפרונגען פון די פראַכט־וואַגאָנען. מערערע פון די שפּרינגערס, אָדער ווי מ׳האָט זיי ביי אונדז גערופן, „סקאָטשקעס״, זענען אויפן אָרט אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער; אַנדערע ווידער זענען באַמערקט געוואָרן דורך די אָרומיקע אוקראַאינישע פויערים, וועלכע האָבן צו אַלעם ערשט באַרויבט די קרבנות, און דאַן זיי אויסגעליפערט צו

דער דייטשער פּאָליציי, אָדער מיט זייערע אייגענע שמוציקע לאַפּעס זיי געשלאָגן ביז טויט. אַ טייל האָבן געפונען זייער טויט בעתן שפּרונגען גופא, אַרויפשפּרינגענדיק אויף שטיינער, אָדער אויף אייזערנע סלופּעס. זייער ווייניקע, האָבן געהאַט דאָס „גליק״ און זיך באַוויזן אויסצובאַהאַלטן במשך אַ טאָג־צוויי אין די וועלדער, און דאַן אַריינגעגנבעט זיך אין שטאָט.

די ראַוואַ־רוסקער יידן ז״ל מוזן דאָ דערמאָנט ווערן לשבח, וואָס כאָטש אַליין איז מען פשוט אויסגעגאַנגען פון הונגער, האָט מען פונדעסטוועגן מקיים געווען די מצוה פון הכנסת אורחים. כמעט אין יעדער שטוב האָט מען אַריינגענומען די „סקאָטשקעס״, און זיך געטיילט מיט זיי מיטן לעצטן ביסן ברויט. שפּעטער האָבן אויך זיי געטיילט דעם שרעקלעכן גורל פון אונדזערע טייערסטע, און צוזאַמען מיט זיי אומגעקומען.

די ערשטע אַזוי גערופענע „אַקציע״, איז פאָרגעקומען אין מערץ 1942 ווען 1.500 יידן זענען, דורך דער דייטשער פּאָליציי, מיט דער באַטייליקונג פון דער אוקראַאינישער געהילפס־פּאָליציי, געכאַפּט געוואָרן אין די גאַסן, גייענדיק פון שווערער אַרבעט. מאַנכע זענען אויך אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען. מ׳האָט זיי, נעבעך, אַלעמען פאַרלאָדן אין פּראַכט־וואַגאָנען, צונויפגעפּרעסט ווי הערינג, פּרויען, מענער און קינדער, און אָפּגעפירט קיין בעלזשעץ, ווו זיי זענען דעם זעלבן טאָג אומגעבראַכט געוואָרן. זייט דאַמאָלס האָט זיך אָפיציעל אָנגעהויבן דאָס סיסטעמאַטישע אויסמאָרדן פון דער ראַוווער־רוסקער יידישער באַפעלקערונג.

אין יולי, ד. ה. מיט 5 חדשים שפּעטער, האָבן ווידעראַמאָל 2.000 יידן דורכגעמאַכט, נאָך שווערע, אומענדלעכע יסורים, דעם זעלבן טראַגישן מאַרטירער־וועג פון ראַוואַ־רוסקאַ־בעלזשעץ. „דאָס מאָל האָבן זיך בלוטיקע סצענעס אָפּגעשפּילט אויפן זאַמל־פּונקט״, ווו צענדליקער יידן זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן דורך די אוקראַאינישע באַנדיטן. נאָך אָט דער „אַקציע״ האָט די דייטשע פּערפידיע צונויפגעטריבן אַלע יידישע פאַמיליעס פון אַרומיקע, קלענערע שטעטלעך, ווי: ניעמיראָוו, פּאַטיליטש, אוהנוו, מאַגיעראָוו א. אַנד. מיר האָבן באַלד פאַרשטאַנען, וואָס דאָס דאָזיקע מיינט. דעם 11־טן דעצעמבער (1942), האָבן די מערדער אָפיציעל אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן די צוויי יידישע קוואַרטאַלן, די שול־גאַס און אַרום די „יאַטקעס״. אַ פאַראָרדענונג איז אַרויס, אַז דאָס אַרויסגיין פון געטאָ דורך אַ ייד, אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש, אונטערליגט טויט־שטראָף.

זונטיק, דעם 7־טן דעצעמבער, האָבן אוקראַאינישע און

דייטשע מערדער אָנגעהויבן דאָס צוזאַמענטרייבן פון אַלטע און קראַנקע (אין געטאָ האָט דאַמאָלס געהערשט אַ טיפוס־עפידעמיע) אין דער שול, צענדליקער קראַנקע זענען אומגעקומען אויפן וועג, זייענדיק ממש געשלעפּט און געשטופּט דורך די אויבנדערמאָנטע באַנדיטן, מיט דער מיטהילף פון יידישע אויסוואורפן.

די דאָזיקע „אַקציע" האָט אָנגעהאַלטן צוויי טעג בלויז, און דינסטיק דעם 9טן דעצעמבער, האָט זיך אָפיציעל אָנגעהויבן דער גירוש ראַוואַ־רוסקאַ.

לאַסט־אויטאָס זענען אַריינגעקומען אין געטאָ. אונטער שרעקלעכע שיסערייען, אין טייכן בלוט, האָבן די אוקראַיִנישע מערדער אויפגעלאָדן טויטע צוזאַמען מיט לעבעדיקע יידן אויף די אויטאָס, און זיי אַריינגעפירט צום שעדליצער וואַלד, וווּ ס'זענען שוין געווען פון פריער צוגעגרייט צוויי גריבער, און דאָרט האָבן די צוויי מערדער, מייערס און טרעגנער י"ש, זיי אַלעמען מיט מאַשין־געווער אויסגעשאָסן.

איינעם פון אונדזער שטאָט, אַ געוויסן יאַנקל טריט, איז דורך אַ נס געלונגען צו אַנטלויפן, און איז שפּעטער געקומען אין געטאָ. ער האָט דאַן דערציילט, וואָס פאַראַשרעקלעכע סצענעס ס'זענען דאָרט פאָרגעקומען, ווען מאַמעס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אַריינשליידערן זייערע קליינינקע קינדערלעך אין גרוב. מאַנכע מוטערס האָבן פּשוט פאַרלוירן דעם באַוווּסטזיין, און די קולות האָבן אָנגעפילט דעם גאַנצן חלל; בלויז עד לב השמים זענען זייערע קולות דערגאַנגען.

אויך אויפן בית־עולם זענען פאַראַן צוויי גרויסע מאַסן־קברים; מערערע טראַנספּאָרטן מיט טאַטעס, מאַמעס און קינדער פון יידישן ראַוואַ־רוסקאַ זענען אויך אָפּגעגאַנגען קיין בעלזשעץ.

דער שרייבער פון די שורות האָט זיך געפונען צווישן די אַזוי גערופענע „לעגאַלע" 300 יידן, אַרבעטער, וועמען די דייטשע מערדער האָבן באַשעפטיקט ביים „ריינ־יקן" (לייען: אויסרויבן) דאָס געטאָ.

וואָכן לאַנג איז אַזוי אָנגעגאַנגען דאָס אויסגעפונען און אַרויספירן יידן פון די בונקערס, קעלערן און סתם לעכער. „לעבעדיקע", האַלב־טויטע און טויטע ממש; מאַנכע זאַגאַר צעפרעסן דורך די ווילדע קעץ און מייז — אַזוי האָט מען זיי אַנדעקט און אַרויסגעטראָגן צום אומברענגען דורך די פּלייסיקע אוקראַאינישע מערדער.

איך האָב אויך געהאַט דאָס „מזל" צו זיין באַשעפטיקט אַלס אַ דעזינפעקטאָר מערערע וואָכן. ווען די מאַסן־שחיטות האָבן זיך אָנגעהויבן, זענען מיר — איך מיט נאָך דריי חברים — געשטאַנען אין געטאָ, ביים אַריינגאַנג אין דעם שטאָטישן באָד, נעבן אויוון און דעזינפעקצירט די מלבושים, וואָס מ'האָט צוגענומען ביי די פאַראורטיילטע, נעבעך, אָפּגעטראַנספּאָרטירט צו ווערן קיין בעלזשעץ, אָדער צו די מאַסן־קברים אינעם שעדלעצער וואַלד. אַזוי אַרום האָבן מיינע אויגן צוגעזען, וואָס אונדזערע ראַוואַ־רוסקער יידן זענען אַדורכגעגאַנגען, ביז וואַנען זיי האָבן שוין „דערלעבט" צו זיין טויט... אויף קיין איין מינוט פאַרשווינדן נישט פון מיינע אויגן אָט די האַרץ־רייסנדע בילדער... און ביז צו מיין גרוב וועלן זיי מיך באַגלייטן.

ווער קאָן דען פאַרגעסן דעם האַלב־ווילדן פון דורשט־פאַרברענטן מ.מ.ו. (כ'וויל נישט אויסשרייבן קיין נעמען צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים), מיטן אָפענעם מויל און מיט דער צונג אין דרויסן, וואָס האָט שטאַמלענדיק אָן אויפהער גערופן: וואַסער! וואַסער!... האָט דער אוקראַיִנישער היידאַמאַק אויף אים אויסגעגאָסן אַ פולן עמער וואַסער אויפן קאָפּ און דער אומגליקלעכער האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ, כדי טועם צו זיין אַ פּאָר טראָפּנס וואַסער... און אַזוי אַרום האָט ער באַקומען די קויל אין זיין הויך אָנגעצויגענעם האַלדז... געשטאָרבן אַ דורשטיקער און מיט אַ שמייכל אויף זיינע פאַרברענטע ליפּן... הי"ד.

צוויי בלייך־טויטע יידן האָבן זיי אַרויסגענומען פון אַ קעלער, צוגעפירט און אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים צו דער וואַנט אַנטקעגן דעם באָד און די „לילית", דעם מערדער גזשימעקס פּרוי, ימח שמה וזכרה, האָט זיך אָנגעהויבן „איבן" מיטן רעוואָלווער און זי האָט געצילט אין די קעפּ פון די צוויי אומגליקלעכע קרבנות.

די מערערע נאַציִשע חיות, וועלכע האָבן געזען דעם „אַמוזירנדיקן" ספּעקטאַקל האָבן געהאַלטן אין איין לאַכן, ווען אַנשטאָט אין קאָפּ האָט די „העלדין" גאָר געטראָפן אין אַן אויער, אָדער ערגעץ אַנדערש ווו. און בעת די צוויי יידן, נעבעך, האָבן אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו זען, אויב די קויל וועט זיי דאָס מאָל נישט פאַראַטן... און ענדלעך טאַן ס'איריקע, האָבן זיי געקריגן געקאָפּעט פון די „ריטערישע" שטיוול אין זייערע אויסגעדאַרטע גופים. און ווידער אַמאָל האָבן אָפּגעהילכט די ווילדע, שיכורע געלעכטערס אין חלל פון געטאָ... ביז די צוויי קדושים זענען ענדלעך אַוועקגעפאַלן...

דערמיט, אָבער, האָט זיך די חיה נאָך נישט געפילט גענוג זאַט. עטלעכע יידן פון די אַרבעטער דאָרט, און אַני הקטן בתוכם, זענען אונטער די קלעפּ פון שטעקנס צונויפגעזאַמלט געוואָרן און באַפוילן געוואָרן צו ברענגען אַ פּאָר לימענעס, כדי צו „ראַטעווען" (אָפּצומינטערן) צוויי יידן, וועלכע זענען פאַרחלשט געוואָרן"... די ווילדע קולות

פון געלעכטער מצד די אויסוווּרפן דאָרט זענען דערגאַנגען עד לב השמים.

ווידער אַמאָל די זעלבע „לילית״ ,דעם הויפּט רוצחס גאַסן־פּרוי. מען האָט געוווּסט צו דערציילן וועגן איר, אַז זי האָט זייער גערן געהאַט פייער. איר גרעסט פאַרגעניגן, האָט מען געוווּסט, איז געווען צו זען, ווי אַ הויז ברענט אויס ביז צום גרונט, נישט אָנרירנדיק די אַנדערע צוויי שכנותדיקע הייזער פון ביידע זייטן, נישט פון ר׳עכטס און נישט פון לינקס. האָט טאַקע איר מאַן, דער מערדער, באַפוילן איין מאָל, שפּעט אין דער נאַכט אונטערצוצינדן אַ מיטלסטן בנין אין דעם אַזוי גערופענעם „רינעק״. און בשעת דאָס הויז האָט זיך שוין געהאַט צופלאַקערט, האָט מען אַרויסגערופן עטלעכע צענדליק יידישע מענער פון געטאָ און באַפוילן זיי, אונטער טויט־שטראָף, האַלטן וואַך אַרום דעם ברענענדיקן בנין מיט פון פאָראויס צוגעגרייטע עמערס וואַסער אין די הענט און „בעהיטע דיך דיין יידישער גאָט״, אַז איינס פון די צוויי זייטיקע הייזער זאָל זיך חס וחלילה אָנכאַפּן פון די פונקען... „איר וועט אַלע דאָ אויפגעהאָנגען ווערן אויב דאָס וועט פּאַסירן!״

ס׳האָט נישט פּאַסירט, גאָט צו דאַנקען, בלויז צו מאָרגנס אין דער פרי, האָבן מיר געפונען אַ פאַרברענטן קערפּער פון אַ ייד, וועלכער האָט, וואַרשיינלעך זיך פאַרשטעקט אין אַ בונקער און נישט געהאַט קיין צייט זיך „צו ראַטעווען״.

דאָס בילד האָט, קענטיק, נושא חן געווען אין די אויגן פון דער דערמאָנטער „לילית״, ווייל אונטער איר איינפלוס זענען מיר אַלע דערלויבט געוואָרן צו גיין „אַ היים״ שלאָפן.

אין די נעכט זענען קיין „אַקציעס״ אָפיציעל נישט פאָרגעקומען. בלויז די אוקראַינישע פּאָליציי האָט גאַסטראָלירט אין געטאָ. האָבן זיך טאַקע מאַנכע יידן דערלויבט אַרויסצוקריכן פון די לעכער, כדי זיך דערכאַפּן די נשמה מיט אַ ביסל קאַלט וואַסער פון פּלומפּ... די פערפידע אוקראַינישע רוצחים האָבן זיך בשעת מעשה באַהאַלטן צווישן די געטאָ הייזקעס און ווען זיי האָבן דערזען שאָטנס פון אַ טאַטן מיט אַ קינד אויף די הענט , פון אַ מאַמען, וועלכע איז געווען גליקלעך אַריינצוברענגען אַ פריש ביסל וואַסער פאַר די אומגליקלעכע שוואַלבן אירע.. זענען זיי, ווי די ווילדע חיות, אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן. מיט די טאַשן־לאָמפּן האָבן זיי ממש בלינד געמאַכט די קרבנות, וואַרפנדיק זיי אַ שטאַרק ליכט גלייך אין די אויגן. ווי דערשראָקענע האָזן זענען, נעבעך, די אומגליקלעכע שטיין געבליבן אויף זייערע ערטער, נישט וויסנדיק וואָס ס׳איז געפאַלן אויף זיי...

אויף צו מאָרגנס אין דער פרי האָבן מיר קוים געקענט אָפּרייסן די קרבנות פון דער פאַרפרוירענער ערד... מאַנכע נאָך מיט זייערע קינדערלעך אין די אָרעמס, יונגע קינדער, זיסע יידישע מיידעלעך און ייִנגעלעך; טאַטעס און מאַמעס מיט צעשמעטערטע שאַרבנס...

אָט די און מערערע ענלעכע פאַלן פון מאָרד און רציחה האָבן מיינע אויגן צוגעזען און ס׳ווילט זיך פרעגן: מיט וואָס פאַראַ כוח האָב איך געקאָנט אָט דאָס צוזען? און ווו נעמט מען דעם כח אָט דאָס אַלץ צו פאַרגעסן? קאָן מען מען דען דאָס פאַרגעסן? איך ענטפער מיר אַליין: ניין! נישט איך קאָן און נישט איך וויל פאַרגעסן!

מיט אַ ביטערן ווייטיק וויל איך דאָ דערמאנען — צום אייביקן זכרון — אַ פרוי פון אונדזער שטאָט, וועלכע איך האָב זיינער צייט, ווען כ׳בין נאָך אַ קליין ייִנגל געווען, באַטראַכט ווי אַן אייגענע מוטער... און די קינדער אירע זענען ממש ווי מיינע אייגענע שוועסטער און ברידער געווען. די דאָזיקע פרוי איז געווען: שיינדל צימערמאַן ע״ה. איר הויז איז געווען מיין צווייטע היים, געבענטשט און געטאָגט דאָרטן. ווי מ׳זאָגט: נישט איין אָנבייסן, אָדער אַ מיטאָג דאָרט געגעסן. סתם פאַרעדט זיך, אָדער גאָר פאַשפּילט זיך מיט די קינדער: בלומע, מאיר ע״ה, טייערע און שטי־לע קינדער, געלונגענע קינדער. איר טאָכטער, שבע, תיבדל לחיים ארוכים, לעבט אין אַ קיבוץ, אין ישראל. שווער האָט די אלמנה, (זייט דעם ערשטן וועלטקריג), די קלוגע און שיינע שיינדעלע ע״ה געהאָרעוועט אַלע אירע יאָרן. אַריינגעאָטעמט דעם פאַרעיפּושטן ריח פון די היידאַמאַקעס און פון זייערע פאַרשטונקענע מאַכאָרקעס... טאָג איין, טאָג אויס אין שענק, זיי באַדינט. וועמען אַ גלאָז ביר — אַבי מאַכן פרנסה און דערציען גוטע קינדער. און ס׳איז איר טאַקע געלונגען. זענען אָבער געקומען די נאַציִשע חיות און אַלץ פאַרטיליקט, אָפּגעמעקט פון דער ערד הי״ד.

זאָל מיר נאָך דערלויבט זיין ביי דער געלעגנהייט אַ פּאָר ווערטער ווידמען מיין איין און איינציקער שוועסטער רחלע ע״ה. עלנט האָט זי געלעבט און עלנט איז זי אומגעקומען. מיט אַ זיס, דריי יאָריק זונעלע אויף די, פון הונגער און קעלט איינגעשרומפּענע אָרעמס, איז זי געטריבן געוואָרן קיין בעלזשעץ אין אַ לאַנגער קאָלאָנע פון אנשים, נשים וטף. דער מאַן אירער, אַ זייער טייערער, יידישער בחור, איז אייניקע וואָכן פאַרן קריגס־אויסברוך, מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי און דאָרט ערגעץ ווו אומגעקומען און דאָ איז זיין ווייב, מיין טייערע שוועסטער, צוזאַמען מיטן זונעלע ממש אויסגעגאַנגען פון הונגער און פון קעלט ביזן 9־טן דעצעמבער 1942...

און נאָך היינט קלינגען אין מיינע אויערן אירע לעצטע תפילה־ווערטער: „אָ גאָט! העלף מיין געטרייען ברודער, אברהמעלע, ער זאָל בלייבן לעבן! ווי אַ טאַטע איז ער געווען צו מיר און צו מיין קינד!"

יאָ, איך געדענק, איך געדענק נאָך זייער פיל יידן פון מיין ראַווא־רוסקאַ, אַווו, ווען און ווי אַזוי זיי זענען נעבעך אומגעקומען. געשלאָגן ביז צום טויט, מיט נאַגייקעס, קאָלבעס, שטעקנס און מיט כלערליי כלי משחית, דורך די דייטשן און אוקראַאינער ימח שמם וזכרם.

אייביק וועל איך געדענקען און נישט פאַרגעסן מיינע טייערסטע און נאָענטסטע, אויך די טייערע יידן, טאַטעס, מאַמעס, בחורים, בחורות און קינדערלעך פון ראַווא־רוסקאַ, וועלכע זענען אַזוי בעסטיאַליש אומגעקומען מיט ארבע מיתות, דורך די דייטשע „קולטור־טרעגער" און זייערע נידערטרעכטיקע מיטהעלפער — די אוקראַאינער.

כבוד אונדזערע קדושים וטהורים, שנהרגו, נחנקו ונשרפו על קדוש השם ועל קדוש האומה! תנצב"ה.



די יערליכע אזכרה־פאַרזאַמלונג — תשכ"ג אין בית ציוני אמריקה, תל־אביב

פרעזידיום: פון רעכטס: דן בערגער (ס. פּאולאָ); אנזשעל און מלך ציינס (מעץ — פראַנקרייך); אהרן בר־עקיבא (גריידינגער); חנה כהן־שאַפעל; זלמן וואָלפוס (מאָנטרעאַל); רבקה גראָס.



אָפּגעראַטעוועטע אויף אַ קבלת־פּנים

# דער סוף פון מיין שטאָט ראַווע

**חיים שפּאַצער**
**מילאַנו**

איידער איך וועל שרייבן, וואָס עס איז געשען צו די יידן אין ראַווע און וואָס עס איז געבליבן פון דער שטאָט, דאַרף איך פריער דערקלערן דעם לעזער, וועלכער האָט נישט געקענט ראַווע און דערמאָנען די אַלע, וועלכע האָבן שוין איר אויסזען פאַרגעסן, ווי ראַווע האָט אויסגעזען.

אַ קליינע יידישע שטאָט מיט אַלע פּיטשעווקעס: אַ יידישע קהילה מיט אַ רב, שוחטים, אַ שול, בתי מדרשים און קלויזן, אַ שוויץ־באָד מיט אַ מקווה. עס האָטווירקלעך גאָרנישט געפעלט.

די איינוווינער: דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, פּראָפעסאָרן, גרעסערע און קלענערע סוחרים פון אַלע בראַנזשן, אַרבעטער פון אַלע באַרופן: שניידערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס, מילערס, מויערערס, קאָוואַלעס, שלאָסערס, בוכבינדערס (ווער געדענקט נישט בערעלע איינבינדער מיט דער גלאַנצנדיקער בעקעשע פון קלעב־שטאָף). ס׳האָבן אפילו נישט געפעלט יידישע גנבים און משוגענע; נאָר דער קוימנקערער און דער היצל זענען געווען גויים; זיי האָבן זיך גערופן „געמיינדע־אָנגעשטעלטע״, און אַ ייד האָט נישט געקענט זיין אַ „געמיינדע־אָנגעשטעלטער״ און נאָך וויניקער אַ „רעגירונגס־אָנגעשטעלטער״. די מערהייט פון אַלע אַרבעטער האָבן זיך פאַרנומען מיט קירזשנעריי.

און ווער געדענקט נישט אַ פרייטיק אין ראַווע? שוין אינדערפרי האָט מען געזען לויפן די מענטשן אויפן מאַרק קויפן פיש לכבוד שבת, און באַלד האָט מען געהערט אַ קלאַפּעריי פון אַלע הייזער פון פיש־האַקן און צום מיטאָג איז שוין געווען פאַרטיק אַ פרישע בולקע מיט פיש. —

דאַן האָט מען געזען מענטשן גיין אין שוויץ־באָד, דאָס זענען געווען נאָר די דאָזיקע, וועלכע האָבן נישט קיין צייט געהאַט פאַר מיטאָג.

און מען האָט אָנגעהויבן זיך צוצוגרייטן צום שבת; און ווי מען האָט נאָר געזען ישראל מיזעמיק לויפן קלאַפּן אין שול־אַריין, האָט מען זאָגאַר נישט געוואַרט, נאָר מען האָט שוין געשלאָסן דאָס געשעפט און נאָך פאַררייכערט אַ ציגאַרעטל און עס איז געווען שבת.

די ערשטע שבתדיקע צערעמאָניע האָבן געמאַכט די פרויען מיט די ליכט־בענטשן. מ׳האָט געזען ווי די יידישע מאַמעס האָבן דאָס געבעט געמאַכט ערנסט, דאָס צוגרייטן זיך צום געבעט איז געווען מיט כוונה.

אָנגעטון דאָס שבתדיקע קלייד מיט דעם געשטריקטן שורצל, דאָס ווייסע גוט געפּרעסטע קאָפּ־טיכל, אָדער דאָס שייטל מיטן שוואַרצן, זיידענעם שאַליק מיט דעם גאַנצן צירונג און די שיך, וואָס זענען שוין געווען צוגעגרייט נאָך פון זונטיק; די מעשענע לייכטער שיין אָפּגעפּוצט מיט זאַמד, אָדער מיט אַש; דער טיש געדעקט, ווי ביי אַ פּרינץ מיט אַ

שניי ווייסן טיש־טוך. די מאַמע האָט אָנגעצונדן דאָס שוועבעלע מיט כוונה, אַפילו דאָס שוועבעלע האָט געברענט אַנדערש ווי אַלע שוועבעלעך פון דער גאַנצער וואָך.

אָנגעצונדן די ליכט, דאַן מיט בײדע הענט זיך פאַרדעקט די אויגן און זיכער נישט אָן טרערן, געזאָגט די ברכה און געבעטן ביי דעם רבונו של עולם, אַז איר פאַמיליע זאָל זיין געזונט און פרום און אויך וועגן אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס זי האָט געהאַט פאַר נויטיק.

מענער, פון אַלע קלאַסן, אויסגעפוצט אין שבתדיקע קליידער, ווער אין אַ זיידענער בעקעשע מיט אַ שטריימל, ווער אין אַ שוואַרצן איבערציער מיט אַ פלושענעם הוט, זענען געגאַנגען דאַווענען.

הונדערטער יאָרן האָט זיך אַזוי געפירט דאָס אידילישע יידישע לעבן אין שטעטל ביז אין די סוף זומער־טעג פון יאָר 1939.

דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 איז אויסגעבראָכן דער פויליש־דייטשער קריג, און נאָך צוויי וואָכן, האָבן די דייטשן באַזעצט ראַווע; צום גליק נאָר פאַר עטלעכע טעג. אָבער עס איז געווען גענוג, דאָס די יידן זאָלן קענענלערנען און פאַרשטיין, וואָס עס הייסט היטלערס זעלנער.

דאַן איז געקומען די רוסישע אַרמיי און אונדז באַפרייט פון די דייטשן. נאַטירלעך איז די פרייד געווען זייער גרויס; מען איז ווידער געווען אַ פרייער מענטש און נאָך וויאַזוי פריי, נאָך מער פריי ווי ביי פוילן. ווייל ביי זיי זענען אַלע געווען גלייך, מען האָט נישט געטאָרט זאָגן „זשידזשי" און מען האָט געדאַרפט יעדן זאָגן „טאָוואַריש". מען האָט געקענט אַרבעטן זונטיק און „יאַנקעלע־פּאָליציי" האָט נישט געקענט געבן קיין שטראָף. עס איז גלייך געווען יידישע פאָליציי, יידישע אָנגעשטעלטע אין דער געמיינדע און אַזוי ווייטער.

אָבער לאַנגזאַם האָט מען אָנגעהויבן צו שפירן אַז נישט נאָר פון היטלערן זענען מיר באַפרייט, נאָר אויך פון דער מענטשלעכער פרייהייט. עס זענען גלייך געוואָרן אויפגעלייזט אַלע פאַראיינען, פאַרניכטעט עפנטלעכע ביבליאָטעקן, רעקווירירט בתי מדרשים און פון זיי געמאַכט קאַסערן און מאַגאַזינען. די געשעפטסלייט האָבן געשלאָסן זייערע געשעפטן, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט ווו צו קויפן סחורה, ווייל אַלץ איז געוואָרן מאָנאָפּאָליזירט. אויך פיל אַרבעטער האָבן געמוזט בייטן זייער באַרוף און זוכן נייע אַרבעט. אייניקע זענען געוואָרן אָנגעשטעלטע, אייניקע — פאַרקויפערס אין די רוסישע קאָאָפּעראַטיוון און אַ טייל — באַשעפטיקט ביי אַנדערע אַרבעטן. אָבער די הויפּט־פראַגע איז געווען, אַז ווער עס איז געגאַנגען אַרבעטן צו די רוסן, האָט געמוזט אַרבעטן אויך שבת. און עס איז געווען נישט לייכט פאַר אַ ייד אין ראַווע, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט רעליגיע און טראַדיציע, צו פאַרלאָזן דעם שבת און גיין אַרבעטן, אַנשטאָט דאַווענען.

כאָטש די בתי מדרשים זענען געווען רעקווירירט פון די רוסן און אייניקע באַווינט פון די יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די שטעט, וואָס זענען באַזעצט געוואָרן פון די דייטשן, ווי: טאָמאַשאָוו, בעלז, סאָקאָל און נאָך אַנדערע. אָבער יידן געפינען תמיד עצות: האָט מען געדאַוונט אין אַ פּריוואַטע וווינונג, ווו עס איז געווען אַ גרויס צימער.

נאָר צוויי אַרבעטן זענען נאָך געבליבן, וואָס מען האָט נישט געמוזט אַרבעטן שבת. אויפן פּאָטיליטשער באַרג האָט מען געפונען אַ קוילן־גרובן. אייגנטלעך איז דער גרובן שוין זייט לאַנג דאָרט געווען, אָבער מען האָט די קוילן נישט געברויכט, ווייל זיי זענען נישט גוט געווען; אָבער פאַר די רוסן איז אַלץ גוט געווען. דאָרט איז געווען אַ באַשעפטיקונג פאַר יידן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן שבת. די אויסגעגראָבענע קוילן האָט מען געדאַרפט פירן צו דער ראַוווער באַן־סטאַציע. ווער עס האָט געהאַט געלט צו קויפן צוויי פערד מיט אַ וואָגן און האָט נאָר געוווסט אין וועלכע זייט פון וואָגן די פערד ווערן איינגעשפּאַנט, איז גלייך געוואָרן אַ בעל־עגלה און געפירט קוילן.

אומגלויבלעך, ווי די יידן האָבן אַלץ שנעל געלערנט. מען האָט געזען מענטשן, וואָס אין זייער לעבן האָבן נישט געוווסט, וואָס עס הייסט אַ פערד און דעם זעלבן האָט מען געזען זיצן אויף אַ וואָגן, פול געלאָדן מיט קוילן, וואָס ער אַליין האָט אויפגעלאָדן — מיט דער בייטש און לייצן אין דער האַנט און האָט אויך גלייך געלערנט די פערד־שפּראַך (הייטאַ און ווישטאַ) און געקאָנט געבן אַ קנאַל מיט דער בייטש און געוווסט, אַז ווען דאָס פערד איז פאַרשוויצט דאַרף מען אים קיין וואַסער נישט געבן. אויך די רעדער פון וואָגן פלעגן זיי שמירן; מיט איין וואָרט: אַ פאַרטיקער בעל־עגלה.

די צווייטע אַרבעט איז געווען: האָלץ־האַקן. האָט מען געזען יידישע באַלעבאַטישע יונגעלייט, אַלע פון די שענסטע ראַוווער און נישט ראַוווער פאַמיליעס, וועלכע אין די נאָרמאַלע צייטן, האָבן נישט געוווסט, ווי אַזוי מען נעמט אַ זעג אין דער האַנט, אָנגעטון, מער־ווייניקער, ווי אַ ריכטיקער האָלץ־האַקער, די פאות פאַרשטעקט אונטער די אויערן, פאַרדעקט מיטן קאַשקעטל, און אַרומגעגאַרטלט מיט דער זעג, מיט גרויסע הענטשקעס אויף די הענט, מיט אַ גרויסער האַק און דאָס שטעלעכל אויף דעם אַקסל, און מען איז געגאַנגען פון הויז צו הויז זוכן אַרבעט; ווייל יעדער לעבעדיקער מענטש מוז אַרבעטן און ווען עמעץ האָט נישט געאַרבעט, האָט מען אים געפרעגט, פון וואָס ער לעבט; און ווען עמעץ

קאָן לעבן אָן צו אַרבעטן מוז ער זיין אַ שפּיאָן, אַ פּאַראַזיט, וועלכער לעבט פון דעם, וואָס אַנדערע אַרבעטן און אין רוסלאַנד איז פאַראַן אַ שפּריכוואָרט: „ווער עס אַרבעט נישט — עסט נישט".

אָבער אויך ווער עס האָט געאַרבעט, האָט נישט פאַרדינט גענוג צום עסן; ספּעציעל, ווער עס האָט געהאַט אַ פאַמיליע. אויך מיט דער פראַגע האָבן זיך אונדזערע יידן געהאָלפן, ווייל עפּעס האָבן זיי דאָך געהאַט צו פאַרקויפן; ווער אַ שטיקל שטאָף, ווער אַ שטיקל לעדער, אַן אַנצוג, אַ פעלץ־מאַנטל, אַ מעבל־שטיק און פיל זאַכן האָבן ווירקלעך מער נישט גענוצט. מ'האָט געקענט זיך באַגניגן מיט אַ רוסישע יאַקע פון צייג, אויסגעבעבט מיט וואַטע און אַ פּאָר וואָלענע שטיוול (וואַלינקעס) מיט קאַלאָשן. פאַרן ווינטער איז דאָס געווען גענוג און פאַרן זומער איז געווען גענוג אַן אַרבעטס־אַנצוג מיט אַ פּאָר סאַנדאַלן.

אָבער לאַנגזאַם האָט מען זיך צוגעוווינט צום רוסישן לעבן און עס איז שוין כמעט פאַר יעדן רעכט געווען. און פאַר וועמען עס איז נישט געווען גאַנץ רעכט, האָט ער געזאָגט, אַז דער הש"ית וועט העלפן. אָפּגעטיילט פון דער גאַנצער וועלט, אָפּגעזונדערט פון מענטשן, פון געזעלשאַפט, קיין צייטונגען, קיין ראַדיאָ, ווייל אַלץ איז געווען פאַרבאָטן. ווער עס האָט געהאַט אַ ראַדיאָ, האָט ער אים פאַרקויפט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט זיין פאַרדעכטיקט אַלס שפּיאָן. אויך צו באַקומען קאָרעספּאָנדענץ פון אויסלאַנד, איז נישט גוט געווען — אויך אַ שפּיאָן.

אפילו ווען מ'איז געגאַנגען זוכן אַרבעט, איז די ערשטע פראַגע געווען, אויב מ'האָט נישט קיין קרובים אין אויסלאַנד און דער פאָטער האָט נישט געדאַרפט זיין קיין סוחר, נאָר אַן אַרבעטער. דאָס אַלץ, האָט אַפילו נישט געדויערט קיין צוויי יאָר.

דעם 22־טן יוני 1941, האָט אויסגעבראָכן דער דייטשרוסישער קריג און אין דריי טעג, האָבן די דייטשע טרופּן באַזעצט ראַווע. און דאַמאָלס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס „ריכטיקע".

ווידעראַמאָל האָבן יידן געמוזט זיין יידן, אַפילו די יעניקע, וועלכע זענען שוין לאַנג געווען געשמדטע. מען האָט געמוזט מאַכן אַ יודנראַט און יידישע פּאָליציי. יעדער ייד האָט געמוזט טראָגן דעם מגן דוד, אויך אויף יעדן יידישן הויז, האָט געמוזט זיין דער שטערן כדי מ'זאָל געוויסן, ווו עס וווינט אַ ייד און אַלץ האָט געמוזט זיין צום רשות פון די דייטשן.

דער יודנראַט האָט באַקומען באַפעלן פון דער דייטשער מאַכט, האָט געמוזט אַלץ פּינקטלעך אויספירן און האָט נישט געטאָרט זאָגן „ניין". ער האָט געמוזט שטעלן צו פאַרפיגונג אַרבעטער, מאַטעריאַלן, וווינונגען, מעבל, שטאָפן, לעדער, באַזונדערע לעבנסמיטל, וועלכע זענען געווען נישט לייכט צו באַקומען א. ז. וו. אַלע יידן פון 16 ביז 60 יאָר האָבן געמוזט גיין יעדן טאָג צו דער אַרבעט. עס זענען אָבער אויך געווען מענטשן עלטער פון 60 יאָר, וועלכע האָבן זיך יונגער געמאַכט, כדי צו קענען גיין צו דער אַרבעט; דאָ האָט עס זיך געהאַנדלט אין דער ברויט קאַרטע.

דער יודנראַט האָט באַקומען אַ באַפעל, דורכצופירן די רעגיסטראַציע פון אַלע איינוווינער מיט יעדנס גענויעם געבורטסטאָג, וועלכער האָט גענוצט פאַר פאַרשידענע צוועקן. פאַר נישט ריכטיק אויספירן די דייטשע באַפעלן, האָט געדראָעט אַ נישט לייכטע שטראָף. איבער אַלע באַפעלן האָט דער יודנראַט צווויסן געגעבן אַלע יידן — גלייך ווי משה רבנו האָט איבערגעגעבן גאָטס געזעצן...

און אַלע יידן האָבן געזאָגט: „כל אשר דבר היטלער נעשה" און זיי האָבן אַלץ געמאַכט, אויך ווען דאָס איז געווען קעגן זייער ווילן. יעדן טאָג נייע געזעצן: יידן מוזן אָפּשניידן די פּאות און קענען טראָגן, נאָר אַ קורצגעשוירענע באָרד. אַ ייד טאָר נישט גיין אויפן טראָטואַר, טאָר נישט טראָגן קיין שירעם; כדי צו פאָרן אויף אַ ביציקלעט, האָט מען געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש, און אַזאַ דערלויבעניש האָט געהאַט, איינער אָדער צוויי מענטשן אין ראַווע. אַרויסצוגיין פון דער שטאָט האָט מען געמוזט האָבן אַ פּאַסיר־שיין, אויך ווען איינער האָט געמוזט גיין אַרבעטן אויסער דער שטאָט. און אַזוי איז דאָס געמוטשעטע לעבן ווייטער געגאַנגען, ביז עס איז געקומען די „געסטאַפּאָ"... און געמאַכט די ערשטע אַקציע.

דעם 18־טן מערץ 1942 האָט מען אַוועקגענומען דעם ערשטן טראַנספּאָרט. כמעט נאָר עלטער עמענטשן האָט מען געכאַפּט אויף די גאַסן, אַרויסגעשלעפּט פון די וווינונגען; ווען דאָס איז אַלץ נאָך געווען ווייניק, האָט מען אויך גענומען פון די מענטשן, וועלכע זענען געווען ביי דער אַרבעט און מען האָט נישט געוווסט, ווו מ'האָט די מענטשן אַוועקגעפירט.

דאַמאָלס האָט מען נאָך נישט געוווסט וועגן דעם גיהנום „בעלזעץ". שמחה האַבערמאַן האָט געזאָגט, אַז בעלזעץ איז דער עולם האמת. ווען מען איז צו אים אַריינגעקומען אים אַוועקנעמען, שוין ביי דער צווייטער אַקציע, און מען האָט שוין געוווסט וווּאַהין מען פירט די מענטשן, האָט ער זיך אָנגעטון דעם קיטל און טלית און האָט גערופן זיין פרוי און געזאָגט: „קום פריידעלע, עס איז געקומען אונדזער צייט, בעלזעץ איז דער עולם האמת". שמחה האַבערמאַן האָט דאָס אַלץ ערנסט געמיינט; אָבער ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַזוי געטראַכט; אַלע אַנ־

דערע האָבן געהאַט אַן אַנדערע מיינונג, ווען זיי האָבן געזען, אַז אויף די גאַרטלען פון דער געסטאַפּאָ, איז געווען אויפגעדרוקט: „גאָט מיט אונדז". נאַטירלעך איז די פּאַניק און די שרעק זייער גרויס געווען; אָבער וואָס האָט מען געקענט טאָן? ווען ס'האָט געטראָפן האָט געליטן און אַנדערע האָבן זיך געטרייסט און געהאָפט, אַז דאָס אומגליק, וועט זיי אפשר אויסמיידן. די מענטשן זענען געוואָרן גרויסע עגאָיסטן, יעדער האָט געזאָרגט נאָר פאַר זיין אייגענעם קאָפּ און ס'איז קיין אחדות נישט געווען; אָבער דאָס איז געמען נישט פון שלעכט זיין, נאָר פון נויט איז עס געקומען.

און דאָס לעבן איז ווייטער געגאַנגען, און מען איז ווידער געגאַנגען צו דער אַרבעט, און יעדעס מאָל האָט מען געהערט, אַז די דייטשן כאַפּן מענטשן צו דער אַרבעט און אַ טייל פון די געכאַפּטע אַרבעטער זענען נישט צוריקגעקומען. די אַרבעטער, וואָס דער יודנראַט האָט געליפערט זענען געווען פאַר די דייטשן צו ווייניק און זיי האָבן אַליין געכאַפּט נאָך אַנדערע אַרבעטער. קיין אַרבעט האָט נישט געפעלט; אין דער הינזיכט זענען די דייטשן געווען קינסטלער אין אויסגעפונען אַרבעט; אַפילו פאַר זונטיק, וואָס איז אַ טאָג פון רו...

זיי האָבן געהאַט „נייטיקע און דרינגענדע„ אַרבעטן, ווי: אַרויסצורייסן אַלע מצבות פון דעם אַלטן יידישן בית־עלמין, מאַכן אַ פּאַרק מיט אַ שיינעם שטראָז, וועלכער האָט געפירט פון דער פּאָסט ביז צום סטאַראָסטווע און צום געריכט. ס'איז נישט געווען לייכט אַרויסצורייסן דעם ערשטן שטיין, אַן אַלטער שטיין; עס איז שוין געווען שווער צו לעזן דעם נאָמען; דער רעגן האָט שוין כמעט געהאַט אַלץ אָפּגעוואַשן; אָבער מען האָט זיך דערמאָנט, וויפיל יידישע טרערן זענען געוואָרן אויסגעגאָסן אויף דעם אַלטן שטיין; און וויפל מענטשן זענען צוריקגעגאַנגען פון דעם בית־עלמין מיט אַ לייכטער האַרץ און געוויסן, ווען זיי האָבן זיך גוט אויסגעוויינט איבער דעם שטיין. און וויפל מאָל „אל מלא רחמים" און „קדיש" איז איבער דעם שטיין געזאָגט געוואָרן... און אָט די שטיינער האָט מען געמוזט אַרויסרייסן... אַזעלכע הייליקע זאַכן פאַרניכטן, ווער האָט זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן? די הענט האָבן געציטערט און עס איז געווען זייער שווער דעם דזשעגאַן אויפצוהייבן; אָבער ווען מ'האָט דערהערט די דייטשע שטים: „יודע, וואַרום אַרבייטעסט דו ניכט" איז אין צוויי מינוט דער שטיין געווען אין דרויסן, און דער צווייטער נאָך שנעלער, און פון די שטיינער האָט מען געמאַכט דעם שטראָז און די טראָטואַרן.

דער הונגער אין שטאָט איז געווען זייער גרויס, נאָך גרעסער ווי אין מצרים אין די זיבן שלעכטע יאָרן. מען האָט געקויפט קאַרטאָפל־שיילעכץ און קלאַיין און דערפון געבאַקן פּלעצלעך. ס'האָט אויסגעזען, אַז עס זענען נאָך פאַראַן געווען מענטשן, וואָס האָבן געהאַט קאַרטאָפל און מעל; אָבער וויפל זענען דען אַזעלכע געווען? אַזוי אַרום האָבן די מענטשן אָנגעהויבן צו שטאַרבן פון הונגער און ווייל איז געווען די מענטשן, וועלכע זענען פריער געשטאַרבן און ווייניקער געליטן.

דאַן האָבן מענטשן, וואָס האָבן געהאַט די מעגלעכקייט, אָנגעהויבן צו בויען בונקערס אויף בוידעמס און קעלערס, אונטער די בריקן און אומעטום, וווּ עס איז נאָר מעגלעך געווען, כדי צו קענען זיך באַהאַלטן, ווען עס וועט קומען אַן „אַקציע", מען האָט געוווּסט, אַז אַן „אַקציע" וועט קומען, מ'האָט נאָר נישט געוווּסט: ווען.

דערווייל האָט מען געהערט איבער „אַקציעס", וועלכע מ'האָט געמאַכט אין ניעמיראָוו, מאַגיעראָוו און אין אַנדערע שטעט און אַלץ איז געגאַנגען דורך ראַווע. אויך טראַנספּאָרטן פון אויסלאַנד זענען געגאַנגען דורך ראַווע: יידן פון האָלאַנד, בעלגיען און פראַנקרייך. די דאָזיקע זענען געפאָרן אין אָפּענע וואַגאָנען, פריילעך, לוסטיק, געשפּילט זייערע גראַמאָפאָנען, געהערט מוזיק און פון גאָרנישט געוווּסט...

די נאַכריכטן האָבן מיר געהאַט פון די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אויף דעם באַנהויף און די ראַווער אַרבעטער האָבן דערציילט די אויסלענדישע יידן, ווּ מען פירט זיי און זיי גערעכטן אַנטלויפן פונעם טויט, האָבן די מענטשן נישט געוואָלט גלויבן; זיי זענען געווען זיכער, אַז מען פירט זיי אין אַן אַרבעטס־לאַגער און זיי האָבן גענוג געלט און גאָלד און וועלן קענען איבערלעבן דעם קריג... זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז זייער לעבן וועט נאָר אַזוי לאַנג דויערן, ווי די רייזע פון ראַווע ביז בעלזשעץ — 18 מינוט...

דאַן איז געקומען אַ נייער באַפעל: מ'מאַכט אַ געטאָ, מען מוז פאַרלאָזן די וווינונגען אין פאַרשידענע גאַסן און אַלע יידן מוזן וווינען אין די צוגעטיילטע גאַסן, אין געטאָ; נישט קיין געשלאָסענער. אַלע דאָרפס־יידן מוזן פאַרלאָזן זייערע וווינונגען און די פעלדער, קענען נאָר מיטנעמען אַ ביסל עסן און די קליידער און גיין אין שטאָט, אין געטאָ, ווּ אַלץ איז שוין געווען צוזאַמענגעדרוקט.

דעם 20־טן יולי 1942 איז פאָרגעקומען די צווייטע „אַקציע". ווידער האָט מען אַוועקגעפירט אַ ביסל מענטשן; די בהלה האָט געדויערט איין טאָג און איין נאַכט און ווער עס איז געבליבן, האָט ווייטער געמוזט לעבן נאָך דער „אַקציע" איז ווידער געקומען אַ נייער באַפעל: די יידן פון ניעמיראָוו, פּאָטיליטש און די גאַנצע סביבה פון

ראַווע, ווו עס איז נאָר געווען אַ ייד, האָט געמוזט אַריבערגיין קיין ראַווע, אין געטאָ. מען האָט געוווינט צוויי־דריי משפחות אין איין צימער; מענטשן זענען געשלאָפן אויף די גאַסן. דאַמאָלס האָט אויסגעבראָכן אַ טיפוס. מעדיצינען האָט מען איבערהויפּט נישט באַקומען און מענטשן זענען געשטאָרבן טעגלעך אין די צענדליקער. די באַגראָבער האָבן זיך קיין עצה נישט געקענט געבן. אָן תכריכים, אָן אַן ארון. איינגעוויקלט אין אַ ליילעך, אַריינגעוואָרפן אין גרוב און פאַרטיק.

צום סוף פון 1942 איז ווידער געקומען אַ נייע פאַראָרדענונג: מען גיט נישט מער קיין פּאַסירשיינען פאַר די יעניקע, וואָס דאַרפן גיין אַרבעטן אויסער דער שטאָט און די מוזן בלייבן אין געטאָ. יעדער האָט פאַרשטאַנען, אַז די צייט רוקט צו, און אַלץ דערנענטערט זיך צום סוף; אָבער מען האָט געהאָפט, אַז גאָט וועט העלפן. אייניקע האָבן געגלייבט אַז מ׳מיינט נישט זיי, ווייל האָבנדיק געלט און עסן פאַר אַ לענגערע צייט, אַ גוטן בונקער, באַקאַנטשאַפט אין יודנראַט און ביי דער אָרדנונגס־דינסט, וועלן זיי זיכער איבערלעבן.

**דער געשלאָסנער געטאָ**

צוויי טעג שפּעטער קומט אַ באַפעל: דער געטאָ ווערט פאַרקלענערט און געשלאָסן. אַלע מענטשן, וואָס האָבן געוווינט אין די הייזער, וועלכע זענען געווען אָפּגעשניטן פונעם געטאָ, מוזן גלייך אַריין אין געטאָ און וועמען מען טרעפט אויסערן געטאָ, ווערט דערשאָסן. מען זעט שוין, ווי מען פאַרקלאַפּט די גאַסן פון איין הויז צום צווייטן מיט ברעטער; מענטשן לויפן מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס, יעדער נעמט מיט, וואָס ער קען און מ׳גייט אין געטאָ. דעם צווייטן טאָג זענען אַלע יידן געווען אין צוים, וואָס האָט געהייסן: „דער געשלאָסענער געטאָ". קיינער ווייסט נישט, וואָס עס וועט געשען, עס גייען פאַרביי אַ טאָג און אַ נאַכט, עס איז רואיק, מען גייט נישט צו דער אַרבעט און מען ווייסט גאָרנישט.

בייטאָג הערט מען, אַז ס׳זענען אָנגעקומען די כאַפּערס, די געסטאַפּאָ, און עס וועט זיכער פאָרקומען אַן „אַקציע". די מענטשן הייבן אָן זיך פאַרשטעקן אין די בונקערס, גלייבנדיק, אַז עס וועט זיין אַזוי ווי אַלע מאָל: עס וועט דויערן איין טאָג און גענוג. וועמען עס וועט געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן, וועט זיך ווייטער קענען מוטשען.

אָבער דאָס מאָל איז נישט געווען קיין „אַקציע", עס איז געווען אַ פאַרניכטונג, וועלכע האָט געדויערט וואָכן לאַנג.

דעם צווייטן טאָג, בין איך, מיין פרוי און קינד אַרויס־גענומען געוואָרן פון דער וווינונג; מיר האָבן זיך נישט געקענט באַהאַלטן, ווייל מיט אַ קליין קינד האָט מען נישט אַריינגעלאָזט אין באַהעלטעניש; אַ קינד האָט געקאָנט פאַראַטן אַלע מענטשן. עס איז געווען בערך דריי אַזייגער נאָך מיטאָג, ווען מען האָט אונדז אַרויסגענומען און באַגלייט צום שול־פּלאַץ.

איך בין, נאַטירלעך, נישט געווען דער ערשטער, עס זענען שוין דאָרט געווען מער מענטשן און יעדע מינוט זענען צוגעקומען נאָך אַנדערע. מיר זענען געווען באַוואַכט פון דייטשע און אוקראַאינישע פּאָליציי; עס זענען שוין דאָרט געווען צוגעגרייט קליינע קינדער, וואָס די עלטערן האָבן זיי געלאָזט אין דער וווינונג און האָבן זיך באַהאַלטן. די קינדער וויינען און די גרעסערע רופן: „מאַמע"; אָבער די מוטער איז געווען פאַרשטעקט און נישט געהערט דאָס רופן פון איר קינד...

נאָך אַ שעה פון אָפּשטיין לעבן דער שול זענען שוין געווען אָנגעזאַמלט הונדערטער מענטשן און יעדעס מאָל איז אָנגעקומען אַ ליידיקער אויטאָ און עס ווערט געמאָלדן דעם אָפיציר, וויפיל יידן זענען דערשאָסן געוואָרן; אַלץ ווערט פאַרפּראָטאָקאָלירט און מיר הערן דאָס אַלץ און ווייסן, אַז מיט אונדז וועט דאָס זעלבע געשען.

דאַן קומט־צו צו מיר איין יידישער אָרדענונגסדינסטמאַן, מיינער אַ באַקאַנטער און טרייסט מיך, אַז מיר וועלן נישט געפירט צום שיסן; מען פירט אונדז אין אַ לאַגער אַרבעטן. ער דערציילט מיר אויך, אַז מיין פאָטער האָט מען אויך דערשאָסן; ער האָט געהאַט איין אונפאַרהאָפטן טויט. מ׳האָט אים געזאָגט, אַז אין שול האָט מען געמאַכט אַ שפּיטאָל, פאַר עלטערע און קראַנקע מענטשן; דאָרט וועט מען זיי קורירן און אין שול וועלן זיי קענען לעבן. אָבער ווי ער איז צוגעקומען צו דער שול, האָט מען אים דערשאָסן. דאָס זעלבע האָט אויך געטראָפן אַנדערע...

אין דער דאָזיקער דערציילונג, האָב איך געגלייבט, ווייל די מויער פון דער שול איז געווען פול מיט לעכער פון די קוילן און די ערד איז געווען פול מיט בלוט געמישט מיט שניי; אָבער, אַז מיר וועלן גיין אין אַ לאַגער, דאָס איז שוין געווען שווערער צו גלייבן.

מיר זענען געשטאַנען אויף דעם פּלאַץ, ס׳האָט שוין אָנגעהויבן פינצטער צו ווערן און ענדלעך איז געקומען אַ באַפעל; מ׳האָט אונדז אויסגעשטעלט אין שורות, ווי סאָלדאַטן, און מ׳האָט אונדז געפירט אָן צו ווייסן וואוהין; נאַטירלעך, באַוואַכט פון אַלע זייטן, עס זאָל קיינער נישט אַנטלויפן. און מיר זענען אָנגעקומען צו דעם סאָקאָלפּלאַץ, ווו עס איז געווען אַ גרויסער באַראַק. מען האָט

אונדז אַרײַנגעטריבן אין דעם באַראַק, געשלאָסן די טירן און אַ „גוטע נאַכט".

און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס וויינען און שרייען פון די מענטשן, וועלכע האָבן נישט מער אויסגעזען ווי מענטשן. אייניקע ווילן דאַווענען, ווייל זיי דאַרפן זאָגן קדיש, אַנדערע לאַכן מיט אַ משוגענעם געלעכטער און מיט טרערן אין די אויגן, וואָס מ׳האָט געקאָנט זען דורך דעם שיין פון לאָמפּן, וואָס האָבן באַלויכטן דעם באַראַק פון דרויסן. דאָס געוויין און דאָס געשריי „רבונו של עולם העלף", איז געגאַנגען ביז אין זיבעטן הימל; אָבער ליידער. פאַר אַ ביסל וואַסער, האָט מען אָנגעבאָטן דער פּאָליציי הונדערטער טויזנט זלאָטעס, אָבער זיי האָבן נישט געגעבן.

און נעבן דעם באַראַק זענען געשטאַנען פעסער מיט וואַסער, וועלכע האָבן געדאַרפט נוצן פאַר די פייער־לעשער, אין פאַל, אַז דער באַראַק וועט זיך אָנצינדן. דער גיהנום האָט אַזוי געדויערט ביז דריי אַזייגער אין דער פרי. די מענטשן זענען מיד געוואָרן פון שרייען און וויינען און די קעלט האָט אויך צוגעהאָלפן, אַזוי אַז די מענטשן זענען לאַנגזאַם דערשלאָפן געוואָרן.

זיבן אַ זייגער האָט די פּאָליציי אָנגעהויבן קלאַפּן אין די ווענט, די מענטשן האָבן זיך אויפגעוועקט — און דאָס וויינען האָט זיך ווידער אָנגעהויבן. אַ זייגער ניין, האָט זיך דער טויער פון באַראַק געעפנט און אַלע זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן אויף דעם פּלאַץ, אויסגעשטעלט אין שורות. דאַן איז אָנגעקומען דער שעף פון געסטאַפּאָ און האָט אָנגעהויבן אָפּצוטיילן פרויען און קינדער באַזונדער און די מענער באַזונדער. נאָכדעם האָט זיך אָנגהויבן דאָס קאָנטראָלירן און באַטאַפּן די מוסקולן, קוקן אויף די הענט און מעסטן דעם פיבער. באַשלאָסן: ווער ס׳איז פעאיק צו גיין אין לאַגער און ווער קיין בעלזעץ. דאָס קאָנטראָלירן האָט געדויערט ביז מיטאָג און דאַן זענען די „הערן" געגאַנגען מיטאָג עסן.

די פּאָליציי האָט דעם יודנראַט געגעבן אַ באַפעל צו ברענגען ברויט מיט וואַסער; אָבער נאָר פאַר די יעניקע, וועלכע זענען אויסגעוויילט געוואָרן צו גיין אין לאַגער. די אַרבעט האָט געדויערט ביז פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג און דורך דעם גאַנצן טאָג האָט מען נאָך צוגעבראַכט אַנדערע מענטשן, וועלכע מען האָט אַרויסגעשלעפּט פון די בונקערס. עס האָבן זיך געזאַמלט הונדערטער מענטשן, אָבער ווייניק האָבן געהאַט דאָס גליק צו גיין אין לאַגער.

### דער וועג צום טויט

נאָך פיר אַ זייגער איז געקומען דער שעף פון דער פּאָליציי, וועלכער איז געווען סטאַביל אין ראַווע; אויך ער האָט געוואָלט זיין אויף דעם „אָפּשיידס־פעסט", און איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בילד, ווען מ׳האָט אויסגעשטעלט אין שורות די מענטשן, וועלכע האָבן געזאָלט פאַרלאָזן ראַווע און פאָרן קיין בעלזעץ; די, וואָס האָבן שוין מער נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס, זיי זענען שוין געווען האַלב געשטאָרבן, זייער בלוט איז שוין געווען פאַרגליווערט. די פּאָליציי האָט געשריגן „אַכטונג" און אויסגעשטעלט די האַלב טויטע מענטשן אין שורות און זיי אַרויסגעפירט צום באַנהויף, ווו עס זענען שוין געווען פאַרגעברייט די וואַגאָנען, מיט וועלכע מ׳האָט די מענטשן געפירט קיין בעלזעץ.

און ווען די פּאָליציי האָט קאָמאַנדירט די מענטשן זאָלן מאַרשירן צום באַנהויף, האָט דער שעף פון דער געסטאַפּאָ געזאָגט צו זיין פריינד, דעם שעף פון דער פּאָליציי: „זע, וואָס פאַר אַ דרעק איך נעם אַוועק, דאָס איז דאָך גאָרנישט ווערט, ס׳איז נאָר אַ שאָד דאָס עסן..." דאָס זענען געווען די באַגלייטונגס־ווערטער פאַר די מענטשן, וואָס זענען אויסגעוויילט געוואָרן פון אַ געסטאַפּאָ, אָדער אַן „עס־עס מאַן" צו ווערן געפירט קיין בעלזעץ.

### קאַמיאָנקאַ ־ קוואַראַנטאַנע

די איבערגעבליבענע האָט מען געפירט אין שוויצבאָד און דאַן אויפגעלאָדן אויף איין אויטאָ און געבראַכט קיין קאַמיאָנקא אין אַ לאַגער. דאָס איז נאָך נישט געווען קיין אַרבעטס־לאַגער; דאָס איז נאָר געווען אַ לאַגער, ווו מ׳האָט דורכגעפירט אַ קוואַראַנטאַנע; ווייל אין ראַווע האָט געהערשט טיפוס, האָט מען געדאַרפט זען, ווער עס איז אָנגעשטעקט און ווער נישט. מען האָט אָפּגעזונדערט די קראַנקע פון די געזונטע און דעם צוגאַנג צו די קראַנקע, האָבן געהאַט נאָר דאָקטוירים און סאַניטאַרן.

עס איז, נאַטירלעך, אויך געווען אַ יידישער קאָמענדאַנט, וועלכער איז אויך געווען דער קאָמענדאַנט פון דעם אָרדענונגס־דינסט. דער דאָזיקער האָט געגלייבט, אַז זייענדיק אַ טרייער דינער פאַר די דייטשן, וועט ער לעבן בלייבן; אָבער אויך ער איז דערשאָסן געוואָרן, ווי אַ הונט און די ערד זאָל זיינע ביינער אַרויסוואַרפן.

דער דייטשער לאַגער־קאָמענדאַנט פלעגט קומען דעם לאַגער באַזוכן, כמעט יעדן טאָג. ער האָט זיך נישט לאַנג אויפגעהאַלטן, נאָר געגעבן באַפעלן, וועלכע דער יידישער קאָמענדאַנט האָט ריכטיק אויסגעפירט.

די טיפוס־קראַנקע האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג; אַלע בעטן אין באַראַק זענען שוין געווען באַזעצט; די איינציקע זאַך, וואָס דער דאָקטאָר האָט געקענט מאַכן,

איז געווען מעסטן דעם פיבער, ווייל מעדיצינען האָט ער איבערהויפּט נישט געהאַט.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער איז געקומען צו אונדז אין לאַגער דער דראָגעריסט וואַטענבערג מיט זיין זון, וועלכער איז געוון פּרעזעס אָדער וויצע־פּרעזעס פון יודנראַט. עס האָט געהייסן, אַז אין ראַווע איז אַלץ דערליידיקט... איך וואַטענבערג מיט זיין זון זענען שוין געווען טיפוס־קראַנק און זיי האָבן געמוזט גיין אין דעם צווייטן באַראַק. אָבער דער צווייטער באַראַק האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן...

איך געדענק נישט די דאַטע; ס'איז געווען נאָך מיטאָג, ווען דער דייטשער קאָמענדאַנט איז געקומען מיט צוויי לאַסט־אויטאָס מיט עטלעכע פּאָליציסטן און מען האָט אַלע קראַנקע אויפגעלאָדן און אַוועקגעפירט און דערמיט איז דער טיפוס פאַרענדיקט געוואָרן...

אַ וואָך שפּעטער האָבן מיר געהערט, אַז אַ טייל פון אונדז וועט איבערגעפירט ווערן אויף דער ראַטע, ווו נעבן טאַרטאַק איז געווען אַן אַרבעטס־לאַגער און דער קאָמענדאַנט איז געווען משה האַבערמאַן. דערפאַר האָט יעדער געוואָלט גיין אויף דער ראַטע און עס איז מיר און וואָפּטשען (סאַמבאַל) געלונגען צו גיין אין דעם ראַטער לאַגער.

## ראַטע - לאַגער

שפּעטער־צו, זייענדיק אין ראַטער לאַגער, איז צו אונדז געקומען דער יידישער קאָמענדאַנט פון דעם קאַמיאָנקאַ־לאַגער און דערציילט, אַז דער דייטשער קאָמענדאַנט האָט אים באַאויפטראַגט זיך אויסצוקלייבן מענטשן, מיט וועלכע ער וועט גיין קיין ראַווע אין געטאָ און אייניקע פון די מענטשן וועלן זיין היטערס אין די גאַסן פון דעם געטאָ. זיי דאַרפן קיינעם נישט אַריינלאָזן אין געטאָ, אפילו קיין דייטשע סאָלדאַטן און היטן, אַז מ'זאָל נישט אַרויסגנבענען די יידישע פאַרמעגנס פון געטאָ און דאַן, וועט מען שאַפן פאַרשידענע גרופּן פון אַרבעטער, וועלכע וועלן צונויפנעמען אַלע יידישע פאַרמעגנס, ווי: מעבל, בעט־צייג, קליידער, וועש און אַלץ ברענגען אין אָרדנונג; מאַכן מאַגאַזינען פאַר אַלע זאַכן און דאַן וועט דאָס אַלץ אָפּגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד.

הערנדיק וועגן אַזעלכע אַרבעטער און וויסנדיק, אַז אין געטאָ קען מען געפינען שפּייז, אַ העמד, וואָס די אַוועקגענומענע האָבן איבערגעלאָזט און מ'וועט קענען ווינען אין אַ שטוב, נישט אין אַ קאַלטן באַראַק, האָבן אַלע געוואָלט גיין אַרבעטן אין געטאָ. דורך באַקאַנטשאַפט און פּראָטעקציע, איז מיר מיט וואָוטשען געלונגען צו גיין אין געטאָ, ווו דאָס לעבן איז ווירקלעך געווען לייכטער.

אייגנטלעך האָט מען נאָך נישט געאַרבעט; מען האָט ערשט אָנגעהויבן צוצוגרייטן; אָבער מען האָט שוין אָנגעהויבן צו היטן. אַ געלער באַנד אויף דעם אַרבל און מ'האָט קיינעם נישט אַריינגעלאָזט אין געטאָ, נאָר די געסטאַפּאָ האָט געהאַט אַ פרייעם איינגאַנג.

אין ראַווע איז געווען נאָך אַ גרופּע יידן פון בערך 60 מאַן; זייער אָנפירער איז געווען נח בערגער. זיי האָבן געוווינט אין יעקב גראָפּס הויז, קעגנאיבער דעם זאַמד־בית המדרש און דער גימנאַזיע; זייער אַרבעט איז געווען צו גראָבן גריבער אויפן בית־עלמין און צו באַגראָבן די טויטע; אָבער אויך די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך געהאַלטן ביים ענדיקן. עס איז שוין מער נישט געווען קיין יידן צום באַגראָבן.

עס איז געווען אין אַ זונטיק ביינאַכט, אַ דריי אָדער פיר טעג נאָך אונדזער אָנקומען אין געטאָ, האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה, אַז די גרעבערס האָבן געהאַט אַ באַפעל אויסצוגראָבן אַ גרוב, אין וועלכן מ'זאָל קענען באַהאַלטן אַ 60 מענטשן און אַז דער גרוב איז שוין פאַרטיק.

מען האָט נאָך נישט געוווּסט פון וואַנען מען וועט די מענטשן ברענגען; אַ טייל האָבן געגלויבט, אַז דאָס זאָלן זיין די מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט נעבן הוטקע, אויף דעם וועג פון אָליצק. זייער אַרבעט איז געווען צוצוריכטן די בוימער, וועלכע מען האָט אַרויסגעפירט פונעם אָליצקער וואַלד; אָבער דאָרט האָבן געאַרבעט נאָר 40 יידן. זאָל מען אונדז, וועלכע מ'האָט ערשט געבראַכט אין געטאָ, אַוועקנעמען? אָדער אפשר וועט מען אַוועקנעמען יענע מענטשן פון ראַטער לאַגער?... יעדער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס דאָ וועט געשען... אייניקע פאַרלאָזן דעם געטאָ, כדי זיך צו באַהאַלטן ביי באַקאַנטע קריסטן, אַנדערע הייבן שוין אָן זוכן אַ בונקער; ס'זענען אויך פאַראַן אַזעלכע, וועלכע זאָגן, אַז מ'האָט גאָרנישט צו פאַרלירן און צווישן די לעצטע בין איך געווען; און דערצו, האָב איך געמוזט היטן פון 12 ביז 2 ביינאַכט און פון 6 ביז 8, דאָרט ווו עלי פּיזער האָט געהאַט זיין טראַפּיק. איך אַליין האָב מיר דעם פּלאַץ אויסגעוויילט, ווייל ער איז געווען ביים אָנקומען פון היטקע און איך האָב געוואָלט זען וועלכן פויער, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז עס דאַרף נאָך עמעץ פון מיין משפחה דאָרט לעבן. אָבער אַ זייגער אַכט, איז קיינער נישט געקומען מיך אָפּלעזן, ווי תמיד, פון מיין דינסט און איך האָב געמוזט ווייטער בלייבן; האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדנונג...

קעגן האַלב נייז, איז פאַרבייגעגאַנגען דער דייטשער שעף מיט צוויי פּאָליציימענער. דער קאָמענדאַנט מיט אַ

פּאָליציסט זענען גלייך אַריין אין הויף, ווו עס האָבן גע־
ווײנט די יידישע באַגרעבערס און מ׳האָט גלייך אָנגע־
הויבן אַרויסצופירן די מענטשן, זיי אויסגעשטעלט נעבן
דער גימנאַזיע, מיטן פּנים צו דער וואַנט, אָנגעהויבן צו
ציילן. נאַטירלעך האָבן געפעלט מענטשן, וועלכע האָבן
זיך זיכער פאַרשטעקט, ווייל דאָרט זענען געווען בונ־
קערס; אָבער די דייטשן האָבן דאָס פאַרשטאַנען און האָבן
גלייך גערופן די פייערלעשער און מען האָט אָנגעצונדן די
הייזער. די מענטשן האָבן געמוזט אַרויס און געזוכט צו
אַנטלויפן, האָט מען זיי גלייך דערשאָסן. נאָכדעם האָבן
צוויי פּאָליציסטן גענומען די אויסגעשטעלטע מענטשן און
זיי אַרויסגעפירט אויפן בית־עלמין, ווו זיי האָבן אַ טאָג
פריער אויסגעגראָבן דעם גרוב און דאָרט זענען זיי באַ־
גראָבן געוואָרן.

## אין אַ בונקער אין היטקע

ערשט קעגן מיטאָג איז מען געקומען מיך באַפרייען
פון מיין פלאַץ. דאָס איז געווען פאַר מיר דער סוף פון מיין
היטן דעם געטאָ, ווייל דעם זעלבן טאָג האָב איך פאַרלאָזט
ראַוווע און געגאַנגען קיין היטקע; וואַוטשי סאַמבאָל איז
געבליבן אין געטאָ. עס איז געווען אין חודש פעברואַר,
ווען איך בין אָנגעקומען קיין היטקע; אַ ביסל שניי, קאַלט,
אָבער דער וועג איז גוט אַדורך.

אין היטקע זענען נאָך געווען מיינע צוויי שוועסטער;
די עלטערע מיט איר מאַן און אַ קליין קינד פון איין און
אַ האַלב יאָר; אָבער זיי זענען געווען סעפּאַראַט באַהאַלטן.
איך און מיין יונגערע שוועסטער זענען געווען באַהאַלטן
ביי אַ פּויער, וועלכער האָט געוווינט נאָענט צו אַ וואַלד,
ווייט פונעם דאָרף אויף אַ שטאָל־בוידעם. אין אָוונט פלעגן
מיר אַרונטערגיין צום פּויער אין שטוב, זיך אַביסל אָנוואַ־
רעמען און עפּעס עסן. עס איז געווען צום אויסהאַלטן... די
פּראַגע איז נאָר געווען, ווי לאַנג דער קריג וועט נאָך
דויערן און אויב דער פּויער וועט אונדז וועלן האַלטן און
פון וואַנען וועלן מיר נעמען געלט אים צו צאָלן; אָבער
מ׳האָט געלעבט מיט האָפענונג. אָבער אויך דער בוידעם אויפן
שטאָל האָט נישט לאַנג געדויערט.

## אַן אינטערעסאַנטע איבעראַשונג
## אין גיהנום־לעבן

עס איז געווען אין חודש מערץ 1943, אַן אָוונט ווי
אַלע אַנדערע, זענען מיר מיט מיין שוועסטער אַרונטערגע־
גאַנגען פונעם בוידעם און געגאַנגען אין שטוב אַריין צום
פּויער. נאַטירלעך, רואיק און לאַנגזאַם, אויפּפּאַסנדיק, אַז
קיינער זאָל אונדז נישט באַמערקן, אויך מיר האָבן קיינעם
נישט באַמערקט און ווען מיר זענען שוין געווען נאָענט
פון דער טיר, האָב איך געהערט אַ שטים, וועלכע האָט גע־
רופן: חיים, חיים!.. ס׳איז שוין געווען פינצטער און איך
האָב קיינעם נישט געזען. איך קוק אין דער ריכטונג פון
וואַנען די שטים קומט און באַמערק, אַז אין דער צווייטער
זייט פונעם פאַרקן שטייט אַ פרוי. איך האָב זי גלייך דער־
קענט; די פרוי האָט געוווינט קעגנאיבער מיין פּויער און
איז געווען אַ גוט באַקאַנטע און אַן אינטעליגענטע פרוי.
קענענדיק דייטש, איז זי געווען סעקרעטאַרין אין דער
היטקער געמיינדע.

די פרוי זאָגט, אַז זי ווייסט גאַנץ באַשטימט, אַז מאָרגן
פרי, וועט די פּאָליציי קומען זוכן ביי דעם פּויער, אויב ער
האָט נישט קיין יידן באַהאַלטן און זי וואָרנט מיך, מיר זאָלן
פון דאַנען אַנטלויפן. זי וויל נישט זאָגן, ווי אַזוי זי ווייסט
דאָס, אַז מיר זענען געווען באַהאַלטן ביים פּויער. זי האָט
זיך מיט אונדז געזעגנט און איז פאַרשוווּנדן אין דער פינצ־
טערניש פונעם וואַלד.

מיר זענען אַריינגעקומען צו אונדזער פּויער אין שטוב;
דאָס נאַכט־עסן איז שוין געווען פאַרטיק, אָבער דער פּויער
איז נאָך געווען אין דאָרף אין דעם קאָאָפּעראַטיוו, ווו ער
פלעגט גיין הערן נייעס. נאָך עטלעכע מינוטן איז דער
בעל־הבית געקומען און מיר האָבן זיך געזעצט צום טיש;
איך האָב אים געפרעגט, אויב ער האָט געהערט עפּעס נייעס
און איך האָב אים דערציילט מיינע נייעס. נאַטירלעך האָט
ער נישט געוואָלט גלויבן און האָט געזאָגט, אַז דאָס איז
נישט מעגלעך און מיר קענען רואיק ווייטער בלייבן. אָבער
מיר זענען נאַטירלעך נישט געבליבן און עס איז געוואָרן
אויס בוידעם.

אַ זייגער פיר פאַרטאָגס זענען מער אַרויסגעגאַנגען דורך
דער הינטער־טיר און פאַרלאָזט דאָס הייזל און מיט לאַנג־
זאַמע און רואיקע טריט, עס זאָל קיינער נישט הערן, אָדער
באַמערקן וואוהין מיר גייען; אויך דער פּויער האָט נישט
געדאַרפט וויסן וואוהין מיר גייען. אים, דעם בעל־הבית
האָבן מיר געזאָגט, אַז מיר גייען צו אַ צווייטן פּויער.

איצט איז די פראַגע געווען: וואוהין גיין? מיר האָבן
באַשלאָסן גיין אין וואַלד. ס׳איז געווען ווינטער און ווינ־
טער גייען די פּויערן נישט אין וואַלד; דערפאַר איז דער
וואַלד געווען דער בעסטער פלאַץ זיך צו באַהאַלטן. איך
אָבער, האָב געוואָלט וויסן, אויב די פּאָליציי וועט קומען
צום פּויער אונדז זוכן, האָב איך מיך אָוועקגעזעצט אויף
אַ פלאַץ, פון וואַנען איך האָב געקאָנט זען דעם פּויערס
הויז און דעם וועג, וועלכער האָט געפירט פון דעם דאָרף
ביז צו דעם פּויער און האַלב ניין אַ זייגער, האָב איך גע־
זען, ווי די פּאָליציי גייט צו מיין בעל־הבית...

## אין וואַלד

זיי האָבן דורכגעזוכט זיין גאַנצע ווירטשאַפט; האָבן אים דערלאַנגט טויטע קלעפּ, ער זאָל זיי זאָגן, ווו מיר זענען געגאַנגען; ער האָט אָבער נישט געקענט זאָגן, ווייל ער האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז מיר זענען אין וואַלד און אפשר ווייניקער ווי איין קילאָמעטער פון אים, ווייל ווער קען ווינטער לעבן אין וואַלד?... די וועלדער אין היטקע זענען געווען קליינע שטיקלעך, פּריוואַט־אייגנטום פון די פּויערן און דערפאַר איז קיינער אַהין נישט געקומען; אַחוץ דעם, האָבן מיר יעדע נאַכט געביטן אונדזער זיך־פּלאַץ, פון איין וואַלד אין צווייטן.

דעם 30־טן מערץ 1943, אַ זייגער 8 אינדערפרי, זענען מיר געווען אין וועלדל נעבן דעם וועג, וואָס פירט קיין אַליצק; אַ האַלבער קילאָמעטער פון דעם פּלאַץ, ווו עס האָט געאַרבעט די גרופּע יידן, וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען דאָס צוריכטן פון ביימער, וואָס מען פלעגט אַרויס־פירן פון די אַליצקער וועלדער. דאָס זענען געווען יידן פון ניעמיראָוו־היטקע־אַליצק, צוזאַמען 50 פּערזאָן בערך. איך האָב באַמערקט, אַז עס פאָרן פאַרביי צוויי לאַסט־אויטאָס מיט עטלעכע דייטשע סאָלדאַטן, איז מיר באַלד איינגע־פאַלן, אַז זיי פאָרן ליקווידירן דעם אַרבעטס־פּלאַץ און נישט מער ווי אַ 5 מינוט שפּעטער, האָב איך געהערט שיסן און דאָס שיסן איז געווען אויף די יעניקע, וועלכע האָבן פּרא־בירט אַנטלויפן. אַלע אַנדערע האָט מען אויפגעלאָדן אויף די לאַסט־אויטאָס און אַוועקגעפירט. געראַטעוועט האָבן זיך נאָר די יעניקע, וועלכע האָבן זיך פאַרשפּעטיקט צו דער אַרבעט און האָבן פון דערווייטנס באַמערקט, וואָס עס קומט דאָרט פאָר און האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן אין אַ גרויסן וואַלד, וועלכער איז געווען גאָר שטאַרק געדיכט געוואַקסן. זיי פלעגן באַזוכן די דאָרטיקע פּויערים און מיט געוואַלד פון זיי אַרויסבאַקומען עסן, ווייל געלט צו באַצאָלן, האָבן זיי נישט געהאַט. האָבן די פּויערים דאָס געמאָלדן דער פּאָליציי און געוווּסט האָט די פּאָליציי, וויפיל עס זענען אַנטלאָפן פון דער „אַקציע״; האָט די פּאָליציי אויף זיי געמאַכט אַ יאַגט מיט הינט, ווי מען מאַכט אויף חיות און מען האָט געשאָסן וועמען מען האָט געזען. פון די אַלע געיאָגטע האָט זיך געראַטעוועט איין ניעמיראָווער ייד, וועלכן איך האָב נאָך דעם קריג געזען אין מיילאַנד און איך גלייב, אַז ער געפינט זיך איצט אין קאַנאַדע.

מיט וואָטשע סאַמבאַל בין איך תמיד געווען אין פאַר־בינדונג דורך מיינע באַקאַנטע פּויערים, וועלכע האָבן גע־טראָגן די בריוו. איך גלייב, עס איז געווען סוף יוני, אָדער אָנהייב יולי, ווען איך האָב באַקומען אַ שרייבן פון וואָט־טשען, אַז ער וויל פאַרלאָזן דעם געטאָ; עפּעס האָט ער פאַרויסגעזען...

איך בין געגאַנגען צום זעלבן פּויער, וועלכער האָט מיך אַמאָל ביי זיך אויסבאַהאַלטן און דערפאַר האָט ער אַמאָל באַקומען געשלאָגן פון דער פּאָליציי, ער זאָל זאָגן וואוהין איך בין אַנטלאָפן; איך האָב אים פאַרזיכערט אַ געוויסע סומע געלט און ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז מאָנטיק, ווען ער פאָרט קיין ראַווע אויף מאַרק־טאָג, וועט ער ברענגען וואָטשען קיין היטקע.

בין איך געקומען צום פּויער, נאַטירלעך, שפּעט ביי־נאַכט, ווען ער איז נאָך נישט געשלאָפן; ער האָט אויף מיר געוואַרט, כאָטש ער איז געווען זייער מיד, ווייל צו פירן אַ פּערזאָן אויף אַ ביציקלעט פון ראַווע קיין היטקע איז נישט געווען, אויסער דער שרעק, קיין לייכטע זאַך. ווען דער פּויער האָט מיך געזען, האָט ער מיר געוויזן אויפן בוידעם און נאָך מיין שטילן רוף איז וואָטשע אַרונ־טערגעקומען. איך האָב באַצאָלט דעם פּויער זיין פאַרדינט געלט און מיר זענען געגאַנגען צו אונדזער זיך־פּלאַץ אין וואַלד; דער רעגן האָט אַ ביסל געשטערט און מ׳האָט גע־קענט נאַס ווערן; אויך איז די ערד געווען נאַס און ווייל מ׳האָט נישט מער געקענט זיצן, איז מען געשטאַנען און אַזוי איז דאָס וואַסער שנעלער אַרונטערגערינען.

וואָטשע האָט אָנגעהויבן צו דערציילן, פאַרוואָס ער האָט נישט געוואָלט בלייבן אין געטאָ. אַ חוץ דעם געטאָ, איז אין ראַווע געווען אַן אַרבעטס־לאַגער, וועלכער האָט געהייסן „דער מאַסטער לאַגער״ אין וועלכן עס האָבן גע־לעבט נאָר מאַסטער יידן, וועלכע זענען געוואָרן אָפּגע־שיקט קיין ראַווע.

דער דייטשער שעף פונעם געטאָ האָט געזאָגט, אַז דער געטאָ מוז אויפגעלעזט ווערן, ווייל די אַרבעט, וואָס איז געווען צו מאַכן איז פאַרטיק און כדי צו קענען ראַטעווען די יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין געטאָ, האָט ער געהאַט אַ גוטן פּלאַן: ער האָט פאַרלאַנגט אַ גרויסע סומע געלט, מיט וועלכער ער וועט קענען באַהויפּטן ביים שעף פון דעם מאַסטער לאַגע, אַז אַלע מענטשן פון געטאָ זאָלן קענען אַריין אין דעם מאַסטער לאַגער און אַרבעטן מיט די יידן פון מאַסט. (זייער אַרבעט איז געווען אויף דעם פּאָטילי־טשער באַרג, שטיינער גרובן) און אין דעם מאַסטער לאַגער האָט געהייסן אַ זיכער לעבן.

עס זעט אויס, אַז וואָטשען איז דאָס געשעפט נישט געפעלן און האָט פאַרגעצויגן היטקע, אַנשטאָט דעם לאַ־גער... איך גלייב, אַז אַלץ איז דאָ געווען אַ זאַך פון גורל...

ווי ז׳יך האָב שוין באַמערקט האָט וואָטשע פאַרלאָזט דעם געטאָ מאָנטיק, און דינסטיק זענען אַלע מענטשן פון

געטאָ געגאַנגען אין מאַסטער לאַגער. ליידער האָט דער אויפהאַלט אין לאַגער נישט לאַנג געדויערט, אפילו נישט קיין 24 שעה. דעם נעכסטן אָוונט, האָט די פּאָליציי אַרומגערינגלט דעם לאַגער, געהייסן אַלע מענטשן זיך אויסטאָן און אַלע אין די הינטערהויזן אויפגעלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס און אַוועקגעפירט אין באַריווער וואַלד. ווו אַ גרוב איז שוין געווען צוגעגרייט און אין דעם גרוב האָט מען אַריינגעוואָרפן 500 יידן און דערמיט איז די פראַגע פון די ראַוווער יידן און פון דער גאַנצער געגנט „געלעזט" געוואָרן...

## אין אַ גרוב אין וואַלד

פון אונדזער איבערלעבן אין וואַלד און אויף בוידעמס, איז דאָ פיל צו שרייבן. עס וועט אפשר זיין ווייניק אינטערעסאַנט. מ'קען אויך מיינען, אַז אַזעלכע זאַכן האָבן נישט געקענט געשען. אָבער עפּעס וועל איך פּרוּוון, און אָנשרייבן.

די צייט איז לאַנגזאַם ווייטער געגאַנגען. מיט גרויסע שרעק, צרות, הונגער און דורשט...

פון מיינע צוויי שוועסטער און שוואָגער איז שוין קיינער נישט געווען... אַלע דערשאָסן... איך בין געבליבן מיט וואָווטשען. דער זומער איז געגאַנגען צום סוף. נישט האָבנדיק קיין געלט, איז דער געדאַנק פון זוכן אַ פּויער מיט אַ ב״ידעם נישט געקומען אין פראַגע. אַזוי אַרום האָבן מיר באַשלאָסן אויסגראָבן אַ גרוב אין וואַלד און דאָרט איבערליגן דעם ווינטער. געמאַכט דעם פּלאַן, זענען מיר געגאַנגען אויפזוכן מיינעם אַ חבר, אַ פּאָליאַק, וועלכער איז געווען אַ שטראָזן־מייסטער.

כדי זיך צו טרעפן מיט דעם שטראָזן־מייסטער, האָבן מיר געהאַט אַ באַשטימטן צייכן: איך האָב אַוועקגעשטעלט אויף אַ געוויסן פּלאַץ אַ בוים און מיין חבר, זייענדיק שטראָזן־מייסטער, איז יעדן טאָג פאַרבייגעגאַנגען און זעענדיק דעם בוים, האָט ער געוווּסט, אַז איך וויל אים זען, איז ער דעם אָוונט געקומען צום דאָזיקן פּלאַץ. אויב ער האָט דעם אָוונט נישט געקאָנט קומען, האָט ער דעם בוים געלאָזט, ווו ער איז געשטאַנען; דאָס האָט געהייסן, אַז ער קומט דעם נעכסטן אָוונט.

איך האָב אים געבעטן מיר מאַכן אַ ברעט, וואָס זאָל זיין די סטעלע (באַלקן) פון דעם אויסגעגראָבענעם גרוב; דאָס אַלץ זאָל באַדעקט ווערן מיט שטרוי און עס זאָל זיין אין אָרדענונג. נאָך עטלעכע וואָכן, איז דאָס ברעט פאַרטיק געווען; אָבער דאָס אַוועקטראָגן אין וואַלד אַריין איז נישט געווען לייכט. מאַכן דעם גרוב האָט געפאָדערט פיל אַרבעט. מ'האָט געמוזט אַרבעטן ביינאַכט און די אויסגעגראָבענע ערד אַוועקטראָגן און אַזוי זי אויסשיטן, אַז ס'זאָל נישט זיין פאַרדעכטיקט.

נאָך צוויי נעכט אַרבעט, איז דער גרוב געווען פאַרטיק; ער איז געווען נאָר 80 צענטימעטער טיף, ווייל ווייטער האָט מען אָנגעטראָפן אויף שטיינער און דערצו האָט מען מער קיין כח נישט געהאַט און עס איז געווען אַ געפאַר, דעם גרוב אָפן צו לאָזן. מיר האָבן דעם גרוב גוט מאַסקירט, מיט גראָז און ביימלעך, און אין אַ מזלדיקער שעה אַריין אין דער נייער „וווינונג". ס'איז געווען נישט שלעכט, וואַרעם און רואיק און מ'האָט געקאָנט שלאָפן.

האַלב איינס אַ זייגער, הערן מיר ,אַז עמעץ גייט אַרום אין אונדזער נאָנטער סביבה און די פראַגע איז: וואָס מאַכט מען איצט?

מיר האָבן שנעל באַשלאָסן אַרויסצוגיין און פאַרדעקט דעם אַרויסגאַנג, זיך אַוועקגעזעצט נישט ווייט פון אונדזער וווינונג, וואָס מיר האָבן מיט שווערער מי אויפגעבויט און מיר וואַרטן אויב דער דורכגייער האָט עפּעס באַמערקט, וועט ער זיכער צוריקקומען מיט נאָך עמעצן און וועט זיכער וועלן אויסגעפונען, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. אויב אָבער ער איז נאָר געגאַנגען עטלעכע מעטער ווייט פונעם גרוב, דאַן איז אַלץ אין אָרדענונג און מיר קענען רואיק איבערנעמען דעם באַזיץ פון אונדזער וווינונג. אַזוי האָבן מיר געוואַרט ביז פיר נאָך מיטאָג און קיינער איז נישט געקומען און מיר זענען צוריקגעגאַנגען אין אונדזער היים און דאָרט איבערגעווינטערט בעסער, ווי ביי דעם פּויער אויפן בוידעם.

דער איינציקער פּראָבלעם, וועלכן מיר האָבן געהאַט איז געווען די פראַגע פון עסן, ווייל וואַסער האָבן מיר געמאַכט פון שניי. עס האָט אונדז נאָר געפעלט ברויט; מיר האָבן געדאַרפט אַ האַלבן קילאָ טעגלעך פאַר אונדז ביידע און דאָס איז נישט לייכט געווען צו באַקומען. דאָס אַרויסגיין פון גרוב איז נאָר מעגלעך געווען, ווען ס'האָט געשנייט, אָדער ווען עס איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט; דער שניי איז האַרט געפרוירן און מ'האָט נישט איבערגעלאָזט קיין שפורן פון די שיך. דעמאָלט איז מען געגאַנגען אין דאָרף און געבראַכט אַ 15־16 ק"ג ברויט, איז שוין ווידער געווען גענוג פאַר אַ גאַנצן חודש. עס האָט אונדז נישט געאַרט אַז דאָס ברויט איז אַלט געוואָרן, וויכטיק איז געווען מ'זאָל עס נאָר האָבן.

יעדעס מאָל, וואָס מיר זענען צוריקגעקומען מיטן ברויט פונעם דאָרף, האָט מען זיך געווונטשן, אַז דאָס זאָל שוין זיין גענוג ביז צום סוף פון דעם קריג. דאָס ברויט האָט פאַר אונדז געבאַקן אַ פּויערטע, נאָכדעם ווי זי האָט באַקומען מעל פון מיין חבר דעם פּאָליאַק און די פּויערטע האָט געוווּסט, ווען זי דאַרף דאָס ברוי צוגרייטן.

לאַנגזאַם איז דער ווינטער פאַריבער און דער שניי איז פאַרשווונדן. מיר האָבן שוין געקאָנט אַרויסגיין פונעם גרוב. נאַטירלעך, נאָר ביינאַכט. מיר האָבן געזען די דייטשע פּי־לאָטן, ווען זיי זענען געפלויגן באָמבאַרדירן דעם רוסישן פראָנט. מיר האָבן אויך געזען פון ווייט, ווי די פאַרטיזאַ־נער האָבן געגעבן ליכט־סיגנאַלן און שפּעטער זענען גע־קומען עראָפּלאַנען אָן מיט פאַל־שירעמס זיי אַרונטערגע־לאָזט וואָפן, מעדיצין און סאָלדאַטן.

מיין חבר האָט אויך געמוזט פאַרלאָזן היטקע, ווייל די אוקראַינער האָבן אַרויסגעטריבן די פּאָליאַקן. ער איז גע־קומען זיך מיט אונדז געזעגענען; ער האָט געוווּסט, ווו עס געפינט זיך אונדזער גרוב.

יעדע נאַכט האָט מען געהערט שיסערייען פון די פּאַר־טיזאַנער און פון פאַרשידענע באַנדעס: די רוסן קעגן די דייטשן; די אוקראַינער קעגן די פּאָליאַקן, ס׳איז געווען אַ גיהנום; דאָס דאָרף איז געווען באַוואַכט פון די אוקראַיני־שע פּאַרטיזאַנער; עס איז געוואָרן אַלעמאָל שווערער צו־צוקומען צום דאָרף. ענדלעך איז אונדז געלונגען צו זען די פויערטע, וועלכע האָט פאַר אונדז געבאַקן דאָס ברויט.

די פויערטע האָט אונדז געראַטן נישט מער צוריקגיין אין וואַלד; נאָך איר מיינונג, איז דאָס מער נישט געווען זיכער צוליב די פּאַרטיזאַנען; זי האָט אויך נישט מער גע־האַט קיין מעל צום באַקן ברויט. פון דער אַנדערער זייט האָט זי אונדז פאָרגעשלאָגן בלייבן ביי איר. ביי איר איז געווען אַ בוידעם אין אַן אַלטער „סטאָדאלע״, פון וועלכער אַ האַלבער טייל איז שוין געווען איינגעפאַלן; ס׳איז אָבער דאָרט געווען שטרוי, הויך אויסגעבעט און דאָרט, אויף דעם צעבראָכענעם בוידעם, זענען מיר געבליבן ביז די רוסן האָבן אונדז באַפרייט.

מיר זענען אַוועקגעגאַנגען פון דער פויערטע ביינאַכט, ווייל זי האָט נישט געוואָלט מ׳זאָל וויסן, אַז זי האָט אונדז באַהאַלטן און האָט אונדז געזעגנט מיט די דאָזיקע ווערטער: „חיים, זאָלסט נישט גלייבן, אַז דו האָסט גע־טראָפן אַ נאַרישע פויערטע, וועלכע האָט דיר געהאָלפן און דיך אויסבאַהאַלטן, נישט וויסנדיק, וואָס האָט מיך דערוואַרט, אויב מ׳וואָלט דיך געווען טרעפן ביי מיר; איך האָב אַלץ געוווּסט און פאַרשטאַנען, אָבער איך האָב דאָס געטאָן, ווייל איך האָב מיר געגעבן דאָס וואָרט, אַז איך מוז איין ייִד אויסבאַהאַלטן, אָדער העלפן אים זיך באַהאַלטן. איך בין גליקלעך, אַז איך האָב מיין ווונטש געקענט דערפילן; איך פאַרלאַנג נישט פון דיר קיין באַצאָלט, ווי איך האָב עס ביז היינט נישט פאַרלאַנגט; גייט געזונט, איך ווינטש אייך פיל גליק״.

מיר זענען געבליבן אין היטקע אַ האַלבן טאָג און דאַן זענען מיר אַוועק קיין ראַווע. מיר זענען אָנגעקומען אין ראַווע, דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג און די ערשטע ייִדן, וואָס מיר האָבן באַגעגנט זענען געווען: הערץ גראַף און זיין שוואָגער קלאג.

ס׳איז שווער צו באַשרייבן וויאַזוי די באַגעגעניש האָט אויסגעזען. עס זענען דאָרט געווען נאָך אייניקע פערזאָנען און אַלע האָבן אויסגעזען ווי טויט־קראַנק און צעבראָכן. דער איינדרוק פון שטאָט, און ספּעציעל פון דעם ייִדישן פערטל. אַלץ צעשטערט, פאַרניכטעט, פאַרברענט... פון אַלע ראַווער בתי־מדרשים, קלויזן, איז געבליבן דאָס זאַמד־בית־המדרש. פון די ספרי־תורה האָבן די געסטאַפּאָ גע־מאַכט פוטער־לעדער פאַר שטיוול, אין אייניקע קעלערס האָט מען געפונען שטיקער פון ספרי־תורה. מיט איין וואָרט, — עס האָט אַלץ אויסגעזען ווי נאָך אַ חורבן און מ׳האָט געקענט זאָגן „איכה ישבה בדד העיר, רבתי עם היתה כאלמנה... אָן מענטשן, אָן הייזער... נאָר דער נאָמען ראַווע איז געבליבן...

אויך נאָך דער באַפרייאונג, זענען נאָך ייִדן אומגעקו־מען פון די אוקראַינער. די ייִדן, וואָס זענען צוריקגעקומען אין די דערפער, ווו זיי האָבן געהאַט באַהאַלטן עפּעס פון זייערע זאַכן; אָדער די יעניקע, וואָס זענען געווען באַהאַלטן און זענען נישט גלייך אַנטלאָפן אין שטאָט, זענען געפאַלן פון די אוקראַינישע באַנדעס... אָבער נישט אַלע אוקראַינער זענען געווען גליך. איין פאַל וואָס האָט מיר פּאַסירט:

עס איז געווען אָנהייב מאַי 1944, שוין גאַנץ וואַרעם. מיר זענען געלעגן אין גרוב, אַ קליין לעכל איז געווען אין ברעט, וואָס האָט פאַרדעקט דעם גרוב, דורך וועלכן מיר האָבן געהאַט אַ ביסל לופט. אין דעם קליינעם לעכל איז נאָך געווען אַריינגעשטעלט אַ ביימל וואָס האָט פאַרדעקט דאָס גאַנצע טירל. ס׳איז געווען 12 אַ זייגער, די זון האָט גוט געוואַרעמט און אין אונדזער גרוב איז איבערהויפּט נישט געווען קיין ביסל לופט און דער אָטעם האָט געפעלט. האָבן מיר געעפנט דאָס טירל. עס איז געווען מיטאָג־צייט און זענען געווען זיכער, אַז קיינער וועט נישט קומען אין דער צייט אין וואַלד אַריין. אָבער ביים עפענען דאָס טירל, האָט זיך דאָס ביימל אַ ביסל שיף געשטעלט און באַלד האָבן מיר געהערט, אַז מען גייט. מיר זענען געווען טויט דער־שראָקן. רואיק האָב איך זיך אַרונטערגערוקט אונטערן טירל, כדי עפּעס צו זען. מיר האָבן נאָר געהאָפט, אַז דער גייער וועט נישט קוקן אויף דער ערד, ווייל אַנדערש זענען מיר פאַרלאָרן. נאָך אַ האַלבער מינוט האָב איך געזען, אַז אַ קאָפּ קוקט אַריין אין אונדזער גרוב. איך האָב גלייך גע־עפנט און האָב דעם פויער דערקענט.

אַ גוטער באַקאַנטער און אַן אָנשטענדיקער מענטש,

אָבער אַן אוקראַינער. און ווער האָט געקענט וויסן זיינע געדאַנקען?

איך האָב אים געפרעגט, וואָס ער זוכט און ער האָט געזאָגט, אַז ער איז געקומען שניידן ביימלעך פאַר בעזעמס און וויסנדיק, אַז דאָ גייען אַרום פּאַרטיזאַנען און זעענדיק, אַז דאָס גראָז איז אויסגעטראָטן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָ געפינט זיך אַ באַהעלטעניש און צופעליק האָט ער מיך געטראָפן...

האָב איך אים געפרעגט וואָס ער דענקט צו טאָן און אויב ער וועט גיין צו דער פּאָליציי און מיך מעלדן? האָט זיך דער פויער געציילמט און געזאָגט: וואָס פאַר אַ מיינונג האָסטו איבער מיר; איך בין געווען אַ פריינד פון דיינע עלטערן און דיך קען איך שוין, זינט דו ביסט געווען אַ קליין קינד. ער האָט מיר געגעבן אַ פּאַפּיראָס און מיך פאַר־זיכערט, אַז איך קען זיין רואיק, ווייל קיינער אין דאָרף, ווייסט נישט, וווּ איך בין. מ׳זאָגט, אַז איך בין זיכער ביי די פּאַרטיזאַנער.

ער האָט מיך געפרעגט, וואָס ער זאָל מיר ברענגען. נאַטירלעך אַז מיין תשובה איז געווען — ברויט, ווייל וואָס דען האָב איך געדאַרפט?

איך האָב אים געהייסן קומען פאַרנאַכט; געבן דריי קלעפּ אין דער ערד און איך וועל שוין וויסן, אַז ער איז דאָ. נאָך צוויי שעה האָבן מיר געהערט דריי קלעפּ און מיר האָבן זיך גאַנץ גוט דערשראָקן, מיינענדיק, אַז ער איז שוין געקומען מיט דער פּאָליציי... איך האָב לאַנגזאַם אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און געזען, אַז ער ליגט אין גראָז. איך האָב אים אַריינגעלאָזט אין גרוב און זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס ער האָט נישט געוואַרט ביז עס וועט ווערן טונקל, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט געוווּסט, אַז מיר האָבן נישט וואָס צו עסן און קומען פאַרנאַכט, האָט ער געמיינט, קען זיין פאַרדעכטיק.

ער האָט מיר געבראַכט ברויט, שפּעק, זאַלץ, טאַבאַק און שוועבעלעך און האָט געזאָגט, אַז אויב איך זאָל אַמאָל נישט האָבן וואָס צו עסן, זאָל איך צו אים קומען ביינאַכט, אָבער קיינער זאָל מיך נישט זען, גלייך גיין אויף זיין בוידעם און אינדערפרי אים צוויסן געבן מיט אָנקלאַפּן אין דער סטעליע, וועט ער מיר אַרויפברענגען עסן. ער האָט אויך געבעטן קיינעם נישט דערציילן, אַז ער האָט מיך גע־זען.

איך בין צו אים נישט געגאַנגען, איך האָב אים געזען נאָכן באַפרייען און מיט טרערן אין די אויגן האָט ער מיך באַגריסט און האָט געפרעגט, ווי אַזוי איך האָב געקאָנט אויסהאַלטן און איבערלעבן אין דעם גרוב...

אַזעלכע פאַלן האָבן מיר איבערגעלעבט מער...

איך בין איבערצייגט, אַז ווען די יידן וואָלטן געווען אַ ביסל ווייניקער עגאָיסטיש און געהאַלטן זיך צוזאַמען, וואָלטן זיך פיל מער יידן געווען געראַטעוועט... איך וויל נישט זאָגן, אַז איך בין געווען בעסער פון אַנדערע. יעדער האָט געלעבט פאַר זיך אַליין. עס האָבן געפעלט אָנפי־רערס.

# זכרונות פאַר די קומענדיקע דורות

דן בערגער
סאַן פּאַולאָ

**דער אויסברוך פון קריג**

דער טאָג פון ערשטן סעפּטעמבער 1939 איז אויסגע־פאַלן אַ פרייטיק. תיכף אין די פרימאָרגן־שעהן האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז די דייטשע באַוואָפנטע קרעפטן זענען אַריבער די פּוילישע גרענעצן. קעגן 10 אַזייגער האָבן די ערשטע מענטשן, וואָס זענען געקומען פון לעמבערג דער־ציילט, ווי זיי האָבן מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי תיכף אין דער פרי, זענען דערשינען איבער לעמבערג, דייטשע עראָפּלאַנען און האָבן באָמבאַרדירט די גאַסן גרודעצקאָ און אַנדערע גאַסן אין שכנות, און עס זענען דערביי געפאַלן די ערשטע קרבנות.

ביי אונדז אין ראַוואַ־רוסקאָ האָט מען כמעט ביז מיט־וואָך, דעם זעקסטן סעפּטעמבער, נישט געשפּירט קיין שום פּאַניק, הגם מען האָט געפילט, אַז דער שונא שניידט זיך אַריין אַלץ טיפער און טיפער אין לאַנד. זייט מאָנטיק דעם 4־טן סעפּטעמבער, האָט זיך אָנגעהויבן דער הויפּט־שטראָז אָנפולן מיט פליטים, וואָס האָבן געשטראָמט אין דער ריכ־טונג פון דער רומענישער גרענעץ.

דאָנערשטיק דעם 7־טן סעפּטעמבער, האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן איבער ראַווע, דייטשע עראָפּלאַנען און האָבן אַראָפּגעוואָרפן באָמבעס איבער די גאַסן קאָלע־יאָוואָ און סלאָוואַצקי. אייניקע באָמבעס זענען געפאַלן אויפן באַנהויף און אויפן הויז פון פליישער אין דער סלאָ־וואַצקי גאַס. צום גליק זענען נישט געווען קיין מענטש־

לעכע קרבנות. גלייך נאָכדעם, האָט די באַפעלקערונג פון ראַוואַ־רוסקאַ פאַרלאָזט די שטאָט און אַרויס זיך באַהאַלטן אין די אַרומיקע וועלדער, אויס פחד פאַרן באָמבאַרדירן. אין שטאָט זענען פאַרבליבן בלויז פאַרשטייער פון דער מאַכט און אַ טייל מיטגלידער פון די פייערלעשער און אַנטי־גאַז־דינסט, צווישן וועלכע, איך האָב מיך געפונען.

פרייטיק דעם 8־טן סעפּטעמבער, האָב איך אַרויסגעפירט מיין פאַמיליע אין וואַלד אויף דער וואָלקאָוויצע. און באמת, איז יענער טאָג געווען אויסגעפולט מיט פחד. אַ גרויסע עסקאַדרע פון דייטשע עראָפּלאַנען האָבן באַשאָסן דאָס שטעטל מיט מאַשינגעווער און צום סוף אויך אַראָפּגעוואָרפן אַ שפּאָר ביסל באָמבעס אויפן באַנהויף. איך אַליין האָב מיך דאַן געראַטעוועט אויפן שטאָטישן בית־עולם, קעגנאיבער דער פּאָסט, ווו איך האָב מיך אויסבאַהאַלטן פאַרן האָגל פון קוילן, אונטער אַ הויכער מצבה. ווען דער איבערפאַל איז פאַרביי, האָב איך דאָרט געפונען צווישן די מצבות אַ שווער פאַרוווּנדעטע, די פרוי מלכה טיגער, וועלכע איז דאַן פון אירע ווונדן געשטאָרבן.

איין טאָג שפּעטער האָב איך מיינע עלטערן אַרויסגעפירט קין הרעבענע, ווו זיי האָבן זיך געפילט זיכערער ווי אין שטאָט. און איך אַליין האָב אָנגעהויבן אַרויספירן פון אונדזער וווינונג אַלע ווערטפולע זאַכן, כדי זיי צו באַהאַלטן אין אַ קעלער אויפן רינעק; דערפאַר, ווייל אונדזער הויז האָט מיר אויסגעוויזן צו זיין אין אַ ספּעציעלער סכנה, צוליב זיין לאַגע צווישן די קאַסערן און דעם באַנהויף.

ווי קינדיש און נאַיוו זענען דאַן נאָך געווען אונדזערע אָנשויאונגען וועגן די דייטשן! איניקע שעה שפּעטער, האָב איך געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט און מיך אָנשליסן צו די עלטערן, נאָכדעם, ווי די דייטשן האָבן נישט אויפגעהערט די שטאָט צו באָמבאַרדירן דעם גאַנצן טאָג אומאויפהערלעך. זיי האָבן געוואָרפן די באָמבעס איבער די הייזער אין צענטער פון שטאָט און בלויז אַ דאַנק דעם, וואָס די מענטשן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די אַרומיקע וועלדער, זענען געפאַלן פון דער באַפעלקערונג בלויז פינף קרבנות.

ווען די גרויסע כוואַליע פון באָמבאַרדירן איז פאַרביי, בין איך צוריק אין שטאָט, כדי פעסטצושטעלן, וואָס עס לאָזט זיך נאָך טון, כדי אָפּצוראַטעווען כאָטש עפּעס אַ טייל פון אונדזער פאַרמעגן.

ווידער זענען די וועגן געווען פאַרפולט מיט פליכטלינגע פון קראָקעווער, טאַרנאָווער, דייטשער און יאַראָסלאַווער געגנט, וואָס זענען געפאָרן און געלאָפן, פאַרצווייפלט, ווי זיי וואָלטן געוווּסט שוין פאַר וואָס־פאַראַ בעסטיאַלישן שונא זיי אַנטלויפן.

אונדזער הויז איז געשטאַנען גאַנץ, אָבער איך אַליין האָב געמוזט אַרויס ווידער פון שטאָט, צוליב אַ פרישע באָמבאַרדירונג. שבת־צונאַכטס און זונטיק האָבן מיר אַדורכגעמאַכט אין וואַלד, אין הרעבענע, אָבער מאָנטיק אין דער פרי, פילנדיק, אַז די דייטשן דערנענטערן זיך צו ראַווע, האָבן מיר באַשלאָסן צוריקצוקומען אין שטאָט און זיך באַהאַלטן ביי דער פאַמיליע קנאָבלעך אין קעלער.

אַזי אַרום זענען מיר שוין מאָנטיק נאָכמיטאָג מיט נאָך דריי מענטשן, אונדזערע קרובים, געווען ביי די קנאָבליכס, ווייל אַנדערע מיטגלידער פון דער דאָזיקער משפחה האָבן זיך געפונען אויסער דער שטאָט.

אַ גרויסער טייל פון דער פּוילישער־אוקראַינישער באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן אויסצורויבן די יידישע הייזער פון דער שטאָט. מען האָט אויפגעבראָכן טירן פון געוועלבער און דירות, וויסנדיק, אַז די שטאָט איז אָן יעטוועדע שמירה און שוץ.

מיטוואָך דעם 9־טן סעפּטעמבער, זעקס אַזייגער אין דער פרי, בין איך אַרויס פון קעלער אויפן גאַס. אין דאָזיקן מאָמענט האָב איך באַמערקט דעם ערשטן דייטשן פּאַטראָליסט, וואָס איז געווען אָנגעטון אין אַ לעדערנעם מונדור פון אַ מאָטאָציקליסט און מיטן געווער האָט ער זיך געלאָזט גיין אַקעגן מיר. בין איך געבליבן שטיין און געוואַרט ביז ער האָט זיך דערנענטערט צו מיר. פּלוצים האָב איך געהערט זיין שטים: „האָסטו וואָפן? וואַרף עס אַוועק!” איך האָב געענטפערט, אַז איך באַזיץ נישט קיין שום וואָפן. האָט ער מיך ווידער געפרעגט: „וואָס דען טוסטו אויפן גאַס?” דערויף האָב איך געענטפערט, אַז נאָכן ליגן אין קעלער מערערע טעג אויס פחד פאַרן באָמבאַרדירן, האָב איך באַשלאָסן אַרויסצוגיין אין גאַס, זוכן פּאַפּיראָסן פאַרן פאָטער; ער האָט דאַן אַרויסגענומען פון טאַש דריי סיגאַרעטן און זיי מיר געגעבן און איך בין שנעל מיט זיי אַראָפּ צום פאָטער אין קעלער און איך האָב דערקלערט, אַז איך בין גאַנץ אַנגענעם איבעראַשט פונעם אויפפירן פון די דייטשן און עס קען זיין, אַז דאָס, וואָס מען דערציילט, אַז זיי טוען מיט די יידן, איז גאָר בלויז אַ פאַנטאַזיע פון די יידישע פּליטים פון דייטשלאַנד.

דעם זעלבן טאָג נאָך, האָבן די דייטשן באַזעצט דאָס שטעטל, און מיר זענען צוריקגעגאַנגען אַ היים, מיטנעמענדיק מיט זיך אַלע אונדזערע זאַכן, מיטן געדאַנק אָנצוהויבן פון ס'ניי אַ נאָרמאַל לעבן. ביז פּלוצים האָט זיך מאָנטיק דעם 18.9 באַוויזן די ערשטע גרויזאַמע מודעה אויף די ווענט, אַז די דייטשן פאַרנעמען אַלע יידן אין עלטער פון 14 ביז 50 אין לאַגערן, און שוין דינסטיק דעם 19.9, אַזייגער 6 אינדערפרי, מוזן זיך די יידן זאַמלען אויפן באַנהויף,

אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף, פאַר נישט אויס־פירן פון דעם דאָזיקן באַפעל.

גענוי צום טערמין, האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ, פאַרן באַנהויף, בערך אַ טויזנט מענער. מען האָט אונדז צעטיילט אויף 20 גרופּן, צו פופציק מאַן און ביי יעדער גרופּע אויך געשטעלט אַ סאָלדאַט צו היטן; אַזוי איז פאַר־גאַנגען דער טאָג נישט צוצולאָזן צו אונדז עפּעס אַן עסן אָדער טרינקען און מוזנדיק שטיין אויף די פיס. ווער ס'האָט געפּרוווט זיך אַוועקזעצן אויפן באָדן, האָט אים דער קאָמענדאַנט פון דער וואַך אַזוי צעשלאָגן, אַז ער האָט נישט מער געקאָנט, נישט בלויז שטיין, נאָר אַפילו נישט ליגן.

ענדלעך, 6 אַזייגער אויפדערנאַכט האָט מען אונדז אָפּ־געפירט אין יידישן בית־יתומים (ווייזענהויז), ווו מען האָט אונדז אַריינגעפּאַקט, ווי די הערינג, עס האָט קוים געסטאַר־טשער פּלאַץ צום שטיין.

דאָרט, אין „ווייזענהויז", האָבן מיר צום ערשטן מאָל געהערט די ידיעה, וואָס האָט געקלונגען ווי עפּעס אַ ווייטע לעגענדע, אַז אויך די סאָוויעטן זענען אַריבער פון זייער זייט די פּוילישע גרענעץ און לויט אַן אָפּמאַך, דאַרפן זיך די דייטשן צוריקציען ביזן בוג און סאַן, לטובת די סאָוויעטן און, אַז ראַוואַ־רוסקאַ דאַרף אין דעם פאַל אָפּגעטרעטן ווערן פאַר די סאָוויעטן. אָבער מיר האָבן זייער ווייניק גע־גלויבט אין דעם, אַז עס קען נאָך באמת געשען מיט אונדז אַ נס און די סאָוויעטן זאָלן אונדז באַפרייען, און נישט נאָר באַפרייען, נאָר אונדז אויך באַטראַכטן אַלס אמתדיק גלייכ־באַרעכטיקטע בירגער און אַפילו נאָך מער ווי דאָס, אַזעל־כעס, וואָס מיר האָבן ביי די פּאָליאַקן קיינמאָל נישט דער־גרייכט.

ווי געזאָגט, האָבן מיר אין דעם איבערהויפּט נישט גע־גלויבט און, ווען די נאַכט איז געקומען, איז דער גרעסטער טייל איינגעשלאָפן; טיילוויז שטייענדיק און טיילווייז האַלב־זיצנדיק אָדער ליגנדיק, איינער אויפן אַנדערן. אינ־דערפרי 5 אַזייגער, האָבן די דייטשן דערלויבט אונדזערע פאַמיליעס צו דערלאַנגען עפּעס עסן. אין דער לופט האָבן קורסירט קלאַנגען, אַז מען פירט אונדז קיין קראָקע אין אַ לאַגער.

דערווייל זענען איניקע פון אונדז באַפרייט געוואָרן. עס איז זייערע עלטערן געלונגען, פאַר שווער געלט זיי אַרויסצוקריגן אַלס נייטיקע פאַכלייט. אויך איז געלונגען איניקע, זיך אין דער פינצטער אַרויסצוגנבענען אין דער ערשטער נאַכט. אויך איך בין דעם זעלבן טאָג באַפרייט געוואָרן און אויפן וועג אַהיים, האָט מיר דער פאָטער דער־ציילט, ווי אַזוי דאָס איז אים געלונגען. אָבער מיין ברודער איז נאָך דאָרט פאַרבליבן אויף די צווייטע נאַכט. איבעראַל האָט מען גערעדט, אַז מען גייט זיי דעפּאָרטירן קיין קראָקע.

מיט גרויס שרעק האָב איך דערלעבט דעם צווייטן טאָג און זיך איבערצייגן, אַז מען האָט אים נאָך נישט אַרויסגע־פירט, און מיט שווערער מי איז מיר געלונגען דעם זעלבן טאָג אים אויך אַרויסצוקריגן, מיט דער הילף פון אַ דייטשן פאַסירשיין, וואָס עס האָט מיר באַזאָרגט אסתר האַבערמאַן, וועלכע האָט געאַרבעט אין דער געמיינדע.

פרייטיק דעם 22.9, ערב יום־כיפור און שבת יום כיפור, האָבן מיר געדאַוונט אין דער היים, נאָכדעם ווי פאַריקן שבת, זענען דייטשן אַריין אין שול בשעתן דאַווע־נען און די מתפללים מוראדיק געשלאָגן און דערנאָך פאַר־ברענט די ספרי־תורה. שפּעט נאָכמיטאָג בין איך אַרויס אין גאַס עפּעס הערן און באַגעגנט אַ מענטש, וואָס איז גע־קומען צו־פוס פון לעמבערג און דערציילט, אַז ער האָט מיט די אייגענע אויגן געזען די סאָוויעטישע סאָלדאַטן אַריינ־מאַרשירן אין שטאָט, נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן זיך פון דאָרט — ווי אָפּגעמאַכט — צוריקגעצויגן און, אַז די וועגן זענען פול מיט דייטשן מיליטער און רוסישן מיליטער, וואָס באַזעצט, נאָך זיי, די שטעט און דערפער. דאָס האָט גע־קלונגען דאַן אַזוי ווייט און לעגענדאַר, אַזוי, ווען איך וואָלט דאָס נישט געווען געהערט מיט אייגענע אויערן פון אַ מענטש, וואָס האָט עס געזען מיט זיינע אויגן, וואָלט איך עס באַשטימט נישט געווען געגלויבט. עס איז מעגלעך, אַז מיר וועלן בקרוב פטור ווערן פון אונדזערע בלוטיקסטע שונאים ?!...

אָבער די וואָך האָט זיך געצויגן און ס'איז גאָרנישט געשען. עס איז פאַרלאָפן זונטיק און מאָנטיק, און עס זאָל עפּעס זיך ענדערן. ערשט דינסטיק דעם 26.9 איז אַריינגע־פאָרן אין שטעטל אַ טאַקסי מיט אָפיצירן, וואָס האָבן גע־טראָגן — פאַר אונדז — אומבאַקאַנטע מונדירן.

מיר האָבן תיכּף פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען זיכער רוסישע אָפיצירן. דעם זעלבן נאָכמיטאָג איז אַריינגעפאָרן, אונטער די קלאַנגען פון אַ מאַרש, די רוסישע קאַוואַלעריע און צו דער זעלבער צייט, האָבן די דייטשן פאַרלאָזט די שטאָט.

דער דאָזיקער דינסטיק, איז פאַר די יידן געווען דער טאָג פ:ן באַפרייאונג. אַלץ איז אַרויס אויף די גאַסן און האָט אויפגענומען די סאָוויעטישע סאָלדאַטן מיט ריזיקע אוואַציעס און אַפילו די רייכע האָט עס נישט געאַרט, וואָס מען איז פטור געוואָרן פון די דייטשע מערדער; טראָצדעם, וואָס זיי האָבן געוווסט, אַז ביי די סאָוויעטן וועלן זיי עס נישט האָבן זייער לייכט.

אין משך פון די נאָענסטע טעג, זענען קיין ראַווע זיך

צוזאַמענגעלאָפן אַן אַכט טויזנט יידן פון בעלזעץ, טאָמאַשאָוו, זאַמאָשטש און נאַראָל, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון זייערע שטעט, נישט וועלנדיק בלייבן מיט די דייטשן, בעת עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די גרענעץ, לענגאויס דער ליניע בעלז ־ בעלזעץ ־ נאראָל ־ טשעשאַנאָוו ־ יאַראָסלאַוו.

באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייַ לעבן אין שטאָט. יידן האָבן געגאָסן פון פולסטער פרייהייט, אַזוי ווי זיי האָבן דאָס אין זייער לעבן נאָך קיינמאָל נישט געפילט, אָבער דערפאַר האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַנגל אין אַלעמען. מען האָט אָנגעהויבן ליקווידירן די פריוואַטע געוועלבן און אויף זייער פלאַץ געעפנט רעגירונגס־געוועלבן און כדי צו באַקומען לעבנס־מיטל, האָט מען געמוזט שטיין שעהן לאַנג אין ריי. דערפון איז אַנטשטאַנען אַ שוואַרץ־האַנדל. מענטשן האָבן אָנגעהויבן לעבן דערפון, ווי אויך פון רעזערוון, וואָס מען האָט געהאַט אָפגעשפּאָרט פון אַמאָל.

אָבער אין אַפּריל 1940 האָבן די סאָוויעטן אָנגעהויבן אַדורכצופירן אַקציעס קעגן די שוואַרץ־הענדלער און פאַר דער מינדסטער עבירה האָבן מענטשן געקריגן צו פינף יאָר תפיסה. געוועזענע פאַבריקאַנטן און עשירים האָט מען אָנגעהויבן דעפּאָרטירן קיין סיביר און אַזוי אַרום האָבן אַלץ גרעסערע קרייזן פאַרציכטעט אויף די אומלעגאַלע פרנסות און אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט ממשותדיקער אַרבעט.

די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אָנגעהויבן פאָדערן פון די מענטשן אַרבעטס־פּאַפּירן און ביי דער געלעגנהייט זיי אויסגעטיילט רוסישע דאָקומענטן. אַ גרויסער טייל פּליטים פון די געביטן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער דייטשער הערשאַפט האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצונעמען רוסישע פּעסער (דאָס הייסט, אָנצונעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט) און דערפאַר האָבן די רוסן, אין מאַי 1940, דורכגעפירט אַ דעפּאָרטאַציע פון בערך אַ האַלבן מיליאָן פון די דאָזיקע יידן, קיין סיביר.

אויסער דעם איז דאָס לעבן ווייטער געגאַנגען זיין געוועגלעכן גאַנג. אין מאַי 1941 האָבן די סאָוויעטן מאָביליזירט אייניקע הונדערט יונגעלייט — און מיך בתוכם. איך האָב איינגעריקט דעם 19טן מאַי 1941 קיין שעדליסקא נישט ווייט פון דער גרענעץ, ווו מיר האָבן געדאַרפט אַדורכמאַכן מיליטערישע איבונגען אין משך פון 45 טעג. אָבער דעם 20טן יוני זענען פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען, אַז די דייטשע גרייטן זיך אָנצופאַלן אויף די סאָוויעטן.

זונטיק דעם 21טן יוני האָבן די אָפיצירן געהאַלטן פאַר אונדז רעדעס, אַז אַלע קעגנזאַצן צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד זענען געוואָרן, ווי געוועגלעך תמיד, אויך איצט אויסגעגלייכט און די רוסן האָבן אויסגעמיטן אַ בלוט־פאַרגיסונג. דערלייכטערט זענען מיר אַלע געגאַנגען שלאָפן מיט דער האָפענונג, אַז נאָך זעקס וואָכן, וועלן מיר באמת ווערן באַפרייט און זיך צוריקקערן צו אונדזערע משפחות.

אָבער אָנשטאָט דעם האָט אונדז 2 אַ זייגער ביינאַכט אויפגעוועקט פון שלאָף דער ליאַרעם פון עראָפּלאַנען און 10 מינוט שפּעטער, איז אויסגערופן געוואָרן אָפיציעל אַליאַרעם־צושטאַנד און מיר זענען אַרויסמאַרשירט אויף דער ערשטער ליניע, וועלכע איז געלעגן 3 קילאָמעטער ווייט פון אונדז. דאָס איז געווען דעם 22טן יוני 1941 פאַרטאָג.

## דער סאָוויעטישער דייטשער קריג

זונטיק דעם 21טן יוני 1941, 3 אַזייגער פאַרטאָג, ווען די דייטשן האָבן אַטאַקירט, בין איך געווען אויפן פראָנט אין דער געגנט פון לוביטשא קרוליעווסקאַ. דעם גאַנצן טאָג האָבן זיך דאָרט אָפּגעשפּילט בלוטיקע קאַמפן. דעם אַנדערן טאָג, מאָנטיק, ביים ריקצוג איבער ראַוואַ־רוסקאַ, האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַריינגעגאַנגען אויף אייניקע מינוטן אַהיים. פאַרן דאָזיקן חטא, בין איך געוואָרן באַשולדיקט אין דעזערטירן און אַריינגעשטעקט אין ראַוועד תפיסה. איך בין דאָרט געזעסן אַ טאָג און אַ נאַכט, און דאַן באַקומען אַ פּסק אַרויסגעשיקט צו ווערן אויפן ערשטן פראָנט, וואָס האָט זיך געפונען אין דער נאָענט פון אונדזער שטאָט.

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען 150 מאַן און, ווען מיר האָבן זיך צוריקגעצויגן, האָבן געלעבט פון אונדז בלויז 10. פרייטיק דעם 26טן יוני 10 אַזייגער אינדערפרי, האָב איך אַלס לעצטער סאָוויעטישער פאַטראָל פאַרלאָזט די שטאָט.

שבת דעם 27טן יוני האָבן מיר האַרטנעקיק געקעמפט מיטן שונא אין זשולקיעוו און נאָכדעם, ווי די שטאָט איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון די דייטשן און עס איז נישט מער געווען קיין שום האָפענונג צוריק זיך אָנצושליסן אָן דער סאָוויעטישער אַרמיי, איז מיר געלונגען זיך איבערצוטאָן אין ציוויל, און מיטוואָך דעם 2טן יולי צוריקצוקערן קיין ראַווע. דערביי דאַרף מען באַצייכענען, אַז דעם וועג פון 32 קילאָמעטער צווישן ראַווע און זשולקיעוו, האָט מען געמוזט אַדורכמאַכן צו־פוס, ווייל די וועגן זענען געווען באַשטעלט פון אָרטיקע אוקראַינער, וועלכע האָבן יעדן ייד דערמאָרדעט אָדער באַגראָבן לעבעדיקערהייט. זייענדיק אין זשולקיעוו שוין אין ציוויל, האָב איך באַגעגנט דאָרט ברוך טיגער און אייזיק שפּאַצנער. מיר זענען געוואָר געוואָרן, אַז אונדזער רב, הרב טווערסקי געפינט זיך אין זשולקיעוו און געגאַנגען אים באַזוכן. דער רב, דערהערנדיק, אַז מיר קלויבן זיך גיין צוריק קיין ראַווע, האָט אויסגעבראָכן אין א יאָמערלעכן געוויין און אונדז געבענטשט, מיר זאָלן גיין און אָנקומען בשלום.

אין דער היים, האָט מען זיך מיט מיר זייער דערפרייט,

אָבער די שמחה איז צעשטערט געוואָרן צוליב די ערשטע דייטשע פאַראָרדענונגען קעגן די יידן. דאָס ערשטע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן טראָגן געלע לאַטעס מיטן מגן־דוד, אַזוי אַז אַפילו די, וואָס האָבן נישט אויסגעזען ווי יידן, האָט מען תיכף דערקענט. מענער אין עלטער פון 14 יאָר ביז 60 יאָר האָבן זיך געמוזט מעלדן צו צוואַנגס־אַרבעט, טאָגטעגלעך. אונטערדריקט פון די דייטשן פון איין זייט און די אוקראַינער פון דער צווייטער, האָבן יידן געמוחט אַרבעטן צוואַנגס־אַרבעט און אויך צאָלן הויכע געלט־סומען, וואָס האָבן געמוזט געצאָלט ווערן פאַר די דייטשן דורכן ניי־באַשטימטן יודנראַט. (דער ערשטער ראש פון יודנראַט איז געווען אַ געוויסער שווייצער. דאַן האָט זיך געשטעלט בראש פון יודנראַט ה׳ וואַטנבערג, דער אייגנטימער פון דער דראָגעריע, אין דער האָפנונג, אַז זיין טעטיקייט וועט אפשר עפּעס פאַרלייכטערן דעם גורל פון די אומגליקלעכע יידן). יעדער האָט זיך באַמיט אָפּצוגעבן ביזן לעצטן, אָבער דאָס האָט די דייטשן נאָך נישט באַפרידיקט. יידן האָבן געמוזט אָפּגעבן, נישט נאָר פאַר די דייטשן, נאָר אויך פאַר די אוקראַינער, זייער מעבל, בעסערע קליידער און וועש. יידן האָבן געלעבט דערפון, וואָס זיי האָבן אויסגעטוישט ביי פויערן פון דער סביבה זאַכן פאַר לעבנסמיטל. פאַר אַ קילאָגראַם קאַרטאָפל, אָדער מעל, האָבן די פויערן באַקומען די בעסטע און שענסטע יידישע זאַכן.

דער מסחר איז געווען פריי, אָבער נישט פאַר יידן. טראָץ דעם האָבן יידן געהאַנדלט, מהנדיק פון עפּעס לעבן. פאַרפאָלגט די יידישע הענדלער האָט אויסשליסלעך די אוקראַינישע מיליץ און די דאָזיקע האָט מען געקענט איבערקויפן, דערפאַר זענען טאַקע, אין יענער צייט, ווייניק יידן געוואָרן פאַרהאַלטן פאַר האַנדלען (פאַרן דאָזיקן חטא איז מען געוואָרן באַשטראָפט מיט אַרבעטס־לאַגער אויף אַ אומבאַשטימטן טערמין). אין אַזאַ אופן און אַ דאַנק דעם וואָס יעדער האָט אָפּגעגעבן שווערע געלטער און די טייערסטע ווערט־זאַכן — איבערהויפּט אַלץ, וואָס די נייע הערשער האָבן פאַרלאַנגט, איז געלונגען דערווייל צו פירן אַ לעבן, אויסגעפולט מיט שרעק.

אויסער די ערשטע אַרעסטן פון דער געסטאַפּאָ, תיכף נאָכן באַזעצן די שטאָט, זענען דערווייל קיין אַזוי גערופענע „פּאָליטישע אַרעסטן” נישט פאָרגעקומען. אין יענער ערשטער אַקציע פון דער געסטאַפּאָ, זענען געפאַלן אַלס קרבנות געוועזענע קאָמוניסטן, אַדוואָקאַטן און אַנדערע חשובע פּערזענלעכקייטן, וועלכע זענען דערשאָסן געוואָרן אויף דער וואָלקאָוויצע ביי ראַוואַ־רוסקאַ, ווי עס האָט זיך געפונען אַ זייער אַלטער יידישער בית־עלמין.

עס זענען דאַן אומגעקומען די אַדוואָקאַטן: סעגאַל, הערשדערפער, קובוש צימערמאַן, שמואל בעכערבליט, שמחה שטיינבאַך, חיים בעקער, יהודה אַלטמאַן און אַנדערע.

די ערשטע גרעסערע טעראָר־אַקציע קעגן די יידן איז אויסגעפירט געוואָרן אין פעברואַר 1942. עס זענען דאַן אויסגעפירט געוואָרן אָבלאַוועס און אַ גרעסערע צאָל יידן זענען אַריינגעשטופּט געוואָרן אין אַרבעטס־לאַגערן, וווּ מען האָט זיי שרעקלעך געפּייניקט און פאַר דער מינדסטער נישט אויסגעפירטער אַרבעט, איז מען געוואָרן דערשאָסן.

זייט יענעם טאָג האָט די באַפעלקערונג אָנגעהויבן לעבן, אויסער אין הונגער־נויט, אויך אין אַ שרעקלעכן שטענדיקן פּחד פאַרן אַרבעטס־לאַגער. דער יודנראַט ווידער, האָט אָנגעהויבן פאַרלאַנגען נאָך גרעסערע שטייערן, מיינענדיק, אַז מיטן פאַרגרעסערן דאָס שמירן פאַר די דייטשן, וועט געלונגען אויסצוקויפן זיך דאָס לעבן ביי די רוצחים.

אָבער אַ שרעקלעכער קלאַפּ האָט אונדז געטראָפן צוזאַמען מיטן גאַנצן יידנטום אין יאָר 1942.

דאָנערשטיק דעם 19.3.42 נאָכמיטאָג, איז די דייטשע זשאַנדאַרמעריע אַריינגעפאַלן אין הויז פון יודנראַט און אַלע, אָן חילוק, עלטער און געשלעכט, בערך אַ 50 פּערזאָן, זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין ראַווער תפיסה. די יידן אין שטאָט האָבן אָנגעהויבן זיך ברעכן דעם קאָפּ און געקלערט, אַז דאָס מיינען די דייטשן בלויז אַרויסצופּרעסן פון יידן נאָך מער געלט אָדער ווערט זאַכן. אַנדערע האָבן געקלערט, אַז די דייטשן זוכן יונגע מענטשן צו דער אַרבעט און די פאַרהאַלטענע דאַרפן בלויז דינען אַלס ערובניקעס. יעדנפאַלס האָט דער גרעסטער טייל געמיינט, אַז נאָכדעם, ווי מען וועט באַפרידיקן די דייטשע פאַרלאַנגען, וועט אַלס אַריבער בשלום און די אַרעסטירטע וועלן ווערן באַפרייט.

פרייטיק דעם 20טן מערץ זענען יידן געבליבן אין די דירות און געוואַרט אויף ידיעות וועגן גורל פון די אַרעסטירטע פון נעכטן; אָבער פּלוצים האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע אָבלאַווע, אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליקט דייטשע זשאַנדאַרמעריע, אוקראַינישע מיליץ און מוסרים, וואָס האָבן אָנגעוויזן, ווו עס וווינען יידן. קיינער האָט קיין אַנונג נישט געהאַט איבערן ציל פון דער דאָזיקער אָבלאַווע און כמעט אַלע זענען געווען איבערצייגט, אַז עס האַנדלט זיך דאָ אין אַן אַקציע פון כאַפּן מענטשן אויף אַרבעט אין אַן אַרבעטס־לאַגער.

ווען די דייטשן האָבן ארומגערינגלט אונדזער הויז, איז מיר מיטן פאָטער און ברודער געלונגען זיך צו באַהאַלטן. דערפאַר האָבן זיי געפונען אין דער דירה פון מיין פעטער יצחק: די מומעס רייזל, רחל און קוזינע כאַשע בערגער און זיי פאַרהאַפטעט. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין אָנהויב איז די אָבלאַווע פאָרגעקומען לויט ליסטעס, אָבער שפּעטער איז פאַרהאַלטן געוואָרן יעדער ייד, וואָס

די דייטשן האָבן געכאַפּט. עס האָט זיך אָבער קיינעם נישט געחלומט, אַז אַ טאָג שפּעטער וועלן די אַלע קרבנות נישט מער געהערן צו די לעבעדיקע.

די אַקציע האָט געדויערט דעם גאַנצן פרייטיק — (20.3.42), און שבת אינדערפרי זענען אַריינגעפּרעסט געוואָרן אַ 1500 פּערזאָן אין אַ לאַסט־צוג, וואָס איז אָפּגעפאָרן אין דער ריכטונג פון וואַרשע. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט, איז ער נישט געפאָרן ווייטער ווי אַ 18 קילאָמעטער פון ראַווע, דאָס הייסט, ביז צו דער סטאַציע פון בעלזעץ, און דאָרט איז דער גאַנצער טראַנספּאָרט אויסגעלאָדן געוואָרן און אים צוגעגרייט צום טויטן־לאַגער.

מען האָט די מענטשן איינגערעדט אין אָנהייב, אַז דאָס פירט מען זיי אין „באָד", אָבער שפּעטער האָט יעדער שוין געוווּסט, אַז דער צוג קיין בעלזעץ פירט צום טויט, אַ פּאָר מינוט נאָכדעם, ווי מען איז אַהין אָנגעקומען. אין יענער ערשטער אַקציע אין ראַווע האָט כמעט יעדער עמעצן פאַרלוירן. דער ווייטיק איז געווען שרעקלעך גרויס פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּערזענלעכער קאַמף פאַרן לעבן, וואָס איז טייל מאָל געווען פאַרבונדן מיט גרויסן עגאָיזם.

עס איז קלאָר געוואָרן נאָך דער ערשטער אַקציע, אַז היטלערס ציל איז אויסצומאָרדן אַלע יידן. קוים איז פאַרביי דאָס אומגליק פון 20טן מערץ און שוין האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די קעפּ פון די איבערגעבליבענע אַ פרישער קלאַפּ: עס איז דערשינען אַ פאַראָרדענונג, אַז אין משך פון אייניקע טעג מוזן די יידן פאַרלאָזן די גאַסן מיצקעוויטש, גרונוואַלד און באַן־גאַס און אַריבערגיין וווינען אין מיטן שטאָט, דעם אַזוי גערופענעם יידישן פּערטל. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַנגל אין דירות און אין יעדן צימער האָבן געוווינט פון 8 ביז 10 פּערזאָן. נאָך לאַנגן זוכעניש האָבן מיר געפונען אַ דירה אויף שעווטשענקאָ־גאַס, אָבער געבליבן דאָרט בס"ה 3 וואָכן, ווייל די דייטשן האָבן קאָנפיסקירט די דירה פאַר זיך און אַרויסגעטריבן די יידן פון איר. פונדאַנעט זענען מיר אַריבער אין יידישן פּערטל צו מיין שוואָגער נחמן קליינער ז"ל, וואָס האָט געוווינט אויף סאָביעסקי־גאַס. דאָ איז מיט אונדז געווען אַ פּאָר טאָג אויך משה לעווין, וואָס איז דאַן פאַרזינקען אין אַ שווערן יאוש. דאָ האָבן מיר געוווינט מיט דער גאַנצער משפּחה אין שטענדיקער שרעק פאַר אַ נייער אַקציע, ווייל איבער ראַווע האָבן אָנגעהויבן פאַרבייגיין וועכנטלעכע טראַנספּאָרטן מיט קרבנות קיין בעלזעץ, פון אַזוי גערופענעם גענעראַל גובערנאַט (ד. ה. גאַנץ פּוילן).

פרויען, וואָס האָבן ביז יעצט נישט געאַרבעט, האָבן אָנגעהויבן זיך סטאַרען צו באַקומען אַרבעט, מיינענדיק, אַז די באַרבאַרן וועלן אַרבעטנדיקע יידן נישט דערמאָרדן און אַזוי אַרום וועלן זיי זיך ראַטעווען דאָס לעבן. וואָס נוגע מיר — האָב איך קיינמאָל נישט געגלויבט אין דעם און זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען אַ באַפרייאונג פון דער אַרבעט, אויך פאַר מיין פאָטער, משה מאיר און ברודער שמחה, און דאָס איז מיר געלונגען אַ דאַנק ישראל מערץ, וואָס האָט געאַרבעט אין אַרבעטס־ראַט.

דעם 29טן יולי 1942, זעקס אַזייגער אינדערפרי איז מיין מוטער מיטן ברודער שמחה אַוועק אין דער טעראָווניע, כדי אונטערצושרייבן די באַפרייאונג פון שמחהן דורכן דירעקטאָר. יענער האָט עס נישט געוואָלט טאָן. דערווייל האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען אין שטאָט, אַז עס האַלט ביי אַ נייער אַקציע און מיר איז געלונגען אַרויסצוקריגן פון אַרבעטס־אַמט אַן אויפפאָדערונג פאַרן דירעקטאָר, ער זאָל מיין ברודער באַפרייען. ער האָט צוגעזאָגט דאָס אויסצופירן ערשט אין אָונט נאָך דער אַרבעט. אָבער מיר האָבן באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז נישט נאָכצוגעבן און מיין ברודער איז צום סוף באַפרייט געוואָרן און אויך מיט מיר אַהיים אין דער איבערצייגונג, אַז דאָס בעסטע אין אַזאַ צייט איז צו זיין באַהאַלטן. ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעשטעלט איז באמת די אָפּזיכט פון דירעקטאָר, אַ נאַצי, געווען מיין ברודער, וועלכן ער האָט באַטראַכט פאַר אַ שוואַכן, איבערצוגעבן צום פאַרלאָדן קיין בעלזעץ. אָנגעקומען אַהיים האָבן מיר זיך גוט באַהאַלטן, קלערנדיק, אַז די קלאַנגען קענען אויך זיין אמתדיקע, און יעדער מינוט קען אויסברעכן די אַקציע.

דעם 29טן יולי 1942, 11 אַזייגער אינדערפרי, ווען די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון ראַווע איז געווען באַהאַלטן אין די הייזער און ווער עס האָט געהאַט, אויך אין די בונקערס, האָט די דייטשע „שופּאָ" („שוץ־פּאָליציי"), באַגלייט פון דער אוקראַאינישער מיליץ, אַרומגערינגלט די שטאָט, און אין אַ שעה שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע אַקציע אין ראַווע. בערך 2 אַ זייגער בייטאָג, האָב איך אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַלט אין לאָדן און געזען ווי אויף אונדזער גאַס באַמיען זיך מיט אַלע כוחות אוקראַאינער אויפצוברעכן די טירן אין הויז פון שיינדעלע צימערמאַן, דאָרט וווּ עס האָט געוווינט נחמן קליינער, כדי אַרויסצושלעפּן פון דאָרט יידן צום פאַרלאָדן קיין בעלזעץ.

די דאָזיקע אַקציע האָט געדויערט פון מיטוואָך דעם 29טן יולי, 12 אַזייגער מיטאָג, ביז דאָנערשטיק דעם אַנדערן טאָג 9 אַזייגער אינדערפרי. צוויי שעה שפּעטער איז אָפּגעגאַנגען אַ טראַנספּאָרט מיט 2.000 נפשות קיין בעלזעץ. ערשט 4 אַזייגער נאָכמיטאָג, האָב איך מיך געטרויט אַרויסצוקוקן אויפן גאַס און געזען, אַז על פי נס האָבן די דייטשן

פאַרזען אונדזער הויז און אַזוי אַרום זענען מיר געבליבן ביים לעבן.

ראַווע, וואָס פאַר דער ערשטער אַקציע באַזעסן 7500 יידן, האָט יעצט געהאַט נישט מער ווי 4000 איבער־געשראָקענע און אויסגעהונגערטע נפשות. די דייטשן האָבן פאַראָרדנט, אַז אַלע יידן, וואָס וווינען אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, מוזן זיך זאַפאַרט אַריבערטראָגן קיין ראַווע אין יידישן געטאָ. יעצט זענען שוין ווידער גע־ווען אין ראַווע בערך 11.000 יידן, וואָס האָבן געמוזט, סיי טאָג, סיי נאַכט, שווער אַרבעטן, כדי צו באַפרידיקן די נאַציִשע חיה. דאָס זעלבע איז אייגנטלעך, פאָרגעקומען אין גאַנץ פוילן, ווייל די דייטשן האָבן דעמאָלט געהאַט באַ־שלאָסן, אַדורכצופירן די פאַרניכטונג פון יידן אין אַ שנע־לערן טעמפּאָ — אַזוי צום ביישפּיל האָט מען יעצט גע־קאָנט באַמערקן, אַז אַנשטאָט צוויי־דריי טראַנספּאָרטן אַ וואָך, זענען זייט אויגוסט 1942 פאַרבייגעגאַנגען איבער ראַווע צוויי־דריי טראַנספּאָרטן יעדן טאָג. אין יעדן צוג האָבן זיך געפונען בערך צען טויזנט יידן, וואָס האָבן נישט באַקומען קיין עסן און אפילו נישט קיין מעגלעכקייט אויס־צופירן זייערע פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן. די דאָזיקע פלאָמ־בירטע צוגן זענען געווען באַוואַכט פון דייטשע זשאַנדאַר־מען און סאָלדאַטן, וואָס האָבן געשאָסן, ווען עמעץ האָט געפּרווט שפּרינגען פון די צוגן. דער וועג לענגאויס דער באַן־ליניע ראַווע־רוסקאַ - בעלזעץ איז געווען באַזייט מיט יידישע הרוגים. אין ראַווע האָבן זיך דאַן אויסבאַהאַלטן קעגן אַ 500 אַזעלכע יידן פון גאַנץ פוילן, וועלכע עס איז געלונגען זיך צו ראַטעווען פון די דאָזיקע צוגן.

צוליב לויב פון יודנראַט מוז געזאָגט ווערן, אַז טראָץ די גרויסע שוועריקייטן, האָט ער זייער פיל געטאָן פאַר די דאָזיקע יידן, כדי זיי מאַטעריעל צו העלפן און אויך אויס־באַהאַלטן פאַר דער דייטשער מאַכט.

ס'האָבן אָנגעהויבן קורסירן קלאַנגען איבער פאַרשידענע שטעטלעך, וואָס ווערן יידן־ריין. באַלעבאַטים פון הייזער און דירות, האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן בויען בונקערס אין די קעלערס אָדער אויף בוידעמס. מען איז געקומען דערביי צו אַזעלכע געדאַנקען, ווו אייננפאַלן פון פשוטע מענטשן, זענען איבערגעשטיגן די פעאיקייטן פון דיפּלאָ־מירטע אינזשינירן. גאַנץ נאָוועמבער 1942 איז אַדורך אין איין לאַנגער טאָגטעגלעכער פּאַניק פאַר אַ נייער אַקציע. אויפן אָנבליק פון אייניקע דייטשע זשאַנדאַרמען האָבן אַלע זיך שנעל פאַרשטעקט אין זייערע באַהעלטענישן, זייענדיק איבערצייגט, אַז זייער באַהעלטעניש איז דאָס בעסטע אין שטאָט און, אַז ביי דער נייער אַקציע, וועט ער אָפּגעראַטעוועט ווערן פון טויט, כדי צו דערלעבן די קאַפּיטולאַציע פון היטלערן — אַ זאַך, וואָס האָט דאַמאָלס אויסגעזען כמעט אוממעגלעך.

אין אונדזער דירה זענען געווען 5 צימערן און עס האָבן געלעבט דאָרט 15 נפשות. מיר האָבן אַזוי אַרום געמוזט מאַכן צוויי באַהעלטענישן, כדי אַלע זאָלן זיך קענען דאָרט געפונען. דעם 1־טן דעצעמבער 1942 איז דאָס יידישע פערטל געוואָרן אָפיציעל פּראָקלאַמירט אַלס געשלאָסענער געטאָ. פאַר פאַרלאָזן דאָס געטאָ אָן דער דערלויבעניש פון דער געסטאַפּאָ האָט געדראָט טויט־שטראָף. די טויערן פון געטאָ זענען געווען באַוואַכט פון דייטשן און יודנפּאָליציסטן. דריי טאָג שפּעטער זענען בטל געוואָרן אַלע דערלויבענישן, וועל־כע האָבן זיך געפונען אין יידישע הענט, צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ, דערפאַר וואָס עס איז אויסגעבראָכן אַ מגפה פון טי־פוס, וועלכע האָט געקאָסט טאָג־טעגלעך אייניקע צענדליק יידישע קרבנות. עס האָט יעצט נישט מער לאַנג געדויערט און די דייטשן האָבן באַשלאָסן דאָס ראַווער יידנטום לגמרי צו ליקווידירן.

דעם 7־טן דעצעמבער 1942, 9 אַזייגער אינדערפרי, ביים דאַוונען אין צימער, האָב איך דערהערט אייניקע שאָסן. איך בין צו צום פענצטער און דערזען אויפן באָדן ליגן פיר יידישע הרוגים. (איינער פון די פיר, איז געווען מענדעלע באָגען). און אַזוי ווי עס זענען דערוואַרטעט געוואָרן נייע אַקציעס אין שטאָט, האָב איך שנעל געשלאָסן אַלע טירן און מיר זענען אַריין אין דעם צוגעגרייטן באַהעלטעניש. דעם דאָזיקן טאָג, איז קיין איינציקער ייד אין שטאָט נישט אַרויסגעקומען אין גאַס. אָבער מער איז אין יענעם טאָג גאָר־נישט פאָרגעקומען. דערפאַר אָבער האָט מאָרגן, דינסטיק דעם 8־טן דעצעמבער, ניין אַזייגער אינדערפרי, זיך אָנגע־הויבן די נייע אַקציע. קלאָמפּערשט האָט מען געזוכט בלויז קראַנקע, אָבער אין דער אמתן איז דערמאָרדעט געוואָרן יעדער איינער, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט, אָן אונטערשיד, צי קראַנק, צי געזונט, צי אַרבעטער אָדער נישט. די געכאַפּטע יידן זענען דינסטיק אויסגעשאָסן גע־וואָרן אין דער שול.

מיטוואָך און דאָנערשטיק, האָט מען אָוועקגעשיקט קיין בעלזעץ 2 טראַנספּאָרטן. טראָצדעם האָט די אַקציע ווייטער געבושעוועט איבער פרייטיק און שבת. פון דער גאַס האָבן זיך דערטראָגן צו אונדז אין באַהעלטעניש דאָס שרייען און וויינען פון מענטשן, וואָס האָבן נישט געקענט אַזוי שנעל גיין, ווי די מערדער האָבן זיי באַפוילן, און דאָס שיסן זיי דערפאַר די דייטשן. דורך אַ שפּאַרע פון פענצטער אַרויס־קוקנדיק, האָב איך געזען אונדזער גאַנצע גאַס באַזייט מיט הרוגים.

די איבעריקע געכאַפּטע האָט מען פרייטיק און שבת

אַרויסגעפירט אויסער דער שטאָט און זיי דאָרט דערשאָסן.
בעת דער אַקציע, האָט איינמאָל אויך פּאַסירט, אַז די יודנ־פּאָליציי האָט זיך אַריינבאַקומען אין אונדזער דירה, אָבער נישט געפונענדיק קיינעם זענען זיי אַוועק. מיר זענען דע־מאָלט געלעגן אין אונדזערע 2 באַהעלטענישן, אויסער דעם פּאָטער, וואָס האָט געהאַט אַ באַזונדער באַהעלטעניש אויפן בוידעם, צוליב זיין כראָנישן הוסטן.

זונטיק איז צו אונדז דערגאַנגען די ערשטע ידיעה, אַז ראַוואַ־רוסקאַ איז באַשטימט געוואָרן צו ווערן „יודנפריי". אין אָנהייב, האָבן מיר געטראַכט צו אַנטלויפן קיין זשולקיעוו, אָבער אַזוי ווי איך בין געווען זייער צוגעבונדן צו מיינע עלטערן, האָבן מיר באַשלאָסן זיך נישט צו צעשיידן. דעם גאַנצן טאָג זענען מיר געלעגן באַהאַלטן אין אונדזערע באַ־העלטענישן. 10 אַזייגער אויף דער נאַכט איז מען אַרויפגע־גאַנגען אין דער דירה, עפּעס אָפּגעקאָכט און געגעסן פּאַר אַ גאַנצן טאָג.

אין דרויסן איז די אַקציע ווייטער אָנגעגאַנגען, און איינמאָל האָבן מיר געהערט פּלוצים די שטים פון קחת שאפּל, וועלכער האָט געקלאַפּט אין בונקער, ווו עס האָט זיך אויסבאַהאַלטן שיינדעלע צימערמאַן און אברהם און בלומה מאַסטער (צימערמאַן) מיט זייערע קינדער און געבעטן אים אַריינצולאָזן.

אונדזער לאַגע האָט אונדז אויסגעוויזן אַזוי פּאַרצווייפלט, אַז נאָר אַ נס האָט געקאָנט אונדז דאַן אָפּראַטעווען פון טויט. לעבנסמיטל האָבן מיר אַפילו געהאַט אָנגעזאַמלט גענוג, אָבער וואַסער... מיר זענען אויסגעגאַנגען פּאַר דורשט. און ווי זאָל מען עפּעס קאָכן, ווען קיין וואַסער איז נישטאָ ? אָבער אין דער צווייטער וואָך פון דער אַקציע האָט אונדז דער הימל באַשענקט מיט אַ שיינער מתנה. עס האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אַ רעגן... פּאַר אונדז איז דאָס געווען, ווי אַ רפואה פּאַר אַ מענטש וואָס גויסעט. מיט דעם ביסל אויפגעזאַמלטן וואַסער, האָבן מיר געקאָכט און געטרונקען. אָבער פון וואַשן דאָס פּנים, אָדער די הענט, האָט נישט געקענט זיין קיין רייד.

פרייטיק דעם 18־טן דעצעמבער, האָבן מיר באַמערקט, אַז די פּאָליציי פּאַרקלאַפּט מיט גרויסע נעגל אַלע איינ־גאַנגס־טויערן און טירן צו די הייזער, ווו עס האָבן פריער געוווינט יידן. אין יענעם אָוונט פון 18טן דעצעמבער איז אונדזער יונגסטע שוועסטער מאַטילדע אַוועק אין אַן אומ־באַקאַנטער ריכטונג.

אין די ווייטערדיקע טעג, האָבן מיר זיך גיטרויט אין אָוונט אַרויסצוקריכן פון אונדזערע באַהעלטענישן, גלייבנ־דיק, אַז מיר זענען נישט דירעקט באַדראָט דורך דער פּאָ־ליציי, ווייל די טירן זענען געווען פּאַרקלאַפּט מיט נעגל. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס זענען אַפילו בייטאָג געזעסן אין זייערע וווינונגען צוליב דער זעלבער סיבה.

דעם 20־טן דעצעמבער האָבן מיר מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן אָן וואַסער און ריזיקירנדיק מיטן לעבן, וואָס האָט סיי־ווי־סיי מער נישט געהאַט קיין שום ווערט אין אונדזערע אויגן, בין איך צוזאַמען מיטן שוואָגער אַראָפּ אין קעלער, כדי אויסצוגראָבן אַ ברונעם. אויסער אונדז, זענען אין קעלער געווען יאָסל דייקסלער און הערץ מענש און אַלע צוזאַמען האָבן מיר געגראָבן דעם ברונעם. און ווי גליקלעך זענען מיר געווען, אַז מיר האָבן באמת דערזען די ערשטע טראָפּנס און צו זיי צוגעפאַלן ווי צו אַ היילנדיקע רפואה.

אין אַ וואַסערע באַדינגונגען מיר האָבן דאַמאָלט דעם ברונעם אויסגעגראָבן לאָזט זיך בשום אופן נישט באַשרייבן. אָבער ווי אויבן געזאָגט, איז אונדזער שמחה געווען, אין לשער. מיר האָבן דאָס ערשטע מאָל, זייט אַ צייט לאַנג, גע־שטילט באמת אונדזער דאָרשט. אַזוי אַרום איז אונדזער וואַ־סער־פראַגע געלעזט געוואָרן דעם 22־טן דעצעמבער 1942. אָבער טראָצדעם, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן אומאויפהערלעך צו פרעגן : וואָס פאַר אַ ציל האָט נאָך יעצט אונדזער קאַמף פּאַרן לעבן, ווען די שטאָט איז שוין סיי־ווי־סיי יודנ־פריי ?...

דעם 25־טן דעצעמבער איז מיין שוואָגער, נחמן קליינער קראַנק געוואָרן און האָט נישט געקאָנט מער אַראָפּגיין אין בונקער. ער איז געלעגן אין בעט און זיין צושטאַנד האָט זיך מיט יעדן מאָמענט פּאַרערגערט ; אויך מיין שוועסטערס שוועגערין איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. איך, ווידער, בין געזעסן אין יענע טעג הויפּטזעכלעך בײַם פענצטער און דורך אַ שפּאַלט אָבסערווערט, ווי די איבערגעבליבענע יידן, קעגן אַ 70 נפשות אין צאָל, די אַזוי גערופענע „טויטנ־גרופּע", האָט דעם גאַנצן טאָג געהאַלטן אין איין פירן הרוגים אויפן אָרטיקן בית־עלמין.

דעם 2־טן יאַנואַר 1943 אין דער פרי, האָבן מיר באַ־מערקט, אַז דייטשן אין באַגלייטונג פון אוקראַאינישער מיליץ, דערנענטערן זיך צו אונדזער טויער און עפענען אים. איבערלאָזנדיק די קראַנקע מיט זייער גרויזאַמען גורל זענען מיר אַלע שנעל אַראָפּ אין אונדזער באַהעלטעניש. אין דער זעלבער מינוט, האָבן די אוקראַאינער אָנגעהויבן אַרבעטן מיט לאָמען, כדי איינצוברעכן די טיר, וואָס איז געווען פון אייזן. קעגן צוויי שעה האָבן זיי אַזוי געאַרבעט, ביז דאָס איז זיי געלונגען. זיי האָבן דאַן די צוויי קראַנקע מיטגענומען מיט זיך און זיי אָפּגעפירט אין דער יידישער שול און דאָרט זיי דערשאָסן צוזאַמען מיט אַנדערע געכאַפּטע קראַנקע.

מיט די געזונטע האָבן זיי געמאַכט נאָך ערגער. בערך

אַ 200 מענטשן זענען אויפגעלאָדן געוואָרן אויף אויטאָס און אַרויסגעפירט אויפן יידישן בית־עלמין. דאָרט זענען זיי אויסגעמאָרדעט געוואָרן אויף אַ גרוילעכן סאַדיסטישן אופן. אויפן בית־עלמין זענען תמיד געווען אויסגעגראָבן גריבער, די קרבנות זענען מיט מערדערלעכן שלאָגן געוואָרן געצווונגען זיך אויסצוטאָן נאַקעט, דאַן האָבן זיי געמוזט זיך אויסלייגן אויפן באָדן פון גרוב, ביז ער איז געווען גאַנץ פאַרדעקט. דאַן האָבן די מערדער מיט אייניקע שאָסן פון מאַשין־געווער זיי דערהאַרגעט און געצווונגען די ווייטערע יידן זיך אויסצולייגן אין אַ פרישער שיכט. אַזוי אייניקע מאָל, ביז דער גרוב איז געוואָרן פול. בערך אַ 15 שיכטן אין אַ גרוב, וואָס האָט באַטראָפן אַ 400 פערזאָן. אַ טייל פון די דאָזיקע אומגליקלעכע איז אַפילו געוואָרן געצווונגען מיט די אייגענע הענט צו גרובן פאַר זיך די גריבער. וואָס פאַראַ גרויזאַמקייטן עס האָבן זיך צוגעזען די טויטנגרעבער אין יענע טעג, איז די מענטשלעכע האַנט נישט אומשטאַנד צו באַשרייבן.

זייט דעם, ווי די מערדער האָבן אַרויסגעפירט פון אונדזער הויז די דערמאָנטע צוויי קרבנות, האָט די דייטשע פאָליציי, באַגלייט פון אוקראַאינער, אונדז אָנגעהויבן אומאויפהערלעך צו באַזוכן. מיר האָבן דערפאַר געמוזט פאַרבלייבן, סיי טאָג, סיי נאַכט, אין אונדזערע באַהעלטענישן. אַזוי, אַז מיר האָבן נישט געקאָנט זען די שיין פון טאָג.

דערצו נאָך איז דעם 2־טן יאַנואַר מיין ברודער קראַנק געוואָרן (און די קראַנקייט האָט זיך דאַן געצויגן מער ווי צוויי חדשים). דריי טעג שפעטער ד. ה. דעם 5.1.43 איז די טאַנטע חנה פייגע, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן מיט אונדז אויך קראַנק געוואָרן. צום סוף איז, דעם 8־טן יאַנואַר מיין פאָטער קראַנק געוואָרן. דער פראָסט איז געווען ברענענדיק און מיין פאָטער האָט געמוזט ליגן אויפן בוידעם, צוליבן הוסט, וואָס האָט אים מוראדיק געפלאָגט. די טאַנטע האָט נישט געוואָלט ליגן אין באַהעלטעניש און איז געלעגן אין דער וווינונג ; דאַקעגן מיין ברודער איז געלעגן אין בונקער. נאָך אַזאַ אומגליק מיט די ביידע קראַנקע, קען מען זיך פאָרשטעלן אונדזער שרעק איבערן גורל פון די נייע דריי.

איין טאָג שפעטער, דעם 9־טן יאַנואַר זענען אַריין אין דער וווינונג אוקראַאינער און געטראָפן די טאַנטע גוסען. זיי האָבן זי איבערגעלאָזט. אין אַ פאָר שעה שפעטער איז זי אויסגעגאַנגען. אויפן אַנדערן טאָג זענען די זעלבע אוקראַאינער געקומען מיט אַ פיר און אַוועקגעפירט איר קערפער.

צו יענער צייט איז אונדזער קרוב, דער שוואָגער פון מיין שוועער, אַראָפ פון זינען און מיר זענען געווען פאַרצווייפלט מיט אויסבאַהאַלטן אים. פלוצים איז ער איינמאָל אַרויס אין גאַס. אַ פאָר מינוט שפעטער איז ער געוואָרן דערשאָסן.

דער געזונט־צושטאַנד פון מיין פאָטער האָט זיך פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג. הגם ער האָט פון קעלט אויפן בוידעם נישט געליטן, ווייל מיר האָבן אים איינגעוויקלט אין מערערע איבערבעטן, אָבער קיין רפואות האָבן מיר נישט געקענט אים געבן, אַפילו נישט אַ ביסל וואַרעמען טיי מיט צוקער. דער פאַרלאַנג זיינער צו טרינקען אַ גלאָז טיי מיט צוקער, האָט אים אַזוי אָנגעהויבן פלאָגן, אַז אַ פאָר טעג האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס איז די איינציקע רפואה, וואָס וואָלט אים געשטעלט אויף די פיס.

דאָס צוזעענדיק, האָט אַ מיידעלע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קריסטלעך קינד (זי האָט זיך אויך אויסבאַהאַלטן מיט אונדז), זיך געמאָלדן פרייוויליק — ווייסנדיק, אַז זי ריזיקירט דערמיט מיטן לעבן — און איז אין איינעם אַן אָוונט, אַרויס אין גאַס און האָט געבראַכט פון עפעס אַ געשעפט אייניקע שטיקלעך צוקער, צוקערלעך און ליכט.

אַז איך האָב אַרויפגעבראַכט מיין פאָטער אויפן בוידעם דעם טיי, האָט ער זיך אַזוי צעוויינט, אַז מיין גאַנץ לעבן וועט מיר דאָס נישט אַרויס פונעם זכרון. דאָס איז אויך געווען דאָס לעצטע מאָל, ווען איך האָב אים געזען ביים לעבן. אויפן אַנדערן מאָרגן 5 אַזייגער, אַז איך בין צו אים ווידער אַרויפגעקומען מיט אַ גלאָז טיי, האָב איך אים געפונען אַ טויטן. דאָס איז געווען זונטיק, דעם 17־טן יאַנואַר 1943.

איך האָב באַשלאָסן אין אונדזער קעלער אויסצוגראָבן אַ גרוב און מיין פאָטער דאָרט באַהאַלטן. אַזוי ווי דאָס איז אָבער געווען אַן אַרבעט, וואָס איז אוממעגלעך געווען צו מאַכן אין איין נאַכט, האָב איך באַשלאָסן מאָנטיק ביינאַכט פאַרטיק צו מאַכן זיין קבר. דערווייל זענען אָבער יענעם טאָג די באַנדיטן אַריין און האָבן געפונען זיין טויטן קערפער אויפן בוידעם. זיי האָבן אים מיטגענומען און אים אַריינגעוואָרפן אין אַ מאַסן־קבר אויפן יידישן בית־עלמין.

אונדז האָבן די דייטשן יענעם טאָג נישט געפונען, ווייל מיר זענען געווען אַלע אין אונדזערע באַהעלטענישן. דער גרוב, וואָס איך האָב אָנגעהויבן גראָבן פאַרן פאָטער*), איז נישט געבליבן ליידיק. מיר האָבן אין אים באַהאַלטן מענדל מילמייסטער, וועלכן די דייטשן האָבן דערשאָסן אין אַ שכנות־דיקן הויז.

צום גרויסן שמערץ איבערן פאַרלוסט פונעם פאָטער, איז צוגעקומען די גרויסע זאָרג איבער דער קראַנקהייט פונעם ברודער. ער האָט אַפילו שוין געהאַט הינטער זיך דאָס

---

* אין זעלבן קעלער, ווו מיר האָבן אויסגעגראָבן דעם ברונעם, אין הויז פון שיינדל צימערמאַן.

שווערסטע, אָבער זיינע פיס זענען אויך געווען אָפּגעפרוירן און ער האָט געמוזט זיך רוקן אויף אַלע פיר. די ליידן פון מיין מוטער זענען דעריבער געווען נישט צום באַשרייבן.

דעם 26־טן יאַנואַר איז אויסגעאַנגען, נאָך אַ געבורט, די פרוי קאַלכמאַן אויף איר געלעגער, לעבן מיין מאַמען און דעם קראַנקן ברודער. מיר האָבן שנעל איר קערפּער אַריבערגעטראָגן אין אַן אַנדערן צימער און אַ נאַכט שפּע־טער זי באַהאַלטן (באַגראָבן אין קעלער).

דעם 26־טן יאַנואַר, זיבן אַזייגער אָוונט, זענען מיר אַרויס אין קעלער, ווו עס איז געווען דער ברונעם, כדי צו ברענגען אַ ביסל וואַסער. צוריקגייענדיק, זייער פאַרזיכטיק, האָבן מיר דערהערט, אַז עמעץ דרייט זיך לעבן אונדזער באַהעלטעניש. פּלוצים האָב איך דערפילט דאָס ליכט פון אַן עלעקטריש לעמפּל אַקעגנאיבער מיר, און אַ פרעמדע שטים האָט געזאָגט שטיל: „עס זענען יידן". אין זעלבן מאָמענט האָב איך דערהערט די שטים פון מיין פרויס שוועסטער מאַטילדע: דאָס איז דן!". מיין פרייד צו זען זי אַ לעבעדיקע איז געווען אין לשער. דער בחור, וואָס האָט זי באַגלייט איז געווען אַ פּאָליאַק פון אַ יאָר 20, וועלכער איז דאַן גע־וואָרן דער פאַרבינדונגסמאַן מיט אויסערער און לעבנדיקער וועלט.

איך בין פון זיי דעמאָלט געוואָר געוואָרן, וואָס עס הערט זיך אין שטאָט. די פּאָליציי האָט באַקומען דעם באַ־פעל, נישט אַריינצודרינגען אין די יידישע הייזער, נאָכדעם, ווי מערערע פון זיי האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס אין געטאָ. מיר האָבן דערפון אויפגעאָטעמט, ווייל דאָס האָט פאַר אונדז באַדייט, אַז מיר מעגן זיך עטוואָס פרייער באַ־וועגן. פון זיי האָבן מיר זיך אויך דערוווּסט, אַז מאַטילדע מיט איר שוואָגער בעריש שטיינפעלד, געפונען זיך ביים פּאָליאַק אין דער דירה באַהאַלטן.

נאָכדעם, ווי מיר האָבן באַקומען די דאָזיקע פאַרבינדונג מיט דער לעבנדיקער וועלט, האָט אונדזער האָפענונגסלאָז לעבן זיך אַ ביסל געענדערט. יעדער ווייטערדיקער טאָג האָט געבראַכט מיט זיך עפּעס נייעס. יעדן טאָג פלעגט דער מאַן קומען, זיין נאָמען איז געווען קאָזשאַרטשיק, ברענגען מיט זיך שפּייז און ידיעות פון דרויסן. מיר פלעגן מיט אים אויך איבערשיקן פאַרשידענע ווערט־זאַכן פאַרן שוואָגער, כדי יענער זאָל האָבן פון וואָס צו לעבן.

צו דער זעלבער צייט, האָט ה. קאָזשאַרטשיק פאַר אונדז געפונען אַ פּלאַץ, ביי אַ קריסטלעכער פאַמיליע, צום אויס־באַהאַלטן זיך. אָבער דער פּלאַץ איז געווען באַשטימט בלויז פאַר צוויי פּערזאָן, ד. ה. מיין פרוי און מיך. ביים בלויזן געדאַנק, אַז מיר וועלן מוזן איבערלאָזן אַליין די מוטער מיטן קראַנקן ברודער, בין איך שיר נישט אַראָפּ פון זינען. אָנשטאָט צו זיין צופרידן דערפון, וואָס מיר גייען אַריבער אין אַ זיכערן באַהעלטעניש, האָב איך מיך געפילט העכסט אומגליקלעך, וויסנדיק, אין וואָס פאַראַ געפאַר איך לאָז זיי איבער.

דאָס אַריבערגיין זיך באַהאַלטן ביי אַריער איז פאַר־בונדן געווען מיט אַ סומע פון 20 טויזנט זלאָטעס, וועלכע איך האָב געהאָפט צוזאַמענצושטעלן נאָכן פאַרקויפן מיין פרויס און מיינע קליידער, וואָס זענען אונדז נאָך פאַר־בליבן פון אַמאָל. וועגן אַריינעמען נאָך די מוטער מיטן ברודער האָט דער פּאָליאַק נישט געוואָלט זען און הערן. — ער האָט נישט מער קיין פּלאַץ, ווי פאַר צוויי פּערזאָן — האָט ער געטענהט.

עס זענען שוין פאַרבייגעגאַנגען צוויי וואָכן זייט דעם ערשטן טרעפן זיך מיט מאַטילדאַן. היינט האָט געזאָלט קו־מען קאָזשאַרטשיק אָפּשמועסן, ווען מיר וועלן קענען אַרי־בערגיין אין אונדזער נייעם באַהעלטעניש ביים אַריער.

דאָס איז געווען דעם 7־טן פעברואַר, 4 אַזייגער נאָכ־מיטאָג, ווען איך בין, ווי געוויינטלעך, אַרויסגעקראָכן פון אונדזער באַהעלטעניש, דערזען אַ געדיכטן רויך אַרויסזעצן פון דערבייאיקן הויז. אין איין מינוט שפּעטער, האָט דער רויך זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שרעקלעכן פייער. איך בין שנעל צוריק אין בונקער און מיר האָבן פון דאָרט שנעל אַרויסגעכאַפּט אייניקע ווערט־זאַכן און אַנטלאָפן פאַרן פייער אין ווייטערדיקן הויז פון מונד. דאָרט האָבן מיר זיך פאַר־אייניקט אין קעלער מיט נאָך יידן.

מיר זענען דאָרט געבליבן צוויי טעג און נעכט און, אַז איך בין דערנאָך פון דאָרט אַרויס, האָב איך באַמערקט, אַז דאָס שכנותדיקע הויז איז אינגאַנצן אָפּגעברענט און אונדזערס איז טיילווייז חרוב. אַלץ, וואָס מיר האָבן נישט באַוויזן מיטצונעמען מיט זיך פון בונקער, איז געוואָרן אויס־געפּלינדערט, העכסט וואַרשיינלעך דורך די פייערלעשער, בעת לעשן דעם בראַנד.

איך האָב נישט געהאַט דעם מינדעסטן באַגריף, ווי אַזוי מיר וועלן זיך יעצט קענען פאַרבינדן מיט קאָזשאַר־טשיק, וועגן אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט. ווי אויבן געזאָגט, איז אין אָוונט, ווען מיר האָבן געזאָלט זיך טרעפן, אויסגעבראָכן די שרפה, און מיר האָבן זיך דעמאָלט מער נישט באַגעגנט. אָבער איין טאָג שפּעטער, דעם 10־טן פעב־רואַר, זייענדיק אין חרובן בונקער און נאָכקלערנדיק, וואָס צו טאָן, כדי אים צוריקצוברענגען אַ ביסל אין אָרדע־נונג, איז קאָזשאַרטשיק פּלוצים דערשינען. אין אָנהייב, איז מיין שרעק געווען אין לשער, ווייל איך האָב געמיינט אין דער פינצטערניש, אַז דאָס איז אַ פּאָליציאַנט; אָבער שפּע־

טער האָט די שרעק זיך פאַרוואַנדלט אין פרייד. צום סוף איז געוואָרן אָפגעשמועסט, אַז מאָרגן גייען מיר אַריבער אין אונדזער נייעם באַהעלטעניש אויף דער אַרישער זייט.

נאָך זיין אַוועקגיין, האָב איך באמת צוריקגעבראַכט דעם בונקער צו זיין פאַריקן צושטאַנד און מיר האָבן זיך צוריק אין אים אַריינגעצויגן. אָבער אַ טאָג שפּעטער, איז צו אונדז געקומען מאַטילדע מיט קאָזשאַרטשיקן און דערקלערט, אַז עס איז צונישט געוואָרן אונדזער אַריינגיין צום אַריער. מיין פרוי האָט דאָס אַ ביסל געערגערט, ווייל יעדער מינוט האָט דאָ אונדזער לעבן געהאָנגען אויף אַ האָר; איך דערגעגן האָב געזען אין דעם אַ צייכן פון הימל, כדי נישט אָפּצושיידן זיך פון דער מאַמען און ברודער.

צו יענער צייט האָט זיך באַוויזן ביי אונדז אין באַהעלטעניש מאיר צימערמאַן און איבערגעגעבן, אַז בעת דער אַקציע זענען געוואָרן פון די 12.000 יידן אויסגעקליבן 60, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן צו באַהאַלטן (מקבר זיין) די הרוגים, און נאָך 250 צו אַנדערע אַרבעטן. אַלע אַנדערע האָבן זיך שוין געפונען אויפן עולם־האמת. מיר איז פון פריער געווען באַקאַנט בלויז וועגן די טויטן־גרעבער, אָבער וועגן די 250, וועלכע מען האָט אין אָנהייב אַרויסגעפירט אויף אַרבעט קיין קאַמיאַנקא, און דערנאָך, אָנהייב פעברואַר, צוריקגעבראַכט אין געטאָ פון ראַווע, האָב איך נישט געוווּסט; איצט האָט מיין חבר מאיר צימערמאַן דערציילט, אַז זיי אַרבעטן ביים סאָרטירן די זאַכן, וואָס עס האָבן איבערגעלאָזט די מתים. אויך זענען מיר דאַן געוואָר געוואָרן, אַז עס לעבן אין ראַווע, אין בונקערס אַזוי ווי מיר, בערך אַ 400 פערזאָן.

ביי דער געלעגנהייט האָב איך געבעטן פון מאיר צימערמאַן, אַז ער זאָל זיך באַמיען, אַז דאָקטאָר בערנשטיין, דער יידישער דאָקטאָר פון אַרבעטס־לאַגער, זאָל צו אונדז קומען, כדי צו אונטערזוכן מיין ברודער. און באמת איז אַראָפּגעקומען דער דאָקטאָר קריסטיאַמפּאָלער, אָנשטאָט אים, און מיטגעבראַכט מיט זיך אייניקע רפואות, וואָס האָבן מיין ברודערס צושטאַנד אַ ביסל פאַרלייכטערט.

אויך פלעגט צו אונדז קומען טאָג־טעגלעך קאָזאַרטשיק, וואָס האָט דערקלערט, אַז עס זענען פאַראַן אויסזיכטן, אויסצובאַהאַלטן זיך ביי אַן אַנדערן פּאָליאַק, אָבער יענער פאָדערט אַ ריזן סומע און דאָס נישט אין געלט, נאָר אין סחורה. יעצט איז דאָס נישט מער געווען אַזוי שווער, ווי פריער, ווייל אין אַלע יידישע חרובע הייזער האָבן זיך געפונען זאַכן לרוב. און דאָ האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיר וועלן נישט מער קענען אַריבערגיין צום פּאָליאַק — ווייל ער איז אַרעסטירט געוואָרן, בעתן איבערטראָגן זאַכן פון אונדז און ווידער איז געוואָרן דערפון גאָרנישט. בלית ברירה האָבן מיר געמוזט פון דאָס ניי אָנהייבן זוכן אַ נייעם פּאָליאַק, וואָס וואָלט געווען גרייט אונדז אַריינצונעמען צום אויסבאַהאַלטן.

אָבער דערווייל האָבן מיר געמוזט פאָרזעצן אונדזער עקזיסטענץ, אַזוי ווי ביז איצט, אין אונדזער באַהעלטעניש. ביז איינמאָל אין אַ טאָג — ענדע מערץ 1943, האָב איך אַמאָל אינדערפרי, אַרויסקוקנדיק דורך אַ שפּאַרע פון באַהעלטעניש, באַמערקט, ווי דריי יונגע פּוילישע שקאָצים, שטייען אין אונדזער וווינונג און רעדן עפּעס צווישן זיך, ווייזנדיק מיט די פינגער אויפן בוידעם. נאָך אַ קורצער ווייל זענען זיי אַוועק. אין אָנהייב בין איך געווען ביי דער מיינונג, אַז זיי זענען בלויז געווען זוכן יידישע זאַכן. אָבער לויט זייער ווייזן מיט די פינגער אויפן בוידעם, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן געהערט טריט פון די מענטשן, וואָס באַהאַלטן זיך דאָרט.

אויפן בוידעם האָבן זיך נעמלעך געפונען 9 פערזאָן, וואָס זענען אַריבערגעקומען צו אונדז, אין הויז, 9 וואָכן פריער, נאָכדעם, ווי פּאָליאַקן האָבן זיי באַמערקט אין אַ הויז אַקעגנאיבער. צווישן די 9 זענען געווען יחזקאל לעצטער, זיין מוטער און שוועסטער, ווי אויך פערעלע מונדסמאַן (דייטשער).

בלויז אַ האַלבע שעה איז פאַרגאַנגען, זייטן אַוועקגיין פון די שקצים און שוין האָבן מיר דערהערט אַ ריזנליאַרם אַרום אונדזער הויז. איך האָב אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַרע און געזען, ווי די שקצים זענען צוריקגעקומען, אין באַגלייטונג פון דייטשער „שוץ־פּאָליציי” (געסטאַפּאָ). זיי האָבן זיך גלייך אַ לאָז געטון צום אַרויפגאַנג אויפן בוידעם און, אַז איינער פון די אויסבאַהאַלטענע האָט געפּרוּווט אַרויפשפּרונגען אויפן דאַך, האָט אים באַגלייט אַ קנאַל און ער האָט זיך אַראָפּגעקאָלערט אַ טויטער אויפן באָדן. דער רעשט אַכט מענטשן זענען אָפּגעפירט געוואָרן אויפן יידישן בית־עלמין און אויסגעמאָרדעט געוואָרן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן.

אונדזער שרעק, בעת דער אַקציע אויפן בוידעם, איז אוממעגלעך צו באַשרייבן. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז זיי זאָלן נישט ווייטער זוכן און דערגיין ביז צו אונדז. נאָך דעם דאָזיקן פאַל האָב איך באַשלאָסן מיך אַריבערצוטראָגן אין געטאָ, דעם אַזוי גערופענעם „לאַגער”, ווייל דאָ ווייטער צו בלייבן, איז געווען שוין אוממעגלעך.

די גרעסטע געפאַר זענען איצט געווען צענדליקער פּוילישע שקצים, וואָס פלעגן טאָג און נאַכט פּלינדערן אין יידישע הייזער און דערביי איז זיי אויסגעקומען יעדעס מאָל צו באַגעגענען יידן. זיי האָבן דאָס תיכף געמאָלדן דער געסטאַפּאָ און די מענטשן זענען געווען פאַרלוירן.

דאַגעגן אין אַזוי גערופענעם לאַגער, וואָס איז געווען אַ טייל פון געוועזענעם געטאָ, האָבן נישט נאָר זיי, נאָר אַפילו די אוקראַינישע מיליץ, נישט געטאָרט אַריינקומען; ער איז געוואָרן באַוואַכט פון דער יודנפּאָליציי. נאָכן גליק, וואָס די דייטשן האָבן ביי אונדז נישט ווייטער גע־זוכט, האָבן מיר באַלד געהאַט נאָך אַ גליק, וואָס עס האָבן זיך תיכף נאָכדעם ביי אונדז באַוויזן יידן פון אַרבעטס־לאַגער (צווישן זיי ווייכסעלבוים) און אונדז געהאָלפן אַריבערטראָגן די זאַכן. אַ דאַנק דער דאָזיקער הילף איז מיר געלונגען אַריבערצופירן אין לאַגער אַריין אַ ביסל קליידער און לעבנסמיטל. שפּעטער, בערך 12 אַזייגער ביינאַכט, בין איך צוריקגעגאַנגען אין הויז, וווּ עס האָט זיך געפונען אונדזער באַהעלטעניש און האָב אַריבערגע־פירט אין אונדזער נייעם קוואַרטיר, אין „לאַגער", די פאַמיליע. דער דאָזיקער איבערגאַנג פון באַהעלטעניש ביזן לאַגער, איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן און עס איז געשען אַ גרויסער נס, וואָס די דייטשע זשאַנדאַרמען האָבן אונדז נישט געפּאַקט.

דאָ אין לאַגער האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע פאַזע אין אונדזער „לעבן". ווייל מיר זענען אויך דאָ געווען אומ־לעגאַל און נישט געטאָרט זיך ווייזן אויף דער ליכטיקער שיין, האָבן מיר זיך געפונען די גאַנצע צייט אויף אַ בוי־דעם. און אַזוי ווי די געסטאַפּאָ איז געווען אַן אָפטער גאַסט אין „לאַגער", האָבן מיר געמוזט אויך דאָ פאַר זיך אויסבויען אַ באַהעלטעניש. אָבער די פאָר טעג, ביזן אויפ־שטעלן דאָס באַהעלטעניש, זענען אונדזערע ליידן געווען אויסערגעוויינלעך שווער, און ספּעציעל האָבן דערפון געליטן די מוטער מיטן נאָך האַלב־קראַנקן ברודער. אָבער נאָכדעם, ווי דאָס באַהעלטעניש איז געוואָרן פאַרטיק, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז זייער געלונגען, ד. ה. זיכער. מיר האָבן אַריבערגעטראָגן אין איִם, אונדזערע זאַכן און נאָכדעם, ווי ס'איז מיר נאָך געלונגען אויפצושטעלן אַ פּרימיטיוו אייוועלע און עס איז געווען אַ מעגלעכקייט עפּעס פון צייט צו צייט אָפּצוקאָכן, זענען מיר געווען שוין ווי אין הימל. דער פּחד פאַר די דייטשן איז דאָ גע־ווען אַ סך קלענער, ווי אין אונדזער הויז אויף סלאָוואַצקי־גאַס, אַזוי ווייט, אַז מיין מוטער און ברודער פלעגן אַפילו קענען פון צייט צו צייט אַרויסשטעקן דאָס פּנים אויף דער ליכטיקער גאַס. דאָס ערשטע מאָל זייט ראַווע איז געוואָרן „יידנריין". דאָ איז אויך מיין ברודער צוריקגעקומען צום געזונט.

אין יענער צייט, איז געווען באַוווּסט דער געסטאַפּאָ, אַז אין ראַווע באַהאַלטן זיך אויס אַ 250 יידן, וועלכע זיי קענען בשום אופן נישט כאַפּן. וועלנדיק אָבער פאַר יעדן פּרייז אַריינקריגן זיי אין זייערע מערדערישע נעגל, האָבן זיי, ענדע אַפּריל, זיך געווענדעט צום קאָמענדאַנט פון יידישן אַרבעטס־לאַגער, אַז ער זאָל אויפנעמען אַלע אומ־לעגאַלע יידן צו דער אַרבעט. אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז די באַרבאַרן פּלאַנירן בלויז צו דערגיין, וויפיל יידן זענען נאָך געבליבן, און אַז אין אַ געוויסן טאָג, וועלן זיי דאָס דאָזיקע רעשטל אויך אַרומרינגלען און זיי אויסמאָרדן. דאָס איז אַלעמען געווען קלאָר. אָבער די מענטשן האָבן נאָך אַזאַ שווערן אוממענטשלעכן ווינטער געבענקט נאָך אַ טראָפּן פרישער לופט און אַ שטראַל פון זון, כדי צו דורכוואַרעמען זייערע ביינער. אַזוי אַרום האָבן זיי פאַר־לאָזט די בונקערס און האָבן זיך געמאָלדן צו דער אַרבעט. רעכענענדיק דערביי, אַז אויב די דייטשן וועלן אַפילו וועלן זיי אויסמאָרדן, וועלן זיי עס נישט טון, פאַרן אָנקו־מען פון ווינטער.

איך מיט פרוי און ברודער, בין אויך געווען צווישן זיי. בלויז די מוטער איז געבליבן אין באַהעלטעניש, אויפן בוידעם און געקאָכט פאַר אונדז עפּעס צום עסן עסן אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט. אָבער אין דער זעלבער צייט, האָב איך נישט פאַרגעסן אויף איין מינוט אין דער געפאַר, וואָס דראָט צו ליקווידירן דעם לאַגער און האָב מיך אומאויפ־הערלעך באַמיט צו געפונען אַ פּלאַץ ביי אַ פּאָליאַק, וווּ זיך צו באַהאַלטן מיט דער פאַמיליע.

עס האָט זיך מיר אויך עפּעס באַוויזן אַן אויסזיכט אויף אַזאַ פּאָליאַק אין דאָרף קאַמיאַנקאַ און איך האָב גע־מוזט, כמעט יעדן טאָג, מיך טרעפן מיטן פּאַרמיטלער, וואָס האָט געוווינט אויף דער באַנגאַס, וועלכע האָט געשוויבלט און געגריבלט פון אוקראַינער און געסטאַפּאָ. די זאַך האָט זיך פאַרצויגן אין דער לענג, און איך האָב דערווייל אויס־גענוצט די צייט, כדי צו פאַרשאַפן געלט און אַנדערע מיטלען, וואָס זענען נייטיק געווען צום באַצאָלן פאַרן פּלאַץ. דעם 28־טן מאַי איז מיין פרוי אַוועקגעגאַנגען צום ה. קאָזשאַרטשיק, וווּ עס איז געווען אויסבאַהאַלטן איר ברודער, כדי דאָרט צו בלייבן, ביז מיר וועלן קענען אַרי־בערגיין צום פּאָליאַק אין קאַמיאַנקאַ.

פון דאָרט אויס איז אויך געווען לייכטער זיך צו פאַר־שטענדיקן מיטן פּאַרמיטלער, וועלכער האָט גענאָסן פון מיין פולסטן צוטרוי. אין יענער צייט האָט אויך מיין מוטער זיך געוואַנדן צו אונדזערס אַ געוועזענע שכנטע, אַ פּאָ־ליאַטשקע, מיט דער ביטע זי אויסצובאַהאַלטן, נאַטירלעך, פאַר אַ גרויסער סומע געלט, אָבער ליידער אָן דערפּאָלג.

פלוצים איז דער 7טן יוני 1943 אָנגעקומען אומדער־וואַרט דער שעף פון דער געסטאַפּאָ אין לעמבערג און האָט געמאָלדן אַז אַזוי ווי דאָס געטאָ אין גרויס מאָסט איז ליק־

ווידירט געוואָרן, וועלן אויך די איבערגעבליבענע, אין צאָל פון אַן אַכט הונדערט יידן, ווערן איבערגעפירט קיין ראַווע צו דער אַרבעט. אונדזער לאַגער וועט ווערן פאַררייניקט מיט זייערן און וועט זיך געפונען אין אַ באַראַק אַקעגן יידישן בית־עלמין. זייט מאָרגן דעם 8טן יוני, האָבן מיר זיך שוין געדאַרפט געפונען צוזאַמען מיט יענע אין יענעם לאַגער.



גירוש יהודי העיר לבלוז. צילם דן ברגר.
ראַווער יידן געטריבן קיין בעלזעץ. פאָטאָגראַפירט דן בערגער.

פאַר מיר איז דאָס נייעס געווען ממש אַ טראַגעדיע און עס איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז איך מוז זאַפאָרט און פאַר יעדן פּרייז אַהינגיין, ווו עס געפינט זיך מיין פרוי, כדי פון דאָרט צו פאַרענדיקן די פאַרהאַנדלונגען מיטן קריסט אין קאַמיאַנקאַ. איך האָב געוווּסט, אַז אין נייעם לאַגער דראָט עס יעדע מינוט אַרומגערינגלט צו ווערן פון דער געסטאַפּאָ, אָן יעדער מעגלעכקייט צו אַנטלויפן.

מיט אַ שווערן געוויסן האָב איך איבערגעלאָזט די מוטער און ברודער און אַוועק צו קאַזשאַרטשיקן. בלית ברירה האָט ער מיך אַריינגענומען, אָבער מיטן אויסדרוקלעכן תנאי, אַז ס'איז בלויז אויף אייניקע טעג, ביז די זאַך אין קאַמיאַנקאַ וועט ווערן דערלעדיקט. מיין האָפענונג איז געווען אויך די מוטער און ברודער דערנאָך אַריבערצונעמען קיין קאַמיאַנקאַ. ליידער האָט דער גורל געוואָלט אַנדערש, ווייל שוין דאָנערשטיק דעם 10טן יוני, איז דער לאַגער אַרומגענומען געוואָרן פון געסטאַפּאָ, אַלע מענטשן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אין פּאָטאַליטשער וואַלד און דערמאָרדעט געוואָרן.

דעם דאָזיקן טאָג איז דערמאָרדעט געוואָרן דער לעצטער רעשט פון ראַווער יידן.

וואָס אין מיין האַרץ האָט זיך דאַן אָפּגעשפּילט איז נישט צום באַשרייבן. אַז איך בין דאַן נישט אַראָפּ פון זין, איז איינס פון די גרעסטע נסים אין מיין גאַנצן דאַמאָלסדיקן לעבן. אָבער פּלוצים, איז צוויי טעג שפּעטער, דעם 12טן יוני אין אָוונט, צו מיר אַריינגעקומען קאַזשאַרטשיק און דערציילט, אַז מיין ברודער איז געלונגען זיך צו ראַטעווען און ער געפינט זיך אין דעם מאָמענט באַהאַלטן ביי אים אין גאָרטן. אין דעם מאָמענט בין איך איבערגעביטן געוואָרן, ווי ניי געבוירן און געבעטן פון קאַזשאַרטשיק'ן, ער זאָל אים אויך אַריינעמען צו זיך, ביז מיר וועלן קענען גיין פון דאָרט אין באַהעלטעניש קיין קאַמיאַנקאַ, אָבער ער האָט דאָס אָפּגעזאָגט און איך בין געבליבן הילפלאָז.

שפּעט אין אָוונט בין איך אַרויס צו מיין ברודער, מיינענדיק, איך וועל אים קענען עפּעס העלפן. מיר זענען צוזאַמען צוגעגאַנגען צו אייניקע באַקאַנטע פּאָלאַקן, מיט דער האָפענונג צו געפונען ערגעץ עפּעס אַן אָרט, כאָטש אויף אַ פּאָר געציילטע טעג, אָבער אַלעס אָן דערפאָלג. אַזוי אַרום האָב איך געמוזט שפּעט ביי נאַכט מיך אומקערן אויף מיין פּלאַץ און ער אויף זיינעם, אין גרוב אין גאָרטן פון קאַזשאַרטשיק. מיין ווייטיק איז געווען אומבאַשרייבלעך. נאָך אייניקע טעג, האָט מיין ברודער געמוזט פאַרלאָזן זיין לאָך אין גאָרטן, ווייל פאַר קיין פּרייז אין דער וועלט האָט דער באַלעבאָס אים נישט געלאָזט דאָרט ווייטער בלייבן.

דערנאָך האָב איך אים נאָך בלויז צוויי אָדער דריי מאָל געזען סך־הכל, און ווייטער איז עס געווען אוממעגלעך. איך האָב מיך מיט אים פאַרבינדן שריפטלעך מיט דער הילף פון קאַזשאַרטשיק. איך האָב געפּרוּווט אים פאַרבינדן מיט יענעם פּאָליאַק, וואָס איז אַ מאָל פאַרהאַלטן געוואָרן בעתן אַריבערטראָגן זאַכן פון אונדז און איז יעצט שוין געווען אויף דער פריי. אין דעם 30טן יוני האָט מיין ברודער געזאָלט אַריבערגיין צו אים. ער איז אָבער אַהין נישט אָנגעקומען.

די לעצטע ידיעות איבער מיין ברודער זענען געווען פון 29טן יוני. אַזוי ווייזט עס אויס, אַז גייענדיק אַ טאָג שפּעטער צום קריסט, ווי אָפּגעמאַכט, איז ער אויפן וועג געוואָרן געכאַפּט דורך אַן אוקראַינער אָדער דייטש און דערמאָרדעט געוואָרן. די פאַרצווייפלונג איז געווען אָן לשער. און קאַזשאַרטשיק האָט יעצט פאַרשטאַנען, אַז ער איז געווען בכוח אים צו צוהעלפן, ווען ער וואָלט נאָר געוואָלט. פאַר דעם דאָזיקן טייערן פּרייז האָט ער דאַן מסכים געווען אונדז שוין צו לאָזן ביי אים, נאַטירלעך, אויך פאַר אַ שיינער געלט־באַלוינונג, וועלכע מיר האָבן אים אייגנטלעך באַלוינט מיט גרויס דאַנק דערצו.

איבערן ווייטערדיקן לעבן אונדזערן ביזן 20טן יולי 1944 אין באַהעלטעניש ביי ה' קאַזשאַרטשיק וואָלט ווידער געווען נישט ווייניק צו דערציילן. איך האָף דאָס אַמאָל באמת צו מאַכן אין אַן אַנדערן טייל פון מיינע זכרונות.

דעם 8.6.44.

עס איז יעצט 10 אַזייגער אָוונט. איך שטיי גראַד אויפן

גוגג) האָבן געקענט אַרויספירן דעם גלח׳ס זון פונעם קלויס־טער אַרויס, וואָס איז געווען באַוואַכט מיט אַ גאַנצן פּאָס־טערונעק מיט פּאָליציאַנטן, טאָ ווי אַזוי וועט זיך קענען אויסהיטן אַ מענטש, וועלכער איז פון קיינעם נישט געהיט?

ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז טאַקע דעם גלח׳ס זונדל געווען דער הויפּט מסור. זיינע חברים האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז אויב אונדז איז געלונגען צו עלימינירן זייער שעף, וועט אונדז זיכער נישט זיין שווער אומשעדלעך צו מאַכן וועלכן עס איז פון זיינע אונטערטעניקע. חוץ דעם איז עס שוין געווען אין דער צייט, ווען די דייטשע האָרדעס האָבן געכאַפּט איין קלאַפּ נאָכן אַנדערן און די וואָס האָבן געאַרבעט פאַרן היטלעריזם האָבן איינגעזען, אַז די שפּיל איז שוין סיי ווי אַ פאַרלוירענע און זייער מיטאַרבעט אַן אַרויסגעוואָרפענע.

כאָטש אונדזער באַוועגונג איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג האָבן זיך קיין יידן נישט אָנגעשלאָסן אין איר. ליידער איז דאָס געשען פּשוט צוליב דעם, וואָס אַלע יידן פון דער אומגעגנט זענען אַוועקגעפירט געוואָרן צו ערשט אין די שטעט, ווי דער פאַל איז געווען מיט מיינע עלטערן און אויך מיט מיין חבר מעכטשע. שפּעטער זענען אַלע אַוועק־געפירט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן. זייער טרויעריקער סוף איז אונדז ליידער באַקאַנט..

וואָלטן די אַלע יידן זיך פאַרגעשטעלט, אַז דער נאַצישער מערדער וועט זיין אַזוי גרויזאַם צום יידישן פאָלק, וואָלט אַ גרויסער טייל פון די אומגעבראַכטע זיכער געווען זיך אָנ־געשלאָסן אין די פאַרשידענע פּאַרטיזאַנער גרופּען, אָדער אַליין געגרינדעט אויפשטאַנד־באַוועגונגען און זיך נישט גע־לאָזט פירן אין די גאַז־קאַמערן ווי שאָף צו דער שחיטה. ס׳קאָן אויך זיין, אַז אַ סך יידישע מיידלעך און בחורים, ווי אויך אַפילו עלטערע מענטשן, האָבן זיך געשראָקן צו גיין אין די וועלדער, ווייל צו דער בושה און חרפּה פון די פּוילישע פּאַרטיזאַנער און אַפילו אַ טייל סאָוויעטישע, זענען אומגע־בראַכט געוואָרן נישט ווייניק יידן, וועלכע זיי, די פּאַרטי־זאַנער, האָבן געטראָפן אין די וועלדער. זיי פלעגן אויס־מאָרדן סיי די קעמפנדע יידן, וועלכע זענען געווען קלענער אין צאָל און שוואַכער אין געווער.

ערשט אין יאָר 1943 זענען צו אונדז יאָ געקומען עטלע־כע יידן, פון די וואָס האָבן זיך באַוויזן אויסצובאַהאַלטן אויף פאַרשידענע אופנים פון די נאַצישע בעסטיעס. געווען איז דאָס שוין אין יענער צייט, ווען מיר זענען אַרויס אין אָפענעם קאַמף מיט דער נאַצישער חיה לויט די אָנווייזונגען פון מאָס־קווע. ביז דאַן האָבן מיר געאַרבעט און געקעמפט אויף אייגע־נעם חשבון, נישט האָבנדיק איבער זיך קיין שום איבער־מאַכט.

אַזוי איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן אויף צוויי פראָנטן, ווייל אין דע זעלבער צייט, וואָס איך בין געווען אָנפירער פון דער סאָוויעטישער גרופּע, מיט אַ קליינער צאָל פּראָ־סאָוויעטיש געשטימטע אוקראַאינער, האָב איך גע־מוזט (נישט געוואָלט) זיין דער אָנפירער פון די פּוילישע אויפשטאַנדלער, פון דעם באַטאַליאָן „כלאָפּווו״.

✶

ענדע 43 האָבן מיר זיך שוין פאַרבונדן מיט איינעם פון די גרויסע העלדן פון ראַטנפאַרבאַנד, טאַקע מיטן גרעסטן, וואָס די סאָוויעטן האָבן פאַרמאָגט, מיטן גענעראַל קאָלפּאַק, וועלכער האָט אָרגאַניזירט דעם ערשטן אוקראַאי־נישן פּאַרטיזאַנער אויפשטאַנד אין מזרח אוקראַאינע, אין בריאַנסק.

גענעראַל קאָלפּאַק איז פאַרביטן געוואָרן מיט פּיאָטר פּיאָטראָוויטש ווערשיגאָרא (צונאָמען „בראָדאַ״, באָרד), ווייל ער האָט געטראָגן אַ זעלטן שיינע לאַנגע באָרד. ער אַליין איז געווען פון קיעוו. אונטער זיין אָנפירונג האָב איך גע־קעמפט ביז קורץ פאַרן סוף פון דער מלחמה. ווערשיגאָרא, כאָטש אַן אוקראַאינער, איז געווען זייער אַ לייטישער מענטש. און די הויפּט זאַך, אויף וויפל כ׳האָב אים געקענט, איז ער נישט געווען קיין אַנטיסעמיט. ער, נאָך סטעפאַן סול און גוניע (מאַריסיאַ) לענץ, איז געווען דער דריטער, וואָס האָט געוווסט, אַז איך בין אַ ייד. ער אַליין האָט מיר געראָטן נישט אויסזאָגן קיינעם וועגן דעם. דאָס האָט מיר נישט ווייניק ווי געטאָן.

ווען איך האָב אים געפרעגט, צו וואָס זאָל איך אויסבאַ־האַלטן, אַז כ׳בין אַ ייד?

— „פּאָקאַ שטאָ וואָינאַ (דערווייל איז מלחמה), אַ טי מניע נוזשען (און איך דאַרף דיך האָבן)״.

למען האמת האָב איך נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט דערמיט צו זאָגן. ערשט שפּעטער האָב איך זייער גוט באַ־נומען דעם באַדייט פון זיינע ווערטער און וואָס ער האָט גע־מיינט דערמיט צו זאָגן, ווייל אַזוי לאַנג, ווי די גוטע און טייערע וועלט־באַפרייער האָבן נישט געוווסט, אַז איך בין אַ ייד, איז מיין לאַגע אַלס מיליטער־מאַן געווען אַ נאָרמאַלע. זיי האָבן מיך גערופן נישט אַנדערש, ווי חבר קאַפּיטאַן, אָדער נאַש געררי (אונדזער העלד); אָבער ווען די מלחמה האָט זיך שוין דערנענטערט צו איר ענדע און מען האָט באַ־דאַרפט פאַרעגיסטרירן געווי יעדנס נאָמען, די נעמען פון זיינע עלטערן, וווּ געבוירן א.אַ.וו. — דאַן האָבן מיינע נעכ־טיקע חברים, וועלכע האָבן מיך פריער כמעט ווי פאַרגע־טערט, מיך שוין גערופן נישט אַנדערש, ווי „ניע דאָרעזאַני״ (דער נישט דערקוילעטער).

דעם ענין אַנטיסעמיטיזם וויל איך דורכלאָזן, ווייל ס׳איז

שוין היינט נישט קיין נייעס, אַז אין סאָוויעטישן גן־עדן איז דער אַנטיסעמיטיזם נישט קלענער, ווי אין אַ סך אַנדערע לענדער און אפשר נאָך גרעסער, מיט דעם אונטערשיד, וואָס אין ראַטנפאַרבאַנד איז ער נאָר פאַרפּוצט און פאַרדעקט מיט אַ שלום־מאַנטל.

✡

מיר האָבן פאַרמאָגט עטלעכע הונדערט מאַן, צוואָרפן אין פאַרשידענע טיילן פון יענער געגנט. מיר האָבן אויך פאַרמאָגט פאַרשידענע מינים געווער. דערווייל האָבן מיר זיך נישט שטאַרק גענויטיקט אין מאַשין־געווער, ווייל מיר האָבן אויסגעפירט בלויז דיווערסיע־אַקציעס און אויך נאָר אין די נעכט. אַ גאַנצן טאָג האָט אַ יעדער זיך באַשעפטיקט מיט זיין געוויינלעכער אַרבעט. דאָס געווער האָבן מיר גע־האָט פון די, וואָס די סאָוויעטן האָבן געהאַט איבערגעלאָזן נאָך זייער אַנטלויפן ביים אָנהויב פון דער מלחמה. דאָס רעשט וואָס האָט אונדז צוגעפעלט, האָבן מיר זיך אַליין איינגעשאַפן. ווי אַזוי? גאַנץ פשוט. מיר פלעגן אַנטוואָפענען דייטשע און אוקראַינישע פּאָליציאַנטן, ווי אויך זייערע פּאָ־ליציי־פּאָסטנס. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען, ווי צו שרייבן אין דעם מאָמענט.

ווי ס'זאָל נישט זיין האָבן די סאָוויעטן נישט קיין סיבה זיך צו באַקלאָגן אויף מיר. אויב די סאָוויעטן־מאַכט האָט מיך שפּעטער באַקרוינט מיטן טיטל „גוואַרדי קאַפּיטאַן" און אויך נישט געזשאַלעוועט קיין קנעפּלעך (מעדאַלן) — איז עס נישט געווען אומזיסט.

אין איינעם אַ יולי־טאָג 1943 האָבן מיר באַשלאָסן (צוליב סטראַטעגישע צילן) צו פאַרניכטן אַ גרויסן דייטש־אוק־ראַינישן פאַרפּאָסטן, וואָס האָט זיך געפונען אין דאָרף באַשניאַ גוראַ, וואָס ליגט צווישן האַריניעץ און לובאַטשאָוו. געמוזט האָבן מיר אים פאַרניכטן, כדי ריין צו מאַכן דעם וועג לובאַטשאָוו ־ יאַראָסלאַוו, לויט דער אָנווייזונג פון דער קאָלפּאַק־דיוויזיע, וואָס איז שוין געווען אָנגעפירט פון ווער־שיגאָראַן.

די דייטשן פלעגן זיך נישט נוקם זיין פאַר קיין שום טעראָריסטישע אַרבעט אַזוי פיל, ווי פאַרן פאַרניכטן וועלכע ס'איז גראַלני, האָט זי געמעגט זיין אַפילו אַ גאַר קליינע. אָבער מיר, וויסנדיק, ווי טייער די גראַלניעס זענען ביי די נאַציס און וואָס זיי באַדייטן פאַרן נאַצישן מיליטער, פלעגן מיר זיך טאַקע אָפּגעבן מערסטן טייל מיטן אויפרייסן אַלע מאָל אַן אַנדערע גראַלניע, האָט זי געמעגט זיין געהיטן אַפילו מיט אַ גאַנצן פּאָלק סאָלדאַטן. ביי אַ יעדן אויפרייס, וואָס האָט זיך געהערט אויף צענדליקער קילאָמעטער, האָט די אַרטיקע באַפעלקערונג געקלערט, אַז אַט, אַט ענדיקט זיך די מלחמה און דאָס איז נישט געווען גינסטיק פאַר די דייטשן, ווייל וואָס מער מ'האָט געהערט שיסערייען אין דער אומגעגנט, האָט געהייסן, אַז די סאָוויעטן קומען שוין אָן, פאַרוואָס די דייטשן האָבן שטאַרק געציטערט.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו מאַכן פאַרשידענע פּלענער, ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען דעם אַרסענאַל פון או.פ.א.־באַוועגונג. מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסצובאַקומען דאָס געווער פון אונ־דזערע קעגנער אָן איין שאָס. מיר ווילן דאָס געווער אַרויס־נעמען נישט מיט כח, נאָר גאַנץ פשוט דורך גנבה. דאָ האָט זיך געשטעלט די פראַגע: ווי אַזוי?

אַ פּאָר נעכט האָב איך נאָכאַנאַנד נישט געקענט צומאַכן קיין אויג, פון עסן איז שוין אָפּגערעדט. כ'האָב זיך אַרומ־געדרייט ווי אַ לעבעדיקער מת. איך האָב נאָר אין מיין דמיון געזען מיינע זיידע, באָבע, מיינע טאַטע, מאַמע, די שוועס־טערס, די ברידער, מיינע חדר און קינדער־יאָרן, מיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, מיין טאַטנס יידישע און אפשר פאַנאַטיש יידישע דערציאונג. די הויפּט זאַך, וואָס כ'האָב געזען: מיינע טייערע קינדער!

אָט האָב איך זיי געזען לעבעדיקע, ווי זיי שפּילן זיך מיט זייערע חברים. אָט האָב איך זיי געזען אומגעבראַכטע, דערמאָרדעטע פון די נאַצישע הענקערס. און אָט האָב איך זיי געזען ברענענדיקע אין בעלזשעצער קרעמאַטאָריום און געהערט ווי זיי שרייען מיט יאָמערלעכע קולות: טאַטע, ראַטעווע אונדז! דער רויך שטיקט אונדז! און נאָך אַזעלכע זעעניִשן האָב איך געהאַט. דער שאָטן פון מיינע טייערע קינדער האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט. זיי האָבן מיך באַגלייט אויף אַ יעדן שפּאַן. מיר איז פאָרגעקומען, אַז זיי רעדן צו מיר און זאָגן: טאַטע, פאַרגעס נישט ווער דו ביסט! טאַטע, זיי זיך נוקם פאַר אונדזערע יונגע לעבנס אין אונדזערע שונאים, אָבער אין קיין פאַל נישט אויף אַזאַ אופן ווי זיי ווילן. טאַטע, פאַרשווער נישט דיין אָפּשטאַם! א. א. וו.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָבן מיר איבערגעגעבן אַ ראַדיאָ־מעלדונג צו ווערשיגאַראַ. אים דערציילט די גאַנצע מעשה, מיט די אַלע געשעעניִשן, אַז מיר האָבן זיך פאַרבונדן מיט דער און דער גרופּע פון דער או.פ.א.־באַוועגונג, וועמענס אָנפירער ס'איז דער און דער. זיי האָבן אַ גרויסן אַרסענאַל מיט פאַרשידענע מינים געווער, ווי אויך, אַז מיר, נישט האָבנדיק קיין אַנדער אויסוועג, האָבן מיט זיי געמאַכט אַ מין שותפות־געשעפט מיט די אַלע באַדינגונגען, אחוץ איינעם, אַז איך מוז חתונה האָבן מיטן אָנפירערס שוועס־טער.

מיט 24 שעה שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ ראַדיאָ־מעלדונג, אַז מיר זאָלן צוואַרטן אַ קורצע צייט און גאָרנישט טון אייגנהעדיק. נאָכן באַקומען די ראַדיאָ־מעלדונג, האָבן מיר אָנגעהויבן צוצוגרייטן אונדזערע מענטשן. זיי איבער־

געגעבן, אַז זיי זאָלן זיין גרייט, ווייל אַ יעדן טאָג קענען „זיי" אָנקומען.

דאָס וואָרט „זיי" איז געווען ווי אַן עלעקטרישער שטראָם, אָדער ווי אַ מאַגנעטיש שטעקעלע פאַר אַלע מענטשן, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט אונדז. מיר האָבן דער־ווייל פאַרניכטעט דעם פּאָליציי־פּאָסטן אין רודאַ־רוזשאַ־ניעצקאַ, טאַקע מיט דער הילף פון דניאלן, וואָס ס'האָט אַפילו נישט ווייניק פאַרדראָסן די או.פ.א.־גרופּע. זיי האָבן געטענהט, אַז דער ראַיאָן געהערט צו זיי און קיין פרעמדע טאָרן זיך נישט אַריינמישן. אויף דעם האָבן מיר געהאַט אַ גוטן תירוץ. „וואָס פרעמדע?" — האָבן מיר געזאָגט „מיר זענען דאָך שוין אייגענע!"

אין רודאַ־רוזשאַניעצקאַ, ווי אין אַלע אַנדערע דערפער, זענען אַרומגעגאַנגען נאַכט־וועכטער, וועלכע האָבן געהיטן דאָס דאָרף פאַר גנבים, אָדער ס'זאָל נישט אויסברעכן קיין שריפה אין מיטן דער נאַכט, וואָס איז געווען נישט זעלטן אין יענע צייטן אין די געמישטע געביטן, ווו ס'האָב געוווינט אוקראַאינער מיט פּאָליאַקן. ווער שמועסט נאָך, אַז ס'איז גע־ווען אַ קורצע צייט נאָכן ליקווידירן דעם פּאָליציי־פּאָסטן. אַזוי אַרום, אַז דאָס דאָרף רודאַ־רוזשאַניעצקא איז געבליבן אָן אַן אָפּיציעלן שומר און טאַקע דערפאַר איז אונדז געווען אַ סך לייכטער צו דערגרייכן אונדזער ציל.

אונדזער חברה האָבן מיר איבערגעלאָזט אויף ביידע זייטן מיל. האָבן מורא געהאַט צו גיין אַלע צוזאַמען, בכדי נישט אָנצומאַכן קיין גרויסן רעש. אונדזער חברה איז שוין געווען צוגעגרייט, אַז אויב די וועכטער וועלן זיך דערנענ־טערן צו דער מיל, זאָל מען זיי אַרעסטירן און האַלטן פאַר־שטעקט אין דער מיל, ביז מיר וועלן אָדורכפירן אונדזער אַרבעט, כדי זיי זאָלן נישט אויפוועקן די אַנדערע פּויערים פונעם דאָרף מיט אַ ספּעציעלן גלאָק, וואָס די וועכטער האָבן געהאַט צו דעם צוועק.

בשעת סטעפּאַן איז געלאָפן צו דער מיל, האָב איך דער־ווייל זיך אָפּגעגעבן מיט איוואַנען. אונטער דער דראָונג דערשאָסן צו ווערן און נאָכן אַריינכאַפּן אַ פּאָר גוטע קלעפּ, האָב איך אים געצוווּנגען צו עפענען דעם שייער, ווו ס'איז געווען באַהאַלטן דער גרעסטער טייל פונעם געווער. דער־ווייל זענען אָנגעקומען אונדזערע בחורים, זיי האָבן מיט דער גרעסטער שנעלקייט אַרויסגענומען דאָס גאַנצע געווער און תיכף פאַרנומען פּאַרטיידיקונגס פּאָזיציעס.

סוף 1943 האָב איך צוזאַמענגענומען מיין גאַנצן שטאַב מיט אַלע מיטגלידער פון אונדזער אונטערערדישער־באַוועגונג, וועלכע זענען געווען צעשפּרייט איבער 20־30 קוואַ־דראַט קילאָמעטער, חוץ די יעניקע, וואָס צוליב משפּחה־מאָטיוון האָבן נישט געקענט פאַרלאָזן זייערע היימען. זיי האָבן געדאַרפט שפּייזן זייערע קינדער און מאַנכע — די עלטערן. און אויך די, אויף וועלכע ס'האָט נישט געקענט פאַלן קיין שום חשד, אַז זיי האָבן מיטגעאַרבעט מיט אונדז אַלס אויפשטאַנדס־מענטשן, זענען געבליבן.

איך האָב אויך פאַרלאָזן אויף שטענדיק די פּוילישע באַוועגונג מיטן תירוץ, אַז כ'בין אַרויסגערופן געוואָרן פון דער העכערער מאַכט צו קעמפן אויף אַן אַנדערן פראָנט. כ'האָב זיי אַלע איבערגעלאָזן אויף יאַנעקס אחריות און אַלס דירעקטער קאָמאַנדיר.

פאַרן פאַרלאָזן דעם הויף האָבן מיר אויך צעשטערט אַלע בנינים, וואָס האָבן געהערט צום הויף מיט אַלע איינריכטונ־גען, ווו איך האָב די גאַנצע צייט געאַרבעט.

נאָכן אַרויסנעמען די בעסטע פערד, קי, חזרים, שאָף און אַלץ, וואָס מיר האָבן באַדאַרפט, איז דער גאַנצער הויף מיט דער גראַלניע קאָמפּלעט פאַרניכטעט געוואָרן, מיטן גאַנצן קלאָפּעור־געצייג, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, ווי געווער, אַמו־ניציע און אַנדערע זאַכן. האָבן מיר זיך געלאָזן אין וועג אַריין, אין די גרעסטע וועלדער פון גראַף זאַמאָיסקי.

די וועלדער זענען געווען אונדזערע גרעסטע באַשי־צערס. אַ סימן האָבן מיר: קאָלפּאַקס דיוויזיע איז געווען אַרומגערינגלט מיט גאַנצע 4—5 דיוויזיעס און דאָך איז קאָלפּאַק אַרויס כמעט אָן אומבאַשעדיקטער. אין דער צייט, ווען דער שונא האָט פאַרלוירן שווערע טויזנטער פון זיינע סאָלדאַטן.

קאָלפּאַקס פאַרטרעטער, ווערשיגאָרא, האָט אויך גוט פאַרשטאַנען, אַז נאָכן פאַרלאָזן פאָדעמשטשיזנע וועלן די דייטשן אונדז נאָכיאָגן, אַזוי ווי מיר זענען געווען צו שוואַך זיך קענען אַליין פאַרטיידיקן אין אַן אָפּענעם קאַמף, האָט ווערשיגאָרא דערפאַר מיר באַפוילן צו וואַרטן מיטן אַרויס־גיין אויף זיין באַפעל. ער האָט אויך פאַרשטאַנען און גע־ווּוסט, אַז די דייטשע מיליטער־מאַכט רעספּעקטירט שטאַרק קאָלפּאַקס דיוויזיע ווי אַ כח. ווערשיגאָרא האָט מיר קאַטע־גאָריש באַפוילן צו וואַרטן מיטן אַרויסגיין פון פאָדעמש־טשיזנע. ער האָט מורא געהאַט, אַז דער שונא וועט אונדז קאָמפּלעט פאַרניכטן.

נאָכן אָנקומען אין די זאַמאָיסקיס וועלדער, האָבן מיר דערווייל זיך ווי ס'איז איינגעראָדנט פּראָוויזאָריש. אַרומגע־שטעלט פּאַטרולן צו זיין אויף דער וואַך קעגן אַ מעגלעכן איבערפאַל פון שונא און געוואַרט מיטן גרעסטן אומגעדולד אויף דער דיוויזיע בראש מיט ווערשיגאָראָן, מיין דירעקטן קאָמאַנדיר.

דערווייל האָבן מיר אַרויסגעשיקט אויספירער אין אַלע זייטן, כדי געוויר צו ווערן, וואָס עס טוט זיך אַרום אונדזער באַהעלטעניש. די אויספירער האָבן פעסטגעשטעלט, אַז די

דייטשן ווייסן שוין, אַז מיר זענען אַוועק פֿון פּאָדעמשטשיזנע. זיי ווייסן אויך, וווּ מיר געפֿינען זיך און קלייבן זיך אונדז אַרומרינגלען, כדי אונדז צו ליקווידירן איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל.

דאָס איז אָבער דעם שונא נישט געלונגען, ווייל ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו פֿילן די טעטיקייט פֿון קאָלפּאַקס דעוויזיע, וואָס איז אַרויס פֿון דער אַרומרינגלונג אין קאַרפּאַטן־רוסלאַנד. אַנשטאָט דאָס דייטשע מיליטער, וואָס איז געווען איינגעקוואַטירט אין אונדזער געגנט זאָל זיך פֿאַרנעמען מיט דער ליקווידאַציע פֿון אונדזער קליינער גרופּע, האָט זיך עס געמוזט פֿאַרנעמען מיט דער קאָלפּאַק דעוויזיע, וואָס איז שוין דאַן געווען אַ שם דבר אין דער גאַנצער געגנט. געווען איז דאָס שוין די צייט, ווען דאָס דייטשע מיליטער האָט געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. אַזוי אַרום, אַז זיי האָבן געדאַנקט גאָט, וואָס מען טשעפּעט נישט זיי מיט אָנפֿאַלן אויף אַלע זייערע שליסל־פּאָזיציעס. מיט יעדן טאָג, וואָס דער שונא איז געוואָרן שוואַכער, זענען מיר, די אויפֿשטענדלער, געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער.

אונדזערע אויסשפּירער האָבן אָנגעהויבן צו ברענגען כמעט אַלע שעה נייע ידיעות וועגן דער קאָלפּאַק דעוויזיע. אויף וויפֿל די דעוויזיע איז געווען שטאַרק, אויף אַזוי פֿיל האָט זי דער שונא געהאַלטן נאָך שטאַרקער.

ווען ס'האָט אָנגעהויבן צו טאָגן זענען אָנגעקומען דער גאַנצער שטאַב פֿון דער דעוויזיע מיטן גענעראַל פּיאָטר פּיאַטראָוויטש ווערשיגאָראַ בראש. איך האָב צוזאַמענגענומען מיין גאַנצן עולם. מיר האָבן שוין אַפֿילו פֿאַרגעסן אין דער קעלט, ווי אויך מער נישט באַדאַרפֿט אַרויסשטעלן קיין היטער קעגן אַן עווענטועלן אומגעריכטן אָנפֿאַל פֿון שונא. דאָס האָט שוין געטאָן די אָנפֿירערשאַפֿט פֿון דער דעוויזיע, לויט דער שטענדיקער געוווינהייט.

ווען אַלע אונדזערע חברים זענען שוין געווען צוזאַמענגענומען, האָב איך זיי צוגעפֿירט צום אָרט, וווּ ס'האָט זיך געפֿונען דער גענעראַל ווערשיגאָראַ. אונדזערע סאָלדאַטן זענען אויסגעשטעלט געוואָרן צו צוויי אין דער ריי אין פֿאָרם פֿון אַ לבנה און אויפֿן מיליטערישן שטייגער זיך געמאָלדן צום גענעראַל ווערשיגאָראַ.

נאָך דער מיליטערישער צערעמאָניע האָב איך אים געוויזן אַ דאָקומענט מיט אַ באַריכט וועגן און וויפֿל געווער מיר האָבן מיטגעבראַכט, אויך אַ פֿאַרצייכענונג פֿון די אַרבעטן, וואָס מיר האָבן אויסגעפֿירט ביז דאַן, אייניקע אויסגעפֿירטע אייגנהענטיקע און אייניקע, לויט זיינע אָנווייזונגען. ס'איז אים זייער געפֿעלן. אַ שעה שפּעטער, ווען מיר זענען פֿאַרטיק געוואָרן מיטן ראַפּאָרט, זענען מיר ביידע ווידער אַמאָל צוגעקומען צו מיין גרופּע.

כ'האָב צו זיי גערעדט און באַדאַנקט פֿאַר זייער געהאַרכזאַמקייט און פֿאַרן אויספֿירן מיינע באַפֿעלן ביזן היינטיקן טאָג, וואָס איז פֿאַר מיר געווען אַ שטאָלץ און אַ כבוד. כ'האָב געמאָלדן, אַז פֿון איצט און ווייטער ווערן מיר אַלע אָנגעשלאָסן אין דער ערשטער אוקראַאינישער פּאַרטיזאַנער דעוויזיע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דעם ליבן און טייערן חבר, גענעראַל פּיאָטר פּיאַטראָוויטש ווערשיגאָראַ.

נאָך מיין רעדע, וואָס איז אויך געווען באַפּוצט און באַפֿאַרבט מיט פּאָליטישן קאָלאָריט, האָב איך סאַלוטירט און איבערגעגעבן אָפֿיציעל מיין אָנפֿירערשאַפֿט אין די הענט פֿון גענעראַל ווערשיגאָראַ. ווערשיגאָראַ, ווען ער האָט שוין געהאָט אָפֿיציעל איבערגענומען מיין גרופּע, האָט אַלעמען באַגריסט און באַדאַנקט פֿאַר זייער געהאַרכזאַמקייט, פֿאַר די אַקציעס, וואָס זיי האָבן ביז היינט דורכגעפֿירט אונטער מיין קאָמאַנדע און אַלס אָנערקענונג האָט ער מיר גלייך צוגעטיילט דעם טיטל פֿון גוואַרדיע קאַפּיטאַן. קיין מאָסקווע האָט ער אַוועקגעשיקט אַ מעלדונג, מ'זאָל מיר באַשטעטיקן זיין נאָמינאַציע, ווי אויך ס'זאָל מיר צוגעטיילט ווערן צוויי אויסצייכענונגס־מעדאַלן: די „קראַסנאַיאַ זוויעזדאַ" און „זאַ אָטוואַגו" (רויטער שטערן און פֿאַר דרייסטקייט). ער האָט אויך אויפֿגענומען די נעמען פֿון די מענטשן פֿון מיין גרופּע און אַוועקגעשיקט קיין מאָסקווע מיט אַ פֿאָרשלאָג, אַז מען זאָל זיי אַלעמען געבן אויסצייכענונגס־מעדאַלן לויט זייערע ווערטן און פֿאַרדינסטן. פֿון דעם מאָמענט אָן זענען מיר אַלע אָנגעשלאָסן געוואָרן אין דער קאָלפּאַק דעוויזיע.

אַרויסגייענדיק פֿון די זאַמאָיסקיס וועלדער אין דער ריכטונג פֿון די ווייסרוסישע געביטן, אַזוי ווי איך בין תּמיד געגאַנגען פֿאָראויס מיט אַ קליינער גרופּע סאָלדאַטן, כדי אויסצופֿאָרשן די אַרומיקע געגנטן, האָב איך אין איינעם אַ טאָג אָנגעטראָפֿן אין אַ קלעוערן וואַלד אַ קליינע גרופּע מענטשן. ווען זיי האָבן אונדז באַמערקט, האָבן זיי זיך שטאַרק דערשראָקן. זיי האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפֿן. מיינע חברים האָבן אַפֿילו געוואָלט שיסן אויף זיי, פֿאַרוואָס איך האָב נישט דערלאָזט דערצו ווייס איך נישט ביז היינט, כאָטש די גרופּע איז געווען אויף אַזוי פֿיל פֿאַרדעכטיק, אַז מיר אַלע האָבן געקענט און געמעגט זיי אָננעמען פֿאַר שונאים. עפּעס אַן אינערלעכער כּח האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז איך זאָל נישט דערלויבן צו שיסן אויף זיי. וואָלט איך געווען רעליגיעז, וואָלט איך געזאָגט, אַז נאָר אַ מלאך פֿון הימל האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז כ'זאָל נישט לאָזן שיסן, ווייל מעגלעך זיי זענען יידן. און אפֿשר טאַקע יאָ? ווער קאָן פֿאַרשטיין די פֿאַרנעפּלטע וועלט מיט איר נאַטור?

אמת, נישט אַלע מיינע חברים זענען געווען זיכער, אַז איך בין אַ ייד, חוץ דעם מאַיאָר יורקין און מישאַ קאָוואַל.



אַלכסנדר שטאָרך אַלס פּאַרטיזאַנער

אַזוי ווי כ׳האָב נאָך דאַן געהייסן צוויי נעמען — שטאָרך־מאַיעווסקי — האָבן זיי מיך אָנגענומען פאַר אַ האַלבן ייד און אַ האַלבן פּאָליאַק. אָבער ווען יורקין איז פאַרוווּנדעט געוואָרן און איך האָב געמוזט איבערנעמען די קאָמאַנדע, האָב איך פאַר אַלעמען אָפן דערקלערט, אַז כ׳בין אַ גאַנצער ייד, און נישט ווי זיי האָבן ביז היינט געדענקט. פאַרוואָס האָב איך עס געטאָן? וויסנדיק, אַז ביי אונדז הערשט אַ גאַנץ פיינער אַנטיסעמיטיזם, האָב איך פּשוט מורא געהאַט אויסצובאַהאַלטן מיין יידישקייט אין דעם מאָמענט, ווען אויף מיר איז אויסגעפאַלן און אַרויפגעלייגט געוואָרן אַזאַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווי אָנצופירן מיט דער גאַנצער גרופּע. וויי איז געווען צו דעם, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן אונטער אַ נישט יידישן נאָמען, האָט זייער שלעכט אָפּגעשניטן, ווען מען איז שפּעטער געוווּיר געוואָרן, אַז ער איז אַ ייד. כ׳מיין עס בלויז אין מאָראַלישן זין, ווייל פאָרמעל און געזעצלעך, אַזוי צו זאָגן, האָט דאַן אַ יעדער איינער געמעגט אויסבאַהאַלטן זיין נאַציאָנאַליטעט. פאַרשטייט זיך, חוץ פאַר דער קאָמאַנדע. זי, די קאָמאַנדע, האָט באַדאַרפט און געמוזט וויסן, ווער און וואָס איז יעדער סאָלדאַט, אָדער אָפיציר. פאָרמעל, האָט יעדער סאָלדאַט, אָדער אָפיציר, געמעגט און געקענט זיין אַן אָנפירער, אויב ער האָט נאָר געהאַט די געהעריקע פעיקייט און קוואַליפיקאַציע דערצו.

די אומצופרידנקייט מצד מיינע אונטערטעניקע חברים פלעגט גאַנץ אָפט קומען צום אויסדרוק צוליב פאָלגנדע טעמים: אַלס קאָמאַנדיר האָב איך שוין נישט געקאָנט און אויך נישט געטאָרט זיך באַטייליקן אין די פאַרשידענע אַקציעס, נאָר שיקן אַנדערע. זיי פלעגן נישט איין מאָל זאָגן: איר זעט ווי אונדזער „כאַזשאַי״ (בעל־הבית) היט זיך די ביינער! אַליין גייט ער נישט, נאָר ער שיקט אונדז אויף די מיליטערישע אָפּעראַציעס.

אַ צייט שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ ראַדיאָ־מעלדונג פון מאָסקווע, אַז אין דער און דער שעה זאָלן מיר דערוואַרטן אַן עראָפּלאַן. גענוי אין דער אָנגעגעבענער צייט האָבן מיר דערהערט דאָס זשומען פון אַן אַפּאַראַט. מיר האָבן גלייך אָנגעצונדן אַ פייער לויטן אָפּגעמאַכטן סימן און אין עטלעכע מינוט שפּעטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער עראָפּלאַן, מיט וועלכן ס׳זענען געקומען עטלעכע הויכע סאָוויעטישע טשינאָווניקעס, צווישן זיי סטאַלינס רעכטע האַנט און דער דאַמאָלסטיקער פּאָליטישער קאָמיסאַר ניקיטאַ סערגעיעוויטש כרושטשאָוו. זיי האָבן אויך מיטגעבראַכט אַ דאָקטאָר און מעדיצינישע מאַטעריאַלן, אין וועלכע מיר האָבן זיך טאַקע זייער שטאַרק גענויטיקט אין דעם מאָמענט.

מיטן זעלבן עראָפּלאַן, וואָס מיר האָבן אָפּגעשיקט אונדזערע פאַרוווּנדעטע, זענען אויך אָפּגעשיקט געוואָרן די פאַרוווּנדעטע פון אַנדערע פאַרטיזאַנער גרופּעס. קיין פּלאַץ פאַר אַלע איז נישט געווען. אַזוי ווי דער עראָפּלאַן איז געשטאַנען נענטער צו אונדזער גרופּע, האָב איך דער ערשטער געשיקט אונדזערע פאַרוווּנדעטע. ווען דער „קאַצאַפּ״ ניקיטאַ סערגעיעוויטש איז אַריין אין עראָפּלאַן, דורכקוקנדיק די דאָקומענטן פון די קראַנקע, האָט ער דערזען מישקאַ קאָוואַל, איז ער געוואָרן ווילד ווי אַ חיה. איך האָב געמיינט, אַז דער „קאַצאַפּ״ איז משוגע געוואָרן, מיינענדיק, אַז ער איז אַ ייד.

נאָכן אָפּשיקן די פאַרוווּנדעטע קיין מאָסקווע האָט זיך אונדזער טעטיקייט כמעט ווי געענדיקט, ווייל די ווייסרוסישע געביטן זענען שוין כמעט ווי אָפּגערייניקט געוואָרן פונעם שונא. אין די ערטער, ווו זיי זענען נאָך פאַרבליבן, האָבן זיך מיט זיי פאַרנומען אַנדערע פאַרטיזאַנער גרופּן.

מיר זענען פאַרבליבן עטלעכע וואָכן אין וואַלד, נישט ווייט פון דעם קליינעם ווייסרוסישן שטעטל האַנצעוויטשע, אָבער שוין אָן מורא פאַרן שונא. דער שונא איז שוין געווען קאָמפּלעט דעמאָראַליזירט. די שטאָט באַראַנאָוויטש איז

געווען באַפּרייט. אַ גרויסער טייל פון דייטשן מיליטער האָט זיך פרייוויליק איבערגעגעבן דער רויטער אַרמיי.

נאָכן באַפרייען זיך האָב איך געשטרעבט צוריק צו מיין אַלטער היים און אָנגעקומען קיין לעמבערג.

אַ פּאָר שעה בין איך אַרומגעגאַנגען איבער די לעמבערגער גאַסן אַ צעטומלטער, אַ צעבראָכענער כחרס הנשבר. כ׳בין ווידער אַמאָל צוגעקומען צו דעם עק קאָזשימיעזשאָווסקאַ און לעגיאָנאָוו גאַס, פונקט קעגנאיבער דעם געוועזענעם גרויסן פּוילישן טעאַטער, האָב איך געטראָפן אַן אָפענעם רעסטאָראַן (דאָרט איז אַמאָל געווען דער גוט באַקאַנטער „דאָרפמאַן" רעסטאָראַן). אויטאָמאַטיש בין איך אַהין אַריין און דאָס ערשטע געהייסן מיר דערלאַנגען אַ האַלבן ליטער בראָנפן (אויפן רוסישן שטייגער). אַזוי ווי כ׳האָב אין דער צייט פון מלחמה נישט געזען קיין צורה פון אַ מטבע, האָב איך נישט געוווּסט דעם פּרייז פון אַ פלאַש בראָנפן. איך האָב געדענקט, אַז פאַר דער מלחמה האָט אַ פלאַש בראָנפן (פון אַ האַלבן ליטער) געקאָסט אַ פּאָר קליינע רובל, האָב איך במילא נישט געפרעגט דעם פּרייז. ביי אַדערבייאיקן טישל האָב איך באַמערקט ווי איינער האָט באַצאָלט פאַר אַזאַ פּאָרציע 150 רובל און דאָ איז מיר געבליבן נישט מער ווי 200 רובל. פון עפּעס צובייסן נאָכן אויסטרינקען איז שוין קיין רייד נישט געווען. כ׳האָב אויסגעטרונקען דעם בראָנפן אָן עפּעס צוצובייסן און אַ האַלב שיכורער אַרויס אין גאַס.

אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך זיך געלאָזט גיין איבער דער זשולקיעווסקאַ גאַס און גערעדט צו זיך אַליין. פון טרויער, פון צער און גרויס פאַרביטערונג האָב איך נאָך שטילערהייט געוויינט. וואָס דען האָב איך געקענט טאָן? נישט איין דורכגייער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיכער מיך באַדויערט און אפשר גאָר חוזק געמאַכט, ווער ווייס? דורך דער זשולקיעווסקאַ גאַס האָט דער וועג געפירט קיין ראַוואַ רוסקאַ, דורך וועלכער ס׳זענען אויך געפאָרן פאַרשידענע מיליטערישע וועגענער קיין ראַוואַ דורך זשולקיעו. אַזוי בין איך דעם זעלבן טאָג אָנגעקומען אין מיין היימשטאָט ראַוואַ־רוסקאַ.

וואָס כ׳האָב געפילט אָנקומענדיק קיין ראַוואַ־רוסקאַ, קען איך אין קיין פאַל נישט איבערגעבן. דאָס גייט איבער מיינע כוחות. כאָטש די מלחמה האָט מיך גענוג שטאַרק פאַרהאַרטעוועט, אָבער דאָך... ווען כ׳בין דורכגעפאָרן די באַן־גאַס, ווו כ׳בין ערשט נעכטן, דוכט זיך, געגאַנגען שפּאַצירן אין דער באַגלייטונג פון מיין פרוי און קינדער, מיט אַנדערע משפּחה־מיטגלידער און גלאַט חברים — האָב איך געפילט, ווי טרערן גיסן זיך פון די אויגן איבער מיינע באַקן. דער שאָפער, ביי וועמענס זייט כ׳בין געזעסן, האָט פון מיר קיין אויג נישט אַראָפּגענומען און געהאַלטן אין איין פרעגן: שטאָ וואַם טאָווארישטש קאַפּיטאַן? (וואָס איז אייך, חבר קאַפּיטאַן). וואָס האָב איך אים געקענט ענטפערן? האָב איך אים געקענט דערציילן פאַרוואָס איך וויין? און ווען איך דערצייל אים שוין יאָ, וואָלט ער דען מיך געקענט פאַרשטיין.

נאָכן אַראָפּגיין פונעם לאַסט־אויטאָ און נאָכן געזעגענען זיך מיטן שאָפער בין איך געבליבן שטיין, באַטראַכט דעם גאַנצן אַרום און אַרום. כ׳האָב מיך דערזען אין מיין גאַנצער גרוילעכער נאַקעטקייט. איינער אַליין — אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען, אָן דער פרוי, אָן מיינע טייערע צוויי קינדער, אָן שוועסטערס, אָן ברידער, אָן חברים און אָן אַ פריינד, איך בין געבליבן ווי אַ בוים, פון וועלכן מען האָט אַרומגעהאַקט אַלע צווייגן.



# אויסצוג פון מיין טאָגבוך

## וואָלף סאַמבאָל

איך וועל זיך באַמיען אין קורצע שטריכן, איבערצוגעבן, ווי אַזוי האָט אויסגעזען די פאַרניכטונגס־אַקציע פון די ראַווער יידן אין ראַוואַ־רוסקאַ. איך ווייס גוט, אַז טראָץ אַלע מיינע אָנשטרענגונגען, וועל איך נישט זיין בכוח צו באַשרייבן גענוי, ווי אַזוי האָט דאָס אויסגעזען. דערצו מוז מען האָבן אַ מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן, מיט אַן איבערנאַטירלעכע קראַפט, איבערצוגעבן דעם ליינער אַ בילד, וואָס זאָל אַלע איינצלהייטן פונקטלעך שילדערן.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט קאָנצענטרירן די גאַנצע שטאָט יידן אין צוויי קליינע געסלעך. דערצו זענען אויך צוגעקומען אַלע יידן פון ראַווער קרייז, אַזוי, אַז אויף אַן אומענטשלעכן אופן, האָבן זיך אַריינגעפּאַקט צו 20 — 30 מענטשן אין איין צימער. און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער „געטאָ”.

עס האָט זיך דעריבער פאַרשפּרייט אַ קרענק; כדי אונדז צו איזאָלירן האָט די געסטאַפּאָ אַרומגעשטעלט דעם געטאָ פון אַלע זייטן מיט זשאַנדאַרמעריע, מיליץ און שוץ־פּאָליציי. די יידישע אָרדנונגס־דינסט מוז, אונטערן טעראָר מיטאַרבעטן מיט די דייטשן. פון מויל צו מויל גיט מען איבער נייעס. מ׳טאָר נישט גיין מער פון איין גאַס אין דער צווייטער. ווער־נישט־ווער פּראָבירט זיך נאָך אַריבערלויפן אין דער ריכטונג צו זיין וווינונג. אָבער עס טרעפט שוין פאַלן, אַז מען ווערט דערשאָסן אויף דעם וועג. אַך גאָט! — עס האָט זיך אָנגעהויבן. אָרדנונגס־מענער גייען אַרום פון שטוב צו שטוב פאַרשרייבן די קראַנקע. אַלע קראַנקע מוזן אַריבערגעפירט ווערן אין שול אַריין. מענטשן האָבן פאַרקלאַפּט טירן און פענצטער און זיך באַהאַלטן אין די צוגעגרייטע „סכראָנעס” (באַהעלטענישן). אין דרויסן אַ טויט־שטילקייט. מ׳ליגט אין די קעלערס, אויף די בוידעמס, עס הערן זיך אין די גאַסן שיסערייען. אין אַ סך הייזער האָבן מענטשן נישט געהאַט ווו זיך צו באַהאַלטן. איז מען געזעסן אין שטוב און געוואַרט. נישט געוווּסט אויף וואָס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קלאַפּעריי אין טירן און פענצטער. אַריינגעשאָסן. ווער עס איז געטראָפן געוואָרן פון דער קויל איז געבליבן ליגן. דאָס רעשט פאַרנומען אין אַ זאַמל־פּונקט, פון וועלכן מען האָט 5 — 6 טויזנט מענטשן אויפגעלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס און אָפּגעפירט קיין בעלזעץ. וואָס בעלזעץ איז — ווייסט מען דערווייל נישט. דאָס איז אַ געהיימנים. מען ווייסט שוין אָבער צו זאָגן, אַז דאָס איז אַ גיהנום. ווו עס ווערן אומגעברענגט 10 — 15 און אַפילו 20 טויזנט מענטשן אין פאַרלויף פון איין טאָג.

דער זאַמל־פּונקט, אַ גרויסע שאָפּע, ווו דו האָסט זיך דאָס לעצטע מאָל געזען מיט באַקאַנטע, וועלכע האָבן שוין געהאַט קיין מענטשלעכע צורה. דאָרט האָסטו זיך געפונען אויפן ראַנד פון אָפּגרונט. דאָרט האָסטו באַוווסטזיניק געקוקט דעם טויט אין די אויגן און געפילט, ווי ער לעכערט מיט זיינע נעגל דיינע איידעלע געפילן; ווי ער גראַבעלט דיין מוח, אין וועלכן עס מאָלן זיך בילדער, ווי דיין טויט וועט אויסזען אין אַ האַלבע שעה אַרום. דאָ הערסטו געשרייען פון יונגע מענטשן, וועלכע געזעגענען זיך מיט נאָענטע אויף תמיד. צווישן המון טרעפסטו שוין מענטשן, וועלכע האָבן שוין נישט קיין טרערן צו וויינען. זייער ווונטש איז — ווי האַלט מען שוין אַ האַלבע שעה דערנאָך — און איבערגעקומען. צווישן די, דרייען זיך אַרום מענטשן, לאַכן און זינגען, זיי איז אַפילו מקנא צו זיין. די זענען אַראָפּ פון זינען און ווייסן שוין נישט, וואָס דאָ קומט פאָר. זיי רייסן פון זיך אַראָפּ די קליידער און בלייבן גאַנץ נאַקעט. יעדן מאָמענט פאַלן אַריין די מערדער און שלאָגן דעם אומגליקלעכן המון. אָבער מען פילט שוין נישט די קלעפּ. מען שלאָגט טויטע מענטשן.

אין אַ ווינקל זעסטו זיצן אַ ייד מיט אַ ווייסע באָרד און פאות, ר׳ הערשעלע מונד ז״ל. אַ ייד אַ תלמיד־חכם, אַן עושר, די פּערל פון דער שטאָט. ער זיצט (דאָס ערשטע מאָל אין לעבן) אין בלויזן קאָפּ. איין שיך אויף דעם לינקן פוס, אין ווייסע זאָקן, ער זיצט און לאָזט נישט קיין טרער. מען פרעגט אים עפּעס — ענטפערט ער בלויז: „דער רבונו־של־עולם האָט אַזוי געוואָלט; מיר האָבן זיכער געזינדיקט”.

און איצט אַ בילד פון דעם שול־פּלאַץ: עס לויפן אַרום ווי משוגע, די בעסטיאַלישע מערדער און שלעפּן אַרויס פון די קעלערס און פון פאַרשידענע באַהעלטענישן — די קרבנות פון זייער בלוטדאָרשטיקע תאווה. פיל פון די מענטשן זענען גליקלעך, מחמת זיי וואַרטן שוין לאַנג אויף דעם טויט. באַלד אויף דער שוועל פון זייער הויז באַקומען זיי די קויל. זיי ווייסן שוין פון גאָרנישט. ווי ווייט דאָס אויג דערגייט, אויף דער גאַנצער גאַס, זעסטו צעוואָרפן — הרוגים, יעדער ליגט אין אַ קאַלוזשע בלוט.

ווי קענסטו פאַרגעסן אַזאַ בילד, ווי אַ מאַמע דערקענט איר זון אויף דער גאַס, ליגן מיט אַ פאַרבלוטיקטן שטערן?! — זי פאַלט אויף אים אַרויף מיט אַ געוויין, און באַלד הערסטו אַ שאָס, וואָס האָט איבערגעהאַקט דער מאַמעס געוויין. זי האָט אויך די קויל אין קאָפּ געקריגן און געבליבן טויט — צוזאַמען מיט איר זון.

דו זעסט ליגן אין דער זייט אַ מאַן מיט פאַרלייגטע הענט, דער האָט אויף זיך נישט דעם קאָפּ. דער קאָפּ ליגט

פונדערווייטנס. נעבן אים אַ קינד מיט אַן אָפן מויל, ווי עס וואָלט עפּעס וועלן אַרויסרעדן.

אויפן פּלאַץ, צווישן דער שול און דער בעלזער קלויז, שטייט אין געזעלשאַפט פון זיינע מענטשן, דער וואַכמייסטער פון דער זשאַנדאַרמעריע. ער גיט אַ באַפעל, מען זאָל אים אַ גרופּע מענטשן צוברענגען. עס דויערט אַ ווײַלע — ביז מ׳ברענגט אים די קרבנות. ער לויפט שוין אַרום אויף דעם פּלאַץ און לאַנגווייליגט זיך. „עס דויערט צו לאַנג״ — שרייט ער. פון דער זייט, זעט מען פירן אַ גרופּע פון 20 מענטשן בערך.

— „עס איז ווייניק״ שרייט ער.

מ׳לויפט ברענגען נאָך מער. עס פאַרגרעסערט זיך די גרופּע, זי ציילט שוין איבער 40 מאַן. דער וואַכטמייסטער כאַפּט אַרויס פון טאַש אַ פלאַש בראָנפן, גיט אַ קלאַפּ דער פלאַש, דער קאָרק שפּרינגט אַרויס. מיט אַ צעווילדעטן קאָפּ, אַרויסגעשטעלטע מערדערישע אויגן, טרינקט ער פון דער פלאַש אַן אָפּרו; דערנאָך ווענדעט ער זיך צו זיינע קרבנות מיט אַ קול פון אַ צערייצטע חיה, מיט פאָלגענדע ווערטער „איר זייט מער קיין יידן נישט, איר זייט די אויסדערוויילטע, איך בין אייער משה, וואָס וועט אייך פירן איבערן רויטן מער״.

און מיט זיין מאַשין־געווער אָנגעהויבן שיסן גלייך אין דעם פאַרזאַמלטן המון. ביז צום לעצטן — זענען אַלע געפאַלן טויט.

און דאָס בלוט האָט גערונען, ווי פון אַ קוואַל.

און פלוצים — פון באַרג טויטע — הייבט זיך אויף אַ קליין מיידעלע, בערך פון 7־8 יאָר, באַגאָסן מיט בלוט, קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן און לויפט אַוועק.

דאָס קינד איז צוגעדעקט געוואָרן מיט טויטע און נישט געטראָפן געוואָרן פון קיין קויל און געבליבן לעבן.

אַביסל שפּעטער איז עס געפאַלן פון אַן אַנדערן מערדער.



התייחדות יוצאי העיר עם זכר הקדושים במרתף השואה.
יזכור פאַר ראַווער קדושים אויפן הר ציון.

# יום־כיפור אין מיין שטעטל ראווע

א. שמואל שטאַרך

ערב יום־כיפור צווישן שונאים מיט האַס,
שטייט דער איינציק פאַרבליבענער ייד פאַרביטערט אין גאַס...
מיט אַן אַלטן מחזור וואָס איז האַלב פאַרברענט,
ער קלאַגט אויפן נעכטן, עס ציטערן ביי אים די הענט.
קוקט־זיך צו צום „זאַמד־קלייזל" מיט די איינגעפאַלענע ווענט
דערמאַנענדיק זיך אינעם נעכטן, האָט אים דאָס האַרץ פאַרקלעמט.
ס'איז ערב יום־כיפור; שוין שפּעט אין דער נאַכט,
יידישע גאַסן און הייזער פון שונאים באַוואַכט.
אין אַ טרויעריקן מצב שטייט ער אַצינד,
שטיקט אין זיך די טרערן, ס'איז אים ווי און ווינד.
דערמאַנט זיך אינעם אַמאַליקן יום־כיפורדיקן געזאַנג,
אָבער היינט — הערט ער בלויז שאַטנס אין גאַנג.
אַן „עכאָ" פון ווייטנס: דעם רעש פון עשאַלאָנען,
אָנגעפּאַקט מיט יידן, קיין בעלזשעץ אין די וואַגאָנען.
ערב די אַמאָליקע יום־כיפורים, ערשטע נישט לאַנג,
אין דער יידישער ראַווע געווען אַ טומל, אַ דראַנג.
דער עולם צו כל־נדרי צוזאַמען געשפּאַנט,
איינער דעם אַנדערן — אויף מחילה געגעבן די האַנט.
אַלע ערטער אין די שילן געווען באַזעצט,
אָבער היינט? זיי שטייען ליידיק פון שונאים פאַרלעצט.
געקומען אויף מיין שטעטל אַ פייער, אַ בראַנד,
געבליבן אַן יידן, אַזאַ שפּאָט און אַ שאַנד.
געווען אַמאָל אַשטאָט, מיט יידן אָן אַ צאָל,
היינט — ער, דער איינציקער ייד, ווי אַ זכר פון אַמאָל.
ער שטייט פאַריתומט, שוין אַלט און קראַנק,
מיטן האַלב־פאַרברענטן מחזור פון דער פאַרברענטער שאַנק.
פּלוצים, עס קומט אים פאַר אַ טרויעריקער געזאַנג;
ס'איז אָבער אַ חלום בלויז, אַ נשמהדיקער געדאַנק.
אַ געדאַנק, וואָס עקבערט דעם מוח אָן אַ צאָל,
האָט אָנגעהויבן צו מורמלען אַ יום־כיפורדיקן פּסוק פון אַמאָל:

כי הנה כחומר ביד היוצר,
לברית הבט ואל תפן ליצר.

# מיינע און מיין טאָכטערס איבערלעבענישן

בן ציון פרידמאַן

דעם 1.9.39 אין אַפרייטיק, זייגער פיר אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן דער דייטשער איבערפאַל אויף פוילן. די דייטשע באָמבאַרדירערס האָבן פון די הימלען געדונערט און געשאָסן מיט פייער.

אַ זייגער זעקס פאַרטאָג זענען אין ראַווע דריי באָמבעס געפאַלן, און איינע פון זיי האָט דאָס הויז פון אהרן פליישער געמאַכט צו אַש און פאָרך, צו מזל זענען דאַמאָלס קיין שום מענטשן־קרבנות נישט געווען. ס׳איז געוואָרן אַ גרויסע פאַניק אין שטאָט און די מענטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן אין די אַרומיקע וועלדער און די, וועלכע זענען נישט אַוועקגעלאָפן און זענען געבליבן אין שטאָט, האָבן געהאַט אַן אַרבעט צו לעשן די שריפות. דאַקעגן אַלע ראַווער יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען ווייט פון דער שטאָט — ווער צוליב מסחר, ווער צוליב באַזוך ביי קרובים — האָבן אָנגעהויבן קומען צוריק אין שטאָט אַריין, כדי צו זיין אין אַ שעת־צרה צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה.

אַלע האָבן געבראַכט גרויזאַמע ידיעות פון די אַרומיקע שטעט און געגנטן, וואָס שטייען אין פלאַמען.

די פאָליאַקן אין שטאָט האָבן זיך געגעבן אַ נעם צו די יידן און זיי געצוווּנגען צו גראָבן טיפע גריבער אַרום דער שטאָט, אָבער זייער העראָפּט האָט נישט לאַנג געדויערט און שוין זונטיק האָבן מיר אָנגעהויבן זען דעם גרויסן ריקצוג פונעם פוילישן מיליטער און מיט זיי — די פאָליאַקן — דעה־זאָגער פון דער שטאָט. אַ גרויסער טייל פון די באַאַמטע זענען צוריק געבליבן און שוין געוואַרט אויפן אַריינקומען פון היטלערן, כדי צו קענען באַקומען אַ טייל פון דעם יידישן פאַרמעגן, אויף וועלכן זיי האָבן שוין פון אַ לאַנגע צייט אויסגעגלאָצט זייערע מערדערישע אויגן.

אַט אַזוי האָבן זיי נישט לאַנג געדאַרפט וואַרטן און נאָך אַ וואָך צייט, פרייטיק, ערב ראש־השנה, אַזייגער פיר אין דער פרי, האָט אַ מאָטאָריזירטע אַרמיי, אָן איין שאָס — באַזעצט ראַווע. די דאָנערשטיקע וואַכנאַכט איז געווען זייער אַ שטילע, אָבער דער פרייטיקדיקער פרי־מאָרגן, נאָכן דערשיינען פון די דייטשע זעלנער, האָט אָנגעוואָרפן אַ זייער גרויסן פחד אויף אַלע יידן אין שטאָט.

תיכף שבת, דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, האָבן די דייטשן צוזאַמענגענומען פיל יידן, כדי צו שאַפן אַרבעטס־גרופן די שטאָט צו רייניקן און די אַלע גריבער, וואָס מיר האָבן געמוזט אויסגראָבן לויטן באַפעל פון די פאָליאַקן. אויף צוריק צו פאַרשיטן.

זונטיק אינדערפרי, דעם צווייטן טאָג ראש־השנה, איז געוואָרן אויסגעקלעבט אַפישן אין שטאָט, מיטן באַפעל — אַלע טירן און פענצטער פון די געוועלבן צו פאַריכטן און זיי ווידער אויפעפענען. די דייטשן האָבן גלייך אָנגעהויבן רויבן, אויסליידיקן די געוועלבער און אַרויספירן יידישע פאַרמעגנס; כ׳האָב אַליין געזען, ווי זיי האָבן אויסגעליידיקט חיים־דוד־דאקס׳ס געשעפט און די גאַנצע שניט־סחורה אַוועקגעפירט. זיי האָבן גלייך אָנגעהויבן צו בושעווען און צו מאָרדן, ווייל שוין מוצאי־ראש־השנה האָבן זיי דערשאָסן עטלעכע פרויען און מענער, צווישן זיי פייגעלע רעכעס און יענקל פינקס אײדעם.

אָבער שוין מיטוואָך־דאָנערשטיק האָבן מיר געקענט הערן פון די פויערן, אַז די דייטשן ציען זיך צוריק און קיין ראַווע רוסקאַ וועלן אַריינקומען די רוסן; אין די לעצטע טעג האָבן זיך די דייטשע מערדער אַביסל רואיקער פאַרהאַלטן און די יידן פון אַרבעט אָפּגעלאָזן. אין דרויסן האָט מען קיין ייד נישט געזען, יעדער האָט זיך ווי אין אַ מויזנלאָך פאַרשטעקט.

שבת־תשובה האָט זיך אָנגעהויבן צו מערקן, אַז די דייטשן גייען צוריק. ערב יום־כיפור זענען שוין די סאָוויעטן געווען אין זשולקיעוו און מוצאי יום־כיפור זענען די היטלעראָווצעס אַוועק פון ראַווע רוסקאַ.

דאָס איז געווען דער ערשטער באַזוך פון די נאַציס ביי אונדז — פון ערב ראש־השנה ביז מוצאי יום־כיפור. מיר האָבן געהאַט די אמתע ימים נוראים מיט די אמתע עשרת ימי תשובה.

*

מוצאי יום־כיפור האָבן די דייטשן ראַווע־רוסקאַ פאַרלאָזט און תיכף אינדערפרי האָבן די רוסן די שטאָט באַזעצט. זיי האָבן זייער פראָגראַם זאָפאָרט אָבליגאַטאָריש איינגעפירט: לעזן זייער שריפטלעכע פראָפּאַגאַנדע; הערן זייערע פאַרטיי־רעדעס און דערשיינען פונקטלעך אויף די פאַרזאַמלונגען, פאַטשן „בראַוואָ" און אויסרופן „כאַי זשיוועו!" (ער זאָל לעבן!).

זיי האָבן געלאָזט די געוועלבן אָפן זיין, האַנדלען; די באַהאַלטענע סחורות האָבן זיך באַלד באַוויזן; ס׳האָט זיך געהאַנדלט פאַר רובל, אויך פאַר זלאָטעס; די פרייזן זענען געשטיגן אָן יעדער קאָנטראָל. אויך איך האָב באַקומען די דערלויבעניש צו עפענען די טראַפיק און צו פאַרקויפן טאַבאַק און צייטונגען, אָבער לײדער ביז יאַנואַר 1940.

אין דער צווישנצייט האָט זיך געהערט, אַז פיל פאַמי־

ליעס ווערן אין מיטן דער נאַכט אויפגעוועקט, פאַרנומען, אוועקגעכאַפּט און אַרויסגעפירט קיין טיף רוסלאַנד. צו דער צייט איז עס באַטראַכט געוואָרן פאַרן גרעסטן אומגליק — אַ קלייניקייט, אַזאַ גלות! אָבער דערנאָך האָט עס זיך אַרויסגעוויזן אַלס דאָס גרעסטע גליק, ווייל אַ גרויסער טייל פון די אַלע זענען ניצול געוואָרן פון היטלער־מאָרד און מיט דער פוילישער רעפּאַטריאַציע זענען אַלע צוריק געקומען קיין פוילן און פון דאָרט אויסגעוואַנדערט אין גאָר דער וועלט, אויך פיל זענען עולה געווען קיין א״י.

דערפילנדיק ווי די ערד ברענט אונטער די פיס, האָב איך פאַרנומען מיין משפחה און פאַרלאָזן אונדזער היים ראַוואַ־רוסקאַ און זיך אַריבערגעפעקלט אין מיין אַלטער קינדער־יאָרן־היים „לאַפּאַטין". דאָרט האָבן געוווינט מיינע עלטערן, שוועסטער און ברודער, מיין גאַנצע משפּחה, וועלכע האָט מיך אויפגענומען מיט גאָר גרויס פרייד, גלייך כ׳וואָלט געקומען אויף אַ פאַמיליען־שמחה, נישט וויסנדיק און נישט האָבנדיק קיין אַנונג, אַז דאָ וועלן מיר זיך זען דאָס לעצטע מאָל און פון דאַנען וועט זיך די גאַנצע משפּחה פונאַנדערגיין צו דער גרויזאַמער פאַרניכטונג. דאָ איז געווען זייער לעצטער עטאַפּ פון עקזיסטירן.

בעת אין ראַוואַ־רוסקאַ בין איך געווען אַן עושר, אַ קאַפּיטאַליסט, האָב איך אין לאַפּאַטין ווייניקער מורא געהאַט, ווייל איך בין דאָ געווען אַ פּליט מיט פּליטים גלייך.

מיינע ברידער האָבן מיר געהאָלפן זיך איינאָרדענען אין דער ספּירט־בראַנפן־בריי פון דעם ראַיאָן, וואָס האָט זיך געפונען אין לאַפּאַטין; איך האָב מיין יענטשי ז״ל פאַרשריבן אין גימנאַזיום אין ראַדעכיוו און מיין טאָכטער רויזעלע איז געבליבן אינדערהיים, ווייל זי האָט דאָס לערנען אונטערבראָכן.

מיין גאָטזעליקע פרוי רייצע האָט אין דער שטוב אַ גוטע ווירטשאַפט געפירט און צוויי מאָל אין דער וואָך זענען מיר צוזאַמען געפאָרן באַזוכן אונדזער גאָטזעליקן זון יענטשי, וועלכער איז געווען זייער אַ שיינער און קלוגער בחור, ווי אויך אַן אויסגעצייכנטער שילער. מיר האָבן דאָ געפירט אַ גוט לעבן און פילמאָל אונדזערע קרובים אין ראַווע מיט לעבנסמיטל אַרויסגעהאָלפן, ביז...

ביז דעם אויסברוך פון דייטש־רוסישן קריג אין יוני 1941. נאָענט פאַר דעם אויסברוך, אין דער שטילער צייט, איז מיין פרוי רייצע געפאָרן קיין ראַוואַ־רוסקאַ צו איר פאַמיליע אין באַזוך. געענדיקט איר באַזוך ביי איר מאַמע רחטשי ז״ל, האָט זי אויף דער צוריק־רייזע קיין לאַפּאַטין, אָפּגעטרעטן ביי מיין קוזין וואָלף פרידמאַן אין לעמבערג, דאָ האָט זי דער קריגס־אויסברוך פאַרכאַפּט און זי האָט שוין נישט געקענט פאָרן אַהיים. אין אַ רואיקן מאָמענט פון באַשיסן, איז זי מיט מיין קוזין מיט נאָך זעקס שכנים פונעם הויז געגאַנגען נאָך וואַסער צו אַ וואַסער־פּאָמפּע, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון הויז. דאָ איז פּלוצים געפאַלן אַן אַרטעלעריע־שאָס און אויפן אָרט דערהאַרגעט מיין קוזין מיט נאָך פינף שכנים און מיין פרוי רייצע ז״ל איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. דאָס איז געשען אין ג׳ תמוז 941.

מיין קוזינע איז געלונגען מיך גלייך צו פאַרשטענדיקן, איין היימישער גוי האָט מיין פרוי מאַסקירט, אַז דאָס איז זיין שוועסטער, און מיט זיין וואָגן און פערד זי אַהיים געבראַכט, קיין לאַפּאַטין, אין אַ זייער שווערן צושטאַנד.

קיין דאָקטאָר, קיין מעדיצין, קיין איינציקע הילף; מיר האָבן זי נאָך געמוזט אויסבאַהאַלטן, ווייל די דייטשן האָבן קראַנקע מענטשן אויפן אָרט דערשאָסן. שווער האָט זי געליטן קערפּערלעך, זייער נערוועאיש, האָבנדיק אַ שאָק.

זונטיק אינדערפרי, כ״ג אב, האָט זי אויסגעהויכט אין הייליקע נשמה. אַזוי האָבן די היטלער־מערדערס פאַרלאָשן דאָס ליכט פון מיין פרוי רייצע ז״ל, פון דער היים גראַף; די מאַמע פון יענטשי ז״ל, אויך אַ היטלער־קרבן אין זיינע שענסטע יאָרן, 19 יאָר אַלט; די מאַמע פון איר טאָכטער רויזעלע — איר אויף צו לאַנגע יאָרן, געזונט און גליקלעך זאָל זי זיין!

נאָך מיין פרויס אָפּשטאַרבן האָבן זיך ערשט אַנגעהויבן די ריכטיקע צרות און דאָס ענדגילטיקע פאַרניכטן פון די יידן. נאָך איינציקע אַקציעס אין דעם שטעטל לאַפּאַטין, ווו מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, איז עס געוואָרן יידן־ריין; מיר האָבן געהאַט אַ בונקער־באַהעלטעניש אין דער בראַנפן־בריי. דאָרט האָבן מיר זיך פאַרשטעקט, מיין ברודער חיים, מיינע צוויי קינדער און איך — ביז די מיליץ האָט זיך דערפון דערוווּסט. אַמאָל אין אַ פאַרנאַכט, אַ טאָג פאַר הושענא־רבא, האָבן מיר פּלוצים דערהערט קולות און דערזען, ווי די מיליץ מיט די גויים לאָזן זיך אויף דער בראַנפן־בריי, כדי אונדז צו כאַפּן. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן זיך דערוווּסט נאָר דורך אַ מסירה; מיר אָבער האָבן אויך באַקומען פון פריער אַ ידיעה צו זיין פאָרזיכטיק, ווייל די גויים גרייטן זיך אָנצופאַלן אויף דער בראַנפן־בריי.

דעריבער האָבן מיר תמיד געהיטן מיט אָפענע אויגן און געגנישטערט מיט אויפגעשטעלטע אויערן. ווען זיי האָבן געמאַכט די אַקציע אונדז צו כאַפּן, זענען מיר, זעענדיק זיי אָנקומען, אַרויסגעשפּרונגען דורך אַ פענצטער און אַנטלאָפן אויף אַ פּאַשע־פעלד, זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן צווישן די ביימלעך און, אַז ס׳איז נאָר געוואָרן טונקלער און מער פינצטער, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין, צום נאָענטסטן שטעטל „סטאַניסלאַוושיק".

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ מוראדיקע צייט, קען מען זיך נישט לאָזן מיטן גלייכן, אויסגעטראָטענעם וועג, ווו ס׳דראָט

נאך מער די געפאר געכאפט צו ווערן. מיר האבן זיך געדארפט צושלאגן ביז צום טייך „סטיר” און זיך אריבערגעקריגן אויף דער צווייטער זייט, ווו ס׳ליגט דאס שטעטעלע סטאניסלאווטשיק. אזוי האבן מיר געשפאנט איבער פעלדער און לאנקעס, איבער גריבער, טיפע און פולע מיט וואסער, ווו ס׳האט אונדז אלע געדראט זיך צו דערטרינקען. די ערד, א זייער ווייכע, מיט טיפע לעכער, נאכן אויסגראבן דעם דארט זיך געפונענעם טארף, האט געשאפן טיפע און קלעבעדיקע בלאטעס, אזוי ס׳איז געווען זייער שווער דעם אריינגעשטעקטן פוס צוריק ארויסצושלעפן.

מיינע קינדער, די 14־יאריקע טאכטער רויזעלע און איר אויף לאנגע יאר, דער גאטזעליקער יענטשי — האבן זיך העלדיש אויפגעפירט, זיי האבן אין זיך די טרויעריקע טראגעדיע פארבארגן און פאר דעם טאטן נישט ארויסגעוויזן קיין שום פחד און מורא.

נאך א גאנצע נאכט וואנדערן, זענען מיר נאך פארן אנהייבן טאגן, אנגעקומען קיין סטאניסלאווטשיק, ווו מיר האבן גלייך באגעגנט א ייד, וועלכער איז געגאנגען פון דער קלויז, פון זאגן א גאנצע נאכט „תיקון ליל־הושענא־רבא”. ער האט אונדז זאפארט געבראכט צום ראש פון דער קהילה, וועלכער האט אונדז זייער פיין און העפלעך אויפגענומען און געזארגט פאר אונדז מיט עסן און קווארטיר.

ליידער האט אונדזער רו נישט לאנג געדויערט, ווייל באלד נאך דער אקציע אין לאפאטין און אויף דער גאנצער געגנט, האט מען אונדז איבערגעגעבן, אז באלד וועט דאס זעלבע אויך געשען אין סטאניסלאווטשיק. די איינציקע עצה איז געווען צו לויפן אין די נאענטע וועלדער, וואס געפונען זיך אויף יענער זייט פון טייך „סטיר”. זענען מיר ווידער צוריקגעלאפן און ווידער מיטגעמאכט דעם זעלבן וועג, ביז מיר זענען אריבער דעם טייך און זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער פון דער געגנט פאנקאווע. דארט זענען די פויערן געווען אמתע חסידי־אומות־העולם און האבן אונדז ארויסגעבראכט אין וואלד־אריין ברויט, מילך, קעז, געקאכטע קארטאפל אזוי לאנג, ביז מיר זענען, נאך דער דורכגעפירטע אקציע אין שטעטל, צוריקגעגאנגען דארט אהין און פראבירט זיך ווידער איינצוארדענען צוזאמען מיט די פאר איבערגעבליבענע יידן.

דא האט זיך ארויסגעוויזן, אז כמעט מיין גאנצע פאמיליע: עלטערן, שוועסטער מיט ברודער מיט זייערע קינדער זענען אלע פארנומען געווארן און טראנספארטירט קיין בעלזעץ. אויך פאר אונדז איבערגעבליבענע איז געקומען א באפעל, זיך צו קאנצענטרירן אין בראדער געטא און אויב מ׳וועט געפונען דא אן ארומדרייענדיקן ייד — וועט ער גלייך ווערן דערשאסן.

מיר האבן פראבירט צו פארשטיין, אז דאס קאנצענטרירן



מיין פאטער הי״ד

די יידן אין גרעסערע זאמל־פונקטן דערמעגלעכט און פארלייכטערט די דייטשן זייער פארניכטונגס־פלאן און שאפט דעריבער די גרעסטע סכנה פאר אונדז. א סך יידן פון אונדזער גרופע זענען געלאפן אין די גרויסע וועלדער, זיך אנגעשלאסן אין די אלגעמיינע פארטיזאנער־גרופן, אבער זייער ווייניק פון זיי זענען לעבן געבליבן. א גרויסער טייל פון זיי זענען פון די גויישע פארטיזאנער דערמארדעט געווארן; א צווייטער טייל זענען פון זיך אליין אויסגעשטארבן, ווייל זיי האבן נישט געקענט אויסהאלטן די גרויזאמע באדינגונגען, אין וועלכע זיי האבן זיך געפונען; אן אנדערער טייל — זענען געכאפט געווארן פון דער מיליץ און אויפן ארט דערשאסן געווארן.

הערנדיק, אז ס׳שאפט זיך פאר אונדז א געטא אין בראד, האב איך זיך דארט אהין אוועקגעלאזט, מיט דער האפענונג דארט זיך מיט היימישע באגעגענען, זיך ארומצוקוקן, אויסנישטערן און געפונען א גוטן פלאץ פאר מיינע קינדער. נאכן געפונען א גוטן ארט ביי מיינע קרובים צום וווינען, האב איך זיך געלאזט צוריק קיין סטאניסלאווטשיק.

✡

דאנערשטיק, דעם 21.12.42 איז עס געווען, ווען איך האב געלאזט זיך צוריקגיין צו מיינע קינדער, כדי זיי מודיע צו זיין וועגן דעם גוטן ארט, וואס איך האב געפונען ביי מיינע קרובים אין בראד. דא האבן זיך אויף איינמאל באוויזן ס.ס.־ניקעס מיט אוקראינישע מיליץ און ס׳איז מיר שוין אופמעגלעך געווען צו אנטלויפן. איצט האב איך שוין מיין סוף געזען.

פון אַלע זייטן האָבן זיי צוזאַמענגעטריבן יידן, אַלט און יונג, מענער און פרויען מיט קינדער און מיך צווישן זיי. אונדז געבראַכט אין וואַלד אַריין און אונדז דערלאַנגט לאָפּאַטעס און באַפוילן אויסצוגראָבן פיר גריבער. דערנאָך האָבן זיי אונדז געהייסן זיך אויסטון גאַנץ נאַקעט און די קליידער צו־זאַמענלייגן און צוזאַמענבינדן אויף איין פלאַץ. איך בין שוין מיט מיין טויט געווען זיכער און האָב געזען דעם טאַטן פון מיינע קינדער ווי פאַרלוירן. אָבער דאָך האָב איך מיין גלייכ־געוויכט געהאַלטן און בין געבליבן ביים קלאָרן שכל. כ'האָב אַלעס געטאָן ווי אַן אויטאָמאַט, גלייך ווי מ'מיינט נישט מיך, קיין ברירה, איך בין נישט דער איינציקער, איבער 80 — 90 מענטשן זענען מיר געווען; די קולות פון געשרייען און גע־וויינען — עד לב השמים, ואין עונה!



מיינע ברידער הי"ד

באַלד האָט זיך געהערט אַ שיסעריי, מיט די ערשטע קרבנות בין איך אין גרוב געשפרונגען, אַנידערגעפאַלן און דאָס באַוווּסטזיין פאַרלוירן.

דאָס איז געווען פרייטיק, דעם 22 דעצעמבער 1942. שפּעט אין דער נאַכט, אפשר שוין נאָך האַלבער־נאַכט, ווען איך האָב צוריק באַקומען מיין באַוווּסטזיין, ווען איך האָב שוין גע־קענט מיר אָפּגעבן אַ רעכענונג, וואָס מיט מיר איז דאָ געשען, האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז איך לעב. איך האָב אָבער נישט געקענט אָפּערקריכן פון אונטער די טויטע קער־פּערס, וואָס זענען אויף מיר געלעגן.

אַ גליק וואָס די גריבער זענען נאָך נישט געווען פאַר־שאָטן. לאַנגזאַם האָב איך אַ האַנט אַרויסגעהויבן, דאָ האָבן מיר נאַקעטע מענטשן געהאָלפן פונעם גרוב אַרויסקריכן.

נאָכן קומען צו זיך, האָב איך מיינע קליידער געפונען און זיי אויף מיר אַרויפגעוואָרפן. ס'האָט באַלד אָנגעהויבן טאָגן, פונדערוועיטנס האָבן מיר דערזען פון אַ שטיבל אַ ליכט זיך לייכטן און מיר, די פּאָר אָפּגעראַטעוועטע מענטשן, האָבן גענומען לויפן אין דער ריכטונג פון דער שטוב. דאָרט האָבן מיר געפונען אַ גוטע פויערטע, וועלכע האָט אונדז דער־לאַנגט ברויט מיט מילך און אונדז דערהאַלטן ביים לעבן. זי האָט אונדז געבעטן, אַז מיר זאָלן גלייך אַוועק פון איר שטוב, ווייל זי האָט זייער מורא, מ'זאָל זי דערפאַר נישט האַרגענען. די אַנדערע זענען אַוועק קיין בראָד און מיר האָט די פויערטע געוויזן דעם וועג קיין סטאַניסלאַוועטשיק.

איך אַליין בין באמת פון יענער וועלט צוריקגעקומען, אָבער איך האָב דערוויל די קינדער גאָרנישט געוואָלט דער־ציילן, ווייל איך האָב נישט געוואָלט אָנוואַרפן אויף זיי אַ פחד און אַ פּאַניק. ווי אַזוי איך האָב דאָס אַלעס איבער־געלעבט און אויסגעהאַלטן — איז נישט מעגלעך אויפן פּאַפּיר איבערצוגעבן. איך האָב איינגעזען, אַז פריער אָדער שפּעטער קומט אונדזער סוף, צו וואָס זיך פּלאָגן, צו וואָס זיך מוטשען?!

דאָס טאַטע־געפיל, נאָר דאָס זיין אַ טאַטע צו מיינע קינדער, נאָר דאָס איינע האָט מיך געהאַלטן און מיר כוח געגעבן ווייטער צו ליידן און זיך מי געבן צו עקזיסטירן.

*

דער לעצטער טערמין צום אַריינגיין אין געטאָ איז געווען דער 31.12.1942; און טאַקע שבת־חנוכה דעם 30.12.942 זענען מיר אָנגעקומען קיין בראָד, זיך באַזעצט ביי מיינע קרובים און אָנגעהויבן דאָס געטאָ־לעבן מיט אַלע זיינע צרות און, וואָס איז היינט יעדן גוט באַקאַנט.

איך וועל דאָ נישט באַשרייבן קיינע איינצלהייטן פון אונדזער מיטמאַכן אין געטאָ; ווייל נאָכן געפונען זיך אין געטאָ און נאָכן אויסבאַהאַלטן זיך דאָרט אין פאַרשידינע אויפגעבויטע בונקערס — איז ביים מאַכן בראָד „יידנריין", אונדז דאָך געלונגען דעם 24.3.943 צו אַנטלויפן פון דאָרטן ווידער אין די „פּאַנקאָווע" וועלדער, ווו מיר האָבן זיך אויס־באַהאַלטן אין די פאַרשידענע. אַלעמאָל אויפסניי געמאַכטע אונטערערדישע בונקערס אין וואַלד — ביז דער באַפרייאונג דעם 2.4.944.

דאָרט האָבן מיר זיך באַהאַלטן; איינער אַ איבערגעבליבענער פון מיין גאַנצער אומגעקומענער פאַמיליע, אַ פּאָר אַנדערע קרובים און נאָך אַ פּאָר באַקאַנטע; מיט גרויסע ווייטיק און ליידן, פאַר מיר און מיין טאָכטער רויזעלע, האָבן מיר זיך דאָרט געפונען, ווייל מיין זון יענטשי ז״ל איז שוין נישט מער געווען מיט אונדז.

★

דאָס אומגליק מיט מיין יענטשי האָט זיך נאָך אין בראָדער געטאָ אָנגעהויבן. דאָרטן האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט אַן אַרבעטס־לאַגער, אַרומגעצוימט מיט עלעקטריזירטן שטאַכלדראָט, מיט וואַך־פּאָסטנס אין אַלע עקן; אינעווייניק האָבן זיי קאָנצענטרירט געזונטע מענער, נאָך פּעאיק צו אַלע אַרבעטן, וועלכע זענען יעדן טאָג אונטער שטרענגער קאָנטראָלע און וואַך אַרויסגעפירט געוואָרן, כדי אויסצופירן די באַקומענע באַפעלן. דערווייל האָבן זיי דאָרט געקריגן גענוג צו עסן און איינצלנע מענטשן, וואָס האָבן זייערע משפחות פאַרלוירן און זייענדיק תמיד הונגעריק — האָבן זיך אַליין געמאָלדן אין דעם לאַגער.

אַזוי איז עס געשען אין אַ דאָנערשטיק, דעם 28.3.943 האָט די מיליץ געכאַפּט מיין יענטשע און אים פאַרנומען אין לאַגער אַריין.

פון דעם אומגליקס־טאָג אַן האָב איך שוין מער מיין זון נישט געזען. איך האָב פון אים געהאַט אַ פּאָר מאָל באַריכטן און איך ווייס, אַז ער האָט זיך דאָרטן געפונען ביז דער ליקווידאַציע פון בראָדער געטאָ, דעם 23.5.943; נאָך דעם האָבן זיי דעם גאַנצן לאַגער, און מיט זיי אויך מיין יענטשין, טראַנספּאָרטירט קיין בעלזעץ.

ווי איך בין נאָך מיין באַפרייאונג געוויר געוואָרן פון אונדזער שטעטישן ראַווער געראַטעוועטן ר׳ משה קלאַגער — איז מיין יענטשי אַנקומענדיק מיטן צוג קיין דאַבראָסין נעבן ראַווא רוסקאַ, אַרויסגעשפּרונגען פון באַן און אַ דאָרטיקער ייד האָט אים געגעבן פּאַסיקע קליידער צום איבערטאָן זיך.

ער האָט זיך זאָפאָרט אַ לאָז געטאָן צו זיין געבורטסטאָרט, ראַווא־רוסקאַ, מיט דער גרויסער האָפענונג צו געפונען עמעצן פון זיין משפחה, וואָס וועלן אים קומען צו הילף, זיך צו קענען אויסבאַהאַלטן און אפשר קענען זיך אָפּראַטעווען און בלייבן לעבן.

משה שיינער ז״ל, וואָס האָט גענייט פאַר די דייטשן און האָט זיך געקענט פריי באַוועגן (ער האָט טאַקע דאָס אַלץ פאַרציילט פאַר משה קלאַגער) האָט מיין זון געהאָלפן מיט וואָס ער האָט געקענט.

ליידער האָט די געסטאַפּאָ מיין יענטשין ז״ל געכאַפּט און אים דערמאָרדעט.

ה׳ ינקום דמו!!

די פּאָר מיט בלוט געשריבענע בלעטלעך זאָלן זיין אַ מצבה פאַר מיינע נישט־פאַרגעסענע און תמיד אין זכרון פאַרהייליקטע און פאַרערטע קדושים:





מיין פרוי רייצע גראַף, אַ טאָכטער — מיין זון יעקב, אַן אייניקל
פון יענקל גראַף, ראַווא־רוסקאַ.

ת. נ. צ. ב. ה.

# מתוך הספר „קדוש השם"

הרב שמעון הוברבנד

לדאבון לבנו אין זה חלום ריק
ולא דמיון חולני
לא אגדת כזבים
אלא אמת לאמתה ומציאות מרה.

עם פרוץ המלחמה, ב־1 בספטמבר 1939, נמצאתי בקיבוץ ההכשרה שבקששביצה, 30 ק"מ מקראקוב. ביום השני למלחמה נהרו דרך קששביצה מחנות של בני־אדם שנמלטו ממקומות שונים. תקפה אותנו בהלה וגדולה היתה האנדרלמוסיה. החלטנו לעזוב את מקומנו ולצאת לקראקוב, לקיבוץ שלנו. אולם חברי קיבוץ זה החליטו, עוד לפני בואנו, לברוח מקראקוב. נחנו אפוא קמעא והחלטנו להימלט מקראקוב.

נודע לנו שבתחנת הרכבת עומדת רכבת המתעתדת לנסיעה, אך לא ידענו באיזה כיוון. בכל זאת החלטנו להתיישב ברכבת ולנסוע לכל כיוון שהוא, ובלבד לברוח מקראקוב שחשבנוה כעיר המאוימת ביותר.

לאחר שמונה ימי נסיעה הגענו לקצות יארוסלאב. ראינו אלפי אנשים הבורחים מהעיר בבהלה רבה. הם הצביעו על הסכנה הצפויה לנו בשבתנו בתוך הרכבת, שתופצץ בלי ספק בהתקפות האוויריות. עזבנו את הרכבת ויחד עם אלפי אנשים נמלטים אחרים רצנו אל הסאן, והכוונה — להגיע לראווה־רוסקה.

דקות אחדות לאחר שעזבנו את הרכבת — היא התפוצצה, וכל האנשים שנשארו בה מצאו את מותם. הדרך, בה היינו אנוסים לרוץ, הובילה בין חולות רבים ועמוקים. היה חם והתעייפנו מאוד. את הדרך האירה לנו אש השריפה של יארוסלב. כל העיר היתה אחוזה להבות. החילונו לרוץ עד שהגענו לעיירה לובאַטשוב. בעיירה זו ראינו את החיילים הפולניים, שנודע להם כי הגרמנים מגיעים, שודדים דירות ובתי־עסקים של יהודים.

מלובאַטשוב המשכנו לרוץ לעבר ראווה־רוסקה. הדרך היתה מלאה אנשים והכל רצו מבוהלים לכל אשר תשאנה העינים. כל הדרך הטילו עלינו המטוסים הגרמניים פצצות וירו ממקלעים.

עייפים עד מוות הגענו לעיירה פאַטיליטש, 5 ק"מ לפני ראווה־רוסקה. מאפיסת־כוחות לא היינו מסוגלים לפסוע פסיעה אחת. יהודי אחד לקח את כולנו לביתו, נתן לנו אוכל ומשקה. אחריי־כן התרחצנו היטב. לאחר זמן כה רב, גרמה לנו הרחיצה תענוג רב. היהודי הציע לנו מקומות טובים למשכב. נרדמנו כהרף־עין.

בלילות העירו אותנו יריות חזקות. משהתעוררנו, ראינו מחנות של גרמנים הנוהרים לראווה־רוסקה. היהודי פחד להחזיק בביתו מספר גדול של צעירים. משום כך ביקש אותנו לעזוב את דירתו. באין ברירה, מוכרחים היינו להמשיך וללכת.

ביום הראשון של ראש השנה ת"ש הגענו לראווה־רוסקה. מצאנו שם יהודים באים־בימים, בעלי זקנים ארוכים, והם מטאטאים את רחובות העיר. יהודי אחד איכסן אותנו. אכלנו ולננו בביתו. נודע לנו שמיד עם בואם החלו הגרמנים לחטוף יהודים לעבודה. בשעת העבודה גזזו להם את הזקנים, היכו ועינו אותם. את בית־הכנסת הם חיללו וקרעו את ספרי התורה. בראש־השנה כבר לא נערכו תפילות בשום בית־כנסת, בית מדרש או „שטיבל" חסידי; רק שכנים בודדים עשו מניין לעצמם והתפללו תפילה חרישית בהסתר. העיירה היתה מוצפת פליטים, כל היהודים המקומיים לקחו לבתיהם פליטים אחדים. היינו שם עד אחרי החג.

# בית בוגן

לאה רוזנצויג–קרמר

בית בוגן עמד ברחוב הרכבת, רחוב שהיה כעין „לוז" של עירנו. מי שלא גר ברחוב הזה — היו לו שם קרובים או ידידים, ולעתים קרובות היה מבקר שם. רחוב הרכבת היה כגשר המקשר את עירנו עם ערים וכפרים אחרים בסביבה. מי שבא לבקר בעירנו או רצה לצאת ממנה — היה עליו לעבור דרך רחוב זה. לחלק מתושבי העיר היה הרחוב — הדרך המובילה לעולם הרחב והחפשי. אכן, בימי השואה היה הרחוב הזה לתושבי העיר — הדרך האחרונה לתהום המוות...



מנחם מענדל בויגן הי"ד

רחוב הרכבת נמשך לארכם של אגמים, שדות מוריקים גנים ובתים בני קומה או קומותיים. אחד הבתים האלו הי״ה בית הבוגנים. הוא היה שייך לסבא של המשפחה, ר' שמואל האך המכובד. הבית היה בן קומותיים, בעל חלונות גבוהים ומדרגות אבן רחבות. הכניסה הראשית שימשה רק למקרים של קבלת אורחים. היא היתה בעלת מדרגות רחבות ומעקה עשוי עץ, ואליה הובילה חצר, ששימשה מקום שעשועים לילדי המקום.

בשבילנו, הילדים, המקומות המעניינים ביותר בבית הזה היו הגג והמרתפים. את המסתורין שאפף את המקומות האלו יבינו רק הילדים והילדות, שעסקו שם בחיפושי אוצרות נסתרים, במשך שעות ארוכות. על־הרוב יצאו כשמכנסי הילדים קרועים ושמלות הילדות מלוכלכות בקורי עכביש, אולם בידיהם שטרי כסף של מיליונים וספרי חשבונות ישנים. הילדים לא יכלו להבין, שאוצר המיליונים הזה הוא חסר ערך לחלוטין, ומסמל רק את ירידתו ואבדנו של עושר שהיה...

משפחת האך־בוגן היתה משפחה רבת נפשות: בנים בנות, חתנים, כלות, נכדים ונכדות.

מנדל בוגן, למרות היותו צעיר, התבלט וזכה להערכה ולאהבה מצד משפחתו והשכנים. רצינותו, אדיקותו, התמדתו בלימודיו, היותו מרוכז ומכונס בתוך עצמו, רכון תמיד על ספרים בלתי מובנים לנו, הילדים — כל אלה נסכו בנו יראת כבוד והערצה כלפיו.

בימים הראשונים של המלחמה, וגם בימים הראשונים לכניסתם של הרוסים לעיר, שימשו המרתפים מקלט לדיירי הבית ולשכנים. בעת ההפצצות ישבו הזקנים, הצעירים והילדים צמודים זה לזה ולא העזו להוציא הגה מפיהם. הישיבה במרתף לא היתה דבר נדיר; זה קרה כמה פעמים ביום וגם בלילות, והאנשים כמעט שלא עזבו את המרתף; ישבו במרוכז כשהם שותקים ומרימים את מבטם לתקרה ומקשיבים לקולות הנפץ מבחוץ, המרעידים את כל הבניין.

רק מנדל אינו יושב: הוא עומד בפינה ומתפלל, גופו מתנועע אנה ואנה, שפתיו ממלמלות במהירות, כאילו להביא לידי ביטוי את כל אלפי מלות התחנונים המתפרצות מעמקי לבו המורתח.

בחוץ התפוצצויות. אמו של מנדל מתעלפת. מתאמצים להחזירה לידי הכרה, בעזרת מים ולימון. מנדל פוקח את עיניו, מסתכל בה, ונראה הוא כשב מעולם אחר. הוא מגביר את תפילתו, ביתר דבקות, פורש כפיו לשמים ומבקש רחמים על יושבי המרתף; וכשההתפוצצויות אינן פוסקות — דומה שהוא עובר למצב של יאוש.

הילדים אמנם מפוחדים; אבל יושבים בשקט, אינם בוכים, אינם מבקשים דבר; רק מסתכלים בדמותו של מנדל הממשיך את צקון לחשו.

פתאום — הכול שכך; הצופר השמיע קול ארגעה ממושך. כולם נשמו לרווחה, ופני מנדל קורנות: זכה, ונתקבלו תפילותיו. הוא נראה כמנצח אחרי מאבק קשה עם כוחות אדירים. נשים, ילדים ואפילו מבוגרים מתבוננים בו בהערצה, כאילו הוא, ולא הצופר, תקע בשופר הגאולה להשאיר אותנו בחיים.

אכן, בימים קודרים אלו היה לנו מנדל משען ומסעד, בהפיחו תקווה ואמונה בלבנו.

ובלילות הארוכים, כשהיינו נדונים לשבת בבתים משעה 6 בערב, התכנסנו תמיד אצל משפחת בוגן. דיברנו על מאורעות היום, כשאנו טווים תכניות לעתיד, חולמים על חיים בלי מלחמות ומוות. מנדל היה מתהלך בינינו כשהוא שותק, פעם מניע את ראשו, פעם מתבונן באיזו נקודה רחוקה בתקרה,

ועושה תנועות בידיו כאילו הוא מתווכח עם מישהו בלתי נראה, וזה בלי לפתוח את פיו, כאילו חי הוא חיים אחרים, בעולם אחר.

דיירי רחוב הרכבת ידעו אז על גורלם של אחינו המובלים למוות. באחד המפגשים האחרונים שלנו בבית בוגן, דיברנו על דרכי הצלה מהמוות הבטוח, האורב לנו. כל אחד מהצעירים הציע תכנית אחרת, רעיון אחר או מוצא אחר. רק מנדל שתק.

אחיו, יחזקאל, צעק, כשעיניו השחורות בורקות, כי בהצלה על־ידי תעודות של „ארים" יש משום המרת דת, ובנידון זה אנו מצווים „ייהרג ואל יעבור", ומוטב למות על קידוש השם.

כששמע מנדל את המלים „קידוש השם" יוצאות מפי אחיו — הסתכל בו ארוכות בעיניו השחורות, הסתכל גם בנו, לאט הרים את עיניו אל השמים, ויצא כשהוא שותק...

# עדות־זאגן פון א נישט־ייד איבער דער פארניכטונג פון ייד. קיבוץ אין ראווא־רוסקא

פראנצישעק וולאך

מיין אידענטיטעט; ראווא־רוסקא אונטער דער סאוויעטישער הערשאפט; דער איבערפאל פון די דייטשן; די באציאונגען צווישן דער איינגעבוירענער אוקראאינישער באפעלקערונג צו דער פוילישער; די באציאונג פון די אוקראאינער צו די יידן און זייער מיטארבעטן מיטן דייטשן אקופאנט, ביים אויסראטן די יידישע באפעלקערונג אין שטאט; די גרינדונג פון ערשטן געטא; די טראגעדיע פון יידישן געטא, געזען מיט די אויגן פון א נישט־ייד; עטאפן פון פארניכטן דאס געטא. די יידן זענען געווען די בויער פון בעלזעץ; טראנספארטן קיין בעלזעץ, זייער צאל, זייער פאר־פלאן, דאס מאנעווורירן מיט די צוגן, די באדינונג; דאס אויסזען זייערס; אויסלענדישע טראנספארטן און זייער באזונדער אויסזען; טראנספארטן פון נישט־יידן; די באקאנטשאפט מיטן טויטן־לאגער בעלזעץ; א יידישע פארטיזאנטקע אין באשרענקטן קליינעם ראווער געטא; הערא־ישער ווידערשטאנד און ענטגילטיקע ליקווידאציע; א פארטיזאנטקע פון דער פוילישער ווידערשטאנד־באוועגונג; די רעטונג פון צוויי יידישע מיידלעך פונעם בית־עלמין.

איך בין געבוירן אין יאר נײַנצנהונדערט צוואנציק אין זשולקעוו, ביי די עלטערן יאן און מאגדאלענע, פון דער היים קערניצקי. געווען דער עלטסטער ברודער פון נאך צוויי ברודער און 2 שוועסטער, וואס לעבן צוזאמען מיט די עלטערן אין פוילן און וואלטן גערן געוואלט קומען קיין ישראל און זיך דא באזעצן. די פאלקס־שול האב איך באזוכט אין ראווע, ווו מיין פאטער איז געווען דער פאסטאר פון דער קליינער באפטיסטישע געמיינדע. אויך דאס גימנאזיום האב איך דארט אנגעהויבן, אבער געענדיקט האב איך אין לעמבערג, דאס ליצעאום אויפן נאמען פון מיצקעוויטש.

דער קריגס־אויסברוך פון יאר 1939 האט מיך איבעראשט אין לעמבערג. איך בין דארט נישט לאנג געבליבן און צוריקגעפארן קיין ראווע, וועלכע איז אייניקע טעג שפעטער איבערגעגאנגען אין די הענט פון די רוסן, אזוי, אז פון יענער תקופה איז מיר גארנישט איבערגעבליבן אין זכרון, פון דער דייטשער באזעצונג. די רוסן זענען געבליבן אין ראווע ביזן דייטשן איבערפאל אין יוני 1941. די באציאונג פון דער אוקראאינישער באפעלקערונג צו יידן איז געווארן שרעקלעך שלעכט, תיכף נאכן דייטשן אריינמארש האבן שוין זיך אנגעהויבן די מארדן. מיט מיינע אייגענע אויגן האב איך צוגעזען שוין אין די ערשטע שעהן, ווי אוקראאינער האבן מערדערלעך געשלאגן און צום טויט פארפייניקט יידן. גלייך אין ערשטן טאג איז געווארן פארבאטן פאר יידן דאס גיין אויף די טראטוארן. אין הערבסט פון זעלבן יאר איז אויפגעשטעלט געווארן דאס געטא, ארומגערינגלט מיט א הויכער מויער און געדיכטן שטאכל־דראט. מען האט אהין אריינגעטריבן די יידן פון ראווע און פון א סך ארומיקע שטעטלעך ווי נעמיראוו, מאגעראוו, לוביטש און אנדערע. שפעטער זענען אויך געבראכט געווארן טראנספארטן מיט יידן פון לובאטשאוו, יאראסלאוו און פשעמישל.

קאמענדאנט פון געטא איז געווען האנס, אדער ווי ער האט זיך אויך גערופן היינריך גזשימעק, א סודעטן־דייטש אין דער ראנגע פון אן ס.ס.־הויפטמאן. זיין פרוי איז געווען א וואלגא־דייטשקע אין דער זעלבער ראנגע.ביידע זענען זיי געווען צוויי דעמאנען, געלט־און בלוטדארשטיקע. פיר מאל האבן זיי ארויפגעלייגט אויף דער יידישער באפעלקערונג קאנטריבוציעס. דאס ערשטע מאל אין דער הויך פון 25.000 דאלאר און שפעטער עפעס נידעריקער. און בא־

טראַכט־נעמענדיק, אַז די ייִדישע באַפעלקערונג האָט דאַן שוין אויסגעמאַכט קעגן אַ 7.000 נפשות, איז דאָס געווען כמעט אוממעגלעך צו שאַפן. איבערהויפט נאָך, ווען דאָס געטאָ איז געווען די גאַנצע צייט אַן אומאויפהערלעכער אָביעקט פון רויב פאַר דייטשע און אוקראַיִנישע באַנדעס. פאָרזיצנדער פון יודנראַט איז געווען דער אייגנטימער פון דער דראָגעריע, וואַטענבערג, דער פאָטער פון מיינעם אַ פערזענלעכן חבר, און דורך אים האָב איך מער ווייניקער געוווּסט כמעט פון אַלץ, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אין געטאָ. עס האָבן דאָרט געהערשט הונגער און אוממענטשלעכע נויט, טיפוס און אַנדערע עפּידעמיעס.

אין פרילינג 1942, אַז די ייִדישע באַפעלקערונג איז נישט מער געווען אומשטאַנד צו באַצאָלן די לעצטע קאָנטריבוציע, האָט גזשימעק מיט די אייגענע הענט געשאָסן ערובניקעס. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דער גסיסה פון ראַווער געטאָ. אַ געוויסע צאָל פון יונגע געזונטע ייִדישע מענטשן, האָבן נאָך געאַרבעט ביי האָלץ האַקן, אין אַרבעטסלאַגער „אָסט־באַן" און שפּעטער ביים אויפבויען פון פאַרניכטונגסלאַגער אין בעלזעץ. יונגע ייִדישע פרויען און מיידלעך האָבן געאַרבעט צוואַנגס־אַרבעטן אין דער ווילאַ פון גזשימעקן, ווי אויך אין מיליטערישן בוי־אַמט. אָבער אין יענער צייט האָבן שוין זייער פיל פון מיינע באַקאַנטע נישט מער געלעבט, צווישן זיי דער דענטיסט ליפּל, די פאַמיליע בינדער און אַ סך, אַ סך אַנדערע.

די ליקווידאַציע פון געטאָ האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דריי עטאַפּן. דער ערשטער עטאַפּ איז דורכגעפירט געוואָרן אויסשליסלעך און פערזענלעך דורך די דייטשן, אין דער צייט פון פסח 1942. די ערשטע קרבנות זענען געפאַלן זקנים, האַלב־קראַנקע, אומבאַהאָלפענע און קינדער, אין דער צאָל פון צווישן טויזנט ביז טויזנט פינפהונדערט פערזאָן. טיילווייז זענען זיי דערשאָסן געוואָרן אין געטאָ און טיילווייז אויפגעלאָדן אויף גרויסע אויטאָס און אַרויסגעפירט געוואָרן אין דערבייאיקן דאָרף הרעבענע, 5 ק"מ צפון־זייט פון ראַווע און דאָרט אויסגעמאָרדעט געוואָרן און באַגראָבן אין דריי גרויסע גריבער, וואָס יונגע ייִדישע מענטשן פון ראַווע האָבן מיט אַ פאָר טאָג פריער געמוזט אויסגראָבן.

אין צווייטן עטאַפּ, קעגן אַ 3 חדשים שפּעטער, איז די אַקציע דורכגעפירט געוואָרן בשותפות, דורך דייטשן און אוקראַיִנער. מען האָט געשאָסן ייִדן אין די הייזער און אויף די גאַסן, געוואָרפן קינדער לעבעדיקערהייט דורך די פענצטער פון די שטאָקן. קעגן אַ צוויי טויזנט פינפהונדערט מענטשן זענען אָנגעזאַמלט געוואָרן דורך אוניפאָרמירטע דייטשן און אוקראַיִנער, פאַר די טויערן פון געטאָ און אָפּגעפירט געוואָרן אויפן באַנהויף, וווּ מען האָט זיי פאַרלאָדן אין פראַכט־וואַגאָנען צו נייַנציק און הונדערט פערזאָן אין אַ וואַגאָן און אָפּגעפירט קיין בעלזעץ.

צו יענער צייט בין איך שוין געווען פאַרבונדן מיט דער פוילישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און צוזאַמען מיט נאָך אַ חבר פון דער באַוועגונג, איז מיר געלונגען אַרויסצוראַטעווען פון יענעם טראַנספּאָרט אַ ייִדישע פרוי, די פרוי פון אַ דאָקטאָר פון יאַראָסלאַוו, וועלכע האָט אויך שפּעטער דעם קריג איבערגעלעבט. אויסער דעם, האָבן זיך נאָך פון יענעם טראַנספּאָרט געראַטעוועט צוויי מענטשן פאַר אַ סך געלט און נאָך דריי אַנדערע דורך געוואַגטן אַנטלויפן און שפּרונגען פון צוג.

נאָך דער צווייטער ליקווידאַציע זענען געבליבן אין געטאָ בלויז אַרבעטער, וואָס האָבן באַזעסן אַרבעטס־פּאַפּירן. דערנאָך איז דאָס געטאָ געוואָרן צעטיילט. אַ קלענער טייל פון געוועזענעם געטאָ, אייגנטלעך בלויז דריי גרעסערע געביידעס (דאָס געוועזענע גימנאַזיום, דאָס זאַמד־בית־המדרש און נאָך איין הויז) זענען צוגעטיילט געוואָרן פאַר די לעבן־געבליבענע יונגע און געזונטע ייִדישע אַרבעטער און פאָליציי. די דאָזיקע הייזער זענען געווען אַרומגעצוימט, טיילווייז דורך אַ הויכער מויער און טיילווייז דורך הויכן שטאַכלדראָט. דער רעשט טייל פון ליידיק געוואָרענעם געטאָ איז איבערגעגאַנגען אין פּוילישע הענט.

ביז הערבסט 1942 האָבן די איינוווינער פון דאָזיקן איינגעשרומפּענעם געטאָ אין דער צאָל פון טויזנט פינהונדערט יונגע פערזאָנען געאַרבעט צוואַנגס־אַרבעט אין פאַרשידענע דייטשע אונטערנעמונגען. זיי זענען יעדן טאָג געפירט געוואָרן אין גרופּן, באַוואַכט דורך דייטשן און אוקראַיִנער צו דער אַרבעט. עס זענען געווען, וואָס האָבן געאַרבעט ביי דער באַן די שווערסטע אַרבעטן.

אין יענער צייט זענען שוין פאַרבייגעגאַנגען סיסטעמאַטיש דורך ראַווע צוגן, אָנגעפּולטע מיט ייִדן, קיין בעלזעץ צום פאַרניכטן. יעדער פון די דאָזיקע צוגן — און זייט הערבסט 1943 זענען שוין פאַרבייגעגאַנגען 3—2 צוגן אַ טאָג — האָט זיך געמוזט פאַרהאַלטן אין ראַווע אויף אַ האַלבער שעה, ביז פון בעלזעץ איז געקומען אַ טעלעפאָנישע מעלדונג, אַז דער צוג קען אַריינפאָרן; די דאָזיקע טעלעפאָנישע מעלדונג האָט אָפּגענומען אַ ספּעציעלער קאָמענדאַנט, אַ דייטש, וואָס האָט אַמטירט צו דעם צוועק און איז געשטאַנען אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט דער קאָמאַנדאַטור פון לאַגער אין בעלזעץ. יעדער טראַנספּאָרט האָט אין אָנהויב געציילט ביז 60 וואַגאָנען און אין יעדן וואַגאָן קעגן אַ 100 נפשות. כמעט אַלע טראַנספּאָרטן זענען געגאַנגען איבער ראַוואַ־רוסקאַ; עס זענען אָבער אויך געווען אויסנאַמען —

און די צוגן זענען געלענקט געוואָרן איבער לובלין און רעיאַוויעץ, קראַסנאָסטאַוו און סושעץ.

איבער ראַווע זענען געגאַנגען אַלע טראַנספּאָרטן פון אויסלאַנד און אין דער גרעסטער טייל פון מערב־פּוילן און גאַליציען. אויב עס זענען געווען טראַנספּאָרטן פון פּוילן, ווי לעמבערג אָדער קראָקע, זענען דאָס געווען דריי אַ טאָג. אויב פון אויסלאַנד — בלויז צוויי: איינער 10 אַזייגער אין דער פרי און דער צווייטער צווישן צוויי און דריי אַזייגער נאָכמיטאָג.

אָנהייבנדיק פון זומער 1942 ביזן הערבסט פון דאָזיקן יאָר, זענען די טראַנספּאָרטן געפירט געוואָרן אין לאַסטוואַגאָנען, פאַרמאַכטע אָבער נישט פאַרקראַטעוועטע פענצטער. די דייטשע וואַך האָט זיך געפונען אין לעצטן וואַגאָן פון צוג, באַוואָפנט מיט מאַשין־געווער; צווישן די וואַגאָנען איז נישט געווען קיין שמירה. די מענטשן זענען נאָך געווען גוט אָנגעטון און באַזעסן ווערטזאַכן, פאַר וועלכע זיי האָבן פון די באַן־באַדינטע נאָך געקאָנט קויפן עפּעס צו עסן, אָבער הויפּטזעכלעך וואַסער צום טרינקען. מען האָט נאָך געקאָנט מיט זיי רעדן.

די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער באַן־סטאַציע, האָבן זיי געוואָרנט, אַז אויף אַ מרחק פון אַכצן קילאָמעטער וואַרט אויף זיי אַ טויטן־לאַגער. די מענטשן אין די וואַגאָנען האָבן עס נישט געוואָלט גלויבן און אַפילו געלאַכט דערפון, זייענדיק איבערצייגט, אַז די דייטשן פירן זיי אויף אַרבעט.

איך געדענק גענוי, ווי היינט, אַ טראַנספּאָרט מיט יידן פון גריכנלאַנד. די וואַגאָנען זענען געווען גאַנץ אָפן. מענער און פרויען אין עלעגאַנטע קאָסטיומען, מיט מגן־דוד אָפּצייכן אין די לאַצן, ווי דאָס וואָלט געווען אַ שמוקשטיק, האָבן געטאַנצט אין סאַלאָן־וואַגאָן, באַגלייט דורך די קלאַנגען פון אַן אָרקעסטער. אַ באַרימטער דאָקטאָר, וואָס איז מיט זיי געווען, האָט אין אַ ספּעציעלן וואַגאָן מיטגעהאַט אַלע זיינע אינסטרומענטן און, אַז ער איז אין ראַווע אויסגעשטיגן פון צוג, האָט ער זיך געווענדעט צו די ס. ס. לייט, וואָס האָבן דעם צוג באַוואַכט, מיט דער ביטע זיי זאָלן ווייטער אויפפּאַסן אויף די קראַנקע פון צוג. די דייטשע צוג־באַוואַכונג האָט זיך באַנומען העפלעך צו די מענטשן און ס.ס. לייט האָבן אַפילו געטאַנצט מיט די יידישע פרויען, און אָט פלוצים האָט זיך אַ יידישער יונגער מאַן אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און אָנגעהויבן שרייען צו די יידן אין צוג, אַז דאָס פירט מען זיי צום טויט, האָט אים אַן ס. ס. מאַן דערשאָסן און דערקלערט, אַז דער ייד איז געווען משוגע.

אין די שפּעטערדיקע חדשים אָבער, זענען די צוגן אָנגעקומען יעדעס מאָל אין אַן ענגערן צושטאַנד. די פענצטער זענען שוין געווען פאַרקראַטעוועטע און אַ וואַך ביי יעדן וואַגאָן. עס האָבן אָנגעהויבן פאַרבייפאָרן צוגן מיט וואַגאָנען פון קאַלך. זייט ווינטער זענען שוין די מענטשן געווען נאַקעט און האָבן אויסגעזען ווי שקעלעטן. אין ליידיקע וואַגאָנען, וואָס זענען דורכגעפאָרן דורך ראַווע, האָט מען געפונען לעכער, וואָס יידן האָבן מיט נעגעל און ציין אויסגעביסן, כדי צו קענען דורך זיי אַרויסוואַרפן קינדער אָדער אַליין אַרויסשפּרינגען ווען דער צוג איז געגאַנגען.

אויף די שינעס האָט מען טאָגטעגלעך געפונען טויטע קערפּער פון איינצלנע, אָדער אויך צענטליקער אַזעלכע, וואָס זענען געשפּרונגען פון די צוגן. די פעלדער לענגאויס די גלייזן, זענען געווען באַזייט מיט געלט און ווערט־זאַכן, וואָס די מענטשן האָבן פון די צוגן אַרויסגעוואָרפן, כדי זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין די מערדערישע הענט. אין אַ סך פאַלן, ווען עס איז געלונגען צו בלייבן לעבן נאָכן שפּרינגען פון צוג, איז דער קרבן אַ טאָג צוויי שפּעטער, אויסגעגאַנגען פון הונגער און הויפּטזעכלעך פון קעלט. די מענטשן זענען געווען טיילווייז און אויך גאַנץ נאַקעט. עס איז מיר נישט באַקאַנט אַפילו איינער אַ פאַל, ווי די פּוילישע אָדער אוקראַינישע באַפעלקערונג, זאָל האָבן אַזאַ ייד נישט נאָר געראַטעוועט דאָס לעבן, נאָר אַפילו געהאָלפן מיט אַ ביסן ברויט.

די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן באַפעלן, צו מעלדן זיי וועגן יעדן נאַקעטן מענטש און די גויעשע באַפעלקערונג האָט זיי אויסגעפירט כמעט אויף 100 פּראָצענט. דאָס האָט אַזוי געדויערט ביזן זומער 1943. דאַן בין איך איבערגעפירט געוואָרן צו אַן אַנדער אַרבעט, און דאָ, איז מיר געלונגען, אַלס הייצער פון אַ לאָקאָמאָטיוו אַריינצודרינגען טיף, כמעט ביז אין סאַמע טויטנלאַגער פון בעלזעץ.

דער איינפאָר קיין בעלזעץ איז פאָרגעקומען מיטן אָננעמען אַלע פאָרזיכטס־מיטלען, כדי די פּוילישע באַדינונג פון צוג זאָל נישט באַקומען קיין שום ידיעה דערפון, וואָס עס קומט פאָר אויפן אָרט. פון ראַווע ביז בעלזעץ איז די ליניע געווען פרייגעשטעלט בלויז פאַר די טויטן־טראַנספּאָרטן און די צוגן פלעגן פאָרן מיט אַ ריזיקער שנעלקייט. אויפן באַנהויף פון בעלזעץ, אויף אַ זייטן־אָפּצווייג, וואָס האָט געפירט אין טויטנלאַגער, איז אָפּגעטשעפּעט געוואָרן פון צוג דער לעצטער וואַגאָן, ווי עס איז געפאָרן די וואַך. ס. ס. וועכטער מיטן אָפּצייכן פון „טויטן־קאָפּ” זענען געבליבן אויף די טרעפּ פון אַלע וואַגאָנען. דאַן האָט מען אויך דעם לאָקאָמאָטיוו אָפּגעטשעפּעט און דער לעצטער האָט מיט איין שטויס אַריינגעשטויסן דעם צוג ביז די טויערן פון די טויטנקאַמערן אין לאַגער. דער לאָקאָמאָטיוו איז דאַן שנעל צוגעטשעפּעט געוואָרן צו אַ ליידיקן צוג, וואָס האָט געוואַרט צו ווערן צוריקגעפירט קיין ראַווע, כדי דאַן ווידער

צוריקצוקומען מיט פרישע קרבנות. פון דער ווייטנס איז מיר בלויז געלונגען צו זען, ווי אין לאַגער האָבן זיך אַרומגעדרייט לייט מיט גרויסע בייזע הונט.

איבער ראַווא־רוסקאַ פלעגן גיין, ווי עס איז מיר באַקאַנט פון אייגענער דערפאַרונג, טראַנספאָרטן פון עסטרייך, אונגאַרן, רומעניען, גריכנלאַנד, יוגאָסלאַוויען און די אַנדערע באַלקאַן־לענדער קיין בעלזעץ.

אין בעלזעץ זענען אויך דערמאָרדעט געוואָרן צוזאַמען מיט די יידן, אין אָנהויב 1944 אַלע איטאַליענישע אָפיצירן, וועלכע זענען ווינטער 1943־44 צוזאַמען מיט זייערע דריי פולקן סאָלדאַטן אַנטוואָפנט געוואָרן און אינטערנירט אין וואַגאָנען אויף אַ זייטן־גלייז פון ראַווער באַנהויף.

דאָס איז געשען אין דער צייט, ווען די דייטש־איטאַליענישע אַקס האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען און, אַז זי איז זיך ווירקלעך אייניקע מאָנאַט שפעטער צעפאַלן, האָבן די דייטשן די דאָזיקע אָפיצירן פאַרגאַזט צוזאַמען מיט די יידן אין בעלזעץ. די סאָלדאַטן האָבן זיי אין אייניקע טראַנספאָרטן אַרויסגעפירט אויף די פראָנטן אין דרום, און קענענדיק די גרויזאַמקייט פון די דייטשן, איז מער ווי זיכער, אַז זיי זענען דאָרט ביזן לעצטן געוואָרן אויסגעמאָרדעט.

בעת זייער צוואַנגס־אויפהאַלט אויפן באַנהויף אין ראַווע האָבן די איטאַליענער אַרויסגעוויזן אַ סך מענטשלעכקייט קעגנאיבער די פאַרפאָלגטע יידן. עס איז נישט איינמאָל דערגאַנגען צו בלוטיקע שלעגערייען צווישן זיי און די דייטשן. אויך איז די איטאַליענער געלונגען אויסצובאַהאַלטן עטוואָס וואָפן און, ווי עס איז מיר באַקאַנט, איז אַ טייל דערפון איבערגעגאַנגען אין יידישע הענט, ווו עס האָט שוין זייט אַ לאַנגע צייט עקזיסטירט אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אויך איז מיר באַקאַנט, אַז אין בעלזעץ איז פאַרניכטעט געוואָרן אַ גרעסערע גרופע יוגאָסלאַווישע קריגס־געפאַנגענע אונטערן אויסרייד, אַז זיי זענען פאַרטיזאַנען. איך האָב זיי מיט די אייגענע אויגן געזען פאַרבייפאָרן אין מיליטערישע אוניפאָרמען איבערן באַנהויף אין ראַווע און זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען יוגאָסלאַוון, וואָס האָבן געקעמפט קעגן די דייטשן. דאָס איז געווען אין יאָר 1943. אויסער דעם איז מיר באַקאַנט, אַז די גאַנצע לייטונג פון טויט־לאַגער בעלזעץ איז באַשטאַנען פון דייטשע ס. ס. לייט. דאַקעגן די נידעריקערע אַרבעטן און באַוואַכונג האָבן אויסגעפירט דייטשן פון דער וואָלגאַ, וועלכע האָבן צווישן זיך גערעדט רוסיש. די דאָזיקע גרופע איז אַליין ליקווידירט געוואָרן דורך אַ ספעציעלער אָפטיילונג פון דער דייטשער ס. ס. בעתן ליקווידירן דעם לאַגער, כדי צו פאַרווישן אַלע שפאָרן הינטער זיך.

אין אַזעלכע באַדינגונגען איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די רעשטלעך פון ראַווער געטאָ זענען געוואָרן פאַראורטיילט צו פאַרניכטונג. די יידישע יוגנט, די אַרבעטסקרעפטע, וואָס איז בלויז געבליבן לעבן אין געטאָ נאָך דער צווייטער אַקציע, האָט זיך אָפגעגעבן אַ קלאָרן דין־וחשבון פון דער לאַגע און האָט באַשלאָסן, נאָר פאַר אַ טייערן פרייז צו פאַרקויפן זייער לעבן.

אין הערבסט 1943 האָבן די דייטשן אויסזאָרטירט, פון צווישן די לעצטע איינוווינער פון געטאָ, אַ גרופע פון אַ 400—500 פערזאָן און האָבן זיי באַשעפטיקט מיט אַרבעטן ביי דער באַן. אויפן געביט פון באַנהויף זענען אויפגעבויט געוואָרן ריזיקע באַראַקן און די דאָזיקע גרופע איז דאָרט איינקוואַרטירט געוואָרן אויף סטאַביל. זיי האָבן זיך דאָרט געפונען אונטער פערזענלעכער קאָמאַנדאָ פון קאָמענדאַנט פרוינד. דער לייטער פון אַ ריזיקער האָלץ־אונטערנעמונג. קעגן אַ צוויי וואָכן שפעטער, זענען די דייטשן צוגעטראָטן צום ליקווידירן דאָס לעצטע רעשטל פון געטאָ. די איינוווינער פון געטאָ האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין קעלערס. אויף דער אויפפאָדערונג פון די דייטשן, די דאָזיקע צו פאַרלאָזן, כדי אַריבערצוגיין אויף אַנדערע פלעצער צו אַרבעט, האָבן זיי נישט געענטפערט. און אַז די דייטשן האָבן אָנגעהויבן באַשיסן די וווינונגען און קעלערס, האָבן די יידן געענטפערט מיט אַ שיסעריי און האַנטגראַנאַטן. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ רעגולערער פייער־אויסטויש און פון דער דייטשער זייט האָט איבערגענומען דאָס קאָמאַנדאָ די בעסטיע אין פרויענגעשטאַלט, פרוי גזשימעק, וועלכע איז נישט געווען צופרידן מיט דער פירונג פון איר מאַן. די פרוי גזשימעק האָט געלאָזט אין אַקציע פייערוואַרפערס, וועלכע האָבן אָנגעצונדן די הייזער. די, זיך ראַטעווענדיקע יידן אויס די ברענענדיקע פלאַמען, האָט זי אייגנהענטיק געשאָסן מיט איר מאַשין־געווער. דער פאַרצווייפלטער קאַמף האָט געדויערט אַ גאַנצן מעת־לעת, בוכשטעבלעך ביזן לעצטן ייד אין געטאָ.

נאָך דער דאָזיקער אַקציע איז נאָך געבליבן די איינציקע גרופע, וואָס האָט געאַרבעט ביי דער באַן. אָבער אויך די גרופע איז ליקווידירט געוואָרן דורך די דייטשן אויף דער וואָלקאָוויצע, אַ באַרג 2—3 קמ׳ הינטער ראַווע, אייניקע מאָנאַטן שפעטער, אין צוויי אָדער דריי עטאַפן, אָפהענגיק פון דער אַרבעט, וואָס זיי האָבן אויסגעפירט.

ווי מיר איז באַקאַנט האָט דער גרעסטער טייל פון די דאָזיקע יידן געאַרבעט ביים באַגראָבן רוסישע קריגס־געפאַנגענע. זייער לאַגער האָט זיך געפונען נאָענט פון ראַווע. פופצן טויזנט רוסישע קריגס־געפאַנגענע זענען דאָרט אומגעקומען פון הונגער און קעלט אין משך פון דריי חדשים.

צום סוף נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן זיך אַליין:

ווי אויבן דערמאָנט בין איך אין יענער צייט געווען אָנגעשלאָסן אָן אַ ווידערשטאַנדס־גרופּע און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, איז מיר אויסגעקומען אײנמאָל דינסטלעך צו באַזוכן נאַראָל. דאָרט האָבן איך אויפן בית־עלמין געפונעם אַ יידיש מיידל, מרים קאָרמאַן פון וואַרשע, וואָס האָט זיך נאָכן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ פון דאָרט געראַטעוועט, דערנאָך אָבער געכאַפּט געוואָרן און אָפּגעשיקט קיין בעלזעץ עס איז איר געלונגען צו שפּרינגען פון צוג, אין לעצטן מאָמענט פאַרן אַריינשטויסן דעם צוג אין טויטנלאַגער און נאָך גרויסע אוממענטשלעכע יסורים אָנצוקומען ביז אויפן בית־עלמין אין נאַראָל, אַ 13—12 קמ׳ פון בעלזעץ. זייט 3 חדשים האָט זי זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קבר אויפן בית־עלמין צוזאַמען מיט נאָך איין יידיש מיידל. איך האָב זי פון דאָרט אַוועקגענומען און געברענגט צו מיין ווידערשטאַנד־גרופּע און נאָכדעם, ווי זי האָט זיך אַ ביסל צוריקגעשטעלט אויף די פיס, איז זי געוואָרן איינע פון די איבערגעגעבנסטע מענטשן פון אונדזער גרופּע.

היינט איז זי מיין פרוי, מיר האָבן געהייראַט אין יאָר 1944, אין זעלבן יאָר איז געבוירן געוואָרן אונדזער ערשטע טאָכטער רות. נאָכן צוזאַמענברוך פון דייטשלאַנד האָבן מיר געוווינט קודם אין נאַראָל און שפּעטער אין אַ שטעטל ביי לאָדזש; אָבער אַזוי ווי אַלס באַפּטיסטישער גייסטלעכער איז מיר אויסגעקומען נישט איינמאָל אויסצושטיין אומאַנגענעמע מאָמענטן אין נייעם פוילן, האָבן מיר באַשלאָסן און עולה געווען קיין ישראל אין יאָר 1957, אַ יאָר נאָכדעם ווי מיין פרוי האָט געבוירן דעם זון טאָמאַס.

אונדזער לעבן אין ישראל איז נישט זייער לייכט, טראָץ מיין פּאָזיטיווע שטעלונג צום לאַנד. געוויס שוועריקייטן האָבן מיר שוין הינטער זיך און אַוודאי אויך נישט ווייניק פאַר זיך אָבער מיר זענען גליקלעך צו לעבן אין הייליקן לאַנד אין דער טיפער איבערצייגונג, אַז מיר, ווי אויך אונדזערע קינדער געפונען זיך אויפן ריכטיקן פּלאַץ.

* דאָקומענט פון „יד ושם״.



קבלת־פּנים די געסט־חברים: המערשמיד און טריבער אין דער וווינונג פון אידה און יצחק לעווזיצן פון רעכטס: בלומא רובין; יעקב טריבער; ברוך האַמערשמיד; חיה קרעמערמאַן.
שטייען: זיגמונט צימערמאַן; ישראל טריבער; עוואַ שטיינפעלד; אליעזר און טובה רעכעס; דבורה און דוד גרינשטיין; מאַטאַלע שעכטער־צימערמאַן; משה יעקב שטיינפעלד; צבי קרעמערמאַן.

## דאס אייביקע ליד

וואָלף סאמבאַל

היטלער האַט אַ נעץ פֿאַרפֿלאָכטן,
אַ גרויסע שחיטה געמאַכט אַ מאָל:
יונג און אַלט האָט ער געשאָכטן,
און נישט געבראַכט זיי צו קבר ישראל.

מוזט אייביק וויינען, טאָרסט נישט רוען
זאָלסט נישט פֿאַרגעסן. דאָס דו ביסט אַ ייד:

טרויער מעלאָדיען זאָלן זיך ציען!
דעם טאַטנס בלוט, עס קאָכט און עס זיד!

נישט קיין קדיש און נישט קיין יאָרצייט,
עס שנייד דאָס האַרץ נאָך מער און מער:
שענק די יונגע און די אַלטע לייט —
מער געוויין און נאָך איין ביטערע טרער.




## נחלצתי מבור הקבר

מוני גרואר

זכרוני הראשון נעוץ באוגוסט שנת 1939 ; זעקותיה של זקנה בפתח ביתנו, ברחוב סובייסקי 7, בראווה־רוסקה. אבי ז״ל פותח את הדלת ורואה חייל גרמני מכה את גב׳ קנובליך. אבי שואל אותו מדוע הוא עושה זאת, ותשובתו היא שזו יהודיה. על שאלת אבי מי לימד אותו להתנהג בדרך זו, עונה החייל: „הפיהרר שלנו". תגובת אבי: „אכן, אדם נחמד הוא הפיהרר שלכם".

אבי, עוזר גרואר, היה, כפי שנהג לספר לנו ברוב גאווה, אחד הציונים הראשונים בעירנו ראווה־רוסקה. פעם, בליל שבת, ערכו אבי וכמה מידידיו פגישה ציונית במחתרת. לפתע הגיעו כמה יהודים חרדים והשליכו פנימה סיר עם צואה, ובמקרה פגעו דווקא באבי. אבי ניקה את מכנסיו ושמר עליהם למזכרת עד ליומו האחרון.

כאשר החלו לגרש את היהודים לסיביר היתה אמי הולכת בבוקר השכם אל תחנת הרכבת ומביאה להם מזון ומשקה חם. זאת שמעתי מפי אנשים הנמצאים היום בישראל.

אני ואחותי היחידה האהובה, רגינה, נמנים עם המעטים שעברו את כל הפעולות וכל האקציות עד להפיכתה של ראווה־רוסקה לעיר „טהורה" מיהודים.

בשלהי 1942, בשעת אקציה, עצרו את אחותי רגינה והעבירוה לבלזץ. בבוקר, בשעה 5, עמד המשלוח לצאת לדרכו. בשעה 3 לפנות בוקר הלכה אמי ז״ל עם כל תכשיטיה אל

תחנת הרכבת, ואחותי היתה היחידה שהצליחה לחמוק מן המשלוח. כיצד עשתה זאת אמי — סוד הוא לי עד היום הזה.

אחרי־כן החלטנו כי על אחותי לעזוב את המקום בכל ההקדם. הכנתי לה את כל הניירות על השם קאטאזשינה צ׳וך, וברוב מזל הצליחה לעבור את מחנה־המעבר בקראקאו ולהגיע לוינה. שם עבדה כמשרתת אצל קצין ס״ס בכיר. אני הייתי מקבל ממנה מכתבים על שמו של ידידי הנוצרי זבישק קרופ־יובסקי. כאשר הצלחנו במשימה, שוב לא ידעתי מנוח והחלטתי להשפיע על ידידי השכנים, בני משפחת קורמן, שיצילו בדרך זו את הבת היחידה, טאובה. מסרתי לה את כל הניירות על שם אננה סטעמפען, ותיאמתי עם ידידי הנוצרי, שימתין לנו בחורשת פוטאליש. הגענו לחורשה, וטאובה המשיכה את דרכה עד לגרמניה. שם החלה לעבוד, וכך נותרה בחיים.



אני בתור כומר, איך אלס גלח

אני נשארתי בראווה־רוסקה. התחבאתי במנזר בהסכמת הכומר פודצ׳רוינסקי, שהיה ידיד ביתנו. יום אחד בא אלי לפתע נאמן המנזר ומבקש ממני לבוא עמו אל מקום מחבואו של שכננו הרב טברסקי. בהגיעי הוא מתחנן לפני, כשדמעות זולגות מעיניו, כי אדאג לבנו הצעיר, מוטלה, ושאקחו עמי לאן שאפנה, שכן ידע כי בדעתי להימלט לגרמניה. אך עם כל רצוני הטוב לא יכולתי למלא את מבוקשו. הייתי מוכרח לעזוב מיד, כי כל דקה היתה יקרה, ולא תמיד אנו יכולים לנהוג על־פי הרצוי לנו. הלכתי להיפרד מהורי שהתחבאו אצל משפחת כץ השכנה. שעה לפני־כן עצרו את אבי, כשיצא מהמחבוא כדי להשיג מזון. דבריה האחרונים של אמי, כשנפרדתי ממנה, היו: „הרגשתי היא כי אתה ורגינה תינצלו. היו יחדיו, ומובטחני כי תצליחו בדרככם״.

בדרכי נעצרתי, ויחד עם אחרים נאלצתי לסלק גוויות של יהודים מהרחוב, להעמיס אותן על עגלה ולהעבירן אל בית הקברות. שם פגשתי את ישעיה גרואר, חסקל הפטלר, אלטר ואחרים. לפתע אני מבחין לידי בגוויות של איז׳יו טאוברג, אולש קונר — שניהם הילדים של דודי: יוסף ובנימין רייטר; כן ראיתי את גוויתו של ראש המשטרה היהודית, אלטשילר. חיפשתי בכליו ומצאתי ניירות של אריים ואקדח. לקחתי אותם והחבאתי אצלי.

כשסיימנו את הקבורה ציוו עלינו להיכנס לתוך בור ולקבור איש את רעהו בעודנו חיים. אז בא אלי ישעיה גרואר וסיפר לי כי זביגניעוו קורופיובסקי מחפש אותי. בלי לחשוב הרבה לבשתי מעיל קצר שחור והלכתי לשער בית הקברות. שם עמד איש מיליציה אוקראיני חמוש ברובה. הוא כיוון אותו אלי ושאלני לאן אני הולך. השבתי בשקט, שיש לי מכתב והוראה מקצין הבולשת להביא לו ביצים. הלכתי לדרכי, הורדתי מהשרוול את סרט המשטרה והמשכתי לכיוון תחנת הרכבת. שם עבד אביו של ידידי הנוצרי, מר שלק יוסף, ככרטיסן. הצלחתי להגיע לביתו. שם נודע לי מתי תצא הרכבת לקראקאו, ונאמר לי כי עלי להמתין לה במרחק 100 מטר מן התחנה, וכשתבוא — לזנק לתוכה תוך כדי נסיעה.

בקרבת התחנה היו צינורות חלודים רחבים. נכנסתי לאחד מהם, ושם המתנתי שעות אחדות לבוא הרכבת. בדיוק בהתאם לתכנית קפצתי על הרכבת תוך כדי נסיעה והתיישבתי באחד המקומות. בשעת ביקורת הכרטיסים זיהה אותי מיד המבקר, פולה, כיהודי. הוא קרא לי אל תאו, וציווה עלי לפשוט את המכנסיים. לא השתהיתי הרבה ושאלתי כמה עלי לשלם. שילמתי, והמשכתי בנסיעה לקראקאו.

כשהגעתי לקראקאו הלכתי לרחוב וולניצ׳ה, שם היתה לשכת העבודה ומחנה המעבר, והתייצבתי כפולני המתנדב לעבודה בגרמניה. היו שם הרבה פולנים ואוקראינים שביקשו לנסוע לעבודה בגרמניה. ככולם הייתי צריך להתפשט לבדיקה רפואית. התייצבתי לפני רופא הס״ס המביט בי ורואה כי אני מלוכלך ושערי מגודל. לא רצה לגעת בי מפחד הכינים. לידו היה ספר פולני נוצרי, והרופא אמר לו כי יגלח אותי מראש עד כף רגל בטרם אשוב אליו. בשעת המלאכה שאל אותי הספר אם אני יהודי. השבתי בפולנית, בשקט, כי כן הדבר. שאל אותי לאן פני, ואמרתי כי ברצוני להגיע לגרמניה כדי למלט את נפשי. בשקט הוא איחל לי הצלחה. לא שבתי עוד לרופא הס״ס. עברתי לפקיד אחר, ואצלו קיבלתי את כל הניירות לנסיעה.

ב־21 בדצמבר 1942, על־פי הרשום בכרטיס העבודה שלי, הגעתי לגרמניה, לחבל רוהר־ווסטפאליה. מיד הדביקו לי סמל „פ״, משמע, פולני. התחלתי לעבוד בבנין.

בכל יום ראשון, בשעה 10 בבוקר, היה עלינו ללכת לכנ־סיה לתפילה. לא הרשו לפולנים ולרוסים ללכת יחד עם זרים אחרים כגון צרפתים, בלגים והולנדים. בשעת תפילה בכנסיה הקתולית שורר שקט רב כל־כך שאפשר לשמוע את נפילתה

של מחט. כל עמיתי מתפללים בשפה הפולנית, ואילו אני — בלטינית, שאותה למדתי בגימנסיה. הכומר שומע שמישהו מתפלל בלטינית, והוא הולך בכיוון המתפלל. כשניצב לידי איני מגלה סימן כלשהו וממשיך את תפילתי על כל גינוניה.



הורי: עוזר וגולדה גרואר הי״ד

בתום התפילה הזמין אותי הכומר ללשכתו וקיבל את פני באדיבות. לשאלותיו עניתי כי שמי זבישעק קרופיובסקי, כי נולדתי בלמברג, וכי למדתי, בגימנסיה ההומניסטית, גרמנית ולטינית. כך הצלחתי „לתפוס שתי ציפורים במכה אחת״. הכומר הסביר לי, כי הוא יודע שהפולנים אדוקים מאוד, אך קשה לו לדבר עמם; לכן שאל אם אני מוכן לעזור לו. כמובן, הסכמתי לכך ברצון, והכומר שיחרר אותי ממקום עבודתי בבנין ואני נשארתי בכנסיה.

במקצועי החדש עשיתי חיל. תוך שבועיים למדתי את הכל בהדרכת הכומר. קיבלתי מלבושי קודש, וגם צלב, והתייחסתי לכל ברצינות רבה. הצלחתי עד כדי כך שעמיתי הפולנים כינו אותי „אבינו״. ברחוב נישקו ילדי הפולנים את בגדי והבריות ברכוני בברכה הקדושה: „יהא יזוס קריסטוס מבורך״. נערות וצעירים באו אלי לווידוי, ומובן מאליו כי הענקתי להם את סליחת האל. קברתי את המתים וחיתנתי את החיים.

כך המשכתי לעבוד עוד 4 חודשים, עד אוגוסט 1945, כשהגיעו האנגלים. עתה נשלחתי לפולין כדי לסייע לעמיתי הפולנים. בקראקאו פגשתי את אחותי האהובה היחידה רגינה, שנמצאה אצל משפחת קלאגר. אחותי רגינת ערכה מיד את כל הסידורים, שילמה את הכל (שכן לא היתה לי פרוטה), ובאמצעות הצלב האדום נסענו למינכן. אחותי רגינה החלה מיד לעבוד, בבית-ספר המקצועי „אורט״; בכך המשיכה את עבודתה מלפני המלחמה, כששימשה מורה מקצועית אצל ד״ר קלפטן. בזכות ידיעותיה המקצועיות התקדמה והפכה למנהלת בתי-הספר המקצועיים של „אורט״ בגרמניה. ממשכורתה חסכנו כסף, ובמינכן סיימתי את הלימודים בבית-ספר לדפוס.

בכוחות משותפים הבאנו לישראל מכונת-דפוס-אופסט חדישה ושנינו עובדים יחד תחת השם המשותף „רגינה ומוניה גראור — בית דפוס אופסט וספרים״. אני מתגורר בתל-אביב, נשוי ואב לשלושה ילדים. הילדים סיימו את בית-הספר התי-כון „צייטלין״. הבן הבכור כבר ממלא את מצוותו הלאומית ומשרת בצה״ל.

## אין האלאנד ערב דער פארניכטונג

איטשי יוסט

דאָס רואיקע, סאָלידע לעבן אין האָלאַנד האָט אויך גע־האַט איר פּסיכאָלאָגישע אויסווירקונג אויף דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג דאָרט.

דאָס האָלענדישע יידנטום האָט געציילט ערב דעם צווייטן וועלט-קריג 120 טויזנט נפשות, אַלט-איינגעזעסענע פון דורות-לאַנג און ניי-צוגעקומענע פון נאָכן ערשטן וועלט־קריג ביז דער לעצטער צייט. דאָס יידנטום האָט דאָרט גע־האַט אַ גרויסע און רייכע פאַרגאַנגענהייט. האָט אויך אַרויס־געגעבן פיל גרויסע פערזענלעכקייטן אויף אַלע געביטן.

דאָס האָלענדישע פאָלק איז געווען און איז ווייטער אין איר גרויסער מערהייט ווייט פון שנאה צו יידן און זיך לאָיאַל צו זיי באַצויגן. נאַטירלעך זענען געווען אַנטיסעמיטן. ווי אויך אַזוינע, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די נאַציס. אָבער אין אַלגעמיין איז דאָס פאָלק, די פירער פון די פּאָ־ליטישע פּאַרטייען, דער קעניגלעכער הויף, די מיניסטאָרן, געווען פריינטלעך געשטימט צום יידנטום און צו אירע יידי־שע בירגער.

ווען די נאַציס האָבן באַזעצט האָלאַנד און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די אַנטי יידישע פאַראָרדענונגען, האָבן אויך די האָלענדישע איינוווינער געפּרוּווט זיך אַנטקעגנשטעלן די באַפעלן און אויסגעדריקט זייער סאָלידאַריטעט מיטן אָנטאָן אויפן אָרבל די געלע לאַטע, ווי אויך אַ סך מאָל שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן די אַנטי יידישע געזעצן. די פּאָרט-אַר־בעטער אין אַמסטערדאַם האָבן אָרגאַניזירט אַ גרויסן שטרייק און זיי האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט בלוט און קרבנות. אַן עדות דערפאַר איז דער באַוווּסטער דענקמאָל, וואָס דאָס האָלענדישע פאָלק האָט אַוועקגעשטעלט די פּאָרט-אַרבעטער, צום שאַנד פון די רוצחים און צום כבוד פון די מענטשן,

וועלכע האָבן זייער לעבן איינגעשטעלט צוליב סאָלידאַרי־טעט מיט יידן.

ס'איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידן דאַרפן זיך רעגיס־טרירן, בכדי אַרויסגעשיקט צו ווערן צו אַרבעט קיין פוילן. די האָלענדישע יידן, זייענדיק דערצויגן פון דורות־אָן צו גלויבן פאַראָרדענונגען פון די רעגירונגען, האָבן לײַדער אויך געגלויבט די נאַציסטישע רוצחים, וואָס האָבן אַלץ אויס־פּלאַנירט און אויסגערעכנט, ווי אַזוי צוערשט אַריינאַרן די יידן און דערנאָך פאַרניכטן. דעריבער האָט דאָס האָלענדישע יידנטום באַצאָלט מיט אַזאַ הויכן פּראָצענט פון קרבנות, ווייל בסך הכל זענען געבליבן נאָך דער טאָטאַלער פאַרניכטונג קוים צוואַנציק טויזנט יידן אין האָלאַנד.

מיין פרוי, חיה, און איך האָבן געהאַט אַן אַנדער אַפּשאַ־צונג און מיר האָבן באַשלאָסן פּרובירן אַן אַנדערן וועג, בכדי זיך ראַטעווען. מיר האָבן אַנגעהויבן נעכטיקן ביי די שכנים, זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע פּלעצער און צו לעצט געפּלאָנט, ווי אַזוי אַרויס פון האָלאַנד. די געסטאַפּאָ־לײַט זענען אַלע מאָל, לויט די שכנים האָבן אונדז דערציילט, גע־קומען מיט ליסטעס און זיך נאָכגעפרעגט אויף אונדז. אָבער מיר האָבן זיי נישט געוואָלט צוליב טאָן און אַנגעהויבן אונ־דזערע וואַנדערונגען קיין בעלגיע, קיין פראַנקרייך, צו דער ווישי טייל פון פראַנקרייך.

שווער און ביטערע טעג, לאַנגע און זאָרגנדיקע נעכט האָבן מיר מיטגעמאַכט. נישט איין מאָל האָבן אונדזערע לעבנס געהאָנגען אויף אַ פאָדים. מיר האָבן זיך געשלעפּט מיט אונדזערע צוויי קליינינקע טעכטערלעך, צילה און דינה, זיך גוט געמוטשעט און געפּלאָגט. אַ געוואַלדיקער רחמנות איז געווען אויף די צוויי קליינע טייבעלעך. נישט איין מאָל מיט הויכן פיבער און אַנדערע שמערצן געזוכט אַ פּלאַץ אויף אַנידערצולייגן דעם קאָפּ, קומען אַ ביסל צו זיך און זוכן ווייטער אַן אויסוועג.

ענדלעך האָבן מיר זיך דעצידירט אויף אַ געוואַגטן פּלאַן, פול מיט מוט, ריזיקאַליש, אָבער וואָס גיט אויך שטראַלן פון האָפענונג, אַז מיר וועלן זיך אפשר קענען ראַ־טעווען. מיר האָבן אָפּגעדונגען אַ גרויסן לאַסט־אויטאָ פון מעבל, געמאַכט אין אים אַ ווענטל. מיר האָבן זיך אַלע פיר אַריינגעזעצט און נאָכן ווענטל אַנגעפּאַקט מיט פאַרשיידענע מעבל־שטיק און אַזוי זיך געלאָזט צו דער שווייצאַרישער גרענעץ. נישט איין מאָל האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ, געפאַלן אויף אונדז אַ פחד, באַגאָסן מיט פיל שווייס און ציטער. ענד־לעך זענען מיר אַריבער די גרענעץ און אַריינגעפאָרן טיפער אין דער שווייץ, אַזוי אַז מ'האָט אונדז לויטן געזעץ נישט געקענט לייכט צוריקשיקן. מ'האָט אָפּגעטיילט די קינדער מיט דער מוטער און זיי אַוועקגעשיקט אין אַ לאַגער פאַר פּליטים, מיך האָט מען אַוועקגעשיקט אין אַ פּליטים לאַגער פאַר מענער.

נאַטירלעך איז אונדזער לאַגער־לעבן נישט געווען פשוט און לייכט. אָבער מיר האָבן געוווינען די האָפענונג, אַז ס'וועט דאָך קומען דער באַפרייאונגס־טאָג, די משפחה וועט זיין ווייטער צוזאַמען און מיר וועלן נאָך דערלעבן מיט אונדזערע אויגן צו זען די מפּלה פון די גרויסע רוצחים.

נאַטירלעך זענען אונדזערע מחשבות געווען פאַרנומען, וואָס מאַכן אונדזערע משפחות אין פוילן אין דעם גרויסן גיהנום און אויך געוואָלט האָפן... לײַדער...

אַ שטראַל פון האָפענונג איז געווען מיין קאָנטאַקט דורכן רויטן קרייץ מיט מיין ברודער אין ארץ ישראל.

נאָך דער מפּלה פון נאַציסטישן רעזשים זענען מיר צוריק־געקומען קיין האָלאַנד, אָנגעהויבן איינאָרדענען צוריק אונ־דזער לעבן. אונדזער פאַמיליע האָט זיך פאַרגרעסערט מיטן געבוירן פון אונדזער טאָכטער סאָניא. לאַנגזאַם האָבן מיר אָנגעהויבן אָפּצואָטעמען. אין דער שטאָט האאַג, וווּ מיר לעבן אַלע יאָרן, האָבן מיר גוט געמערקט דעם גרויסן חורבן. פיל פון אונדזער קרייז, פריינט און חברים זענען נישט מער גע־ווען. די רייען זענען געוואָרן שיטערער און דער ווייטיק איז געווען גרויס.

ס'איז באַקאַנט אין אַמסטערדאַם דאָס הויז פון „אַננאַ פראַנק", וווּ עס איז פאַראייביקט די שענדלעכע, בלוטיקע תקופה. אַהין זענען עולי רגל פיל צענדליקער טויזנטער מענטשן, בכדי זיך מתיחד זיין מיט אונדזער גרויסער פאַר־ניכטונג, מיטן גרויסן אומגליק, וואָס ס'איז אונדז, יידן, געשען.

## מיין שוועסטער דערציילט:

אין יאָר 1949, פּונקט צום ערשטן יאָר פונעם אַנטשטיין פון דער יידישער מדינה, בין איך געפאָרן אַהין צו זען דעם גרויסן נס און נאַטירלעך, זיך באַגעגענען מיט מיין ברודער גימפּל און זיין משפחה, און מיט מיין אָפּגעראַטע־וועטער, טייערער שוועסטער יענטע.

אין אַ געוויסן אָוונט זענען מיר זאַלבעדריט געזעסן און זיך צוגעהערט צו די שוידערלעכע, בלוטיקע איבערלעבונגען פון אונדזער שוועסטער, ווי אויך פּרטים פון אונדזער נישט פאַרגעסלעכער משפחה און זייער ברוטאַלער פאַרניכטונג.

מיין שוועסטער האָט געוווינט אין יאַוואָראָוו מיט איר מאַן און זייער קליין טעכטערל. אונדזער משפחה איז געווען אין ראַוואַ. מיר האָבן געהערט מיט טיפער דערשיטערונג וועגן דעם אַוועקשיקן פון דער נישט פאַרגעסלעכער, איבער־געגעבענער און איידעלער מוטער אונדזערער, סערקי, צו דער פאַרגאַזונג קיין בעלזעץ; וועגן דעם ברוטאַלן דער־



יוצאי ראווה־רוסקה בחורשה על שם קדושי העיר ביער הקדושים.
אונדזערע שטעטישע אין יער הקדו־שים אין וועלדל אויפן נאָמען פון ראַוואַ־רוסקאַ.

מאָרדן פון אונדזער ייִנגערן ברודער, דעם זייער ערלעכן משה־לייבעלע און זיין פרוי און וועגן אונדזער ייִנגסטער, בליענדיקער שוועסטער, סימאַלע, וועלכע איז נאָך געקומען קיין יאַוואָראָוו, ווו מ׳האָט איר פאַר געלט באַזאָרגט אַרישע פּאַפּירן, אָבער ליידער נישט געהאַט דעם מוט דאָס אויסצו־נוצן און איז צוריק אַוועק קיין ראַוואַ, זיך נאָך געפּרווט אויסבאַהאַלטן. ווען ס׳האָט געבושעוועט די טיפוס־עפּידעמיע, זייענדיק שטאַרק דורשטיק, איז זי ביינאַכט אַרויס צו דער פּאַמפּע, כדי צו לעשן דעם דורשט. אויפן פּלאַץ איז זי דער־שאָסן געוואָרן.

מיר האָבן זיך דערמאָנט דאָס טייערע, ליכטיקע פּנים, פול מיט די חן־גריבעלעך און צויבער שמייכל, וואָס האָט אזוי טראַגיש געענדיקט איר לעבן. נאָך טיפער האָט אונדז אויפגעטרייסלט די שוידערלעכע, בלוטיקע איבערלעבונג פון אונדזער שוועסטער יענטע. און זאָל עס בלייבן אַ קיין־צייכן און אַ ברענענדיקער שאַנד־פלעק פאַר די נאַצישע פאַרברעכער.

די טרערן גיסן זיך פון אונדזערע אויגן אָן אויפהער און ס׳רייסן זיך טיפע זיפצן פון אונדזערע הערצער. די שוועס־טער זעצט פאָר איר בלוטיקע דערציילונג: „געווען זענען מיר עטלעכע משפחות אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער אין יאַ־וואָראָוו, ווען די געסטאַפּאָ־לייט האָבן געבושעוועט און גע־זוכט נאָך יידן. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו אונדזער בונ־קער. איך האָב געהאַלטן דאָס קינד אויף מיינע הענט. פּלוצ־לונג האָט זיך עס צעוויינט. בכדי נישט אַנטדעקט צו ווערן האָבן מיר געפּרוווט דאָס קינד מיט פאַרשידענע מיטלען צו באַרואיקן און איינשטילן. און ווען דאָס איז נישט געלונגען

האָט דער פאָטער פונעם קינד, מיין מאַן, אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן מיילעכל פונעם קינד, בכדי ס׳זאָל זיך נישט דערהערן דאָס געוויין און איז אויף מיינע הענט דערשטיקט געוואָרן. אַז מיר זענען נישט אַראָפּ פון זינען פאַר ווייטיק, פאַרשטיי איך נישט ביז היינט. קלאָר, דער בונקער איז אַנטדעקט געוואָרן. מ׳האָט אַלע גענומען צו פאַרניכטן, נאָר איך אַליין האָב זיך אַרויסגעדרייט און אַוועק צו אַ קריסטן. נאַטירלעך, באַצאָלט און אָפּגעוווען ביי איר אין אַ קעלער 17 חדשים".

„ס׳איז נישט צו באַשרייבן און ס׳פעלן ווערטער צו שילדערן די חדשים פון מיין לעבן אין דעם קעלער. נישט געזעזן אין משך פון דער צייט קיין זונען־שטראַל, קיין טאָג־ליכט. נאָר אין די נעכט בין איך אַרויס אויף עטלעכע מינוט, כדי צו כאַפּן דעם אָטעם. יעדן טאָג האָט די פויערטע אויפ־געמאַכט דאָס טירל פונעם קעלער, אַראָפּגעשטעלט אויפן טרעפּל דאָס ביסל עסן. אַזוי האָט זיך פאַר מיר אָפּגעשטעלט דאָס לעבן אויף אַ לאַנגע צייט. כ׳האָב יעדן טאָג געפּרווט רעדן צו זיך אַליין, בכדי צו פילן צי כ׳האָב נישט פאַרלוירן דאָס לשון און צי מיין געהער־אַפּאַראַט פונקציאָנירט".

„ענדלעך איז געקומען דער טאָג פון באַפרייאונג. כ׳בין אַרויס און גלייך געלאָפן אין שטעטל יאַוואָראָוו צו געפינען אַ סימן פון אַ קבר פון מיין מאַן און קינד. נאָכדעם געלאָפן קיין ראַוואַ־רוסקאַ, קיין בעלזעץ, זוכן די שפּורן פון מיין טייערער מוטער, מיין ברודער און שוועסטער, פון מיין גרויסער משפּחה, פריינט און באַקאַנטע. קומענדיק צום באַ־וווסטזיין, אַז כ׳האָב אַלעס פאַרלוירן, בין איך אינערלעך ווי אַ פאַרסמטע מויז געלאָפן ווייטער, כמעט זיך נישט אָפּ־

שטעלנדיק, כדי זיך צו דערנענטערן צו ארץ ישראל, דערלעבן צו זען מיין ברודער און זיין משפחה, ווי אויך צו זען מיין ברודער און משפחה פון האָלאַנד".

„נאָך פאַרשידענע וואַנדערונגען זענען מיר אָנגעקומען קיין איטאַליע און אין יאָר 1946 בין איך מיט מיין מאַן, שמואל באכמאַן אַרויף אויף דער שיף „דוב הוז" און אָנגעקומען צו די ברעגעס פון לאַנד. דערלעבט צו זיצן מיט מיינע צוויי ברידער, זען זייערע משפחות. דערלעבט דאָס אַנטשטיין פון דער יידישער מדינה און קענען „עפעס" איבערגעבן וועגן דעם גרויסן גיהנום, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט".

גאָר שפעט אין דער נאַכט זענען מיר נאָך אַלע דריי געזעסן און נאָך ברייטער האָבן זיך געעפנט די קוואַלן פון ביטערע טרערן. מיר האָבן געוויינט אויף דעם שרעקלעכן גורל און חורבן פון אונדזערע נאָענטע און חורבן פון די מיליאָנען יידן. אַ קליינע טרייסט האָבן מיר געפונען, אַז ס'איז נאָך געבליבן עמעצער, וואָס קאָן עס דערציילן און אַנטדעקן פאַר דער וועלט דאָס גרויזאַמע און שוידערלעכע פון דער טאָטאַלער פאַרניכטונג.

*

ליידער איז אונדזער בעכער פון טרערן נאָך נישט געווען גענוג פול. די טייערע און אַזוי פיל פאַרוויטיקטע יענטע, וועלכע האָט אין ישראל אויפגעשטעלט פון דאָס ניי איר משפחה מיט איר מאַן און צוויי קינדער: שרה און משה, אָנגעהויבן פריי אָפּאָטעמען, אַ ביסל אויסערלעך פאַרדעקן איר טיפע ווונד, האָט געלעבט אין ישראל נאָר 23 יאָר און נישט דערלעבט צו זען די טראָפּנס נחת, וואָס זי האָט אַזוי נויטיק געהאַט. זי איז נאָך אַ שווערער און קורצער קראַנקייט געשטאָרבן ו' טבת תשכ"ח, 27.12.1968. פיל כבוד און אַכטונג דעם הייליקן זכרון פון דער שוועסטער יענטע־יהודית באכמאַן־יוסט ז"ל.

# זכרונות

**מלך ציינס**

די „ווערכראַטער אייניקלעך" — אַזוי האָט מען אונדז גערופן. מיין זיידע איז געווען ר' אַברהם־יצחק הערצאָג (ווערכראַטער) — אַ באַוווסטער וואַלד־סוחר; מיין מוטער — זיסל הערצאָג; און מיין פאָטער — פון רבנישן שטאַם און אַליין אַ גרויסער תלמיד חכם און משכיל. ר' דוד ציינס, וועלכער איז געווען ביים זיידן אַ לענגערע צייט אויף קעסט און טראָץ זיינע גרויסע געשעפטן איז ער געווען אַ עוסק בתורה און האָט יעדעס יאָר געמאַכט אַ סיום אויף ש"ס. אין ראַווע, ווי אין דער סביבה איז ער געווען אָנגענומען אַלס חשובער, בכבודיקער, בעל־בית.

נאָכן ערשטן וועלט־קריג האָבן מיר זיך אַריבערגעצויגן קיין ראַווע, נישט אויף לאַנג, און פון דאָרט וויטער קיין לעמבערג. ווען אין לעמבערג איז פאַרגעקומען דער באַוווסטער שטייגער־פּראָצעס און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטי־יידישע עקסצעסן, האָט בעריש מאַרגוליס אויסגעוואַנדערט צו זיין ברודער טאָדרעס קיין מאָנטעווידעאָ. ער האָט מיך באַאיינפלוסט כ'זאָל אויך אַהין קומען.

טאַקע ער האָט מיך אָפּגעוואַרט ביי דער שיף, ווען כ'בין אָנגעקומען אַהין. דעם ערשטן שבת האָבן מיר פאַרבראַכט ביים טיש פון זיין ברודער טאָדרעס און זיין פרוי רייזאַלע האַלץ.

אויך האָט מיך אָפּגעוואַרט נפהלי שפערבער, וועלכער האָט אויסגעזען אין זיין מונדיר, ווי אַ „גענעראַל", זייענדיק קוים אַ קאָנדוקטאָר פון אַ טראַמוויי. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אויב כ'וועל נאָר וועלן, וועל איך אויך קענען ווערן אַ „גענעראַל". אַזוי איז אויך געווען. נאָך אַ קורצער צייט פעדלען האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז כ'טויג נישט צו דעם און כ'בין געוואָרן אַ „גענעראַל", ד.ה. אַ קאָנדוקטאָר אויף אַ טראַמוויי.

כ'וויל באַמערקן, אַז די אַרבעטער פונעם טראַמוויי זענען געווען יידן און מ'פלעגט זיך אונטערזינגען יידישע ניגונים. נישט איין מאָל זענען דאָס געווען ראַווער יונגעלייט. אַ חוץ די שוין דערמאָנטע אויך נחמן קויטעק אין דעם קרומען מלמדס זון.

נאָך אַ געוויסער צייט האָב איך פאַרלאָזן אורוגוויי און אַריבערגעפאָרן קיין אַרגענטינע. אין צווישנצייט האָט מיין שוועסטער רחמשע אין פראַנקרייך חתונה געהאַט מיט מענדל שפּאַצנער, בין איך געפאָרן אויף אַ באַזוך צו איר אין פראַנקרייך און דאָרט געבליבן.

דאָס לעבן איז זיך לאַנגזאַם געגאַנגען שטיל און באַשיידן אַזוי ביז צום קריג. הארט פאַרן קריג איז צו אונדז געקומען מיין יינגערער ברודער וואַלוויש. און ס'איז אויסגעבראָכן די גרויסע צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס איז פאַר אונדז געווען די גרויסע טראַגעדיע.



אַ קבלת־פּנים פאַר אונדזערע שטעטישע: מלך און אַנזשעל צינס, יוסף און סאַבינע פרענקעל און זלמן באַך־לײנוואַל.
יושבים, מימין: זהבה שטערן, צפורה שטערן, גימפּל יוסט, משה שטערן, שבע יוסט, צינס, אַנזשעל צינס, הערץ גראַף, נעמי ישכר, רגינה גראַף, סאַבינע גראַף, יוסף פרענקעל, זלמן לײנוואַל־באַך, צבי קרמערמאַן, דבורה גרינשטיין.
עומדים מימין: יוטע שטערן, מאַטעלע צימערמאַן, יצחק לב, אידה לב, טובה רעכעס, משה יעקב שטיינפעלד, ביילע גוז׳יק, עווה שטיינפעלד, מלך צינס, בלומא רובין, יוסף צבי רובין, ביילע וואַקס־שפּירא, לאה צירינג־שוער, תמה באַדנשטיין, יעקב שפּירא, דוד גרינשטיין, זיגמונט צימערמאַן. בשורה אחרונה, מימין: דוד פאַסט, יוסף שוער, לעזער רעכעס, ליפּא אַלטמאַן.

איך האָב זיך פרייוויליק געמאָלדן צום פראַנצויזישן מיליטער. אָבער לאַנג האָט עס נישט געדויערט, ווייל פאַר פראַנקרייך האָט זיך דער קריג שנעל פאַרענדיקט. אָבער צום באַדויערן נישט פאַר אונדז. אונדזערע גרויסע צרות האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אונדזערע וואַנדערונגען.

אַזוי ווי ביי יעדער צרה איז אויך דאָ אַמאָל אַ ליכטיקער מאָמענט. אָט ביי די וואַנדערונגען האָב איך זיך באַקענט מיט מיין צוקונפטיקער הערלעכער פרוי אַנזשעל, וועלכע האָט פאַרן אויסברוך פונעם קריג פאַרלאָזט ווין צוליב די היטלער־רדיפות. מיר האָבן געמיינזאַם געטיילט אונדזער טרויעריקן גורל, וואַנדערנדיק איבער פאַרשיידענע שטעט אין דרום פראַנקרייך.

כ׳דערמאָן זיך אַ פּאַסירונג, עטוואָס אַ קאָמישע און דערביי זייער אַ ריירנדע: פאָרנדיק פון דער שטאָט בריעוו קיין ליאָן, האָב איך געמוזט איבערשטייגן אין דער שטאָט לימאַנש. אין באַן האָב איך זיך באַקענט מיט נאָך אַ ייד. צוזאַמען זענען מיר אויסגעשטיגן אין לימאַנש און געוואַרט אויפן אָנשלוס קיין ליאָן. מיר האָבן באַמערקט, אַז ס׳קומט פאַר אַן אַבלאַווע פון דער ווישי־פּאָליציי. דער ייד האָט מיך געראָטן מיר זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ שול, ווייל די ערשטע צייט האָבן זיי רעספּעקטירט די פּלעצער. אין שול, צווישן מנחה און מעריב, האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ באַקאַנטן. פּלוצלונג הער איך הינטער מיינע פּלייצעס:

— ביסטו נישט אפשר מלך?

זייענדיק זייער איבעראַשט, אַז עמעצער רופט מיך ביים ריכטיקן נאָמען, ווייל אין חוץ לארץ האָט מען מיך גערופן מאַקס, האָב איך זיך פאַראינטערעסירט. כ׳בין געוואויער געוואָרן, אַז דאָס איז ייכעל קעסעל, וועלכער איז געקומען פון בעלגיע און האָט נישט מיט זיך קיין פראַנצויזישע דאָקומענטן. האָבנדיק מיט זיך פאַרשידענע שטעמפּלען, האָב איך אים

זאָפאָרט געמאַכט פאַר אַ „פראַנצויז". מיר האָבן זיך גיך
האַרציק געזעגנט און כ'בין געפאָרן ווייטער.

זייענדיק די גאַנצע צייט אויף גרויסע צרות, אויס־
באַהאַלטן אין פאַרשיידענע פאַרשטעקטע פּלעצער, האָבן מיר
קיין איין רגע נישט פאַרגעסן צו העלפן און ראַטעווען יידן,
אויף וויפל ס'איז נאָר געווען מעגלעך. כ'וועל ספּעציעל דער־
מאָנען מיין פרוי, וועלכע האָט אייניקע יידישע פאַמיליעס
אָפּגעראַטעוועט פון פאַרניכטונג אין דער געגנט פון בריוו.

מיין ברודער וואָלוויש איז געווען אין אַ דייטשן געפאַנגען־
לאַגער מיט פראַנצויזישע סאָלדאַטן אין פראַנקרייך. ער איז
פון דאָרט אַנטלאָפן און מיר זענען געווען די גאַנצע צייט
צוזאַמען.

כ'וויל אויך דערמאָנען, אַז אין די טרויעריקע טעג זענען
אויך געווען פריילעכע עפּיזאָדן פון חתונה מאַכן פאַרפעלקער,
וועלכע איך האָב געגעבן חופה וקדושין און דערפילט די
אָפיציעלע פונקציע פון אַ רב. די פאַרפעלקער לעבן ביז היינט
זייער צופרידן און גליקלעך.

נאָך דעם קריג זענען פון מיין משפחה געבליבן נאָר די,
וועלכע כ'האָב דערמאָנט, ראַטעווענדיק זיך אין פראַנקרייך.
מיין ברודער וואָלוויש און זיין פרוי אָלגאַ לעבן אין ליל;
מיין שוועסטער רחטשע און איר משפחה לעבן אין לאַנס און
איך מיט מיין פרוי — אין ניצאַ.

פון דער משפחה, וואָס זענען געווען דאָרטן, אין פוילן,
איז לײדער קיינער נישט געבליבן ביים לעבן.

# אין געראַנגל פון לעבן

**ייכל מייזעלעס**

(ראַווער יידן אין מערב־אייראָפּאַ אין דער צייט פון די נאַציס)

## נייע צייטן

אין יאָר 1929, נאָכן גרויסן קראַך אויף די וועלט־בער־
זעס און בעיקר אויף דער וואָל־סטריט אין אַמעריקע, זענען
איבערגעמאַכט פּילפאַכיקע מיליאָנערן פאַרוואַנדלט געוואָרן
אין אביונים. בכבודיקע בענק, זייט דורות, זענען מער נישט
געווען אומשטאַנד אויסצוצאָלן די קלענסטע דעפּאָזיטן. אויף
די מערק פון דער וועלט איז פּלוצים דערשינען, ווי אַ הונ־
געריקער בער, דער רוסישער אַגראַר־דעמפּינג און דער
יאַפּאַנישער אינדוסטריע־דעמפּינג און באַדראָאַט צו פאַרניכטן
דעם עקספּאָרט און האַנדל פון אַלע לענדער.

אונדזער שטאָט איז פּלוצים געוואָרן אַ פּיר — אָדער
פינף־פאַכיקער קרבן פון די דאָזיקע אומשטענדן. ערשטנס
אַלס אַגראַר־פּונקט; די פרייזן פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָ־
דוקטן זענען אויף איינמאָל אַזוי געזונקען, אַז דער פּויער,
וואָס האָט געבראַכט מאַנטיק אויפן יריד אין ראַווע אַ קעלבל,
האָט דערפאַר אַהיימגעפירט 2—3 ליטער נאַפט, אַ קילאָגראַם
הערינג און אַ פּאָר לאָמפּן־גלעזלעך. הינער און אייער האָט
מען ממש נישט געהאַט וועמען צו פאַרקויפן, ווייל אַלע
עקספּאָרטערן, ווי יידל לאַנגער, ראַטהויז און אלעזר שטערן,
די יעניקעס, וואָס זענען געווען די גרעסטע אייער־עקספּאָר־
טערן זייט מער ווי דרייסיק יאָר, האָבן מער נישט געהאַט
וואוהין די אייער צו עקספּאָרטירן.

אין רעזולטאַט דערפון האָבן שונאי־ישראל, סיי פון
פּוילישן און סיי פון אוקראַינישן לאַגער, געהאַט זייער אַ
לייכט פעלד צו העצן קעגן די יידן. די „ספּולקאַ ראָלניטשאַ",
די „טאַרהאָוולע", די „באַנק ראָלניטשע" און „באַנק לודאָ־
ווע" האָבן אָנגעהויבן פירן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט
קעגן יידישן האַנדל און קרעדיט. דאָס האָט זיך זייער שנעל
געלאָזט פילן אין יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט.
אָנגעזעענע עקספּאָרטערן פון האָלץ און אייער, סוחרים,
הורט־און קליינהענדלער — זענען פאַראָרעמט געוואָרן, אַזוי
ווייט, אַז זיי זענען נישט געווען אומשטאַנד אויסצוקויפן
זייערע וועקסלען. געווען אויך אַ סך פאַלן, ווען סוחרים, וואָס
האָבן אומבאַדינגט געוואָלט דערהאַלטן זייער נאָמען, האָבן
אָנגעהויבן לייען געלט אויף וווכער־צינזן, וואָס האָט זיי
שנעל געבראַכט צו רואין.

דאָס זעלבע האָט גורם געווען צום אָפּשטעלן זיך פון
עקספּאָרט פון דער קירזשנער־פּראָדוקציע. אין מערב־איי־
ראָפּע זענען גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג, כמעט
אין אַלע לענדער, אויף איינמאָל געשטאַנען פאַר דער גרוי־
זאַמער פראַגע, ווי אַזוי צו באַקומען אַ ברויט און אַ פלאַש
מילך פאַר אַ קינד און נישט געקלערט מער פון אַ פּערזיאַ־
נער פּעלץ. און צום סוף, די אויסראַטונגס־פּאָליטיק פון
„סאַנאַציע"־רעזשים קעגן דער יידישער מינדערהייט אין
פוילן, וואָס האָט מיט איר שטייערן־שרויף אויסגעזויגן די
לעצטע מאַרך־רעזערוון, וואָס זענען ערגעץ־ווו נאָך פאַר־

אַ גייסטיקע דעפּרעסיע ביי דער יוגנט, וואָס איז גע־
שטאַנען ווייט פון חלוציזם און אויך ביי אַ גרויסן טייל פון
דער ציוניסטישער יוגנט, וואָס האָט צוליב עליה־באַשרענ־
קונגען און אָפטע קריזיסן אין ארץ־ישראל, נישט געזען פאַר

זיך קיין מעגלעכקייט עולה צו זיין, האָט געבראַכט דערצו, אַז אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט זאָל עמיגרירן פון ראַווע. אַ גרויסער שטראָם האָט זיך געלאָזט קיין דרום־אַמעריקע, אַן אַנדערער טייל ווידער האָט געזוכט זיין צוקונפט אין אַ ריי לענדער פון מערב־און צענטראַל־אייראָפּע, וואָס זענען אייגנטלעך געווען געשלאָסן פאַר עמיגראַציע, אָבער ס׳זענען דאָך דאָ און דאָרט געווען שפּאַלטן, דורך וועלכע אונדזער יוגנט האָט זיך אַדורכגעשטופּט אין יענע לענדער. צוויי פון די וויכטיקסטע אַזעלכע לענדער זענען געווען: פראַנקרייך און בעלגיען. אויך עסטרייך און דייטשלאַנד און שפּעטער: איטאַליע, ענגלאַנד און האָלאַנד. אַלע אויבנאויסגערעכנטע לענדער זענען געקומען אין באַטראַכט אויסשליסלעך פאַר קירזשנער. אין נאָרמאַלע צייטן איז זייער פּראָדוקציע פון ראַווע אַהין עקספּאָרטירט געוואָרן דורך די „אַבראַטניקעס", ד. ה. גרויסקירזשנער פון ראַווע, זשולקעוו און לעמבערג, וואָס האָבן פריער פאַרקויפט די רויע שטיקלעך, וועלכע זיי האָבן געבראַכט פון יענע לענדער צו די קליינע קירזשנערס און דערנאָך ווידער פון זיי אָפּגעקויפט די פאַרטיקע סחורה און זי צוריק עקספּאָרטירט אַהין אין די זעלבע לענדער.

עס האָט זיך אַזוי אַרום געשאַפן איינע פון די אָנגעזעענסטע קאָלאָניעס פון ראַוווער קירזשנער אין פּאַריז. איינצעלנע קירזשנערס זענען געווען צעשפּרייט איבער ווין, מילאַנאָ און אַנטווערפּן; אַפילו אין לאָנדאָן און אין האַג. האָט איר אויך געקאָנט געפינען, דאָ און דאָרט, אַ לאַנדסמאַן פון אונדזער שטאָט. און, אַז די אַלגעמיינע ווירטשאַפטלעכע לאַגע אין יענע לענדער האָט זיך עטוואָס פאַרבעסערט, איז אויך דער מצב פון אונדזערע לאַנדסלייט אין יענע לענדער געשטיגן. נאָך אַן אומשטאַנד האָט גורם געווען דערצו, אַז אונדזערע לאַנדסלייט אין מערב־אייראָפּע זאָלן אַמווייניקסטן געטראָפן ווערן פון די פּעריאָדישע קריזיסן. דער פאַקט, וואָס זייער בראַנזשע, דאָס שטיקל־מאַכעריי (דאָס צוזאַמענשטעלן שיינע מאַנטלען און קראַגן פון אָפּפאַל פון פּעריזיאַנער־ און ברייטשוואַנץ־פעלן) האָט פּראָדוצירט אַ סאָרט פעלץ־מאַנטל, וואָס זענען אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פעלץ־סאָרטן געווען זייער פּראַקטיש און נישט טייער. פאַר אַ צוגענגלעכן פּריז האָט זיך יעדע קליינבירגערלעכע באַאַמטין — פרוי, אָדער פאַרקויפערין, געקאָנט אַנטון אַ פּערזיאַנער מאַנטל, וואָס בלויז אַ פאַכמאַן האָט געקאָנט וויסן, אַז ער איז נישט געמאַכט פון גאַנצע פעלן. אַזוי אַרום איז די מאַטעריעלע לאַגע פון גרעסטן טייל ראַוווער לאַנדסלייט אין יענע לענדער געווען אַ גוטע, אַמאָל מערער און אַמאָל ווייניקער, און מיט דער צייט זענען זיי געוואָרן אַן אָנגעזעענער פאַקטאָר אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון זייער אָרט, כמעט אַזוי ווי זיי זענען עס געווען פריער אין זייער אַלטער היים, ראַוואַ־רוסקאַ.

דאָס אומגליק, וואָס האָט אונדזער פאָלק אין אייראָפּע געטראָפן — די לאַנגע נאַצישע „קריסטאַל־נאַכט", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 10־טן נאָוועמבער 1938 און האָט אָנגעהאַלטן 6 יאָר מיט 7 חדשים (מאַי 1945) — האָט אויך אונדזערע טייערע נאָענטע אין מערב־אייראָפּע געטראָפן און אָוועקגערויבט פון זיי פיל קרבנות.

## ווין

די לאָגיק וואָלט אָוודאי פאַרלאַנגט, איך זאָל אָנהייבן מיטן לעבן פון אונדזערע לאַנדסלייט אין פראַנקרייך, אָבער אַזוי ווי די דאָזיקע בלעטער זענען הויפּטזעכלעך זכרונות און נישט מער — מוז איך אָנהייבן פון עסטרייך, ווין, כדי צו קענען לייכטער זיך האַלטן אַן פאָדעם פון דער טעמע מיט דער הילף פון זכרון.

צו יענער צייט, ווען די נאַצישע פּאַרטיי האָט געפירט קאַמפּן קעגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אויף די ווינער גאַסן האָבן זיך יעדן טאָג געגאָסן טייכן בלוט, איז זיך דאָס יידישע לעבן אין ווין געפלאָסן ווי אַ שטילע אידיליע, ווי ווען עס וואָלט אויף יענע גאַסן גאָרנישט געשען. ניינציק פּראָצענט יידן האָבן איבערהויפּט פון גאָרנישט געוווּסט און נאָר געציילטע פּעסימיסטן, וואָס האָבן צופעליק געוווינט אויף יענע גאַסן, ווו די אויפמאַרשן פלעגן פאָרקומען, האָבן פאַרשטאַנען דעם סיגנאַל „מנא — תקל" און פאַרלאָזן, אַ סך שהיות, ווין.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין אַזעלכע אומשטענדן, פלוס מאַטעריעלער עקסטרעמער נויט האָט דער ווינער בירגערלעכער־ אָדער אַרבעטער־פרוי געפעלט עפּעס וויכטיקערס, ווי אַ פעלץ־מאַנטל. אַרבעטן האָבן אונדזערע לאַנדסלייט אין ווין נישט געטאָרט, זיי האָבן בלויז געהאַט דאָס רעכט צו האַנדלען. האָבן אַלע געהאַט קאָנצעסיעס צו האַנדלען און ביי דער געלעגנהייט אויך אין געהיים צוגעאַרבעט, אַ רעפּאַראַטור אָדער אַפילו מאָדע־קירזשנעריי. אין דעם דאָזיקן מצב האָבן זיך געפונען צו יענער צייט אין ווין אונדזערע לאַנדסלייט: נפתלי דאַנער, מענדל קעלער, אריה שוסטער, יידל שוץ און אַנדערע. (די צוויי לעצטע האָבן בכלל געלעבט אומלעגאַל, ווייל זיי זענען אַהין געקומען געשמוגלט, אָן וויזעס, און האָבן געוואָלט אַזיל אַלס פּאָליטישע פּליטים; אָבער די פּאָליציי האָט זיי נישט געוואָלט געבן קיין אויפהאַלט אין ווין און זייער לאַגע פון אַלע זייטן איז געווען באמת זייער אַ קריטישע).

אַן אויסנאַם פון די אַלע איז געווען דער אונדז אַזוי גוט באַקאַנטער אלי שפּריצער, וואָס איז געזעסן אין ווין נאָך

פון ערשטן וועלט־קריג און זיינע צוויי איידעמס, חיים רומעלט און אהרן ווידהאָרן. זיי זענען נישט געווען אָנגעוויזן איבערהויפּט אויפן ווינער מאַרק, נאָר האָבן געהאַנדלט מיט אַ האַלבער וועלט: לייפּציג, פּאַריז, לאָנדאָן און ניו יאָרק. אלי שפּריצער האָט נאָך אויסער דעם פאַרמאָגט אַ שיין הויז אויף דער ראַטענשטערנגאַס. אין קריג 1914, איז ער ווי אַ סך אַנדערע ראַווער יידן אַריין אין אַ צוג, וואָס האָט אים געבראַכט אַזש ביז קיין ווין. דאָ האָט זיין שאַרפער מוח אָנגעהויבן אַרבעטן זייער אינטענסיוו. אין מסחר מיט פּעלץ האָט ער זייער מצליח געווען; עס איז אויך אָנצונעמען, אַז ער איז געווען דער גרינדער פון דער קירזשנער־אינדוסטריע אין ראַווע. זיינע איידעמס, חיים רומעלט און אהרן ווידהאָרן, האָט ער זיך אַרויסגעזוכט אין זיין אַלטער היים און אַלע דריי האָבן געהאַנדלט אין אַ הערלעכער האַרמאָניע. אלי שפּריצער איז מיטן אויסברעכן פון דער צווייטער וועלט־קריג אַנטלאָפן מיט זיין גאַנצער פאַמיליע קיין אַנטווערפּן אומלעגאַל. אלי שפּריצער, די דאָזיקע הערלעכע פּקחותדיקע, יידישע געשטאַלט האָט שפּעטער געלעבט אין אַנטווערפּן אין גרויס דחקות. און נאָכדעם, ווי די דייטשן האָבן באַזעצט אויך אַנטווערפּן, איז זיין לעצטער וועג געווען דער זעלבער, ווי פון אַלע זעקס מיליאָן אונדזערע שוועסטער און ברידער.

דאָרט איז אויך געווען נטע קינדלער. ער האָט געפירט מיט אַ ייד פון אונגאַרן, וואָס האָט געהאַט אַרבעטס־רעכט אין ווין, אַ געשעפט מיט אַ וואַרשטאַט; האָט געוווינט אין אַ שיינער דירה און איז געווען איינער פון די אָנגעזעענע לאַנדסלייט אונדזערע פון דער בראַנזשע אין ווין. פאַרן אָקופּירן עסטרייך דורך די נאַציס, איז ער מיט זיין פאַמיליע אַנטלאָפן קיין ענגלאַנד און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט פון די נאַצישע נעגל. נאָכן קריג איז ער געשטאָרבן אין לאָנדאָן.

משה און נתן ווייס האָבן אויך דעמאָלס געלעבט אין ווין און עס איז זיי פאַרהעלטנישמעסיק גוט געגאַנגען. נאָכן פאַרייניקן זיך פון עסטרייך מיט דייטשלאַנד, זענען ביידע אַוועק קיין איטאַליען. זיי זענען דאָרט פאַרבליבן ביזן אָננעמען די אַנטי־יידישע געזעצן דורך מוסאָליני און דאַמאָלס אויסגעוואַנדערט פון דאָרט קיין ניו־יאָרק.

אויך האָט געלעבט אין ווין — זייט דער פלוכט פון 1914 — די פאַמיליע יאָסל סטאָליער, וואָס האָבן געהאַט אין ראַווע אַ שיין הויז צווישן דער בעקעריי פון פריי־הייטער און דער קאַוויאַרניע פון בערקאָווער. די פאַמיליע האָט זיך געהאַלטן ווייט פון ראַווער, נאָר בלויז דאָס, וואָס איינער, אַ זון פון זיי, האָט זיך באַשעפטיקט מיט קירזשנעריי, דאָס האָט זיי נאָך פאַרבונדן אין יענער צייט מיט ראַווע. אין יאָר 1935 איז ער צוליב דעם ווירטשאַפטלעכן קריזיס אין ווין אַוועק קיין לאָנדאָן.

די לאַגע פון מיין נאָענטן חבר נפתלי דאַנער איז געווען זייער אַ שווערע. ער האָט פון דעם קריזיס אין יענער צייט זייער געליטן און אַזוי ווי קיין קאַפּיטאַל צום אַרבעטן סחורה אַ גאַנץ יאָר, כדי זי צו קענען פאַרקויפן ערשט אין סעזאָן, האָט ער נישט פאַרמאָגט, האָט ער געמוזט אין ווינטער 1934־35 אַוועק קיין רוים. דאָ האָבן געלעבט זיינע צוויי רייכע קוזינען פון סאָקאַל, וואָס האָבן געהאַט אַ פאַבריק פון רעגן־מאַנטלען. אין אָנהייב האָט ער גערייזט פאַר זיי מיט רעגן־מאַנטלען; נאָכדעם אָבער, ווי ער האָט אַנדעקט גרויסע אוצרות פון פערזיאַנער שטיקלעך אויף די בוידעמס פון די פּעלץ־מאָדע־סאַלאָנען אין רוים, האָט ער זיך צוריקגעקערט צו זיין פאַך. ער האָט דערביי ווידער זייער מצליח געווען און אַ יאָר שפּעטער אַרויסגענומען זיין פרוי און קינד.

אַז דער קריג איז אויסגעבראָכן, איז אין מילאַנאָ שוין געווען אַ קליינע קאָלאָניע פון ראַווער לאַנדסלייט: הערש קאַהל, אַביש בריל, דודעק ראַזענטאַל און אַנדערע, וואָס זענען זיך אַהין צונויפגעפאָרן פון פּוילן און פון דעם ברענענדיקן עסטרייך. עס איז זיי אַלעמען דאָרט פריער זייער גוט געגאַנגען און אין לעצטן מאָמענט, איז זיי אויך געלונגען צו באַקומען וויזעס קיין באָליוויע און זיך ראַטעווען גענוי אַ ווײַלע, איידער עס איז געוואָרן צו שפּעט. זיי זענען איצט אַלע צעשפּרייט איבערן גאַנצן דרום־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט.

אין דער צייט האָט אויך געלעבט אין ווין יעקב לייבוש בלומענפעלד, אויך אַ קירזשנער, אַ זון פון אביגדור בלומענפעלד אויפן „זאַמד", אַ פּלימעניק פון אלי שפּריצער, וואָס איז אַהער אָנגעקומען אומלעגאַל אין יאָר 1921. די פּאָליציי האָט אים נישט געוואָלט געבן קיין אויפהאַלט; עס איז אים אָבער געלונגען זיי צו איבערצייגן, אַז ער דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס עסטרייכער, ווייל ער איז אַלס אַזעלכער געבוירן און וויל אומבאַדינגט אַלס אַזעלכער לעבן. ער האָט אַפילו — דער איינציקער — געהאַט דאָס רעכט אויף אַרבעט. אין יאָר 1939 איז ער אָנגעקומען אומלעגאַל מיט פרוי און קינד קיין אַנטווערפּן. בעת דער דייטשער באַזעצונג פון בעלגיע, האָבן מיר זיך פאַרלוירן פון אויג; לאַנגע יאָרן האָט מיך געפּרעסט דער וואָרעם פון צווייפל איבער זיין גורל; אָבער ווי דערלייכטערט האָב איך אָפּגעאָטעמט, אַז איך האָב געהערט, אַז ער לעבט אין אַמעריקע.

אָבער בלויז די קירזשנער זענען נאָך ווייט נישט אַלע ראַווער, וואָס האָבן געלעבט אין ווין. אויסער זיי האָבן נאָך אין ווין געלעבט אַ ריי פאַמיליעס, וועלכע איך וויל מיך

באַמיען — ווי ווייט מעגלעך — אויסצורעכענען דאָ: ר׳ יהודה גרוס, איז אַמאָל געווען אַ שפּעצעריי־סוחר אין ראַווע און אין יאָר 1914 געפּליכטעט פאַר די רוסן קיין ווין, אין זעלבן צוג וואָס ר׳ אלי שפּריצער און די פאַמיליע יאָזעפּסבערג. ער האָט דאָרטן אָנגעהויבן ווייטער אַרבעטן אין זיין בראַנדזשע, לעבנסמיטל און איז מיט דער צייט געוואָרן איינער פון די גרעסטע אַנגראָסיסטן אין ווין, ביזן חורבן היטלער. אין יאָר 1939 איז זיי געלונגען אַ פּאָר וואָכן פאַרן אויסברוך פון קריג צו קומען קיין ארץ־ישראל.

אויסערדעם, האָבן אין ווין געלעבט נאָך — זייט דער פלוכט פון 1914 — צוויי זין פון ר׳ שמחה האַמערמאַן, אין יאָר 1941 האָב איך זיי באַגעגנט אין ניצאַ, אין יאָר 1943 אין דער שווייץ און איצט לעבן זיי אין אַמעריקע. מיט שרה האבערמאַנס זון, צבי, נאָך ווין האָבן מיר זיך אין קריג באַגעגנט אין אַנטווערפּן, דערנאָך האָבן מיר זיך פאַרלוירן און ערשט אין ישראל זיך ווידער געפונען.

פּיניע איינבינדערס יונגסטער זון, יידל, וואָס האָט מיט מיר געלערנט אין אייניקע דרדקי־חדרים אין ראַווע, האָט זיך אויך געפונען אין ווין, זייט די לעצטע צוואַנציקער יאָרן. ער האָט געהאַט אַ לאַסט־אויטאָ און געפירט אַגראַר־פּראָדוקטן. אין יאָר 38, אַ פּאָר חדשים פאַרן „אַנשלוס“, איז צו אים געקומען פון לעמבערג, זיין עלטסטער ברודער געצל, וואָס איז געווען אַ בערשטלמאַכער. ער האָט געפּרובט זיך איינאָרדענען דאָ, עס איז אים כמעט ווי געלונגען אין דער פאָרעם פון אַ גרינס־געשעפט, אָבער תיכף איז אויסגעבראָכן די שרפה און האָט אים פאַרטראָגן, אַ פּאָר חדשים שפּעטער, מיט נאָך אַנדערע טויזנטער קרבנות פון פּוילן קיין זבאָנשין, יענעם אומגליקלעכן לאַגער פון יידישע קרבנות, וואָס וועט בלייבן אַלס איינער פון די שענדלעכסטע שאַנד־פלעקן אויפן פּנים פונעם סאַנאַציע־רעזשים אין פּוילן. (יידישע קרבנות פון דייטשלאַנד און עסטרייך, וועלכע האָבן באַזעסן גילטיקע פּוילישע פּעסער, זענען פון די דייטשן אינעם נאָוועמבער 1938, אין גרעסטן פראָסט, אַריבערגעשטעלט קיין פּוילן. אָבער פּוילן האָט זיי דאָרטן נישט געוואָלט אַריינלאָזן, זענען זיי געבליבן אַזוי ביזן אויסברוך פון קריג דאָרטן און געהאָנגען צווישן הימל און ערד. ערשט ווען די ערשטע באָמבעס זענען געפאַלן אויפן לאַגער אין זבאָנשין און די וואָכן זענען זיך צעלאָפן, זענען זיך אויך די אומגליקלעכע קרבנות צעלאָפן; און ווער ס'איז נישט אומגעקומען גלייך פון די באָמבעס, איז דערנאָך אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון אוישוויץ און בעלזעץ). יידל אַליין איז דערנאָך אָנגעקומען אומלעגאַל קיין ארץ־ישראל און לעבט היינט אין חדרה. פון זיין ברודער געצל האָט ער מער נישט געהערט.

נאָך האָבן דעמאָלס געלעבט אין ווין די זייגערמאַכערס: אהרן בראַנד, מלך שטאָקהאַמער און פּתחיה כ״ץ. אהרן בראַנד האָט נאָך אין יאָר 1934 צוליב קריזיס פאַרלאָזט ווין און עולה געווען קיין ישראל, וווהין ער האָט האַרט פאַרן אויסברוך פון קריג אויך אַרויפגענומען זיין יונגסטן ברודער יאַנקעלע. פּתחיה כ״ץ לעבט היינט אויך אין תל־אביב.

די געשיכטע פון מלך שטאָקהאַמער איז איינע פון די טראַגישסטע פון אונדזער לאַנדסלייט איין ווין. ער איז געקומען אַהין אין 27טן אָדער 28טן יאָר, געאַרבעט אומלעגאַל ביי אַ זייגערמאַכער, אַ ייד אַ גרויסער תלמיד־חכם און איידעלן מענטשן, וואָס האָט געהייסן פלינטשטיין און געשטאַמט אויס סאדעגורא, רומעניען. זיין שוואָגער, אויך אַ זייגערמאַכער, האָט געהאַט זייער אַ ווילע טאָכטער, עלזע; מלך מיט עלזען האָבן געהייראַט און עס איז זיי זייער גוט געגאַנגען. ענדע 1938 זענען ביידע משפחות — פלינטשטיין און שטאָקהאַמער — אָנגעקומען קיין אַנטווערפּן, אומלעגאַל. (דער פאָטער פון עלזען, קויש, האָט אַ פּאָר יאָר פריער עולה געווען קיין ארץ ישראל). מלכס פרוי, פון תמיד אָן אַ שוואַכער מענטש, האָט די שווערע לאַגע נישט געקאָנט פאַרטראָגן, האָט אָנגעהויבן קרענקען און שוועבן צווישן לעבן און טויט. אין מאַי 1940, נאָכן איבערפאַל פון דייטשלאַנד אויף בעלגיען און האָלאַנד, זענען אַ סך מענטשן אַוועק צו דער בעלגיש־פראַנצויזישער גרעניץ, דער דאַטשע־שטאָט לאַ פּאַן, ווו די פראַנצויזן האָבן, אין ערשטן וועלט־קריג, אויפגעהאַלטן די דייטשן במשך פון 3 יאָר צייט, אין דער האָפענונג, אַז די מאַזשינאָ־ליניע וועט זיי געבן יעדן שוץ. אָבער אומאויפהערלעכע באָמבן־אָנגריפן פון דייטשן, האָבן איינס־צוויי פאַרוואַנדלט דאָס שטילע דאַטשע־אָרט אין אַ וויסטן גיהנום. בעת איינעם אַזאַ לופט־אָנגריף האָב איך געטראָפן מלכן מיט עלזען אין גאַס אין לאַ פּאַן און זיי שנעל אַרויפגעפירט צו אונדז אין הויז. מיין פרוי און איך, וואָס מיר האָבן עלזען נאָך פון פריער געקענט, האָבן זיך זייער געוווּנדערט, פון וואַנען עס נעמט די דאָזיקע שוואַכע פרוי, די נייטיקע כוחות פאַר אַזאַ שווערע עקזיסטענץ. אַ טאָג שפּעטער זענען מיר זיך צעגאַנגען אויף אייביק. ווען מיר האָבן זיך, יאָרן שפּעטער, באַגעגנט מיט דער אַלמנה פון פלינטשטיין אין דער שווייץ, זענען מיר געוויר געוואָרן, אַז עלזאַ איז, אין ווינטער 1940־41, אויסגעגאַנגען אין בעלגיען — אויף איר פאַרשיקונגס־אָרט אין לימבורג, וואַהין די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט אַ טייל יידן פון אַנטווערפּן, — פון הונגער און קעלט. און ווו איז אַהינגעקומען מלך? — דאָרט ווו אַלע.

אויך ר׳ יעקב גראַפּס טעכטער און זין האָבן זיך צו

יענער צייט געפונען אין ווין און אויך זיי איז געלונגען זיך אָפּצוראַטעווען.

## אנטווערפּן

קנאַפּע פיר יאָר שושניג־הערשאַפט אין עסטרייך זענען פאַר יידן געווען ווי דאָס פליסן פון אַ שטילן וואַסער, וואָס אין שטיל בלויז אויף דער אויבערפלאַך, אָבער אַ פּאָר סענטימעטער טיפער, באַקעמפן זיך קעגנגעזעצטע שטרע־מונגען מיט אַ פאַרביסענער קראַפט און דראָען יעדע מינוט אַרויפצובורענען דעם קאַמף אויף דער אויבערפלאַך און אַזוי אַרום צו פאַרוואַנדלען דעם שטראָם אין אַ פאַרניכטענ־דיקער סטיכיע.

דער רעזשים האָט גייסטיק מיט ריזן שריט זיך דער־נענטערט צום רעזשים פון מוסאָליניז, דעם צפונדיקן שכן און האָט שטופנווייז איבערגענומען יענעמס מעטאָדן. הערמעטישע צענזור האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז די באַ־פעלקערונג, וואָס האָט נישט דירעקט זיך באַשעפטיקט מיט פּאָליטיק, זאָל קיין אַנונג נישט האָבן פון דער לאַווע, וואָס זאַמלט זיך אינעם ווולקאַן, וואָס רופט זיך עסטרייך. בלויז ווער ס'האָט געקריגן צו דער האַנט אַ צייטונג פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, אָדער אַמעריקע, האָט עפּעס דער־פאַרן דערפון, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אייניקע צענדליק אָדער הונדערט מעטער ווייט פון זיין הויז. אָבער אַזעלכע זענען געווען זייער ווייניק אין ווין און נאָך ווייניקער צווישן די יידן אין עסטרייך, וואָס האָבן געלעבט אויף אַ צווייטן פּלאַנעט. (אויסער אַ באַגרענעצטע גרופּע פון „החלוץ", וואָס איז זיך צוזאַמענגעקומען אין אַ קליינעם לאָקאַל, בס"ה איין אָדער צוויי מנינים יונגע „אַפּאַרטאַניסטן", ווי מ'האָט זיי דעמאָלס גערופן).

אָפיציעל זענען יידן געווען גלייכבאַרעכטיקט און טעטיק אויף אַלע געביטן פון עקאָנאָמישן, קולטורעלן און אויך טיילווייז פּאָליטישן לעבן. יידישע קאָמערציאַל־און יוסטיץ־ראַטן, אַפילו מיניסטעריאַל־ראַטן האָבן גענאָסן פאָרמעל פון גרעסטן אָנזען און כבוד. יידן זענען געזעסן אין אַלע אַמטן, אין דער פּאָליציי און געריכט, זייט ביי זייט מיט זייערע קריסטלעכע קאָלעגן און האָבן נישט געחלומט דערפון, אַז כמעט אַלע זענען — געהיימע מיט־גלידער פון דער נאַצישער פּאַרטיי. אַפילו די, וואָס האָבן געשפּילט די ראָלע פון קאָמוניסטן... אַזוי איז עס געגאַנגען ביז ענדע פעברואַר — אָנהייב מערץ 1938.

ענדע פעברואַר איז פּלוצים שושניג אולטימאַטיוו אַרויסגערופן געוואָרן דורך היטלערן קיין בערטעסגאַדען און האָט אים געמאָלדן, אַז זיין באַשיצער — מוסאָליני — האָט אים פאַרראַטן. צוריק איז ער געקומען אַלס וואַסאַל פון היטלערן. ער האָט ברייט אויפגעפּראַלעט די טויערן פון דער רעגירונג פאַר די נאַציס. די נאַצישע חיה האָט זיך אָנגעהויבן אַרומטרייבן פראַנק און פריי איבער די גאַסן פון ווין, ווי אַ ווילדע חיה, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון שטייג אין זאָאָלאָגישן גאָרטן און אָנגעהויבן זייען גיפט און פאַרוויסטונג איבערן לאַנד. די גאַסן פון ווין האָבן אָנגעהויבן... וויינען און דאָס וואָיען פון די נאַצישע חיות האָט דיך אויפגעוועקט פון שלאָף און דו האָסט פּלוצים, אויף איינמאָל, דערפילט דעם גאַנצן עלנט, אַקעגן וועלכן דו שטייסט.

פרייטיק, דעם 10טן מערץ 1938, האָט די נאַצישע חיה צום ערשטן מאָל אַוועקגעשטעלט איר באַנאַגלטן שטיוול אויף פרעמדע ערד אין אייראָפּע און אַזוי אַרום אָנגעהויבן איר טויטן־מאַרש איבער די קברים פון אייראָפּע, וועלכער איז געווען פאַר אונדזער פאָלק — זיין גרעסטער חורבן.

די דאָזיקע נאַכט פון פרייטיק אויף שבת, וועט קיין ייד, וואָס האָט זי איבערגעלעבט אין ווין, ביזן לעצטן אָטעם־צוג נישט פאַרגעסן. מיט פאַקלען אויף אויפגעשפּיזטע געווער זענען די נאַציס, אָן אַ צאָל און אָן אַ סוף, מאַרשירט איבער די גאַסן פון ווינער באַצירקן און געזונגען נצחון־לידער, באַגלייט מיט חיהשן רעווען ווי די קולות אין דזשונגל. אין צווייטן באַצירק האָט זיך געהערט אָן אויפהער, דאָס אויסשלאָגן פון פענצטער־שויבן אין יידישע וואַרהייזער און דאָס האָרסט־וועסל־ליד האָט נישט אויפגעהערט צו דונערן און האָט פאַרגיפטעט די לופט פון דער שטאָט. דורך די גאַר־דינען אין שלאָפצימער האָבן מיר — מיין פרוי העניעלע און איך — פאַרפאָלגט דעם אויפמאַרש פון דער בעסטיאַלישער האָרדע און מיט אַנגסט געקוקט יעדע ווילע אויף אונדזער קליינער טאָכטער מערי (מרים), וואָס איז דאַמאָלס אַלט געווען אַ יאָר מיט ניין חודשים און איז געשלאָפן איר אומ־שולדיקן קינדישן שלאָף. שבת אינדערפרי, האָבן אין גאַנץ ווין געפלאַטערט האַקנקרייץ־פאָנען.

מיין ערשטער שריט, שבת אינדערפרי, איז געווען צום פּוילישן קאָנסולאַט, כדי צו פאַרלענגערן דעם פּאַספּאָרט. אָבער פאַרן איינגאַנג צום קאָנסולאַט האָבן שוין געוואַרט, זייט דריי אַ זייגער פאַרטאָג, הונדערטער פּוילישע יידן, וואָס האָבן פאַרלאַנגט דאָס זעלבע וואָס איך. יעדע ווייל זענען פאַרביי־געגאַנגען אַלטע און יונגע כוליגאַנעס און זיך געוויצלט אויפן חשבון פון די אומגליקלעכע קורבנות, אָבער געטשעפּעט האָבן זיי נישט, אויס רעספּעקט פאַרן פּוילישן אָדלער, וואָס איז געהאַנגען איבערן איינגאַנג אין הויז. דאָס איז געווען בלויז געציילטע שעהן פאַר דעם, ווי די פּוילישע געזאַנדשאַפט האָט פאַרעפנטלעכט אין אַלע צייטונגען אַ באַגריסונג לכבוד דער „פאַראייניקונג פון די צוויי שוועסטער־לענדער" און צוגעזאָגט איר לאָיאַליטעט. נאָכן אָפּשטיין ביז פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג,

בין איך ענדלעך אָנגעקומען פאַר אַ שאַלטער און דערקלערט, אַ פּיינטלעכן געזיכט אויף דער אַנדערער זייט, וואָס איך פאַרלאַנג.

— „איר מוזט איבערלאָזן אייער פּאַספּאָרט אויף אייניקע טעג. אין משך פון דער אַנדערער וואָך וועט איר אים קריגן פאַרלענגערט."

אָפּגעאָטעמט, האָב איך פאַרלאָזט דעם בנין פון קאָנסולאַט אונטערן קנאַהדיקן בליק פון הונדערטער אויגן, וואָס האָבן מיך מקנא געווען, וואָס איך האָב שוין דערלעדיקט מיין זאַך, בעת זיי האָבן זיך געגרייט דאָ אַדורכצונעכטיקן די נאַכט — און אפשר אויך די צווייטע — ווייל מאָרגן איז דאָך זונטיק און דער קאָנסולאַט וועט אוודאי זיין געשלאָסן.

איך האָב אַפילו נישט באַגריפן דאַמאָלס, אַז אין יענעם טאָג האָט זיך פאָרמעל פאַרענדיקט מיין פּוילישע בירגערשאַפט, וואָס איז צוריק מיט הונדערטער יאָרן דערוואָרבן געוואָרן מיט בלוט און מי דורך מיינע זיידעס אויס מיינץ און וואָרמייזע, אָדער פון קאָרדאָווע.

ערשט דאַמאָלס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געיעג מיט דער צייט. אין געשעפט איז געקומען אַ קאָמיסאַר, וואָס האָט פאַראָרדנט, אַז איך זאָל שטיין פאַר מיין געשעפט מיט אַ שילד „אַ שווײַן איז, ווער עס קויפט ביי יידן!", — איך בין געוואָרן געצוווּנגען אָפּצוזאָגן דער פרוי, וואָס האָט ביי אונדז געאַרבעט אין דער וווינונג. די דאָזיקע מאַריאַ, וואָס האָט קיינמאָל נישט אויסגעהאַלטן מער ווי 2 — 3 מאָנאַטן אויף איין פלאַץ, איז ביי אונדז געווען שוין קנאַפּע צוויי יאָר און פלעגט טענהן, אַז נישט אַמאָל אין גן־עדן קען עס אַ מענטש גיין בעסער, ווי עס גייט איר ביי אונדז; אָבער אָפּזאָגן אַן אַרישן אָנגעשטעלטן איז געווען פאַרבאָטן.

איך האָב געפּרוּווט מיך אַרומזען וועגן עפּעס אַן עמיגראַציע־מעגלעכקייט, ווייל עס איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז מיר מוזן פאַר יעדן פּרייז פון ווין אַוועק, נאָך איידער עס וועט ווערן צו שפּעט. אין איינעם אַ מאָמענט פון גרעסטער פאַרצווייפלונג האָט אונדז אַ פריינט געגעבן די עצה, מיר זאָלן זיך פאַרבונדן מיט זיין ברודער אין בריסל, אפשר וועט ער אונדז העלפן. נאָך פינף טעג האָבן מיר באַקומען פון בריסל אַן ענטפער, אַז מיר זאָלן גלייך פאָרן קיין אַאַכן, אַ שטאָט אויף דער דייטש־בעלגישער גרעניץ, און דאָרט זיך באַגעגענען אין אַ געוויסן האָטעל.

דאָ האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס קינד האָט געקריגן הויכן פיבער. בעת דער לאַנגער רייזע פון ווין ביז קעלן, האָט קיינער פון די דייטשן נישט געפונען פאַר נויטיק אָפּצוטרעטן דער פרוי מיטן קינד אויף דער האַנט אַ פּלאַץ אויף אַ פּאָר מינוט. אין דער באַן איז געווען זייער ענג און זיי זענען געשטאַנען די גאַנצע צייט ביים אָפענעם פענצטער און דאָס קינד האָט געקריגן אַ שטאַרקע אַנגינע. מיט שווערע מי האָבן מיר באַקומען אַן אַדרעס פון אַ יידישן דאָקטאָר, וועלכער, זעענדיק אונדזער לאַגע, האָט אונדז געטרייסט און פאַרשפּראָכן צו טון אַלץ מעגלעכע, כדי אונדז צו העלפן.

צו דער באַשטימטער צייט, נאָכמיטאָג, איז אונדזער פירער געקומען אין האָטעל און אַרויף צו אונדז אין צימער. ער האָט תיכף געזען, וואָס דאָ איז געשען און מיט רעזיגנאַציע אַראָפּגעלאָזט די הענט.

— ער איז 99 פּראָצענט זיכער, אַז מיר וועלן אַריינפאַלן צו דער געסטאַפּאָ אין די הענט. ער בעט פון אונדז בלויז איין זאַך: אין דער רגע, ווי מ'וועט אונדז כאַפּן, זאָלן מיר זאָגן, אַז ער איז אויך אַ יידישער פּליט, ווי מיר און נישט אונדזער פירער.

דער דאָקטאָר איז ווידער געקומען אין אָוונט און דערהערנדיק, אַז מיר דאַרפן באַלד גיין איבער דער גרעניץ, האָט ער דעם קינד געגעבן אַן איינשטיך קעגן פיבער און דאָס קינד איז איינגעשלאָפן. אַ האַלבע שעה שפּעטער זענען מיר שוין געזעסן אין אַ טראַמוויי, וואָס איז געפאָרן צו דער גרעניץ. אין מיטן וועג זענען מיר פון אים אַראָפּ און אַריין אין אַ געסל, ווו ס'האָט געפירט אַ ליים־וועג צו אַ גרויסן פעלד, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכנדיקן דראָט. מיר זענען קריכנדיק דערגאַנגען צו אַן אָרט, באַוואַקסן מיט אַ געדיכטן פלאַנצן־צוים, וואָס האָט אָפּגעטיילט דאָס פעלד פונעם וועג, וועלכער איז אייגנטלעך געווען די גרענעץ. נישט ווייט פון דאַנען האָבן מיר געזען ליכט און דער פירער האָט אונדז שטיל געזאָגט, אַז דאָס איז די סטאַציע פון דער דייטשער גרעניץ־וואַך. אין דער רגע האָבן אויפגעלויכטן, אויף יענער זייט פלאַנצונגען, דאָס ליכט פון צוויי ביציקלען און דער פירער האָט אונדז געגעבן אַ ווונק איינצוהאַלטן דעם אָטעם. דאָס זענען געווען צוויי דייטשע גרענעץ־זשאַנדאַרמען. שפּעטער האָט דער פירער אונדז אָנגעוויזן אַ גרויסן שניט אין צוים און, קריכנדיק, זענען מיר אַריבער אויף דעם צווייטן זייט וועג און ענדלעך אָנגעקומען דאָרט, ווו ס'איז געווען בעלגיען.

אויף דער נאַכט זענען מיר געבליבן אויסרוען ביי אַ פויער און אויפן צווייטן טאָג געפאָרן מיטן באַן ביז בריסל, ווו מיר האָבן געדונגען אַ צימער, כדי צו קענען אַוועקלייגן דאָס קראַנקע קינד. ליידער איז איר נישט בעסער געוואָרן, טראָץ מיר האָבן איר געגעבן יעדע מעדיצינישע הילף. אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָבן מיר באַגעגנט אין אַ הויז אַ פרוי, וואָס האָט אונדז געראַטן צו קומען קיין אַנטווערפּן. דאָרט זענען די יידן מער קאָנצענטרירט און זי מיינט, אַז דאָרט

איז אויך פאַראַן אַ בעסערע מעגלעכקייט עפּעס צו פאַרדינען.

מיר האָבן אין בריסל דערפילט צום ערשטן מאָל דעם טעם פון אַ מענטש אָן אַ היים, אַ פּליט צווישן אייניקע מנינים יידישע פּליטים, וואָס קומען זיך צוזאַמען אין דעם איינאונאיינציקן יידישן רעסטאָראַן אין אַזאַ ריזן שטאָט. מיט די איינגעזעסענע יידן אין בריסל האָט מען קיין קאָנטאַקט נישט געהאַט, אויסערן רעטונגס־קאָמיטעט, וואָס האָט אויסגעטיילט אַ צעטל צום עסן און אַ שטיצע פון אַזויפיל און אַזויפיל פראַנק יעדע וואָך צום לעבן, אָדער אַ צעטל צו אַ דאָקטאָר, ווען מ׳האָט זיך געניייטיקט אין מעדיצינישער הילף. אָבער מיר זענען באַלד אַריבער קיין אַנטווערפּן און דאָרט האָבן מיר דאָס קראַנקע קינד אַריינגעגעבן אין שפּיטאָל, פונוואַנען מיר האָבן עס, נאָך 12 טעג, אַרויסגענומען אין אונדזער נייער ווינונג.

מ׳האָט אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן וועגן עפּעס צו פאַרדינען. אין קירזשנעריי בין איך געווען אַ שוואַכער בעל־מלאכה, (האַנדלען איז נישט געווען מיט וואָס — אַ חוץ, וואָס ס׳איז געווען זייער שטרענג פאַרבאָטן). העניעלע האָט זיך דערמאָנט, אַז מיט יאָרן צוריק האָט מען זייער געלויבט די קליידער, וואָס זי פלעגט זיך אויפנייען און מיט אַ סענטימעטער אויס אַ שטיקל שפּאַגאַט האָט זי אָנגענומען צו מאַכן דאָס ערשטע קלייד. מיר זענען אויך באַלד געוווּיר געוואָרן, אַז אין אַנטווערפּן לעבן אייניקע ראַוווער.

דער ערשטער איז געווען מלך פאסטער, וואָס איז געווען אַן אָנגעזעענער קירזשנער אין אַנטווערפּן און האָט באַזעסן אַ געשעפט מיט אַ ווערקשטאַט. ער פלעגט אָפּט זיך נייטיקן אין מאָדעלן פון פעלץ־מאַנטל, אויסגעשניטן פון דיקן פּאַק־פּאַפּיר, און מיין פרוי העניעלע פלעגט דאָס פאַר אים מאַכן מיט גרויס טאַלאַנט. אויך פלעגן מיר פאַר אים אויספאַרטיקן מאַנטלען און אונדזערע פאַמיליעס האָבן זיך נאָענט באַפריינדעט.

דערנאָך האָבן מיר אויסגעפונען דאָרטן חיים גראַנדעס, וואָס האָט דאָ געענדיקט די פאַקולטעט פון עקאָנאָמיע, חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון ריינדל און זי אַרויסגענומען אַהער. ער האָט געהאַט אַ געשעפט פון מעבל און גאַרדינשטאָפן און עס איז אים זייער גוט געגאַנגען. זייער שטוב איז מיר מיט דער צייט געוואָרן אַ צווייטע היים, אַזוי ווייט, אַז דעם 10־טן מאַי 1940, ווען די נאַצי־חיה איז באַפאַלן בעלגיען, זענען אונדזערעביידע פאַמיליעס צוזאַמען אַנטלאָפן פון אַנטווערפּן.

נאָך איין לאַנדסמאַן אונדזערער האָט געוווינט דאַמאָלס אין אַנטווערפּן — שלום, דער איידעם פון ר׳ שלמה זלמן, דעם גרויסן חסיד פון דער אַלטער קלויז; ער איז געווען שוחט פון דער פרומער קהלה, אָבער פּלוצים האָט די פּאָליציי אים נישט געוואָלט מער פאַרלענגערן דעם אויפהאַלט און בלויז אייניקע וואָכן פאַרן אויסברעכן פון קריג איז ער צריקגעפאָרן אַהיים. איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט צופעליק, ער האָט מיך דערקענט און געפרעגט, צי איך בין נישט מרדכי לייב קעסעלס זון, ווו ס׳איז פאָריקן סוכות געשטאָרבן אַ טאָכטער... פון אים בין איך דאַמאָלס געוווּיר געוואָרן, אַז מיין שוועסטער חנה, וועלכע איז מיר געווען אַזוי טייער, איז געשטאָרבן. די עלטערן האָבן עס פאַר מיר פאַרשוויגן.

יאָ, ווען די פּאָליציי אין אַנטווערפּן וואָלט אים געווען דאַמאָלס פאַרלענגערט דעם אויפהאַלט, קען זיין, ער וואָלט נאָך היינט געווען צווישן אונדז!

נאָך האָבן אין אַנטווערפּן געלעבט — אָבער אומלעגאַל — בן־ציון רייזער (אַ זון פון ר׳ יאָשע בנצינוס), קלמן שפּינדלער און אויך קלמן כ״ץ.

די לעבנסבאַדינגונגען פון די לעצטע זענען געווען זייער שווער — נישט מאַטעריעל, ווייל זיי האָבן געאַרבעט און שיין פאַרדינט — נאָר, ווייל די פּאָליציי האָט זיי געיאָגט, אייניקע מאָל געכאַפּט און געשטעלט איבער דער גרענעץ, אַמאָל קיין פראַנקרייך און אַמאָל קיין לוקסנבורג. זיי זענען יעדעס מאָל צוריקגעקומען און ווייטער געאַרבעט ביזן צווייטן מאָל; אָן אַן אויפהער, אָבער אַרויסגיין אויפן גאַס, האָבן זיי נישט געוואַגט.

די פּאָליטישע לאַגע אין בעלגיען אין יענער צייט, איז ווי כמעט תמיד אין בעלגיען געווען געשפּאַנט. אַחוץ דעם אייביקן קאָנפליקט צווישן פלעמער און וואַלאָנען, זענען נאָך פאָרגעקומען אין גאַנצן לאַנד רייבונגען, אַלס פועל־יוצא פונעם פאַרלוירענעם בירגער־קריג אין שפּאַניען.

דאָס יידישע לעבן אין אַנטווערפּן ווידער איז געשטאַנען אונטערן שווערן צייכן פון דער זיך אָנהייבנדיקער אויסראָטונג פון דייטשן יידנטום. טאָג־טעגלעך זענען צוגעקומען נייע מאַסן פּליטים אויס דייטשלאַנד, עסטרייך און דעם פאַרקויפטן טשעכן. דאַמאָלס האָבן אָנגעהויבן אַרומשווימען אין חלל די ערשטע פאָדערונגען פון היטלערן אויף דאַנציג. אַ קלענער טייל פון די פּליטים איז ווייטער געפאָרן מעבר־לים, אָבער דער גרעסטער טייל איז געבליבן זיצן אין בעלגיען, ווייל אַלע לענדער אויף דער וועלט זענען פאַר זיי געווען געשלאָסן. איצט האָבן די בעלגיער נישט מער געלאָזט די פּליטים פריי אַרומגיין, נאָר זיי איינגעזעצט אין פּליכטלינגס־לאַגערן, אָדער אין צוגעוויזענער רעזידענץ. נאָכן אַטענטאַט פון הערשל גרינשפּאַן אין פּאַריז אויפן אַמבאַסאַדע־יועץ פאָן־ראַט, וואָס האָט געדינט די נאַציס אַלס אָפיציעלער אויסרייד אָנצוהייבן מיט דער מאַסן־פאַרניכטונג פון אונדזער פאָלק (די אַזוי גערופענע „קריסטאַל־נאַכט״),

איז די שפּאַנונג געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. מ׳האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי אַ דיקע שנור וואָלט זיך אַרומגעוויקלט, ווי אַ שלאַנג, אַרום דעם האַלדז און ציט אים אַלץ פעסטער און פעסטער איין.

דער זומער 1939 איז געקומען. דער רעטונגס־קאָמיטעט האָט געהאַט זייער אַ שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט צו באַהאַנדלען אַזויפיל מאַסן פליטים. ער האָט געמאַכט שווערע אָנשטרענגונגען האַלבוועגס צו באַשפּייזן און באַקליידן די, וואָס זענען געווען אין דער גרעסטער נויט און האָט אויך באַזאָרגט מיט רייזע־שפּעזן יעדן, וואָס האָט נאָר געהאַט וואוהין צו פאָרן. אָבער די וועלט איז געווען ווי הערמעטיש געשלאָסן. קיין לאַנד האָט זיך נישט דערקלערט גרייט אויפצונעמען די אומגליקלעכע קרבנות, וועלכע היטלער האָט שוין געהאַט פאַרמשפּט צום פאַרניכטן. און אַז דער איבערפאַל אויף פוילן איז געקומען, איז די דעפּרעסיע נאָך טיפער געוואָרן. דער שרעק איבערן גורל פון די טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיטן אומבאַשרייבלעכן עלנט פון אַ קרבן, וואָס פילט, אַז ער געפינט זיך איינגעשלאָסן ווי אין אַ מויזןשטייג און יעדע מינוט קען עמיצער קומען און אַרויפגיסן אויף איר נאַפט און זי אונטערצינדן.

ס׳איז אָנגעקומען דער ווינטער 1939. איבער לעמבערג האָבן אָנגעהויבן קומען ברייוו פון די היימען און מיר האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט. אָבער אויף ווי לאַנג?

✶

דער 10־טער מאַי 1940 איז געווען אין אַ פרייטיק. דעם אמת געזאָגט, האָט מיך דאָס אַלץ געטראָפן נישט אומדערוואַרט. אויך אונדזער פריינט גראַנדעס, מיט וועלכן איך פלעג אָפט רעדן איבער דער לאַגע האָט געהאַלטן, אַז די נייטראַליטעט פון בעלגיען איז אַ זאַך, וואָס בלויז בעלגיען אַליין גלויבט, אַז זי איז דורך דעם באַשיצט. גראַנדעס האָט נאָך אַ פּאָר טעג פריער אַוועקגעשיקט זיין פרוי אסתר מיט די קינדער קיין לאַ־פּאַן אויף דער פראַנצויזישער גרענעץ, אין גלויבן, אַז דאָרט וועט מען אפשר זיין מער געשיצט.

5 אַ זייגער פאַרטאָג, האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף עפּעס אַ מערקווירדיקער רוישן פון מאָטאָרן, וואָס האָבן מיין, מיט חשד אָנגעפולט האַרץ, ווי אָנגעזאָגט, אַז עפּעס דערנענטערט זיך אַ צרה. איך בין אַראָפּ פון בעט און צו צום פענצטער און אָנגעהויבן נישטערן מיט די אויגן איבערן לויטערן בלאָען הימל. מיין בליק האָט אינגיכן אַנטדעקט אַ מחנה פון נאַציש ע עראָפּלאַנען און פלוצים האָבן זיך אָנגעהויבן שיסן פון הימל באָמבעס און פייער, שויבן האָבן אָנגעהויבן זיך שיטן און ווענט צו טרייסלען. מענטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן בהלהדיק אין די שוץ־קעלערס.

אַז דער לופט־אַטאַק איז פאַרביי, בין איך אַראָפּ אין גאַס זען, וואָס עס טוט זיך דאָרט. איך בין גלייך אַוועק צו חיים גראַנדעס הערן וואָס ער מאַכט. מיר האָבן פריער נאָך געהאַט אָפּגערעדט, אַז אין פאַל פון אַ דייטשן אָנגריף אויף בעלגיען, זאָלן מיר צוזאַמען אַוועק קיין לאַ־פּאַן. אָבער די קאָמוניקאַציע איז שוין פון ערשטן טאָג געווען דעזאָרגאַניזירט און אַ ריזיקער כאַאָס האָט געהערשט אויף די וועגן. אַ וועג וואָס דויערט נאָרמאַל 10 מינוטן פאָרן, האָט געדויערט אין יענעם טאָג מער ווי צוויי שעה. מיר זענען אַרויס פון אונדזער דירה און ענדלעך נאָך שעהנלאַנג צוגעקומען אויסגעמוטשעטע צום טונעל פון באַן, ווו פאַרן איינגאַנג איז געשטאַנען אַ פּאָליסמאַן און פאַרלאַנגט די פּעסער.

גראַנדעס איז מיט זיין פּוילישן פּאַס אָן שטערונגען פאַרביי, אָבער העניעלען און מיך האָט מען פאַרהאַלטן, ווייל מיר האָבן באַזעסן בלויז נאַנסן־פּעסער פון דער בעלגישער רעגירונג. ענדלעך שפּעט נאָכמיטאָג איז אַ וואַכמאַן געקומען און האָט אונדז צוריקגעבראַכט אונדזערע פּעסער און אונדז באַפרייט. איך בין שוין געווען אַזוי צעבראָכן, אַז איך האָב שוין געוואָלט צוריק אַ היים, אָבער העניעלע האָט געטענהט, אַז צוריק איז נישטאָ! מיר זענען צוריק צום טונעל. אַ האַלבע שעה שפּעטער האָבן מיר דערגרייכט דעם באַנהויף און ווי גרויס איז געווען אונדזער איבעראַשונג, אַז מיר האָבן דאָרט נאָך געטראָפן חיים גראַנדעס. ער איז נאָך געזעסן דאָרט מיט זיין געפּעק פון פאַרמיטאָג, ווייל עס איז נישט געווען מיט וואָס צו פאָרן. די באַן איז נישט אָנגעקומען, ווייל די ליניע איז דורך די דייטשן צעשטערט געוואָרן. מיר זענען געזעסן און געזעסן, בעת אויפן הימל זענען אַלעמאָל דייטשע עראָפּלאַנען געפלויגן אַהער און אַהין און פון ווייטנס האָט זיך אַלעמאָל געהערט עקספּלאָזיעס. ענדלעך פאַרנאַכט איז אָנגעקומען פון ערגעץ אַ באַן און מיר זענען בדוחק אַרויף. שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט, זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען קיין לאַ־פּאַן, אויף דער פראַנצויזישער גרענעץ.

די סירענען האָבן אויך דאָ יעדע פּאָר מינוט אַלאַרמירט. מיר זענען ווי עס איז, צוגעקומען צו דער דירה, ווו פרוי גראַנדעס האָט געוווינט מיט די צוויי קינדער און צוזאַמענגעקורטשעט פון קעלט און שרעק זענען מיר אַזוי איבערגעקומען די נאַכט. ווען מיר זענען אַרויס דעם צווייטן טאָג אין גאַס, האָט אונדז דער אָנבליק כמעט ווי באַרואיקט; אַזוי שטיל, רואיק און זיכער האָט אונדז אויסגעוויזן דאָס קליינע דאַטשע־שטעטעלע לאַ־פּאַן. אַ פּאָר טעג שפּעטער ערשט האָבן מיר דערזען, ווי נאַאיוו אונדזער מיינונג איז געווען און ווי פאַלש מיר האָבן אָפּגעשאַצט אונדזער לאַגע.

נאָך אַ פּאָר געציילטע טעג בלויז, איז גאַנץ בעלגיע און צפון־פראַנקרייך, לענגאויס די ברעגעס פון צפונדיקן ים ביזן אַטלאַנטיק, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין ענדלאָזן מבול פון דעזאָרגאַניזירטן און דעמאָביליזירטן מיליטער און פליטים, פליטים פון האָלאַנד, בעלגיען און פראַנקרייך אָן אַ צאָל און אָן אַ שיעור.

וויפיל מאָל מיר האָבן זיך געפּרוּווט אַדורכרייסן דורך דער ראַמפּע, וואָס האָט אָפּגעשניטן פראַנקרייך פון בעלגיען, אָבער יעדעס מאָל צוריקגעשטויסן געוואָרן דורך די פראַנצויזישע זשאַנדאַרמען:

— „שטאַטנלאָזע קענען נישט אַריבער!"

מיר האָבן לאַנג שוין פאַרלאָזט לאַ־פּאַן און געפונען זיך אין אַ שאַפּע האָרט אויף דער גרענעץ. אונדזער לאַגע האָט זיך אָבער נישט געענדערט, נישט אַהער און נישט אַהין. איין נאַכט אָבער איז דער פראָנט שוין געווען אַזוי נאָענט פון אונדז, אַז מיר האָבן שוין געהערט די האַרמאַטן איבער אונדזערע קעפּ, דאַמאָלס האָבן מיר באַשלאָסן:

— „מיר מוזן אַריבער!" — און געלאָזט זיך צו דער ראַמפּע.

— „זאָל געשען מיט אונדז, וואָס עס וויל"!

און ס'איז געשען דער נס; דער זשאַנדאַרם, נעבן וועלכן מיר זענען פאַרביי, האָט געזען העניעלעס אַלטן, אומגילטיקן, פּוילישן פּאַספּאָרט, האָט אים אַפילו נישט אויפגעמאַכט און אונדז געוויזן, אַז מיר קענען גיין.

אַריבער אין יענער זייט, קיין פראַנקרייך, האָבן מיר זיך ערשט דערמאָנט אָן פאַמיליע גראַנדעס, וועלכע זענען געבליבן אין לאַ־פּאַן, צוליב זייער ניי־געבוירן קינד; אָבער פיל דערפון צו קלערן איז נישט געבליבן קיין צייט. די צייט האָט געאיילט און מיר האָבן געשטרעבט צו לויפן שנעלער, ווי דאָס דייטשע מיליטער. מיט האַרצקלאַפּן פלעגן מיר זיך אין די שפּעטערע יאָרן, פון צייט צו צייט, אָן זיי דערמאָנען און מיט זאָרגן געקלערט, וואָס ס'האָט מיט זיי געקענט געשען. אָבער ווער קען זיך פאַרשטעלן אונדזער פרייד, ווען מיר האָבן געלעזן אין פערטן ביולעטין, אַז זיי האָבן זיך געראַטעוועט און לעבן אין בריסל.

מיר האָבן דאַן אָנגעהויבן לויפן ווי די שדים, אויס מורא מ'זאָל אונדז נישט דערזען און כאַפּן צוריק. פּלוצלינג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די נאַכט און דער הימל האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ים פון פייער און שטאָל, אָבער מיר זענען אַלץ מער, אַלץ ווייטער געלאָפן. ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען צו אַ צעשמעטערטער פאַבריק און באַשלאָסן צו בלייבן דאָ, ביז ס'וועט ווערן טאָג. העניעלע און איך, האָבן מיר זיך אַוועקגעלייגט אויף דער הילצערנער בריק און מערי איז געבליבן ליגן אין איר ספּאָרט־וועגעלע, וואָס מיר האָבן מיטגענומען פון אַנטווערפּן און האָט זיך נאָך קוים געהאַלטן; אָבער אַ דרימל צו כאַפּן איז געווען גאַנץ אוממעגלעך, ווייל די באָמבעס און די אַנטי־פליגער אַפּוער האָבן געהאַלטן אין איין אויפטרייסלען די נאַכט. כאָטש ס'איז געווען אַ גרויסע סכנה צו בלייבן אין דער חורבה יענע נאַכט, אָבער מ'האָט נישט געקענט פון דאָרט אַרויס, ווייל ס'איז געווען פאַרבאָטן צו זיין אין דער נאַכט אויף דער גאַס.

ווען דער טאָג האָט אָנגעהויבן גרויען, דער הימל האָט גענומען לאַנגזאַם אויסלעשן זיינע פייערס, זענען מיר אַרויס ווייטער אין וועג. פון די זאַכן, וואָס מיר האָבן מיטגענומען פון אַנטווערפּן, האָבן מיר נאָך געהאַט בלויז דאָס קינדער־וועגעלע און אַ דעקע פאַרן קינד צום צודעקן עס אין די קאַלטע נעכט. נאָך אַ פּאָר שעה מאַרשירן, זענען מיר אָנגעקומען קיין דאַנקערק.

דאָס בילד פון דער שטאָט איז געווען מוראדיק. צעשטערטע הייזער און שריפות, וואָס קיינער האָט זיי נישט געלאָשן. סירענעס וווינען אָן אויפהער און מיליטער — כחול על שפת הים. פראַנצויזן, ענגלענדער, פּאָליאַקן, יאָגן אַהער און אַהין, די וועגן פול מיט פליטים און איבער אַלעמענס קעפּ די דייטשע עראָפּלאַנען.

ווען זיי פלעגן אָנקומען, די עראָפּלאַנען, און מען איז געווען ווייט פון אַ שוצקעלער, פלעגט מען פאַלן און זיך אויסלייגן אויפן באָדן; אָבער נישט אַלע פלעגן זיך פון באָדן אויפהייבן; אַזוי האָבן די דייטשע מאַשין־געווער פון אַלע זייטן געקאָסעט. מיר האָבן געפּרוּווט זיך דערשלאָגן צום באַנהויף, אָבער אויפן טויער איז געהאָנגען אַ שלאָס און אַ באַקאַנטמאַכונג האָט אָנגעזאָגט, אַז דער לעצטער צוג איז פון דאַנען אָפּגעפאָרן נעכטן פאַרטאָג. מיר זענען אַוועק צום האַפן מיט דער האָפענונג, צו קענען אַריבער קיין דאָווער אין ענגלאַנד. אָבער ס'איז אונדז נישט געלונגען.

מיר זענען צוריק אין שטאָט און אָנגעהויבן זאָרגן וועגן אַ שטיקל ברויט פאַרן קינד און איך בין אַוועק עס באַזאָרגן. ווען איך בין צוריקגעקומען צום פּלאַץ, ווו כ'האָב איבערגעלאָזט העניעלען מיטן קינד, האָב איך פלוצים דערהערט, אַז זי רופט מיך פון אַ פּול באַלאָדענעם אויטאָ מיט ענגלישע מאַטראָזן. מיט שווערע מי האָבן זיי קוים מסכים געווען אויך מיך מיטצונעמען. מיר זענען געווען איבערגליקלעך, מיינענדיק, אַז זיי וועלן אונדז פירן כאָטש ביז פּאַריז; אָבער ליידער האָבן זיי אונדז געפירט נאָר ביז קאַלעע און דאָרט אונדז אַראָפּגעלאָזן אין מיטן גאַס. פון דעם, מיט מיליטער און פליטים, אָנגעפּולטן קאַלעע — האָבן מיר זיך קוים און מיט גרויס אָנשטרענגונגען, אַרויסגעריסן און אָנגעקומען אין אַ קליין שטעטעלע נעבן „בולאָן־סיר־מער". ס'איז שוין געווען פאַרנאַכט, אויפן גאַס איז שוין

געווען אַלץ שטיל ווי אויסגעשטאָרבן, צוליב דעם אויסגאַנג־פּאַרבאָט, נאָכדעם ווי ס'ווערט פינצטער און פון ערגעץ האָט זיך נישט אַרויסגעריסן אַ פּונק פון ליכט.

מיר זענען געבליבן שטיין זייער פאַרצווייפלט און נישט געוווּסט, וווּ מ'טוט זיך אַהין, כדי איבערצונעכטיקן די קאַלטע שטורמישע נאַכט. פון ים האָט געבלאָזן אַ שניידיקער ווינט און די ציין האָבן געקלונגען, ווי צום אויסשיטן זיך. ס'האָט זיך געהערט אומאויפהערלעך דאָס זשומען פון מאַטאָרן; דאָס זענען די דייטשע באָמבערס געפלויגן קיין ענגלאַנד און פון יענער זייט קאַנאַל, האָבן זיך געהערט דומפּע עכאָס פון עקספּלאָזיעס און פייער האָט זיך געשאָטן איבערן גאַנצן ים.

מיר האָבן גלייך באַמערקט, אַז מיר שטייען פאַר אַ קירכע. האַפנדיק, אַז די טיר פון איר איז אָפן, זענען מיר אַרויף די 5 טרעפּ, וואָס האָבן צו איר געפירט. אָבער זי איז געווען פעסט פאַרשלאָסן און אונדזער פאַרצווייפלונג אָן אַ גרענעץ. מיר האָבן שוין געהאַט בדעה זיך אויסצולייגן אויף די שטיינערנע טרעפּ פאַרן איינגאַנג פון דער קירכע, אין דער האָפענונג אַזוי אַרום זיך צו קענען אָביסל שיצן פאַרן ווינט פונעם ים, ווי פון דער שוואַרצער נאַכט.

פּלוצים איז פאַר אונדזערע אויגן אַרויסגעשוווּמען אַ פרוי אין אַ שוואַרצער פעלערינע, באַלויכטן אונדז מיט אַ טאַשן־לעמפּל און אונדז געפרעגט, אויף פראַנצויזיש, צי מיר זענען פּליטים. הערנדיק, אַז מיר זענען יידישע פּליטים פון פּוילן, האָט זי אונדז גערופן מיט זיך מיטצוגיין. נאָכן פאַרבירן אין אייניקע פלעצער אונדז איינצוקוואַרטירן נאָר צום איבערנעכטיקן, האָט זי ליידער געפונען אַלע ערטער פול מיט פּליטים און זי האָט געמוזט אונדז נעמען צו זיך אין איר אייגענער שטוב. זי האָט אונדז געגעבן פון אַלעם בעסטן, זאַגאַר אַ וואַנע צום אָפּוואַשן זיך; אָבער האָט אונדז געבעטן, אַז אַלץ, וואָס מיר וועלן זען און הערן ביי איר אין הויז — זאָל בלייבן אַ סוד.

בעת אַן אַלאַרעם, ווען מיר זענען אַראָפּ אין די שוץ־קעלערן — האָבן מיר טאַקע געזען, אַז דאָרט האָט זיך באמת געפונען דער גאַנצער גענעראַל־שטאַב פון די אַליאירטע, צום רומען די אַרמיי אויף יענער זייט לאַ־מאַנש־קאַנאַל קיין ענגלאַנד. נאָכן ליגן אַ גאַנצע נאַכט אין קעלער, זענען מיר אינדערפרי ווידער אַרויף צו איר אין שטוב און די מאַדאַם בערטאַ האָט אונדז מכבד געווען מיט אַ פיינעם פרישטיק און אונדז אויף באַשאַנקען מיט אַ נייעם קינדער־וואָגן; האָט זיך מיט אונדז געזעגנט און געבעטן, אַז אויב מיר וועלן דעם קריג איבערלעבן און אַמאָל ווידער צוריק־קומען אין יענע קאַנטן, נישט פאַרגעסן זי צו באַזוכן, אויב זי וועט זיין ביים לעבן... און די אַליאירטע וועלן זיגן...

עס האָט בלויז געדויערט אַ פּאָר מינוטן, ווי מיר זענען אַדורכגעגאַנגען דאָס גאַנצע שטעטל און מיר זענען ווידער געשטאַנען אויף אַ שאָסיי, לענגאויס דעם ברעג פון לאַ־מאַנש. פּלוצים איז אָנגעקומען אַן אויטאָ מיט פּליטים, צו וועלכן ס'איז געווען צוגעטשעפּעט פון הינטן אַ צווייר־רעדער־דיק האַנט־לאַסט־וועגעלע. די שאָפערן פון אויטאָ זענען געווען סאָלדאַטן און פאַר אַ פּרייז פון אַ טויזנטער־פראַנק, האָבן זיי העניעלען מיטן קינד אַרויפגעשטופּט צו די פּליטים און מיר אָנגעוויזן זיך אַריינצוזעצן אין דעם האַנט־לאַסט־וועגעלע. נאָכן אָפּפאָרן אַזוי אַ צוויי־דריי שעה לענגאויס דעם בלויען ים, אין וועלכן עס האָט זיך אָנגעהויבן שפּיגלען אַ צעגליטע זון, זענען מיר אָנגעקומען אין דער האַפן־שטאָט בולאָן־סיר־מער. בולאָן איז אין יענעם טאָג געווען ענלעך צו אַ צעשטורעמטן ים; פון האָלאַנד און לוקסעמבורג, פון בעלגיען און צפון־מזרח־פראַנקרייך האָבן זיך צוזאַמענגע־פרעסט אַ סך מיליאָנען מענטשן, אויסער די סאָלדאַטן פון די אַליאירטע אַרמייען, וואָס האָבן זיך דעם גאַנצן טאָג מיינסטנס געפונען אין וועלדער אַרום די שטעט און די גאַנצע געגנט האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ריזן־שטח באַוואַקסן מיט מענטשלעכע קעפּ.

אַלע האָבן זיך געדרענגט צום האַפן, אָדער סתם ברעג פון ים, מיט דער האָפענונג צו געפונען דאָרט עפּעס אַ מעג־לעכקייט צום אַריבערשווימען קיין ענגלאַנד, וואָס איז גע־לעגן אַזוי נאָענט פון דאָרט, אַז מ'האָט געקענט זען מיט די בלויזע אויגן, וואָס ס'טוט זיך קעגנאיבער ליגנדיקן ענגלישן ברעג. מיט איינער אַזאַ כוואַליע, זענען מיר אויך פאַרטראָגן געוואָרן צום האַפן און געבליבן שטיין אויפן ראַנד פון אַ מויער, הויך אַ 8—10 מ', וואָס האָט אָפּגעטיילט די שטאָט פון ים. דאָס וואַסער איז געווען גלאַט ווי אַ שפּיגל און מ'האָט נישט געזען קיין צייכן פון אַ שיף, ווי ווייט די אויגן האָבן דערגרייכט. טראָצדעם זענען דייטשע עראָפּלאַנען אַלע ווייליע געפלויגן אַהער און אַהין און מיט די מאַשין־געווער געקאָסעט דעם המון. מ'איז געפאַלן און איינגעגראָבן דעם קאָפּ טיף אין דער ערד, אָבער אַז מ'איז אויפגעשטאַנען, זענען צענטליקער געבליבן ליגן און מער נישט געקאָנט זיך רירן...

דריי טעג און פיר נעכט זענען מיר געלעגן אין אַ קעלער. פאַר דער שטאָט האָבן זיך אָפּגעשפּילט פאַרביסענע שלאַכטן צווישן דייטשן און פראַנצויזישן מיליטער, וואָס האָט געדאַרפט שיצן דעם ריקצוג פון די פראַנצויזן און ענגלענדער.

אויפן פערטן טאָג אינדערפרי, אַז ס'איז נאָר געוואָרן ליכטיק, האָבן מיר דערזען אַ דייטשן סאָלדאַט אויף אַ מאָטאָר־ראַד, באַוואָפנט מיט אַן אויטאָמאַטישן געווער, אַראָפּקוקן צו

אונדז אין קעלער. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער מלאך־המות שטייט שוין פעסט פאַר אונדזערע אויגן און אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פונעם קעלער. זיי זענען תיכף אין יענעם טאָג אַרומגעפאָרן אויף די מאָטאָציקלען און אויטאָס, ווי ביי זיך אין דער היים, געשיסטערט, געזוכט — און געגעבן באַפעלן :

— אַלע פליטים מוזן צוריק אַ היים, יעדער אין זיין געמיינדע, פון וואַנען ער איז געקומען !

דאַמאָלס האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצוגיין פון דער שטאָט און אַריין אין אַ דירה, אין אַ דאָרף — סאַן־לעאָנאַרד. אַלעס איז דאָרט געווען צעשטערט, בלויז אַ ביסל שטרוי אויפן באָדן און מיט וואָס מיר האָבן געהאַט אויפן גוף, האָבן מיר זיך צוגעדעקט ביינאַכט.

אין יענער צייט האָבן מיר געדונגען אַ טענדער, וועלכער האָט געקריגן אַ דערלויבעניש צו פאָרן און זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג קיין פאַריז. וואָס אונדזערע אויגן האָבן געזען אויף בײדע זייטן שאָסעע, בשעת דער רייזע קיין פאַריז, זאָלן מענטשלעכע אויגן אין לעבן נישט מער זען. טיילן פון קערפּערס, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אין די ראָוון און אויף די פעלדער פון בײדע זייטן שטראָז און אויסגעהונגערטע הינט האָבן זיך מיט זיי געשטילט דעם הונגער.

ראַווער לאַנדסלייט אין פאַריז, איז פאַרן קריג געווען זייער אַ סך. די ערשטע האָט, נאָכן ערשטן וועלטקריג, זיך באַזעצט אין פאַריז — די פרוי אונגער, אַ טאָכטער פון יאָסל געפערט, וועלכע האָט געאַרבעט מיט פעלץ. אין די יאָרן פון פּראָספּעריטי, פלעגט זי אָפט קומען קיין ראָווע מיט רויע שטיקלעך, זיי פאַרקויפן און צוריק אָוועקפירן פערטיקע פּערזיאַנער טאָוולען פון ראַווער אויסאַרבעטונג.

אויך אַ זון פון פרוי בריל אויפן לעמבערגער וועג, האָט געוווינט אין פראַנקרייך, זייט די פריע צוואַנציקער יאָרן. פון די יאָרן 1926 — ביז עטלעכע דרייסיק, זענען געווען אין פאַריז און זיך באַשעפטיקט מיט קירזשנעריי : שמואל בעכערבליט ; זלמן פינקלשטיין ; די ברידער קליינער ; אַלטשולער ; נטע רוקער ; לייבוש בלאַסבערג און זיין שוועסטער, די פרוי גרינער ; שמריה דרוקער ; חיים הויזמאַן ; מלך צינס און נאָך און נאָך אַנדערע ; אָבער כמעט קיינעם פון זיי האָט איר נישט געפונען אין יענע טעג אין פאַריז. אַלע זענען טיילווייז אויף יענער זייט נישט־אָקופּירטן פראַנקרייך, אָדער פאַרשטעקט ביי אַ פריינט, אַ קריסט, אָדער געוואָרן מאָביליזירט אין דער פראַנצויזישער אַרמעע ; אַ טייל איז אויך געלונגען האַרט פאַרן אויסברוך פונעם קריג, אויסצוּוואַנדערן מעבר לים.

פון די ברידער שטאָרך, איז לייבוש און אהרן אין פאַריז ; דער דריטער ברודער איז געווען אויפן פראָנט אין צפון־פראַנקרייך און ס׳זענען געווען קלאַנגען, אַז ער איז געפאַלן. אין גאַס ביי גאלערי לאַ־פאַיעט, באַגעגנט מען אָפט אריה שוסטער, וועלכער איז אין יאָר 1935 אַריבער אומלעגאַל פון ווין קיין פאַריז און דאָ מיט דער הילף פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וועלכע האָט זיך אַ געוויסע צייט באַטייליקט אין דער רעגירונג, באַקומען אַזיל, אַלס פּאָליטישער פליכטלינג. אויך ראובנלע שטאָקהאַמער און קלמן כ״ץ, האָט מען אין יענער געגנט פון צייט צו צייט באַגעגנט. אין יענער צייט האָט אויך געוווינט די פרוי גרינער, די טאָכטער פון יעקל וואָלף שוסטער (איר ברודער לייבוש בלאסבערג איז מיט אַ פּאָר מאָנאַט פאַרן קריג געלונגען אויסצוּוואַנדערן קיין האַיטי) מיט איר מאַן און זייער 7־יעריקע טאָכטער שאַרלאָטע.

פון אַרבעטן און פאַרדינען האָט קיינער נישט געקלערט, ווייל דער מצב איז געווען עפּעס אַזוי דעפּרעמירנד, עלטערן האָבן נישט געוווּסט, ווו ס׳געפינען זיך זייערע קינדער ; פרויען — ווו ס׳געפונען זיך זייערע מענער ; מ׳האָט בלויז געקלערט פון איין זאַך : „וואָס וועט ברענגען דער מאָרגן״.

אין דעם דאָזיקן צום דערשטיקן, הייסן פאַריז, האָבן מיר אָדורכגעזומערט אין אַ קליינעם צימער, אַ דאַך־שטיבל.

אין איינעם אַ מאָרגן, אין סעפּטעמבער 1940, זענען דערשינען פּלאַקאַטן אויף אַלע עקן גאַסן, אַז אַלע פרעמדע ווערן אויפגעפאָדערט, צוריקצופאָרן יעדער אין זיין געמיינדע, פונוואַנען ער איז געקומען. עס האָבן אויך אָנגעהויבן בלאָזן די ערשטע ווינטן און אַראָפּלאָזן זיך די ערשטע רעגנס. אָן עפּעס אַ וואַרעמען מלבוש פאַרן קינד און אויך פאַר זיך אַליין, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר האָבן נישט קיין אַנדערן אויסוועג, ווי גיין צוריק קיין אַנטווערפּן, ווו מיר האָבן געהאָפט צו געפונען אונדזער איינריכטונג, קליידער און בעטגעוואַנט, וואָס מיר האָבן דאָרט איבערגעלאָזט בעת אונדזער אַנטלויפן.

נאָכן אַרומוואַלגערן זיך אייניקע וואָכן פון פּלאַץ צו פּלאַץ, פון באַן צו באַן, זענען מיר ענדלעך אָנהייב אָקטאָבער 1940, צוריקגעקומען קיין אַנטווערפּן, צום פּלאַץ פון וואַנעט מיר זענען מיט פינף חדשים צוריק אַוועק. מיר האָבן, דאָ באמת געטראָפן אונדזער דירה, אַזוי ווי מיר האָבן זי דעם 11־טן מאַי געלאָזט.

אָבער דאָ האָט שוין די לאַגע אויסגעזען אַנדערש, ווי אין פראַנקרייך. פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט שוין זייער אַ סך געפעלט. פון יידישע דיאַמאַנטערן קיין סימן. הן אַנטלאָפן קיין ווישי־פראַנקרייך, אָדער אַפילו נאָך ווייטער. הן געבליבן ליגן אונטער די באָמבעס אויף די וועגן פון פלאַנדריען און פאַריז, אָדער דערטרונקען אין לאַ־מאַנש. קיין יידישער הילפס־קאָמיטעט האָט נישט מער עקזיסטירט. אַלע זיינע מיטגלידער זענען אָדער אַנטלאָפן, אָדער געווען פאַר־

האַפּטעט און דעפּאָרטירט. דאַקעגן האָבן יידישע פּליטים געקענט קריגן שטיצע פון „עפנטלעכן סאָציאַלן פאָנד", וואָס האָט געטיילט די אַנטווערפּנער געמיינדע, אָבער זייער וויי־ניק פּליטלינגע האָבן פון דער שטיצע גענאָסן, ווייל ווי עס האָט געהייסן, זאָל דאָס האָבן געווען אַ כאַפּ־מעגלעכקייט, ווי אַזוי צו באַקומען אַן אויספירלעכע ליסטע איבער די יידישע פּליטים אין אַנטווערפּן.

פון דער אַנדערער זייט האָט די קירזשנעריי געבליט ממש. אַלץ וואָס האָט בלויז געהאַט אַ צורה פון פעלץ, איז געוואָרן געריסן פון אונטער די הענט.

אין שפּעטערע יאָרן איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס האָבן די דייטשן שוין דאַמאָלס אָנגעהויבן זאַמלען אַלערליי פעלצן פאַר זייער קומענדיקן פעלד־צוג אין רוסלאַנד. אויך דאָס האָט געקענט זיין די סיבה, פאַרוואָס זיי האָבן אין די ערשטע דריי פערטל יאָר פון זייער אָקופּאַציע פון בעלגיען און פראַנקרייך נישט געטשעפּעט קיין יידן; זיי האָבן געוווּסט, אַז יידן זענען דער שליסל צו די פעלץ־רעזערוואָרן פון די דאָזיקע לענדער — האָבן זיי געוואָלט פריער זיי אויסליידיקן און דערנאָך ערשט זיך נעמען צו די יידן.

דערווייל האָבן מענטשן געהאַנדלט און געוואַנדלט. געשמוגלט מיט בעלגישע פּאַפּירן די דעמאַרקאַציע־ליניע פון בעלגיע קיין פראַנקרייך און צוריק געקומען מיט שטיקלעך און פעלן.

אין אַ געוויסן טאָג פון דעצעמבער איז אָבער אויך צו דעם געקומען אַ סוף. לויטן באַפעל פון דער אָקופּאַציע־מאַכט זענען טויזנטער יידן, וואָס האָבן געוווינט אין אַנט־ווערפּן, נענטער ווי צוויי קילאָמעטער פון האַפן, געוואָרן פאַרפּראַכטעט אין צוגן אַן שויבן און דעפּאָרטירט קיין לימ־בורג, נישט ווייט פון דער האָלענדישער גרענעץ. דער ווינ־טער איז געווען אין גרעסטן ברען און זייער פיל מענטשן זענען אויסגעפרוירן געוואָרן אויפן וועג. ר' אלי שפּריצער מיט דער פרוי זענען אויך געווען אין טראַנספּאָרט און איינע פון יענע קרבנות איז אויך געווען עלזע, מלך שטאָק־האַמערס פרוי. אונדזער וואַגאָן האָט מען איבערגעלאָזט איני־מיטן נאַכט אויף אַ קליינער סטאַציע און צום סוף צוגעטשעפּעט אים צו אַ צווייטן צוג און פאַרטאָג האָט מען אונדז אַראָפּגעלאָזט אין אַ דערפל אַש, נישט ווייט פון גענק. דאָרט האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ ליידיקער שולע און אָנגעזאָגט:

— „דאָ בלייבט איר ביז אַ ווייטערן באַפעל!".

פיר מאָנאַטן האָבן מיר זיך געפונען דאָרטן, נישט וויסנדיק אין אָוונט, וואָס ס'וועט מיט אונדז געשען מאָרגן. אָבער אין איינעם אַן אָוונט איז הענילע אַהיימגעקומען מיט דער איוב־בשורה, אַז מאָרגן קומט געסטאַפּאָ, כדי אונדז אַוועקצופירן, מ'ווייסט נישט וואוהין...

*

אין בריסל האָט צו יענער צייט געוווינט אַ ברודער פון מיינעם אַ גוטן חבר אין ראַוווּע, משה זינגער, מיט וועלכן מיר זענען געווען באַפריינדעט. נישט פיל געקלערט, זענען מיר אַריין אין אַ צוג — קיין בריסל. אויפן באַנהאָף אין אַנטווערפּן, פאַרנדיק קיין בריסל, האָט אונדז אַן אַמאָליקער שכן דערלאַנגט אַ בריוו פון הענילעס מוטער ע"ה, וואָס איז דעם זעלבן טאָג געהאַט אָנגעקומען פון רוסיש־באַזעצטן קאַסאָוו ביי קאָלאָמיי. דער לעצטער לעבעדיקער גרוס פון דער וועלט, וואָס היטלער האָט פאַרמשפּט צום אונטערגיין.

אין בריסל האָבן מיר אויפגעזוכט זינגערן און פון אים געוואָרן אויפגענומען, ווי אייגענע ברידער. אויסגעהערט אונדזערע צרות, האָט ער תיכף פאַרשפּראָכן צו פּרוּוון באַ־קומען עמעצן, וואָס זאָל אונדז קענען אַריבערברענגען אין אומבאַזעצטן ווישי־פראַנקרייך. און אומר ועושה. נאָך דעם־זעלבן אָוונט, האָט ער אונדז צוזאַמענגעפירט מיט אַ מאַן, וואָס זאָל אונדז אַהין אַריבערשמוגלען.

מיר זענען אַזוי־אַרום אַריבער קיין ניצא, אויף דער ריוויערע.

דאָרט האָבן מיר געקריגן דאָס רעכט אויף דריי חדשים צו לעבן אין ניצא, געניסן פון איר שיינקייט און זיך באָדן אין איר בלויען ים. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָב איך באַגעגנט אין ניצאַ אַ ראַוווּער, הערש קאַל. ער איז אַהער געקומען פון איטאַליע, נאָכדעם ווי ס'זענען דאָרט אַרויס די אַנטי־יידישע געזעצן. מיט אים איז געווען זיין פרוי, וועלכע מיר האָבן געקענט נאָך פון ראַוווּע און זייער איין־און־איינציק קינד. מאַטעריעל איז אים געגאַנגען נישט שלעכט. און אויך ר' שמחה האַבערמאַנס שנור פון ווין.

דאָס זענען דערווייל געווען די איינציקע צוויי ראַוווּער פאַמיליעס, וואָס האָבן געלעבט אין ניצאַ צו יענער צייט. אָבער אייניקע וואָכן שפּעטער, אין יוני, זענען די ערשטע ראַוווּער פון פּאַריז, געקומען צולויפן קיין ניצאַ, נישט מער אַזוי אָפּטימיסטיש, ווי אויף אונדזער לעצטער דורכרייזע דריי חדשים פריער, נאָר דערשלאָגן און האַלב טויט פאַר שרעק.

די ערשטע איז אָנגעקומען פרוי אונגער; דערנאָך די פאַמיליע גרינער; נאָך זיי, די פאַמיליע פון אהרן שטאָרך און יאַנקעלע שייער, אַ שוואָגער פון אהרן שטאָרך. די צרות פון די שטאָרכס זענען געווען זייער שווער. דריי ברי־דער זענען זיי געווען, אויסער דער שוועסטער, איידער דער קריג האָט אויסגעבראָכן. משה האָט זיך תיכף געמאָלדן פריי־וויליק אין דער פראַנצויזישער אַרמיי און אין יאָר 1940 גע־

פאַלן ביי ריימס. ליבוש, דער עלטסטער, איז ביי דער ערש־טער אַקציע אין פּאַריז, אין אַפּריל 1941, געכאַפּט געוואָרן; אַלס ברודער פון אַ געפאַלענעם פרייוויליקן איז ער אין אַ פּאָר טעג באַפרייט געוואָרן, אָבער אין דער זעלבער נאַכט ווידער צוריקגענומען געוואָרן און אַריינגעשטעקט אין דראַנ־סי; מער האָט מען פון אים נישט געהערט.

אויך נטע רוקער, זיין פרוי לאהטשע און אַ יינגעלע זענען געקומען. אויך קלמן כ״ץ איז אין אַ געוויסן טאָג גע־קומען. צום סוף איז אויך געקומען — אָבער נישט פון פּאַריז, נאָר פון איטאַליען — ראטהויזס עלטסטער זון, וואָס האָט זיך אין איטאַליען נישט געקענט מער האַלטן. ער האָט געוואָרט אויף פּאַפּירן פון חיימען און בערך ווען די דייטשן זענען באַפאַלן רוסלאַנד, איז ער ווייטער געפאָרן קיין אַמעריקע.

וואָס נוגע דער מאַטעריעלער לאַגע פון אונדזערע לאַנדסלייט אין ניצא צו יענער צייט, קען מען נישט זאָגן, אַז זי איז געווען שלעכט. יעדער האָט געהאַט מיטגעבראַכט אַביסל געלט פון דער היים און זיך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך, עפּעס דערמיט אויפצוטון. צו אהרן שטאַרק, למשל, האָט זיין הויז־באַזאַרגער אַפילו אריבערגעשיקט דריי אָדער פיר קירזש־נער־מאַשינען צו דער אַרבעט, וואָס מ׳האָט געקענט קריגן. דער שטורעם איז נאָך געווען ווייט פון ניצאַ און בלויז ביי פּעסימיסטן, ווי איך, האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט, אַז מ׳פלעגט זיך פאַרטראַכטן, וואָס פאַרא איבעראַשונגען ס׳טראָגט אין זיך פאַרבאַרגן דער מאָרגן.

נאָכן 21טן יוני 1941, מיטן איבערפאַל פון די דייטשן איבער רוסלאַנד, איז געוואָרן קלאָר, ווי אויף דער האַנט, אַז די ערשטע קרבנות פון דער נייער אַגרעסיע, וועלן זיין אונדזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער, זייערע קינדער אין ראַווע און קאַסאָוו. איצט איז אויף איינמאַל אויך אויף זיי דאָס אומגליק געקומען און גאָט אַליין ווייסט, וואָס מיט זיי איז געשען. אונדזער האַרץ האָט אונדז געזאָגט, אַז אונ־דזערע מענטשן זענען אין גרויסער נויט, אָבער העלפן האָבן מיר נישט געקאָנט.

דאַמאָלס איז אויך מיין אויפהאַלט אויסגעאַנגען און איך האָב אים נישט געקריגן מער פאַרלענגערט. מיר האָבן גע־מוזט אַריבער אין אַן אַנדערע דירה און אָנהייבן לעבן אומ־לעגאַל. אונדזער לעבן האָט זיך אַזוי געצויגן גרוי, ווי א בין־השמשות, ביז אָנהייב 1942.

אין דער נאַכט פון 31.1.1942 בין איך, מיט נאָך אומלע־גאַלע יידן געוואָרן אַרעסטירט, געבראַכט געוואָרן אויף דער פּאָליציי און פון דאַמאָלס אָן האָבן זיך אָנגעהויבן די שווער־סטע יאָרן אין אונדזער לעבן. איך בין געלעגן איינגעשפּאַרט אין אַ קעלער איינער אַליין אָן נישט געוווסט אַמאָל, אויב ס׳איז טאָג אָדער נאַכט; צום שלאָפן האָט געדינט אַ ברעט, אָבער שלאָפן איז געווען אוממעגלעך, די קעלט איז געווען אין לשער — איבערהויפּט ווען איך בין אַרויס פון שטוב בלויז אין אַ סוועטער, נאָר פּאָר אייניקע מינוט. דער געדאַנק וועגן העניעלען מיטן קינד האָט געעגבערט די שלייפן. די דאָזיקע, אַזוי אויך שוין גענוג שוואַכע פרוי, ווי וועט זי דאָס אויסהאַלטן?

צום סוף איז אָבער דאָך געקומען אַן ענדע אויך דערצו. בשעת איך בין געלעגן האַלב פאַרחלשט און געקלערט, אַז זיכער האָט מען אין מיר פאַרגעסן און ווען מ׳וועט זיך אין מיר דערמאָנען, וועט שוין קיין זכר פון מיר נישט זיין — האָבן זיך געהערט גערוישן און די טיר האָט זיך אויפגע־מאַכט.

נאָך צוויי טעג און צוויי נעכט ליגן אין דעם פּאָליציי־קעלער, האָט מען מיך אַריבערגעפירט אין דער ניצאַ־תפיסה. דאָ האָבן איך באַקומען נייע חברים, פראַנצויזן, וואָס זענען געוואָרן באַשולדיקט אין מאָרד, גניבה, שוואַרץ־האַנדל און פאַלשן געלט. מ׳האָט זיך צעריקט און געמאַכט מיר פלאַץ אויפן הויפן שטרוי, וואָס האָט געדינט אַלס געלעגער פאַר אַלע צוזאַמען און מיר אָנגעזאָגט, אַז טאָמער וועט מיר זיין קאַלט ביינאַכט, זאָל איך מיך צוריקן צו מיין שכן, אַזוי אַרום וועט אונדז ביידע ווערן וואַרעם.

פאַר העניעלען זענען אָנגעקומען שרעקלעך שווערע טעג. זי אַליין איז דאָך געווען אומלעגאַל און זי האָט געמוזט זאָרגן צו דערנערן נישט נאָר זיך און דאָס קינד, נאָר אויך מיך. ביי דער געלעגנהייט מוז איך אונטערשטרייכן, אַז דאָס אַלץ וואָלט איר בשום אופן נישט געווען געלונגען, אָן דער הילף פון דעם אומפאַרגעסלעכן אהרן שטאַרק ז״ל, וועלכער איז איר געשטאַנען ביי דער זייט, נישט נאָר מאַטעריעל, נאָר אויך מיט אַ ריכטיקן טרייסט־וואָרט. אָן דעם, ווייסט גאָט, ווי זי וואָלט דאָס געווען אַדורכגעהאַלטן אין יענע טעג, ווען זי האָט געשוועבט צווישן הימל און אָפּגרונט.

אָבער די וויכטיקסטע פון אירע זאָרגן איז געווען און געבליבן די זאָרג, ווי אַזוי מיך אַרויסצוקריגן פון דער תפיסה. אָן אַדוואָקאַט פון ווין האָט זי פאַרבונדן מיט איינעם פון די ניצאַר גרעסטע אַדוואָקאַטן און יענער האָט אָנגעהויבן זיך באַמיען מיך אַרויסצושלעפּן אויף דער פריי.

דאָ וויל איך מיך אָפּשטעלן אויף אַ רגע און מאַכן אַ באַמערקונג: דאָס אַלץ, וואָס איך דערצייל, איז נישט כדי צו באַשרייבן מיין אייגענע געשיכטע, נאָר מיטן ציל פאַר־צושטעלן איין בילד פון אַ ראַווער לאַנדסמאַן אין מערב־אייראָפּע, אין דער תקופה פון אונדזער גרעסטן חורבן, וואָס שפּיגלט אָפּ מער־וויניקער, דאָס בילד פון אַלע אונדזערע לאַנדסלייט אין יענער תקופה.

די באַמיאונגען פון מיין אַדוואָקאַט האָבן גאָרנישט גע־

האַלפן. פיר וואָכן נאָך מיין פאַרהאַפטונג, בין איך געבראַכט געוואָרן פאַר אַ געריכט, וואָס האָט מיך, פאַר אומגעזעצלעכן אויפהאַלט, פאַראורטיילט אויף אַ יאָר תפיסה. דער פּראָקוראָר האָט מיך, אונטער אַנדערן, באַשולדיקט, אַז איך און טויזנטער מיינס־גלייכן, עסן־אויף דאָס ברויט פון פראַנצויזישע קליינע קינדער, וועלכע גייען אויס פאַר הונגער און דעריבער מוז מען מיך עקזעמפּלאַריש באַשטראָפן, כדי אַלע פראַנצויזן זאָלן זען, אַז אין נייעם פראַנקרייך זענען מער נישט די הערשער די יידן, אָדער זייערע פאַרקויפטע קנעכט...

מאַכן אַ רעקורס, איז געווען גרעסטער אומזין; ווייל ס'האָט געקענט פּאַסירן, אַז מ'זאָל דאַמאָלס קריגן אַנשטאָט איין יאָר — צוויי.

אַ חודש נאָכן פּראָצעס, בין איך אין תפיסה קראַנק געוואָרן. דער תפיסה־דאָקטאָר, אגב איינער פון די גרעסטע חסידי־אומות־העולם, האָט מיך זאָפאָרט געלאָזט אַריבערפירן אין שפּיטאָל, ווו ס'האָט זיך געפונען אַן אָפּטיילונג פאַר פאַרהאַפטעטע אונטער פּאָליצייאישע שמירה.

אין דער צייט, האָט העניעלע, אָן אויפהער, אַלאַרמירט מיט בריוו דעם רויטן־קרייץ אין גענף, זי צו פאַרבינדן מיט אונדזערע פאַמיליעס אין גאַליציען. נאָך אומצייליקע ווענדונגען, האָט זי געקראָגן אַ בריוו־טעלעגראַם דורכן רויטן קרייץ אין גענף, פון איר עלטסטן ברודער, בזו הלשון:

— „באַבעלע, מיט אַלע קינדער, פעטער פיניע, חיים און רחל ווינען אַלע ביים טאַטן". דער טאַטע איז געווען טויט שוין זייט יאָר 1920.

עס איז מיר זייער שווער אַנגעקומען זי צו באַרואיקן; מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז קיינער איז פון זיי שוין מער נישט ביי לעבן.

דער אַדוואָקאַט האָט געראָטן העניעלען, צו מאַכן אַ בקשה צום מאַרשאַל פּעטען אין ווישי, אויף באַגנעדיקונג. אַלע האָבן זיך אויסגעלאַכט דערפון: „מאַרשאַל פּעטען וועט באַגנעדיקן אַ יידישן פּליט פון פּוילן?" — אָבער וואָס צו פאַרלירן איז ממילא נישט געווען און זי האָט דאָס געמאַכט.

דערווייל האָט זיך מיין קרענק שטאַרק פאַרערגערט; ליגנדיק אין גרויסן פיבער, האָב איך קיינעם נישט דערקענט, זאָגאַר העריש קאָלן, ווען מ'האָט אים געבראַכט אין מיין קראַנקן־צימער.

אָבער ווי אויף צו להכעיס, איז פּלוצים אָנגעקומען די באַגנעדיקונג פון ווישי, דאָס גאַנצע הויז, פראַנצויזן און יידן האָבן זיך געפרייט, אָבער איך בין געלעגן און געפיבערט. דאָס איז געווען אין אַ פרייטיק און נאָך דעמזעלבן פאַרנאַכט זענען מיר שוין אַלע דריי געווען אויפן וועג צו דער אַזוי־אויסגעווינטער פרייהייט. אַז מיר זענען אָנגעקומען אַהיים, האָבן העניעלע און אהרן שטאַרק מיך אָוועקגעלייגט אויפן בעט און



הניה מיזלס לבית שפיכר מקוסוב ז"ל

זיך אַוועקגעזעצט נאָכקלערן. וואָס מיר דאַרפן ווייטער טאָן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר מוזן ניצאַ ווי אַמשנעלסטן פאַרלאָזן. אויף צומאָרגנס, שבת אינדערפרי, איז העניעלע אַוועק צו אונדזער באַקאַנטן אַדוואָקאַט פון ווין, וואָס האָט איר אין אונדזער אומגליק אַזוי פיל געהאָלפן, כדי אים דאַנקען און אויך ביי דער געלעגנהייט, אים פרעגן וועגן אַ פאַרבינדונג צו שמוגלען די גרענעץ אין דער שווייץ.

מיט דער הילף פון אַ פראַנצויז, אַ שמוקלער, האָבן מיר באַשלאָסן צו אַנטלויפן קיין שפּאַניע. מיר האָבן דאָס באַשלאָסן, אומבאַדינגט, אַפילו קעגן די עצות פון אַנדערע און אויך מיטצונעמען אונדזער טעכטערל, מעריין, וואָס איז געהאַט איבערגעגעבן געוואָרן צו איינער פון די בעסטע יידישע פאַמיליעס אין ניצאַ צום אויסבאַהאַלטן. אין איין איניקע טעג שפּעטער, האָבן אונדז די שטאַרכס באַגלייט צום באַנהויף און אונדז געווונטשן בשלום אָנצוקומען צום ציל.

דאָס איז געווען אונדזער געזעגענען זיך אויף אייביק מיט יענעם אידעלען מענטשן, וועלכער איז אונדז געוואָרן אַזוי נאָענט און, וואָס עס איז אונדז באַשערט געווען, מיר זאָלן אים מער שוין קיינמאָל נישט זען.

דאַסמאָל איז די רייזע געווען נאָך געפערלעכער, ווי פאַר אַנדערטהאַלבן יאָר, די רייזע קיין ניצאַ. מ'האָט אָן אויפהער אַראָפּגענומען מענטשן פונעם באַן. מיר זענען געפאָרן מיט גרויסע אומוועגן און אין אַ פרייטיק אינדערפרי אָנגעקומען בשלום קיין פּערפּיניאַן, אַ שטעטל אין די פּירענעען אויף דער פראַנצויזישער גרענעץ. דאָ האָבן מיר פיל געליטן און מיט נסים איז אונדז געלונגען צו אַנטלויפן קיין „לימאָזש", וואָס געפינט זיך מער אין צענטרום פון לאַנד; נאָך אַ סיבה פאַר וועלן פאָרן דאָרט אַהין, ווייל דאָרט האָט זיך געפונען אַ קינדערהיים, וואַהין מיר וועלן קענען איבערפירן אונדזער טעכטערל.

געפונענדיק זיך שוין אין לימאָזש האָבן מיר דנ גע־

קריגן אַלע נויטיקע הילף פון דער איינגעזעסענער יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט אַלץ אָנגעווענדעט אונדז צו פאַרלייכטערן אונדזער איינאָרדענען זיך.

זייענדיק אַמאָל ביים שוחט און רעדנדיק איבער פאַרשידנס, זענען מיר געוווּיר געוואָרן פון אים, אַז אין לימאַזש לעבט אַ ראַווער פאַמיליע, אַ קירזשנער, אָבער ער ווייסט נישט, ווי אַזוי ער הייסט; דערנאָך בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז דאָס איז מיינער אַ חבר, נאָך פון חדר און אויך פון די שפּעטערע בחורישע יאָרן, מענדל גאַרפונקל, דעם שוואַרצן אַברהמס יונגסטער זון.

מענדל איז אין די ענדע צוואַנציקער יאָרן אַרויסגעפאָרן פון ראַווע און אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין לעמבערג. דערנאָך צוליב קריזיס אויסגעוואַנדערט קיין פראַנקרייך און געלעבט דאָרט ביזן צוזאַמענברוך פון פראַנקרייך. איינציקע טעג בלויז פאַרן וואַפנשטילשטאַנד איז אים געלונגען אַריבערצופאָרן פון פאַריז אינעם שטילן שטעטעלע „לימאַזש" און זיך דאָ באַזעצט. זיין מצב איז געווען זייער אַ גוטער און געלעבט דאָ אַ רואיק שטיל לעבן צוזאַמען מיט זיין פרוי און קליין קינד.

אַזוי ביז די דייטשן האָבן נישט געהאַט אָקופּירט דאָס אַזוי־גערופענע „אומבאַזעצטע" פראַנקרייך און דער נאַצישער שטורעם האָט אויך אָנגעקלאַפּט אין די טויערן פון לימאַזש. עס האָט זיך אָנגעהויבן הערן, אַז דאָ און דאָרט איז עמיץ געכאַפּט געוואָרן אויפן גאַס, אָדער אַרויסגענומען פון בעט.

אַזוי ווי אונדזער טעכטערל האָט זיך געפונען אין דער „אָזע"־היים און אַזוי ווי מיר האָבן באַקומען אַ באַריכט, אַז זי ליידט זייער און איז נישט געזונט, האָבן מיר זי געלאָזט ברענגען אַהער. איר געזונט־צושטאַנד איז באמת געווען זייער געזונקען; דאָס אַזוי שיינע און געפלעגטע קינד, האָט איצט אויסגעזען ווי אַן אמתע יתומהלע, טראַצדעם, וואָס מיר זענען געווען ביים לעבן. דאָס האַרץ האָט געבלוטיקט און די פאַרצווייפלונג איז געווען אין לשער. זי האָט זיך געבעטן, אַז מיר זאָלן זי שוין האַלטן ביי אונדז און זי מער נישט אַוועקשיקן, אָבער דאָס איז געווען אַבסאָלוט אוממעגלעך. עס איז נישט פאַרגאַנגען קיין טאָג אָן קרבנות און מיר האָבן באַשלאָסן זי אַריינצוגעבן אין אַ קלויסטער פון נאָנעס. אָבער זי האָט ליידער אויך דאָ נישט געקענט געפונען איר רו, ווייל די געסטאַפּאָ האָט זיך דערוווּסט, צוליב אַ מסירה, פון דעם קלויסטער און האָט אין אַ געוויסן טאָג פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט אַ יידיש מיידל און דערפאַר האָבן מיר מורא באַקומען און מיר האָבן זי פון דאָרט ווידער אַרויסגענומען און זי אַוועקגעשיקט אין אַ דאָרף פון האָלצהעקערס, אַ צוואַנציק קילאָמעטער ווייט פון לימאַזש.

צו יענער צייט בין איך אַמאָל געזעסן אין שולעכל, נאָך מנחה־מעריב, און געוואַרט אויף העניעלען, כדי צו גיין צוזאַמען „אַהיים". ווי פּלוצים איז מיר פאָרגעקומען דאָס געזיכט פון איינעם זייער באַקאַנט. כאָטש עס איז געווען פאַרשטעלט אונטער אַ פּאָר סערזשאַנטישע וואָנסעס, האָבן זיינע אויגן מיר אויסגעוויזן זייער נאָענט. עס האָט געדויערט אַ גאַנץ שפּאָרע ווילע ביז מיין מוח האָט דאָס אויסגעפּלאָנטערט".

— „מלך צינס!" — האָב איך צו אים צעשפּרייט מיינע ביידע אָרעמס. די פאַמיליע צינס איז געקומען קיין ראַווע פון ווערכראַט נאָכן ערשטן וועלט־קריג. זיי האָבן זיך באַזעצט אויפן „זאַמד" און געהאַנדלט מיט די גויים, ווי דער גרעסטער טייל איינוווינער פון שטאָט.

מענדל שפּאַצנער, אַ זון פון זייערע שכנים, וואָס האָט אין די לעצטע צוואַנציקער יאָרן אויסגעוואַנדערט קיין פאַריז, האָט דערנאָך אַרויפגענומען אַהין מלכס עלטסטע שוועסטער, רחטשע און מיט איר חתונה געהאַט. דערנאָך האָבן זיי אַרויפגענומען זיין יונגסטע שוועסטער שרהקע; מלך אָבער איז ערשט געקומען שפּעטער פון דרום־אַמעריקע קיין פראַנקרייך.

די פרייד צו באַגעגענען אַן אייגענעם אין יענער שטורמישער צייט איז אין לשער! ער האָט מיר דערציילט זיין געשיכטע, איך אים — מיינע. פון שוועסטער, ברידער, שוואָגער און קינדער האָט ער גאָרנישט געוווּסט, ווייל בלויז דאָס פאַרבינדן זיך מיט עמיצן פון זיי, קען אויף אַלעמען ברענגען דאָס גרעסטע אומגליק. מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט און אין דער שוואַרצער נאַכט צוגאַנגען.

די לאַגע אין פראַנקרייך איז אַ יעדן טאָג געוואָרן ערגער; ווידער און ווידער האָט יעדער טאָג געבראַכט פרישע יידישע קרבנות. מיר האָבן באַשלאָסן ווידער צו וואַנדערן און אַוועק אין דער ריוויערא, וואָס איז געווען באַזעצט פון איטאַליענער און יידן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט זיך דאָרט צו דרייען און זיך דערווייל אויסבאַהאַלטן פון די נאַצישע מערדער. נאָכן פאַרבינדן זיך מיט פאַמיליע שטאָרך, וועלכע האָבן דאָרט געוווינט און נאָכדעם ווי זיי האָבן אויך אונדז געראַטן דאָרט אַהין צו קומען, האָבן מיר אָנגעהויבן צו מאַכן די נויטיקע פאַרבערייטונגען זיך אַהין צו קענען אַריבערפעקלען. אָבער ס'איז נישט געשען. באַמערקנדיק, אַז פון צייט צו צייט ווערן פאַרשווינדן קינדער, וועלכע האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביי פאַרשידענע מענטשן, האָבן מיר אָנגעהויבן נישטערן און נאָכשפּירן די סיבה דערפון. מיר זענען געוווּיר געוואָרן, אַז דורך אַ געהיימען וועג ווערן די קינדער איבערגעפירט אין דער שווייץ; אויך, אַז דער גאַנצער לייטער פון דער רעטונגס־אַקציע איז אַ געוויסער הער

סאַלאָמאָן, וואָס העניעלע נייט זייער אָפּט פאַר זיין פרוי. פון דער פרוי פון קהילה־ראַבינער הרב דויטש האָבן מיר באַקומען אַ ווונק צו פאַרלאַנגען פון פרוי סאַלאָמאָן, זי זאָל פועלן ביי איר מאַן, ער זאָל אויך אַריבערפירן אונדזער קינד אין דער שווייץ. דאָס איז אונדז נישט לייכט אָנגעקומען, ווייל הער סאַלאָמאָן האָט אין אַנהייב געלייקנט שטיין און ביין. אויך האָט ער פאַרלאַנגט, אַז העניעלע זאָל אים זאָגן פונוואַנען זי האָט דאָס געהערט. זי האָט דאָס אָבער נישט געקאָנט דערציילן, ווייל די פרוי דויטש האָט אונדז געבעטן איר נאָמען נישט צו דערמאָנען. צום סוף האָט ער שוין ענדלעך צוגעזאָגט. אָבער צוויי וואָכן זענען פאַרגאַנגען און צוויי טראַנספּאָרטן זענען דערווייל אַוועקגעפאָרן מיט פאַרשידענע קינדער און מיר האָבן געהאַלטן ביי גאַרנישט. העניעלע האָט גענומען שטאַרק דרוקן אויף דער פרוי סאַלאָמאָן, וועלכע האָט זיך פאַרענטפערט, אַז איר מאַן האָט בדעה אַריבערצופירן אונדז אַלע און דערפאַר פאַרשלעפּט זיך דער ענין ; האָט אָבער צוגעזאָגט, אַז מיטן קומענדיקן טראַנספּאָרט קומען מיר מיט.

דער רוף צו גיין איז טאַקע געקומען אייניקע טעג שפּעטער. הרב דויטש האָט אונדז דערלאַנגט צוויי פראַנצויזישע קאַרטן, נאַטירלעך אַלס ריינע אַריער. מיר האָבן באַקומען אַ גרופּע קינדער צו זיין זייערע פירער און אויפפּאַסער. נאָכן פאָרן מיטן באַן אַ 14 — 15 שעה זענען מיר אָנגעקומען אין דער אויסגעבענקטער שטאָט, וואָס ליגט האַלב אויף פראַנצויזישער און האַלב אויף שווייצער זייט.

ביים אויסשטייגן פון צוג, האָבן מיר ערשט באַמערקט, אַז אויך סאַלאָמאָן איז מיט אונדז געווען אין צוג ; ער האָט זיך אַלאָז געטון קעגן אַ הויכער דאַרער פראַנצויזין, וואָס איז געשטאַנען אויפן שוועל פון בופעט און געגנישטערט מיט אירע אויגן, ווי געזוכט עפּעס וואָס. אים דערזען — איז זי אים אַנטקעגן געגאַנגען און באַגריסט. דערווייל זענען די די קינדער געווען שוין אויסגעשטיגן פון צוג. זי האָט זיי אָנגענומען און אַדורכגעפירט דורכן בופעט אָן יעדע שוועריקייט און גלייך געקומען צוריק אויפן פעראָן ; דערהערט פון סאַלאָמאָן, אַז אויך צוויי דערוואַקסענע זענען געקומען, האָט זי געמאַכט זייער אַ פאַרצווייפלטע גרימאַסע. אָבער צום סוף געמאַכט שלום מיטן גורל און אונדז באַפוילן אַדורכצוגיין דעם זשאַנדאַרם רעכטס, וואָס קאָנטראָלירט די פּאַפּירן. מיר האָבן אַזוי געטון. דער זשאַנדאַרעם האָט פּראָבירט אונדז צו מאַכן געוויסע שוועריקייטן, אָבער ס'איז אונדז געלונגען אים איבערצוצייגן, אַז מיר זענען כשרע בירגער. און מיר זענען אַדורך.

אָבער ביזן אָנקומען אין דער שווייץ, האָבן מיר נאָך זייער פיל מיטגעמאַכט, וואַנדערנדיק אין דער נאַכט און אין דער פינצטער איבער בערגער און טאָלן, איבער פעלדער און וואַלד, איבערשפּרייזנדיק אַ טייך און טראַגנדיק דאָס קינד אויף די אַקסלען ביז דעם האַלדז אין וואַסער און אַזוי זענען מיר נאַס און געפּרווירן אַריבער די גרענעץ און מיט פיל גליק אַריין צו די שווייצאַרישע זשאַנדאַרמען אין די הענט. זיי האָבן אונדז וואַרעם און מיט טרערן אין די אויגן זייער גוט אויפגענומען און מיטן בעסטן, וואָס מעגלעך אונדז געהאָלפן צו קומען צו זיך. מיט ספּאַזמענדיקע געוויינען האָבן מיר באַטרעטן דעם באָדן פון דער ראַטעוועדיקער שווייץ.

די שווייצער האָבן אונדז צעטיילט : דאָס קינד האָט מען אַריינגעגעבן צו אַ פאַמיליע, וועלכע שטייט מיט איר אין פאַרבינדונג ביזן היינטיקן טאָג ; העניעלע, וועגן איר שוואַכן געזונט־צושטאַנד אין אַ דערהאָלונגסהיים און מיך אין אַ קליין דאָרף, נישט ווייט פונעם דאַטשע־אָרט, דאוואָס. אין דער שווייץ האָבן מיר געהערט, אַז אויך איטשע יוסט מיט זיין פרוי חיהלע האָבן זיך געראַטעוועט פון האָלאַנד און געקומען אַהער.

אין מאַי 1945, נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון דייטשלאַנד, האָבן מיר באַקומען אַ סערטיפיקאַט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און ערשט נאָכן אָנקומען קיין תל־אביב, זענען מיר געוווירר געוואָרן, וואָס עס איז געשען מיט דער טייערער פאַמיליע פון אהרן שטאַרק, וועלכער איז אַליין פאַר הונגער אויסגעגאַנגען אין לאַגער. אין אַשוויץ, אַ פּאָר וואָכן פאַר דער באַפרייאונג, חבל על דאבדין !

# ממוראות המלחמה

טובה בומל—הברמן

כשפרצה מלחמת־העולם השניה, בחודש ספטמבר 1939, נמצאתי בנימירוב. אחרי שכל האורחים ברחו מבית־ההבראה שלי — סגרתי את העסק ונשארתי בעיירה זו. כשנכנסו הרוסים הזהירו אותנו, שאנחנו בתור „בורגנים" נמצאים ברשימה השחורה שלהם. אמרו, שיעבירו אותנו כ־100 ק"מ ממקום מגורינו. בסופו של דבר, ביום 10 באפריל 1940, כלאו את בעלי ז"ל, הגלו אותו, ולא זכיתי לראותו שוב. בתי, פנינה, היתה לפני קבלת תעודת הבגרות, ולכן שלחנו אותה לראויה־רוסקה להורי.

ביום שישי, ה־13 באפריל, בחצות הלילה, הוציאו אותי עם בני ניסן, בן שתים־עשרה, מהמיטות. השקרנים הבטיחו לי, שבעלי מחכה לי בתחנת הרכבת, נוסעים דרך ראווה־רוסקה וגם בתי תצטרף אלינו. הכל, כמובן, היה שקר וכזב. את הבגדים שלנו הספקתי לשלוח ללבוב, לדירת החורף שלנו, כיון שהתכוונתי לברוח לשם. בעלי ז"ל, המסכן, הכין שקי קמח, כוסמת, סוכר, כי ידענו שהרוסים מביאים אתם רק עוני ורעב. לא לקחתי שום דבר, כי בני הקטן ואני לא היינו מסו־גלים לשאת כלום; חשבתי שהם, הרוסים, בין כה יקחו מאתנו הכל. על גופי היה חלוק ומעיל חורף. גם כסף לא היה לי. הביאו אותנו ליאבורוב ויחד עם עוד 30 איש דחפונו לתוך קרון בהמות. נסענו 12 יום, ולא הרשו לנו אפילו לצאת לצרכינו. הכל בתוך הקרון. היתה שם כפרית, נוכריה, עם תריסר ילדים. הם שמו את ראשיהם על שמיכה שלי והשאירו לי כנים למזכרת. בני קיבל מזה פצעים על כל גופו.

בהגיענו לקזכסטן, לסובחוז, הכניסונו לתוך בקתות אדמה מלאות פשפשים. ישנו בחוץ. עבדתי בתעשיית לבנים מצואת בהמות וקש. עבדתי גם כרועת חזירים. אחרי חמישה חודשים עשו את החשבון שאני חייבת לשלם להם עוד 20 רובל, אף כי לא אכלתי אצלם. מחוסר ויטמינים התרופפו שיני, ובזכות זאת ובתוספת של קופסת סיגריות, שקיבלתי מהבית, שכנעתי את הרופא שישלח אותי העירה לרופא שיניים. אחרי טלטולים רבים וריצות לשם השגת עבודה, איומים מצד הנ.ק.ו.ד. וקבלת רשיון להישאר לגור באותה עיר, בת 100,000 נפש — נשארתי ועבדתי, אבל לא השתכרתי כדי מחיה. לאושרי הגדול הגיע אלי בני. שנה שלמה קיבלתי עוד חבילות מזון מהבית. טבעת יהלומים, שהחבאתי על גופי, מכרתי בעד 60 ק"ג שעורה (חצי קש), ולפעמים קניתי לחם בשוק השחור בעד 200 רובל הכיכר. בשנה החמישית העבירו אותנו לאוקראינה. באקטובינסק היכרתי משפחה יהודית אצילת נפש, וזו עזרה לי. בני חלה בכל מיני מחלות ואפילו בגיל 17 קיבל חצבת מסוכנת. כנראה, ההשגחה העליונה שמרה עלינו. בשנת 1945, שנה לפני השחרור של כולם, עזב יהודי בשם לעבוואל, מז'ולקיב, את אוקראינה ושלח לי רשיון לעבור ללבוב. הצטרפו אלי רווק, בחור ישיבה לשעבר, מליטא, שמו רימלט (נמצא בירושלים) וגם משפחת לווין. כי חשבתי — מי שעוזר לאחרים, האל עוזר לו. בלבוב מצאתי חורבן ואף לא נפש חיה מקרובי וממכירי. השתדלתי לעזוב את עיר ההריגה, ואחרי 10 ימים הגעתי לשליזיה, ביטום. נכנסנו עם בני לקיבוץ, שהכשיר את הצעי־רים לעלות ארצה. שם נפגשתי עם לאה'טשי קליינר, טובת הנפש, שגם עזרה לי ועודדה אותי. לשמחתי מצאתי את בת־אחי, הנמצאת כיום בחיפה, ויחד עם כל הצעירים עברנו ברגל בלילות הרבה גבולות, והגענו, דרך פראג, לצד האמריקאי של גרמניה. היינו במחנה למפרטהיים. את בני שלחתי בכל המהי־רות ארצה, לקיבוץ דגניה. מצאתי גם את בתי ונרשמתי לעליה ב', דרך צרפת, ובאנית „יציאת אירופה" נסענו ארצה. החזירו אותנו לגרמניה למחנה אנגלי „פופנדורף". בתי עבדה באניה, בתור אחות, התנדבה אחר־כך לפלמ"ח והעבירה עולים לקפרי־סין. אני הגעתי ארצה, לדגניה א'. בת דודתי ובעלה קיבלוני בלב חם ובזרועות פתוחות. במאי 1948 הגעתי לחיפה ושם נשארתי. בני היה בכל שלוש המלחמות, ועכשיו הוא סרן במילואים. בעלי לשעבר, ישראל, היה הקרבן של אכזריות הרוסים הארורים.

**משפחתי**

אבי ז"ל, למל ליברמן, היה איש טוב לב, תלמיד חכם ונבון, אוהב שלום, רודף שלום ובורח מהכבוד. אם מישהו העליב אותו — הופיעה בת־צחוק נלבבת על שפתיו, והיה מסביר לנו, שבמקום לכעוס עליו — צריך לרחם עליו, כי שכלו לקוי.



ה„וילה" של טובה ליברמן בנימירוב. משמאל עומדות ייטע הולץ ובתה שרה גיטל.

רבים באו אליו, שיהיה להם ל„בורר", והוא נענה להם לשביעות רצונם, כמובן בלי לקבל פרס. היה תומך בעניים ועזר בהלוואות לסוחרים נזקקים. גם לשלושת אחיו עזר הרבה לפרנסתם. הוא עצמו חי בצניעות ושאיפתו היתה להתפנות מעיסוקיו הרבים ולהתמסר לתלמוד תורה. ואמי, צ׳יפצ׳ה הצדקת ע״ה, היתה עזר כנגדו.

בזמן שלטון הפולנים לא יכול היה להפיק רווחים מאחוזותיו הרבות ונאלץ להתפרנס רק משכר דירה. אמי ז״ל היתה אשה צדקנית, מקשיבה לכל אנחה ומגישה עצה, מזון ותרופה לכל נזקק; הכנסת כלה וביקור חולים היו עיקרי עיסוקיה.

החינוך שקיבלתי מאבי המלומד ומאמי טובת הלב עזר לי הרבה בזמנים הקשים. התורה שלו — להסתפק במועט, עמדה לנו בכל הסבלות שפקדו אותנו.

הוא היה מטיף לנו מוסר רק על־ידי משל של חז״ל או פסוק מן התנ״ך, ובמלה טובה היה מכוון אותנו ללכת בדרך הישר.

אחי ז״ל, מרדכי, היה כולו מזג טוב ולבו מלא רחמים. הקדיש הרבה זמן וכסף לנזקקים. היה בן נאמן למופת ואב מסור. בזמן גלותי ברוסיה, אף על פי שלא היו לו די אמצעים, מוכן היה לשלם סכום־כסף גדול כדי לחלצני משם. הוא ואשתו ניספו בידי הנאצים.

אחי יהושע ז״ל, האדם הטוב והישר, התכונן לעלות לארץ־ישראל, ולא זכה. יחד עם אשתו ובנו נהרגו במחנה ינובסקי.

אחי בן־ציון ז״ל נבון וישר היה. נלקח בראווה יחד עם הורי, אשתו וילדתו למחנה המוות.

בעלי לשעבר, ישראל בוימל ז״ל, נלקח לרוסיה ושם הלך לעולמו ללא עת. היה בעל נפש טובה, מסור למשפחתו ואהוב על הבריות. את חלומו על נסיעה לארץ־ישראל הגשמנו אנחנו, ילדי ואני. כי עלה בידנו להינצל משום שהרוסים שילחו אותי, כבורגני, ביחד אתנו לרוסיה לארץ גזירה.

ברצוני להנציח גם את זכר דודי שמחה ליברמן ז״ל. הוא היה טוב־לב ומלא שמחה. בעצת אבי ז״ל שלח את ילדיו לחוץ־לארץ, וכך הם ניצלו. אהבנו אותו מאוד, כאילו היה האח הגדול שלנו. הוא יחד עם אשתו ייתה הטובה והמכניסה אורחים ובתם מאלטשי נלקחו למוות.

דודתי קלערל (באשאליס), בעלה למל גורטלר ובתם פשי, אשתו של בן־ציון גינסבורג, העיתונאי והעסקן הציוני, ניספו בידי הנאצים בראווה ובלבוב.

האחים של בעלי מנימירוב, אלקנה ויהושע, ואחותם רחל, עם משפחותיהם — גם הם נהרגו בידי הנאצים הארורים.

בזה הנני מעלה את זכר כולם לברכה לעולם ועד! תנצב״ה!



באזכרה השנתית. די יערלעכע אזכרה.

# איינער אַ לעבנגעבליבענער

נתן צימערמאַן

ווען די דייטשן זענען גלייך נאָכן אָנפאַלן אויף פוילן, אויך אַריין קיין ראַווע — בין איך גראָד צוריקגעקומען פון פוילישן מיליטער, וואָס איז זיך צעפאַלן און יעדער זעלנער איז מיט אייגענע כוחות אַ היימגעלאָפן. אַ גרויס מזל פאַר מיר, ווי פאַר יעדן, איז געווען, וואָס די דייטשן זענען נישט פאַרבליבן מער פון צוויי וואָכן און גלייך נאָך זייער פאַרלאָזן ראַווע — זענען אַריין די רוסן און מיר יידן האָבן געהאָפט, אַז מיט זיי איז אויך געקומען די ישועה.

פאַר אונדזער שטוב און פאַר אונדזער בעקעריי, וואָס מיין גאָטזעליקער פאָטער, הערמאַן צימערמאַן, מיט מיין מוטער רוזשע ע"ה, האָבן געהאַט געפירט, איז מיין צוריקקומען געווען אַ גרויסע הילף. מיינע אומגעקומענע שוועסטער: פייגע, אסתר, שרה און מיינע ברידער: איזשאָ, קובאַ און עדמונד האָבן מיט מיר צוזאַמען זיך גענומען צו דער אַרבעט און געבאַקן ברויט פאַרן רוסישן מיליטער, וואָס האָט אונדז געבראַכט שיין פרנסה.

נאָך ביים פאָטערס לעבן איז דאָס געשעפט גוט געווען, ווייל ער איז געווען אַ שטילער און ערלעכער מאַן און אויך די מאַמע, אַ באַשיידענע, גוטע באַלעבאָסטע און געצויגן חיונה פון האַרעפּאַשנע אַרבעט.

ווען ס'האָט אין יוני 1941 אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד, בין איך שוין כמעט פון אַ חודש פריער געווען אַ רוסישער סאָלדאַט און נאָך אַ 50 יידישע ייִנגלעך זענען מיר געווען איינגעקוואַרטירט אין דער שולע פון די „מאַטעטשקיס", נאָכדעם וואָס מיר האָבן געמאַכט פאַרשידענע איבונגען אין שעדליצער וואַלד. אָבער אַזוי ווי די דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו ראַווע — האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין לאַסט־מאַשינען און געפירט אין דער ריכטונג צו לעמבערג און דערנאָך ווייטער.

מיין הויפּט־מזל איז געווען, וואָס איך האָב נישט נאָכגעטאָן ווי אַנדערע, וועלכע זענען אַראָפּגעשפרונגען פון די אויטאָס און אַנטלאָפן צוריק אַהיים. אמת, איך האָב פיל מיטגעמאַכט און שרעקלעך געליטן פון דעם טאָג־טעגלעכן באָמבאַרדירן פון די דייטשן בייטאָג און פון דעם לויפן טעג און נעכט, באָרוועס און נאַקעט, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, אין הונגער און דאָרשט, ביז מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען קיין סטאַלינגראַד. די דייטשן האָבן אויך דאָ שטאַרק באַמ־באַרדירט און אויך דאָ האָבן מיר געליטן הונגער, ווייל ס'איז ממש נישט געווען וואָס צו עסן.

נאָכן פאַרטרייבן די דייטשן איז מיר שוין, אין יאָר 1944, געוואָרן אַביסל בעסער, ווייל מ'האָט מיך צוגעטיילט אין אַ בעקעריי, דאַמאָלס האָב איך שוין געהאַט וואָס צו עסן און אויך געקענט העלפן אַנדערע.

אין יאָר 1945, ווען דער קריג האָט זיך פאַרענדיקט, האָב איך באַקומען פריי אויף אַ חודש און בין געפאָרן פון לענינגראַד קיין ראַווע. אָבער מיין פרייד, וואָס איך האָב געהאַט מזל לעבן צו בלייבן, האָט זיך פאַרביטן אין גרויס צער און ווייטיק, ווען איך בין אָנגעקומען אין מיין געבוירןשטאָט — ראַווע.

איך האָב קיינעם פון מיין פאַמיליע נישט געטראָפן, קיין איין באַקאַנטן נישט באַגעגנט; אַלע אומגעקומען פון דער מערדערישער האַנט.

מען דערקענט גאָרנישט די שטאָט, ס'איז זיך נישט פאָרצושטעלן, וואָס פון אַזאַ ראַווע איז געוואָרן!

איך בין אַוועק צום בית־הקברות, צו דער מצבה און קבר פון מיין טאַטן ע"ה — אָבער קיין זכר און צייכן איז פון אים געבליבן. ס'איז אויף מיר געפאַלן אַ גרויסער פחד און נישט איבערהאַלטנדיק אַפילו איין און איינציקן טאָג, האָב איך זיך גלייך געלאָזט קיין לעמבערג, וווּ ס'האָט געוווינט פיל יאָרן אונדזער גאַנצע פאַמיליע.

אויך דאָ האָב איך קיינעם נישט געפונען און מיט גרויסן שמערץ, בין איך באַלד צוריקגעפאָרן פון לעמבערג קיין לענינגראַד. גלייך נאָכן באַפרייען זיך פון דעם רוסישן מיליטער, בין איך אַוועק קיין פוילן און פון דאָרט קיין דייטשלאַנד אין אַ לאַגער אַריין.

מיט הילף פון קרובים אין אַמעריקע האָב איך געקענט פאָרן דאָרט־אַהין, אָבער איך האָב באַשלאָסן בעסער עולה צו זיין קיין ישראל און טאַקע דאָ אויפגעבויט אַ היים מיט אַ פרוי און צוויי קינדער און בין זייער צופרידן.

אַזוי בין איך געבליבן איינער אַליין פון מיין גאַנצער משפחה, וועלכע איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן און זייער אָנדענקען זאָל מיט דעם ווערן פאַרהייליקט אויף אייביק!

ת. נ. צ. ב. ה.

# ראווער בחורים אין דער רוסישער ארמיי אין יאר 1941

ישראל זאַץ

געווען איז דאָס דעם 20־טן מאַי אין יאָר 1941, האָב איך מיט אַ גרופּע ייִנגלעך פֿאַרלאָזט אונדזער שטעטל און אַוועקגעפֿאָרן צום רוסישן מיליטער. דאָס געזעגענען זיך מיט דער שטאָט איז געווען זייער וואַרעם, ווייל יעדער פֿון אונדז האָט דאָ פֿאַרבראַכט זיינע קינדער־יאָרן.

איך קען נישט פֿאַרגעסן אונדזער ראַווע, די ראַטער ריקע, דעם הויף נעבן קלויסטער, די וואַלקאָוויצע, דאָס פּאַטיליטשער וואַלד און די ראַווער יידן, די לינקע און די רעכטע, דעם זאַמד־בית־המדרש, די „אייזערנע קלויז" און די שיינע שול... און ספּעציעל אונדזער שיינע יוגנט מיט איר פֿולער חלוצישער התלהבות. און ווי אַזוי קען מען פֿאַרגעסן אונדזער ראַווער פֿוטבאָל קאָמאַנדע, מייטשע צי־מערמאַן, הערש געפּערט און אונדזער ראַווער בראַמקאַזש — הערץ גראַף.

אין דער צייט פֿון דער מלחמה, אין די ווייטע וועל־דער פֿון ביעלאָרוסיע און די ווייטע וועלדער פֿון מאָסקווע, ווו די מלחמה יאָרן האָבן מיך פֿאַרוואָרפֿן, איז מיר שטענ־איך בין נישט געווען און וואָס איך האָב נישט געזען, נאָר שענער פֿון מיין ראַווע איז נישט געווען...

און אָט איז געקומען דער טאָג, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָב איך באַקומען אורלויב און אין דעם 18־טן אַפּריל 1946, בין איך געקומען צוריק צו מיין היים, האָפֿנדיק, אַז מיין באַגעגעניש וועט זיין ענלעך צו מיין אַוועקפֿאָרן; אָבער איך האָב געהאַט אַ טעות; ווען איך בין נאָר אַרויסגעגאַנגען פֿון דער באַן־סטאַציע, האָב איך באַלד דערקענט פּראַפּס הויז; אָבער קיין מענטשן זענען דאָרט נישט געווען. אַלץ איז געווען פֿאַרקלאַפּט מיט ברע־טער... איך האָב אָנגעהויבן צו גיין מיט דער באַן־גאַס אין שטאָט אַריין און אויפֿן וועג בין איך געקומען צו איין פּלאַץ און האָב מיך דערמאָנט, אַז דאָרט האָט געוווינט בערקאָווער מיט זיין „קאַפּע". און דאָ איז געווען פֿרייהיי־טערס בעקעריי, די „יאַסנע ווילע" און איך בין צוגעקו־מען צו דער באַראָן־הירש שול און דאָרט האָט זיך פֿאַר מיינע אויגן געעפֿנט די טראַגעדיע פֿון מיין שטעטל... דאָס אַלטע „הייליקע אָרט" איז אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן... עס ווערט מיר שווער ווייטער צו גיין... ווען איך בין געקו־מען צו דער פּוילישער אַפּטייק, האָב איך געזען, אַז די גאַנצע שטאָט איז חרוב; עס עקזיסטירט נישט מער דער רינעק, דער ראַטהויז ליגט אין אַ באַרג פֿון שטיינער... אַזוי באַגעגנט מיך ראַווע; קיינער זאָגט מיר נישט קיין „שלום"... און קיינער גיט מיר נישט קיין „שלום־עליכם"... און איך פֿרעג זיך אַליין: „פֿאַרוואָס איך, דער זון פֿון ראַווער על־טערן, דער וואָס איז לעבן געבליבן פֿון אונדזערן שונא, דעם דייטשן היטלעריזם, גייט אויף די גאַסן פֿון ראַווע, ווו עס איז אויסגעפּלאַסטערט דער וועג מיט מצבות פֿון אַלטן בית־הקברות..." איך בין מער נישט בכוח אַרומצוגיין איינ־זאַם־אַליין... איך גיי צו דער סטאַציע און פֿאָר אַוועק... דאָס איז געווען מיין שווערסטער טאָג אין מיין לעבן...

דער גאַנצער טייל פֿון דער שיל־גאַס, די בתי־מדרשים, אייזערנע און בלעכענע־קלויז איז אָפּגעווישט, און ס'זעט זיך נאָר אַרויס די פֿאַרוויסטע איינזאַמע ווענט פֿון דער שול, וואָס זענען איבערגעבליבן אַלס זכר לחורבן. דאָס הויז פֿון ר' יוסף ראַפּאָפּאָרט, ווו מ'פֿלעגט גיין צום הויף, איז געבליבן גאַנץ און פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַגאַזין. אויפֿן פּלאַץ פֿונעם זאַמד בית־מדרש איז אַ פֿאָלקס שולע, און די געגנט פֿונעם גימנאַזיום איז באַוואַקסן מיט גראָז, ווו ס'האָדעווען זיך פֿערד און לאַשיקעס.

אויפֿן זאַמד, ווו ס'האָבן אַמאָל געוווינט די פֿאַמיליעס:



בחורי העיר בצבא הרוסי בשנת 1941
ראַווער בחורים אין רוסישן מיליטער

אברהם שרוט און ישראל זאַץ לעבן אין תל־אביב, יידל לאבא אין אויסטראַליען, שמואל פֿליישער — ביז היינט אין ראַווע, אברהמ'לי שפּינדלער ז"ל געפֿאַלן אין ראַ־ווע אין קריג.

פענדריך, שפּאַצנער־האַלפּערן, איז איצט דער מאַרק־פּלאַץ, ווו ס׳פאָרן זיך צונויף די פּויערים פון דער געגנט איין מאָל אין דער וואָך.

כ׳פּלעג שמועסן מיט ראַווער גויים, וועלכע האָבן מיך דערקאָנט און געדענקט מיין משפּחה און דער ווייטיק איז געוועזן גרויס.

שפּעטער ווער איך געוויוער, אַז מיין חבר פון דער היים איז צוריקגעקומען: שמואל פליישער, דער זון פון טשאַרנע די קצבטע. ער האָט זיך באַזעצט אין ראַווע מיט זיין משפּחה, ווו ער וווינט ביז איצט. איך בין געפאָרן אים באַזוכן און מיר זענען צוזאַמען אַרומגעגאַנגען איבערן שטעטל און זיך אויסגעקוקט אויף דעם ראַווע, וואָס איז געבליבן נאָך דער מלחמה; רעדן האָבן מיר נישט געהאַט מיט וועמען...

אין יאָר 1953 בין איך געקומען מיט מיין משפּחה אויף אַ חודש צייט קיין ראַווע. דאָסמאָל האָב איך געהאַט צייט צו ווייזן און דערציילן, וויאַזוי ראַווע האָט אַמאָל אויסגעזען און ווי עס זעט היינט אויס... גאַנצע טעג פלעג איך אַרומ־גיין און שמועסן מיט ראַווער גויים, וועלכע האָבן מיך גע־קענט פון די קינדער־יאָרן. איך פלעג אויך זאַמלען ביי זיי דערציילונגען פון דער שטאָט, ווייל דאָס איז פאַרבליבן פון אונדזער ראַווע...

פאַרן אָפּפאָרן פון פוילן בין איך געפאָרן קיין ראַווע זיך געזעגענען; דאָס איז געווען דעם 5־טן מערץ 1957. איך בין נאָכאַמאָל אַרומגעגאַנגען מיט שמואל פליישער אויף די פאַרבליבענע גאַסן; אויף דעם נייעם בית־עולם, ווו עס זענען געשטאַנען עטלעכע מצבות פון די ראַווער יידן. אויף דער מצבה פון דוד גרין האָב איך אַרויפגעלייגט 3 שטיינד־לעך אַלס אַן אָנדענקונג... דאָס זענען געווען די פאַרבלי־בענע מצבות... דאַן זענען מיר נאָך געגאַנגען צו דער ראַ־טער מיל, געזען נאָכאַמאָל דעם טייך און דעם טאַרטאַק... געזען דעם אויסגעהאַקטן פּאָטיליטשער וואַלד, און אַזוי האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין געבוירן־שטאָט, וואָס איז מיר אַזוי טיף אין האַרצן אויף אייביק...



די יערלעכע אזכרה.

# ווי אַזוי כ׳האָב זיך געראַטעוועט

רות השכל

די מיליאָנען פֿון ייִדן, וועלכע זענען נאָך טאָרטורן און ענויים פֿאַרניכטעט געוואָרן, זענען זיכער געווען מאַרטירער און העלדן, אָבער אויך די איבערלעבנדע ייִדן, וועלכע האָבן צוגעזען וואָס ס׳איז געשען צו זייערע ליבסטע און אויך די, וועלכע לעבן אויפֿן חשבון פֿון זייערע ליבע עלטערן, זענען אויך העלדן אין זייער אייגענער אַרט. דער לאַסט, וועלכן זיי טראָגן איז איבערנאַטירלעך און דאָך זעצן זיי ווייטער פֿאָר זייער טאָג־טעגלעכן לעבן. און איצט צו דער געשיכטע פֿון מײַן אָפּראַטעווען זיך:

אים זומער פֿונעם יאָר 1942, איז עס שוין געווען גוט צו מערקן, אַז די דײַטשן האָבן באַשלאָסן צו ליקווידירן די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין ראַוואַ־רוסקאַ. די אָפּטערע טראַנספּאָרטן קיין בעלזעץ האָבן דאָס אַלץ געמאַכט אַזוי אָנזעבאַר; אַזוי, אַז ס׳איז שוין נישט געווען קיין גרונד צו מאַכן אילוזיעס. אין יוני האָט מיך מײַן מוטער געשיקט צו אירס אַ געוועזענע דינסט־מיידל, וועלכע האָט דעמאָלס געלעבט אין קאַמיאַנקאַ־וואָלאָבסקאַ, כדי מיך בײַ איר צו באַהאַלטן .נאָכן אָפּזײַן בײַ איר בערך איין חודש, האָט איר מאַן אונדז ביידע געדראָט: אַז אויב איך וועל נישט תיכף פֿאַרלאָזן דעם אָרט, וועט ער אונדז איבערגעבן דער „געסטאַפּאָ”. און אַזוי, בלית ברירה, האָב איך געמוזט אַהיים גיין.

אין יענער צײַט זענען שוין אַרומגעגאַנגען שמועות, אַז די איבערגעבליבענע ייִדן וועט מען אַרײַנזעצן אין געטאָ און דאָרט וועלן זיי שפּעטער ליקווידירט ווערן. דאָס איז געווען אין אַ צײַט, ווען מײַן מוטער איז, אין איר גרויסער פֿאַרצווייפֿלונג צו ראַטעווען איר קינד, געפֿאַלן אויף דעם געדאַנק, אַז אייגנטלעך האָבן די דײַטשן קיין מעגלעכקייט צו באַווײַזן, אַז איך, רות, בין אַ ייִדישע און נישט קיין פּוילישע, אָדער אַן אוקראַיִניש מיידל. מ׳האָט נאָר געדאַרפֿט קריגן די פּאַפּירן פֿון אַ פּויליש אָדער אוקראַיִניש מיידל; אָבער דאָס איז געווען לײַכטער צו זאָגן, ווי צו מאַכן און באַזונדערס האָט מען פֿאַר אַרישע פּאַפּירן געמוזט צאָלן נאָר מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרן. צום מזל, האָט מײַן מוטער געהאַט אין איר באַזיץ 1000 דאָלאַר און מיט דער הילף פֿון גוטע פֿרײַנד, וועלכע האָבן געקענט אַ געוויסע פּרוי מיטן נאָמען באַביאַזש אין לעמבערג. זי האָט פֿון דער פּרוי אָפּגעקויפֿט איר טאָכטערס געבוירן־צײַגעניש, די אידענטיטעטס־קאַרט און אַנד. אַ טייל פֿונעם אָפּמאַך איז געווען, אַז פּרוי באַביאַזש וועט מיך נעמען קיין לעמבערג און מיך דאָרט רעגיסטרירן אין „אַרבעטסאַמט” אַלס איר טאָכטער און מיך דאָרט פֿאַרשרײַבן אַלס אַ פֿרײַוויליקע אַרבעטערין פֿאַר דײַטשלאַנד. מײַן מוטער האָט אײַנגעפּאַקט מײַנע בעסטע קליידער און מיך אָפּגעשיקט קיין לעמבערג צו פּרוי באַביאַזש.

פּרוי באַביאַזש האָט געהאַט צוויי טעכטער: אַפּאָלינאַ, וואָס אירע פּאַפּירן האָב איך געקויפֿט און אַ צווייטע טאָכטער, וועמענס נאָמען איך געדענק נישט. ביידע טעכטער זענען מײַנע קליידער געפֿעלן און נאָך איין וואָך, האָט פּרוי באַביאַזש גענומען באַזיץ פֿון מײַנע קליידער און מיך אָפּגעשיקט קיין ראַוואַ־רוסקאַ מיט די ליידיקע הענט. איך בין געווען גליקלעך, דאָס זי האָט נישט צוריקגענומען די פּאַפּירן, וועלכע זענען שוין דעמאָלס געווען צוגעפּאַסט, דורך ספּעציאַליסטן, מיט מײַנע פֿאָטאָגראַפֿיעס. נישט אויסזעענדיק באַזונדערס ייִדיש, בין איך בשלום אָנגעקומען מיט דער באַן קיין ראַוואַ־רוסקאַ. אין דער צײַט איז שוין איין העלפֿט פֿון די איבערגעבליבענע אַוועקגענומען געוואָרן צום פֿאַרניכטן. די ראַווער באַן־סטאַציע איז געווען געהיטן פֿון אוקראַיִנער פּאָליצײַ, וועלכע האָט גוט געקענט די אָרטיקע ייִדישע באַפֿעלקערונג און זייער גרויסער פֿאַרגעניגן און פֿליכט איז געווען, נישט צו דערלאָזן, אַז קיין איינציקער ייִד זאָל זיך חלילה נישט אַרויסכאַפּן אויף אַרישע פּאַפּירן.

אברהם אַלטמאַן, דער זון פֿון מײַן משפּחהס פֿרײַנד, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ הונדערט־פּראָצענטיקער „גוי”, האָט מיך גענומען קיין זשעלאָנאַ הוטאַ, וועלכע האָט געזאָלט זײַן פֿרײַ פֿון אוקראַיִנישע וועכטער, כדי פֿון דאָרט צו נעמען די באַן קיין פּשעמישל, דער רעקרוטיק־צענטער פֿאַר פֿרײַוויליקע און שקלאַפֿן־אַרבעטער קיין דײַטשלאַנד. מיר זענען אָנגעקומען אין זשעלאָנאַ־הוטאַ פֿרימאָרגנס און געגנוי דעמאָלס, ווען איך האָב געהאַלטן אין אַרײַנגיין אין צוג, האָב איך געזען, אַז רוזיא שטראַמער איז אידענטיפֿיצירט געוואָרן פֿון אוקראַיִנישע וועכטער.

איך בין אָנגעקומען קיין פּשעמישל אין פֿרימאָרגן און בײַטאָג האָבן מיך אַ באַנדע פֿון שאַנטאַזשיסטן (שמאַלצאָווניקעס) באַלעסטיקט, זיי האָבן פֿון מיר פֿאַרלאַנגט ווערטזאַכן און מיר געדראָט, אַז זיי וועלן מיך רעפּאָרטירן צו דער געסטאַפּאָ, אַז איך בין אַ ייִדישע. ביז 24 שעה האָב איך זיי אַוועקגעגעבן די גאַנצע צירונג, וואָס מײַן מוטער האָט מיר מיטגעגעבן. איך האָב ווידער מזל געהאַט און דעם נעכסטן טאָג זענען מיר אָפּגעפֿאָרן קיין קראָקע. ווי באַלד מיר זענען אָנגעקומען, האָט דער „אָבערשטורמפֿירער” גערופֿן אַלע פֿאַרהאַפֿטעטע צו אַ פֿאַרזאַמלונג און מיר האָבן פֿאַר אים

פאַראַדירט. דאַמאָלס האָט ער באַמערקט, אַז איך זע אויס ווי אַ טיפּישע אַריערין: בלויע אויגן, בלאָנדע האָר, וועלכע זענען געווען געפאַרבט, ווייל מיין מוטער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז אַן עלעגאַנט פּויליש מיידל דאַרף זיין בלאָנד. ער האָט מיך געפרעגט, אויב איך רעד דייטש און אַזוי ווי איך בין געווען יונג און נאַריש, האָב איך מיך באַרימט, אַז איך רעד אויך רוסיש און ענגליש (אַביש ברייגער האָט מיך פּריוואַט געלערנט ענגליש). אָפּשאַצנדיק מיינע שפּראַכפעיקייטן, האָט ער מיך אַוואַנסירט צו דער ראַנגע פון זיין פּערזענלעך דינסטמיידל, פאַר דער דויער פון מיין ווייל־ן אין קראָקע. ער האָט געמאַכט אַ שלעכט געשעפט, ווייל מיינע ידיעות אין שפּראַכן זענען געווען פיל בעסער, ווי אין הויז־רייניקן. טראָץ אַלעם איז ער מיט מיר דורכגעקומען, ביז איינע, אַ פּויליש מיידל, האָט אויף מיר „רחמנות" געהאַט און אים דערציילט, אַז זי גלויבט, אַז איך בין אַ יידישע... „מיט זאָרג און חרטה" האָט ער מיר דערקלערט, מוז ער מיך אין די געשאַפענע אומשטענדן איבערגעבן אין טורמע, ווו איך וועל וואַרטן אויף מיין עקזעקוציע... זייענדיק אַן איבערגעגעבענע „קאַטוילישע", האָב איך פאַרלאַנגט אַ גייסטלעכן, כדי צו קריגן אַן אַבסאָלוציע פאַר מיינע חטאים, איידער איך שטאַרב... מיין פאַרלאַנג איז געוואָרן דערפילט און זייענדיק באַקאַנט מיט דעם „נייעם טעסטאַמענט" און אַ דאַנק דער פריילין פּראַניאַ די „קאָשטשעלנאַ", וועלכע האָט אויף מיר רחמנות געהאַט און אַבסאָלוט געוואָלט ראַטעווען מיין נשמה, האָב איך נישט נאָר מיך מתוודה געווען פון מיינע חטאים, אָבער אויך איבערצייגט דעם גייסטלעכן, אַז איך בין אַן אמתדיקע קריסטן... האָבנדיק די פּאַפּירן אין אָרדענונג האָט מען מיך, נאָך דער קאָנפעסיע באַפרייט פון קאַרצער און מיך, מיט אַנדערע פּוילישע אַרבעטער אַוועקגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד.

איך בין אָנגעקומען אין „האַלע אַן דער זאַאַלע" און האָבנדיק ידיעות אין דייטש און אין אַנדערע שפּראַכן, האָב איך געקריגן דעם פּאָסטן פון אַן איבערזעצערין אין דעם דורכגאַנגסלאַגער ווו טויזנטער פון שקלאַפן־אַרבעטער פון פּוילן, פראַנקרייך, בעלגיע און אַנדערע נאַצי־באַזעצטע לענדער פלעגן טאָג־טעגלעך אָנקומען. איך האָב שטענדיק געלעבט אין פּחד, אַז איך קען נאָך דערקענט ווערן פון פּוילישע, אָדער פון עמעצן אַנדערש, וואָס קען קומען פון ראַוואַ־רוסקאַ אין דעם לאַגער אַריין. אַזוי ווי עס האָט געהייסן, אַז נאָר דייטשן באַזיצן אַ געוויסע אינטעליגענץ, בין איך אין דעם הינזיכט נישט געווען ריקשטענדיק, אַזוי איז מיין „לאַגערפירער" געווען איבערצייגט, אַז איך האָב זיכער געהאַט געוויסע דייטשע אורעלטערן, וואָס באַרעכטיקט מיך צו ווערן אַ „פאָלקסדויטשע". דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט ענדלאָזע פּאַראַדן, שטייענדיק נאַקעט פאַר צאָללאָזע מיטגלידער פון דער „ס. ס.", וועלכע, לויט מען האָט געזאָגט זענען געווען גרויסע עקספּערטן אין די דאָזיקע ענינים. וואָס ס'האָט מיך געשראָקן איז געווען זייער כוונה צו בעטןביים רויטן־קרייץ אינפאָרמאַציע וועגן די אורעלטערן פון אַפּאָלאָניא באַביאַזש (דאָס בין איך אַליין געווען) און זיי וואָלטן זיך דערוווּסט, אַז אַפּאָלאָניאַ באַביאַזש איז אין לעמבערג און איך בין אַ בעטריגערין; אַ חוץ דעם, האָבן זיי זיך נאָך געקענט דערוויסן, אַז מיין זיידע משה גראַוער איז געווען אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד. פּרעטענדירנדיק צו זיין אַ הייסע פּוילישע פּאַטריאָטין, וועלכע איז נישט גרייט זיך אָפּצוזאָגן פון זיין פּוילישער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט, האָט מען מיר דערלויבט צו בלייבן אַפּאָלאָניאַ באַביאַזש.

קעגנאיבער מיין לאַגער איז געשטאַנען אַ לאַגער פון ענגלישע קריגס־געפאַנגענע און דערונטער זענען אויך געווען אַ צאָל פון פּאַלעסטינעזער יינגלעך. איך האָב דאָס באַמערקט, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען דעם לאַגער פון די געפאַנגענע און איינער פון זיי האָט מיך, אין אַ פּויליש מיט אַ יידישן אַקצענט, געפרעגט, אויב איך בין אַ פּוילישע און איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין אַ יידישע. תיכּף האָט ער אַלע אינפאָרמירט איבער דעם גליקלעכן פאַל און פון דאַמאָלס האָבן מיך די יינגלעך מאָראַליש אונטערשטיצט און מיר געהאָלפן אין פאַרשידענע סיטואַציעס. אין „האַלע אַן דער זאַאַלע" האָבן מיך די אַמעריקאַנער באַפרייט און איך בין באַלד געגאַנגען צו מיין משפּחה אין אַמעריקע; אין יאָר 1949 בין איך אַהערגעקומען. איך, די איינציקע איבערלעבנדע פון אַ גאַנץ גרויסער משפּחה פון אַ באַבע, אַ מוטער, פעטערס און מומעס און שוועסטער־קינדער — צוזאַמען 40 נפשות.

כבוד זייער אָנדענק.

# די סאסייעטי אין ניו יארק

חיים ראַטהויז
ניו-יאָרק

דער פאַריין, ווי ער ווערט גערופן, „חברה בני לוי יצחק אנשי ראַוואַ-רוסקאַ", איז געגרינדעט געוואָרן דעם 5טן מאי 1900 דורך משה נויער. דער ערשטער פרעזידענט איז געווען דוד אוהר.

מיר קענען זיך לייכט משער זיין דעם צוועק און די סיבה, וואָס האָט געפירט צו דער גרינדונג פון דער חברה. די מענטשן, וועלכע האָבן אויסגעוואַנדערט צוליב פאַרשי־דענע סיבות ביים סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט, זענען גע־קומען אַהער נאַקעט און באָרוועס, אָרעם ועירום בחוסר כל.

אין דער דאַמאָלדיקער צייט זענען נישט געקומען קיינע גרופן, קיינע חברות עמיגראַנטן פון אונדזערע מקו־מות. די איינצלנע מענטשן, וועלכע זענען געקומען, זענען געווען עלנטע. וואָס אַנבאַלאַנגט געזעלשאַפט איז די גרעס־טע שטאָט גלייך צום קלענסטן דאָרף. מען האָט נישט אַזוי שנעל איינער מיטן אַנדערן עפּעס אַ שייכות. מ׳קאָן אָפּ־ווינען מיט מענטשן אויף איין שטאָק צענדליקער יאָרן און מ׳זאָל זיך נישט קענען. די עלנטקייט איז געווען סיי גייסטיק, סיי מאַטעריעל. קיינע הילפס-אָרגאַניזאַציעס, ווי „דזשאָינט" און „היאַס" זענען דאַמאָלסט נישט געווען.

דאָס איינציקע גליק איז געווען, וואָס די נייע עמי־גראַנטן האָבן זיך קאָנצענטרירט אין איין געגנט און דאָס האָט דערמעגלעכט, אַז די עלנטע זאָלן זיך צוזאַמען נעמען, גרינדן אַ פאַריין, כדי נישט אַזוי שטאַרק צו פילן דאָס פאַרלאָרנקייט און עלנטקייט. אַזוי אַרום קאָן מען זאָגן, אַז דער צוועק איז געווען אַ ריין געזעלשאַפטלעכער. דאָך געווען מענטשן פון איין שטאָט, מיט מער וויניקער אַן איינהייטלעכן קולטורעלן ניוואָ. איינער האָט דעם צווייטן באַדאַרפט. אויך האָט זיי פאַראייניקט די בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים, דעם שטעטל, ווו מ׳איז געבוירן. די בענק־שאַפט האָט מען נאָר געקענט ברענגען צום אויסדרוק פאַר אייגענע, פאַר מענטשן פונעם זעלבן שטעטל. מען האָט זיך געקענט טיילן מיט איינדרוקן פון דער אַלטער היים.

ס׳זעט אויס, אַז דער דאַמאָלסטיקער עמיגראַנטן-עלע־מענט איז געקומען מיט אַ געוויסן באַגאַזש פון יידישקייט, אין קעגנזאַץ צו די שפּעטערדיקע עמיגראַציעס, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן ראַדיקאַלן עלעמענט און דורך פאַרגרעבט־קייט געווען איינגעשטעלט קעגן יידישקייט.

דער נאָמען פון דער חברה באַווייזט דאָס, ווייל דער נאָמען לוי יצחק איז געווען פונעם רב פון ראַוואַ, וועלכער איז געווען פאַר ר׳ בעריש ראַפּאַפּאָרט. ס׳זעט אויס, אַז ער האָט געלעבט אַ דור פריער און געווען רב ביז אָנהויב פון די זיבעציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט. הרב ר׳ בעריש ראַפּאַפּאָרט איז געווען רב בערך 30 יאָר אין ראַוואַ און איז נסתלק געוואָרן אין יאָר תרס״ד.



פון רעכטס: ר׳ חיים אלטנער, פּאַטער פון פרעזעס; ר׳ בעריש ראַפּאַפּאָרט, זון פון הרב ר׳ מאיר׳ל ראַפּאַפּאָרט; הרב ר׳ מאיר׳ל ראַפּאַפּאָרט און מיסטער קאַרמאַן פון נאַראָל ביי אַ יערליכע אַזכרה אין ניו-יאָרק.

די חברה עקזיסטירט שוין ביי 70 יאָר. זעלבסטפאַר־שטענדלעך, אַז צווישן די אויפגאַבן דאָן, אַ חוץ געזעל־שאַפטלעכע, איז געווען צדקה. אַרויסהעלפן אַ נויטבאַ־דערפטיקן. און דאַן זענען זיכער געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דאָס באַדאַרפט. ווי שוין באַטאָנט זענען דאַמאָלסט נישט געווען די גרויסע הילפס-אָרגאַניזאַציעס. די טעטיקייט האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט.

אין נאָרמאַלע צייטן האָט יעדער אַרויסגעהאָלפן זיין משפחה אין דער אַלטער היים און די חברה האָט אונטער־שטיצט כלל-זאַכן אין דער אַלטער היים. אויך נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה האָבן זיי אויסגעשטרעקט אַ העלפ־פנדע האַנט צו די געבליבענע, וואָס האָבן דאָס באַדאַרפט.

זאָל דערמאָנט ווערן די פיל יעריקע אַקטיוויטעט פון חבר משהלע כ״ץ ז״ל און נאָך אַנדערע, איבערהויפּט בעת

און נאָכן צווייטן וועלט־קריג. זיי האָבן נישט גערוט, כדי צו העלפן אַ לעבן געבליבענעם לאַנדסמאַן.

צו די אַלע טעטיקייטן איז אויך צוגעקומען די מוסטער־האַפטע אָרגאַניזירטע אַרבעט פון חסד של אמת, די אַרבעט, וואָס אין דער אַלטער היים האָט געטאָן די חברה קדישא.

לעצטנס האָט די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אויפגע־הערט, ווייל די אַלטע עמיגראַנטן האָבן אויסגעוואַנדערט אין אַנדערע געגנטן און אַ נייער שטראָם פון עמיגראַנטן איז נישטאָ. די אַלטע היים איז חרוב געוואָרן.

היינט צו טאָג איז די הויפּט אויפגאַבע פון דער סאָ־סיעטי נאָר חסד של אמת. די חברה האָט זיך תמיד געפירט אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן. אויף אַן אַלגעמיינער פאַר־זאַמלונג ווערט געוויילט אַ פאַרשטייערשאַפט און אַלע האָבן געטריי און ערלעך געדינט דעם פאַריין.

לעצטנס ווערט אַלעס איינגעשרומפּן. אַלטע לייט גייען דעם וועג פון אַלע לעבעדיקע. היינט איז נאָך דאָ אַ קליין הייפעלע, וואָס האָט אַ קאָנטאַקט מיט דעם ארגון יוצאי רוה־רוסקה אין ישראל און דאָס גיט צו כח אָנצוהאַלטן דעם פאַריין. אַ נייער צופלוס פון לאַנדסלייט, ווי אין די פריערדיקע יאָרן, איז נישטאָ.

די חברה האָט געהאַט אַן אייגענעם בית־המדרש מיט אייגענע ספרי־תורה. אַזוי לאַנג ביז מ'האָט געדאַוונט אין איין געגנט איז אַלץ געווען אַקטיוו. היינט האַלט מען די ספרים ביי אַן אַנדערע חברה.

אין דער לאַגע איז אַלץ אין צושטאַנד פון אויפלעזונג. מיט דער צייט וועט גאָרנישט בלייבן און ס'קאָן אַנדערש נישט זיין. אויך אין ישראל וועט דער ארגון יוצאי רוה־רוסקה נישט זיין אייביק. דעריבער איז דאָס איינציקע, וואָס קאָן בלייבן, דער ספר הזכרון, וואָס מ'גייט אַרויסגעבן. דער ספר וועט בלייבן לזכרון עולם פון דעם יידישן לעבן אינעם קליינעם שטעטל, וואָס האָט געהייסן ראַוואַ רוסקאַ, פון וואַנען ס'וועט שוין קיין נייער לעבנס־שטראָם נישט קומען, נישט קיין ישראל און נישט קיין אַמעריקע.

קול דמי אחיך צועקים אלי מן האדמה

ב"ה חברה בני לוי יצחק אנשי ראווא רוסקא

השוב'ע מעמבערס און לאנדסלייט:

מיר לאָזען אייך וויסען דאָס מיר וועלען אָבהאַלטען די יעהרליכע הזכרה פאַר אונזערע קרובים, פריינד און לאַנדסלייט פון ראווא רוסקא און אומגעגענד זונטאג נאָכמיטאג, 2 אזייגער פינקטליך, דעצעמבער דעם 14טען, 1969, אין 154 הענרי סטריט, ניו יאָרק.

אינזער השוב'ער הרב הגאון ר' יצחק מאיר ראפאפארט שליט"א, וועט מזכיר זיין אלע קדושים פון ראווא רוסקא און אומגעגענד.

דער באַוואוסטער חזן ר' אבגדור געלב וועט מאַכען די הזכרה.
פאַרפעלט נישט צו קומען.

The yearly memorial meeting for our departed relatives and friends of Rawa Ruska will be held on **Sunday afternoon December 14th, 1969**, 2 p. m. sharp, at **154 Henry Street**, New York City.

Our worthy Rabbi I. RAPAPORT and Cantor A. GELB will conduct these services. Don't fail to attend.

EDWARD ALTNER, Pres. JACK METHAL, Vice-Pres. SAM ESSIG, Secretary

ניו־יאָרקער איינלאַדונג צו דער אזכרה.

דעריבער איז די איינציקע טרייסט צו בויען דאָ אין ישראל אַ ניי לעבן און פאַרזעצן די אַלטע, יידישע טראַדי־ציע. אַנשטאָט דעם עבר, מיט וועלכן מיר קענען זיך אַזוי לייכט נישט שיידן, וועלן מיר האָבן אַ ליכטיקן און גלענצנדן עתיד, וואָס וועט ווייטער שמידן די גאָלדענע קייט ביז אין דער ווייטער צוקונפט אַריין.



פון רעכטס: ר' יעקב מעטאַל, סאָסייטי־אויסשוס־חבר; ר' חיים ראַטהויז, ר' חיים בער טי אויף אַ חברים־מיטינג אין ניו־יאָרק.

די סאָסיעטי עקזיסטירט נאָך אַ דאַנק דער אומדערמיד־לעכער אַרבעט פון שמואל עסיג און איר פּרעזידענט עדי אַלטנער. ר' שמואל עסיג האָט פיל דערפאַרונג צו פירן אַזאַ חברה און האָט אַ גוט הארץ. ער זוכט צו אונטער־שטיצן. מ'דאַרף האָבן אַזעלכע מענטשן און נישט תמיד זענען זיי דאָ ער איז שוין קיין עין הרע אַ בן שמונים וחמש. הלוואי זאָל ער זיין געזונט און קענען נאָך לאַנגע יאָרן אָנ־גיין מיט זיין אַרבעט פאַר אונדזער חברה. פּראָפעסיאָנעל אַרבעט ער שוין נישט, האָט ער צייט פאַר אונדז.

דער פּרעזידענט, עדי אַלטנער, איז אַ גוט־האַרציקער מענטש. ער וואָלט געוואָלט אַלץ טאָן, וואָס מ'קאָן נאָר. ער איז אַן אידעאַלער מענטש. גיט זיך אָפּ אויך מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. ברענגט פאַר דער געזעלשאַפט גרויס נוצן.

מיט דער 70־יאָריקער אַרבעט פון דער חברה איז זיך נישטאָ וואָס צו שעמען און אויך נישט מיט אונדזערע לאַנדסלייט. תמיד האָט זיך געפונען עמעץ, וואָס זאָל אונ־טערשטעלן אַן אַקסל. ס'איז געווען אַן אַדרעס פאַר דער טעטיקייט פאַר דער אַלטער היים. מ'האָט געקויפט אַ סך

ישראל־באַדס. מ׳העלפט אַרויס וועמען ס׳לאָזט זיך. ספּע־ציעל האָט מען זייער פיל געהאָלפן הרב ר׳ מאיר ראַפּאַ־פּאָרט, חוץ מיט געלט, מיט כבוד און אָנזען.

די אַרבעט, וואָס מ׳האָט אַריינגעלייגט אין חינוך פון די קינדער איז נישט געגאַנגען לאבוד, ווען זיי זענען אַרויס־געפאָרן אין דער גרויסער וועלט אַריין. זיי האָבן בייגע־טראָגן צום גרויסן בנין, וואָס האָט געהייסן ראַוואַ רוסקאַ, האָלץ צום פייער, כדי די צוקונפטיקע דורות זאָלן זיך קענען וואַרעמען. קיינער וויל נישט אָנהויבן געשיכטע פון היינט און אַרויסנעמען דאָס קאַפּיטל ראַוואַ רוסקאַ פון דער לאַנגער געשיכטע־קייט ווייל אויך קיינער נישט. עס וואָלט געווען אַ געפעלשטע און געקינסטלטע געשיכטע.

# ראַווער יידן אין אורוגוויי

איטשע ערדמאַן
מאָנטעווידעאָ

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אויך די ראַ־ווער יידן האָבן אָנגעהויבן אויסצוּוואַנדערן אין פאַרשידענע לענדער פון דער וועלט, זענען אַ סך אונדזערע שטעטישע געקומען קיין אורוגוויי און זיך הויפּטזעכלעך באַזעצט אין מאָנטעווידעאָ. דאָ, האָבן זיי זיך, דורך אַרבעט און האַנדל, געשאַפן עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, אויפגעשטעלט משפחות און געבויט היימען. אויך איך צווישן זיי.



ר׳ נח שטיינפעלד ז״ל

ביי אונדז זענען געבוירן געוואָרן פיר זין. דער עלט־סטער, שמשון, האָט געענדיקט פאַר אַ דאָקטאָר אין מעדי־צין און האָט עולה געווען מיט זיין פרוי, קעלי, (ווילענסקי) קיין ישראל. אויך דער דריטער זון, מיכאל, איז געפאָרן ענדיקן זיין שטודיום אין ישראל, ווו ער האָט אויך חתונה געהאַט און איז זייער גליקלעך און צופרידן. דער צווייטער זון, שאול, מיט זיין פרוי און קינד, ווי אויך דער מיזינעק, ישראל יונה, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין זעלבן יאָר ווי מדינת ישראל, גרייטן זיך עולה צו זיין קיין ישראל און זיך אָנשליסן צו זייערע ברידער.

די טראַדיציע און די לערע, וואָס מיר האָבן באַקומען אין ראַוואַ־רוסקאַ, האָט באַווירקט אונדזער לעבן און טע־טיקייט אין יידישן לעבן אויך דאָ אין אורוגוויי. איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין דער ראש־הקהל אין מאָנטע־ווידעאָ, פּרעזידענט פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג, דירעקטאָריום־מיטגליד און הויפּט־סעקרעטאַר פון דער יידישער נאַציאָנאַלער באַנק, די „באַנקאָ פּאַלעסטינאַ אורו־גוואַזשאַ״; מיטאַרבעטער אין קרן־היסוד־מגבית, אין באַ־נאָס־קאָמיטעט, אין מושב־זקנים, סעקרעטאַר פון היגן דזשאָינט־קאָמיטעט און „האָיאַס״, אויך וויצע־פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער לאַנד־אָרגאַניזאַציע אין אורוגוויי און אויך געווען דעלעגאַט צום 29־סטן ציוניסטישן וועלט־קאָנ־גרעס אין יאָר 1951. דאָס אַלץ, ווייל מיר זענען אַזוי צו דעם דערצויגן געוואָרן אין דער געוועזענער און היינט אומגעבראַכטער היים, ראַוואַ־רוסקאַ.

קיין מאָנטעווידעאָ האָבן איינגעוואַנדערט אַ קליינע גרופּע פון דער אַלטער היים־שטאָט, מיר׳ן דאָ דערמאָנען אַ טייל פון זיי, וועלכע זענען נישט מער צווישן די לעבע־דיקע: ר׳ טודריס מרגליות און דערנאָך זיין ברודער ר׳ בעריש ז״ל. בעריש איז געווען ראַטמאַן אין דער קהילה און איבער צוויי צענדליק יאָרן — דער אַרויסגעבער פון דער רעליגיעזער וואָכן־צייטונג, „דער מאָמענט״. אַ שטיק צייט שפּעטער האָבן נאָך זיינע קינדער, דער זון יצחק און

טאָכטער פייגע, אָנגעפירט מיט דער זעלבער אַרבעט, אָבער דערנאָך האָבן זיי מער נישט געקענט פאַרזעצן און די אויסגאַבע האָט זיך אָפּגעשטעלט.

נח שטיינפעלד ע״ה, אַ סך יאָרן געווען ראַטמאַן אין דער קהילה, מיטגעאַרבעט אין דער לייַ־קאַסע, פון וועל־כער ס'איז אויסגעוואַקסן די „באַנקאַ פּאַלעסטינאַ" און ביז די לעצטע טעג געווען ערשטער גבאי אין דער שיל. זיין הויז איז געווען אָפן פאַר יעדן. זיין געשעפט האָט ער אַ נאָמען געגעבן „ראַוואַ־רוסקאַ", אַלס אויסדרוק פון פּיעטעט און צום אָנדענק פאַר זיין געבוירן־שטאָט.

לייזער בערגער (ריטנער) ע״ה, געהאַט אַ גוטגייענדע בוכהאַנדלונג און געווען אַ טעטיקער חבר אין קרן־קימת־קאָמיסיע.

און — צו לאַנגע יאָרן זיי — אַ פּאָר היגע אַלט־גע־זעסענע: זלמן לייַנוואַל־באַך, געקומען אַהער פון דייטש־לאַנד נאָך פאַרן צווייטן וועלט־קריג, געאַרבעט אַלס אָנ־פירער פון אַ יידישן האַנדלס־קאָאָפּעראַטיוו, דערנאָך פאַר־טרעטער פון דזשאָינט און „האיאַס", ראַטמאַן אין דער קהילה, מושב זקנים, קינדער־היים און אַקטיוו צווישן די דייטשע יידן אין אורוגוויי.

אברהם ליבערמאַן, געווען סעקרעטאַר פון פּועלי־ציון־התאחדות, סעקרעטאַר פון קרן־קימת־לאַנד־ביוראָ און גע־ווען דעלעגאַט צום ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס.

ישעיה שפּאַרער, אַ חבר ביי די אַלגעמיינע ציוניסטן, ראַטמאַן אין דער קהילה און מיטגליד אין „באַנקאַ פּאַלעס־טינאַ".

שיע שפּאַרער און זיין פרוי באַשע ליבערמאַן האָבן אונדז פאַרלאָזן און עולה געווען מיט זייערע קינדער קיין ישראל.

דער גייסט פון ראַוואַ־רוסקאַ און איר דערציאונג, וואָס מיר האָבן איינגעזאַפּט און מיטגענומען מיט זיך אין אונדזער אָרעמען מאַטעריעלן באַגאַזש, האָט באַהויכט און באַווירקט אונדזער לעבן אין אַלע מקומות און איבער אַלע וואַנדער־וועגן, וואוהין דער גורל האָט אונדז געפירט.

# ארגון יוצאי ראווה־רוסקה והסביבה - בישראל הקמתו, התפתחותו ופעולותיו

**גימפל יוסט**

עם תום מלחמת־העולם השניה נודע ברבים על השואה האיומה, שבה הושמדו ששה מיליונים מבני עמנו, ובכללם יהודי קהילת ראווה־רוסקה והסביבה.

בינתיים הספיקו להגיע לארץ־ישראל שרידים מעטים מניצולי השואה, שידעו לספר על הרציחות הנוראות, והתגל־תה התמונה שהחרידה כל אחד מאתנו, וידענו מה גדול היה השבר שפקד גם את בני עירנו והסביבה. הבננו, שעלינו, שנשארנו בחיים, להנציחם ולא לתת לשכוח את הפשע הזדוני שביצעו המרצחים הנאציים ועוזריהם.

יחידים, יוצאי עירנו, התחילו להיפגש בבתים פרטיים, לשוחח ולתכנן הקמת מסגרת ארגונית ליוצאי עירנו בארץ ובתפוצות, לדאוג להנציח את יקירנו, וגם להגיש עזרה חומרית ומילת עידוד לשרידים העולים.

ביום שני, כ״ח בכסלו תש״י (19.12.1949), נערך בתל־אביב הכנס הראשון של יוצאי העיר והסביבה ונערך טקס האזכרה לקדושינו. הכנס הזה הרטיט לבבות. היה זה מעמד שלא יישכח. הבכיות עלו מכל פינות האולם. באזכרה ראשונה זו הספיד את קדושינו הרב ד״ר אריה ברגר ז״ל. דבריו העלו בזכרוננו את כל הנפשות היקרות, שרק תמול־שלשום היו בחיים. נזכרנו בכל פרקי חיינו, בכל רקמת היחסים של המשפחה, במלחמת הקיום שלה, בתפילותיה ובציפיותיה. בפעם הראשונה נאמר ה„קדיש" בצוותא.

בכנס הזה הונח היסוד לארגון יוצאי ראווה־רוסקה והסביבה בישראל, וארגון זה נקבע למרכז של יוצאי עירנו הפזורים בארצות התבל. נבחרו ועדות שונות לפעולות. העשירי בטבת, יום ה„קדיש" הכללי, נקבע ליום זכרון גם לקדושינו. מאז אנו מקפידים לקיים מדי שנה בשנה את המפגשים והאזכרות ולהספיד את קדושינו, וכן את הנפטרים במרוצת השנה — הן בארץ והן בתפוצות.

**הביולטינים**

מתוך רצון לשמור על הקשר בין יוצאי עירנו שבישראל ובין אלה שבתפוצות הוחל בהוצאה לאור של ביולטין. מחודש נובמבר 1960, שבו הופיעה החוברת הראשונה, עד חודש דצמבר 1968 — הוצאנו 6 חוברות המכילות כ־400 עמוד, ובהן כ־90 תמונות. החוברות, שבהן השקיעו חברים בודדים עבודה רבה — עוררו רגשות עמוקים לזכר העבר וזכו בהערכה חמה מצד יוצאי עירנו שבארץ ובחו״ל. אף שרוב הפעולות

בקשר עם פרסום הביולטינים נעשו בהתנדבות, הרי שדבר זה היה כרוך בהוצאות לא מבוטלות, והחברים בארץ ובתפוצות תרמו לכך ברצון את תרומותיהם. הודות לביולטינים יש שנודע לבין־עירנו על קיום חברו או בן־משפחתו; הם אף שימשו במה להבעת צער ותנחומים, במקרה של אבל, או לאיחולי ברכות לרגל שמחות משפחתיות. הם היו מקור גאוותנו, כי היינו בין הארגונים המעטים שידעו ליצור כלי תקשורת כזה. הביולטינים נשלחו למוסדות שונים, לארכיונים בארץ ובתפוצות, וקיבלנו עליהם מכתבי הערכה.

**הקשר עם התאחדות יוצאי פולין — בארץ**

בטבת תשכ״א (ינואר 1961) הופיע בארץ, ביידיש, ספר מטעם התאחדות עולי פולין בישראל על הארגונים (לאנדסמאַנשאַפטן) בישראל. בספר זה פורסמה סקירה תמציתית על ארגוננו ועל פעולותיו.

**פעולות הנצחה.**

**קופת גמילות־חסדים ע״ש קדושינו.** הוקמה קופת גמילות־חסדים (גמ״ח) להלוואות ללא רבית ובתשלומים נוחים. לנזקקים אף ניתנו מענקים חד־פעמיים. ההלוואות והמענקים מסתכמים, עד היום, ברבבות לירות.

**החורשה ע״ש קהילת ראווה־רוסקה והסביבה ביער הקדושים.** בכ״ז בניסן תש״ך (24 באפריל 1960), ביום שהוכרז עליו בכנסת בירושלים כיום־השואה והגבורה, יצאנו יחד עם המוני בני ישראל ליער הקדושים בדרך לירושלים, ושם נטענו חורשה לזכר קדושי קהילת ראווה־רוסקה והסביבה. היה זה מעמד מרגש, כשעשרה זוגות של חברים וחברות מהארץ ומחוץ־לארץ שתלו את עשרת השתילים הראשונים. הרגשנו שהקימונו מצבה חיה לקדושינו.

**אגוד יוצאי רוה־רוסקה**
**בארץ־ישראל**

תל־אביב, טבת, תש״ח.

לכל יוצאי רוה־רוסקה
**שלום!**

לפי הידיעות שבידינו התמלאנה בחודש טבת ש. ז. 5 שנים להשמדת אחינו, אחרוני היהודים בגיטו רוה־רוסקה והסביבה הקרובה ע״י הסרצחים האכזריים

כדי להתיחד עם קדושינו ולהנציחם בתוכנו, החלטנו לקרוא

**ליום בינוס וזכרון**

אשר יתקיים במוצאי שבת **ד׳ טבת תש״ח (20.12.47)**
באולם **„בית המורה"** רח׳ נחן שטראוס 6, בתל־אביב.

התחלת הכינוס והאזכרה בשעה 7.30 בערב

**אנו מקוים שאתה ובני משפחתך תשתתפו ביום הזכרון וכינוס ראשון זה.**

בכבוד

**הועדה חיוזמת**

**די איינלאַדונג פאַר דער ערשטער אזכרה אין תל־אביב**

**במרתף השואה.** בכ״ז בניסן תשכ״ב (1 במאי 1962) הקימונו במרתף השואה בירושלים לוח־זיכרון לזכר קהילת ראווה־רוסקה והסביבה, שהושמדה בשואה. במעמד הזה השתתפו חברים ונציגים מהתפוצה. בזה נוסף גלעד לעדות ולזכרון־נצח.

כדוגמת ארגונים אחרים התחלנו גם אנו לחשוב על הוצאת ספר זיכרון, שינציח את קהילתנו על מוסדותיה ואנשיה. במפגשים השנתיים רשמנו פרטים על השואה, אספנו תמונות ממראות העיר ומנופיה, וריכזנו רשימות על אנשיה, ארגוניה ואורח חייה. בהכנת הספר הושקעה עבודה רבה



**אזכרה ב„מרתף השואה" בעת גילוי לוח הזכרון.**

**די אזכרה ביים אויפדעקן דעם דענקמאָל פאַר אונדזערע קדושים.**

מימין — רעכעס־שפּאַצנער טובה; טריט מענדל; פישלער־קראַמערמאַן חייקע; שמידער מרדכי; שווערט־רובין בלומאַ; רובין יוסף צבי; אַלטמאַן ליפּאַ; יוסט גימפּל; קרע־מערמאַן צבי; ערדמאַן איטשע, מונ־טעווידעאַ, ראש־הקהל און פּרעזעס פון דער יידישער באַנק; יוסט־צי־מערמאַן שבע; שעכטער־צימערמאַן מאַטעלע און אסתר אַפּלבוים־קאַרטון.

וקשה, ורק בזכות עקשנותם של יחידים הושלמה עבודה זו, המסכמת פרק חשוב בתולדות הארגון.

**חברינו בארץ ובתפוצות**

בישראל נמצאים כ־250 יוצאי עירנו וכ־50 מהסביבה הקרובה. רובם חיים בכל ערי הארץ ומיעוטם במושבות ובקיבוצים. רוב חברינו שבתפוצות מרוכזים בארצות-הברית, ובעיקר בניו-יורק, יתר חברינו נמצאים במונטריאול, טורונטו ורג׳ינה (קנדה); במונטיווידאו (אורוגוואי); בבואנוס-איירס, סנטה-פה ורוזריו (ארגנטינה); בסן־פאולו, ריו-דה-ז׳נירו ופורטו-אלגרה (ברזיל); במקסיקו; בפריס, ניצה, ליל ולנס (צרפת); בהאג (הולנד); באנטוורפן ובריסל (בלגיה); (איטליה); בלונדון ושפילד (אנגליה); ביוהניסבורג (דרום אפריקה); בסידני ומלבורן (אוסטרליה).

בכל שנות קיומו של ארגוננו בארץ, שימשו ומשמשים במסירות רבה כעסקנים פעילים בוועדות ובוועדים שונים החברים: ד״ר ברגר אריה ז״ל, יובל-בוימוואל יעקב ז״ל, רינגל אברהם מרדכי ז״ל, שוער-צירינג לאה ז״ל, שטרן משה ז״ל — ויבדלו לחיים ארוכים: גראף הרץ, גרואר מוני, גרינשטיין-פרייהייטער דבורה, דרור-אלטמן ליפא, יוסט גימפל, לב אידה, לוקמן בלומה, מייזלס יחיאל, ד״ר מנדל נחום, מרגלית צבי. נצר צבי, פישלר יצחק, עו״ד צדוק חיים, צימרמן-שכטר מטה, קרטון אסתר, קרמרמן יהושע צבי, רובין בלומא, רובין יוסף צבי, רכס אליעזר, רנר צבי, שטיינפלד משה יעקב, שטראוס מרדכי, שיינר-גרואר רגינה ועוד...

אנו תקווה, כי את הספר הזה יקראו גם צאצאינו, וכי בעזרתו יכירו ויוקירו את אבותינו ויקירינו המונצחים בו.

# מיר די לעצטע

**י. מייזעלס (ייכל קעסעל)**

מיר די לעצטע ראַווער ייִדן, אַ פּאָר
מנײנים וואָס געדענקען זי אין בליען
אַט-אַט-אַט נאָך אין אַ צענטליק יאָר
ווען אונדזערע ביינער וועלן אין „גן-עדן״ רוען
ווער וועט וועגן איר נאָך עפּעס וויסן?

נישט פון די שטעט די רייכסטע אָדער גרעסטע
געווען אַפילו זייער אָרעם אין ווערטן, מאָנומענטן;
אָבער פאַרגעסן אָדלערס זייער נעסטן
אויפן באַרג אין אַ וואַלד אַן אָפּגעברענטן
ווו זייערע מוטערס האָבן זיי באַשיצט פאַר ווינטן און רעגן-גוסן?

אויף דער וואָלקאָוויצע, דער אַלטער איינגעפאַלענער בית-עלמין
ווו עס רוען אַ צענטליק דורות אונדזערע אבות אבותינו;
די אָפּגעברענטע כאַטע פון ר׳ שלומה-זלמן
וואָס האָט נישט געוווּסט די צורה פון מטבע בעוונותינו.
וועמען וועלן זיי דעמאָלט עפּעס נאָך דערמאָנען?

אין די בתי-מדרשים מיט זייערע אייביקע מחלוקות
איבער אַן עליה צו דער תורה, — שני, ששי אָדער מפטיר
און להבדיל די פּרנסה מיט גויים אין די בויקעס,
פלאַקס און אייער, בולבעס אָדער האָלץ אַ קלאַפטער
ווער וועט וועגן דעם נאָך עפּעס דערציילן קאָנען?

רבנים און רביים, לומדים בעלי-תורה
מתמידים געבויגן איבער גמרא׳ס ביז דער דריטער אשמורה;
גריבלערס אין לאַבירינטן פון סוגיות, מוחות ווי חלפים שאַרף
וואָס פאַרגעסן אַן עסן און אַז מען שלאָפן דאַרף
ווער וועט זייער אָנדענק דעמאָלט איבערן וועלט-רוים טראָגן?

מיר די לעצטע ראַווער ייִדן, אַ פּאָר
מנינים וואָס געדענקען זי אין בליען
אַט-אַט, נאָך אין אַ צענטליק יאָר
ווען אונדזערע ביינער וועלן אין „גן-עדן״ רוען
ווער וועט וועגן איר נאָך עפּעס וויסן?!

# תוכן - אינהאלט

## לתולדות היהודים בראווה־רוסקה — צו דער געשיכטע פון יידן אין ראַוואַ־רוסקאַ



### תורה, חסידות והשכלה בעירנו



### זכרונות, דמויות והווי



### הסביבה — די אומגעגנט

## השואה — דער אומקום



## בית אבי



## הנצחות הקדושים



## תפוצות

# FOREWORD

The Rawa-Ruska Memorial Book constitutes the only remembrance of our former home, which was so brutally and ruthlessly eradicated. The town of Rawa-Ruska still stands, but its Jewish inhabitants can no longer be found there, as they all met with a tragic end. No single breath of Jewish life remains.

Our Memorial Book attempts to reconstruct fleeting moments. occurrences, experiences and recreate the figures and types of the past, so that nothing may ever be forgotten; to depict the everyday life of our ruined home-town: the days of sorrow, the days of joy and the hope for a better tomorrow.

We thank all those, who contributed to make this work possible. Regretfully many of them have not lived to see this volume completed, especially my dearest and unforgotten friend Abraham Mordekhay Ringel, blessed be his memory, who devoted much of his energy to this work.

Rawa-Ruska's distinction was its formed streets, thoroughfares and buildings; its public parks, market-place, railway junction and its charming landscaping and panorama outside the city limits.

Rawa-Ruska's Jewish community, since its inception, had at all times been held up as an exemple for all neighboring settlements as a pioneer in cultural, political, socio-economic and zionist fields. To them is this Book dedicated.

Noteworthy were the activities of the influential of the orthodox-chassidic movement of Belz and effective right and left wing political parties: the Zionist Organizations with their variety of political shades and trends; the Agudat Israel with all its impact upon the life of the town; the influence of the political and cultural activities of the Jewish labor parties, as well as numerous philantropic and eleemosynary institutions. Moreover. there existed great numbers of Chederim with their respective teachers; the Hebrew School: "Beth-Yacob"; the Cooperative Bank; the community non-interest loan funds; artisans, skilled workers, retailers and merchands guilds. Most of the aforementioned organizations maintained libraries, reading-room facilities and conducted variety of evening courses.

We still remember the rabbis, cantors, ritual slaughters, the great scholars and arbitrators, the learned men, the chassidic opponents, the reform group, the respective leaders and functionaries.

The Jews of Rawa-Ruska will forever remember their erstwhile Jewish hometown with nostalgia and veneration. There pulsated a warm Jewish life, which in spite of its endless woes and struggles, its suffering and all too little joy — produced a splendid Jewish youth and lovely Jewish childern.

ALL THIS WAS OBLITERATED BY THE NAZI MURDERERS.

IT WILL NEITHER BE FORGOTTEN NOR FORGIVEN.

LET US HERE EXPRESS OUR VENERATION FOR THE MEMORY OF OUR BELOVED MARTYRS.

MAY THIS BOOK SERVE FUTURE GENERATIONS AS A "NER TOMID" — AN ETERNALLY BURNING MEMORIAL CANDLE.

J. H. RUBIN

# RAWA-RUSKA
# MEMORIAL BOOK



PUBLISHED BY THE RAWA RUSKA ORGANIZATION
in ISRAEL
Tel Aviv, 1973.

קלאשטאר

ראטא

כנסיה
אוקראי׳





בית ׳זילבר
׳התקוה׳

היטשע גאס



בית יוספסברג
׳גורדוניה׳





בית ר׳ הירש
אלימלך שפריצר
ה,אגודה׳





קלאפער
הייזל

שיל

ראטה













באן גאס

דואר

לעמבערגער גאס

ברון
הירש

בית קברות











רישום המפה מהזכרון ע״י ישראל דינגל

מזרח מערב

ראטא

כנסי פולני



דריי גארטן

רטן

בית שטרן
מגורי הרב טברסקי

בית צימרמן
'טרפלדור'

בית הקברות
החדש

קלייזל

טארטאק

גימנאזיום

זאמד ביהמ"ד

זאמד גאס

לפוטאליטש

בית
הרבי מפוטאליטש

המזרחי
וצעירי מזרחי

בית
הרבי ממגרוב

בית
ר' שלום מנמירוב

בית יתומים יהודי

עיריה

# מפת העיר
# ראווה רוסקה